# פֿאַרגאַנגענע יאָרן

## זכרונות

פֿון דוד זאַבלודאָווסקי





# AÑOS PASADOS

## MEMORIAS

de

## DAVID ZABLUDOVSKY



Dirección: Calle de Cuernavaca 35 - 4

Teléfono 5-11-11-06

México 11, D. F.

---

Impreso en "IMPRENTA MODERNA PINTEL", S. A.

Dr. Garciadiego No. 28 Tels.: 5-78-47-53 y 5-78-04-92

México 7, D. F.

1969

אַ מתנה מײַנע קינדער

און

קינדס קינדער

דאָס בוך געווידמעט

**רחלען**

מײַן לעבנס באַגלייטערין



רחל זאַבלודאָווסקי

# יונג און אַלט

ווי זינגט זיך דאָרטן אין אַ ליד: „יונג איז יעדער, וועמ עס וויל נאַר" — אָבער וויל יאָ און וויל נישט. דעם אמת קען מען ניט באַהאַלטן; מע מוז מודה זיין, אַז עס דערנענטערן זיך די שקיעה־יאָרן, ווען מע דאַרף מאַכן אַ חשבון־הנפש און אונטערציען דעם באַלאַנס.

און אַז מע וויל, קען מען אויך זאָגן, אַז אַלטקייט איז אַ רעלאַטיווער באַגריף, עס זיינען פאַראַן אַלטע יונגטלעכע פול מיט לעבן און עס זיינען פאַראַן יונגע, וואָס זעען אויס ווי זקנים.

די אונטערשטע שורה: היט זיך אַלט צו ווערן פאַר דער צייט!

⁂

## מען קען... אָדער אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס...

מען קען מיט חכמה באַווייזן
צו ברענגען אין לעבן נוצן —
סיי דער וואָס שמידט אַייזן
און סיי דער וואָס קען שיך פוצן.

דער וואָס קערט די גאַסן,
און דער וואָס נוצט אַ פעדער;
אַ בעקער, אַ שניידער, און אַפילו אַ בעדער —
נייטיק איז אונדז יעדער.

איינער מיט זיין פראָפעסיע,
אַ צווייטער מיט זיין מלאָכה —
תבוא עליהם ברכה,
געבענטשט זאָלן זיי אַלע זיין
און טרינקען זאָל מען גרויסע
גלעזער וויין.

קלוגע שורות פון אַן אומבאַקאַנטן דיכטער

# אַקדמות

עס איז אָפּט מאָל שווערלעך
צו לעבן באַשיידן און ערלעך,
אָבער מיט אַ שטילן רויקן געוויסן
קען מען פֿון לעבן אַ סך מער געניסן...
קוקט ניט אויף מיינע יאָרן
און פֿרעגט ניט, ווען איך בין געבאָרן געוואָרן.
איך האָב ליב אַ געלעכטער, אַ זונג;
מיין נשמה, מיינע געפֿילן זיינען נאָך יונג...
ווייל פֿון זומער ביזן ווינטער איז אַ קאַצנשפּרונג.

***

יוסף זאַבלאָדאָווסקי

# דער מבול

געשאַפֿן אין די יאָרן פֿון דער ערשטער רוסישער
רעוואָלוציע און מען האָט עס געזונגען
מיט דער מעלאָדיע פֿון אָנסקיס „אין געזאַלצענעם ים".

***

איר זאָלט ניט מיינען איר הערשער מיט די בלוטיקע קרוינען
אַז לאַנג וועט איר לעבן אַזוי פֿאַרשווענדעריש רייך
איר וועט עס געדענקען, מען וועט אייך ניט שענקען
אַ חורבן, אַ מבול גרייט זיך פֿאַר אייך.

דער טאָג וועט באַלד קומען
איר וועט האָבן אַ סימן
דער הימל וועט ווערן בלוט רויט
מיט אַ וואָלקן אַ שווערן
פֿון בלוט און פֿון טרערן
וועט ער ווערן פֿאַרגאָסן, פֿאַרשפּרייט...

# ווי אַזוי איז דאָס בוך געבוירן געוואָרן

איך בין ניט קיין שרייבער און איך געהער ניט צו קיין שום פּאַרטיי. איך בין אויך ניט קיין כּלל-טוער און איך מיש זיך ניט אין קהלהשע ענינים. איך בין אַ פּשוטער בשר-ודם און כ׳האָב פֿיינט זיך צו שטופּן מיט די עלנבויגנס צו דער מזרח-וואַנט. איך רוק זיך ניט צום עמוד און כ׳האָב ליב צו דאַווענען פֿאַר זיך, ביחידות. איך רעספּעקטיר יענעמס מיינונגען און איבערצייגונגען, איך האָב אָבער פֿיינט בתכלית השנאה פֿאַלשע צוויי-פּנימדיקע היפּאָקריטן און צבֿועקעס (דאָס האָב איך געירשנט פֿון מיין טאַטן).

איך בין אויך אַ גרויסער חסיד און ליבהאָבער פֿון דעם קערנדיקן פֿאָלקסטימלעכן שטייגער לעבן מיט אַלע זיינע קנייטשן און ניואַנסן. און אַזוי ווי דער היינט איז דאָך אַ ווילדער טומל, אַ קאָרוסעל און דער מאָרגן איז פֿאַר אונדז פֿאַרבאָרגן, האַלט איך זיך אָן פֿעסט מיט ביידע הענט אין דעם רייכן עבֿר אונדזערן, אין דעם שיינעם אַמאָל, אַמאָל. פֿון דאָרטן שעפּ איך בטחון און מוט אַלע מיינע יאָרן און דאָס האָט מיר געגעבן כּוחות צום לעבן און פֿירן דעם שווערן קאַמף פֿאַר עקסיסטעניץ און ניט פֿאַרלירן דעם מוט. איך האָב אויך הנאה צו דערציילן אַ מעשהלע און אַ ריינעם וויץ.

איך בין אויך אַ הייסער פּאַטריאָט פֿון דעם יידישן לשון. נישט צוליב אַ קאַפּריז און נישט חס-וחלילה עמיצן צו טאָן אויף צו להכעיס, נאָר פּשוט דערפֿאַר, ווייל מאַמע-לשון איז איינגעוואָקסן אין מיינע ביינער און איינגעוועבט געוואָרן אין מיינע אָדערן.

די שפּראַך פֿון דעם וויגליד, וואָס מיין באָבע האָט מיר געזונגען, איז געוואָרן ביי מיר די כּלי, דער גאָלדענער בעכער, מיט וועלכן איך האָב פֿון קינדוויז אָן געשעפּט און געטרונקען פֿון דעם מחיהדיקן, שפּרודלדיקן יידישן קוואַל.

אין מיינע קינדער-יאָרן, בין איך, דער ערשטער זון ביי מיינע עלטערן, געזעסן שבת ביי טאָג לעבן דער מאַמען מיינער און זיך צוגעהערט, ווי זי האָט געלייענט דעם טייטש-חומש מיט אַ זיסקייט אויף אירע ליפּן. איך האָב זיך געקוויקט מיט די משלים און מעשהלעך פֿון „צאינה-וראינה”, וואָס האָבן געפּערלט פֿון מיין מאַמעס מויל.

איך האָב שטאַרק געוואָלט וויסן וואָס דער „בחיי" שרייבט, כאָטש איך מוז מודה זיין, אַז נישט אַלץ האָב איך דעמאָלט פֿאַרשטאַנען און געקענט צעקייען. און ווי נאָר איך בין עלטער געוואָרן, און עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שפּראָצונגען פֿון דער נייער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. האָב איך מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם געשלונגען צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער און געלייענט אַלץ וואָס עס איז אַרויס פֿון דרוק אויף מיין אייגענער שפּראַך וואָס איך האָב געקענט און פֿאַרשטאַנען און נישט געדאַרפֿט בעטן ביי עמיצן, מע זאָל עס מיר פֿאַרטייטשן. פֿון דעמאָלט אָן בין איך געוואָרן פֿאַרקנסט מיטן יידישן לשון, מיטן יידישן וואָרט און מיט דער יידישער ליטעראַטור לעולם-ועד.

קיין צייט צום לערנען האָב איך ניט געהאַט, ווייל גלייך נאָך בר-מצווה בין איך אַוועק אַרבעטן אין אַ געשעפֿט און געוואָרן אַ פּריקאַשטשיק. ווי מען האָט עס גערופֿן אויף רוסיש. איך האָב גלייך באַמערקט, אַז עס עפֿענען זיך מיינע פֿאַרקלעפּטע אויגן און דאָס לעבן אַליין איז געוואָרן מיין לערער, מיין דערציער און וועגווייזער. איך האָב זיך גוט צוגעקוקט צו אַלץ און צו אַלעמען, איך האָב שטודירט דאָס לעבן און זיך אויסגעלערנט צו דערקענען מענטשן סיי פֿון אויסנווייניק און סיי פֿון אינעווייניק; זוכן און זען וואָס עס איז שיין און גוט און וואָס עס איז ניט גוט, מיט וועמען מע דאַרף זיך חברן און וועמען מע דאַרף אויסמיידן. איך האָב דעם דאָזיקן לערער מיינעם שטאַרק ליב געקראָגן.

אין די ווייטערדיקע יונגע יאָרן מיינע בין איך אַרומגעפֿאָרן איבער דעם ברייטן רוסלאַנד, כ'האָב דערזען אַ נייע וועלט, נייע מענטשן און מיט אַ גאַנץ אַנדערן סאָרט לעבן. איך האָב געשלונגען אַלץ וואָס מיינע אויגן האָבן געזען, וואָס די אויערן מיינע האָבן געהערט און ניט געקענט זאַט ווערן. כ'האָב זיך באַמיט צו באַנעמען יעדע זאַך און זי פֿאַרשטיין; דאָס שלעכטע — אויסגעשפּיגן און דאָס גוטע — האָב איך איינגעזאַפּט אין זיך און עס איז פֿאַרבליבן איינגעקריצט און פֿאַרזיגלט אין מיין נשמה.

אין דער דאָזיקער שול, אין דעם דאָזיקן לערן-אַנשטאַלט, וואָס מע רופֿט וועלט, מענטש און לעבן, בין איך געגאַנגען אַ לענגערע צייט און איך האָב דערפֿילט, אַז פֿון יאָר צו יאָר ווערט מיר ליכטיקער אין די אויגן און דער האָריזאָנט מיינער ברייטערט זיך אויס און ווערט קלאָרער. איך האָב דעמאָלט מיט מער זיכערקייט, איינער אַליין, גענומען אויסטרעטן פֿאַר זיך אַ סטעזשקע, אַ וועג אין לעבן. איך האָב קיין מאָל ניט אַראָפּגעלאָזן די הענט, קיין מאָל ניט פֿאַרלאָרן דעם מוט, כ'האָב זיך צענדליקער מאָל פֿאַרטשעפּעט, און איך

בין געפֿאַלן, באַלד אָבער האָב איך זיך אויפֿגעהויבן צוריק און בין ווייטער געגאַנגען איך בין פֿון דער נאַטור אַ בעל בטחון. אַן אָפּטי-מיסט און דאָס מאַכט אַ סך גרינגער דאָס לעבן.

אויב מע וויל. קען מען זאָגן, אַז איך האָב געשאַפֿן אַן אייגענע פֿילאָסאָפֿיע . . . „מעז יצא מתוק" — פֿון ביטערניש קען אַ מאָל אַרויס-קומען זיסקייט. און ווי זאָגט אַ שפּאַניש ווערטל: „עס איז נישטאָ קיין שלעכטס פֿון וואָס עס זאָל ניט אַרויסקומען קיין גוטס".

אַ באַרימטער שרייבער אונדזערער האָט נאָך מיט אַ סך יאָרן צוריק אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז עס איז בכלל נישטאָ קיין שלעכטס אויף דער וועלט, ווייל יעדע שלעכטס איז אַ נידעריקע מדרגה פֿון גוטס און עס האָט ניט קיין זין מורא צו האָבן פֿאַר צרות, פֿאַר ליידן, ווייל דער וואָס האָט מורא פֿאַר ליידן ליידט דער פֿון מורא.

איך דערמאָן זיך אויך אַ טיפֿן געדאַנק פֿון דעם באַרימטן רוסישן קריטיקער פּיסאַרעוו. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס ליידן איז באַשאַפֿן געוואָרן כדי צו שלייפֿן און לייטערן דעם מענטשן און מאַכן אים שענער, בעסער און קליגער. עס איז אָבער אַ גרויסער שאָד, ווען אָט דער טייערער מאַטעריאַל, דער דאָזיקער וויכטיקער סובסטאַנץ ווערט פֿאַרטאַכלעוועט, גייט אין ניוועץ און ברענגט ניט די געהעריקע נוצן. אַזעלכע מענטשן קענען קיין גליק ניט געפֿינען אין לעבן, זיי פֿאַרשטייען ניט און לערנען גאָרנישט, זיי ווערן אַרויסגעשפּיגן פֿון לעבן און זיי וועלן שוין בלאָנדזען אין דער פֿינצטערניש אַלע זייערע יאָרן.

אין די ווייטערדיקע שורות וויל איך זאָגן, אַז איך האָב פֿיינט צו קוקן אויפֿן קאַלענדאַר. דער „אַל תשליכני" גייט מיר ניט אַרויס פֿון מיינע געדאַנקען און דער עיקר, פֿאַרלאַנג איך, אַז מיין זכרון זאָל ניט ווערן אָפּגעשוואַכט און אַז ער זאָל מיר דינען אַזוי ווי ביז איצט.

גאַנץ אָפֿט זיץ איך מיר מיט מיין ליבער פֿרוי און קינדער און קינדס-קינדער און איך דערצייל זיי מעשיות, עפּיזאָדן פֿון די פֿאַר-גאַנגענע יאָרן, וואָס איך האָב אַליין דורכגעלעבט און וואָס איך האָב אַליין געזען און געהערט אויף דעם לאַנגן לעבנסוועג מיינעם. זיי הערן זיך צו מיט גרעסטן אינטערעס און נישט איין מאָל האָט מיין זון כאַקאָבאַ צו מיר געגעבן אַ זאָג:

— טאַטע, פֿאַרשרייב דאָס, פֿאַרצייכן דאָס! זעץ זיך אַוועק יעדן פֿרימאָרגן אַ שעה צייט און וואַרף אָן אויף אַ פּאַפּיר אַלץ וואָס דו געדענקסט. נאָך דעם וועסטו עס דורכזיפּן און איבערשרייבן אויף ריין איין מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז עס וועט זיך אויסקריסטאַליזירן און עס וועט זיך צונויפֿזאַמלען מאַטעריאַל פֿאַר אַ בוך.

כמעט דאָס זעלביקע האָבן מיר אויך געזאָגט גוטע פֿריינד. וואָס האַלטן אַ פֿעדער אין האַנט. אויך פּשוטע יידן האָבן צו מיר גאַנצע טענות, ווען איך דערצייל זיי עפּעס און זיי פּאַסמאַקעווען זיך. אַנדערע זידלען מיר גאָר און זאָגן, אַז איך בין אַ גרויסער עגאָיסט; איך האָב אַזוי פֿיל שיינע זכרונות און איך האַלט זיי ביי זיך אין בוזעם און איך פֿאַרגין ניט אַנדערע אַז זיי זאָלן אויך זיי לייענען און הנאה האָבן.

אָט די אַלע רייד זיינען מיר אַריין אין קאָפּ און איך האָב גע־טראַכט, אפֿשר זיינען זיי טאַקע אַלע גערעכט, מע דאַרף פּרובירן...

ראשית־כּל האָב איך גענומען בודק זיין מיינע שופֿלאַדן און איין אַנהייב נאָוועמבער 1967 האָב איך זאָגנדיק „יהי רצון" גענומען זיך צו דער אַרבעט און מיט אַ הייליקער תּפֿילה בעט איך ביי דער השגחה אַז מיין אַרבעט זאָל זיך מיר איינגעבן און עולה יפֿה זיין.

צום סוף ווילט זיך מיר איבערדערציילן אַ מעשה וועגן דעם דוב־נער מגיד וואָס איך האָב אַ מאָל געהערט:

דער דובנער מגיד איז אַמאָל געקומען קיין בערדיטשעוו. און אַזוי ווי ער האָט יונגערהייט געלערנט אין איין ישיבה מיט ר' לוי־יצחק בערדיטשעווער, האָט ער זייער געוואָלט, אַז ר' לוי־יצחק זאָל אַ מאָל הערן זיינע אַ דרשה. ר' לוי יצחק האָט אָבער ניט ליב געהאַט קיין מגידים מיט זייערע מוסר־דרשות. דער דובנער איז אָבער צו־געשטאַנען צו אים און אים צוגעזאָגט, אַז צום סוף פֿון דער דרשה וועט ער דערציילן אַן אויסערגעוויינלעכע מעשה, וואָס ער האָט נאָך קיין מאָל ניט געהערט און זי וועט אים זייער געפֿעלן ווערן.

ר' לוי־יצחק האָט זיך געלאָזן איבעררעדן. ער איז געקומען אין בית־מדרש, אָנגעטאָן אין זיינע שבתדיקע בגדים און האָט אויסגע־הערט די גאַנצע דרשה. צום סוף האָט טאַקע דער דובנער מגיד דער־ציילט זייער אַ שיינע מעשה. ווען ער האָט געענדיקט פֿרעגט ער ביי ר' לוי־יצחק:

— רבי, ווי איז אייך געפֿעלן געוואָרן די דרשה?

די תשובה איז געווען, אַז די בעסטע דרשה, די בעסטע רעדע איז די, וואָס מען וויל זאָגן און מע זאָגט זי בעסער נישט. און צווייטנס, איז דער סוף פֿון דער דרשה געווען באמת אויסגעצייכנט. און אויב דער סוף איז געווען אַזאַ שיינער, אַזאַ גוטער, — איין קליינינקייט „ובאַ לציון גואל"... ווילט זיך טאַקע פֿרעגן, צי וואָס האָט מען גע־דאַרפֿט דעם אַנהייב און דעם מיטן פֿון דער דאָזיקער לאַנגער דרשה.

ווען איך האָב זיך דערמאָנט די דאָזיקע מעשה, האָב איך אַ קלער געטאָן, אפֿשר זאָל איך טאַקע אָנהייבן פֿון דעם סוף? מיר לעבן דאָך היינט אין אַ וועלט וווּ אַלץ גייט מיטן קאָפּ אַראָפּ. אַזוי ווי איך האַלט אָבער ניט פֿון דער היינטיקער מאָדע, האָב איך באַשלאָסן צו גיין

מיטן גלייכן וועג, מיטן דרך המלך, ווייל מען הייבט ניט אָן דאָס דאַווענען מיט „עלינו לשבח"...

איך וועל זיך אַליין ניט רימען און זאָגן, אַז מיין אַרבעט איז אַרויסגעקומען אויסגעצייכנט פֿון אָנהייב ביזן סוף. איך האָב דער־ציילט נאָר דאָס וואָס איך האָב געדענקט, איך האָב זיך אַראָפּגערעדט פֿונעם האַרצן און גלייכצייטיק האָב איך צוגעגעבן עפּעס צו דעם גייסטיקן מאָנומענט אין אָנדענק פֿון אונדזער רייכן עבר, וואָס איז אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל.

מיטן גרעסטן רעספּעקט פֿאַר דעם קורא נכבד גיב איך איבער מיין באַשיידענע אַרבעט צו דער עפֿנטלעכקייט און זאָל דער ברייטער עולם משפּטן. איך האָב אויך אַריינגענומען אין מיין בוך אַ בינטל זכרונות, וואָס אַנדערע האָבן דערציילט און איך וויל בעטן מחילה ביי די וואָס לעבן שוין ניט. און די לעבעדיקע באַגרים איך, און מיט אַ האַרציקן דאַנק ווינטש איך זיי אַריכת־ימים.

# צו מיין געליבטער

א ליד פון מיין פעטער יוסף זאבלודאווסקי
געשריבן מיט העכער זעכציק יאר צוריק.



איך וויל אמאל אן דיר פארגעסן
גיי איך אוועק צום טייך
וואקסן דארטן בלומען ווייסע
וואס דערמאנען מיר אן דיר גלייך

וויל איך ווידער אמאל אן דיר פארגעסן
גיי איך אוועק אין וואלד
שטייען דארטן סאסנעס שטאלצע
וואס דערמאנען מיר אן דיר באלד.

קוק איך שוין גאר צום הימל
כ׳מיין דארט וועט דיין בילד ניט זיין
פינקלען דארטן שטערן גאלדענע
און איך דערזע פון דיינע אויגן דעם שיין.

הימל, בוימער, שטערן, בלומען
איך ליב און לייד גאר אן א שיעור
אויב מיין געליבטע וועט דא קומען
גיט איר אפ א גרוס פון מיר.

מיין געליבטע א איר קענט איר
איך האב מיט איר לאנגע שעהן דא פארבראכט
זי האט מיין הארץ אויף קויל פארברענט מיר
און צום סוף מיר גאר אויסגעלאכט.

## מיין עלטער-זיידע פייוול-בער און די ערשטע און איינציקע

## דעמאָנסטראַציע פון פרומע יידן אין ביאַליסטאָק

אַמאָל, מיט אַ סך צענדליקער יאָרן צוריק, האָט געלעבט אין ביאַליסטאָק און געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אַ קליינער קורצגעוויקסיקער יידעלע מיט אַ בערדל פון אַ אומבאַשטימטן קאָליר און וועג מען וועט נאָך צוגעבן דערצו, אַז דער פּנים זיינער האָט ניט פאַרמאָגט קיין שום אויסדרוק — ניט מילכיק און ניט פליישיק, ווי מען זאָגט, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן אַז דער דאָזיקער מאַנס־פּאַרשוין איז ניט געווען קיין גרויסער „קראַסאַוועץ״. נאַטירלעך, דאָס איך פּער׳זענלעך האָב אים ניט געקענט ווייל אין יענע יאָרן ווען דער ייד האָט געלעבט, האָב איך זיך נאָך געשלאָגן מיט דער דעה צו זאָל איך אַראָפּנידערן אויף דער זינדיקער ערד אָדער ניט.

דעם בילד זיינעם און די גאַנצע באַשרייבונג וועגן אים האָב איך געפונען אין אַ היסטאָרישער אויסגאַבע וועגן דער אַמאָליקער ביאַליסטאָק. איך האָב אויך אויסגעפונען דאָס דעם יידנס מזל האָט געשיינט אין אַלע זיבן הימלען, עס איז אים געגאַנגען דורך טיר און דורך טויער; און ער איז געווען אַ גרויסער גביר. דער גרעסטער גביר קען מען זאָגן אין יענע צייטן און אַזוי האָט מען אים טאַקע גערופן „דער גביר״. כאָטש ער האָט אויך געהאַט אַ נאָמען מיט אַ פאַמיליע: ר׳ איטשעלע זאַבלודאָווסקי, האָט ער געהייסן.

ער איז ניט געווען מיינער — אונדזערער קיין שום קרוב, אָבער עס קען ניט זיין קיין ספק דאָס זיינע עלטערן האָבן אויך געשטאַמט פון מיין שטעטל, זאַבלודאָווע, ווייל אַלע זאַבלודאָווסקיס אויף דער וועלט שטאַמען פון דאָרטן.

דער ייד האָט פאַרמאָגט אַ גאַנצן בלאָק הייזער אין סאַמע צענטער פון שטאָט, און די הויפּט געביידע איז געשטאַנען אויפן ראָג פון ביידע ביאַליסטאָקער שענסטע גאַסן — דער מויער מיט די סלופּעס — האָט מען גערופן, אַט די באַרימטע געביידע וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַן אַמאָליקער רייכער פּוילישער פּאַלאַץ. אויבן זיינען געווען די זאַלן ווו דער גביר האָט געהאַט זיין רייכע דירה, און נאָך זיין טויט איז דאָרטן געווען אַ קלוב פאַר רוסישע בעסערע מענטשן. אונטן ווידער — איז געווען אַ גרויסער געשעפט ווו מען האָט געקריגן פון אַלץ אין דער וועלט — מוראַוויאָווס געשעפט — האָט מען עס גע־

רופן, און די הויפּט קונים זיינען געווען רוסישע טשינאָווניקעס רעגירונגס באַאַמטע און מיליטער לייט. אין די ברייטע פּענצטעדס פון די „וויסטאָוועס״ זיינען געווען אויסגעשטעלט סאַמאָוואַרן גרויסע, מיטעלע און גאָר קליינע וועלכע האָבן געבלישטשעט און אָפּגעגעבן אַ גרוס פון זייער געבורטס שטאָט טולאַ אין צענטראַל רוסלאַנד.

און אַז עס איז געקומען צו רייד וועגן סאַמאָוואַרן, דערמאָן איך זיך אָט וואָס: אין 1905 אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע איז געקומען פון מאָסקווע צו אונדז אין שטאָט סוואָסטשעניק פּעטראָוו, אַ רוסישער באַרימטער גלח אַ ליבער מענטש, אַ גרויסער ליבעראַל און זעלטן קלוגער שריפטשטעלער און לעקטאָר. ער האָט אין איינער אַ לעקציע זיינע אויסגעלאַכט אויף אַ גלענצענדן סאַטירישן אופן דעם פּראָגרעס און די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונגען פון דער אַמאָליקער צעפוילטער צאַרישער רוסלאַנד, ער האָט גענומען אויסרעכענען אַלע טעכנישע אַנטוויקלונגען און דערפינדונגען אויף דער וועלט אין דעם לעצטן יאָרהונדערט און אָט גיט ער אַ זאָג מיט אַ העכערן קול: אין דעם און דעם יאָר האָט מען אין ענגלאַנד דערפונדן די דאַמפּף מאַשין און כמעט אין דער זעלבער צייט, דערציילט ער בייסיק מיט אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן — האָט מען ביי אונדז אין דער ריזיקער לאַנד אונדזערער „מאַטושקאַ ראַסיאַ״ אויך אויסגעקלערט און דערפונדן אַ מאַכערייקע פון וועלכער עס גייט אויך אַ פּאַרע און מען האָט עס אַ נאָמען געגעבן „סאַמאָוואַר״. אין זאַל איז אויסגעבראָכן אַ הילכיקער געלעכטער און אַ בראַוואָפּאַטשעריי. צום סוף האָט מען דעם רעדנער אַראָפּגעטראָגן אויף די הענט פון דער בימה. אָבער לאָמיר זיך אומקערן צוריק און דערציילן ווייטער וועגן ר׳ איטשעלע זאַבלודאָווסקי.

ווי עס האָבן זיך געפירט אַלע אַמאָליקע רייכע יידן, האָט דער גביר אויך געהאַט אַן אייגענעם געמויערטן בית המדרש, וווּ עס האָט געקענט דאַווענען אַ צען מנינים יידן.

— שאַט! שאַט! איך האָב שיר פאַרגעסן אייך דערציילן דאָס די געלט האָט ר׳ איטשעלע פאַרדינט פון זיינע גרויסע וואַלד געשעפטן, און ווי אַזוי ער האָט געמאַכט די געלט — בעסער געזאָגט — ווי אַזוי ער האָט זיך געפירט אין זיינע וואַלד מסחרים — דאָס קען איך אייך ניט דערציילן ווייל דאָס איז אַ סוחרישער סעקרעט, בפרט נאָך, אַז דאָס האָט ניט פּאַסירט אין מיינע צייטן און איך בין דערביי ניט געווען. עס איז אָבער דעמאָלט געגאַנגען פון מויל צו מויל, אַז די הצלחה זיינע האָט זיך גענומען דערפון וואָס די אַלע וועלדער וואָס ער האָט געקויפט האָבן זיך אַזוי ווי דורך אַ כישוף צוגערוקט צו די באַרימטע טויזנט יאָריקע ביעלאָוועזשער רעגירונגס וועלדער, און דערציילט האָט מען אויך דאָס, אַזוי ווי פּויערים האָבן דאָך גראָבע קעפּ און אַזוי ווי אַלעביימער האָבן

דאָך געהאַט דעם זעלבן אויסזען האָבן זיי די פֿויערים די האָלץ העקערס הייסט עס, געמאַכט אַ טעות און געהאַקט פֿון ביידע זייטן — סיי די הויכע סאָסנע ביימער וועלכע האָבן געהערט צו דעם קליינגעוויקסיקן גביר צו ר׳ איטשעלען און סיי די וועלכע האָבן געהערט צו דעם גרויסן גביר צו „קאַזנאַ" און גלייבט מיר, אַז עס איז גאָרניט געווען קאָנטיק ווייל ווי זאָגט מען „קאַזנאַ באַגאַטאַ" — די רעגירונג איז רייך. נו, אוודאי, יעדער איינער וואָלט געוואָלט האָבן לעבן זיך אַזאַ רייכן שכן כאָטש גלייכצייטיק מוז מען זאָגן דעם אמת, אַז ר׳ איטשעלע אַליין איז דאָ געווען גאָט די נשמה שולדיק, ער וועט דען גיין נאָכקוקן וואָס האָלצהעקערס טוען. אָבער אַ דאגה! מאַכט זיך אויך ניט זעענדיק און זאָל איך אויך ניט אַרן. אַלע קלעצער האָבן זיך אויסגעמישט אין איינעם און זיינען אַוועק מיטן טייך בוג קיין דאַנציג... און נחזור לעניננו.

מיר וועלן דערציילן ווייטער. ר׳ איטשעלע האָט געהאַט דריי זין וועלכע האָבן געלערנט אין דייטשלאַנד און אויף אַלע יום־טובים פלעגן זיי קומען קיין ביאַליסטאָק און גיין מיטן טאַטן דאַוונען אין זייער אייגענעם בית מדרש. ר׳ איטשעלע האָט געהאַט אויך צוויי טעכטער אויסגעגעבן פאַר דייטש־יידישע האַנדלס־לייט. בכלל איז אין יענע יאָרן געווען אַ מאָדע ביי די גבירים אין אונדזער שטאָט נעמען פאַר זייערע טעכטער אמתע יעקעס פון סאַמע בערלין און אַ סך האָבן זיך גלייך אַרומגעזען דאָס אַזאַ מין סאָרט וואַזשנע־סחורה האָט גאָרניט געלוינט צום ברענגען פון אויסלאַנד פון „זאַגראַניצע". איך אַליין האָב געקענט איינעם אַ דייטש יידישן יונגערמאַן וועלכער האָט גערעדט די שפּראַך פון שילער און געטהע מיט אַלע גראַמאַטישע פּיטשעווקעס. וואָלט עס נאָך ניט געווען אַזאַ גרויסער אומגליק, האָט ער אָבער געפאָדערט מען זאָל אים ענטפערן אויך אויף דעם זעלבן אופן — ווייל צווישן אונדז גערעדט וועלכער ייד קען דאָס ניט קיין דייטש, אָבער ניין, ער האָט זיך געקאָכט און געבייזערט און ניט געפוילט זיך פאַריכטן יעדעס וואָרט וואָס איינער האָט אַרויסגעבראַכט פון מויל און דערביי געגעבן יענעם צום פאַרשטיין: דאָס דייטש מוז מען ריידן לויט דער גראַמאַטיקע. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט דאָס „ביי מעצן" אין קאַפּע ווו עס פלעגט זיך צונויפקומען די גאַנצע שמאַנט און סמעטענע פון דער אַמאָליקער ביאַליסטאָקער רייכער אַריסטאָקראַטיע. האָט מען אים אַנדערש ניט גערופן נאָר די „גראַמאַטיקע" אָט קומט שוין די גראַמאַטיקע! — אָט־דאָרטן זיצט די גראַמאַטיקע און ער וועט שוין באַלד געבן לעקציעס ווי צום ריידן זיין מוטער־שפּראַך. דערביי האָט מען, פאַרשטייט זיך, געלאַכט און גוט מוטיק זיך פריילעך געמאַכט.

וועגן דעם דאָזיקן נאַרישן יונגערמאַן האָט מען איבערגעגעבן אַלערליי קאָמישע געשיכטעס און איינע פון זיי וועל איך דאָ פאַר אייך איבערדערציילן... געוווינט האָט ער אין אַ שיין געפאַרבטע אין עטאַשיקע הילצערנע הויז אויף

וואַשליקאָווער גאַס לעבן דעם פּאָלקאָוואָיעס בית מדרש. — אַ סך וועלן זיך געוויס דערמאָנען דאָס אַזעלכע הייזער האָבן אַמאָל געהאַט הילצערנע לאָדנס מיט אײַזערנע שטאַבעס וועלכע פלעגן זיך פאַררוקן אויף אינעווייניק, סיי זומער סיי ווינטער האָט מען געמוזט אַרויסגיין פאַרמאַכן די לאָדנס — עפענען זיי אָבער — איז שוין געווען אַ גרינגערע מלאכה מען האָט אין דער פרי אַרויס־געשטופּט די שטאַבע וועלכע איז אַרונטער געפאַלן פון זיך אַליין און די לאָדנס האָבן זיך געעפנט, נאַטירלעך, מען האָט זיך געדאַרפט היטן דער אײַזן זאָל ניט טרעפן עמיצן אין קאָפּ.

אין איינעם אַ זומערדיקן פרימאָרגן עפנט דער דייטש מיט דער גראַמאַ־טיקע אויף אַזאַ מין סאָרט אופן, די לאָדנס פון זײַן שטוב, און די אײַזערנע שטאַבע פאַלט אַרונטער און טרעפט ריכטיק אין קאָפּ איינעם אַ יידן וועלכער איז אין דעם מאָמענט געגאַנגען דאַוונען מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם. דער ייד איז אומגעפאַלן מיט אַ צובלוטיקטן שטערן און האָט גענומען שרייען פון ווייטאָג! „אוי די קאָפּ! אוי די קאָפּ!" די פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און גענומען פרעגן וואָס איז דאָ געשען? און יעדער איינער האָט גענומען זוכן מיטלען ווי אַזוי דעם יידן צו העלפן. — דער יעקע „דער טיפּש" האָט דערהערט אַז לעבן זײַן שטוב אונטער זײַנע פענצטער איז עפּעס אַ טומל האָט ער געלאַסן אָנגעטאָן דעם שלאָף ראָק זײַנעם און מיט די שטעק שיך אויף די פיס און מיט די ברילן אויפן נאָז איז ער זיך רואיק אַרויס מיטן ציגאַר אין מויל פאַרן גאַס. ער האָט דערזען ווי אַ ייד וועלכער האָט זיך שוין אויפגע־הויבן פון דער ערד שטייט אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט און קרעכצט: אוי די קאָפּ! די קאָפּ! דער דייטש מיט דער גראַמאַטיקע האָט עס ניט געקענט פאַרטראָ־גן, ער רעדט גאָרניט, גייט צו צו דעם יידן און זאָגט אויפן קול: „אַנטשולדיקן זי, יודעז! דער קאָפּ מוז מען זאָגן... דאָס הייסט אַנשטאָט אַרײַנלויפן אין שטוב און ברענגען אויף גיך אַ האַנטוך מיט קאַלטע וואַסער האָט ער דעם פאַרווונדעטן יידן צוגעטראָגן גאָר אַ פּאָרציע גראַמאַטיקע.

זייט מיר מוחל — חשובע לייענער — איך האָב זיך פאַררעדט אַ ביסל. לאָמיר זיך צוריקקערן דאָרטן ווו איך בין געבליבן שטיין דאָס הייסט לעם דעם גבירס מקום קדוש. אין דעם דאָזיקן בית מדרש איז געזעסן יומם ולילה און געלערנט ר' פּייוול בער דער חסיד ווי מען האָט אים גערופן, דאָס הייסט דער שפּעטערדיקער עלטער־זיידע מײַנער וועלכער איז געווען אַ נאָנטער מקורב מיטן קאָצקער רבין זצ"ל. עס איז אַ סברה, אַז דער אַלטער פון קאָצק בכבודו ובעצמו האָט אים געשיקט קיין ביאַליסטאָק ער זאָל פאַרזייען דאָרט די קאָצקער חסידות און אַז דער רבי שיקט פרעגט מען ניט קיין קשיות.

ר' פּייוול בער האָט אָבער ניט געלערנט אַליין. ער האָט געהאַט אַרום זיך אַ צען צוועלף אָפּגעפיינטע בחורים און יונגע לייט גרויסע מתמידים פאַר

ווען ער האָט געזאָגט אַ שיעור — אַזוי דאָס דעם גבירס בית מדרש איז פֿון אינדערפֿרי ביז שפּעט אין דער נאַכט געווען אָנגעפּילט מיט תּורה.

איינמאָל אָבער זיינען ר׳ איטשעלעס זין געקומען צופֿאָרן פֿון דייטשלאַנד מיט אַ נייס. עס געפֿעלט זיי ניט דעם טאַטנס בית מדרש. מען מוז אים איבערבויען און מאַכן פֿון אים אַ קאָר שול אויפֿן בערלינער שטייגער. מען האָט געגעבן אָנצוהערן ר׳ פּיוול בערן דעם חסיד וועגן דעם וואָס מען קלייבט זיך טאָן און אַז ער וועט מוזן מוחל זיין און איבערקלייבן זיך מיט זיינע תּלמידים אין אַ צווייטן פּלאַץ. ר׳ פּיוול בער האָט אָבער קאַטעגאָריש געענט־פֿערט „לאו״ מיט אַ אַלף — היה לא תהיה — ער וועט זיך פֿון זיין אָרט ניט רירן און ער וועט אויך בשום אופֿן ניט דערלאָזן מען זאָל פֿאַרגויישן אַ מקום קדוש וועלכער עקזיסטירט שוין צענדליקער יאָרן און ווו עס געפֿינט זיך אַ לומדישער צענטער. די קריגערייען האָבן זיך געצויגן עטלעכע חדשים. די באַלעבאַטים זאָגן אים ער זאָל אַוועקגיין, ר׳ פּיוול בער האָט זיך אָבער ניט געלאָזן איינבייסן. ביז אין איינעם אַ פֿרימאָרגן ווען ער האָט ווי זיין שטייגער איז געווען זיך דערנענטערט צום בית מדרש האָט ער דערזען צוויי שלעסער אויף די טירן, עס האָט אים פֿאַרברענט ביים האַרצן און ער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך דאָס ניט צו פֿאַרשווייגן און קעמפֿן מיט אַלע מיטלען, קעגן דער דאָזיקער גזירה. באַלד זיינען אָנגעקומען די תּלמידים זיינע וועלכע זיינען אויך געוואָרן שטאַרק אויפֿגערעגט און פֿאַרביטערט. זיי האָבן זיך צושפּרייט אין אַלע אַרומיקע גאַסן דערציילט אַלעמען וואָס עס איז געשען און גערופֿן די יידן זיי זאָלן קומען פּראָטעסטירן. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און אויף די גאַסן אַרום דעם בית מדרש האָט זיך צונויפֿגעקליבן אַ גרויסער עולם און עס האָט זיך פֿאָרמירט אַ אויסערגעוויינלעכע דעמאָנסטראַציע די ערשטע און די איינציקע פֿון דעם סאָרט אין דער יידישער שטאָט ביאַליסטאָק. פֿאָרויס איז געגאַנגען ר׳ פּיוול בער דער שפּעטערדיקער עלטער־זיידע מיינער, אַרומגע־רינגלט מיט זיינע תּלמידים און פֿון גלאַט פֿרומע יידן וועלכע האָבן געמאַכט פֿאַרשיידענע אויסרופֿן. מיר, ווילן זיך ניט לאָזן שפּייען אין פּנים „תנו כבוד לתורה״. זאָלן די אַפּיקורסים — די בערלינטשיקעס גיין דאָרטן פֿון וואַנען זיי זיינען געקומען. מיר וועלן באַלד אַרונטעררייסן די שלעסער און אַריינגיין צוריק אין אונדזער בית מדרש. מיט גוטן וועלן מיר פֿון דאַנען ניט אַוועקגיין, זאָלן זיי ברענגען זשאַנדאַרן און אַרויסוואַרפֿן אויפֿן גאַס אונדז מיט אונדזערע גמרות און הייליקע ספֿרים — די יידן און די יידענעס און אַזוי בייגעריקע וועלכע האָבן אין די הונדערטער אָנגעפּילט די טראָטואַרן אויף דער ביאַליס־טאָקער הויפּט גאַס האָבן צוגעהאָלפֿן און געשריען אַלע אין איין קול! זיי זיינען גערעכט! דאָס איז אַ חוצפּה אַ חילול השם און אַ סקאַנדאַל וואָס

אַזעלכעס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן „לא יעשה כן במקומינו... מען טאָר ניט דערלאָזן אַזאַ מין נבלה, ניין זיי וועלן ניט אויספירן און אַזוי ווייטער...

נו, איר ווילט וויסן וואָס עס איז געוואָרן דער סוף — מען קען זיך פאָרשטעלן דאָס די זאַך איז באַלד פון אָנהויב אַז געווען אַ פאַרשפּילטע. ווייל ווער האָט זיך דאַן געקענט שטעלן קעגן דעם גביר מיט זיינע בנים, אין וועמעס הענט עס איז דאַן געלעגן די גאַנצע מאַכט, און זיי האָבן געצויגן די שטריקלעך פון דער פּאָליציי און פון דער גאַנצער שטאָט פאַרוואַלטונג און פאַרשטייט זיך דאָס זיי האָבן אויסגעפירט. ר׳ פּייוול בער מיט זיינע תלמידים האָט זיך געמוזט איבערקלייבן אין דעם יחסנישן ר׳ יחיאל נעכעס בית מדרש וועלכער איז געווען די גרעסטע פעסטונג פון תורה אין ביאַליסטאָק און וו דער אונטער־שמש האָט אויך געהאָט סמיכות אויף רבנות.

דעם גבירס בית מדרש האָט מען אינגאַנצן איבערגעבויט, צוגענומען די בימה און געמאַכט דאָרט אַ מאָדערנע כאָר שול. למען האמת מוז מען מודה זיין און זאָגן אַז די ביאַליסטאָקער כאָר־שול איז געוואָרן אַ מקום פון ערשט קלאַסיקער נגינה. עס זיינען געשטאַנען ביים עמוד גרויסע חזנים, און דער באַגאַבטער מוזיקער בערמאַן האָט דעם גאַנצן לעבן זיינעם אָנגעפירט מיט דעם גלענצענדן איינגעשטודירטן כאָר, און ווער עס האָט געזוכט ערשט קלאַסיקע חזנות און געוואָלט הערן די בעסטע קלאַסישע תפילות און קאָמ־פּאָזיציעס האָט עס געקענט געפינען אין דער ביאַליסטאָקער כאָר־שול, וועלכע איז געשטאַנען אויף איר פּלאַץ אַ סך צענדליקער יאָרן ביז זי איז פאַרברענט און צעשטערט געוואָרן פון די בלוטיקע רוצחים ימח שמם, צוזאַמען מיט אַלע שולן און בתי מדרשים און צוזאַמען מיט די צענדליקער טויזנטער ביאַ־ליסטאָקער קדושים וטהורים, „יהי זכרם ברוך".

⁂

איצט שטעלט זיך די פראַגע ווי אַזוי איז אָט דער פּייוול בער דער חסיד געוואָרן מיינער אַ עלטער זיידע. מען דאַרף ניט פאַרגעסן דאָס ווען ער איז אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק פון דער שטעטעלע בראַק לעם דעם טייך בוג איז ער געווען נאָך גאָר אַ יונגערמאַן מיט אַ פיר קליינע קינדער און אַזוי ווי די עלטסטע טאָכטער איז שוין געווען אַ פאַרזעסענע מיידל פון פערצן מיט אַ האַלב יאָר — כינקע האָט מען איר גערופן — האָט ר׳ פּייוול בער גענומען זוכן פאַר איר אַ חתן צווישן זיינע תלמידים. דער גורל איז געפאַלן אויף דעם הויכן שלאַנקן בחור מיט די שוואַרצע אויגן וואָס מען האָט אים גערופן אלי דער מתמיד. דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן און אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז ביי זיי געבוירן געוואָרן זייער ערשטע קינד אַ מיידל מיטן נאָמען חנה רייזל וועלכע איז שפּעטער אין אַ סך יאָרן אַרום געוואָרן מיין מאַמע, אַזוי אַרום איז

כינקע מיט אלין געוואָרן מיינע זיידע־באָבע און ר׳ פייוול בער דער חסיד איז געוואָרן מיינער אַ עלטער־זיידע. ר׳ פייוול בער איז נפטר געוואָרן אין טיפן עלטער. און ווען איך בין געווען אַ קליינער ייִנגל נאָך, בין איך תשעה באָב געגאַנגען מיט מיין טאַטן אויף דעם אַלטן ביאַליסטאָקער בית עולם און דער טאַטע האָט מיר אָנגעוויזן דעם עלטער זיידנס קבר, די אותיות זיינען שוין געווען שטאַרק אָפּגעריבן און די מצבה איז געווען איינגעגראָבן טיף אין דר׳ערד.

ביי אונדז און אויך אין אַלע הייזער פו אונדזער פאַרצווייגטער משפחה האָט זיך געפונען אַ נאָמען נאָך דעם עלטער זיידן ר׳ פייוול בער...



ענדע 1938 אַ יאָר פאַר דעם אָנהויבן פון חורבן, איז אונדזער מאַמע נפטר געוואָרן, איך האָב דאַן געקריגן אַ לענגערן בריוו פון מיין ברודער משה (על אלה אני בוכיה) און די וויטערדיקע שורות פון זיין בריוו מיט דער פּערלדיקער האַנט־שריפט האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זיכרון:

— איך שטיי — זאָגט ער — אין דעם גרויסן בית מדרש לעם מיין שטוב און מיט טרערן אין די אויגן זאָג איך קדיש. אָט די אַראַמייאישע תפילה ווו עס ווערט ניט גערעדט און עס ווערט ניט דערמאָנט מיט קיין איין איינציקן וואָרט וועגן געשטאָרבענע און טויטע. יידן וועלכע האָבן ניט געקענט מיין מאַמען און ניט געוווסט אַז זי איז געשטאָרבן פרעגן מיר: זאַבלודאָווסקי! נאָך וועמען זאָגט איר קדיש? נאָך מיין מאַמען ענטפער איך מיט אַ ציטעריקן קול...

און וויטער לייען איך אין בריוו: ווען די הייליקע מאַמע אונדזערע איז געלעגן אויפן טויטן בעט בין איך אַוועק אין דער קהלה בעטן פאַר איר אַ פּלאַץ — און ווען די זקנים פון דער חברה־קדישא האָבן זיך דערוווסט ווער עס איז געווען אונדזער מאַמעס זיידע. האָט זיך אַ שטילער טרויער באַוויזן אויף זייערע צעקנייטשטע פּנימער און זיי האָבן צווישן זיך שטיל געמורמלט — אַוווואַ, אַזאַ קליינינקייט ר׳ פייוול בער דעם חסידס אַ אייניקל.

נאַטירלעך האָט מען דער מאַמען אונדזערער געגעבן אַ שיינעם בכבודיקן פּלאַץ, און דער רבי פון נאָוואָליפּער בית מדרש האָט איר מספּיד געווען ביים אָפענעם קבר, ער האָט אַליין געוויינט און אַלע אַרומיקע האָבן פאַרגאָסן ביטערע טרערן.

דעם רבין האָב איך ניט געקענט און ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אַמאָל געלעבט אין מיכאַלאָווע און גוט געקענט אונדזער זיידן ר׳ אלין.

דאָ מוז איך — דער שרייבער פון די זכרונות — דער בכור פון שטוב צוגעבן דאָס, אונדזער מאַמע האָט געהאַט אַ גרויסן זכות אין הימל וואָס זי איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט אויף איר בעט „ותנוח בשלום על משכבה״.

# דער זיידע, ר׳ אלי, מיין זיידנס שטוב און מיין געבורטס-שטעטעלע מיכאַלאָווע

קינדער יאָרן, קינדער יאָרן, אייביק בלייבט איר וואַך אין מיין זכרון

ר׳ פייוול בער דער חסיד, וועלכער איז געווען באַרימט אין דער גאַנצער סביבה האָט דעם ערשטן אײדעם זיינעם געהייסן לערנען שחיטה און גלייך ווי ער האָט געקריגן קבלה האָט ער אים באַזעצט אין דער שטעטעלע מיכאַ־לאָווע אָדער נעזבודקאַ־מיכאַלאָווע ווי זי האָט זיך גערופן אויף רוסיש. דאָרט איז ער געווען שוחט און מוהל העכער פופציק יאָר און אין דער דאָזיקער שטעטעלע בין איך געבוירן געוואָרן ענדע 1889 און דאָרט האָב איך פאַר־בראַכט די ערשטע צען יאָר פון מיין לעבן ביז מיר זיינען אַריבערגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק. מיין טאַטע האָט געשטאַמט פון זאַבלודאָווע. ביידע שטעטעלעך, מיכאַלאָווע און זאַבלודאָווע זיינען געווען נאָנט איינע פון די אַנדערע און גאָרניט ווייט פון דער גרויסער שטאָט ביאַליסטאָק. נאָך דער חתונה איז מיין טאַטע געוואָרן אַ העברעיִשער לערער אין מיכאַלאָווע.

געהאָדעוועט האָב איך זיך מער אין שטוב פון מיין זיידן און באָבען און גאַנץ ווייניק ביי מיינע טאַטע־מאַמע וועלכע האָבן געהאַט זייער דירה איבערן וואַנט אַ טיר קעגן אַ טיר. דער זיידע מיינער האָט פאַרמאָגט אַ גאָלדענע נשמה און איז געווען די גוטסקייט אַליין. ער האָט ניט געקענט בייזערן זיך און זאָגן אימעצן אַ הויכן וואָרט.

מיר האָבן זיך ביידע זייער ליב געהאַט און געוואָרן צוגעבונדן איינער צום אַנדערן. דער זיידע ר׳ אלי איז געשטאָרבן כמעט פון הונגער אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה. ווען ער איז געלעגן קראַנק פלעג איך יעדע וואָך קומען פון ביאַליסטאָק צו פוס און געבראַכט דעם זיידן עפּעס מיט וואָס זיך מחיה צו זיין.

מיין טאָכטער עלקע (עלענאַ) איז נאָך אים אַ נאָמען.

איצט ווען איך שרייב די שורות שטייט ער מיר פאַר די אויגן און איך זע פון דער ווייטנס דעם ווינקל וווּ ער האָט געדאַוונט און געשאָקלט זיך מיט אַלע אברים: „כל עצמותי תאמרנה״ נוסח קאָצק.

מיין זיידע פלעגט אין די וואָכעדיקע טעג דאַוונען אין שטוב פאַר זיך ווייל אין מתנגדישן בית מדרש איז ער ניט גערן געגאַנגען און אין חסידים

שטיבל איז געווען אַ מנין נאָר שבת און יום טוב. (מעגלעך דאָס איך האָב אַ סך געירשנט פון מיין זיידן. איך האָב אויך ליב צום דאַוונען פאַר זיך).

ביי דעם זיידן אין שטוב האָב איך ניט געטאָרט צוגיין נאָנט צום טיש־קעסטל ווו עס זיינען געלעגן די חלפים. איך האָב נאָר געקוקט פון דער ווייטן ווען ער האָט געשפּנט דעם שופלאָד און געזען ווי די חלפים זיינען געלעגן אויסגעלייגט אין הילצערנע שיידלעך, איינער לעם דעם אַנדערן פריער גאָר די גרויסע מיט דער מאַרקע „מילער" אַ גאַראַנטיע אַז זיי זיינען געמאַכט פון דעם בעסטן שטאָל און זיי האָבן טאַקע געבליאַסקעט אַזוי ווי אַ שפּיגל. לעם די גרויסע חלפים פאַר „גסות" זיינען געלעגן קלענערע פאַר קעלבער און שעפּסטן פאַר „דקות". לעם זיי גאָר קליינע פאַר עופות און אין אַ זייט קליינינקע מוהל מעסערלעך איינער נאָך גאָר אַ נייער און דער צווייטער אַ געניצטער.

ווען איך האָב געזען אין דער פרי, אַז דער זיידע נעמט אַרויס דעם בייעם מוהל מעסערל און באַקוקט אים פון אַלע זייטן און שלייפט אים לייכט אויפן שטיינדל האָב איך שוין פאַרשטאַנען אַז היינט איז דאָ אַ ברית אין שטעטל און גלייך האָט מיר דער זיידע געהייסן אָנטאָן דעם שבתדיקן רעקל און גיין מיט אים, דער זיידע פלעגט מיר מיטנעמען אויף אַלע בריתן.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די אַמאָליקע מוהלים בכלל און מיין זיידע בפרט האָבן ניט גענומען קיין געלט פאַר דער מצוה. און אַז מען רעדט וועגן בריתן דערמאָן איך זיך דעם ברית ביי דעם קאַזשמיראָווער פאַכטער, דריי וויאָרסט פון שטעטל. עס זיינען געגאַנגען צו פוס אַ מנין יידן מיטן רב בראש און ר' אלי דער מוהל האָט געפירט פאַרן האַנט זיין אַכט יאָריקן אייניקל. דער מאָלצייט איז געווען מיט דער פולער האַנט. די געבראָטענע גענז האָבן גע־שמעקט פון דער ווייטן. צו די פלייש האָט מען דערלאַנגט אַ גרויסע שיסל צובראָקטע שציפּיאָר באַגאָסן מיט עסיק און פאַרזיסט מיט „מאָנטשקע". די דאָזיקע „ענסאַלאַדאַ" איז געווען קאַלט ווי אייז און דער עולם האָט דער־כאַפּט די האַרץ.

דער דאָזיקער ברית איז מיר געבליבן אין זכרון ווייל ער איז אַ ביסל פאַרשטערט געוואָרן צוליב אַ נאַרישקייט. דער פאַכטער, זייער אַ נאַיווער ייד האָט פאַרגעסן אָנגרייטן ביר. ער האָט זיך דערמאָנט אַ מינוט פאַרן ברית און אַזוי ווי ער האָט זיך געפוילט שפּאַנען פערד און וואָגן, איז ער אַוועק געלאָפן צו פוס. אין שטעטל אַריין, געקויפט אַ פעסעלע ביר און געטראָגן עס אויפן אַקסל. אַזוי ווי עס איז אָבער געווען זייער אַ הייסער טאָג האָט ער דערפילט אַז עס גייען אים אויס די כוחות, און ער וועט ניט דערגיין, האָט ער גענומען און אַוועקגעלייגט די פעסל ביר אין אַ וועלדל הינטער קוסטעס באַדעקט מיט מאָך און געלאָפן גיך אין דאָרף איינגעשפּאַנט דעם פערד און

וואָגן זיינעם און געפּאָרן ברענגען די פּעסל ביר. אָבער „הילד איננו״. די פּעסל ביר האָט ער שוין ניט געפונען. ווי עס ווייזט אויס האָט אַ פּאַסטוך פון אַנטקעגן אויף דער לאַנקע געזען וואָס דער פּאַכטער האָט געטאָן און האָט די פּעסל ביר צוגעגנבעט. געלט אויף צו קויפן פרישע ביר האָט דער בעל־ברית ניט געהאַט איז ער געקומען צוריק מיטן בייטש אין דער האַנט און זיך געקראַצט אין פּאַטעלניצע. נו, מילא האָט מען אַרויפגענומען פון קעלער קאַלטן עפּל־קוואַס און מען האָט געהאַט מיט וואָס צום שטילן דעם דאָרשט.

## ר׳ איטשע נאָוויוואָליער

איינמאָל אין אַ שיינעם זומערדיקן פרימאָרגן האָט איטשע נאָוויוואָליער געשיקט זיין פור און געבעטן דעם זיידן ער זאָל קומען צו פאָרן צו אים אין דאָרף קוילענען אַ קאַלב דער זיידע גיט מיר אַ פרעג צו איך וויל מיטפאָרן. אַ שאלה דאָס איז אוודאי וויל איך.

די רייזע דורך פעלדער מיט הויכע זאַנגען האָט געדויערט דריי פערטל שעה. פון דער גרויסער דאָרפישער שטוב איז אונדז אַרויס געלאָפן אַנטקעגן ציפּע די ישובניצע. זי האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיר, אַרומגעכאַפּט מיר קושן און זיך נאָכגעפרעגט אויף דער באָבען און אויף דער מאַמען און באַלד האָט זי מיר מכבד געווען מיט אַ גרויסן פּעניץ, פרישן ראָזעווען ברויט גראָב אָנגעשמירט מיט שמעקעדיקע פּוטער, דערצו אַ שיסעלע סוואַראַכץ מיט אַ טעפּל זויער־מילך פאַרטרינקען. זי איז ניט אָפּ געטראָטן פון מיר ביז איך האָב אַלץ אויפגעגעסן. איך האָב איר געזאָגט אַ דאַנק און זי האָט מיר צוגעווונטשן עס זאָל מיר זיין צו רפואה און איינגעלאַדן מיר איך זאָל קומען אָפּטער צו זיי אין דאָרף.

אָט די ציפּע די ישובניצע איז נאָך געווען גאָר אַ יונגע, זי איז אָבער גראָ געוואָרן איבער נאַכט, נאָך דעם ווי עס האָט איר און איר מאַן געטראָפן דער גרויסער אומגליק מיט דער עלטסטער טאָכטער זייערער — כאַשקע, האָט מען איר גערופן. אַ שלאַנקע מיידל מיט רויטע באַקן בלוט און מילך, 19 יאָר אַלט — האָט זי זיך פאַרליבט אין דעם „אוטשיטעל״ אין דעם דאָרפישן לערער, אַנטלאָפן מיט אים אין טיף רוסלאַנד און זיך דאָרט געשמדט. קיינער האָט ניט געוווסט און קיינער האָט ניט געפרעגט ווו זי איז אַהינגעקומען.

ר׳ איטשע נאָוויוואָליער איז דאַן געקומען אַ פאַרטרויערטער אין שטעטל קריעה געריסן און זיך געזעצט שבעה נאָך זיין טאָכטער טאַקע דאָרט אין דעם אַלטן בית מדרש. דער הויכער שיינער ייד ר׳ איטשע נאָוויוואָליער האָט אויסגעזען ווי שמשון הגבור. זיין „שטאָט״ אין אַלטן בית מדרש איז געווען אַנטקעגן אָרון קודש מיט דער פּלייצע צו דער בימה.

אַלע יאָרן האָט ער געהאַט אַ חזקה צו דאַוונען ראש השנה און יום כיפור די אָנהויבן די פסוקי דזמרה פאַר שחרית.

## מיין געבורטס שטעטעלע מיכאַלאָווע

אין פרילינג און זומער האָט זי אויסגעזען ווי מען וואָלט איר באַשאָטן פון אויבן מיט גאַנצע בוקעטן בלומען, אַז מען וויל קען מען זאָגן אַז עס איז גאָרניט געווען קיין שטעטל, נאָר אַ גרויסער שיינער דאָרף.. און זי איז געווען פאַרשריבן פאַר אַ קאָלאָניע. ווי איך געדענק האָבן יידן שטאַרק געשראָקן זיך. מיכאַלאָווע זאָל ניט אַרונטערפאַלן אונטער די באַרימטע איגנאַטיעווס געזעצן, און מען זאָל ניט לערנען מיט די יידן די פשרה לך לך. עס האָט שוין שיר שיר — רחמנא לצלן — געהאַלטן דערביי, אַזוי ווי עס האָט פאַסירט מיט אַנדערע דערפער און קאָלאָניעס.

נאָך גרויס מי און שתדלנות האָט מען געפועלט מיכאַלאָווע זאָל ווערן אַ „מיעסטעטשקע" אַ שטעטעלע באמת זייער אַ זויבערע און אַן אויפגעפּאַסטע. די קריסטן זיינען אַלע געווען דייטשן וועלכע זיינען געווען געקניפּט און געבונדן מיט יידן. זיי האָבן גערעדט מער יידיש ווי דייטש און אַנדערע האָבן גאָר געלערנט ביי מיין טאַטן לשון קודש און האָבן געקענט אָנשרייבן אַ „שלום לאהובי" בריוועלע צו אַ יידישן קאָמיסיאָנער אָדער סוחר.

שיין איז אַז דייטשן פלעגן האַלטן די פלעקלעך פון דער חופה און פלעגן אונטערזאָגן דער רב די ברכות. די גאַסן אין שטעטעלע זיינען געווען ניט ברוקירט, און די הייזער זיינען געווען ווייט אָפּגערוקט איינע פון די אַנדערע און אָפּגעטיילט דורך גרויסע גערטנער און פרוכט סעדער. אין די גערטנער פלעגט מען סוף זומער אויסשטעלן גולמס, סטראַשידלעס אָפּצושרעקן — די רויב פויגלען.

— די גולמס זיינען געווען אויסגעפּוצט מיט אַלטע מענערשע רעקלעך, די הענט צושפּרייט און אויפן קאָפּ צוריסענע קאַפּעלושן. די שטאַכעטן און די ברעטער פון די פאַרשפּיצטע פאַרקאַנעס און פאַרצוימונגען אַרום די גערטנער זיינען כמעט שטענדיק געווען באַזעצט מיט גרויסע שוואַרצע קראָען. אין מיינע קינדער יאָרן זיינען מיר אָט די טרויעריקע פויגלען שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן און מיין שכל האָט ניט געקענט באַנעמען פאַר וואָס האָט דער אייבער־שטער אָנגעשיקט אַזוי פיל קראָען אויף מיין שייגער און ליבער געבורטס־שטעטעלע.

זומער פלעגן מיר ליב האָבן צו גיין באָרוועס אין דעם טיפן, טרוקענעם גאָלדענעם זאַמד וועלכער האָט אויסגעזען אַזוי ווי דער זאַמד ביים ברעג ים אין אַקאַפּולקאָ. דער געלער זאַמד האָט מחיהדיק געוואַרעמט אונדזערע קינ־דערשע קנעכל און די פינגער פון די פיס. אין די ברייטע מיכאַלאָווער גאַסן

וואָס מען האָט ניט געקענט וויסן ווו זיי הויבן זיך אָן און ווו זיי ענדיקן זיך האָט מען כמעט קיין מענטשן ניט געזען. אַלע האָבן געאַרבעט אין די טעקסטיל פאַבריקן.

פון ביאַליסטאָק פלעגט מען ברענגען רוי שטאָף גרויסע פעק קונסט וואָל. „שאָדע״ האָט מען עס גערופן און עס האָט אויסגעזען ווי קאָלירטע וואַטע. די ערשטע זאַך האָט מען עס געפאַרבט אויף שוואַרץ, ווייל אין מיכאַלאָווע האָט מען אויסגעאַרבעט נאָר דיקע שוואַרצע סחורות. נאָכן פאַרבן האָט מען עס אַריינגענומען אין דער שפּינערײַ און געמאַכט פעדים.

די פעדים האָט מען איבערגעגעבן צו די וועב שטולן וועלכע האָבן געקלאַפּט טאָג און נאַכט און געמאַכט שטיקער סחורה וועלכע זיינען דער נאָך אַריין אין דער אַפּרעטור־אָפּטיילונג ווו מען האָט עס געפּרעסט צונויפגעלייגט און עס זיינען אַרויסגעקומען גרויסע קייקלעך פאַרטיקע סחורה וואָס מען האָט געשיקט קיין ביאַליסטאָק און פון דאָרטן אין אַלע עקן פון דער גרויסער רוסלאַנד.

ביי דעם מיכאַלאָווער זיידן אין שטוב איז געווען זייער אומעטיק. אין שטעטל פלעגן אָפט קומען רבנים און משולחים פון ישיבות. דער זיידע פלעגט גיין מיט זיי איבערן שטאָט און דערנאָך האָט ער געהאַט אַן אַרבעט פאַנאַנ־ערטיילן די קבלות וואָס זיינען שפּעטער אָנגעקומען מיט דער פּאָסט. די באָבע מיינע פלעגט דעם ערשטן אייניקל אירן קאָרמענען מיט וואַרעמע לעבערקעס און גראַשיצעס געבראָטן אויף הייסע קוילן, וואָס דער טעם ליגט מיר נאָך איצט אין מויל.

## פאַרברענט געוואָרן מיין מעסערל

איינמאָל חנוכה צייט איז איינגעשטאַנען ביים זיידן אַ פּאָר טעג אַ ייד אַ וואַלד סוחר וועלכער האָט מיר געגעבן אַ מתנה „זאַווילאָווס״ אַ מעסערל, באַדעקט מיט קאָלירן געפינטעלטן צעלאָיד, אַ מאַטעריאַל וואָס מען טאָר ניט האַלטן נאָנט לעם פייער. איך האָב זיך מיט דעם מעסערל געצאַצקעט און אַלע ווילע זיך געטאַפּט אין קעשענע צו ער איז דאָ ווייל וועלכער יינגל האָט עס דאַן געהאַט אַזאַ שיינעם מעסערל? איך האָב דעם מעסערל געהאַלטן איינגעוויקלט אין זילבער פּאַפּיר פון וויסאָצקיס טיי.

איינמאָל ווען איך האָב זיך געלייגט שלאָפן אויף דער קאַנאַפּע ביי דער באָבען אין שטוב, נעמט מיין באָבע צונויף מיינע זאַכן און לייגט זיי אַריין אין דעם אויבערשטן איוועלע, זיי זאָלן אויף מאָרגן אינדערפרי זיין וואַרעם אָנצוטאָן. אינדערפרי ווען איך האָב אָנגעטאָן די הייזלעך איז מיר טאַקע אַ ווילע געווען גאַנץ וואַרעם, באַלד אָבער האָב איך דערפילט אַ קעלט אין אַלע מיינע גלידער. ווען איך האָב אַריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע און

אַרויסגענומען דעם מעסערל האָב איך דערזען אַז ער איז פאַרברענט געוואָרן, ניטאָ קיין זכר פון דער שיינער אויסגעגאָסענער באַדעקונג. פון מעסערל איז געבליבן אַ שטיקל שוואַרצע פאַרזשוואַרטע אייזן. טרערן האָבן זיך גע־נומען גיסן פון מיינע אויגן און איך האָב פון גרויס צער ניט געקענט עפּעס נעמען אין מויל אַריין. די באָבע האָט מיר געטרייסט דאָס אין דריי וואָכן אַרום ווען עס וועט זיך שטעלן אַ יריד אין שטעטל וועט זי מיר קויפן אַן אַנדער מעסערל און די באָבע מיינע האָט געהאַלטן וואָרט.

דער צווייטער מעסערל מיינער איז שוין געווען באַדעקט מיט ווייסן ביין און האָט שוין ניט מורא געהאַט פאַר פייער.

## מיטן זיידן אין בית מדרש

דער זיידע האָט מיר געהאַלטן לעם זיך אין בית מדרש און איך האָב זיך צוגעהערט ווי ער האָט געלערנט בין מנחה למעריב מדרש מיט אַ מבין יידן. איינמאָל ווען ער האָט אויפגעעפנט דעם ספר מיט די גרויסע טאָוולען גיט ער צו מיר אַ זאָג: נו, דאָדיעלע ווייז מיר אדרבא, ווו האָבן מיר — זיך געכטן אָפּגעשטעלט? צי איך אויס מיין האַנט און ווייז דעם זיידן מיטן פינגער אָט דאָ ביי דעם „הדא דכתיב". דער זיידע און די יידן אַרום אים זיינען געוואָרן איבעראַשט, און לאַנג, לאַנג, האָט מען גערעדט דערפון ביי מיין מאַמען און באָבען אין שטוב און אין דער גאַנצער שטעטל צווישן אַלע ווייבער.

## שבת נאָך שלוש סעודות

אין די זומערדיקע שבתדיקע פאַרנאַכטן פלעגט דער זיידע מיטן רב אַרויס־גיין שפּאַצירן אין וואַלד וועלכער איז געווען לעם די הייזער. צווישן די גראָז האָב איך געזען אַ סך רויטע פינקלנדיקע יאַגדעס. געוואָלט אויסרייסן זיי, זאָגט מיר דער זיידע: עס איז שבת, מען טאָר ניט. זעסטו אייַנבויגן זיך און אָפּבייסן מיט די ציין די יאַגדעס פון די דינע צווייגעלעך, דאָס מעג מען. איך האָב פּרובירט דאָס טאָן און געזען אַז עס לוינט ניט. עס איז אַ צו שווערע מלאכה... אַלע שבת צו נאַכטס פלעגט מען דאַוונען מעריב און מאַכן הבדלה ביים רב אין שטוב. ר' נתן נאָטע קמחי האָט מען גערופן דעם מיכאַלאָוועו רב. ער האָט געשטאַמט פון מינסקער גובערניע און גערעדט מיטן ריש. ווי אַלע רבנים אין יענע צייטן האָט ער געהאַלטן בלויז צוויי דרשות, אַ יאָר. שבת תשובה און שבת הגדול. די דרשות האָט ער שטענדיק פאַרענדיקט אויף דעם זעלבן אויפן „רבותי, וועגן דעם דאָזיקן ענין איז נאָך פאַראַן אַ סך צום ברייען. אָבער אַזוי ווי עס איז שוין זמן מנחה וועלן מיר דאָס שוין לאָזן אויף אַ צווייטן מאָל".

ד ו ד   ז אַ ב ל ו ד אָ ו ו ס ק י

## פורים ביי מיין זיידן אין שטוב

מיין זיידע ר׳ אלי האָט אין קעגנזאַץ צו אַנדערע חסידים קיינמאָל ניט געלאַכט און אַפילו ניט געשמייכלט. אויף זיין פּנים איז שטענדיק געווען אויסגעגאָסן אַ אומעט עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט כסדר געטרויערט אויף דער גלות השכינה. און אפשר האָט מיין זיידע געהאַלטן דאָס יידן טאָרן בכלל ניט לאַכן, דאָס איז אַן עסק נאָר פאַר גוים.

פורים אָבער איז מיין זיידע געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. ער איז געווען לוסטיק, פריילעך און געשמייכלט צו אַלעמען. די טיר פון זיין שטוב איז געווען ברייט צעעפנט, יעדער איינער האָט געקענט פריי אַריינקומען. דער טיש איז געווען באַדעקט מיט אַ ווייסן טישטוך און אין מיטן טיש איז גע־שטאַנען אַ פלעשל בראַנפן מיט צובייסעכץ.

דער ערשטער פורימדיקער גאַסט איז געווען שכנא, דער אויסגעדאַרטער שניידערל מיט דער ציגענער בערדל זיינער. גוט פורים, ר׳ אלי, זאָלט איר דערלעבן איבער אַ יאָר געזונטערהייט, שרייט ער אויס אָט דער שכנא.

דער זיידע גיסט אים באַלד אָן איין גלעזל און אַ צווייטע און שכנא הויבט זיך אָן צו ציקלען און זינגען „שושנת יעקב צהלה ושמחה״... באַלד קומען אַריין נאָך אַנדערע פשוטע יידן וועלכע האָבן קיינמאָל ניט איבערגעטראָטן דעם זיידנס שוועל.

פורים דאַרף מען זיין פריינדלעך און צוגעלאָזן צו יעדן איינעם.

פאַרנאַכט קומען פורים שפּילער און זיי שטעלן פאַר „עקידת יצחק״ און בערעלע יאַנקל דעם קצבס מוזשיניק מיט אַ קאָפּ רויטע האָר האָט געשפּילט אַלס יצחק. אוי ווי איך האָב רחמנות געהאַט אויף אים, ער האָט זיך געהאַלטן מונטער און מיט זיין זיסער שטימעלע האָט ער אויסגעזונגען „פאָ־טער! פאָטער!״ שאַרף אָן דעם מעסער, כדי עס זאָל זיין די עולה תמימה גרעסער. און דערביי האָט ער זיך געצויגן מיט די ביידע הענט צו דעם טאַטן זיינעם אַברהם מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד.

צו דער סעודה פלעגט די באָבע צוגרייטן שטענדיק געבראָטענע געפילטע מילצן. אַ מאכל וואָס קיינער אין שטעטל האָט עס ניט געקענט נאָכמאַכן ווייל די מילצן און שטיקער לעבער האָבן געהערט צום זיידן אויף דעם חשבון פון שחיטה־געלט.

## ד ו ב נ ע   ב ר ע נ ט

מיטן וויטערדיקן לידל האָט מיין באָבע פאַרוויגט פריער אירע אייגענע קינדער און דערנאָך אונדז די אייניקלעך אירע.

## פ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ע   י אָ ר ן

**אין בין זיכער דאָס מיטן זעלבן לידל האָט דער באָבעס באָבע איר אַליין אויך פאַרוויגט (אָט זיינע די ווערטער)**

אַמאָל און אַמאָל איז אַ מעשה פאַרלאָפן.
אין דער שטאָט דובנע האָט אַ אומגליק געטראָפן.
זיי זיינען נאָך אַלע אין די בעטן געלעגן,
האָט זיך זיי געחלומט אַ פריילעכער חלום
מיט אַ גלעזעלע וויין.
כדי דער עולם זאָל לוסטיק זיין.

גייט אַ ייד און טראָגט אַ קאַסטן.
די קאַסטן איז שווערער פאַר זיינע הענט.
ער שרייט: „אוי וויי דובנע ברענט
ברענט די דובנע העכער און העכער,
טראַסקען די בעלקעס, ברענען די דעכער.

**און אָט איז נאָך אַ לידל וואָס מיין באָבע פלעגט זינגען:**

## ש ו ו י מ ט   אַ   מ ע ס ע ר

שווימט אַ מעסער אויפן וואַסער,
פאָרט ער אַוועק אין גדאַנסק.
גייט אַ מיידל אַ קורצע קליידל,
קען זי ניט דעם טאַנץ.

**אָט די דאָזיקע פיר שורות זיינען מיר פאַרבליבן אין זכרון. היינט טראָגן מיידלעך קורצערע קליידלעך פון אַמאָל און זיי קענען גאָר גוט דעם טאַנץ...**

**ווי עס ווייזט אויס איז דאָס וואָרט „אַ מעסער" געוואָרן פאַרגרייזט עס דאַרף זיין „שווימט אַ מעסע" אַזוי האָט מען גערופן אויף דייטש די טראַטוועס, די טראַנספּאָרטן האָלץ, וועלכע פלעגן טאָג און נאַכט שווימען אויפן טייך „בוג" וועלכער איז דורכגעגאַנגען דורך דער שטעטעלע „בראָק" ווו מיין באָבע איז געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט אירע קינדער יאָרן.**

## א י ן   ח ד ר   אַ ר י י ן

**ווען איך בין אַלט געוואָרן פיר יאָר האָט מיר דער טאַטע איינגעוויקלט אין אַ טלית און אַוועקגעטראָגן מיר צו דעם באַרוועסער דרדקי־מלמד לערנען אַלף בית, אָט זע איך אַזוי ווי נעכטן וואָלט עס געווען, ווי דער באַרוועסער שטייט**

ביי מיין זייט „נו, דאַדיעלע קוק אין סדור און זאָג, „קמץ אַלף אָ! קמץ בית באָ״! הינטער מיר שטייט מיין טאַטע און אַביסל אָפּגערוקט מיין מאַמע און מיין באָבע. פּלוצלונג איך ווייס ניט פון וואַנען איז אַ קליינע קופּערנע מטבע אַרונטערגעפאַלן אויפן סידור אַקוראַט אויף דעם אַלף בית. דאָס האָט מיר אַ מלאך פון הימל געוואָרפן אַ קאָפּיקע, אָבער דורך וואַנען איז ער אַריין דער מלאך דאָס האָב איך בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין. דער פּאָלאָפּ — די סטעליע איז דאָך געווען גאַנץ, עס האָט זיך נישט געזען קיין שום עפענונג און די דיקע אָפּגעשיילטע בעלקעס זיינען געווען פאַרצויגן ביי די זייטן מיט דיקן שפּינוועבס.

טאָ דורך וואַנען האָט דער מלאך געקענט זיך דורכשטופּן דורך דער קלענסטער שפּאַרונקעלע, אַגב האָב איך דאַן אינדירעקט געקריגן די ערשטע לעקציע דאָס אַ קינד טאָר אַזעלכע קשיות ניט פרעגן.

## מ ע ן  ג י ס ט  מ י ר  אַ  פּ  ש ר ע ק ע נ י ש

און אַט האָב איך שוין אָפּגעלעבט זיבן יאָר אויף דער וועלט און איך לערן שוין חומש ביי דעם בעסטן מלמד, איינמאָל אין אַ פינצטערער סוף חודשדיקער נאַכט עטלעכע וואָכן נאָך סוכות בין איך אַרויס פון חדר מיט נאָך ייִנגלעך און מיר גייען אַהיים, דער חבר מיינער האָט געוווינט לעם חדר, איז ער באַלד ניט געוואָרן און איך בין געבליבן איינער אַליין. איך בין שוין געווען נאָענט צו אונדזער שטוב, פּלוצלונג דערזע איך פון דער ווייטנס צוויי טוקעלע שאָטנס און ביידע זינגען. עס קומען מיר אַנטקעגן צוויי שכורע דייטשן וועלכע זיינען געפאַלן פון די פיס, איך האָב זיך זייער דערשראָקן און בין גיך אַריינגעלאָפן אין פאָדער הויז פון צדוק דעם קאַסטן מאַכערס שטוב, אינעווייניק אין שטוב איז מען שוין ווייזט אויס געשלאָפן האָב איך זיך איינגענורעט אין אַ פינצטערן ווינקל אונטער די טרעפּ און מורא געהאַט אַרויסלאָזן די פּאַרע פון מויל.

איך האָב געטראַכט, אָט וועלן זיי פאַרבייגיין און איך וועל באַלד קומען אין שטוב ווו די מאַמע וואַרט שוין אויף מיר מיט אומגעדולד.

דער טאַטע מיינער האָט שוין דאַן געקנעלט אין ביאַליסטאָק און ער פלעגט קומען צופאָרן אויף יום טובים.

אויף צו להכעיס, אָבער האָבן די שכורים גאַנץ אַנדערש געטראַכט און אפשר האָבן זיי נאָך געהאַט אַ סך צום שמועסן. אַזוי צו אַזוי האָבן זיי ניט פרעגנדיק ביי מיר זיך צוגעזעצט אָפּרוען אויף דער באַנק וועלכע איז געשטאַנען לעם דער טיר פון ר׳ צדוקס שטוב, זיי האָבן אָנגעהויבן דערציילן איינער דעם אַנדערן מעשות, כאָטש עס האָט זיך ניט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט, ווייל זיי זיינען געווען טויט שכור. איך ליג אַ צושראָקענער אונטער די טרעפּ

און יעדע מינוט ציט זיך ביי מיר ווי אַ יאָר, עס הויבט מיר שוין אָן צו ווערן קאַלט, עס קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן און איך האָב געפילט אַז די נשמה פליט מיר שיר ניט אַרויס.

באַלד דערהער איך אָבער ווי איין דייטש זאָגט צום אַנדערן „פרידריך! מאַרש צו האַוזע". איך האָב געוואַרט אַ ווײַלע און ווען איך בין שוין געווען זיכער אַז די שיכורים זײַנען שוין ניטאָ האָב איך גענומען לויפן אָן אַן אָטעם. אָט קום איך שוין צו צו אונדזער שטוב, אָט זע איך שוין דער מאַמען מײַנער אויפן גאַניק ווי זי שטייט אַ צושראָקענע און שרייט „דאָדיע! וואָס איז געשען? אַוווּ ביסטו געווען?" איך קען אָבער ניט ענטפערן, איך קום צו צו דעם ערשטן טרעפּל און פאַל אַנידער אין הלשות. עס לויפט אַרויס די זשאַבלער שוסטערקע, די באַלעבאָסטע פון דער הויז, וווּ מיר האָבן געוווינט אין אַ געדונגענער דירה. זי האָט געהאָלפן דער מאַמען אַרײַנטראָגן מיר אין שטוב. מען האָט מיר געגעבן הייסע טיי דער נאָך האָט מען מיר גוט אײַנגעדעקט און איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן.

באַלד אין דער פרי האָבן ווײַבער געזאָגט דאָס מען מוז מיר אָפּגיסן שרעקעניש, כאָטש מײַן מאַמע און די באָבע האָבן ניט געהאַלטן דערפון, זײַנען זיי ניט געווען דאַקעגן, ווי אײנער זאָגט, שאַדטן קען דאָך דאָס ניט. און אָט איז געקומען יענטע ביילע די „דאָקטאָרשע" ווי מען האָט איר גערופן, און זי האָט זיך גענומען מיר אָפּשפּרעכן אַ גוט אויג און אָפּגיסן שרעקעניש — איר ווילט וויסן ווי דאָס איז צוגעגאַנגען? אָט וועל איך אײַך דערציילן.

מען האָט מיר ראשית כל אײַנגעוויקלט אין אַ גרויסן ליילעך. איטקע די שמשטע האָט געהאַלטן איבער מײַן קאָפּ אַ שיסל מיט קאַלטע וואַסער, און יענטע ביילע האָט אויף גיך אַרײַנגעגאָסן אין דער שיסל אַ גרויסע לעפל קאָכעדיקע, צולאָזענע בליי און אויסגעשריען: צו רפואה! צו רפואה! באַלד ווײַזט זי דער מאַמען די צוויי לענגלעכע שטיקלעך פאַרקילטע בליי אין דער שיסל מיט וואַסער און זאָגט: קוקט איר זעט, חנה רייזל! אָט זײַנען זיי די צוויי דייטשן מיט די לאַנגע בייטשן, און מיר ווײַזט מען אויך איך זאָל זען. יענטע ביילע האָט געוווּסט ווער עס זײַנען געווען די שיכורים וועלכע האָבן מיר איבערגעשראָקן ווייל אין מיכאַלאָווע זײַנען ניט געווען קיין אַנדערע שכורע גוים. אַלע זײַנען זיי געווען דייטשן אָבער נאָרמאַלע מענטשן ניט קיין מערדערס. יענטע ביילע האָט זיך אויך נאָכגעפרעגט און גאַנץ גוט געוווּסט פאָרויס וואָס עס איז מיט מיר נעכטן געשען.

ד ו ד   ז אַ ב ל ו ד אָ ו ו ס ק י

## דער רוסישער קייסער קומט קיין ביאַליסטאָק

איך וויל דאָ פאַרצייכענען נאָך אַ פאַל וועלכער האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך צער און האַרצווייטאָג.

דאָס איז געשען אין יענעם זומער ווען אין ביאַליסטאָק האָט מען אָפּגע־וואַרט דעם רוסישן קייסער וועלכער איז דאַן אַרומגעפאָרן באַטראַכטן געוויסע שטעט פון זיין קעניגרייך.

עס איז געווען אַ הייסער פרימאָרגן, מיר האָבן זיך נאָר וואָס געזעצט לערנען די פרשה חומש פון דער וואָך, דערהערן זיך אין גאַס קלינגענדיקע גלעקלעך און יאַקובקעס בריטשקע מיט וועלכער ער פלעגט פירן די בעסערע פּאַסאַזשירן צום באַן און פון באַן בלייבט שטיין, און פון איר גייט גיך אַרויס און קומט אַריין אין חדר לייבע ברכהס דער סוחר פון פעל. ער גיט אַ נעם פאַרן האַנט אַבען דעם יינגל זיינעם און מיין חבר און זאָגט צום רבין: ר׳ חיים יעקב! איך נעם אים מיט אין ביאַליסטאָק זאָל ער אויך זען דעם קייסער. עס איז מיר געוואָרן זייער שווער אויפן האַרצן און איך האָב מיין חבר שטאַרק מקנא געווען, איך האָב אַ טראַכט געטאָן: מיין טאַטע איז דאָך דאָרטן אין ביאַליסטאָק, פאַרוואָס האָט ער מיר ניט אַרויסגענומען צו זיך. עס ציט דאָך מיר דאָס האַרץ און איך וואָלט אויך געוואָלט זען דעם קייסער און די גרויסע שיינע שטאָט ביאַליסטאָק. איך בין אַרומגעגאַנגען אַ אומעטיקער און אַ פאַרטראַכטער מער ווי אַ וואָך צייט. מיין מאַמע האָט באַמערקט אַז איך בין עפּעס ניט אין אָרדנונג און איך האָב אויפגעהערט עסן, אויך האָב איך געהערט ווי ווייבער האָבן גערעדט צווישן זיך אַז דאָס קינד האָט זיך נאָך אַמאָל דערשראָקן נאָר ער שעמט זיך אויסזאָגן, מען דאַרף אים ווידער אויסגיסן שרעקעניש. ווען די מאַמע האָט זיך גענומען שטאַרק בעטן ביי מיר איך זאָל איר דערציילן וואָס עס איז געשען, האָב איך זיך פאַר מיין גוטער מאַמען אַראָפּגערעדט פון האַרצן. די מאַמע האָט זיך אויסגעלאַכט און געזאָגט מיר גוטע ווערטער: זיי ניט קיין נאַר, דאָדיעלע! ביסט נאָך גאָר יונג. דו וועסט נאָך זען אין דיין לעבן אַ סך קיסרים און אַ סך מלכים און אין ביאַליסטאָק וועסטו געוויס זיין גאָר אינגיכן און ניט נאָר אויף אַ פּאָר טעג נאָר אויף שטענדיק, און באַלד לייענט זי מיר איבער מיין טאַטנס אַ בריוו ווו ער שרייבט דאָס עס וועט שוין לאַנג ניט דויערן, ער זוכט אַ דירה און אין אַ פּאָר חדשים אַרום וועט ער אונדז אַריבער נעמען צו זיך און מיר וועלן זיין אַלע צוזאַמען אין דער גרויסער און שיינער ביאַליסטאָק.

פ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ע   י אָ ר ן

## מען קען אים שוין איבערדעקן

ווי עס איז דער דרך העולם בין איך לאַנג ניט געווען קיין בן יחיד. גאָר גיך איז ביי מיינע טאַטע מאַמע געבוירן געוואָרן נאָך אַ קינד, אויך אַ יינגל און מע האָט אים אַ נאָמען געגעבן לייזערקע, און ווען דער בחור איז אַלט געוואָרן דריי יאָר איז ער קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען אנטצינדונג „זאַפּאַ־ליעניע פּלוצי״ האָט מען עס גערופן אויף פּויליש. איך געדענק אַזוי ווי דורכן חלום איך בין דאַן אַלט געווען פינף מיט אַ האַלבן יאָר, דער ברודערקע מיינער איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער. עס איז געווען אַ שבתדיקער פרימאָרגן אין מיטן ווינטער. אויפן גאַס איז געווען אַ גרויסער פראָסט, דאָס קינד מיטן שיינעם ליכטיקן פּנימל האָט געברענט ווי אַ פייער שוין דעם צענטן טאָג. מען האָט געזען אַז דאָס קינד גייט אויס. גאַנץ פרי איז געווען דער דאָקטער אַ פּאָליאַק וועלכער האָט געקענט ריידן דייטש. ער האָט באַטראַכט דעם חולה. געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט גאַנץ שטיל: עס איז זייער שלעכט איך קען שוין גאָרנישט טאָן, נאָר דער ליבער גאָט קען דאָ העלפן. דער מאַמען האָט מען שוין אָוועקגעריסן פון דעם קינדס בעטעלע. מען האָט איר אַריינגענומען אין אַ צווייטן צימער ווו זי האָט ספּאַזמירט געיאָמערט און געשריען מיט די לעצטע כוחות: גאָט אין הימל! שטראָף מיר ניט, פאַרשעם מיר ניט, נעם ניט צו ביי מיר מיין קינד!...

אַרום דעם קינדס בעטעלע זיינען געשטאַנען ווייבער וועלכע האָבן זיך געשפּאַרט און ניט געקענט אַדורכקומען צווישן זיך. אַ טייל האָבן געהאַלטן דאָס מען קען אים שוין איבערדעקן, איר זעט דאָך. עס זיינען דאָך שוין די לעצטע מינוטן. אַנדערע ווידער האָבן צוגעלייגט דעם אויער און אויסגעשריען: איר זאָלט זיך ניט דערוועגן דאָס טאָן — כל זמן עס קלאַפּט נאָך אַ אָדער טאָר מען אים ניט איבערדעקן, מען טאָר ניט דערשטיקן אַ קינד וואָס לעבט נאָך.

אין דעם מאָמענט קומט אַריין דער זיידע פון דאַוונען. דער טלית אָנגעטאָן אויף זיך אונטער דעם ווינטערדיקן מאַנטל, ער זעט וואָס ביי זיין טאָכטער אין שטוב טוט זיך. אַ ווײַלע בלייבט ער שטיין אַביסל צעטומלט, באַלד אָבער גיט ער זאָג צו דער באָבען: כינקע! היינט איז שבת! מען טאָר ניט פאַרשטערן דעם הייליקן שבת, קום לאָמיר גיין מאַכן קידוש, און אָט גייט פאַרויס דער זיידע מיינער צו זיך אין זיין שטוב איבערן וואַגט, נאָך אים גייט די באָבע ווישנדיק די טרערן פון אירע אויגן, און נאָך זיי גיי איך, דער ערשטער אייניקל זייערער׳ איין קליינינקייט. דער זיידע מיינער די הייליקייט אַליין זאָגט דאָס מען טאָר ניט פאַרשטערן שבת. טאָ ווער ווייס נאָך בעסער פון אים. אָט האָט דער זיידע געמאַכט קידוש באַלד נאָך דעם זיך געוואַשן און געמאַכט

המוציא כאָטש מען האָט לייכט געקענט באַמערקן דאָס ער האָט דעם ביסן חלה נישט געקענט אַראָפּשלינגען.

איצט קומט מיט מיר וועלן מיר זען וואָס איז אין דער צייט פאָרגעקומען מיטן קראַנקן קינד, ביי מיין מאַמען אין שטוב. די ווייבער האָבן נאָך אַלץ ניט געקענט באַשליסן וואָס צו טאָן, איבערדעקן אָדער ניט איבערדעקן. האָט געדולד! נאָך אַ ווײַלע זאָגט פאַרטרויערט פייגל חינקע, — לייזערס — דער מאַמעס בעסטע חברטע, זייער אַ געלאַסענע און אַ קלוגע פרוי, אַביסל ייִנגער פון דער מאַמען, זי פרעגט ניט און דערציילט ניט קיינעם וואָס זי גייט טאָן, כאַפּט זיך אַריין שטילערהייט אין קיך און שטעלט אַרויף אויף דער מאַשינקע מיט די קנויטן אַ ביסל מילך אין אַ טעפּעלע אָנצוואַרעמען און עס דויערט ניט קיין פינף מינוט טראָגט זי צו צו דעם קינדס פאַרטריקנטע ליפּעלעך אַ לעפּעלע וואַרעמע מילך ... און ... וווּנדער איבער ווונדער, דאָס קינד האָט אַראָפּגעשלונגען די ערשטע לעפּעלע מילך און גלייך די צווייטע און די דריטע ... אין אַ ווײַלע אַרום הויבט דאָס קינד אָן צו עפענען די פאַרמאַכטע אייגעלעך און אויפן פּנימל זיינעם באַווייזן זיך צוויי גרויסע טראָפּנס שווייס.

נו, עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אין דעם מאָמענט איז געקומען דער קריזיס. דאָס קינד האָט זיך אָנגעהויבן בעסערן און איז געזונט געוואָרן. נאָך איצט פיל איך אַ ברי אין האַרצן ווען איך דערמאָן זיך ווי יענעם שבת צו נאַכטס, נאָך הבדלה האָט זיך אַריינגעשאַרט צו אונדז אין שטוב אַ הויכער ייִד אויסגעדאַרט ווי אַ שטעקן מיט אַ שוואַרצן ליילעך אונטערן אָרעם און געפרעגט; ווו איז דאָ דאָס טויטע קינד? ... די מאַמע האָט פאַרלאָרן דעם לשון, געוואָרן בלייך ווי די וואַנט, מיט איין האַנט האָט זי געווישט די אויגן אירע און מיט דער צווייטער האַנט האָט זי געוויזן דעם ייִדן די בעטעלע ווו עס איז געלעגן אַ בלאַסע קינד מיט אָפענע באַוועגלעכע אויגעלעך — וועלכער האָט נאָך געהאַט אַ ביסל היץ אָבער ער איז שוין אַרויס פון געפאַר.

דער ייִד איז געוואָרן צומישט און פאַרשעמט, זיך גענומען רוקן הינטער זיך צו דער טיר און געזאָגט אונטערן נאָז זייט מיר מוחל, איר וועט נאָך האָבן פון אים אַ סך נחת און ער וועט לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך געלייענט אַ רירנדע דערציילונג ווו דער שרייבער (איך האָב פאַרגעסן זיין נאָמען) דערציילט וועגן אַן אָרעמען קראַנקן ייִנגעלע וועלכער איז געלעגן אַ פאַרשמאַכטער און ניט געהאַט וואָס אין מויל צו נעמען. פּלוצלונג אָבער האָט די מאַמע זיינע די אַלמנה געעפנט אירע דרימלדיקע אויגן און דערזען לעם דעם קינדס וויגעלע אַ קאָשיקל אָנגעפּילט מיט אַלע גוטע זאַכן, ווער האָט עס געבראַכט צו טראָגן? נו אַוודאי אליהו הנביא. קיין אַנדערער קען דאָך דאָס ניט זיין.

און מערקווירדיק, ווען איך האָב געלייענט יענע דערציילונג איז מיר געקומען פאַר די אויגן אַן אַנדער אליהו, דער זיידע מיינער, מיט דער שיינער ווייסער באָרד, איך זע אים ווי ער שטייט ביי אונדז אין שטוב לעם דער טיר און זאָגט מיט אַ פאַרשטיקטן קול: כינקע היינט איז שבת! מען טאָר ניט פאַרשטערן דעם הייליקן שבת... צוזאַמען מיט מיין זיידן איז אין יענעם מאָמענט געקומען די ישועה פאַר מיין ברודער לייזער, וואָס דער דאָקטער האָט אים אָפּגעזאָגט דעם לעבן און ווייבער האָבן אים געהייסן איבערדעקן.

נו! מיין ברודער לייזער האָט געלעבט אַ סך ווייניקער ווי, הונדערט מיט צוואַנציק יאָר אַזוי ווי דער ייד פון חברה קדישא האָט אים געווונטשן יענעם שבת צו נאַכטס נאָך הבדלה.

היטלער ימח שמו וזכרו האָט אים אומגעבראַכט אין די סאַמע בליענדע יאָרן זיינע צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה אונדזערער און צוזאַמען מיט די צענדליקער טויזנטער ביאַליסטאָקער יידן.

## יוסקע דער טאַנצמייסטער

דער שווערער ווינטער איז פאַרביי און דער זוניקער פרילינג איז אָנגעקומען, גאַנץ מיכאַלאָווע איז גאָר גיך איינגעטונקט געוואָרן אין בלומען. די קנאָספּן אויף די ביימער האָבן זיך פאַנאַנדער געעפנט און די לופט איז געוואָרן אָנגעפילט מיט שמעקעדיקע ריחות.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָב איך פּלוצלונג דערזען ווי ביי מיין זיידן און באָבען אין שטוב האָט זיך באַוויזן אַ גאַסט, אַ בחור פון אַ יאָר 18־19 — יוסקע האָט מען אים גערופן. אָט דער בחור איז מיר באַלד פון דער ערשטער מינוט אָן געוואָרן נאָנט און ליב ווייל ער איז געווען גאָר אַנדערש פון די אַנדערע בחורימלעך אין שטעטל פון דעם זעלבן עלטער. אין מיטן דער וואָך איז ער געווען שבתדיק אָנגעטאָן... אַ קאָפּ געקרויזטע האָר. אין דער פריטוט ער אָן אויף אַ ווייסע די קליינע תפלים־לאַך זיינע, נאָכן עסן ביים בענטשן שעפּטשעט ער אַ רגע מיט זיינע ליפּן, היינט פון מנחה און מעריב דאַווענען דערפון האַלט ער איינגאַנצן ניט, גייט אַרום אָפּט איבערן שטוב און זינגט עפּעס נייע שיינע נגונימלעך, וואָס איך האָב עס קיינמאָל ניט געהערט ניט אין חסידים שטיבל און ניט אין בית מדרש. איך גיי אים נאָך. איך קוק אים אין די אויגן אַריין און איך טרעט פון אים ניט אָפּ, איך ווער אַ חבר מיט יוסקען. עס איז געווען לייכט צו באַמערקן דאָס דעם זיידן מיינעם איז דער בחור דער גאַסט, גאָר ניט געפעלן געוואָרן, עפּעס פון זיך אַליין האָט זיך געעפנט אַ פאַרהאַקטער פענצטער און אַ פרישע לופט האָט אַריינגעבלאָזן אין דעם זיידנס שטוב ווו די שטרענגע איינגעוואָרצלטע פרומקייט האָט מען ממש געקענט אָנטאַפּן מיט די הענט. קיין קעמל קיין בערשטל האָט מען שבת ניט

געטאָרט האַלטן אין האַנט. ביים גיין אין בית מדרש דאַוונען האָב איך געמוזט פאַרבינדן די נאָזטיכל אַרום האַלדז ווייל שבת טאָר מען ניט טראָגן, די באָבע מיינע וועלכע איז געווען איינגעטונקט אין חסידות, האָט בטבע פיינט געהאַט טרויער, עצבות, און האָט ליב געהאַט צו הערן ווי יוסקע זינגט און צווייטנס איז דאָך אָט דער יוסקע געווען איר שוועסטער חנהס ייִנגסטער זון. די גאַנצע פאַמיליע איז נאָר וואָס אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, יוסקע האָט געמוזט בלייבן אַ שטיקל צייט ווייל די אויגן זיינע זיינען ניט געווען געזונט, כאָטש מען האָט גאָרניט געזען אויף זיי.

איינמאָל אַ שבת פאַר נאַכט האָב איך באַמערקט ווי יוסקע קומט פון אַ שפּאַציר און ברענגט מיט זיך נאָך דריי בחורים פראַנטלעך וואָס איך האָב זיי ניט געקענט. איך ווער זייער ביַיגעריק און וויל וויסן צו וואָס האָט ער זיי געבראַכט די געסט און וואָס וועלן זיי טאָן... דער זיידע רופט מיר דאַוונען מנחה איינמאָל, און נאָך אמאָל. אי זוך אָבער אַ תירוץ. די קאָפּ טוט מיר וויי איך בלייב אין שטוב און דער זיידע גייט אַליין אַוועק אין בית מדרש.

ווי עס ווייזט אויס האָבן די בחורים מיט יוסקען אין דער שפּיץ אויף דעם געוואָרט, באַלד גייען זיי אַריין אין אַ זייטיקער קאַמער און קומען אַרויס פון דאָרטן איבערגעטאָן און מיט פאַרשמירטע אונטערגעפאַרבטע פּנימער — שווער געווען זיי צו דערקענען. יוסקע איז געווען אָנגעטאָן אין אַ קליידל, אויף זיין קאָפּ אַ צעקודעלטער אַלטער שייטל מיט אַ לאַנגן בעזים אין האַנט, האָט ער אויסגעזען ווי אַ מכשפה, באַלד דערהערט זיך אַ געזאַנג, „האָצמאָך איז אַ בלינדער ווו זיינען זיינע קינדער" אָדער „קום קום קום צו מיר" אַ צווייטער באַווייזט זיך מיט אַ קאַשיק אין די הענט און שרייט מיט אַ געזאַנג: קויפּט! קויפּט! קונים!... איך בין לאַנג געשטאַנען און געקוואָלן פון נחת. איך האָב שטאַרק הנאה געהאַט און געלעקט די פינגער פון דאָס אַלץ וואָס איך האָב געהערט און געזען.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט אַז דאָס האָבן זיי געמאַכט אַ רעפּעטיציע פון גאָלדפאַדענס „קאָלדוניע" וואָס זיי האָבן זיך געגרייט צום שפּילן.

אויף דעם זעלבן אופן ווי יוסקע האָט זיך באַוויזן ביים זיידן אין שטוב, אַזוי איז ער פּלוצלונג ניט געוואָרן, אַוועק צו זיינע טאַטע מאַמע. אין אַמעריקע, נאָכן ערשטן קריג ווען מיין באָבע איז געוואָרן אַ אלמנה האָט דער יוסקע אָן איר ניט פאַרגעסן און ער האָט איר געשטיצט אויף אַ בכבודיקן אופן.

יאָרן גייען, יאָרן לויפן, איך קלייב זיך פאָרן קיין מעקסיקע. מיין באָבע ווייס דאָך ניט ווו איז מעקסיקע ווו איז אַמעריקע און ווו איז ברוקלין, זי נעמט אַרויס פון אַן אַלטער בייטעלע אַ צוקנייטשט שטיקל פּאַפּיר און זאָגט צו מיר: נאַ דאָדיע! שרייב איבער, דאָס איז יוסקעס אַדרעס, ער וועט דיר העלפן, ער איז זייער אַ גוטער. עס איז פאָלג מיר אַ גאַנג, יוסקע האָט גאָר

געוווינט אין ברוקלין. איך האָב טאַקע קומענדיק אין מעקסיקע גלייך געשריבן צו אים און ער האָט מיר די מינוט, אַריינגעשיקט אַ פיינעם טשעק. שפּעטער איז ביי מיר דער אַדרעס פאַרלאָרן געגאַנגען.

⁂

אָבער אָט פאָר איך צום ערשטן מאָל אין ניו־יאָרק און איך באַשליס דאָס איך מוז יוסקען אויפזוכן. איך גיי אַריין אין „ביאַליסטאָקער צענטער" אָבער מען קען זיין אַדרעס אַזוי גיך ניט געפינען, אַ פרוי, וועלכע איז גראַדע געזעסן דאָרט האָט יוסקען געקענט. גיט, זי אַ זאָג: אַי! איך ווייס שוין וועמען ער זוכט דאָס איז דאָך דזשאָי, דזשאָפּעס אײדעם.

איך נעם יוסקעס אַדרעס און איך פאָר מיט פרייד קיין ברוקלין. אָפּגע־זוכט דעם נומער אין אַ גאַס און איך אַ געגנט ווו עס זיינען געשטאַנען הונ־דערטער קליינע ווייסע הייזקעס, איך קלאַפּ אָן — עס באַווייזט זיך אַ מיטל־יעריקע פרוי, זי קוקט אויף מיר און איך אויף איר, עס פאַרשטייט זיך דאָס מיר קענען זיך ניט. איך פרעג איר אויב דאָ וווינט דזשאָו ליבערמאַן אַמאָל האָט מען אים גערופן יוסקע, יע ענטפערט זי. כדי צו זיין מער זיכער גיב איך נאָך צו דאָס דעם טאַטן זיינעם האָט מען גערופן פישל, און דער מאַמען חנה, אָט דאָ איז דאָס, ענטפערט מיר די פרוי מיט אַ שמייכל, איר האָט ניט פאַרבלאָנדזשעט. באַלד אָבער דערזע איך ווי פון אַ צווייטער טיר באַווייזט זיך אַ מאַן וואָס ווען ער וואָלט געטראָגן אַ קליידל וואָלט איך געמיינט אַז די באָבע חינקע איז געקומען פון יענער וועלט.

איך הויב אָן צו אים ריידן און זאָג אים דאָס איך בין דער פריינט זיינער וועמען ער האָט געשיקט מיט יאָרן צוריק אַ טשעק קיין מעקסיקע. איך האָב די גאַנצע צייט געוואָלט קומען און זיך באַקענען מיט אייך און מיט אייער משפחה. איך זע דאָס ביי יוסקען איז די האַרץ פול און ער קען ניט ריידן. באַלד אָבער כאַפּט ער מיר אָן פאַר דער האַנט און גיט צו מיר אַ זאָג: ביסט דאָדיע, חנה רייזלס אַ זון, טו פאַר וואָס עפּעס אירצט דו מיר? ביסט דאָך מיינער אַ קוזין. אַ סך קוזינס וועלן דען קומען צו מיר פון דאָרטן? באַלד גרייט מען צום טיש. ביים עסן צורעדט מען זיך, איך ווער מיט אים היימיש און איך גיב אים אַ פרעג זאָג מיר יוסקע, איך געדענק ווי דורכן חלום, איך בין דאָך דאַן געווען אַ קליין קינד, ווען דו האָסט זיך באַוויזן אין מיכאַלאָווע ביי דער באָבען אין שטוב. וואָס אַזעלכעס האָסטו דאַן געטאָן דאָרטן? און פאַר וואָס האָט דער זיידע מיינער געקוקט אויף דיר אַזוי קרום?

דאָ האָב איך באַמערקט דאָס ביי יוסקען האָט זיך געביטן די פאַרב אין פנים. ער האָט זיך צוגערוקט צו מיר נענטער מיר אָנגעכאַפּט ווידער פאַר דער האַנט און געזאָגט מיט אַ ציטעריקן קול: דו האָסט דערמאָנט דעם זיידן

דיינעם, מען דאַרף צוגעבן זכרונו לברכה. דער זיידע דיינער איז דאָך געווען א הייליקער ייד אַ צדיק מיט אַ ריידענער נשמה. ווי האָסטו געוואָלט זאָל ער קוקן אויף מיר ווען צו אים אין שטוב איז געקומען אַ טאַנצנמייסטער גאָר? יע, פּרייטיק צונאַכטס נאָכן עסן פלעגן זיך צונויפקלייבן ביי נחומקען דעם פעלדשער אין שטוב בחורים מיט מיידלעך און איך האָב זיי געלערנט טאַנצן. מען דאַרף דאָך גוט געדענקען ווי עס האָט אין יענע יאָרן אויסגעזען דער יידישער לעבן אין די קליינע שטעטלעך.

באַלד נאָכן עסן זאָגט צו מיר יוסקע קום ווען מיר פאָרן קיין ניו דזשוירזי זען מיין מאַמען. זי לעבט נאָך, זי איז שוין אַלט 92 יאָר. זי געפינט זיך דאָרט ביי מיין שוועסטער פעשע.

עס דויערט ניט לאַנג דאָס פאָרן און מיר קומען אַריין אין שטוב ווו עס געפינט זיך מיין באַבעס שוועסטער חנה.

פעשע די עלטסטע טאָכטער וועלכע געדענקט מיר אויך אַלס קינד נעמט מיר פאָרן האַנט און פירט מיר אַריין צו איר מאַמען. איך דערזע פאַר זיך אַ סקעלעט פון אַ מענטשן מיט גרויסע קלוגע אויגן.

— מאַמע! שטעלט מיר פעשע פאָר, עס איז געקומען צו אונדז אַ גאַסט דיין שוועסטער חינקעס ערשטער אייניקל. און דעם מאַן אירן דעם שוואָגער דיינעם אלי דעם שוחט, געדענקסטו דאָך געוויס. די אַלטע האָט זיך אַ רגע פאַרטראַכט און אַרויסגעשטאַמלט — אַי! אלי פון מיכאַלאָווע אַ טייערער ייד געווען..!. ווו איז ער?... ניטאָ... ניטאָ . . : : באַלד אָבער זיינען אירע חושים, ווייזט אויס אַראָפּ פון די רעלסן, און זי האָט גאָר אָנגעהויבן צו זינגען:

— איך האָב אָפּגעלעבט שוין 80 יאָר א.אַ.וו. ווייזט אויס זי איז שוין ניט געווען ביי די קלאָרע געדאַנקען. אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז זי געשטאָרבן אין דעם ביאַליסטאָקער מושב זקנים. דער מאַן אירער פישל, יוסקעס טאַטע איז געשטאָרבן מיט אַ סך יאָרן פריער.

אָט דער פישל איז געווען אַ קלוגער ייד אַ פּיקח און האָט פאַרמאָגט שריי־בערשע פעאיקייטן. ער פלעגט זיך מיט מיין טאַטן דורכשרייבן. איך דערמאָן זיך דעם אינהאַלט פון איינעם אַ בריוו זיינעם וואָס מיין טאַטע האָט עס געטראָגן מיט זיך און געלייענט פאַר יעדן איינעם. איך געדענק שוין ניט גענוי וועגן וואָס עס האָט זיך געהאַנדלט. פישלען איז ווייזט אויס ניט געפעלן געוואָרן דעם טאַטנס אַ ענטפער האָט ער צו אים געשריבן אומגעפער, אָט וואָס: איך פאַרשטיי דיר ניט מיין טייערער חיים־צבי, דו ביסט טאַקע אַ קענער אַ לערער אָבער דו ביסט דאָך ניט לער... פוסט הייסט עס, און ווייטער: דו דערמאָנסט מיר אין יענעם חסידישן רבין וועלכער האָט זיבן יאָר געסמוקט אַ פּייפ (גע־גערויכערט אַ ליולקע) און צום סוף האָט ער זיך גאָר אַרומגעזען אַז די ליולקע

איז גאָר פאַרשטאָפּט. זי האָט ניט קיין דערפּעפנונג קיין לעכל און מען קען פון איר ניט סמוקן . . .

ווען מיר זיינען צוריקגעקומען פון ניו־דזשוירזי, האָט מיר יוסקע דער־ציילט אין קורצן זיין ביאָגראַפיע, זינט ער איז געקומען אין קאָלומבוסעס מדינה.

אין פיר יאָר אַרום האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ מיידל וואָס האָט געשטאַמט פון אַ גאַליציאַנער פאַרמעגלעכער משפחה, און גלייך געעפנט אַ פאַבריק פון העמדער. עס איז אים אַוועק זייער גוט. ער האָט געמאַכט אַ סך געלט און האָט גענומען האַנדלען מיט הייזער און פלעצער („ריעל־סטייט" — אויף אַמעריקאַנער לשון). אין די יאָרן פון דעם גרויסן קראַך האָט ער אָבער אַלץ פאַרלאָרן און צו 65 יאָר געמוזט גיין אַרבעטן ביי יענעם. ער האָט געצויגן אַ טרייסט און שטאַרק געליבט זיינע צוויי געבילדעטע זין פון וועמען ער האָט געהאַט אַ סך נחת.

יוסקעס סוף איז געווען דער זעלבער ווי פון אַלע מענטשן. ער איז אַוועק אויף יענער וועלט, זאָט אין יאָרן (ניינציק מיט אַ סמיטשיק). דאָס האָב איך זיך דערוווסט אין אַ צייט אַרום פון באַקאַנטע ביאַליסטאָקער אין ניו־יאָרק. זאָל די דאָזיקע גאָלדענע נשמה פון מיין טייערן פריינד רוען אויבנאָן אין גן־עדן. — אָמן!



אַזוי ווי אין דעם אויבנדערמאָנטן קאַפּיטל האָט זיך גערעדט וועגן מיין באָבע חינקע וויל איך דאָ פאַרצייכענען, ווי אַזוי מיין באָבע האָט אויסגעזען, וואָס זי האָט גערעדט און וואָס פאַר אַ גוואַלדיקן רושם עס האָט אויף איר געמאַכט די ידיעה אין יאָר 1917 דאָס מען האָט אַראָפּגעוואָרפן פון בענקל דעם רוסישן קייסער ניקאָלאַיען.

זי האָט געהאַלטן אין איין טענהן, דאָס עס וועט ניט אויסהאַלטן, געדענקט מיינע ווערטער, עס קען ניט אויסהאַלטן — און עס וועט ניט אויסהאַלטן, אדרבא זאָגט אַליין ווער וועט עס פירן ווער וועט עס קירעווען מיט אַזאַ מין גרויסער מלוכה.

אפשר אָט די האַלע־דראַנצעס וועלכע שרייען דאַלאַי . . . ניין, איר וועט מיר ניט איינריידן אָט אַזעלכע נאַרישקייטן, ווייל זינט די וועלט שטייט וויס מען דאָס אַזוי ווי יעדע שטוב דאַרף האָבן אַ באַלעבאָס אַזוי דאַרף יעדע לאַנד האָבן אַ קייסער.

מיט איין וואָרט . . . עס וועט ניט אויסהאַלטן.
אפשר איז די באָבע מיינע טאַקע געווען גערעכט?
ווי מיינט איר?

# מיין טאַטנס געבורסט שטעטל זאַבלודאָווע און אברהמע דעם ייִדנס שטוב

צווישן אַנדערע פּרנסות האָבן זאַבלודאָוווער ייִדן זיך פאַרנומען מיט אויס־אַרבעטן קאַשע און אַלערליי גרויפּנס.

אַ הייסער גוט אויסגעקלייטעטער קרופּניק פון זאַבלודאָוווער האָבערנעם, גריץ איז צוגאַנגען אין מויל. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט ניט געטאָרט פאַרגעסן אַריינטאָן אין טאָפּ אַ גרויסע לעפל שמאַלץ מיט אַ איבערפּרעגלטע ציבעלע.

דאָ בעט זיך צום דערציילן אַ שיינע מעשה וואָס איך האָב טאַקע געהערט אין זאַבלודאָווע וועגן אַ קאַרגן ישובניק וועמען מען האָט אַריינגענאַרט אין זאַק אַריין און מען האָט אים איינגערעדט דאָס מען קען קאָכן אַ געקעכטס פון הוילע שטיינדלעך. די מעשה גייט אַזוי: אין אַ דאָרף האָט געלעבט אַ קאַרגער, פאַרגרעבסטער ישובניק וועלכער האָט קיין אורח אויף זיין שוועל קיינמאָל ניט אַרויפגעלאָזן און ניט געגעבן קיינעם אַ טרונק וואַסער. פון עסן איז אָפּגע־רעדט.. איינמאָל האָט פאַרבלאָנדזשעט צו אים אַ דורכגייער און געבעטן ביי אים עפּעס צום עסן, ווי מען האָט געקענט דערוואַרטן האָט ער געקריגן דעם שטענדיקן תירוץ, גייט ווייטער דאָרטן איז דאָ אַ קרעטשטמע ביי מיר איז ניט קיין אַכסניא און איך האָב ניט און גיב ניט קיינעם צום עסן.

דער דורכגייער האָט זיך ניט פאַרלאָרן און זאָגט געלאַסן צו דעם נפש: שאַט! שאַט! ניט איז ניט. אָבער צו וואָלט איר געוואָלט איך זאָל אייך אויסלערנען אָפּקאָכן אַ געשמאַקן קרופּניק פון הוילע שטיינדלעך? דער חזי־רישער ישובניק האָט אָנגעשטעלט מויל און אויערן און ער פרעגט פאַרחדושט „ווי איז דאָס מעגלעך”? אָט באַלד וועט איר זען, ענטפערט דער אורח. ראשית לייגט אָן פייער אונטערן דריי־פוס און שטעלט אַרויף אַ טעפּל מיט וואַסער. דער גאַסט איז דערוויל אַרויס אויפן הויף אָנגעקליבן אַ צענדליק קליינע שטיינדלעך זיי גוט אָפּגעוואַשן און אַריינגעלייגט אין דעם טאָפּ, מיט די קאָכעדיקע וואַסער. ביידע שטייען לעם קוימען קוקן זיך צו בייגעריק ווי די וואַסער קאָכט און בולקעט זיך אין טעפּל. באַלד גיט אַ זאָג דער גאַסט: שענקט מיר ר׳ ייִד אפשר האָט איר אַ פּאָר קאַרטאָפל. דער ישובניק האָט געגעבן און זיי האָבן ביידע אויף גיך אָפּגעשיילט די קאַרטאָפל, צושניטן און אַריינגעוואָרפן אין טעפּל. דער דורכגייער פאַרזוכט און זאָגט: עס פעלט

אַביסל זאַלץ, דער ישובניק האָט באַלד געפונען אַביסל זאַלץ, וואָס ער האָט אַליין אַריין געשאָטן אין טעפּל און ער וואַרט מיט אומגעדולד ער וויל שוין עסן אַ טעלער זופּ פון שטיינדלעך. דער דורכגייער האָט צייט, ער גיסט צו נאָך וואַסער אין טעפּל און זאָגט, אָט אָט באַלד באַלד, עס איז שוין פּאַרטיק, אָבער עס וואָלט געווען גוט ווען איר גיט מיר נאָך אַ האַלבע גלאָז מיט גרויפּן און אַ לעפּעלע שמאַלץ. דער ישובניק האָט זיך געקראַצט זיין קאָפּ און האָט עס אויך צוגעטראָגן דעם גאַסט.

אין געציילטע מינוטן אַרום האָט דער אורחה אַראָפּגענומען דעם טעפּל פון פייער אַרויסגענומען און אַרויסגעוואָרפן די אָפּגעקאָכטע שטיינדלעך און ביידע יידן האָבן זיך אַוועקגעזעצט עסן אַ געשמאַקן קרופּניק פון גרויפּן אָן שטיינדלעך ...

## מיין ערשטע רייזע קיין זאַבלודאָווע

יעדן צווייטן דאָנערשטיק פלעגט פלטיאל דראַלעס מיט זיין דראָבנער ווייבעלע זיסל, ברענגען צום פאַרקויפן זאַבלודאָווער קאַשע און גרויפּנס, כדי מיכאַלאָווער באַלעבאָסטעס זאָלן האָבן וואָס צום קאָכן. גאַנץ פרי פלעגן זיי קומען און אויסשטעלן זייער סחורה אין קליינע טאָרבעטשקעס געמאַכט פון פויערשן לייוונט און פאַרנאַכט פלעגן זיי פאָרן צוריק קיין זאַבלודאָווע. אין איינעם אַ דאָנערשטיק האָט מיר מיין טאַטע אַרויפגעזעצט אויף פלטיאל דראַלעס פור און מיר געשיקט דעם ערשטן מאָל צו גאַסט צו זיידע באָבע אין זאַבלו־דאָווע. איך בין דאַן האַלט געווען פולע זיבן יאָר. מיר זיינען אָנגעקומען שוין שפּעט אין אָוונט, דער באַלעגאָלע האָט מיר אַריינגעפירט צו דער באָבען אין קראָם און אויסגעשריען נאָט אייך סוליע אַ אומגעריכטן גאַסט. די באָבע איז געווען איבעראַשט זי האָט אויף גיך פאַרמאַכט די קראָם און מיר האָבן זיך געלאָזן גיין אין שטוב. דער באָבעס הענט זיינען געווען פאַרנומען, זי האָט געטראָגן אין איר פאַרטוך נייטיקע קלייניקייטן פאַר דער שטוביקער באַלעבאַטישקייט. הייסט זי מיר איך זאָל זיך אָנהאַלטן פעסט אָן איר קלייד.

איך האָב אַזוי געטאָן, אויפן גאַס איז געווען שטאַרק פינסטער און דער באָ־בעס קלייד האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון מיין האַנט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום דערהער איך מיין באָבעס קול! דאָדיע! דאָדיע! ווו ביסטו? וואָס איז געשען? איך האָב ניט באַמערקט ווי די באָבע האָט זיך פאַרנומען לינקס, און איך בין נאָכגעגאַנגען אַ צווייטער יידענע וועלכע איז געגאַנגען גלייך אויף דער ברייטער גאַס. די יידענע האָט אַ קוק טאָן הינטער זיך און דערזען אַ יינגל גייט איר נאָך האָט זי גענומען שרייען סוליע! סוליע! אָט איז ער און זי האָט מיר צוגעפירט צו דער באָבען.

## דוד זאַבלודאָווסקי

שפּעטער ווען מיר האָבן שוין געוווינט אין ביאַליסטאָק פלעג איך אויך זייער אָפט קומען אין זאַבלודאָווע. דער טאַטע פלעגט מיר צופירן צו די זאַבלודאָווער פורן וועלכע האָבן נאָר וואָס געהאַט געקומען פון דער וועגנס און האָבן נאָך גאָר אײנזינען ניט געהאַט צוריק צופאָרן. דער באַלעגאָלע טעוול אָדער סענדער פלעגט זיך שטאַרק דערפרייען מיטן ערשטן פּאַסאַזשיר און האָט מיר באַזעצט אויף די ווייכע זעק שטרוי סאַמע אויבנאָן. וואָס ווייטער אָבער ווי נאָר עס האָבן אָנגעהויבן קומען די אמתע פּאַסאַזשירן פלעגט מיר דער באַלעגאָלע הייסן זיך אָפּרוקן אַביסל. איין מאָל, אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן מאָל, ביז איך בין געבליבן זיצןביים סאַמע ראַנד פון וואָגן דאָרט ווי די דראַבינע איז געווען צוגעבונדן מיט אַ אייזערנער קייט צו דער דעמבענער קלאָניצע.

וואָס פאַראַ מחיהדיקע רייזע דאָס איז געווען, קען מען זיך פאָרשטעלן איך בין געבליבן אָן זייטן.

ווי נאָר אָבער די פור איז אַריינגעפאָרן אין שטעטל פלעג איך אַראָפּ. שפּרינגען פון וואָגן און מיט אַ פריילעכן גוטן אָוונט אַריינגעלאָפן צו זיידע באָבע אין שטוב אַריין און פאַרגעסן די ווייטאָגן אין דער זייט. ביים זיידן אין שטוב ביז איך געווען זייער אַ אָנגעלייגטער גאַסט. איין קלייניקייט דער ערשטער אייניקל. איינגעקריצט אין זכרון איז מיר אויך די רייזע מיט טאַטע מאַמע דורך זאַבלודאָווע קיין בילסק צו דעם פעטער מאָטקעס חתונה. אין איינעם אַ זומערדיקן פאַרטאָג האָט מען מיר אַריינגעוואָרפן אין אַ גרויסן פויערשן וואָגן פול מיט שטרוי, וועלכער איז צוגעפאָרן צו אונדזער שטוב און אין אַ פאָר שעה אַרום זיינען מיר אָנגעקומען קיין זאַבלודאָווע וווּ עס זיינען שוין געווען צוגעגרייט אַנדערע פורן פאַר דער גאַנצער משפּחה צום פאָרן קיין בילסק. די באָבע סוליע איז געפאָרן פאַרויס. זי האָט געהאַלטן אין די הענט אַ גרויסע פּאַפּירענע טאָרבע מיט צוקערקעס און געוואָרפן אין אַלע זייטן פון גאַס.

### ווי האָט אויסגעזען מיין טאַטנס געבורטס שטעטל

זאַבלודאָווע איז געווען איינע פון די עלטסטע שטעטלעך אין ביאַליסטאָקער געגנט. דער נאָמען שטאַמט פון דעם רוסישן וואָרט „זאַבלודיל" (פאַר־בלאָנדזשעט).

די לעגענדע דערציילט דאָס מיט געניוע פיר הונדערט יאָר צוריק האָבן עטלעכע יידן מיט פערד און וואָגן געפאָרן זוכן פרנסה און האָבן פאַרבלאָנדזשעט אין אַ טיפן וואַלד.

אויסגעשעפּטע און פאַרמאַטערטע זיינען זיי צוגעקומען צו אַ רייכן פּריצישן הויף וועלכע האָט געהערט צו אַ מאַגנאַט אַ גראַף, זיי האָבן דעם יאַסנע וויעלמאַזשנע פּאַן געבעטן ער זאָל זיי דערלויבן דאָ זיך באַזעצן און בויען אַ ישוב. דעם פּריץ איז דאָס זייער געפעלן געוואָרן. ער האָט זיי צוגעטיילט אַ שטיקל ערד געגעבן זיי האָלץ צום בויען און זיי צוגעזאָגט דאָס די פּאַראַבקעס זיינע וועלן זיי צוהעלפן. מען האָט זיך פלייסיק געשטעלט בויען און גאָר גיך איז געבוירן געוואָרן אַ שטעטל וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן זאַבלודאָווע. אַזוי ווי אַרום און אַרום האָבן זיך געפונען צענדליקער דערפער איז די שטעטל גאָר גיך געוואַקסן און געוואָרן אַ פּרנסה שטעטל. אין די לעצטע הונדערט יאָר איז זי אויך באַקאַנט געוואָרן מיט אירע גאַרבערייען און לעדער פאַבריקן. עס איז צו באַוואונדערן וואָס די שטעטל האָט מען לכתחילה גענומען בויען מיט אַ באַשטימטן פּלאַן גלייכע ברוקירטע גאַסן, די הייזער צוגערוקט איינע צו די אַנדערע. אין מיטן שטעטל אַ גרויסער מאַרק פּלאַץ מיט עטלעכע ריאַדן קראָמען. אין אייןווינקל מאַרק אַ רוסישע צערקווע מיט אַ גרינעם קיילעכדיקן קופּאָל אין אַ צווייטן ווינקל אַ פּוילישער קאָשציאָל מיט צוויי רויטע שפּיציקע טורעמס. ווי עס איז צו זען האָט ניט געקענט זיין קיין שום פאַרגלייך צווישן מיכאַלאָווע און זאַבלודאָווע פון וואַנען עס שטאַמט מיין פאַמיליען נאָמען.

## צוויי יידעס, צוויי באַזונדערע וועלטן

אויב דער מיכאַלאָווער יידע איז געווען אַ מזג־טוב, די גוטסקייט אַליין, קען איך צום באַדויערן ניט זאָגן דאָס זעלבע וועגן דעם זאַבלודאָווער זיידן, וועלכער איז געווען אַ טרוקענער מתנגד און אַ קאַפּריזנער ייד דערצו אויך. עס איז פאַרשטענדלעך דאָס די הייזער ביי בײדע זיידעס זיינען געווען פאַרשיידן אַזוי ווי פון טאָג ביז נאַכט. אין מיכאַלאָווע, אַן אידיליע. רואיק שטיל שבת־יום טובדיק כאָטש אמת שטאַרק אומעטיק. ביי דעם זיידן אין זאַבלודאָווע הור־האַ. אַ גרויסע שטוב, אַן אייגענע, מיט אַ געבויטער סוכה. אין שטוב אַ בעקעריי וווּ עס האָבן געאַרבעט די אייגענע זין, גוטע בחורים ניט קיין פּראָסטע. אין גאַס אַן אייגענע קראָם אין סאַמע פּראָנט. די באָבע איז געווען די סוחרטע די קרעמערקע און די טעכטער האָבן געפירט אין שטוב די באַלעבאַטישקייט און צוגעהאָלפן אויך אין קראָם.

געווען צייטן ווען מיין זאַבלודאָווער זיידע אַברהמע פלעגט ליגן גאַנצענע טעג לעבן וואַרעמען אויוון און זיך קלאָגן אויף קרעמפן אין בויך, ער האָט זיך געקוויקט מיט אַ געלן מעדיצין צום מאָגן וואָס מען האָט גערופן רעבאַרבערן־פילן בכלל האָט מיין זיידע געהאַלטן פון זיינע אייגענע מעדיציניש מיטלען. ער איז אויך געווען אַ מומחה און געקענט פאַררײדן צײן. אָט קומט אַריין אַ

יידענע קרעכצט און האַלט זיך ביי דער באַק. דער זיידע הייסט איר עפענען דאָס מויל לייגט אַרויף זיין פינגער אויף דעם קראַנקן צאָן מורמלט עפּעס שטילערהייט און זאָגט: זאָל זיין צו רפואה. ווען דער זיידע האָט זיך געלאָזט ריידן און איך האָב אים געפרעגט וואָס זאָגט ער ביים פאַררריידן די ציין האָט ער מיר געענטפערט אַז דאָס איז אַזאַ מין שפּרוך אויף תרגום לשון וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון גאָר אַן אַלטן מעדיצינישן ספר.

ווען איך בין דעם ערשטן מאָל געקומען אין זאַבלודאָווע האָב איך זיך אויפגעכאַפּט אין מיטן נאַכט און דערזען ווי מיין זיידע זיצט אין מיטן שטוב אויף אַ בענקעלע אַזוי ווי תשעה באב און זאָגט תפלות מיט אַ וויינענדיקן קול, שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, אַז דאָס האָט ער געקלאָגט אויף גלות השכינה און געזאָגט תיקון חצות, ביי מיין זיידן אין מיכאַלאָווע האָב איך דאָס ניט געזען ווייל חסידים האַלטן ניט דערפון. זיי האַלטן די חסידים אַז אַ מענטש דאַרף וויניקער קלאָגן און אַנשטאָט דעם דאַרף מען בעסער נעמען אַ טרונק בראָנפן און טאַקע זעקס און ניינציקער און פאַרבייסן מיט צוויי אייער קיכל וואָס מען דאַרף זיך דערצו ניט וואַשן און אויף אַזאַ אופן האַלטן די חסידים איז לייכטער צום דינען דעם בורא עולם.

אין זאַבלודאָווע זיינען מערסטנטייל די ווייבער געווען די פּרנסה געבערקעס, זיי האָבן אָפּגעגעבן דעם גרעסטן כבוד די מענער זייערע, די לערנערס וועלכע גרייטן צו פאַר זיי אַ פוס בענקעלע אין גן־עדן. — אָט זע איך דעם בית מדרש אויף דער בילסקער גאַס ווו די שיינע יידן מיט די ברייטע פאַנאַנדערגעקעמטע בערד האָבן פאַרבראַכט דאָרטן אַלע פרימאָרגנס ביז עלף אין דער פרי. וואָס איז דאָ פאַראַן זיך צו איילן.

דאָרט אין בית מדרש האָט מען איבערגעלייענט דעם „המליץ" מען האָט באַהאַנדלט דעם דרייפוס פּראָצעס און מען האָט געשמועסט וועגן פּאָליטיק און וועלט פּראָבלעמען.

צו דעם סאָרט יידן האָט געהערט דער זאַבלודאָווער זיידע מיינער. ער האָט פאַרמאָגט תורה און חכמה. ווען ער איז געווען געזונט און אין אַ גוטער שטימונג פלעגט ער באַלד אין דער פרי אַוועקגיין אין בית מדרש מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם און ווען ער פלעגט צוריק קומען איז שוין די זון געשטאַנען אין מיטן הימל. אין שטוב איז שוין געווען גאַנץ וויניק ברויט און געבעקס וואָס מען האָט אָנגעבאַקט אַ גאַנצע נאַכט. אַ ביסל האָט מען פאַרקויפט אויפן אָרט וואַרעמע נאָר וואָס פון אויוון אַרויס, ווי יידישע באַלעבאָסטעס האָבן ליב, די איבעריקע האָט אַנדריי דער שווייגעדיקער היימישער משרת און שבת גוי וועלכער האָט געהאַט זיין געלעגער אויפן בוידעם, אַוועקגעטראָגן צו דער באָבען און קראָם אין ברייטע געפלאָכטענע קוישן. אָפּגעגעסן דעם טעלער קרופניק פלעגט דער זיידע כאַפּן אַ קוק אין דער בעקעריי וויפל

זעקלעך מעל עס זיינען דאָרט דאָ, נאָך דעם פלעגט ער מיט זיין שוואַרצן שטעקן אין האַנט צוגיין אין קראָם און געזען אין די פּעסלעך אויף ווי לאַנג וועלן סטייען די הערינג. מען דאַרף ניט פאַרגעסן דאָס דער זיידע פלעגט פאָרן אין ביאַליסטאָק איינקויפן די סחורות. שפּעטער פלעגט ער זיך אַרומדרייען אין גאַס כאַפּן אַ שמועס מיט באַקאַנטע יידן און געהערט נייעס. אָפּטמאָל האָט מען אים גערופן צום רב ער זאָל זיצן אַרויסהעלפן ביי אַ ברירה אָדער ביי אַ דין תורה.

אין יענע יאָרן האָבן אין מיין זיידנס שטוב אָנגעהויבן שוין בלאָזן נייע ווינטן, כאָטש מען מוז מודה זיין דאָס זאַבלודאָווע בכלל האָט שוין דאַן פאַרמאָגט אַ קולטורעלע פאָרגעשריטענע יוגנט. מיין זיידנס שטוב איז געווען די איינציקע ווו מען האָט געזונגען פאָלקסלידער. אין דער ספרים שאַפקע אונטן האָבן זיך שוין געפונען זשורנאַלן און ביכער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערבליען. איך פלעג שעהען לאַנג זיצן און לייענען. יעדן פרימאָרגן פלעג איך זיך ניט קענען דערוואַרטן אויפן פאָטשטער און איך פלעג צוגיין אויף דער פאָטשט אָפּנעמען די צייטונג „דער פריינד“ פון פּעטערבורג. מיין זיידע איז געווען דער ערשטער אַבאָנענט. די צייטונג האָט פאַרמאָגט אַ רייכן אינהאַלט און עס איז געווען וואָס צום לייענען.

ווי אַ יונגער יינגל האָב איך זיך אין זאַבלודאָווע געפילט אַ סך פרייער ווי אין מיכאַלאָווע. איך האָב ניט געהערט אַזוי פיל מאָל אַ טאָג דעם „מען טאָר ניט“ און „עס פּאַסט ניט“ און אַז אַ יידישער יינגל דאַרף זיך אויפפירן סטאַטעטשנע. מען טאָר ניט אונטערפאָרן אויף גוישע פורן אָדער גלאַט אַזוי זיך אַרומדרייען פוסט און פּאַס אין גאַס.

און אָט דערמאָן איך זיך ווי עס האָט אויסגעזען ביים זיידן אין שטוב דער בין השמשות שבת פאַרנאַכט. אין דעם גרויסן צימער איז האַלב טונקל, ביים פענצטער דער קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער שויב שטייט די מומע ביילע און זינגט מעלאַנכאָליש „די מאַיאָווע וועטערן הייבן זיך שוין אָן צו באַווייזן“... און די באָבע קומט אַרויס מיט איר „גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב“, און טאַקע באַלד קומט אָן דער זיידע און מאַכט הבדלה און אין שטוב איז אָנגעקומען די וואָך... די באָבע טוט אָן איר ברייטן פאַרטוך און מיט צוויי לעבלעך ברויט אונטערן אָרעם און מיט די שליסלעך אין די הענט גייט זי עפענען די קראָם. — און אָט קומט מיט מיר וועל איך אייך באַקענען מיט מיין באָבעס געשעפט און וואָס מען האָט דאָרטן געקריגן צו קויפן, בעסער געזאָגט וואָס איז דאָרטן ניט געווען? אַן אמתער סופּער מאַרקעט וואָלט מען עס היינט גערופן. ראשית כל ברויט חלה, געבעקס, פון דער אייגענער בעקעריי און וואַרעמע בייגל געקויפט ביי אַן אַנדער בעקער. די צווייטע הויפּט סחורה איז געווען הערינג, דער גרעסטער הערינג געשעפט אין שטעטל, באַלד ביים אַריינ־

גאַנג אין אַ ווינקל זיינען געשטאַנען און געלעגן קאָטשערעס, לאָפּעטעס, פּאָמעלעס, בעזימער און אין אַ קעסטל הילצערנע קאָך לעפל, גרויסע מיטעלע און קליינע. לעבן דעם נאָך אַ קעסטל מיט גאָמעלקעס קאַלך און אויבן אויף אַ פּאָליצע זיינען געלעגן טרוקענע קעזלעך אימפּאָרטירט פון סאַמע פּינסק און לאָמיר איצט אַריינקומען אין דער בשמים אָפּטיילונג, צוקער, מעל, זאַלץ, פּעפּער, ענגליש געווירץ, צימערינג זאַפּערן און אַלע אַנדערע מינים, פאַרשטייט זיך דאָס עס האָט ניט געפעלט אַ פּושקע „לאַנדרין" צוקערקעס און ווינטער פּעטע כאַלוואַ, לעם די הערינג איז אויך געשטאַנען אַ גרויסע פּאַס זויערע אוגערקעס. אויפן בוידעם האָט זיך געפונען אַ גרויסער אויסוואַל פון פּאָליוועגע כלים און אויף דער ערד אויף שטרוי איז געלעגן אויסגעלייגט עפּל מיט באַרנעס וועלכע האָבן געדאַרפט זיך אויסליגן און ווייך ווערן און די וועלכע האָבן ניט געוואָלט ווייך ווערן האָט מען זיי צושניטן און אַריינגעלייגט אויף בלעכן אין אויוון טריקענען און מען האָט עס גענוצט אַ גאַנצן ווינטער צו קאָכן געשמאַקע צימעסן, אָנהייב זומער האָט מיין באָבע געהאַט אַ גרויסן אויסוואַל, פון זוימען, נאַשעניע צו פאַרזייען אַלערליי סאָרטן גרינסן אין די גערטנער וואָס יעדע באַלעבאָסטע האָט געהאַט הינטער איר שטוב אַחוץ פּויערים פון די דערפער. שאַט! שאַט! הלואי זאָל מען ניט דאַרפן, איר האָט אויך געקריגן ביי מיין באָבען אין קראָם. קרייטעכצער און טיי וואָרצלען צו אַ הוסט, קעסטל פּיסטל און מאָגן בלעטלעך טרוקענע יאַגעדעס, ווערים קרויט און אַנדערע באַבסקע רפואות.

אָט די אַלע מעדיצינישע אַרטיקלען האָט די באָבע סוליע געהאַלטן אין אַ פּירקאַנטיקער הילצערנער שאַפקע וואָס איז געהאָנגען הינטער די טרעפּ. די טירלעך פון דער שאַפקע האָבן זיך געהאַלטן ניט אויף אייזערנע זאַוויעסעס נאָר אויף גראָבע שטיקלעך לעדער, צענויפגעלייגט אין צווייען און צוגעקלאַפּט מיט טשוועקעס.

דאָס דאָזיקע שאַפקעלע וואָס שטייט מיר נאָך איצט פאַר די אויגן איז אויך געווען מיין באָבעס קאָנטעבוך; די טירלעך און די זייטיקע ברעטלעך זיינען געווען פאַרשריבן פון אַלע זייטן מיט קייקעלעך און פּאַסיקלעך. דאָס האָט מיין באָבע אַזוי פאַרצייכנט מיט שטיקלעך קרייד די הובות, וואָס די קונדן אירע זיינען איר געבליבן שולדיק. די קייקעלעך זיינען געווען קליינע און גרויסע, די פּאַסיקלעך זיינען געשריבן געוואָרן אין דער לענג און אין דער ברייט. פאַרשטייט זיך, אַז נאָר מיין באָבע אַליין, האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָרטן איז געווען פאַרצייכנט.

איין מאָל אין אַ פינסטערער נאַכט האָט געגאָסן אַ שלאַקס רעגן און עס האָט נאָכאַנאַנד געקאָפּעט טראָפּנס רעגן־וואַסער פון דעם צעלעכערטן דאַך וועלכע זיינען געפאַלן ניט אויף קיין אַנדער אָרט, נאָר ריכטיק אויף מיין

באָבעס שאַפֿקעלע מיט מעדיצינען און מיט די חשבונות. ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס שאַפֿקעלע איז געוואָרן אויסגעווייקט פֿון אַלע זייטן. די באָבע אָבער, האָט ניט געקלאָגט אַזוי שטאַרק אויף די מעדיצינען וואָס זיינען קאַליע געוואָרן און וואָס מען האָט דעם גרעסטן טייל פֿון זיי געמוזט אַרויסוואַרפֿן. אַ סך מער האָט איר וויי געטאָן, ווען זי האָט דערזען, אַז איבער נאַכט זיינען אַלע חובות אירע געוואָרן אָפּגעוואַשן און די ברעטלעך זיינען געבליבן ריין, ווי ניי־געבאָרן. וויפֿל די קייקעלעך און די פּאַסיקלעך האָבן באַטראָפֿן, האָט די באָבע אַליין ניט געוווּסט. מע קען זיך אָבער פֿאָרשטעלן, אַז עס וואָלט געקלעקט חתונה צו מאַכן אַן אָרעמע כלה, און עס וואָלט נאָך אויך געבליבן אויף צו פֿאַריכטן דעם צעלעכערטן דאַך פֿון דער הונדערט־יאָריקער הילצערנער קראָם.

וואָס אָנבאַלאַנגט הערינג דאַרף מען זאָגן דאָס מיין באָבע האָט געהאַט גוייִשע און יידישע הערינג, מיין באָבע איז געווען די גוטסקייט אַליין און פֿאַרמאָגט אַ גאָלדענע נשמה, זי איז קיין מאָל אויף קיינעם ניט געוואָרן אין כעס און באַהאַנדלט אירע קונדן אויפֿן שענסטן אופֿן. אָט קומט אַריין אַ יידע־נע און וויל אַז סוליע אַליין זאָל איר אויסקלייבן אַ גוטן הערינג. די באָבע שטעקט אַריין די האַנט און נעמט אַרויס מיט אירע אויסגעקרימטע פֿינגער (געקומען פֿון אַן אַקסידענט), אַ הערינג און זאָגט נאָט אייך פֿעשע אָדער שאָשע קוקט! אַ הערינג הוילע שמאַלץ.

אין דער צייט פֿון פּאָסט פֿלעגט קומען דער דיקער רויטער גלח פֿון טאָפּאָליאַן און ער האָט געקויפֿט במעט אַ האַלבע פֿעסל הערינג פֿאַר איין מאָל. שיין איז געווען צו הערן ווי די באָבע האָט גערעדט מיט אים רוסיש...

## דער זיידע פֿאָרט אין ביאַליסטאָק קויפֿן סחורה

זומערצייט איז די רייזע געווען אַ פֿאַרגעניגן. מען איז געפֿאָרן דריי שעה צווישן שמעקעדיקע פֿעלדער און וועלדער. ווינטער איז דאָס שוין צוגעגאַנגען אַ ביסל שווערלעך, מען האָט דעם זיידן אָנגעפּעלצט מיט צוויי ברייטע דיקע בורקעס איינע אויף די אַנדערע. לעבן זיינע פֿיס האָט מען אַוועקגעלייגט דעם זעקל מיט די „דידקעס“ (דריי קאָפּיקעס) צענערס און אַנדערע קופּערנע מטבעות.

ר׳ שלמה יאַנאָווסקי, דער הורטאָווניק פֿון הערינג, נעמט אים אויף ביי זיך אין שטוב בכבוד גדול מען טראָגט אים צו אַ שמעקעדיקע גלאָז־טיי אין אַ געשליפֿענער גלאָז און ר׳ שלמה זאָגט דעם זיידן דאָס ער האָט יענע וואָך געקריגן צוויי וואַגאָן הערינג פֿון שוועדן פֿון דעם נייעם פֿאַנג איז דאָס אַזוינס און אַזעלכעס. באַלד נעמט מען אַראָפּ דעם טישטוך פֿון טיש מען שיט אויס די טאָרבעס קליין געלט און מען נעמט זיך ציילן. געענדיקט ציילן נעמט ר׳

שלמה שרייבן און רעכענען אויף אַ פּאַפּיר און זאָגט צום זיידן! עס פעלט אַ קלייניקייט צו אַ גלייכן חשבון אָבער איך וועל אייך, ר׳ אברהם, געבן פיר פעסלעך הערינג. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מיר געאַרט אַ קשיא ווי אַזוי האָבן קרעמערס געקענט פאַרקויפן הערינג אויפן פונט זיי האָבן דען גע־ווּסט וויפל עס וועגן די הערינג אין פאַס און וויפל עס וועגט די געזאַלצענע ראָסל די „ליאַק מיטן זאַלץ?״.

מיר פלעגט אויסקומען פאַרבייגיין לעם ר׳ שלמה יאַנאָווסקיס הערינג שפּייכלער און ניט איין מאָל האָב איך זיך צוגעקוקט ווי ר׳ שלמה שטייט אָנ־געטאָן אין אַ פאַרטוך די אַרבעל פאַרקאַשערט און ער לייגט איבער הערינג פון איין פעסל אין דער אַנדערער. ס׳איז אַ סגולה מסתמא צו פּרנסה, צו זיין פּרנסה פאַרשטייט זיך, לעם אים איז אויך געשטאַנען אַ זעקל גראָבע זאַלץ און אַ עמער וואַסער, אָט דיביידע צודאַטן האָט ער געגעבן אַ צולייג זיינע קליינשטעטלדיקע קונדן אָן אַ גראַשן געלט. עס איז דעריבער גאָר קיין וווּנ־דער ניט וואָס דעם קליינעם קרעמערל איז אַמאָליקע יאָרן אָנגעקומען מיט דער גרינער גאַל צונויפקלייבן די דרייצן פערצן רובל אויף צו קויפן אַ פעסל הערינג. איך זאָג „אַמאָל״, און היינט איז דען בעסער? די לאַגע פון דעם קליינעם מענטשעלע האָט זיך אויף אַ האָר ניט געביטן און געענדערט, אָבער ניט דאָס בין איך אויסן.

## די באָבע איז שיר נישט פאַרברענט געוואָרן

עס איז געווען אַ טאָג פאַר ערב יום־כּיפּור. די באָבע איז געקומען גאַנץ פרי פון קראָם און גענומען צוגרייטן און זען וואָס עס פעלט אין שטוב צו די יום־טובדיקע סעודות.

די ערשטע זאַך האָט זי אין קיך אָנגעצונדן אַ הויפן שטרוי און גענומען אָפּסמאַליען אויפן פייער די עופות. זי האָט ניט באַמערקט ווי עס האָט זיך אָנגעצונדן אַ ברעג פון איר קלייד און זי האָט גענומען ברענען. דער גליק איז געווען וואָס אין דער מינוט איז פאַרבייגעגאַנגען אַ גוטער באַקאַנטער ייד ר׳ ליפּע קאָזשינער. ער האָט דערזען דורכן פענצטער, אַז סוליע ברענט איז ער אַריינגעלאָפן אין שטוב אַראָפּגעכאַפּט אויף גיך זיין קאַפּטאָן און אַרויפגע־וואָרפן אויף דער באָבען און פאַרדושעט, פאַרלאָשן דעם פייער . . . די באָבע האָט זיך שטאַרק צעברענט און איז געלעגן צו בעט עטלעכע חדשים אַרומגע־בונדן מיט באַנדאַזשן און מיט וואַזעלין, זי איז געזונט געוואָרן, איין פוס אָבער איז ניט פאַרהיילט געוואָרן אין גאַנצן און די באָבע האָט זיך אַלע יאָרן געקלאָגט און געלייגט צום פוס אַלערליי שמירעצן און באָבסקע רפואות.

אויך די פינגער אירע פון דער רעכטער האַנט זיינען אויסגעקרימט גע־וואָרן. זי איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער אַ סך שפּעטער פון דעם זיידן

וועלכער איז נפטר געוואָרן פּלוצלונג אין מיטן נאַכט שלאָפנדיק. צו דעם זיידנס לויה זיינען מיר אַלע געקומען צו פאָרן פון ביאַליסטאָק, די גאַנצע שטעטל האָט אים באַגלייט אין זיין אייביקער רו אַריין און דער רב מיטן דיין האָבן אים מספּיד געווען.

## זאַבלודאָווער יערלעכער יריד

צו דעם דאָזיקן גרויסן יערלעכן יריד נאָך שבועות פלעג איך שטענדיק קומען אין זאַבלודאָווע און העלפן מיט וואָס איך האָב געקענט. מען האָט זיך אין דעם טאָג געגוויטיקט אין אַ סך הענט און מען האָט אויך געדאַרפט זיין מיט צען אויגן און אַכטונג געבן מען זאָל ניט גנבענען. אין דער בעקערייִ פלעגט מען מיט אַ וואָך פריער צוגרייטן אַ סך לעבעלעך געבייטלטע ברויט און אין דעם טאָג פון יריד האָט מען מיר איבערגעגעבן די אָפּטיילונג פון די פּאָליווענע כלים איך האָב זיי אַראָפּגעטראָגן פון בוידעם און אויסגעשטעלט פאַרן גאַס, די באָבע האָט מיר אָנגעוויזן און געהייסן גוט איינחזרן דאָס פאַר די קלענערע טעפּעלעך און שיסעלעך זאָל איך בעטן „טריגראָשי" דריי גראָשן און פאַר די גרעסערע „טשעטירע גראָשי" פיר גראָשן. איך האָב אָבער פאַרביטן די יוצרות און געזאָגט גראָד פאַרקערט. איך האָב, פאַרשטייט זיך, געלייזט גאָר אַ סך פאַר די גרעסערע כלים און די קלענערע האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט, די באָבע האָט עס באַלד באַמערקט און אויף אַ מילדן אופן מאַריכט דעם פעלער מייִנעם וועלכער איז גלייכצייטיק געווען אויך דער ערשטער טעות מייִנער וואָס איך האָב געמאַכט אין מסחר.

## פייוול דער וואַסער־טרעגער

אַלע האָבן אים געקענט. ער איז געווען אַ מגושמדיקער אַלטער בחור, אַ גבור ממש. ער האָט געקענט מיט די ציין צוברעכן און צובייסן אַ קופּערנע מטבע אויף צווייען. זיין אַרבעט איז געווען טראָגן וואַסער אין באַלעבאַטישע הייזער און ער האָט געניצט דערצו עמערס בלעכענע וואָס ער האָט ספּעציעל באַשטעלט מאַכן ביי שייע דעם בלעכער, די עמערס זיינען געווען טאָפּל די גרויס ווי געוויינלעכע עמערס און ווען די קאַטקעס אָדער די פּעסלעך אין אַ שטוב, זיינען שוין געוואָרן פול און אין די עמערס איז נאָך פאַרבליבן וואַסער האָט פייוול דאָס אַוועקגעטראָגן און אַריינגעגאָסן צוריק אין ברונעם אַריין... רעדנדיק צו זיך אַליין: פייוול איז ניט קיין יאָלד, ער שענקט ניט קיינעם און טראָגט ניט קיין וואַסער אומזיסט...

יעדן פרייטיק פלעגט אַט דער פּיוול קומען צו דער באַבען אין קראַם און אָפּקויפן די האַרטע שטיקלעך ברויט און חלה פון דער גאַנצער וואָך, ער האָט עס געווייקט אין קוואַס און געהאַט אויף עטלעכע טעג צום עסן.

אין מאָל האָט דער פעטער נחמן געוויזן פּיוולען אַ קעזל וועלכער איז געווען האַרט ווי אַ שטיין און מיט אַ האַק וואָלט שווער געווען צעהאַקן אים אויף שטיקער. עס גיט אַ זאָג: פּרוביר פּיוול אויב דו וועסט דעם קעזל צובייסן קריגסטו אים אין גאַנצן אומזיסט און דערצו נאָך אַ שבתדיקע חלה אויך. פּיוול האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט געמאַטערט זיך, פּרובירט אייַנבייסן דעם קעזל פון אַלע זייטן, צעבלוטיקט די מויל און שיר צעבראָכן די ציינער, אָבער ער האָט געוווּנען... אַ חוץ וואָסער־טראָגן האָט פּיוול געהאַט נאָך אַן אַרבעט, ער האָט אַ פּאָר שעה אין טאָג געהאָלפן מאַכן קוואַס, און דאָרטן טאַקע אין דער פאַבריק פון קוואַס איז ער געשלאָפן אויך. ער פלעגט זיך צודעקן מיט אַ דעקע וואָס די מאַמע זייַנע האָט אים געלאָזן אַ ירושה.

אין דער דאָזיקער פערינע האָט פּיוול אויך געקליבן די אָפּגעשפּאָרטע געלט זייַנע ווי נאָר ער האָט צוזאַמען געשלאָגן אַ רובל קליינגעלט האָט ער עס אויסגעביטן אויף אַ פּאַפּירל און אַריינגעשטעקט אין דער פּאַטאַינער, סע־קרעטענער קעשענע וואָס ער האָט אַליין אייַנגענייט אין דער פערינע.

עמיצער אָבער האָט זיך דערוווּסט פון זיין אוצר און קומענדיק איין מאָל אין אָוונט האָט ער דערזען דעם בראָך זייַנעם, די קעשענע איז געווען אויס־געשניטן און מען האָט ביי אים צוגעגנבעט די אָפּגעשפּאָרטע געלט זייַנע און געלאָזן די פערינע מיט אַ לאָך אין מיטן פון וועלכער עס איז אַרויסקראָכן די פּוך מיט די פעדערן וואָס די מאַמע זייַנע האָט דאָרט אַרייַנגעלייגט אָבער פון די געלט וואָס ער האָט אַרייַנגעלייגט איז ניט געווען קיין זכר.

אין שטעטל האָט מען גערעדט דאָס פּיוול האָט פאַרמאָגט אין דער פע־רינע־קאַסע קרוב פיר הונדערט רובל, דאָס איז געווען אַמאָל אַ שיינער נדן פאַר אַ כלה.

## מיין פעטער משה

ווען מען האָט מיין פעטער משהן דעם ייִנגסטן זון, דעם זיידנס צוגענומען פאַר אַ סאָלדאַט און מען האָט אים אַוועקגעשיקט אין סיביר ווו עס האָט זיך דאַן אָנגעצונדן די רוסיש יאַפּאַנישע מלחמה האָט דער זיידע מייַנער געקויפט אַ מאַפּע פון וויַיטן מזרח און דאַן האָט מען זיך געקענט צוקוקן צו אַזאַ מין סצענע. דער זיידע רייסט אַרויס אַ בלעטעלע פון דעם ביכעלע פּאַפּיראָס פּאַפּיר דרייט אויס קונציק אַ פּאַפּיראָס פון זיין באַליבטן טאַבאַק, „וואָסטאַטשנע“, טוט אַרייַן אין ציגאַרן שפּיצל פאַרויכערט און פאַרציט געשמאַק, נאָך דעם ווי ער שפּרייט אויס די מאַפּע אויפן טיש. נעמט ער אַרויס פון קעשענע דעם בריוו

וואָס איז נעכטן אָנגעקומען פון זיין זון און הייבט אָן צו קנעלן אויפן קול, טייטלענדיק מיטן פינגער אין די פּאַסקעלעך און אין די קליינע אותיותלעך פון דער מאַפּע. הייסט עס פריער, איז זיין פּולק געשטאַנען אין ניקאָלסק אוסורייסק, נאָך דעם זיינען זיי אַוועק קיין מוקדען דורך וולאַדיוואָסטאָק, עס איז פּאָלג מיר אַ גאַנג. האָט ער צוגעגעבן גוטמוטיק ווי ער וואָלט געווען אויסגעבונדן אין יענעם געגנט.

דער פעטער משה איז לייכט פאַרווונדעט געוואָרן. ער האָט זיך גיך אויסגעהיילט און געקומען אַהיים ווען די מלחמה איז נאָך געווען אין סאַמע ברען און ער האָט געקריגן אַ צונאָמען „דער יאַפּאַנעץ“ ער האָט חתונה געהאַט ווען ער האָט שוין אַריבערגעשפּאַנט דריי צענדליק יאָר און ער איז געשטאָרבן גאָר יונג פון אַ האַרץ קראַנקהייט.

און אַז איך האָב דערמאָנט די רוסישע יאַפּאַנישע מלחמה ווילט זיך אויך פאַרצייכענען די שטימונג פון די פאָלקס מאַסן אין יענער צייט: ווי נאָר עס האָבן אָנגעהויבן קומען די פריילעכע בשורות, אַז פּאָניע גנב ליידט איין מפּלה גרעסער פאַר דער אַנדערער, ווי צום ביישפּיל: די יאַפּאַנטשיקעס האָבן פאַרנומען פּאָרט אַרטור און באַלד די צווייטע ידיעה, אַז דער ים האָט אין מיטן נאַכט איינגעשלונגען דעם שפּאָגל נייעם פלאָט וואָס מען האָט נאָר וואָס אַראָפּגעלאָזן צום ערשטן מאָל אין וואַסער און פון די צענדליקער שיפן איז דאַן קיין זכר ניט געבליבן האָט מען אין אַלע גאַסן און געסלעך געזונגען פריילעך אָט דעם פּאָפּולערן לידעלע: פּאַי לאָסטאָטשקאָ, פּאַי פּאָרט אַרטור אוזשע ניע טוואָי. פּאָרט אַרטור זאַבראַלי. טעביאָ ווי גאַניאַלי פּאַי לאַסטאָטשקאַ פּאַי, אויף יידיש גייט עס אַזוי: זינג שוועלבעלע זינג! מעגסט שרייען מעגסט ברומען פּאָרט־אַרטור האָט מען פאַרנומען. מען האָט דיר מיאוס אַרויסגעטריבן און דו ביסט ביי גאָרניט געבליבן. טאָ זינג שוועלבעלע זינג“...

# מיין ערשטע ליבע

איך דערמאָן זיך אַ בילד פון דעם וויטן פרילינג פון מיין
לעבן אין דער בליענדיקער צייט פון מיין יוגנט.

רייזל די מוזינקע ביי דעם זיידן אין שטוב איז געווען מיט דריי יאָר עלטער פון מיר. זי איז געווען אַ הויכע שלאַנקע און אויסערלעך שטאַרק געראָטן אין זיידן. די נשמה און די גייסטיקע מעלות אירע האָט זי אָבער געירשנט פון דער באָבען. זי די ייִנגסטע מומע מיינע איז געווען די גוטסקייט אַליין און ניט געהאַט קיין גאַל. שטענדיק ווען איך פלעג קומען קיין זאַבלודאָווע פלעגט זי מיר באַגעגענען מיט אַ ליבליכן שמייכל מיר אויסגעפרעגט און געשמועסט מיט מיר אַזוי מיט אירן אַ חבר.

איין מאָל אַ פרייטיק צו נאַכטס נאָכן עסן, זאָגט זי צו מיר! דאָדיע! באַלד וועלן קומען מיינע חברטעס וועלן מיר גיין צו חיה דבורהן טרינקען סאָדע וואַסער מיט סאָק. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען איך האָב באַמערקט דאָס אויף מיין אויבערשטער ליפּ הייבן זיך אָן צו באַווייזן סמנים וועלכע האָבן אַנגעזאָגט מיר און דער גאַנצער וועלט, אַז איך בין שוין מער ניט קיין יינגל. און אָט קומען אָן דער מומעס דריי חברטעס, אסתר אַ הויכע, גיטל פון מיטעלן וווקס און פייגל אַ קורצגעוויקסיקע מיט רויטע באַקן. איך פאַרשפּאָר צו זאָגן דאָס עס איז געווען דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן וואָס איך בין אַרויסגע־גאַנגען מיט מיידלעך שפּאַצירן און ווי נאָר איך האָב גיטלען געגעבן די האַנט און אַ קוק געטאָן איר אין פּנים און דערזען אירע שוואַרצע אויגן ווי קאַרשן, האָב איך דערפילט אַז די האַרץ האָט ביי מיר זיך אַ צאַפּל געטאָן און עפּעס איז אינעווייניק געשען. איך האָב ניט געוווסט און ניט פאַרשטאַנען ווי מען רופט עס אָבער עס האָט אַ נאָמען און דער נאָמען איז באַקאַנט יעדן איינעם בכלל און יעדן יוגנטלעכן בפרט. איך האָב זיך פאַרליבט אין גיטלען איבער די אויערן. די ליבע האָט געברענט און האָט זיך געצויגן עטלעכע יאָר. איך האָב שטאַרק געליטן ווייל זי, גיטל, איז געווען פאַרריסן ביי זיך געהאַלטן זיך גרויס און געווען צו מיר גלייכגילטיק, ווייל זי האָט געוואָרפן אַ אויג אויף אַן אַנדער בחור וועלכער האָט איר אָפּגעטאָן אויף טערקיש. צוליב אַ געוויסער סיבה האָט ער געמוזט פלוצלונג אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. און ביי מיר איז שוין דערווייל אויך געקומען דער שכל. מיין ליבע צו גיטלען האָט זיך אָנגעהויבן אָפּקילן און איז אין גאַנצן אויסגעוועבט געוואָרן, דעריבער רופט מען דאָך דאָס די ערשטע ליבע. גיטל האָט זיך אַרומגעקוקט ווו זי איז דאָ אין דער וועלט און האָט דערזען אַז זי האָט פאַרשפּעטיקט דעם באַן. די מאַמע אירע האָט געגומען איינלייגן וועלטן געשיקט צו מיר גוטע פריינד. איך האָב אָבער געענטפערט דאָס איך קען זיך ניט העלפן, עס וועט גאָרניט זיין, ווייל נאָך דעם ווי איך בין שוין אָפּגעפאָרן אַ שטיק וועג פאָרויס און געזען אַ וועלט קען איך זיך שוין ניט אומקערן צוריק דאָרטן ווו איך האָב זיך געפונען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק.

דאָך זיינען מיר פאַרבליבן גוטע פריינד און מיר פלעגן זיך טרעפן מיט די אַנדערע מיידלעך ביים פעטער אין שטוב.

געווען איז דאָס אין יענער צייט ווען איך האָב געדאַרפט וואַרטן מען זאָל מיר רופן צום פּריזיוו און איך האָב פאַרבראַכט אין זאַבלודאָווע צוויי חדשים צייט.

אין אונדזער געזעלשאַפט האָט זיך שטענדיק געפינען אויך דער פעטער משה, כאָטש ער איז געווען עלטער פון מיר און פון די מיידלעך.

פ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ע  י אָ ר ן

# מײנע ערשטע גראַמען

איך מאָל אין אַ װינטערדיקן אָװנט װען אַלע זײַנען געזעסן בײַ דעם פעטער נחמן אין דער װאַרעמער שטוב און שטאַרק געגענעצט, נעם איך אַרױס פון קעשענע אַ לאַנגן פּאַפּיר און איך בעט עס זאָל זײַן שטיל. איך װעל הײַנט לײענען פאַר אײַך אַ פּאָעמע װעגן „דרײַ חברטעס" װאָס איך האָב אַלײן אָנגע־שריבן און טאַקע גלײַך נעם איך דעם ליד אױסזינגען מיט אַ מעלאָדיע װאָס איך האָב גענאַשט פון סאַניען דעם באַװוסטן ביאַליסטאָקער בדחן. אָט זײַנען די װערטער:

און אַזױ װי מיר זיצן דאָ אַלע,
װאָלט איך ראַטן דער פרײלין גיטל
אַז זי זאָל װערן אינגיכן אַ כּלה
און דאָס איז פאַר איר דער בעסטער מיטל.
אמת עס איז טאַקע גאַנץ שװער
פון אַזױ פיל אױסצוקלײַבן
עס זאָל זײַן לױטן באַגער
און מען זאָל קײן נאַר ניט בלײַבן.

⁂

און אױך דער פרײלין דער גרעסטער
װיל איך עפּעס זאָגן,
װאָס דער נאָמען אידער איז אסתּר
און האָט נאָך קײן חתן ניט געקראָגן,
אַז זי זאָל ניט װאַרטן און טאַקע גאַר אין גיכן
געפינען איר באַשערטן.
און ניט דאַרפן לאַנג זוכן,

⁂

עס איז נאָך דאָ אַ פרײלין אײנע
מיטן נאָמען פײגל.
זי איז אַפילו אַביסל אַ קלײנע,
אָבער אױסגעקנאָטן װי אַ טײגל.
און אַז מען װיל איז אַ מײדל אַ קלײנע
גאָרניט קײן חסרון
אבי נאָר אַ שײנע
װעט זי שױן ניט װערן פאַרלאָרן.

דאָס ליד איז די מײדלעך שטאַרק געפעלן געװאָרן און יעדע אײנע האָט זיך גענומען אױספײַנען אַז די שורות װאָס מען האָט איר צוגעטײלט זײַנען געװען די בעסטע.

דער איינציקער וואָס האָט געמאַכט אַ זויערע מינע איז געווען מיין פעטער משה. אפשר איז ער געווען איפערזיכטיק ווער ווייס. ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און ער גיט אַ שאָס אַרויס אַלע זאַלן הערן: וואָס דאַדיע, דו זאָגסט אַז דו האָסט עס אַליין געמאַכט? עס גלייבט זיך עפּעס ניט. זאָג דעם אמת פון וועלכן בוך האָסטו עס איבערגעשריבן. מיין פעטערס מבינות האָט מיר שטאַרק פאַרדראָסן. איך האָב זיך אַ הויב געטאָן פון טיש, אַריין אין אַ צווייטן צימער און אָנגעהויבן אויף גיך אָנוואַרפן אויף אַ פּאַפּיר אַ ענטפער פאַר מיין פעטער. הינטער מיר האָב איך געהערט ווי מיין גוטע מומע רייזל מיט איר גאָלדענער נשמה האָט אויסגעמוסרט דעם ברודער אירן פאַר וואָס ער האָט מיר באַליידיקט און געזאָגט דאָס וואָס ער האָט ניט געדאַרפט זאָגן. באַלד אָבער האָב איך געהאַט פאַרטיק פאַר מיין פעטער אַן ענטפער אין גראַמען.

די מיידלעך און אויך דעם פעטער נחמנס פרוי פרומע, די מומע מיינע אַלע זיינען געוואָרן איבעראַשט פון דעם גיכן ענטפער און האָבן געפּאַטשט בראַוואָ.

ווי עס איז צו זען פון מיינע באַשרייבונגען איז זאַבלודאָווע געווען ביי מיר מיין צווייטע היים. די שטעטעלע איז מיר געוואָרן איינגעבאַקן אין האַרצן און איך בין אַלע יאָרן געווען דאָרטן אַן אָפטער גאַסט.

אָנהייב דעצעמבער 1925 פאַר מיין אָפּפאָרן קיין מעקסיקע בין איך געפאָרן קיין זאַבלודאָווע זיך געזעגענען מיט אַלץ און מיט אַלעמען וואָס עס איז מיר געווען ליב און טייער אַלע יאָרן.

אַ דראָבנער שניי האָט געשאָטן ווען איך האָב אין יענעם פאַרנאַכט פאַרלאָזן די פּרעכטיקע שטעטעלע וווּ עס האָט זיך געשפּינט די ערשטע ליבע מיינע און מיט וועלכער עס זיינען פאַרבונדן די שענסטע זכרונות פון מיין קינדהייט און אויך פון מיין יוגנט. און איצט ווען איך שרייב די שורות ווילט זיך אויסשרייען מיט צער און ווייטאָג: האַרציקע שטעטל מיינע! דו ביסט אויף אייביק איינגעקריצט טיף אין מיין האַרצן און קיין מאָל, קיין מאָל וועל איך דיר ניט פאַרגעסן.

## אל תשליכני לעת זקנה

אין 1940 בין איך געווען אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע, און דאָרטן האָבן איך זיך באַקאַנט מיט זייער אַ רייכן עלטערן יידן פון 77 יאָר. דערהערט מיין פאַמיליען נאָמען, פרעגט ער מיר, צו איך שטאַם ניט אַמאָל פון דער שטעטל זאַבלודאָווע, דערהערט אַז יאָ, זאָגט ער צו מיר דאָס ער איז געווען דאָרטן ווען ער איז אַלט געווען 17 יאָר. אַליין שטאַמט ער פון קריניק און ווען ער איז געווען אַ ייִנגל פון 12 יאָר איז ער שוין אַריינגעגאַנגען אַרבעטן אין אַ לעדער פאַבריק. שפּעטער האָט ער זיך דערוווּסט, דאָס אין זאַבלודאָווע זוכט מען אַרבעטער און מען קען דאָרט בעסער פאַרדינען האָט ער לאַנג ניט

געקלערט, ער איז אַריבערגעפאָרן קיין זאַבלודאָווע און אַריין אַרבעטן צו שיע בעקער וועלכער איז געווען דאָרט דער ערשטער לעדער־פאַבריקאַנט. אין אַמעריקע בין איך געקומען ווען איך בין אַלט געוואָרן 20 יאָר, אָבער, דערציילט מיר ווייטער דער גרייז גרויער מיסטער סטיין. אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן וועל איך ניט פאַרגעסן אַ בילד וואָס איך האָב צוגעזען.

איין מאָל פרייטיק פאַרנאַכט ביי שיע בעקער אין דער גרויסער שטוב אין דער שטעטעלע זאַבלודאָווע. עס זיצט דער פאַבריקאַנט מיט אַ דיקן ציגאַר אין מויל און צאָלט אויס די אַרבעטער די „ווייזשעס" זייערע פאַר דער פאַרגאַנגענער וואָך, און אָט דערנענטערט זיך אַן אַלטער ייד מיט אַ ווייסע באָרד ווי שניי, שיע גיט אים די פאָר רובל און זאָגט צו אים אַזוי: „ר' ירוחם, איך מיין אַז זונטיק דאַרפט איר שוין ניט קומען צו דער אַרבעט, איר זעט דאָך אַליין, אַז עס טרייסלען זיך שוין ביי אייך די הענט". דער ייד איז שיר ניט אַנידערגעפאַלן אין חלשות, ער האָט צוגענומען די פאָר רובל און זיך געשאַרט הינטער זיך צום אַרויסגאַנג. ווען ער איז שוין געשטאַנען לעבן דער טיר האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און מיט אַ פאַרשטיקטן קול אויסגערופן: ר' שיע! ר' שיע! איר האָט געוויס פאַרגעסן אַז עס איז דאָ אַ פסוק אין שמע קולנו „אל תשליכני לעת זקנה"...

## אונדזער שטוב און מיינע טאַטע מאַמע

אַ גרויסער פילאָסאָף האָט אַמאָל געזאָגט: די לעבעדיקע בייטיקן זיך אין כבוד — די טויטע בלויז אין דעם ריינעם אמת.

פאַר וואָס עפּעס האָב איך זיך פלוצלונג דערמאָנט אין דעם דאָזיקן ווערטל? דאָס איז דערפאַר ווייל ווי נאָר איך האָב אָנגעצייכנט דאָס קעפּל אויף דעם ווייטערדיקן קאַפּיטל זכרונות וואָס איך קלייב זיך איצט שרייבן האָב איך זיך גענומען שלאָגן מיט דער דעה. עס איז ביי מיר פאַרגעקומען אַ ויתרוצצו און עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע. וואָס זאָל איך דאָ טאָן? זאָל איך דער־ציילן דעם גאַנצן אמת פאַר וואָס ביי אונדז אין שטוב האָט ניט געהערשט קיין שלום און שלוה אָדער זאָל איך עס בעסער אויסבאַהאַלטן פון אַ זייטיקע אויג. איך דער ערשטער און עלטסטער זון האָב מער ווי די איבעריקע קינ־דער קענען געלערנט דעם לעבן ביי אונדז אין שטוב און דאָס איבעריקע האָט מיר דערציילט דער ברודער מיינער דער ייִנגסטער פון שטוב. עס איז אָנגע־נומען דאָס דעם אמת מעג מען זאָגן אַפילו אויף אַן אייגענעם טאַטן — אָבער עס איז נאָר געזאָגט, ווייל ווען מען בעמט זיך דאָס דורכפירן ווען מען וויל דאָס פאַרשרייבן, פאַרצייכענען, פאַרעפנטלעכן, פאַרהאַקט זיך פלוצלונג די פעדער און זי קריגט לשון און זאָגט אומגעפער אָט וואָס: „הער נאָר בחור!

וואָס ווילסטו דאָ טאָן? גייסט זיך פאַרשמירן דעם אייגענעם פּנים דיינעם און ווו איז כבוד אבי? קומט אָבער באַלד אַ צווייטער קול און זאָגט צו מיר: דאָדיע, דו ביסט דעם גאַנצן לעבן דיינעם געגאַנגען מיטן אמת, דאַרפסטו איצט אין דיינע שקיעה יאָרן אויך אַזוי זיך פירן. האָב איך נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת באַ־שלאָסן גוט דורכזיפּן דעם מאַטעריאַל וואָס איך האָב ביי זיך, אָבער שרייבן מוז איך. עס קען ניט זיין קיין צוויי מיינונגען דאָס מיינע עלטערן זיינען געקומען פון צוויי באַזונדערע וועלטן און האָבן פאַרמאָגט צוויי באַזונדערע קעגנזעצלעכע כאַראַקטערן: דער טאַטע כולו קאָפּ כולו מוח און די מאַמע כולה האַרץ כולה נשמה און פאַרשטענדלעך דאָס עס האָט ניט געקענט זיין קיין האַרמאָניע — קיין שלום בית אין אונדזער שטוב. אַלע קינדער האָבן געזען ווער עס איז שולדיק אין דעם און דער טאַטע אַליין האָט זיך אויך געכאַפּט דאָס די קינדער (פינף זין און דריי טעכטער) גייען אַוועק פון אים און ער פאַרלירט, ער פאַר־שפּילט אַלץ און אַלעמען. ער האָט געזוכט מיטלען און געוואָלט כאַפּן צוריק, עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט.

און אַז מען ווייל קען מען זאָגן דאָס מיין טאַטע איז אין דעם גאַרניט שולדיק געווען. ער איז אַזוי געבוירן געוואָרן. די נאַטור האָט אים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל און די קלאַווישן — די סטרונעס פון זיין האַרצן זיינען געווען ניט אין בעסטן אָרדנונג, איך האָב שטענדיק געזוכט דעם שליסל געוואָלט זיך דערגרונטעווען צו מיין טאַטנס האַרץ — איך האָב אים אָבער קיין מאָל ניט געקענט געפינען. דער בעסטער באַווייז זיינען די ביכער וואָס מיין טאַטע האָט געשאַפן „חידות" רעטענישן טרוקענע געדאַנקען הוילע קאָפּ מלאכה, יע! דער גרעסטער רעטעניש איז געווען מיין טאַטע אַליין. דוכט זיך אַזוי, ביים ריידן, ביים שמועסן האָט געשפּרודלט פון אים מיט חכמה, פאַרמאָגט קלוגע וויצן גלייכווערטלעך פול געווען מיטן יידישן פאָלקלאָר און די שאַפונגען זיינע קען מען אויך ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, אַ טאַלאַנטפולע אַרבעט אַ גרויסער קענער, אָבער נעמט אים אַ ביסעלע אָן אַ זייט איז ער געווען נאַיוו, אַזוי ווי אַ קינד. ווייט פון דעם טאָג טעגלעכן רעאַלן לעבן. ניט באַנומען. ניט פאַרשטאַנען און ניט געקענט זיך צופּאַסן צו דער וועלט, ניט געוווסט ווי זיך אַריינצוועבן צונויפלעבן צוזאַמענקלעפּן זיך מיט די נאָנטסטע מענטשן און מיט דער אַרומיקער סביבה, ער האָט געוואָלט פאַרקערט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיך צופּאַסן צו אים. עס איז געווען פיינלעך צו זען ווי דער טאַטע מיינער האָט זיך דערפּילט אומבאַהאָלפן און ניט געקענט לייזן דעם מינדסטן עניין די קלענסטע פּראָבלעם וואָס עס האָט זיך געשאַפן אין זיין שטוב און אין זיין אייגענעם לעבן, און דאָס איז געווען די סיבה וואָס ער מיט זיינע גרויסע קענטענישן האָט ניט געקענט פאַרדינען אויף אַ אָרעמער היונה. ניט איין מאָל האָב איך פּרובירט אויף אַ איידעלן אופן כאַפּן אַ שמועס מיט מיין טאַטן.

ער האָט זיך אָבער ניט געלאָזן ריידן, ער האָט מיר שטענדיק געענטפערט מיט דעם איינגעחזרטן פּזמון זיינעם אַז אַ איי לערנט ניט קיין הון און דער נאַרישסטער טאַטע איז קליגער פאַרן קליגסטן זון. — אַי עס שטימט דאָך ניט, עס איז דאָך ניט אמת. נאַרישקייטן! עס מוז שטימען.

## מיר קלייבן זיך איבער קיין ביאַליסטאָק

איך בין נאָך ניט אַלט געווען פולע צען יאָר, ווען מיר זיינען אַריבערגעפאָרן פון מיכאַלאָווע קיין ביאַליסטאָק. די ערשטע דירה אונדזערע איז געווען אויף פּיאַסקעס אַנטקעגן דעם גרויסן מאַרק. דורך די פענצטערס פלעג איך זיך צוקוקן און זען צוויי בילדער וואָס איך האָב עס אין מיין יונגן לעבן פריער קיין מאָל ניט געזען ניט אין מיכאַלאָווע און ניט אין זאַבלודאָווע. די בילדער האָבן ווי שווערע שטיינער געדריקט אויף מיין קינדערישן נשמה און זיי שטייען מיר פאַר די אויגן אַזוי ווי נעכטן וואָלט עס געווען, ניט איך נאַכט האָבן זיי צוגענומען, ביי מיר דעם שלאָף. אָט איז דער ערשטער בילד: גאַנץ פרי פלעגן טורמע וועכטער מיט ביקסן אין די הענט ברענגען פון טורמע צען פופצן אַרעסטאַנטן מיט לאַנגע בעזימער זיי זאָלן פאַרקערן די מיסט פון מאַרק. צווישן די אַרעסטאַנטן האָט מען אויך געזען עטלעכע יידישע פּנימער. די אַרעסטאַנטן זיינען געווען אומעטיק און קיינער פון זיי האָט ניט געגעבן קיין שמייכל. מען האָט ניט געטאָרט צוגיין צו זיי נאָענט און אויסריידן מיט זיי אַ וואָרט געוויס ניט. איך האָב געפרעגט מיין טאַטן פאַר וואָס שיקט מען זיי דאָס טאָן. האָט ער מיר געענטפערט דאָס זיי קריגן עטלעכע קאָפּיקעס באַצאָלט און זיי זיינען צופרידן וואָס זיי קענען זיין אַ פּאָר שעה אויף דער פרישער לופט און ניט אין דעם פאַרשטיקטן טורמע צימער.

אגב דערמאָן איך זיך ווען איך בין געווען אַ ייִנגל און איך האָב געדאַרפט פאַרבייגיין די טורמע איז מיר באַפאַלן אַ שרעק און אַן אומעט. אַלערליי געדאַנקען פלעגן אַרויפשווימען דאָן אין מיין קינדערשן מוח. איך פלעג זיך אויך צוקוקן צו די גרופּעס אַרעסטאַנטן וואָס מען האָט אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ. אויפן וועג צום באַן האָבן זיי געמוזט דורכגיין די גאַנצע לענג פון שטאָט און איטלעכע פון זיי זיינען געווען געשמידט אין קייטן און דער קלאַנג פון די קייטן האָט זיך געלאָזט הערן וויט וויט און האָט געשניטן אַזוי ווי מיט אַ מעסער אין האַרצן.

דער צווייטער בילד וואָס איך האָב געזען אויף די פּיאַסקעס דורכן פענצטער איז געווען אַ סך אַ טרויעריקער און איך האָב עס ניט געקענט צוקוקן. אין דער זעלבער שעה כמעט ווען עס פלעגן קומען די אַרעסטאַנטן אויפראַמען דעם מאַרק פלעגט זיך אויך באַווייזן דער הינט־שלעגער, אָט דערברייט פּלייציקער פּויער מיטן מערדערישן פּנים שטייט מיר נאָך איצט פאַר די אויגן.

איך זע אים ווי ער יאָגט זיך נאָך אַ הונט מיט זיין לאַנגן שטעקן צו וועלכן עס איז צוגעבונדן אַ לאַנגער שטריק מיט אַ פעטליע ביים ברעג, און אָט איז שוין די פעטליע פאַרצויגן ביים הונט אויפן האַלדז. ער גיט דעם הונט אַ הויב אין דער לופטן און וואַרפט אים אַריין אין דעם לאַנגן קאַסטן מיט די גראַטעס אויף זיין וואָגן.

פיאַסקאָוועך יידן האָבן ניט געהאַט קיין הינט, אָבער אין יענער געגנט האָבן געוווינט קריסטן אויך. האָט מען געקענט זען ווי אַ פוילישע באַלעבאָסטע קומט צו לויפן און דערזעט הינטער די קראַטעס איר באַליבטן הינטעלע. עס קאָסט אַ רובל און אַמאָל עפּעס מער און זי באַפרייט אים און לויפט מיט שמחה אַהיים, טראָגט דעם הינטעלע מיטביידע הענט, גלעט אים און קושט אים. די איבעריקע הינט קוקן אָן מיט זייערע פאַרצווייפלטע בליקן און זיינען מקנא דעם באַפרייטן.

## מיין לערנען

באַלד ווי מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין ביאַליסטאָק בין איך אַריין לערנען צו דעם „יאַשינאָווקער“, איינער פון די בעסטע גמרא מלמדים, און דאָ ווילט זיך גלייך מאַכן אַ באַמערקונג דאָס מיין טאַטע וועלכער האָט דעם גאַנצן לעבן זיינעם באַשעפטיקט זיך מיט לערערײ און מלמדות כאָטש ער האָט ניט פאַרמאָגט די מינדסטע פעדאַגאָגישע פעאיקייטן דערצו, האָט געמעגט גיין זיך לערנען ביי אָט דעם יאַשינאָווקער מלמד, ר׳ טאָדרעס האָט מען אים גערופן. דער ייד האָט ביים לערנען מיט די קינדער ניט גענוצט קיין פאַסיק אָדער קאַנטשיק און דאָך זיינען די קינדער געוואָרן צוגעבונדן צו אים גלייך פון דער ערשטער מינוט ווי נאָר זיי זיינען אַריינגעקומען אין חדר, ער האָט גע־האַט זיין אייגענעם סיסטעם ווי צום לערנען און האָט אין יעדער בלאַט גמרא אַריינגעפלאָכטן צוגעפּאַסטע מעשהלעך און משלים און אויף אַזאַ אופן האָט מען געקענט צוקייען די שווערסטע סוגיא.

צום באַדויערן האָב איך מער ווי דריי חדשים ניט געקענט לערנען ביי אָט דעם ר׳ רב טאָדרעסן, פּשוט דערפאַר ווייל עס איז ניט געווען מיט וואָס צום צאָלן שכר־לימוד. האָט מיר מיין טאַטע אַריינגעוואָרפן אין דער שטאָטישער תלמוד־תורה, איך זאָג „אַריינגעוואָרפן“ ווייל מען דאַרף זיך דערמאָנען אויף וואָס פאַרא מדרגה עס איז געשטאַנען מיט העכער זעכציק יאָר צוריק די אומזיסטע תלמוד תורות פאַר די אָרעמע און אָרעמסטע יידישע קינדער. איך נעם זיך ניט אונטער צום באַשרייבן ווי עס האָט אויסגעזען דער דאָזיקער לערן אַנשטאַלט ווייל דאָס האָט שוין געטאָן דער זיידע אונדזערער „מענדעלע מוכר ספרים“. אין דעם חדר האָב איך זיך געפייניקט צוויי זמנים און דאָס איז געווען אַ יאָר וועלכער האָט מיר גייסטיק דערדריקט און דער־

שלאָגן און האָט ניט געלאָזן דעם מינדסטן ליכטיקן שטראַל אין מיין קינדער־שער נשמה. אין די אָוונטן קומענדיק פון תלמוד־תורה אַהיים האָט דער טאַטע געלערנט מיט מיר לשון־קודש און דקדוק.

אין יענער צייט האָט דער טאַטע אָנגעהויבן שאַפן זיינע חודות און ווען ער האָט ביינאַכט אויף זיין געלעגער עפּעס פאַרקלערט האָט ער עס גלייך אינדערפרי אַרויפגעוואָרפן אויפן פּאַפּיר און געוויזן מיר דעם ערשטן. איך האָב זיך צוגעמאַטערט אַביסל אָבער כמעט שטענדיק געטראָפן. מיין טאַטע איז געווען אַ הונדערט פּראָצענטיקער מתנגד און האָט פיינט געהאַט חסידים בתכלית השנאה, (מען קען זיך פאָרשטעלן ווי מיין מאַמע מיט אירע משפחה מיטגלידער האָבן זיך געפילט) ער איז אָבער ניט געווען קיין אויסגעשפּראָכענער משכיל, ער האָט זיך געהאַלטן פעסט מיט ביידע הענט אין דער יידישער טראַדיציע און אין יידישע מנהגים. עס איז קיין פראַגע ניט דאָס מיר האָבן געמוזט גיין מיטן טאַטן דאַוונען שבת און יום־טוב אין זיין בית־מדרש, אמת, דאָס די ייִנגערע קינדער אין שטוב האָבן זיך שוין געהאַדעוועט אין אַ גאַנץ אַנדער אַטמאָספער ווי די עלטערע.

שבת ביי טאָג האָבן מיר געמוזט זאָגן זומער פּרק. און ווינטער ברכי נפשי, כאָטש מיין טאַטע האָט פיינט געהאַט נגינה (דערצו דאַרף מען דאָך פאַרמאָגן געפיל) און האָט פשוט חוזק געמאַכט פון חזנים וואָס ציקלען זיך פונדעסטוועגן האָבן מיר געמוזט שבת זינגען מיט אים זמירות און נאָך הבדלה זאָגן מיטן באַקאַנטן ניגון „אליהו הנביא, אליהו התשבי“ און נאָך דעם דערציילן די מעשה מיט דעם „איש חסיד היה“...

ווען מען רעדט וועגן ציקלען זיך פּאַסט זיך דערציילן דעם טאַטנס אַ שפּאַס, ווען ראש השנה און יום־כיפור האָט דער בעל שחרית פון דעם פּלאַץ זיינעם ווו ער איז געזעסן אָנגעהויבן ציען דעם האַ — און האַ און אַ דריטן מאָל האַ... האָט דער טאַטע געזאָגט צו דעם שכן זיינעם אויף דער בית מדרש באַנק: „וואָס ציקלט ער זיך אַזוי שטאַרק עס וועט אים דען עפּעס העלפן“. ער וועט זיך אַפילו דרייען פון היינט ביז מאָרגן וועט ער מוזן זאָגן המלך...

איך דערמאָן זיך ווי ביין טאַטע האָט איינגעלייגט וועלטן אין עס איז אים ממש געגאַנגען אין לעבן איך זאָל זיך אויסלערנען לייענען אין דער תורה און ווערן אַ בעל קריאה, מען שטייט אויף דער בימה. אַלע זעען, אַלע קוקן אַלע הערן און דאָס איז זייער אַ בכבודיקע און שיינע השלמה האָט דער טאַטע געהאַלטן אין איין איינטענהן מיט מיר — אין דער צייט וואָס דאָס איז מיר גאָרניט געקראָכן אין קאָפּ אַריין. איך האָב אין מיין פרייער צייט גאָר געוואָלט בעסער לייענען די קינדער זשורנאַלן

„עולם קטן" און „החיים והטבע" אָדער די קליינע ביכעלעך „כל אגדות ישראל" פון דעם פּאָפּולערן דאַן שרייבער פאַר קינדער י. לעוונער.

## מיין ווייטערדיקער לערנען

אַרויסגייענדיק פון תלמיד תורה בין איך אַריין לערנען אין אַ רוסיש יידישער פאָלקס־שולע ווו די לערערס זיינען געווען אַסימילירטע יידן און האָבן געוואָלט מאַכן יידישע קינדער פאַר האַלבע גוים און פאַר געטרייע אונטערטאַנער פון דעם רוסישן צאַר. צום גליק האָט זיך זיי אָט די רוסישע „מאַשקעס" ביידע זאַכן ניט איינגעגעבן. אין די דאָזיקע רוסיש יידישע פאָלקס שולן האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט און זיי האָבן ניט פאַרמאָגט קיין טראָפּן וואַרעמקייט. יידישע קינדער פון יידישע היימען פון יידישע גאַסן האָבן זיך פּלוצלונג דערפילט אַז זיי זיינען אַריינגע־פאַלן אין אַ ווילד פרעמדער סביבה, און ניט געטאָרט אויסריידן קיין יידיש וואָרט. געפעלן געוואָרן איז מיר דעם אמת זאָגנדיק די אָרדנונג (כאָטש אַ סאָלדאַטסקע) און אויך די פּינקטלעכקייט פון לערנען און די זויבערקייט אין די קלאַס צימערן.

## אין חדר מתוקן

דער דריטער יאָר פון מיין לערנען איז געווען דער שענסטער און דער בעסטער פון מיינע קינדער יאָרן. דער זיסער טעם פון יענע חדשים ליגט מיר נאָך איצט אין מויל. איך בין אַריין לערנען אין אַ נייעם סאָרט מאָ־דערנעם חדר וועלכער האָט זיך דאַן געעפנט און מען האָט עס אַ נאָמען געגעבן „חדר מתוקן". איך האָב זיך דאָרטן דערפילט ווי ניי געבוירן און אַלץ אין מיר האָט אויפגעלעבט. דער ליבלעכער און פריינטלעכער יונגער לערער משה סוכאָוואָלסקי איז געוואָרן אונדזערער אַ חבר, אָדער בעסער געזאָגט אַ געטרייער האַרציקער ברודער. אָט זאָגט ער אונדז אָן מיט אַ טאָג פריער אַז מאָרגן ל"ג בעומר וועלן מיר ניט לערנען נאָר מיר וועלן גיין שפּאַצירן אין וואַלד וועלכער האָט זיך געזען פון דערווייטנס. אַלע קינדער האָבן זיך איבערגעקוקט — ווי איינער זאָגט, ווי געפעלט אייך אַזאַ מין סאָרט נייס יידישע קינדער זאָלן אין מיטן העלן מיטוואָך גיין גאָר מיט אַ לערער אין וואַלד שפּאַצירן — און אָט זיינען מיר אַלע געקו־מען אויף מאָרגן אויסגעפּוצט שבת יום־טובדיק. מיר גייען אין וואַלד און מיר פילן ניט ווי דער טאָג גייט אַוועק. מיר רינגלען אַרום אונדזער לערער און יעדער איינער וויל זיין נענטער צו אים כדי צו שמועסן מיט אים און הערן די שיינע מעשהלעך וואָס ער דערציילט. מיר זיינען אַלע

געוועזן גוט אויפגעלייגט און פריילעך. זאָגט אַדרבא — ווו האָט מען דאָס געזען אַמאָליקע יאָרן אַז יידישע קינדער חדר־ייִנגלעך זאָלן זיין פריילעך און לאַכן? אָט זעצן מיר זיך אויס אין וואַלד אָפּרוען זיך אין דעם שאָטן פון די הויכע סאָסנע ביימער, קוקאַווקעס און פויגעלעך, באַגריסן אונדז. מיר בינדן פאַנאַנדער די פעקלעך עסנוואַרג וואָס מיר האָבן מיטגענומען. מען טראָגט צו און מען גיט דעם לערער צום פאַרזוכן. ער פאַרשעמט ניט קיינעם ער נעמט אַ ביס ביי יעדן איינעם. אָפּגעגעסן שמועסט מען ווייטער. עטלעכע ביטרע ייִנגלעך האָבן זיך אָנגעזעצט אויפן לערער און געוואָלט ביי אים אַרויסקריגן צי ער דאַוונט צי ער לייגט תפילין. עס האָט זיך זיי אָבער ניט איינגעגעבן, דער קלוגער און טאַקטישער לערער האָט קונציק אַריבערגעפירט דעם שמועס אויף אַנדערע רעלסן און די קשיא פרעגערס האָבן זיך גאָרניט געקענט דערוויסן וועגן דעם לערערס פּערזענ־לעכע אינטימע ענינים.

משה סוכאָוואָלסקי, דער לערער אונדזערער האָט פאַר זיינע צוויי בעס־טע תלמידים פאַר מיר און פאַר מיין חבר מאָטקע ניעמאַן אָפּגעזוכט אַ סטו־דענט פון קאָמערץ־שול וועלכער האָט אונדז גאַנץ אומזיסט צוגעגרייט אַריינצוטרעטן אין אַ העכערער יידיש רוסישער „אוטשילישצע“. מאָטקע האָט טאַקע אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען און געלערנט דאָרט אַ פּאָר יאָר. איך האָב אָבער זיך ניט געקענט צושטעלן צום עקזאַמען ווייל עס איז ניט געווען דער רובל צו קויפן דעם ערשטן לערן ביכל. און איך האָב געמוזט גיין אַרבעטן אין אַ געשעפט און ווערן אַ פּריקאַזטשיק ווי איך וועל דערציילן ווייטער, כאָטש מיין האַרץ איז גוט אויסגעריסן געוואָרן ווייל איך האָב זייער געוואָלט לערנען.

מיט יאָרן צוריק אין ניו־יאָרק ביי אַ פייערלעכן צוזאַמענקום פון ביאַ־ליסטאָקער האָב איך זיך גאַנץ אומגעריכט געטראָפן מיט מיין געוועזענעם חבר מאָטקע ניעמאַן די באַגעגעניש איז געווען זייער אַ האַרציקע. מיר האָבן אַ לענגערע ווײַלע אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן און נאָך אַזוי פיל צענדלי־קער יאָרן זיך דערקענט. מיט טרערן אין די אויגן זיינען מיר אַרויפ־געפאַלן איינער אויף דעם אַנדערן און ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן מיר געשמועסט און דערמאָנט די שיינע יונגע יאָרן אונדזערע.

אָנהויב 1914 בין איך געווען אין אָדעס. און ווען איך בין שבת איינ־דערפרי אַריינגעקומען אין דער ציוניסטישער שול „יבנה“ האָב איך דער־זען אַ באַקאַנטן פּנים. איך האָב אים געגעבן שלום און געקוקט אויף זיין האַנט צי האָט ער דעם צונויפגעוואָקסענעם זעקסטן פינגער. יע, דאָס איז ער דער געוועזענער לערער מיינער משה סוכאָוואָלסקי, מיר האָבן זיך שטאַרק דערפרייט און געכאַפּט אַ לענגערן שמועס. ער איז אין יענעם

יאָר אַוועקגעפּאָרן דורך אָדעס קיין ארץ־ישראל. ווען איך האָב מיט יאָרן שפּעטער זיך נאָכגעפרעגט אויף אים האָב איך צו מיין גרוס באַדויערן זיך דערוווּסט דאָס ער איז זייער יונג אַוועק פון דער וועלט.

ת. נ. צ. ב. ה.

# מען האָט אָפּגעגנבעט מיין ברודערקע

מיין מאַמע האָט זיך די ערשטע צייט ניט געקענט צופּאַסן צו דער גרויסער שטאָט און צו דעם נייעם לעבן, זי האָט זיך געפילט פאַרביטערט, עלנט און איינזאַם זי האָט ניט געהאַט פאַר וועמען זיך אַראָפּצורײדן פון האַרצן, זי האָט שרעקלעך געבענקט נאָך אירע טאַטע מאַמע, נאָך איר געבורטס שטעטעלע און נאָך אירע חברטעס און דאָ פּלוצלונג, דעם דריטן זומער פון אונדזער באַזעצן זיך אין ביאַליסטאָק איז איר צוגעשיקט געוואָרן אַ ביי־טערע איבערלעבעניש אויף וועלכער זי האָט זיך גאָרניט געריכט און וואָס האָט איר פאַרשאַפט שרעק, צער און האַרצווייטאָג און זי איז דערפון שיר פון דער וועלט געגאַנגען. געשען איז אָט וואָס. — אַ ציגיינערקע האָט אָפּ־געגנבעט פּיוולען — דאָס יינגסטע קינד אירע וועלכע איז אַלט געווען צוויי מיט אַ האַלב יאָר און אָט ווי דאָס איז געשען:

געוווינט האָבן מיר דאַן ביי שמעוניכען אויף דער צווייטער זייט פּיאַסקעס, אַנטקעגן סענדער מירטשעס גאַס.

די מאַמע האָט נאָך דאַן ניט געקענט דעם געגנט און די אַרומיקע גאַסן און געסלעך. עס איז געווען אַ הייסער זומערדיקער טאָג, דאָס קינד מיט דער בלאָנדער קאָפּ האָר האָט זיך געשפּילט אויפן הויף מיט אַנדערע קינדער. ווי נאָר די זון האָט אָנגעהויבן פאַרגיין האָט די מאַמע גענומען רופן דורכן פענצטער; פּיוועלע קום אַרויף עסן. איינמאָל, אַ צווייטן און אַ דריטן מאָל פּיוועלע רופט זיך ניט אָפּ. לויפט שוין די מאַמע אויף גיך אַראָפּ פון די טרעפּ הויבט אָן שרייען העכער און רופן: פּיוועלע ווו ביסטו. מען הויבט אויך אָן צו זוכן אויפן הויף אין אַלע ווינקעלעך אָבער „הילד איננו“. „דאָס קינד איז ניטאָ“ כאַפּט מיר די מאַמע פאַרן האַנט און לויפט מיט מיר אַרויס פאַרן גאַס, וווהין גייט מען און ווו זוכט מען? עפּעס אימעצער האָט אַ זאָג געטאָן גייט גיך אויף די שמאָלע פּיאַסקעס און צום גליק איז דאָס טאַקע געווען דער ריכטיקער וועג. די מאַמע גייט און פרעגט יעדן איינעם אפשר האָט איר געזען? אפשר האָט איר באַמערקט? פון אַ קרעמל לויפט אַרויס אַ יידענע און דערציילט אַז נאָר וואָס איז ביי איר געווען אַ הויכע קריסטן מיט אַ ברייטע געבלומטע קלייד, אין די הענט האָט זי געהאַלטן אַ בלאָנדע קינד וועלכער האָט שטאַרק געוויינט. זי האָט גע־קויפט ביי מיר פאַר פינף קאָפּיקעס צוקערקעס געגעבן דאָס קינד איןביידע

הענט און דאָס קינד איז שטיל געוואָרן. ווו איז זי הינגעקומען די קריסטן? זי איז אַוועק גלייך מיט דער גאַס אַראָפּ.

די מאַמע לויפט ווייטער און איך נאָך איר, אָט זיינען מיר שוין הינטערן שטאָט לעם די ווינט מילן, ביי דעם דאָרף באָזשעטאַרנע. די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען עס פאַלט צו די נאַכט און מיר באַמערקן פון דער ווייטנס ביים ראַנד פון אַ וועלדל שטייען ציגיינערשע וועגענער מיט לייווענטענע קאַלירטע בוידן. מיר קומען צו נאָנט און מיר דערזען אויפן גראָז אַרום אַ פייער זיצן אויסגעזעצט ציגיינערישע קינדער און צווישן זיי אויך אונדזער פייוועלע מיט אַ פּעניץ ברויט באַשמירט מיט שוואַרצע געפּרעגלטע יאַגדעס אין ביידע הענט. די מאַמע האָט ניט געקענט אויסריידן קיין וואָרט. ווייזט אויס פאַרלאָרן דעם לשון. זי איז צוגעלאָפן, אַ כאַפּ געטאָן איר קינד און מיט אַלע כוחות גענומען לויפן אין שטאָט אַריין. איך האָב זיך אָנגע־האַלטן אין דער מאַמעס קלייד און מיטגעלאָפן. די מאַמע האָט געכאַפּט אַ קוק הינטער זיך אָבער קיינער האָט אונדז ניט נאָכגעיאָגט, ווי עס ווייזט אויס האָבן די דערוואַקסענע ציגיינער און ציגיינערקעס זיך געפונען ערגעץ אין אַן אַנדער פּלאַץ.

ביינאַכט האָט די מאַמע געקריגן גרויסע היץ און געלעגן עטלעכע וואָכן צובעט ביז זי איז געזונט געוואָרן.

דער ברודער מיינער פייוול איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט זייער יונג, ער האָט קוים געענדיקט ציילן דעם צווייטן צענדליק יאָר פון זיין לעבן.

## צו דרייצן יאָר ווער איך אַ פּריקאַזטשיק

די משפּחה אונדזערע האָט זיך פאַרגרעסערט. עס זיינען אין די עטלעכע יאָר געבוירן געוואָרן נאָך צוויי קינדער, צוגעקומען נאָך אַ פּאָר מיילער, נאָך צוויי עסערס, אין דער צייט ווען אין שטוב איז ניט געווען קיין טרו־קענע ברויט צו זאַט און דער דלות האָט געפּייפט אין אַלע ווינקעלעך, מען זאָגט דאָס אָרעמקייט איז ניט קיין חרפּה, אָבער קיין גרויסער כבוד אויך ניט, דעריבער האָט מען דעם דלות פאַרפּוצט און געהאַלטן אין אַ זיידענע טאָרבע, אָבע דעם מאָגן קען מען ניט אָפּנאַרן, געווען טעג ווען אין שטוב האָט מען פּשוט געליטן הונגער. איך געדענק אַ פרייטיק צו נאַכטס ווען די מאַמע האָט פאַרביסן די ליפּן פון ווייטאָג און אָנגעגאָסן הייסע וואַסער אַלעמען אין די טעלערס כדי שכנים זאָלן מיינען אַז מיר עסן לאָקשן מיט יויך, דעריבער איז ניט קיין וווּנדער וואָס ווי נאָר מען האָט געפּראַוועט מיין בר מצוה (אָן אַ רייכן קידוש און אָן באַנקעטן) האָט מען גלייך גענומען זוכן פאַר מיר עפּעס וואָס צום טאָן כדי איך זאָל קענען מיט וואָס ניט איז, צוהעלפן אין שטוב... לאָה די גרויסע דעם טאַטנס אַ קרובה,

וואָס איך האָב איר זייער פיינט געהאַט האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן און געגומען וואָרטשען און אינטריגירן הינטער מיינע פּלייצעס, און אירע ווערטער האָבן מיר געשטאָכן ווי שפּילקעס: „אוודאי דאַרף אַזאַ בחורל שוין אָנהויבן עפּעס צו פאַרדינען און ניט זיין קיין „דאַרמאָיעדניק" (קיין אומ־זיסטער פרעסער הייסט עס). מען האָט באַשלאָסן איך זאָל זיך נעמען לערנען עפּעס אַ פאַך, ווייל מלאָכה איז מלוכה. פאַרשטייט זיך דאָס די אַרבעט דאַרף זיין פון פיינערן סאָרט און אַזוי ווי ביי אונדז אויפן הויף אין פראָנט האָט געוווינט אַ ייד וועלכער האָט געהאַט אַ פאַבריק פון קינדערשע ווע־געלעך איז אַרויפגעשווומען דער געדאַנק מען זאָל מיר אָוועקגעגעבן צו אים אויף דער לערע, אָבער ווען דער טאַטע איז צוגעגאַנגען און געזען אַז די פאַבריק געפינט זיך אונטער דער ערד אין אַ פייכטן קעלער האָט מען דאָס אָפּגעוואָרפן און מ'האָט גענומען קלערן וועגן אַריינגעבן מיר אין אַ דרוקעריי, אויך אַ פיינע מלאָכה. האָט אָבער דער זיידע געזאָגט לא מיט אַן אַלף. די בלייע־נע אותיות פון אַ דרוק עסן אויף די לונגען און דאָ גראַדע איז דער זיידע געווען אַביסל גערעכט. מען האָט מיר אויך געפירט צו שלמה דעם זייגער־מייסטער אַ אויפגעפּאַסטער ייד מיט אַ קמץ בערדל, די אַרבעט איז מיר גאָר שטאַרק גע־פעלן געוואָרן, ניט איין מאָל פלעג איך זיך צוקוקן ווי דער זייגערמאַכער מיט דער פאַרגרעסער גלעזעלע צוגעקלעפּט צום אויג קאַלופּעט מיט אַ צווענגעלע די גלאַנציקע רעדעלעך און שרייפעלעך, די געדערים הייסט עס פון אַ זייגערל. צווישן די צאַצקעס מיינע האָב איך אויך געהאַט אַלטע מעשענע רעדלעך מיט אויסגעשניטענע ציינדלעך און שטאָלענע שטיקלעך ספּרוזשינקעס פון אַ זייגער, — דאָ איז אָבער געווען אַן אַנדער מניעה: דער יחסנישער זייגער מייסטער האָט געבעטן געלט פאַרן אויסלערנען אָט די איידעלע מלאכה. דער טאַטע איז געוואָרן אש להבה. ער האָט געהאַלטן אַז עס איז אַ גרויסע חוצפה צו בעטן געלט פאַר ניאַנטשען די ערשטע צייט דעם זייגער מאַכערס קינדער און פאַר טאָן אַנדערע שטוב אַרבעט ווי מען האָט זיך דאַן געפירט מיט לערן יינגלעך. נאָך אַ לענגערן ישוב הדעת איז באַשלאָסן געוואָרן איך זאָל ווערן אַן אָנגעשטעלטער, אַ פריקאַזטשיק.

די ערשטע שטעלע איז געווען אין אַ גרויסן הורטאָוונעס גאַלאַנטעריי געשעפט.

מער ווי עטלעכע וואָכן בין איך אָבער דאָרט ניט געווען, ווייל די עלטערע פריקאַזטשיקעס. גראָבע נפשות האָבן זיך איזדיעקעוועט און דערגאַנגען מיר די יאָרן... בין איך נאָך דעם אָנגעקומען אין אַ געשעפט פון טאַבאַק און פּאַפּיראָסן, דאָרט האָב איך אויך זיך ניט געקענט לאַנג האַלטן ווייל דער באַלעבאָס האָט מיר געהייסן טראָגן שווערע קאַסטנס סחורה צו די קליינשטעטלדיקע פורן, און ווען איך האָב זיך איינמאָל

באַקלאָגט דאָס עס איז פאַר מיר צו שווער, האָט דער ציגישער טאַבאַק סוחר, אַ ייד פון דער מזרח וואַנט אין אַ יחסנישן בית מדרש, זיך אויס־געלאַכט פון מיר און געזאָגט דאָס ווען ער איז געווען אין מיינע יאָרן איז ער ניט געווען אַזאַ פוילער לאָדער ווי איך בין און דערביי האָט ער אויפגעהויבן די קעסטל סחורה און געוויזן מיר נאַ זע! עס וועגט דאָך גאָרניט, פאַפּיראָסן זיינען גרינג אַזוי ווי פעדערן. אויף מאָרגן בין איך שוין ניט געקומען אין דער טאַבאַק קראָם. איך בין אָבער לאַנג ניט אַרומגע־גאַנגען ליידיק. איין טאָג בין איך געגאַנגען אויף דער הויפּט גאַס און דערזען אין פענצטער פון דעם גרעסטן בוך געשעפט הענגט אַ צעטל „מען דאַרף אַ ייִנגל". איך בין גלייך געקומען מיטן טאַטן זיך באַדונגען און דאָרט האָב איך אָפּגעאַרבעט שיינע עטלעכע יאָר. קיין יידישע ביכער זיינען נישט געווען אין דער דאָזיקער בוכהאַנדלונג־ביבליאָטעק, האָב איך זיך צוגעכאַפּט לייענען לייכטע רוסישע ביכער. איך האָב זיך ווי מען זאָגט געריבן אַרום די בעסטע און גרעסטע שרייבערס פון דער רוסישער ליטעראַ־טור און דאָס האָט מיר זייער אַ סך געגעבן און געהאָלפן מיר גייסטיק זיך צו אַנטוויקלען. מען פרעגט מיר אָפט אַ קשיא „פון וואַנען קען איך אַזוי גוט ביאַליסטאָק"? דער תירוץ איז אַ פשוטער: געלעבט און געהאַ־דעוועט האָב איך זיך אַלע יאָרן אין די אָרעמע געגנטן, אַזוי דאָס איך האָב געקענט אויסגעזבונדן אַלע גאַסן און געסלעך און אויך די איינוווינערס פון אָט דעם פאַלקסטימלעכן טייל שטאָט. קומענדיק דאָ ווידער אין דעם גרויסן בוך געשעפט אויף דער הויפּט גאַס האָב איך קענען געלערנט די גאַס האָב איך קענען געלערנט די גאַנצע ביאַליסטאָקער אַריסטאָקראַטיע, די סאַמע אייבערשטע פון שטויסל, אַזוי אַרום האָב איך געקענט גאַנץ ביאַליסטאָק. דאָ אין דער בוכהאַנדלונג איז שטענדיק געווען פול מיט מענטשן, בפרט אין יענע יאָרן ווען אין רוסלאַנד האָט זיך צעפלאַקערט די ערשטע רוסישע רע־וואָלוציע און ביאַליסטאָק איז דאַן געוואָרן אַ גרויסער פּראָפּאַגאַנדע צענטער, פון אונדזער שטאָט האָבן זיך געצויגן רעוואָלוציאָנערע פעדים איבער גאַנץ רוסלאַנד. אין יענער קורצער צייט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די צענזור און מען איז בכלל אויף אַ ווײַלע געוואָרן באמת פריי, מען האָט געמעגט דרוקן און ריידן אַלץ אין דער וועלט. „על השם ועל משיחו". צו קאַגאַנען אין בוכהאַנדלונג פלעגן אָנקומען אַלע טאָג די ליבעראַלע צייטונגען פון פּעטער־בורג וועלכע זיינען געווען פול מיט נייס. צוויי מאָל אין וואָך פלעגן אויך אָנקומען גאַנצע פּעק הייסע רעוואָלוציאָנערע בראָשורן און ביכער וואָס מען פלעגט עס אין אַ מינוט צוכאַפּן, אַזוי ווי מצה וואַסער. עס פלעגן קומען די אָנפירערס פון אַלע פאַרטייען מיט די שוואַרצע בלוזעס און יעדער איינער פלעגט אויסשרייבן פּראָפּאַגאַנדע ליטעראַטור פון זיין פאַרטיי.

דוד זאַבלאָדאָווסקי

# אַ פאַרשטעלטער אָפיציר

עס שטייט מיר נאָך איצט פאַר די אויגן אַן אָפיציר פון קאַזאַנסקין פאָלק וועלכער איז גאָר געווען אַ פייערדיקער אַגיטאַטאָר צווישן מיליטער. ער פלעגט זייער וויניקריידן, געקויפט, געבעטן אַ רעכענונג און באַצאָלט מיט קנאַקעדיקע — צאַרישע אַסיגנאַציעס. אַזוי שטיל ווי ער איז געקומען אַזוי שטיל פלעגט ער אויך אַוועקפאָרן אויף אַ דראָזשקע מיטנעמענדיק מיט זיך די סחורות. מער פון אַלץ פלעגט אָט דער מאָדנער געהיימניספולער אָפיציר קויפן אַ ספּעציעלע בראָשור פאַר פשוטע סאָלדאַטן וועלכע האָט זיך גערופן „זאַ וויערו צאַריאַ אי אָטעטשעסטוואַ“ פאַר דעם גלויבן פאַרן צאַר און פאַרן פאָטערלאַנד. איך האָב דעם ביכל דאַן כמעט אויסגעלערנט אינ־גאַנצן אויף אויסנווייניק. דאָס איז געווען די געשיכטע פון דער קייזער־לעכער משפחה פון די ראָמאַנאָווס (אָדער אָבמאַנאָווס ווי מען רופט זיי אין דער בראָשור) וועלכע האָבן געהערשט איבער רוסלאַנד העכער 300 יאָר. אויף אַ סאַטירישן אופן און מיט אַ חוזק טאָן ווערט דאָרט דערציילט וואָס פאַראַ דעספּאָטן און טיראַנען עס זיינען געווען די ווילדע־גאַנצע און האַלבע־משוגעים פאַרפוצטע אין קייזערלעכע מונדירן, מען האָט דאָרט אויך ניט געשאַנעוועט די קייסערינעס. מען האָט זיי אויסגערופן מיט די ערגסטע נעמען און אויפגעדעקט אַלע מיאוסע סעקרעטן פון די דאָזיקע פרויען וועלכע זיינען געווען פולשטענדיקע אידיאָטקעס און איגנאָראַנטקעס, און הפקרדיקע באַשעפענישן.

די בראָשור איז געשריבן געווען מיט גרויס טאַלאַנט און האָט געקענט עפענען די אויגן אַפילו אַ בלינדן.

צום סוף זיינען געקומען די ווייטערדיקע וואַרעמע שורות: „רוסישער סאָלדאַט!“ אונדזער חבר און אונדזער ברודער! באַטראַכט זיך גוט פאַר וועמען האָסטו געשוואָרן אַז דו וועסט אים פאַרטיידיקן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. אָט דעם מערדער מיט די אויסגעפּאַשעטע גלחים וועלכע האַלטן אונטער מיט ביידע הענט דעם צופוילטן טראָן. זיי וויסן, אַז אינגיכן וועט שלאָגן די צוועלפטע שעה, דאָס פאָלק אַליין וועט מיט געווער אין די הענט זיך באַפרייען פון זיינע מערדערס פון זיינע אונטערדריקער און עס וועלן מער ניט זיין קיין שקלאַפן ביי אונדז אין לאַנד. און אין דעם מאָמענט ווען דיינע עלטסטע וועלן דיר הייסן שיסן אויף דיינע ברידער און שוועסטער זאָלסטו אויסדרייען די ווינטאָווקע — דעם ביקס דיינעם און שיסן אויף די וועלכע גיבן דיר די באַפעלן און צוזאַמען וועלן מיר אַלע אין איינעם אויס־

**קעמפן אַ בעסערן לעבן און אַ פרייע רוסלאַנד ווו דאָס פאָלק אַליין וועט האָבן די דעה. „לעבן זאָל די פרייהייט".**

„דאָלאַי סאַמאָ דערזשאַוויע"!
נידער מיט דער זעלבסט הערשונג!

## ביאַליסטאָקער פּאָגראָם

צווישן אַלע אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען וועלכע האָבן זיך געפונען דאַן אין ביאַליסטאָק איז אויך געווען אַ גרויסע קאָנצענטראַציע פון אַנאַרכיסטן וועלכע האָבן פּראַקטיצירט טעראָר אָפטמאָל אָן שום לאָגיק, אָן שום שכל אָן אַ פּאַר וואָס און אָן אַ פּאַר ווען.

אָט האָט מען איינמאָל געשאָסן אַ יידישן פאַבריקאַנט אַ צווייטן מאָל איז פּרייטיק פאַרנאַכט אַנידערגעפאַלן טויט לעם אונדזער שטוב אַ על־טערער ייד וועלכער האָט נאָר וואָס פאַרמאַכט זיין גרויסן שוך געשעפט און געגאַנגען אַהיים זיך איבערטאָן צו גיין אין שול אַריין. אָבער דער הויפּט טעראָר זייערער איז געווען געווענדעט קעגן די צאַרישע אָרדנונגס היטער. מער ווי דריי פיר וואָכן האָט אין ביאַליסטאָק אַ פּאָליציי שעף זיך ניט געהאַלטן, מען האָט אים גלייך אַוועקגעלייגט. ווען אָבער מען האָט געשאָסן דעם לעצטן פּאָליציי מייסטער האָט מען אין דער לופט גענומען שפּירן אַ פּאָגראָם שטימונג — איך זאָג דעם לעצטן פּאָליציי מייסטער ווייל נאָך דעם האָט שוין די רוסישע זשאַנדאַרמעריע איבערגענומען אַלע פּאָליצייאישע פליכטן.

דאָ וויל איך באַמערקן דאָס דער דאָזיקער מאָרד איז געווען פשוט אַ גרויסער פאַרברעכן און אַ אומזין ווייל איך האָב אָט דעם פּאָליציי מייס־טער — דערקאַטשאַוו האָט מען אים גערופן — זייער גוט געקענט. ער איז געווען אַ גאָלדענער ליבעראַלער מענטש אָבער גיי פרעג קשיות ביי אַזעלכע וועלכע ווילן עס זאָל הערשן אַנאַרכיע אויף דער וועלט. ווי געזאָגט האָט איינער דעם אַנדערן איבערגעגעבן דאָס עס גרייט זיך עפּעס אויף די ביאַליסטאָקער יידן און ווען יידישע כלל טוערס זיינען געגאַנגען בעטן מען זאָל אָנעמען פאָרהיטונגס מיטלען האָבן די מאַכטהאָבערס געענטפערט מיט אַ האַלבע מויל, אַנדערע האָבן פשוט געענטפערט פרעך: דאָס וואָס איר יידן האָבן פאַרדינט אָט דאָס וועט איר האָבן.

די קלאַנגען זיינען ניט געווען קיין פוסטע, דאָס אויף וואָס מען האָט זיך געריכט און זיך געשראָקן איז געקומען. דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן דעם ערשטן יוני 1906 און געדויערט דריי טעג. עס איז דאַן געווען אַ גרויסע רוסישע חגא דער גרינער דאָנערשטיק האָט זיך עס גערופן. פון דער רוסישער צערקווע איז אַרויס אַ גרויסע רעליגיעזע פּראָצעסיע מיט די

הייליקע בילדער און אויסגעפוצטע גלחים פּאַרויס, די פּראָצעסיע איז געגאַנגען אַרום שטאָט און ווען זי איז צוגעקומען ראָג מיל גאַס און אַלעקסאַנדראָווסקע האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַ פּראָוואָקאַטאָר און דאָס איז געווען דער סיגנאַל, עס האָבן זיך דערהערט געשרייען „ביי זשידאָוו! שלאָגט די יידן!״ „זיי האָבן געשאָסן אין אונדזער הייליקער פּראָצעסיע״. דער פּאָגראָם האָט זיך גלייך נאָכדעם אָנגעהויבן. אויף גיך האָט מען פאַרמאַכט אַלע געשעפטן און די שטאָט איז געוואָרן אויסגעליידיקט. דאָס וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן געדאַרפט און געוואָלט. איך בין געלאָפן אויף גיך אין שטוב. עס איז געווען צוועלף אַזייגער בייטאָג. געוווינט האָבן מיר הינטער דער צערקווע, איך האָב דערזען ווי די צענדליקער פּוי־ערים וועלכע זיינען געשטאַנען דאָרט האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף זייערע וועגענער און אַנטלאָפן אין זייערע דערפער. די דירה ווו מיר האָבן גע־וווינט איז געווען אַ אונטערשטע מיט אַלע פענצטער פאַרן גאַס. דער טאַטע האָט אויף גיך פאַרמאַכט די לאָדנס. אויף דער גאַס האָבן זיך געהערט ווילדע קולות מיט אַ בריאַזגעריי פון שויבן און צעבראָכענע טירן און וויסטאַוועס פון די געשעפטן. מיר האָבן מורא געהאַט צו בלייבן ביי אונדז אין שטוב אונטן, זיינען מיר אַרויפגעלאָפן צו אַ שכן אויבן וואָס די פענצטער פון זיין דירה זיינען אַרויס צום הויף. מען האָט אויך אַרויפגעטראָגן אויבן דאָס ביסל עסנוואַרג וואָס מען האָט געהאַט אין שטוב און אויך די בעט־געוואַנט וואָס מיר האָבן אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע אין אַ ווינקל מיר זאָלן האָבן אויף וואָס צו שלאָפן. באַלד האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי וועלכע האָט ניט אויפגעהערט ניט ביי טאָג און ניט ביי נאַכט דאָס האָט די רוסישע מיליטער צוגעהאָלפן די פּאָגראָמשטשיקעס און מיט דעם דערקלערט זיך פאַר וואָס עס זיינען געפאַלן אַזוי פיל קרבנות. דאָס ערגסטע איז געווען אָבער די נאַכט פון פרייטיק אויף שבת. די נאַכט האָט זיך געצויגן און יעדע שעה איז געווען אַ יאָר. צענדליקער קוילנוואָרפערס האָבן געשאָסן טיק־טאַק... און זיך ניט אָפּגערוט קיין איין סעקונדע ביז עס איז גע־וואָרן טאָג. און שבת איז דער פרי האָט מען דערפילט אַז עס הויבט אָן צו ווערן אַביסל רואיקער און די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן שוין זייער אַרבעט געענדיקט. מען האָט נאָך מורא געהאַט אַרויסצוגיין אין גאַס ווייט פון שטוב, מען האָט נאָר פון אַ ווינקל געכאַפּט אַ קוק און דערזען פון דער ווייטנס פאַרברענטע און צוראַבירטע געשעפטן. בייטאָג האָט מען זיך אויך דערוווסט דאָס פון פעטערבורג זיינען אָנגעקומען דריי דעפּוטאַטן, מען איז אַרויס אין גאַס אַזוי ווי פון אַ געפענגעניש כאַפּן פרישע לופט.

אויף מאָרגן, זונטיק אינדערפרי, זיינען אַלע געלאָפן צו דעם יידישן שפּיטאָל וווּ אויפן הויף זיינען געלעגן אויסגעלייגט אַלע הרוגים. מיט צי־

טעריקע הענט האָט מען אָפּגעדעקט די ליילעכער און דערקענט אַ טאַטן, אַ מאַמען אַ פריינד, אַ קרוב אָדער אַ קרובה. די געוויינען און די יללות האָבן געשפּאָלטן די הימלען. די קרבנות פון ביאַליסטאָקער פּאָגראָם האָט מען פאַרבאַהאַלטן אין איין מאַסן קבר און אויף דעם הויכן פּירקאַנטיקן מאַרמאָרענעם מאָנומענט האָט מען אויסגעקריצט די נעמען פון די הונדערט מיט צוועלף קרבנות. צווישן די ערשטע אויף דער דאָזיקער מצבה געפינט זיך שמחה יאַנקעלעוויטש, וואָס דער זון זיינער איציק לעבט דאָ ביי אונדז אין מעקסיקע און ער האָט מיר דערציילט דאָס וואָס ער האָט געהערט פון זיין מאַמען, ווייל ער איז נאָך דאַן געווען אַ קינד פון צוויי יאָר. דער טאַטע זיינער איז געווען פון די ערשטע קרבנות גייענדיק אין גאַס געוואָר ווערן צו זיינער אַ שוועסטער.

אויף דעם מאָנומענט זיינען אויך אָנגעשריבן געוואָרן רירנדע שורות וואָס עס האָט פאַרפאַסט דער באַרימטער יידיש העברעאישער דיכטער זלמן שניאור.

„ער רופט דעם מאַרמאָרענעם זייל ער זאָל זיך ניט רירן פון אָרט אַפילו ווען עס וועלן זיך בייטן די גרענעצן פון לענדער און פון פעלקער: בלייב שטיין אויף דיין פּלאַץ און זאָלסט זיין אַ עדות וואָס מען האָט געטאָן צו יידן אינמיטן העלן טאָג און די זון האָט זיך ניט געשעמט. זי האָט ניט אויפגעהערט צו לייכטן און דער בלויער הימל איז ניט שוואַרץ געוואָרן״...

די וואָס זיינען געווען נאָכן חורבן אין ביאַליסטאָק דערציילן דאָס פון דעם מאָנומענט איז קיין זכר ניט געבליבן.

## ● בלוט בלבול אין ביאַליסטאָקער געגנט

איז דעם יאָר 1696 ווערט שוין זאַבלודאָווע באַקאַנט אין דער וועלט צוליב אַ בלוט בלבול וואָס די גויים פון שטעטל האָבן אויסגעטראַכט כדי נקמה צו נעמען פון די יידן אין וועלכע זיי האָבן דערזען אַ ביטערן קאָנקורענט. אין אַלטע זאַבלודאָווער דאָקומענטן און אין דעם ניינטן באַנד פון דובנאָווס געשיכטע „יעוורעוסקאַיאַ סטארינא״ ווערט געזאָגט דאָס אין יענעם יאָר איז אַ יידישער קצב פון זאַבלודאָווע געקומען אין דאָרף זוויערקי״ קויפן אַ בהמה און דאָרטן האָט ער געכאַפּט דעם זעקס יאָריקן יינגל גאַורילאַ, ער האָט אים באַהאַלטן אין זיין וואָגן און אַוועקגעפירט אים קיין ביאַליסטאָק ווו די דאָרטיקע יידן האָבן אים געשטאָכן און אויסגעצאַפּט פון אים די גאַנצע בלוט. אין דובנאָווס געשיכטע ווערט איבערגעגעבן אַז דאָס איז געשען אין דעם יאָר ווען סאָביעסקי איז געווען דער קעניג פון פוילן דאָס הייסט אין מלך „סאָבעצקיס״ צייטן ווי מען פלעגט זאָגן אין ביאַליסטאָק. קיינער האָט דאַן דעם געהרגעטן ניט געזען מיט

די אייגענע אויגן אָבער דעריבער רופט מען דאך דאָס אַ בלוט בלבול און די יעזואיטן, וועלכע זיינען דאַן אָנגעקומען אין דעם גאַנצן געגנט כדי צו פאַרשפרייטן דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן האָבן דאָס צוליינט אויף טעלער־לעך מען האָט גלייך אָט דעם גאַוורילאַ זאַבלודאָווסקי ווי מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן געמאַכט פאַר אַ קדוש און מיטן גרעסטן פּאַראַד האָט מען אים אַוועקגעפירט קיין זאַבלודאָווע און אַוועקגעשטעלט אויבנאָן אין דער דאָרטיקער פּראַוואָסלאַוונער צערקווע ווייל אין ביאַליסטאָק איז נאָך דאַן קיין רוסישע תיפלה ניט געווען.

די קלויסטער־גלאָקן אין זאַבלודאָווע האָבן אַ גאַנצן טאָג געקלונגען אָן אויפהער און גערופן די פּויערים פון אַרום, זיי זאָלן קומען זען וואָס יידן האָבן דאָ אָפּגעטאָן, שפּעטער האָט מען זיינע ביינער אָדער ווער ווייס וועמעס ביינער אַוועקגעפירט קיין סלוצק ווו עס האָט זיך שוין פון לאַנג געפונען דאָרט אַ גרויסער צענטער פון פּאַנאַטישע רוסן. מען האָט טאָג און נאַכט געקלונגען מיט די שווערע גלאָקן און גערופן אַלע גלויביקע עולה רגל זיין קומען קיין סלוצק און מתפלל זיין. אין דער סלוצקער צערקווע סאַמע אויבנאָן האָט מען אויפגעהאנגען אַ שילד מיט אַ אויפשריפט ווו עס איז דערציילט געוואָרן די גאַנצע אויסגעטראַכטע מאַרטירער געשיכטע פון דעם דאָזיקן הייליקן יינגל. אויף אַזאַ אופן איז אין דובנאָווס מאָנומענטאַלער יידישער געשיכטע דערמאָנט געוואָרן צום ערשטן מאָל דער נאָמען פון דער שטאָט ביאַליסטאָק און אויך דער נאָמען פון אַ גויישן יינגל גאַוורילאַ זאַבלודאָווסקי.

צום באַדויערן געפינען מיר ניט קיין שפּור קיין שום פאַרצייכנונג ווי ווי אַזוי דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט און געווירקט בכלל אויף די אַמאָליקע ישובים און ווי אַזוי יידן האָבן רעאַגירט אויף אָט דער אויסגעטראַכטער געשיכטע אין יענע יאָרן.

## איך וויל ווערן אַ בוכהענדלער פאַר זיך

ווי נאָר איך בין אַלט געוואָרן זיבעצן יאָר און איך האָב דערזען אַז עס איז מער קיין תכלית ניט צו אַרבעטן ביי יענעם בין איך אַוועק פון דער שטעלע און באַשלאָסן צו אָנהויבן אַליין האַנדלען מיט ביכער. ווי באַ־קאַנט זיינען בוכהאַנדלונגען און ביבליאָטעקן געווען פריי פון שטייערן, מען האָט נאָר געדאַרפט האָבן אַ דערלויבעניש פון גובערניע, אַזוי ווי אָבער איך בין נאָך געווען אַ מינדעריעריקער האָט עס געמוזט גיין אויפן טאַטנס נאָמען. דער טאַטע האָט אַוועקגעשיקט אַ „פּראָשעניע" צום גובערנאַטאָר אין גראָדנע און בייגעלייגט אַ „כאַראָשע פּאָוועדעניע" דאָס הייסט אַ באַשטעטי־קונג פון גוטער אויפפירונג וואָס ער האָט אַרויסגעקריגן פון דער ביאַליס־טאָקער פּאָליציי...

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און עס איז אָנגעקומען אַ פּאַפּיר מיט אַ צווייקעפּיקן אָדלער ווו עס איז געווען געשריבן דאָס חיים הערש זאַבלודאָווסקי האָט דאָס רעכט צו עפענען אַ בוכהאַנדלונג, און איז פריי פון יעדן אָפּצאָל. איך האָב גלייך אָנגעהויבן אויסצושרייבן קאַטאַלאָגן פון די גרויסע רוסישע ביכער פאַרלאַגן און געגומען באַקלערן ווי צו שטעלן די ערשטע טריט אויף דעם נייעם זעלבסטשטענדיקן וועג.

## כ׳פאָר קיין ווילנע

גאַנץ אומגעריכט אָבער האָט זיך מיין ווייטערדיקער לעבן אַ קירעווע געטאָן גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג — און דאָס איז געווען לטובה. געשען איז אָט וואָס: קיין ביאַליסטאָק איז געקומען צו פאָרן זיך זען מיט זיינע קרובים לעאָן גירשאָווסקי אַ בוכהענדלער פון ווילנע, און פאַר איין וועגס האָט ער זיך גענומען נאָכפרעגן און זוכן אַ אָנגעשטעלטן וואָס ער האָט נייטיק געהאַט פאַר זיין געשעפט און פאַרשטייט זיך איינער וועלכער זאָל זיין באַקאַנט מיט דער ביכער בראַנזשע. אין אַ שיינעם פרימאָרגן קריג איך אַ צעטעלע דאָס ער וויל מיר זען, און דעם זעלבן אָוונט זיינען מיר געזעסן אין אַ קאַפע און געשמועסט — וויזט אויס איך בין אים געפעלן געוואָרן. ער האָט מיר געגעבן עטלעכע רובל פאָרויס אויף הוצאות און אין געוואָרן, אין אַ וואָך אַרום בין איך שוין געווען אין ווילנע. ווען איך בין דעם ערשטן טאָג אַריינגעקומען אַרבעטן אין דעם נייעם געשעפט האָב איך דערזען דאָס מיר פעלט נאָך זייער אַ סך צו קענען די בראַנדזשע, ווייל אין ווילנע זיינען געווען העכערע לערן אַנשטאַלטן. אָט שטייען פאַר מיינע אויגן גאַנצע פאַליצעס מיט טעכנישע, מעדיצינישע און אַנדערע פּראָפעסיאָנעלע טעקסט ביכער וואָס איך האָב פריער וועגן זיי קיין אַנונג ניט געהאַט. עס האָט לאַנג ניט געדויערט. איך האָב איבערגעשטעלט און געבראַכט אין אָרדנונג אַלע ביכער און קענען געלערנט אַלע קלאַסיפיצירטע אָפּטיילונגען וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם גרויסן ווילנער בוך געשעפט.

ביים האַלטן אין די הענט געוויסע מעדיצינישע ביכער איז דער בחור אין מיר געווען נייגעריק אַ בלעטער צו טאָן און קוקן אויף די אילוסטראַציעס אָבער טאַקע ניט מער ווי אַ ווילע, מיינע אויגן האָבן זיך ברייט געעפנט ווען איך האָב גענומען באַטראַכטן און זיך איינלעבן אין ירושלים דליטא. אין די אָוונטן פלעג איך זיצן אין סטראַשונס ביבליאָטעק און שבת פלעג איך גיין הערן דעם חזן אין דער גרויסער שול ווו ביים עמוד איז געשטאַנען דער באַרימטער חזן דוד ראָיטמאַן. עס קען גריילעך זיין דאָס לעם דעם הויכן אייזערנעם טויער ביים אַריינגאַנג צו דעם באַרימטן היסטאָרישן ווילנער שול-לויף איז שוין דאַן געשטאַנען מיט אירע קאַשיקעס חיים גראַדעס

מאַמע און איך האָב געקויפט ביי איר פאַר אַ פּאָר קאָפּיקעס געפּרווירענע עפּעלעך. אין ווילנע בין איך געווען אַנדערהאַלבן יאָר, און מיין קוואַרטיר האָב איך געהאַט ביי אַ ייד אַ בעל מלאכה וואָס איך האָב אים זעלטן געזען, ווייל ער האָט געאַרבעט ביים דעקן און פאַריכטן בלעכענע דעכער און די קאַזאַרמעס הינטערן שטאָט. אין שטוב האָבן זיך געפונען צוויי בחורימלעך אַ צווילינג כמעט אין מיינע יאָרן, זיי האָבן געאַרבעט אין לעדער געשעפטן. איך האָב זיך מיט זיי ניט געחברט ווייל זיי זיינען געווען גרויסע בעל־גאוהס. פאַרוואָס האָב איך ניט פאַרשטאַנען אפשר דערפאַר וואָס זיי זיינען געווען געבוירענע ווילנער און איך — ווייס איך וואָס — אַ געקומענער פון פּראָווינץ ערגעץ. אָדער אפשר האָבן זיי שטאָלצירט דערמיט וואָס זיי האָבן געקענט זינגען און איך ניט. — דעם אמת מוז מען זאָגן דאָס זיי האָבן געהאַט שיינע שטימעס און טאַלאַנט צום זינגען, אָבער איין זאַך האָט מיר דאַן געוווּנדערט, אין יענער צייט האָט מען אין אונדזערע געגנטן שוין געזונגען פאָלקס לידער און מען האָט שוין געוווסט פון אַברהם רייזענען און וואַרשאַווסקין, דאָ אין ווילנע בכלל און באַזונדערס אין דער שטוב ווו איך האָב זיך געפונען האָט מען דערפון ניט אַנגעהויבן וויסן, וואָס זשע האָבן זיי געזונגען אָט די בחורימלעך וועלכע האָבן ניט גערייענט ניט קיין בוך און ניט קיין צייטונג און אין דער פרייער צייט נאָר געגאַרגלט, זיי האָבן קאָפּירט אמת אויסגעצייכנט קוואַר־טינס „אהבת עולם" אָדער „התעוררי" פון אַ אומבאַקאַנטן חזן און נאָך אַנדע־רע חזנישע שטיקלעך תפלות. באַלד אָבער זיינען זיי איבערגעגאַנגען צו די „געזענגע" אַרויסגענומען פון די שונד אָפּערעטקעס „שבת קודש" און „כינקע פינקע" און נאָך ענלעכע קונסט שטיק מיט וועלכע דער אַמאָליקער יידישער טעאַטער האָט געשפייזט דעם עולם. אָט זיינען דריי מוסטערן. איינער מיט דער שטאַרקערער שטימע גיט אַ שאָס אַרויס: „אוי האָב איך אַ סוד איך קען פון אים באַגליקט ווערן גיך"... און דער צווייטער דערלאַנגט דעם באַרימטן דועט: „חיה! וואָס ווילסטו שמאַיע? איך וויל אַז דו זאָלסט זיין מיינס — און אַז גאָט וועט אונדז געבן אַ קינדעלע צום לעבן וועלן מיר אים ביידע וויגן, עס וועט זיין אַ פאַרגעניגן... שלאָף! שלאָף! שלאָף זשע איין מיין קינד". אָדער זיי האָבן גאָר גענומען זינגען אַ לידל וועגן אַ נאָז:

„אוי גוואַלד וואָס וויל מיין נאָז פון מיר
צרות לייד איך אָן אַ שיעור
ווו מיין שמעקער טוט נאָר אַ שמעק
טרייבט מען מיר פון דאָרט אַוועק
ווייסט איר פאַר וואָס? — — —
ווייל שולדיק אין דעם איז נאָר מיין נאָז
נאָר מיין נאָז נאָר מיין נאָז" א.אַ.וו.

איך פלעג אַוועקגיין פון שטוב כדי ניט צום הערן די דאָזיקע זינגערייען.

אין ווילנע האָבן איך זיך באַקאַנט מיט אַ עקסטערן אַ געוועזענער ישיבה בחורל ביי וועמען איך האָב געלערנט רוסישע גראַמאַטיקע פאַר צוויי רובל אַ חודש אָבער דער אמתער חבר מיינער איז געווען מענדקע זלאַטניק מיט דער גאָלדענער נשמה. ער האָט געאַרבעט אין אַ צוויטן גרויסן בוך געשעפט. נאָך אַזאַ מין האַרציקן חבר ווי עס איז געווען אָט דער מענדקע האָב איך איז מיין לעבן ניט געטראָפן, ער האָט ממש ניט געהאַט קיין גאַל. ער איז גרייט געווען אַוועק צו געבן די נשמה זיינע, ווען ער האָט נאָר דערזען אַ קרומע מינע ביי זיינעם אַ נאָנטן אָדער אַ חבר.

עס זיינען שוין אַריבער קרוב זעכציק יאָר און איך טראַכט נאָך אַלץ ווי וואָלט איך אויסגעזען ווען מענדקע וואָלט מיר ניט געהאָלפן דאַן אין אַ עת צרה אין אַ מאָמענט ווען איך בין פשוט געווען פאַרצווייפלט. פאַסירט האָט — אָט וואָס:

דער באַלעבאָס פון געשעפט האָט מיר געגעבן 50 רובל איך זאָל גיין צאָלן אַ וועקסל אין אַ באַנק. פאַרבייגייענדיק אַ קליינעם סקווער האָב איך געזען ווי אַ געזעמל מענטשן זיינען געשטאַנען און געקוקט ווי אַרטיסטן פון אַ צירק האָבן געוויזן קונצן. ניט ווילנדיק בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן צווישן דעם עולם, איך האָב דערפילט אַז איך בין אַרומגערינגלט און צוגעדריקט געוואָרן פון אַלע זייטן און האָב זיך ניט געקענט רירן פון אָרט, ווען איך האָב זיך באַפרייט און גענומען גיין וויטער האָב איך זיך אַ כאַפּ געטאָן צו דער קעשענע און דערזען דאָס מען האָט ביי מיר אַרויסגעגנבעט די 50 רובל, וואָס טוט מען דאָ? אין איין אָטעם לויף איך אַוועק צו מענדקען אין געשעפט איך רוף אים אַרויס און דערצייל אים אַ פאַרצווייפלטער וואָס מיט מיר איז געשען. ער הייסט מיר שטיין אַ ווייִלע און אין צען פופצן מינוט אַרום ברענגט ער מיר 50 רובל וואָס ער האָט גענומען ביי זיין מאַמען דער אלמנה. די מאַמע זיינע האָט געהאַנדלט מיט האַנטיכער און מיט שטשירקעס וואָס זי פלעגט אַרומטראָגן פאַרקויפן צו באַלעבאָסטעס אין די הייזער, מענדקע האָט געהאַלטן ביי איר זיינע אָפּגעשפּאָרטע הונדערט רובל. איך בין אויף גיך געלאָפן אין באַנק און געבראַכט דעם באַלעבאָס דעם אָפּגעצאָלטן וועקסל זאָגנדיק אַ תירוץ דאָס עס האָט געדויערט אַזוי לאַנג ווייל אין באַנק זיינען געווען אַ סך מענטשן.

עס איז איבעריק צו זאָגן דאָס איך האָב יענעם ווינטער געמוזט אַביסל צוהונגערן געשפּאָרט אַ גראָשן צו אַ גראָשן און אָפּגעגעבן ביסלעכווייז מיין גוטן חבר. די 50 רובל וואָס ער האָט מיר געליען.

ד ו ד   ז אַ ב ל ו ד אָ ו ו ס ק י

# איך הייל אַ צעבראָכענע האַרץ

גאָר גיך איז אונדז צוגעקומען נאָך אַ חבר שלמקע ראָגאָווסקי אַ געהילפס בודהאַלטער ביי בונימאָוויטשן אין באַנק. אַ פריילעכער חברה מאַן און דורך אים האָבן מיר זיך אויך באַקאַנט מיט דריי מיידלעך. איינע גאָלדע אַ קרע־מערקע אין אַ פּאַפּיר געשעפט און צוויי אַנדערע כאַשקע און שרקע וועלכע האָבן געאַרבעט אין דעם גרעסטן געשעפט ביי זאַלקינדן. ווי עס ווייזט אויס איז דאָס געווען דאָס ערשטע מאָל ווען מענדקע האָט זיך באַקאַנט מיט אַ מיידל. ווי נאָר ער האָט דערלאַנגט גאָלדען די האַנט האָב איך באַמערקט דאָס ער איז געוואָרן אַ פאַרביטענער, די בלוט איז אים אַריין אין פּנים און ער האָט אינגאַנצן געציטערט. אין דעם מאָמענט האָב איך זיך דערמאָנט ווי איך האָב אויסגעזען ווען איך האָב זיך אין זאַבלודאָווע דעם ערשטן מאָל זיך באַקאַנט מיט גיטלען, וואָס ווייטער האָב איך זיך איבערצייגט אַז מענדקע האָט זיך פאַרליבט איבער די אויערן אין גאָלדען. זי האָט אים אָבער ניט געהאַט אינזינען, עס פלעגט פּאַסירן ווען מיר פלעגן פרייטיק צו נאַכטס שפּאַצירן אויף געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט האָט די כיטרע גאָלדע באַמערקט מענדקעס שוואַכקייט און ליב געהאַט זיך צום רייצן מיט אים. זי פלעגט אים פלוצלונג אַ כאַפּ טאָן אונטערן אָרעם אַריינגעקוקט אים מיט אַ שעלמישן שמייכל אין די אויגן און געפרעגט אים „פּאַר וואָס ער איז אַזוי אומעטיק"? וואָס אַ וואָך ווייטער האָב איך געזען אַז דער בחור גייט איין, איך האָב אויך געזאָגט גאָלדען זי זאָל אויפהערן פראַווען אירע שטיק.

איינמאָל פרייטיק צו נאַכטס איך בין געווען שוין גרייט אַרויס גיין אין גאַס פאַלט אַריין צו מיר מענדקע ניט קיין געוואַשענער אין זיינע צוקניי־טשטע וואָכעדיקע זאַכן, ער גיט זיך אַ זעץ ביי מיר אויפן בעטל און וויינט זיך פאַנאַנדער: דוד! וואָס זאָל איך טאָן? אָן גאָלדען קען איך ניט לעבן און זי וויל מיר ניט. פאַרוואָס זאָל זי מיר דען ועלן און וואָסער מיידל וועט מיר דען וועלן, ווען איך גיב אַ קוק אין שפּיגל זע איך דאָך אויס ווי אַ אָבע־זיאַנע — מיט מיין געשטופּלטן פּנים... דריי מאָל אַ טאָג גיי איך פאַרביי לעם גאָלדעס קראָם כדי צו כאַפּן אַ קוק אויף איר פון דער ווייטן. שוין דריי נעכט ווי איך שלאָף ניט...

איך האָב דעם חבר מיינעם מער ניט געלאָזט ריידן — די שטוביקע זאָלן ניט דערהערן. איך האָב אים גענומען אונטערן האַנט און אויף גיך אַרויס מיט אים אין גאַס, אויף געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט זיינען מיר שוין ניט גע־גאַנגען. איך האָב אים אַריינגענומען צו שולגינען אין קאַפּע זיך געזעצט מיט אים גאָר אַרויף אין אַ ווינקל און זיך גענומען צו דער אַרבעט היילן אַ צובראָכענע האַרץ. איך האָב אים געבעטן ער זאָל זיך באַרואיקן און איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטן. איך האָב געמוזט שמייכלען ווען ער האָט

מיר דערציילט אַ געשיכטע דאָס ער האָט זיך דערוווּסט אַז, עס איז פאַראַן אַזאַ מין זאַלץ וואָס ווען מען גיט עס נאָר אַ לעק איז אויס... מען ווערט באַפרייט פון אַלע יסורים... איך האָב אַ באַקאַנטן פּראָוויזאָר גיט ער צו — ער וועט מיר קריגן אָט דעם דאָזיקן זאַלץ און איך וועל פּטור ווערן פון מיינע ליידן. דאָ האָב איך זיך שטאַרקער גענומען צו דער אַרבעט און גע־זאָגט: הער זיך איין מענדקע... פאַר דעם האָב איך קיין מורא ניט. דו ביסט צו שוואַך אָפּצוטאָן אַזעלכע נאַרישקייטן און דער וואָס וויל זיך נעמען דאָס לעבן רעדט ניט פריער דערפון. הער זיך בעסער צו וואָס איך וועל דיר זאָגן. דו ביסט ניט איינער. דאָס זעלבע לעבט איבער יעדער בחור. נעם זיך אין די הענט אַריין פאַרגעס פון איר פון דער גאָלדען דער מרשעת. דו וועסט געפינען אַ מיידל וואָס וועט דיר פאַרשטיין זי וועט דיר דערקענען — און זען וואָס פאַראַ גאָלדענע נשמה דו פאַרמאָגסט און זי וועט זיין די אמתע חברטע דיינע אין לעבן. איך בין אַזוי געזעסן אפשר צוויי שעה און איינגעטענהט מיט מענדקען, ער האָט געזופט הייסע טיי מיט ציטרין אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז און איך האָב דערזען ווי ער ווערט ביסלעכווייז אַן אַנדער מענטש און עס באַווייזט זיך אַ שמייכל אויף זיין אויסגעצייגענעם בלאַסן פּנים. איך האָב אים אַוועקגעפירט אין שטוב און פון יענעם טאָג אָן האָבן מיר זיך אויפגעהערט צו טרעפן מיט גאָלדען און מיט אירע חברטעס.

גאָר אינגיכן האָב איך זיך אויך געשיידט מיט דער טייערער יידישער שטאָט ווילנע.

## איך פאָר קיין קאָוונע און איך בענק נאָך ווילנע

אין איינעם אַ זומערדיקן פרימאָרגן קומט אַריין אין דעם געשעפט ווו איך האָב געאַרבעט אין ווילנע, אַ מיטליעריקע אומבאַקאַנטע פרוי, גאַנץ פיין געקליידעט. זי נעמט אַרויס פון איר האַנט בייטל אַ צעטעלע און בעט מיר איך זאָל איר געבן די ביכער וואָס עס זיינען דאָרט פאַרצייכנט און כאָטש איך האָב איר נישט געפרעגט, דערציילט זי מיר אַ מעשה דאָס אַזוי ווי איר איניקל גרייט זיך אַריינצוטרעטן אין אַ מיטלשול וויל זי אים קויפן אַ מתנה די נייטיקסטע ביכער. איך האָב איר געבעטן זיצן אַריינגעבראַכט פון צוויטן צימער די ביכער אָנגעשריבן אַ רעכענונג און פאַרפּאַקט, די פרוי האָט באַצאָלט אין קאַסע און איז אַוועק. איך בין אָנגעגאַנגען ווייטער מיט מיין טאָג טעגלעכער אַרבעט און מיר איז גאָרניט איינגעפאַלן אַז די דאָזיקע פרוי איז גאָר געקומען כאַפּן אַ קוק אויף מיר אַליין און די ביכער דאָס איז געווען ניט מער ווי אַ תירוץ, באַלד איז דאָס מיר קלאָר געוואָרן. ווען איך בין בייטאָג אַרויס עסן איז מיר געקומען אַנטקעגן מיין חבר מענדקע און ער דערציילט מיר דאָס די פרוי דאָס איז מאַדאַם פּאַליאַטשעק פון קאָוונע

און דאָס האָט ער איר געשיקט צו מיר ווייל זי דאַרף האָבן אַ מענטשן אין דעם גרויסן בוך געשעפט זייערן אין קאָוונע. און אַזוי ווי איך בין איר געפעלן געוואָרן, וויל זי זיך מיט מיר אַדורכריידן. אַכט אין אָוונט בין איך געווען ביי איר אין האָטעל און זי דערציילט מיר דאָס ביי זיי האָט געאַרבעט אַ בחור פיר יאָר און ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, — איז אויב איך וויל זאָל איך קומען קיין קאָוונע. איר וועל זיין ביי איר. אין שטוב אויף אַלעם — פּאַרטיקן און דערצו וועל איך אויך קריגן אַ מאָנאַטלעכן געהאַלט. איך האָב איינגעשטימט מיטן באַדינג דאָס אין זעקס חדשים אַרום וועט מען מיר העכערן אויב זיי וועלן, נאַטירלעך זיין צופרידן.

אויף מיין פּלאַץ און ווילנע איז אָנגעקומען באַריס לאַזינסקי אַ אינטעליגענטער בחור, געשטאַמט פון שקלאָוו מאָהילעווער גובערניע, פיר, פינף יאָר עלטער פון מיר, זייער קאָמפּעטענט אין דער בוך בראַנזשע. איך בין געבליבן מיט לאַזינסקין אַ וואָך צייט כדי צו באַקענען אים מיטן געשעפט און בין אַוועקגעפאָרן קיין קאָוונע.

ווען מען קומט פון ווילנע אין קאָוונע פילט מען גלייך דאָס מען איז אַריינגעפאָרן אין אַ קליין שטעטל, עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ ברייטן אַ באַקוועמען — כאָטש ניט קיין רייכן — בגד און מען וואָלט זיך אַריינגעקוועטשט אין אַ שמאָלן קאַפּטאַן, אמת פון גאָר אַ גוטן געוואַנט. עס בענקט זיך צוריק נאָך דער גרויסער היסטאָרישער יידישער ווילנע, די ירושלים דליטא, וועלכע איז געלעגן אין סאַמע צענטער פון דעם יידישן תחום המושב, ווילנע מיט אירע פאַרשטעטלעך און הינטערשטעטלעך אַרום און אַרום געדיכט באַזעצט מיט יידן. ווילנע מיט אירע למדנים און מתמדים, פון ווייטע שטעט און שטעטלעך איז מען געקומען אָנשעפּן תורה אָנשעפּן וויסן. — פּת במלח. — געגעסן טרוקענע ברויט מיט וואַסער אָבער געלערנט, געשטרעבט צו בילדונג צו קענטעניש, געזוכט אַ תוך אַ אינהאַלט און אַ אָנהאַלט אין לעבן. היינט די צווייטע די רייכע האַלבע שטאָט ווילנע וועלכע איז שוין געווען מאָדערנע גרויסטעטיש, קינדוויז האָב איך געזען אין אַ רוסישן לערן ביכל אַ בילד מיט אַ אויפשריפט „וויד באַלשאָווא גאָראָדאַ“ דאָס הייסט אַן אויסזען פון אַ גאַס אין אַ גרויסער שטאָט, און ווען איך האָב אין ווילנע דערזען דעם פּרעכטיקן געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט האָב איך דערקענט אַז דער דאָזיקער גאַס האָט מען עס פאָטאָגראַפירט און געוויזן פאַר קינדער, כדי אפשר צום רייצן זייער פאַנטאַזיע און צוגעבן זיי חשק צו לעבן אין אַ גרויסער שטאָט.

ווילנע מיט די טויזנטער רוסישע ביוראָקראַטן, באַאַמטע און טשינאָווניקעס וועלכע האָבן געאַרבעט אין די צענדליקער רעגירונגס־אינסטיטוציעס וועלכע האָבן באַדינט ניט נאָר ווילנע נאָר אויך אַלע אַרומיקע גובערניעס.

ווילנע מיט אירע מאָנומענטאַלע געביידעס אונטערגעשפּאַרט מיט הויכע מאַסיווע סלופּעס. געגוג בלויז צו דערמאָנען די לאַנגע פּיל שטאָקיקע געביידע מיט די הונדערטער פענצטער אויף ראָג פּאָגוליאַנקע ווו עס האָט זיך געפונען די הויפּט פאַרוואַלטונג פון די פּאָליעסער באַן ליניעס.

איך דערמאָן זיך אגב ווי אין יענער צייט איז ווילנע אויפגעטרייסלט געוואָרן צוליב אַ מאָרד פון איינעם אַ בחור וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ באַרימטער יחסנישער ווילנער משפּחה. דער מיטליאָריקער אינזשיניער מאָזשייקאָ, הויפּט דירעקטאָר פון טעכנישן דעפּאַרטאַמענט פון דער פּאָליעסער באַן ליניע האָט דערשאָסן ביי אים טאָקע אין שטוב דעם שלאַנקן און עלעגאַנטן סטודענט עפּשטיין וועלכער האָט געגעבן לעקציעס פון רוסישער ליטעראַטור און פון נאָך עפּעס... דער יונגער שיינער און נאַרעשעוואַטער ווייב דעם אינזשיניערס מיט וועמען ער האָט ניט לאַנג חתונה געהאַט...

היינט ווי קען מען פאַרגעסן דעם ווילנער שלאָס באַרג, דעם טעליאַטניק און דעם בערנאַרדינער גאָרטן. לעבעדיק טומלדיק פריילעך איז געווען די גרויסע פייערלעכע פאַרוויילונג אָדער „גוליאַניע" — ווי מען האָט עס גערופן — אין איינעם אַ זונטיק אינמיטן זומער אין דעם פאַרפּוצטן בערנאַרדינער פּאַרק לטובת דעם ווילנער „משמרת חולים". דער גאָרטן איז געווען געפּאַקט און העל באַלויכטן, דאָרט האָט מען געקענט טרעפן די גאַנצע ווילנער אַריסטאָקראַטיע אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק. עס האָבן געשפּילט דריי אָרקעסטערס מוזיק, קאָלירטע פייער־ווערק האָט געבליצט אַלע ווײַלע און דערגרייכט ביזן הימל. קאָנפעטי האָט זיך געשאָטן ווי שניי, און די לאַנגע פּאַסן סערפּענטין האָבן אַרומגעוויקלט די עלעגאַנטע שיינע דאַמען, אין די בופעטן און אין די דעקאָרירטע קיאָסקן.

יע! עס האָט זיך געבענקט נאָך ווילנע. דאָרט האָט מען געפילט אַז מען געפינט זיך אין אַ גרויסער שטאָט, דאָ אָבער אין קאָוונע איז שטיל, רואיק. מען לויפט ניט מען איילט זיך ניט מען גייט פּאַמעלעך מען טומלט ניט, די הויכע בערג אַרום און אַרום גיבן צו דער שטאָט אַ נאַטירלעכע שיינקייט.

ניטאָ אין קאָוונע קיין הויכע קוימענס און אויך ניט קיין וואַלד, כמעט אין סאַמע שטאָט, אַזוי ווי ביי אונדז, אין ביאַליסטאָק, דערפאַר האָט אָבער קאָוונע געהאַט אַ גרויסן טייך וואָס ביאַליסטאָק האָט ניט געהאַט און דער ברייטער טייך רעדט גאָר אַ באַזונדער שפּראַך, דער טייך ברענגט גרוסן פון די ווייטע געגנטן פון וואַנען ער קומט, איך פלעג ליב האָבן זיך אויפכאַפּן פאַרטאָג זיך שטעלן ביים ברעג טייך זען דעם פייערדיקן זון אויפגאַנג קוקן ווייט ווייט אויפן טייך הערן דעם רוישן זיינעם אויפכאַפּן די קלאַנגען און דעם לשון זיינעם.

דער טייך אין קאָוונע איז טאַקע געווען די נשמה דער רוח החיים פון דער שטאָט. זומער ווען דער טייך האָט געלעבט איז אויך די שטאָט געווען פול מיט לעבן און ווינטער ווען דער טייך האָט זיך אָפּגעשטעלט האָט די שטאָט פאַרלאָרן איר רירעוודיקייט איר נשמה און לעבן.

## ביי פּאָליאַטשעקן אין געשעפט

ווען איך בין דעם ערשטן טאָג אַריין צו פּאָליאַטשעקן אין בוך געשעפט איז מיר געוואָרן פינסטער אין מיינע אויגן און איך האָב געוואָלט לויפן צוריק אין ווילנע, אַזאַ מין שמוץ אַזאַ מין מיש מאַש און אומאָרדנונג האָב איך אין ערגעץ ניט געזען. אַלץ איז געווען אָפּגעלאָזן און באַדעקט מיט שטויב, די פּאָדלאָגע שוואַרץ ווי סאַזשע, די ביכער אָנגעוואָרפן און צונויפּגעמישט קאַשע מיט באָרשטש, לייען ביכער מיט לערן ביכער צוזאַמען, טעקסט ביכער פון אַלע מינים ליגן אויף די פּאָליצעס, אָן אַ טאָלק און אָן אַ לאַד. איך האָב ניט אָנגעהויבן צו וויסן וואָס הויבט מען דאָ אָן פריער צו טאָן. אין געשעפט איז געווען אַ מיידל ציפּקע פּאָליאַטשעקס אַ קרובה האָט זי אָבער געהאַט אַ קראַנקהייט. זי איז געווען פאַרליבט אין אַדעלאַ טשאַרסקאַיאַ, די פּאָפּולערסטע שריפטשטעלערין דאַן פון פאַנטאַסטישע געשיכטעס ספּעציעל פאַר יונגע מיידלעך. און אָט די ציפּקע איז געזעסן פאַררוקט אין אַ ווינקל און געלייענט דעם לעצטן בוך פון טשאַרסקאַיאַ. אָבער אָט שטערט מען איר גאָר אין לייענען עס קומט אַריין אַ קונה און זי האַלט גאָר ביי די סאַמע געדיכטע. גייט זי צו מיטן בוך אונטערן אָרעם ניט קיין געוואַשענע, ניט קיין פאַרקאַמטע אַ פאַרחלומטע האָט זי אויסגעזען ווי זי וואָלט אין דעם מאָמענט אַראָפּגעפאַלן פון הימל אויף דר׳ערד. איך האָב דאָס דערזען בין איך געוואָרן אַ אויפגערעגטער, ראשית האָב איך אַרויסגענומען דעם בוך פון אירע הענט און שטרענג געזאָגט צו איר אַז לייענען וועט זי ביינאַכט אין שטוב און איצט די מינוט זאָל זי גלייך נעמען אַ בעזים און גוט אויסקערן די קראָם און די מיסט ניט קלייבן אין די ווינקעלעך נאָר אַרויסוואַרפן אויפן הויף אין מיסטקאַסטן און נאָך דעם ווי זי וועט אַרום און אַרום אָפּווישן גוט דעם שטויב זאָל זי זיך נעמען אָפּסאָרטירן די ביכער און צושטעלן אין אָרדענונג אויף די פּאָליציעס. איך אַליין האָב זיך גענומען פאַרריכטן אַ שטיקל מעבל. ווי באַקאַנט זיינען אין יענע יאָרן געשטאַנען אין אַלע געשעפטן אַזעלכע אויסגעבויגענע שרייבטישן וועלכע האָבן אויסגעזען ווי ברייטע סטענדערס, וויל איך אַ קוק געבן וואָס עס טוט זיך אינעווייניק אין סטענדער בלייבט מיר דער דעק אין די הענט ווייל די זאַוויעסקעס זיינען געווען אָפּגעריסן. זוך איך און איך געפין אויף אַ פּאָליצע אונטן אַ פאַרזשאַווערטע בלעכענע פושקע פון כאַלוואַ און אינעווייניק אַ האַמער מיט

טשוועקעס גרויסע און קליינע. און אויך שרייפּלעך אַלערליי. איך האָב אויסגע־גלייכט די צעדרייטע זאַוויעסקעס צוגעפּעסטיקט און געבראַכט אין אָרדנונג דעם דעקל פון שרייב טיש. אמת איך האָב ניט געפונען קיין שרויפּנציער האָב איך גענוצט מיין מעסערל וואָס איך האָב געהאַט ביי מיר אין קעשענע. פאַרטיק געוואָרן מיט דער שטיקל סטאָלאַרסקער אַרבעט האָב איך אויסגעזוכט אַן אַלטן האַנטוך איינגענעצט אין וואַסער און גוט אָפּגעשייערט די שטיקל מעבל וועלכע האָט געקריגן אַ גלאַנץ און אויסגעזען ווי ניי. דער באַלעבאָס האָט עס אַלץ צוגעזען און עס איז אים ווייזט אויס שטאַרק געפעלן געוואָרן ווייל אויף מאָרגן ווען איך האָב געגעבן שלום דעם יידן שכן אונדזערן האָט ער מיר דערציילט דאָס איך בין דעם באַלעבאָס מיינעם באַלד דעם ערשטן טאָג שטאַרק געפעלן געוואָרן ווייל די אָפּגעריסענע זאַוויעסקעס האָט ער ספּעציעל געלאָזן פאַר מיר. געוואָלט זען צו איך וועל דאָס באַמערקן.

## עטאָ דיעלאָ נוזשנאָ אָבמאָזגאָוואַט...

דאָס הייסט „אָט דעם ענין דאַרף מען באַאַרבעטן מיטן מוח״...

דער באַלעבאָס מיינער פּאָליאַטשעק איז געווען אַ פּוילער ייד און דערצו זאָל ער מיר מוחל זיין האָט ער ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן. געפירט דעם גאַנצן געשעפט האָט די פרוי זיינע. אַ גרויסע סוחרטע און אַן אמתע אשת־חיל, — וועלכע איז געווען אַ סך יינגער און אַ סך קליגער פון אים. ער אַליין פּאָליאַטשעק איז געווען מער אין גאַס ווי אין געשעפט, דאָ איז ער צוגעגאַנגען אין קאַזנאַטשייסטוואָ זען צו עס איז שוין אָנגעקומען פאַר אים געלט „אַסיגנאָווסקעס״ האָט מען עס גערופן, אָדער ער פלעגט צוגיין צו דעם אינספּעקטאָר פון די אָנפאַנגס שולן פרעגן ווען עס וועלן פאַרטיק ווערן די באַשטעלונגען פאַר דעם נייעם שול יאָר, ווייל מען דאַרף ניט פאַרגעסן דאָס פּאָליאַטשעקס בוך געשעפט האָט געטראָגן גאָר אַ באַזונדער כאַראַקטער. ער האָט געהאַט דעם אויסשליסלעכן קאָנטראַקט צו צושטעלן לערן ביכער און לייען ביכער פאַר אַלע אָנפאַנגס שולן אין די שטעטלעך און דערפער פון גאַנץ קאָוונער קרייז און אין יעדע שולע איז געווען אַ קינדער ביבליאָטעק. ווען איך האָב גענומען איבערקוקן אין איבערלייגן אַלע ביכער, אָב איך געפונען זייער אַ סך קינדער ליטעראַטור, דאָס זיינען געווען מיינסטנס קליינע דינע ביכלעך מיט אַ געדרוקטן צושריפט דאָס זיי ווערן רעקאָמענדירט דורך דער ספּעציעלער קאָמיסיע ביים בילדונגס מיניסטעריום פאַר קינדער צום לייע־נען. דאָס הייסט אַז זיי פאַרמאָגן ניט אין זיך קיין שום קראַמאָלע. איך האָב אָט די אַלע ביכער און ביכלעך אָפּגעסאָרטירט לויט זייער גרויס און צו־שטעלט לויטן אלף בית. צום ביישפּיל: אַנדערסענס מעשיות אין סאַמע אָנ־הויב נאָך דעם ביטשער סטאָוי מיט זיין באַרימטן קינדער בוך „די הייזקע

פון אָנקל טאָם״, נאָכדעם די פאַרכשופטע מעשהלעך פון די ברידער גרים און אַזוי ווייטער און ווייטער. פאַלט מיר איין די צווייטע וואָך אַט וואָס, ווען איך האָב באַמערקט אַז פּאַליאַטשעק טראָגט שוין אין האַנט אַ גרויסע פלעשל שוסטאָווס קאָניאַק און קלייבט זיך גיין צו פעטרושעווסקין דעם שול אינ־ספּעקטאָר, טראָג איך אים צו די לאַנגע ליסטע וואָס איך האָב צונויפגע־שטעלט און געבעטן ער זאָל זען דאָס, דער אינספּעקטאָר זאָל עס אָפּקויפן פאַר די אַלע שולן וואָס געפינען זיך אונטער זיין אינספּעקציע. און ווען פּאַליאַטשעק איז געקומען צוגיין האָט ער מיר דערציילט דאָס דער אינספּעק־טאָר האָט אים געזאָגט דעם באַליבטן אויסדרוק זיינעם „עטאָ דיעלאָ נוזשנאָ אָב־מאָזגאָוואַט״... דאָס הייסט מען דאַרף דעם ענין באַאַרבעטן מיטן מוח. און אָט האָבן אָנגעהויבן קומען די באַשטעלונגען און ביים ברעג פון יעדע באַ־שטעלונג איז געווען אַ צושריפט: צולייגן פאַר יעדע שולע לייען ביכלעך אין באַטרעף ניט מער ווי פינף רובל. אָט אויף אַזאַ אופן איז מען פטור געוואָרן פון אַ פּגר, ווייל אָט די ביכלעך וואָלטן פּריוואַטע קונים קיינמאָל ניט געקויפט.

## דער טייך שטעלט זיך...

אויסצוג פון מיין ערשטער געדרוקטער אַרבעט (ביאַליסטאָ־קער צייטונג, 1920).

מיט גיכע טריט האָט זיך דערנעענטערט דער ווינטער. קיין פרעסט זיינען נאָך ניט געווען אָבער עס איז שוין אויסגעפאַלן דער ערשטער שניי און די שפּיץ בערג אַרום קאָוונע האָבן זיך פאַרפּוצט אין ווייסע היטעלעך. אָט באַלד, באַלד, וועט דער טייך פאַרפרוירן ווערן, אָדער בעסער געזאָגט ער וועט זיך שטעלן, ווי מען האָט זיך אויסגעדריקט אין שטאָט. קאָוונע וועט קריגן דאַן גאָר אַן אַנדער אומעטיקן אויסזען.

מער ווי שטענדיק איז דער טייך איצט די הויפּט טעמע ביי אַלעמען אין די מיילער, מען רעדט וועגן אים עפּעס אַזוי ווי פון אַ חולה מסוכן: נו וואָס הערט זיך? וואָס זאָגט מען? וואָס איז מעכל דיין מיינונג? ווי זעסטו אים? ווען וועט ער זיך שטעלן? דו האָסט געזען ווי עס זעט אויס דער וואַסער עפּעס אַזוי ווי אַ געדיכער געקעכטס פול מיט קליסקעלעך פון שטיקלעך שניי און אייז. אַ צווייטער קומט מיט אַ נייס, דאָס אויבן שטייט ער שוין, דער טייך הייסט עס.

ווי אַ בליץ צוגייט זיך איבערן שטאָט די ידיעה און ווערט איבערגעגעבן פון מויל צו מויל — אַז מאָרגן ווערט פאַרחתמעט דער גורל פון טייך. מאָרגן גייט שוין אָפּ דער לעצטער דאַמפּפער דער פּאַראָכאָד. „גראָזני״ די גרעסטע שיף וועלכע האָט דעם זומער קורסירט רעגולאַר איבערן ניעמאַן. און דאָס

איז אַ אָנזאָג דאָס יעדערער ווער עס האָט נאָר עפּעס צום באַזאָרגן אין אַלע שטעטלעך וועלכע ליגן ביים ברעג טייך מוזן דאָס טאָן היינט, די מינוט, ווייל מאָרגן וועט שוין זיין צו שפּעט. מאָרגן וועלן שוין יענע אַלע מקומות מיט זייערע איינוווינער ווערן אָפּגעשניטן אויף לאַנגע חדשים פון דער גרויסער שטאָט. דאָס וואָס איך האָב צוגעזען יענעם טאָג — און פאַר מיר איז דאָך דאָס געווען אַ נייס — און דאָס וואָס איז דאַן פאָרגעקומען אַרום מיר איז אוממעגלעך צו באַשרייבן. די גאַנצע שטאָט איז געגאַנגען כּאַדאָראַם, אַלע איילן זיך, אַלע לויפן אַלע זיינען פאַרשמייעט. מען רעדט ווייניק און די איינציקע פראַגע איז נאָר „וואָס הערט זיך ? אָט לויפט אַ ייד מיט אַ קאַלטענער־וואַטער באָרד די היטל פאַררוקט אויף דער פּאָטעליצע און פרעגט יעדן איינעם זעט ! דאָס איז אמת ? דאָס איז שוין טאַקע דער לעצטער „פאַראָכאָד?” כאָטש דער ייד האָט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיטן טייך און מיט פאַראָכאָדן.

מיט זעליקן דעם עקספּעדיטאָר זאָלט איר בעסער ניט ריידן, אויב איר ווילט ניט קריגן פון אים אָפּגעזידלט, איך האָב אים יענעם טאָג ניט דער־קענט, ער איז אַרומגעלאָפן אַ פאַרשוויצטער פון איין געשעפט צום אַנדערן און אונטער געיאָגט אונטער געאיילט: גיכער ! גיכער ! די פור וואַרט דאָך ! און אָט ווערט שוין די פור אָנגעלייגט מיט פּעקלעך און מיט קעסטלעך און ער מאַכט די ערשטע יאַזדע צום פאַראָכאָד, אָבער עס דויערט ניט לאַנג און ער באַוויזט זיך ווידער אין גאַס, אָט לויפט ער אַרויס אַ צוקאָכטער פון מאַזורס שניט געשעפט — די גרעסטע מאַנופאַקטור קראָם אין קאָוונע — ער ווישט מיטן אַרבל דעם שוויס פון פּנים און שרייט מיט שוים אויף די ליפּן, אַז מען קען הערן אויף דער צענטער גאַס: „מיט אייך ר׳ לייב האָב איך פאַר אַ יאָרן אויך געהאַט די זעלבע צרות, וואָס מיינט איר זיך ? דער פאַראָכאָד וועט וואַרטן אויף אייך ? אָדער אפשר ווילט איר אָפּשיקן די ווינטער סחורות אייערע פאַר פּסח מיטן צווייטן פאַראָכאָד ? . . . טו זאָל אייך זיין מיט הצלחה. איך דאַרף אייך ניט לערנען, איר זענט קליגער פון מיר. ר׳ לייב ווייס שוין וואָס מען דאַרף דאָ טאָן, ער טראָגט צו זעליקן אַ קידוש גלעזל מיט משקה און ער באַרואיקט אים . . . אָבער זעליק האָט געוווּסט וואָס ער רעדט. אין אַ שעה אַרום האָט מאַזור געמוזט דינגען אַן אייגענעם באַלעגאָלע און געבראַכט אַליין די פּעקלעך סחורה זיינע צום פאַראָכאָד — טאַקע אַ מינוט פאַר ליכט בענטשן — ווען מען האָט שוין גענומען אָפּבינדן די גראָבע שטריק כדי פריי צו לאָזן די שיף וואָס פון די צוויי הויכע קוימנס אירע האָט געזעצט אַ געדיכטער רויך וועלכער האָט שוואַרץ געמאַכט דעם הימל אַרום און אַרום. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט גענומען פאַלן דער אמתער ווינטערדיקער שניי און באַלד נאָכדעם איז געקומען אַ שטאַרקער פראָסט

און אויס טייך... ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן און געבליבן ליגן אויסגעצויגן אונטער דער דיקער ווייסער קאָלדרע.

אויף מאָרגן אינדערפרי האָט מען געקענט זען ווי אויבן אויפן באַרג האָט זיך געעפנט אַ טיר פון אַ קליין שטיבעלע פון וועלכער עס האָט זיך אַרויס־געדרוקט דער אויסגעדאַרטער מאָטיע־בער וועלכער האָט דעם גאַנצן זומער געאַרבעט ביים אויסלאָדן און אָנלאָדן די פּאַראָכאָדן. ער נעמט אַרויס פון שטאָל די סטאַליוגע מיט דער לאַנגער זעג און פון אַ כאַלעווע פון אַ שטיבל ציט ער אַרויס אַ לאַנגן פייל פּאַריכט ווו מען דאַרף די שאַרפע גלאַנציקע האַק זיינע פון דעם בעסטן ריינעם שטאָל, ער קוקט אויך גוט אַרום די צו־נויפגעלאַטעטע דיקע הענטשקעס זיינע. באַלד קומט אויך אָן יאָסל־דוד דער שותּף זיינער וואָס אַ גאַנצן זומער איז ער אַ וועכטער אין אַ גרויסן סאָד פון פּרוכט־אונטערן שטאָט. יאָסל דוד איז אַ פולער אַנגעפּאַקטער קליינוויקסי־קער יידעלע און אין זיין שטאַרק אָפּגעניצטן שעפּסענעם פּעלצל מיט דער גרוי־סער פוטערנער היטל אויפן קאָפּ זעט ער אויס ווי אַן אמתער פויער. די האַק זיינע מיט דער לאַנגער דעמבענער הענטל האַלט ער פאַררוקט אין דעם ברייטן שוואַרצן גאַרטל זיינעם.

נאָכדעם ווי ביידע חברים טרינקען אויס אַ הייסע גלעזל ציקאָריע לאָזן זיי זיך אַרונטער פון באַרג אין שטאָט אַריין קוקן אויף די הויפן ווו עס ליגט שוין אָנגעגרייט האָלץ אויף ווינטער און מען האָט נייטיק האָלצהעקערס, און אָט באַלד, באַלד וועלן ביידע שותּפים זיך נעמען מיט מזל צו דער ווינטער־דיקער מלאכה זייערער.

## ווינטער אין קאָוונע

דער ווינטער פון 1911־1910 איז געווען גראָדע ניט קיין שווערער, אמת עס איז געפאַלן זייער אַ סך שניי, אָבער גאָר שטאַרקע ברענענדיקע פרעסט זיינען געווען גאַנץ ווייניק, עס איז אויך ניט געווען אומעטיק און לאַנג־וויילִיק, עס האָבן זיך שוין געפונען אונטערנעמערס וועלכע האָבן צוגעשטעלט פאַרווײלונגען און פריילעכקייט. צו ערשט איז געקומען אַ רוסישער טעאַטער וועלכער האָט געשפּילט לייכטע אָפּערעטקעס און פאַרסן, נאָכדעם איז געקומען אַ דראַמאַטישע טרופּע פון פּעטערבורג מיט באַרימטע יונגע אַרטיסטן, וועל־כע האָבן ביי אַ סך יידישע גימנאַזיסטקעס צוגערויבט דעם שלאָף זייערן. עס איז אויך געקומען אַ יידישע טרופּע וועלכע האָט געבראַכט דעם אַמעריקאַ־נער שלאַגער „דאָס פּינטעלע ייד" אמת די פאָרשטעלונג איז געווען זייער אָרעם אָן געהעריקע דעקאָראַציעס אָן רייכע קאָסטיומען ווי עס האָט זיך געפּאַסט. דער טעאַטער איז אָבער געווען שטענדיק פול, און צום סוף האָט דער סעזאָן זיך געשלאָסן מיט אַ גרויסן פורים באַל אין אַ פול געפּאַקטן זאַל

ווו מען האָט ניט געקענט אַריינוואַרפן קיין שפּילקע. דער דאַזיקער באַל איז געווען זייער אַ פּריילעכער. עס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן אַ סך אַריגינעלע מאַסקעס און עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ אויסגעצייכנטער מוזיקאַלישער פּראָגראַם. איך האָב צום ערשטן מאָל דאַן געהערט זינגען אלי! אלי, למה עזבתני. און אַנדערע פּאָלקסלידער וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער.

## גובערנאַטאָר וועריאָווקין...

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן דאָס קאָוונע איז אין יענע יאָרן געווען די איינציקע שטאָט אין רוסלאַנד ווו מען האָט דערלויבט שפּילן יידישן טעאַטער און דאָס איז געשען אַ דאַנק דעם קאָוונער גובערנאַטאָר וועריאָווקין וועלכער איז געווען אַ גאָלדענער מענטש און אַ גרויסער אוהב ישראל. אַנדערע האָבן געזאָגט דאָס ער שטאַמט גאָר פון יידן און זיי האָבן אַפילו אויך געוווסט צו דערציילן דאָס דעם עלטער זיידן זיינעם האָט מען גערופן „שטריק־מאַן“ (וועריאָווקאָ איז דער טייטש אַ שטריק). אָבער עס איז נאָר געווען אימעצנס אַ סברה. קיין גענויערע איינצלהייטן וועגן זיין אָפּשטאַמונג האָב איך ניט געקענט דערגיין. דאָ וויל איך פאַרצייכענען בלויז צוויי עפּיזאָדן וואָס איך האָב געזען מיט מיינע אויגן און האָבן געמאַכט אויף מיר אַ גוואַלדיקן רושם. אַזוי ווי פּאָליאַטשעקס געשעפט האָט זיך געגרענעצט מיטן גובערנאַטאָרס הויף פלעג איך אים אָפט זען אַרויסגייענדיק אַנגעטאָן אין זיין שפּאָגל נייעם גרויען מאַנטל מיט דער רויטער פייערדיקער אונטערשלאַק וואָס דאָס איז געווען דער אָפיציעלער אוניפאָרם פון אַ גובערנאַטאָר. וווהין איז ער געגאַנגען וועריאָווקין? אַמאָל האָט ער געכאַפּט אַזוי זיך אַ שפּאַציר איבער די קאָוונער גאַסן און אַמאָל האָט זיך אים פאַרוואָלט צו גיין צו דעם באַרימטן קאָוונער גביר ר׳ איסר וואָלף כאַפּן מיט אים אַ שמועס, אָבער אָט פאַרשטעלן אים דעם וועג צוויי יידן וועלכע שטייען אויף דעם שמאָלן טראָטואַר און פירן עפּעס אַ געשעפטלעכן שמועס אויף אַ העכערן קול, דער גובערנאַטאָר נעמט זיי, אָט די ביידע יידן ליבלעך אַרום רוקט זיי אָפּ אַ ביסל ער זאָל קענען דורכגיין און דערביי זאָגט ער צו זיי מיט אַ שמייכל: לאַדנאָ! לאַדנאָ! ניאָ וואָלנויטעס! ווסיאָ בודיעט „גוט“... (רואיק, רואיק רעגט זיך ניט אויף אַלץ וועט זיין גוט). פאַר מיין צייט האָט מען אָבער דעם גובערנאַטאָר באַשטימט אויף אַ העכערער שטעלע אין טיף רוסלאַנד און אָפּגעפאָרן איז ער פון קאָוונע אין איינעם אַ שבתדיקן פרימאָרגן באַלד נאָך פּורים, דער הויף איז פול געווען מיט יידישע מאַרק הענדלערקעס וועלכע זיינען געקומען זיך זעגענען מיט דער גובערנאַטאָרשע וועמען זיי האָבן גוט געקענט — ווייל זי פלעגט קומען מיט דער דינסט ביי דער זייט קויפן ביי זיי פיש, גרינסן און אַנדערע עסנוואַרג. אַ סך פון די

ייגגערע הענדלערקעס האָבן געטראָגן אין די הענט בוקעטן בלומען. אָבער אַט באַווייזט זיך די גובערנאַטאָרשע אויבן, די ווייבער כאַפּן איר אין זייערע הענט טראָגן איר אַראָפּ פון די טרעפּ און זעצן איר אַריין אין דער ברייטער שוואַרצער קאַרעטע מיט די דריי שיינע געזונטע פערד פאָרויס. אייניקע ווייבער האָבן ניט געקענט איינהאַלטן די טרערן זייערע און האָבן געשריען ווישנדיק זיך די אויגן „נאַשאַ באַרינייאַ! נאַשאַ סעסטראַ! (אונדזער פריצטע! אונדזער שוועסטער!)...

ווען עס וואָלט ניט געווען שבת וואָלטן אפשר די ווייבער אויסגעשפּאַנט די פערד און אַליין צוגעפירט די קאַרעטע ביזן באַן.

## איך פאָר אויף פּסח אַהיים

מיין ערשטער ווינטער אין קאָוונע איז אַריבער ווי עס פּאַסירט געוויינלעך יעדן יאָר, דער טייך האָט געלאָזן און עס איז ניט געווען קיין פאַרפלייצונג. דער פרילינג איז געקומען מיטן גאַנצן פּראַכט. איך קום אויף פּסח אַהיים. איך באַמערק גלייך דאָס די לאַגע אין שטוב האָט זיך אַביסל פאַרבעסערט, אָבער עס איז נאָך גאַנץ ווייט צו גוט. זיצט מען ביים טיש מיטן גאַסט מען טרינקט טיי און דער טאַטע פרעגט זיך נאָך וועגן מיין באַלעבאָס און באַלעבאָס־טע ווי זעען זיי אויס, וויפל קינדער האָבן זיי און איך זע ווי דעם טאַטן מיינעם אינטערעסירט יעדע קלייניקייט עפּעס אַזוי ווי קיין אַנדערע דאגות וואָלט ער גאָרניט געהאַט. דערהערט אַז ביי פּאָליאַטשעקן אין שטוב איז דאָ אַ דבורקע אַ דערוואַקסענע מיידל, גיט זיך דער טאַטע אַ פרעג גלאַט אַזוי זיך, נו, געוויס גייסטו אַרויס שפּאַצירן פרייטיק צו נאַכטס מיט אָט דער דבורקע...
די דאָזיקע נייגעריקייט מיין טאַטנס האָב איך ניט געקענט אַזוי לייכט אַראָפּ־שלינגען און איך ענטפער מיין טאַטן אויך מיט אַ פראַגע, צו איז אין שטוב דאָ אַלץ אין בעסטן אָרדנונג און דאָס איז די איינציקע וויכטיקע זאַך וואָס דו טאַטע ווילסט וויסן און מוזט וויסן?... וועגן מיר טאַטע דאַרפסטו זיך ניט זאָרגן איך וועל שוין מיין שטעטל אַליין באַשטיין. די מאַמע האָט זיך צוגעהערט און געשמייכלט...

## די חתונה האָט זיך פאַרשפּעטיקט

גלייך נאָך פּסח בין איך געפאָרן צוריק קיין קאָוונע און איך האָב געזען ווי דבורקע פאַרפאַקט זיך און פאָרט קיין וואַרשע לערנען זיך כלומרשט פּיאַנאָ שפּילן ביי אַ באַרימטן פּראָפעסאָר פון מוזיק. אין דער אמתן האָט זי געוואָלט זיין נאָענט לעם דעם שיינעם בחור ליאָווע צוקערמאַן — דער פידל שפּילער — אין וועלכן זי איז געווען פאַרליבט איבער די אויערן און

וועלכער האָט שטודירט אין וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע. זי איז אָבער גאָר גיך געקומען פון וואַרשע צוריק ווען עס איז שוין געווען שטאַרק הייס און אַוועקגעפאָרן — איז זי גלייך מיט איר מאַמען אויף אַ דאַטשע (אַ זומער וווינונג) אין אַ וואַלד ביים ברעג ניעמאַן, אין אַ קורצער צייט אַרום איז ליאָווע אויך געקומען פון וואַרשע און געדונגען אַ צימער ביי אַ דאָרפישן באַלעגוף ניט ווייט פון דבורקעס דאַטשע, ווי עס ווייזט אויס האָט זיך דאָרט אין וואַלד די ליבע שטאַרק צופלאַקערט און אַביסל צוגעברענט געוואָרן... ווייל אין איינעם אַ זונטיקדיקן באַגינען האָט זיך די פרוי פּאַלאַטשעק פלוצלונג צוריק געקערט פון דער דאַטשע אַן אויפגערעגטע, אַ צוקאָכטע, איך האָב געהערט ווי זי רעדט עפּעס שטילערהייט, אפשר אַ שעה צייט מיט איר מאַן איבערן ווענטל און אַ גאַנצן טאָג האָט זי מיט אַ צופלאַמטן פּנים און מיט שוים אויף די ליפּן געטענהט און געשושקעט זיך מיט אַלע אירע קרובים, איך האָב אָנגעשטעלט מויל און אויערן און בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין וואָס דאָ איז פּלוצלונג געשען. איך בין געוואָרן נאָך מער פאַרוואונדערט ווען איך האָב דערזען ווי אין שטוב מאַכט מען אַ גאַנצע איבערקערעניש. מען שטעלט איבער די מעבל מען פּוצט, מען פאַרבט, מען נעמט אַרויס אַלץ פון גרויסן זאַל און מען באָרגט טישן ביי שכנים. עפּעס גרייט מען זיך דאָ צו פּראַווען אַ שמחה אָבער וואָס און ווען? ווער מיט וועמען? האָב איך ניט געקענט דערגיין. איך קוק זיך איבער מיט דער כיטרער קעכין זעלדקע, וואָס די יאָרן האָבן זיך ביי איר צולייגט אין דער לענג און אין דער ברייט. זי פאַרמאַכט קונציק איין אויגל אירן, און גיט צו מיר אַ זאָג: וואָס קוקסטו יאָלד איינער, אַזוי ווי אַ האָן, אין בני אָדם? אַ קינד קען דאָך אויך פאַרשטיין וואָס דאָ איז פאָרגעקומען... טפו! טפו! — ניט פאַר קיין שום מיידל געדאַכט, שפּייט זי אויס זעלדקע. די כלה וואָלט פריער חתונה געהאַט, נאָר די חופּה האָט זיך פאַרשפּעטיקט, מוז מען וואָס גיכער אָניאָגן.

גיך איז די וואָך אַוועקגעלאָפן, און פרייטיק אינדערפרי זיינען אָנגעקומען פון וואַלד די חתן־כלה, און בייטאָג האָט זיך באַוויזן אַ ייד מיט אַ לאַנגע געלע באָרד און מיט אַ חופּה אונטערן אָרעם מען האָט איינגעלאַדן עטלעכע חברים און חברטעס און דערצו אַ מנין יידן. עס האָט געדויערט ניט מער ווי 15 מינוט. מען האָט צובראָכן אַ גלעזל און זיך געווונטשן מזל־טוב. פרייטיק צו נאַכטס און שבת אַ גאַנצן טאָג זיינען געקומען געסט און פריינט, מען האָט געגעסן געפּאַרעטע באָב מיט אַרבעס און פאַרטרונקען מיט כליעבנע־קוואַס און מיט ביר פון איסר וואָלפס ביר ברויערייַ. די אמתע חתונה אָבער איז פאָרגעקומען שבת ביינאַכט.

באַלד נאָך שלוש סעודות, ווען די שטערן זיינען נאָך געווען באַהאַלטן טיף אין די הימלען, האָט מען אַרויפגענומען פון קעלער גרויסע טעפּ פיש און

פלייש, און זעלדקע האָט זיך גענומען צוגרייטן אַ חופה וועטשערע כיד המלך. אויף זעלדקען מעגט איר זיך פאַרלאָזן. זי קען. דער ריח פון געבראָטנס און פון די שמעקעדיקע פיש האָט זיך באַלד צעטראָגן אויף דער גאַנצער גאַס. עס האָט לאַנג בישט געדויערט און די שטוב איז פול געוואָרן מיט געסט, מערסטנטייל יונגוואַרג. דער חתן מיט זיין פידעלע האָט געוויזן וואָס ער קען. עס האָט אויך ניט געפעלט ווער עס זאָל זינגען, און באַלד נאָך דער גע־שמאַקער וועטשערע האָבן זיך אָנגעהויבן די טענץ און מען האָט זיך געהאָפּ־קעט מיט צורויטלטע פּנימער ביז פאַר טאָג. דאָ אָבער מוז איך דערמאָנען דאָס די גרעסטע אַטראַקציע איז געווען די פינפיאָריקע שיינע סאָניטשקע פּאַליאַטשעשקס מוזשינקע, דער ליבלינג פון אַלעמען  ווער עס האָט נאָר געקענט אָט דער בילד שיינער מיידעלע מיט אירע קלוגע אויגן. זי האָט פאַרמאָגט אַ זיסע שטימעלע און אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן צום זינגען, און דאָ איצט אויף איר שוועסטערס חתונה האָט זי געוויזן וואָס זי קען. זי האָט גאָרניט געוואָלט גיין שלאָפן און געהאַלטן אין איין זינגען אירע לידע־לעך פון קינדער גאָרטן און איין לידעלע וועגן אַ פויגעלע האָט זי געמוזט איבעריזינגען עטלעכע מאָל. אָט דאָס זיינען אומגעפער די ווערטער איבער־געזעצט פון רוסיש:

„אָט פליט אַ פויגעלע און האַלט אין מויל אַ פּאַפּירעלע — דאָס שיקט די מאַמע צו איר ליבער מיידעלע אַ בריוועלע. — טייערע פויגעלע! פלי צוריק און גיב איבער דער מאַמען מיין ענטפער — שרייבן קען איך ניט, שיק איך איר אַ גרוס און אַ קוש"...

זונטיק באַלד אינדערפרי איז די יונגע פּאָר פאָלק אָפּגעפאָרן צוריק אויף דער דאַטשע פאַרברענגען זייער האָניק חודש, ווי כשרע מאַן און ווייב כדת וכדין.

## זעלדקע און ראובקע...

אַזוי ווי איך האַלט שוין ביים סוף פון מיינע קאָוונער זכרונות, וועל איך זיך ניט קענען שענקען אויב איך וועל ניט דערציילן וואָס איך געדענק וועגן זעלדקען, פּאָליאַטשעשקס דינסט מיידל. זי האָט שוין ניט אויסגעזען שטאַרק יונג, פאַרמאָגט אַ הויכן בוזים און אַ קאָפּ רויטע האָר. איך האָב קיינמאָל ניט געזען זי זאָל עסן פון אַ טעלער, זי האָט רק פאַרזוכט פון די טעפּלעך און אַז מען וויל קען מען זאָגן דאָס זי האָט קיינמאָל ניט געגעסן, נאָר שטענדיק געקייט, געדרייט מיטן מויל, כאָטש מע האָט נאָך דאָן אין קאָוונע ניט געוווסט פון קייען טשיקלעס. געשטאַמט האָט זי פון אַ דאָרף לעם קיידאַן און דער טאַטע אירער, אַן אמתער ישובניק, פלעגט אַמאָל קומען זיך זען מיט איר.

איך האָב אים געזען צוויי מאָל. איין מאָל, זומער צייט, האָט ער געבראַכט אַ מתנה אַ גרויסן בונד פרישינקע גרינע שציפּיאָר. און דעם צווייטן מאָל ווינטער צייט האָט ער געבראַכט אַ טאָרבע טרוקענע באַרנעס. צו זעלדקען פלעגט אויך אַריינקומען מערסטנטייל שבת פאַרנאַכט ראובקע דער שוסטער מיט די גלאַנציקע לאַקירענע שטיבעלעך און מיט די פאַרדרייטע וואָנצעלעך, ווי מען האָט געקענט באַמערקן איז זעלדקע ניט געווען גלייכגילטיק צו דעם שיינעם בחור. איינמאָל שבת בין השמשות ווען איך האָב געוואָלט אַריינגיין אין קיך נעמען אַ גלאָז וואַסער האָב איך געהערט פון יענער זייט טיר ווי זעלדקע מאַכט זיך כלומרשט אַז זי איז אין כעס און זאָגט אויפן קול: ראובקע! נעם צו די הענט און רוק זיך אָפּ איך האָב דאָך דיר שוין צען מאָל געזאָגט די זאָלסט זיין אַ מענטש און זיך האַלטן סטאַטעטשנע. זעלדקע האָט אויך פאַרמאָגט איין איינציקן ליבע ליד וואָס זי פלעגט אים — ווען ניט ווען — זינגען כאָטש זי אָט געהאַט אַ שטימע אַזוי ווי פון אַ טעמפּע זעג. אָט זיינען די ווערטער פון ליד. כאָטש פון קיין צרות ווי עס ווערט דאָרט דערמאָנט האָט זעלדקע דוכט זיך ניט געליטן, אָבער גיי ווייס...

די פייערדיקע ליבע זי טוט אין מיר ברענען
ליבן איך דיר ווי מיין לעבן נאָר איך קען דיר ניט נעמען,
טו גיי אַרויס אויפן גאַס און טו זיך פאַרזאַמען
און איך וועל זיך שטעלן שטאָלץ און איבעררעדן מיין מאַמען...
„מאַמע דו מיינע! דו זאָלסט מיר ניט אַנטזאָגן,
די צרות פון מיין געליבטן קען איך ניט אַריבערטראָגן א.אַ.וו.

## איך געזעגן זיך מיט קאָוונע

עס איז געווען אַ כמורנער יעשענדיקער טאָג סוף חודש אָקטאָבער 1911 ווען איך בין אָפּגעפאָרן אַהיים זיך שטעלן צום פּריזיוו. מיט אַ שווערן געמיט האָב איך פאַרלאָזן די שיינע פּאָעטישע שטאָט וועלכע איז מיר געוואָרן איינגעבאַקן אין האַרצן. קאָוונע מיט די אַלעקסאָטער בערג ווו אברהם מאַפּו האָט געשריבן זיינע באַרימטע סענטימענטאַלע ראָמאַנען.

קאָוונע מיט דעם וווּנדערבאַרן שיינעם טייך וועלכער האָט דערציילט מעשהלעך, געשיכטעלעך פון די געגנטן פון וואַנען ער קומט און וווהין ער ציט זיך ווייטער, דער טייך מיט די קלאָרע וואַסערן וועלכער האָט גערעדט גאָר אַ באַזונדער שפּראַך צו דער פאַרחלומטער בענקענדיקער יוגנט. צו דען קען מען פאַרגעסן די ליכטיקע לבנה נעכט ווען די פריילעכע יוגנט האָט זיך געשיפלט אויף ברייטע לאָדקעס ביז שפּעט אין דער נאַכט? מען האָט געזונגען רוסישע לידער וועלכע האָבן געשמעקט מיט דער ווייטער וואָלגאַ און מיט די ברייטע סטעפּעס פון דער ריזיקער רוסלאַנד.

אַט פּאַרציט גרישאַ, אַ בחור מיט אויגן ווי קאַרשן „עי אוכנעם"! און אַ צווייטער: „אַך, פּאַלנאַ, פּאַלנאַ קאַראַבושקאַ"... אַ דריטער אַ ראָמאַנס פון דער באַרימטער וויאַלצעוואַ און מיידלעך העלפן אונטער... פאַרביסן האָט מען צום סוף מיט שאַלאַפּינס „די פּלוי" (בלאָכאַ)...

היינט קאָוונער יידן, פאַר מיר וואָס די קינדער יאָרן מיינע זיינען געווען אויסגעוויקט אין חסידות זיינען די דאָזיקע ליטוואַקעס געווען אַביסל צו טרוקן. זיי האָבן אָבער פאַרמאָגט אַ באַזונדער חן און שיינקייט צוגעלאָזענע פּשוטע גוטע מענטשן אָן אַ טראָפּן גאוה אָן אַ שמץ גרויסקייט. אָבער אַט קום איך צו פאָרן אין ביאַליסטאָק, און עס פּאַסירט מיט מיר עפּעס אַזעלכעס וואָס עס טרעפט זייער זעלטן: דהיינו: מען רופט מיר ניט צום פּריזיוו. אַלע בחורים פון מיינע יאָרן האָבן שוין געקריגן מעלדונגען זיי זאָלן זיך צושטעלן אין דעם און דעם טאָג און איך האָב ניט קיין שום פּאַפּירל. דער טאַטע גייט אַרום פאַרדאַגהט און הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין וואָס עס האָט דאָ פּאַסירט... הערט אַ מעשה: אַלעמען רופט מען אַלע טויגן און דער זון זיינער דער בכור טויג לכתחילה ניט אָדער מען דאַרף אים ניט. עס זיינע שוין די לעצטע טעג, באַלד וועט די ווערבירונגס קאָמיסיע די „פּריסוטסטוואָ" ענדיקן איר אַרבעט און וועט זיך אויפלייזן, קען זיך דער טאַטע ניט איינהאַלטן גייט אַוועק אין קאַנצעלאַריע פון דער גרויסער רעקרוטירונגס קאָמיסיע און נאָך דעם ווי מען זוכט און מען נישטערט ווייזט מען אים דאָס אין דער ליסטע וואָס עס איז צוגעשטעלט געוואָרן פון זאַבלודאָוואַער מאַגיסטראַט איז מיין נאָמען ניטאָ. לויפט שוין מיין טאַטע אַוועק קיין זאבלודאָווע און פרעגט שעמיאָטן דעם שרייבער פון סטאַראָסטוואָ היתכן? וואָס איז דאָ געשען? ווייזט זיך אַרויס איין קלייניקייט, אין די ביכער איז פאַרשריבן אַז איך בין געבוירן געוואָרן מיט צען יאָר שפּעטער, נאַ דיר גאָר אַזאַ מין אומגליק. מיט גרויס מי האָט מען אויפגעקלערט דעם טעות און מען האָט מיר געגרופן זיך צושטעלן צו דער קליינער ווערבירונגס קאָמיסיע אין פעברואַר מאָנאַט 1912. איך האָב געמוזט וואַרטן, אַ ברירה האָב איך געהאַט? עס איז מיר געווען זייער לאַנגווייליק בין איך אַוועקגעפאָרן קיין זאַבלודאָווע. ווען איך בין געקומען אין זאַבלודאָווע האָט זיך דער זיידע שטאַרק נאָך געפרעגט ווי איך האָב געלעבט אין קאָוונע און ווען איך האָב אים דערציילט ווי דער באַלעבאָס מיינער האָט אומישנע געלאָזן פאַר מיר די אָפּגעריסענע זאַוויעסקעס פון דער קאָנטאָרקע און איך האָב דאָס באַמערקט און צוגעשלאָגן איז דאָס דעם זיידן שטאַרק געפעלן געוואָרן.

און אָט איז געקומען דער טאָג פון מיין יום הדין.ביידע דאָקטוירים דער ציווילער און דער מיליטערישער, וועלכע זיינען געווען גוט אונטערגעשמירט האָבן אויסגעפונען אין מיר עפּעס אַ פעלער און איך האָב דערהערט ווי מען

רופט אויס דאָס דער דאָזיקער בחור ווערט באַפרייט פון מיליטער־דינסט אויף שטענדיק.

אַ שמחה! אַ גדולה! אַ פרייד! איך בין אַ פרייער מענטש, אָבער אַ ווו איז מיין פריילעכקייט? ניטאָ, עפּעס טיאָכקעט אין האַרצן און פאַר די אויגן שטייט אַ גרויסער פרגע צייכן:

„וואָס ווייטער? צוריק אין קאָוונע האָב איך שוין ניט געקענט פאָרן ווייל מיין אָרט האָט געהאַט פאַרנומען פאָליאַטשעקס אַן אונטערגעוואַקסענער בחורל. איך האָב געשריבן בריוו צו אַן אַנדער בוכהאַנדלונג אין קאָוונע און אויך צו באַקאַנטע מיינע אין ווילנע. די ענטפערס זיינען געווען זייער פריינט־לעכע אָבער צום באַדויערן ניט קיין ממשותדיקע און אַזוי איז אַוועק דער ווינטער און עס איז אָנגעקומען דער פרילינג, עס זיינען שוין אַוועק לאַנגע אומעטיקע חדשים און איך געפין ניט וואָס צום טאָן. צוליב דעם וואָס איך בין געווען ניט קיין היגער די לעצטע פאַר יאָר, האָב איך ניט געהאַט אין ביאַליסטאָק קיין אייגעעם חברים. פלעג איך שפּאַצירן מיט מיין ברודער לייזער און מיט זיינע חברים. פּלוצלונג אָבער האָט זיך צוגערוקט צו מיר אַ פרישע צרה. מען הויבט מיר אָן ריידן שדוכים. אַלע שדכנים און שדכנטעס פון שטאָט האָבן זיך דערוווסט דאָס איך בין פריי און צום „האָבן" זיינען זיי מיר באַפאַלן און ניט געלאָזט רוען איך מוז וואָס גיכער חתונה האָבן. זיי זיינען דאָ ניט אויסן חלילה צו פאַרדינען שדכנות נאָר זיי טוען דאָס צוליב מיין טובה וועגן. איך האָב געדאַרפט קעמפן ווי אַ לייב און עס איז מיר אָנגעקומען אַ סך גרינגער צו באַפרייען זיך פון מיליטער ווי צו באַפרייען זיך פון די שדכנים וועלכע האָבן ניט געוואָלט פאַרשטיין אַז איך האַלט נאָך ניט ביי חתונה האָבן — אָבער ניט אַלע מאָל האָט זיך מיר איינגעגעבן זיך אָפּטרייסלען פון זיי. איינמאָל ווען דער שדכן איז אַוועק, שטייען צו צו מיר טאַטע מאַמע איך זאָל זיך גיין זען מיט דער און דער מיידל, עס איז ממש אַ גליק פאַר מיר. איך האָב זיך געלאָזט צוריידן און איך בין געגאַנגען, אָבער ווי נאָר איך האָב אויסגערעדט מיט דער מיידל צוויי ווערטער האָב איך גלייך געוואָלט זיך אויפהויבן פון שטול און אַוועקגיין, עס האָט אָבער ניט געפּאַסט. האָב איך געמוזט אויסטרינקען נאָך אַ גלאָז טיי מיט וואַרעניע און קוים זיך דערוואַרט די מינוט ווען איך האָב געקענט זאָגן אַ גוטע נאַכט און פאַר־שטענדלעך אָן אַ צום ווידערזען. שפּעט אין אָוונט בין איך געקומען אין שטוב אַ פאַרשוויצטער און אַ פאַרמאַטערטער אַזוי ווי איך וואָלט דאָ אָפּגעטאָן עפּעס אַ שווערער מלאכה. אין דער פרי הער איך ווי דער טאַטע זאָגט: „אָ! איך האָב די גאַנצע נאַכט געטראַכט אויב אָט דער שידוך וועט ווערן, וועט דאָס זיין דער אמתער זיווג מין השמים... וואָס קען זיין בעסער? איך זיץ דאָך מיט איר טאַטן אין גרינעם בית מדרש אויף איין באַנק, אָבער טאַקע

אַ זייט לעם אַ זייט״. דער טאַטע האָט געמיינט אַז איך שלאָף, אָבער איך האָב אַלץ געהערט. איך האָב געוואָלט לאַכן אָבער עס האָט זיך מיר שוין גאָרניט געלאַכט — רוף איך זיך אָן גוטמוטיק צו מיין טאַטן: „הייסט עס וואָס? אויב דו זיצסט אין בית מדרש אויף איין באַנק און דו רייבסט זיך אַ זייט אָן אַ זייט מיט איר טאַטן ד׳עריבער דאַרף איך מיט דער דאָזיקער מיידל חתונה האָבן? איך פאַרשטיי דאָס יאָר טאַטע־מאַמע ווילט וואָס גיכער האָבן פון מיר נחת, אָבער איר דאַרפט דאָך אַריינגיין אין מיין לאַגע אַז איך האַלט נאָך ניט און קען נאָך ניט חתונה האָבן און דאָס וואָס ביי אייך זעט אויס אַ גליק קען גאָר זיין פאַר מיר אַ שטריק.

# איך פאָר קיין אָדעס

איך האָב געזען דאָס איך מוז זיך ראַטעווען, אין שטוב איז מיר געוואָרן ענג — איך מוז אַוועקגיין איך מוז אַוועקפאָרן, אָבער וווּהין? און ווי אַזוי? איך קלער, איך שלאָף ניט די נעכט און איך באַשליס צו פאָרן קיין אָדעס. די מאַמע האָט זיך דערוווּסט וועגן מיין פּלאַן פרעגט זי פאַרוווּנדערט וואָס עפּעס אַזוי ווייט אַזש קיין אָדעס? דו האָסט דאָך דאָרטן קיינעם ניט, פאַר־וואָס פאָרסטו ניט בעסער דאָ נעענטער, קיין וואַרשע, לאָדזש, איך גיב מיין מאַמען צו פאַרשטיין דאָס אין די דאָזיקע פּוילישע שטעט האָב איך זייער ווייניק שאַנסן צו קריגן אַרבעט ווייל מיין בראַנזשע דער רוסישער ביכער האַנדל און די גרויסע פאַרלאַגן זיינען קאָנצענטרירט אין פּעטערבורג, מאָס־קווע און טיילווייז אין קיעוו. דאָרטן טאָר אָבער אַ ייד ניט זיין, האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן אין דער גרויסער שטאָט אָדעס און איך גלויב דאָס איך וועל דאָרטן געפינען וואָס צום טאָן און כאָטש, איך האָב דאָרטן ניט קיין פריינט און באַקאַנטע וועל איך זיי געפינען. זיי רואיק מאַמע איך וועל ניט פאַר־פאַלן ווערן. הלוואי! האָט די מאַמע ליבלעך אַ שמייכל געטאָן.

מיין באַשלוס איז געווען אַ פעסטער. דער געפלאָכטענער שטרויענער קערבעלע מיט די נייטיקסטע זאַכן איז שוין געשטאַנען פאַרפּאַקט די פראַגע איז נאָר געווען ווו נעמט מען אויף הוצאות און דערצו נאָך אַ רובל אין קע־שענע אויך, ווייל ווער ווייס ווי לאַנג עס וועט דויערן ביז איך וועל געפינען עפּעס צו פאַרדינען, פאַלט מיר איין דאָס אַזוי ווי מיין מאַמעס ייִנגסטע שוועס־טער האָט נאָר וואָס חתונה געהאַט און דער מאַן אירער דער געוועזענער ישיבה בחור האָט נאָך די פאַר הונדערט רובל נדן ניט איבערגעפירט, וועל איך ביי אים בעטן לייען פופציק רובל. גערעדט און געטאָן. איך האָב דעם צוגעקומענעם פעטער מיינעם וועלכער האָט שטאַרק געהאַלטן פון מיר צוגע־טראָגן אַן אונטערגעשריבענעם וועקסל, דערציילט אים וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און ער האָט ניט איבערגערעדט קיין צוויי ווערטער און געגעבן מיר פופ־

ציק רובל וואָס איך האָב אין צוויי חדשים אַרום ביז אַ גראָשן אים אָפּגעשיקט מיט אַדאַנק.

געפאָרן בין איך קיין אָדעס מיט דער באַן פערטע קלאַס און עס האָט גע־דויערט טאָפּל ווי מיט אַ פּאַסאַזשיר־צוג. עס איז שוין געווען גאָר נאָנט צו ראש השנה. דער באַן האָט זיך געשלעפּט טריט ביי טריט אַז עס האָט גע־קענט ניט גוט ווערן. אָבער דאָס איז גראָד געווען פאַר מיר לטובה. קומענדיק אין ברעסט־ליטאָווסק האָט מען געדאַרפט וואַרטן צוויי שעה ביז מען וועט אונדז געבן אַ פרישן לאָקאָמאָטיוו, ווי נאָר איך בין אַריין אין רעסטאָראַן פון וואָקזאַל האָב איך דערזען פון דערווייטנס זיצט ביי אַ טישל אַ באַקאַנטער, יונגערמאַן. איך קום צו נענטער. יאָ, דאָס איז ער לאַזינסקי פון ווילנע וועל־כער האָט פאַרנומען מיין פּלאַץ ביי גירשאָווסקין. מיר כאַפּן זיך אַרום. אַ שמחה אַ פרייד. ער פרעגט מיר ווי קום איך דאָ, דערצייל איך אים אַלץ וואָס איך האָב דורכגעמאַכט די לעצטע יאָרן זינט מיר האָבן זיך צושיידט און איצט אַזוי ווי איך האָב ניט וואָס צום טאָן אין דער היים וויל איך פּרובירן מיין מזל און איך פאָר קיין אָדעס אפשר וועל איך דאָרט געפינען וואָס צום טאָן, אָדעס איז דאָך עפּעס אַ גאַנצע וועלט, אפשר דריי מאָל אַזוי גרויס ווי ביאַליסטאָק. און איר לאַזינסקי וואָס טוט איר היינט ? גיב איך אַ פרעג דעם געוועזענעם חבר מיינעם און איך באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס ווי עלעגאַנט ער גייט אָנגעטאָן. לאַזינסקי נעמט אַרויס פון דער וועסטל־קע־שענע אַ וויזיט קאַרטע און איך דערוויס זיך אַז ער איז אַ רייזנדער און אַ פאַרטרעטער פון דעם באַרימטן ביכער פאַרלאַג „קאַזמאַן“ אין אָדעס. אויב אַזוי גוטער ברודער — זאָג איך זיי מוחל און שרייב אָן אויף דער צווייטער זייט אַז דו קענסט מיר, ער האָט עס געטאָן מיט פאַרגעניגן. מיר געזעגענען זיך האַרציק און איך פאָר שוין ווייטער מיט מער מוט, אַיין קליינִיקייט, כ׳האָב דאָך שוין עפּעס וואָס צו ווייזן מען זאָל וויסן ווער איך בין. מיר פאָרן פאַרביי די געדיכט־באַזעצטע יידישע שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע עס הויבן אָן אַריינקומען עפּעס גאָר אַנדערע סאָרטן פּאַסאַזשירן, פעסטע ברייט פּלייציקע יידן די פּנימער זייערע אָפּגעברענט פון דער זון, היינט זייער שפּראַך, זייער יידיש ריידן — איך הויב ניט אָן צו פאַרשטיין קיין וואָרט, אָט זיצן עטלעכע יידן פאַרטיפט אין אַ שמועס און איך כאַפּ נאָר עטלעכע אָפּגעריסענע ווערטער „פינפירע“ און זיבן „קערבלעך“ שעם איך זיך ניט און איך זאָג צו זיי „איזוויניטע“ אַנטשולדיקט! איך קום פון אַ גאָר אַן אַנדער יידישן געגנט און איך וויל אייך בעטן איר זאָלט מיר אַזוי גוט זיין פאַרטייטשן וואָס האָט איר דאָ איצט געזאָגט ? זיי האָבן מיר ניט אויסגעלאַכט און איינער האָט געענטפערט געלאַסן: אוי ליטוואַק ! ליטוואַק! וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט ? איך האָב זיי דערציילט אַז מיר האָבן דורכגעפירט אַ מעקלעריי און מיר

זיינען געווען פינף אירע און פאַרדינט צו זיבן קערבלעך־רובלס הייסט עס. אין דעם צווייטן האַלבן וואַגאָן האָבן יידן גערעדט וועגן דעם אוראַזשאַי (גע־רעטעניש) און וועגן די פרייזן פון „באַקלאַזשאַנעס", „פּאָפּישאָיעס" און בע־רעקעס. איך האָב שוין ניט געוואָלט איבערפרעגן וואָס דאָס איז פאַראַ מינים סחורות, שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט אַז זיי האָבן גערעדט וועגן קוקורוזע פּאָמידאָרן און בוראַקעס פאַר די צוקער פאַבריקן. איך בין אָנגעקומען קיין אָדעס מיט צעבראָכענע ביינער.

עס איז געווען אַ שיינער זוניקער פרימאָרגן אינמיטן חודש סעפּטעמבער 1912. מיטן קערבעלע אין האַנט בין איך אַרויס אין שטאָט זוכן אַ צימער אָדער אַ פּלאַץ ווו צו נעכטיקן. איך בין פאַרבייגעגאַנגען לעבן אַ גרויסער פּרעכטיקער געביידע פון רויטע ציגל מיט הויכע און ברייטע טירן באַדעקט מיט מגן־דודס. דאָס איז געווען די שיינע שאַלאַשנער שול און גלייך נאָך דעם האָב איך דערזען אַ צעטל אָנגעקלעפּט אויף אַ טויער אַז עס פאַרדינגט זיך אַ בעט צום שלאָפן. איך גיי אַרויף און טרעף זיצנדיק ביי אַ ניי מאַשין אַ מיטל יאָריקע יידענע און דער מאַן אירער אַ הויכער ייד מיט אַ טונקעלע באָרד האָט זיך געקליבן אַוועקגיין אין גאַס מיט אַ זעקל אונטערן אָרעם. ער איז געווען אַ הענדלער פון געניצטע זאַכן. מיט זיי צוזאַמען האָט געלעבט זייערע אַ טאָכטער אַ הויכע און אַן אויסגעדאַרטע ווי אַ ברעטל, זי איז געזעסן ביי אַ צווייטן מאַשין און אויך גענייט. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווסט איז זי געווען אַ עגונה, דער מאַן אירער אַ דאַמסקער שניידער האָט איר פאַרלאָזן און אַנטלאָפן קיין פּאַריז.

די באַלעבאָסטע האָט מיר אָנגעוויזן אין אַ ווינקל די אייזערנע בעטל אָפּ־געצאַמט מיט אַ פאָרהאַנג און אַ קליין טישעלע דערביי. איך באַדינג זיך און באַצאָל צוויי רובל פאַר אַ חודש פאָרויס און איך האָב שוין הייסט עס אַ פּלאַץ ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. איך בין אַריין אין אַ פּאָדערהויז זיך אָרומ־וואַשן און פּלוצלונג איז מיר אַריין אין קאָפּ אַ לידל וועגן אָדעס וואָס אַ בלינדער האָט געזונגען מיט יאָרן צוריק אויף די ביאַליסטאָקער הויפן:

הערעט יידן וואָס עס האָט זיך פאַרלאָפן
אין דער שיינער שטאָט אָדעס
אַ שווערער אומגליק — אַ פּאָגראָם האָט דאָרט געטראָפן
און ער האָט געדויערט גאַנצע דריי מעת־לעת.
און ער האָט געדויערט גאַנצע דריי מעתלעת. א"וו. א"וו.

איך האָב זיך איבערגעטאָן און נאָכדעם ווי איך האָב עפּעס איבערגעביסן אַנטקעגן אין אַ קאַפע בין איך אַוועק זוכן קאָזמאַנס ביכער פאַרלאַג וועלכער האָט זיך געפונען אויף פּראַנצוזסקי־בולוואַר. אַ נייער געגנט אין אָדעס ניט ווייט פון ים. און אָט שטיי איך שוין און קלינג אָן מיט אַ קלאַפּעדיקע האַרץ

אין דעם גלעקל פון הויכן אײַזערנעם טויער פון הויף, עס באַווײַזט זיך אַ באַדינער און איך דערלאַנג אים לאָזינסקיס וויזיט קאַרטל און אין פינף מינוט אַרום וועלכע האָבן זיך געצויגן ווי פינף שעה געפין איך זיך שוין אין אַ גרויסן צימער וווּ בײַ אַ שרײַב־טיש איז געזעסן דער גאָספּאָדין קאָזמאַן נאָך גאָר אַ יונגער מענטש מיט אַ גלאַט געראַזירטן אינטעליגענטן פּנים. מיר ריידן רוסיש און דער באַלעבאָס וועלכער האָט געשטאַמט פון זשיטאָמיר וואַרפט אַרײַן עטלעכע יידישע ווערטער, דערבײַ באַמערק איך ווי ער באַטראַכט מיר פון קאָפּ ביז די פיס „ויאמר“. און ער זאָגט צו מיר בזה הלשון. אין דער אמתן נייטיק איך זיך ניט איצט אין קיין מענטשן, אָבער אויב לאָזינסקי האָט אײַך רעקאָמענדירט איז גאָר עפּעס אַנדערש. קומט צו גיין מאָרגן און איר וועט אַרבעטן עטלעכע טעג אין דער עקספּעדיציע אָפּטיילונג וווּ מען שיקט אַרויס די באַשטעלונגען און אין צען טעג אַרום באַלד נאָך ראש השנה וועט איר אַרויספאָרן אין עטלעכע נאָענטע שטעט אויף פּראָבע, איך וועל זען צו איר וועט קענען זײַן אַ פאַרקויפער, ווײַל אין אַזאַ מין סאָרט מענטשן נייטיק, איך זיך יע. אפשר דאַרפט איר אַ פּאָר רובל גיט ער מיר אַ פרעג? „ספּאַסי־באָ“. אַדאַנק איך האָב נאָך דערווײַל אַ ביסל געלט. מיר געזעגענען זיך „דאָסווידאַניע צום ווידערזען“.

# איך האָב שוין אַ באַשעפטיקונג

איך גיי אַרויס אין גאַס און די שײַנע גלײַכע אָדעסער גאַסן האָבן געקריגן אין מײַנע אויגן גאָר אַן אַנדער אויסזען. איך גלויב זיך אַליין ניט און פרעג: „וואָס קומט דאָ פאָר? איך האָב שוין וואָס צום טאָן נאָך אַזוי פיל חדשים אַרומגיין ליידיק? איך קוק מיט חשד אויף די געציילטע יידן מיט בערד וועלכע קומען מיר אַנטקעגן, ווער איז ער? אפשר ווידער אַ שדכן?“ אָבער ניין אַ טעות, מיר איז ווויל! מיר איז גוט! איך בין אַ פרייע פויגל און איך שלינג ממש שטיקער גאַנצע פון דער שיינער שטאָט וווּ אַ סך גאַסן און בולוואַרן וואַשט מען מיט זייף. איך קוק נייגעריק אויף אַלץ וואָס עס קומט מיר פאַר די אויגן און איך קען זיך גאָרניט אָנזעטיקן. דערבײַ קומען פאָר אַל־ערליי קוריאָזן. אַ ייד אַ געבוירענער אָדעסער וועלכער וווינט אויף דעם זעלבן הויף גיט מיר אַ פרעג צו האָב איך שוין געזען דיוקן? און טאַקע באַלד גיט ער מיר צו דערקלערן אַז דיוק, — דע רישעליע אַ פראַנצויז איז געווען דער גרינדער פון דער שטאָט אָדעס. אויף זײַן נאָמען איז פאַראַן אין אָדעס אַ צענטראַלע גאַס, און אויף פּושקינסקי בולוואַר אַנטקעגן ים שטייט ער שטאָלץ מי זײַן פראַנצויזיש בערדל אויף אַ הויכן מאַרמאָרענעם שטיין. אָט קום איך אויף אַ גאַס וועלכע איז פול מיט יידן. בין איך נאַיוו און גיב אַ פרעג איינעם וווּ געפינט זיך דאָ ביאַליק? אָט דאָ אויפן צווייטן אוגאָל

(ראַגגאַס) קומט גלייך אַן ענטפער. איך פויל זיך ניט צו גיי צו צום צווייטן אוגאַל און איך דערזע אַ שיינעם אויסגעפוצטן געשעפט פון אַלערליי שמעקעדיקע געבעקסן, לאָזט זיך אויס אַז אַחוץ חיים נחמן ביאַליק, דעם גרויסן נאַציאָ־נאַלן פּאָעט אונדזערן האָט זיך אין אָדעס געפונען נאָך אַ רייכער ייד ביאַליק וועלכער האָט פאַרמאָגט זיין אייגנס אַ גרויסע מעכאַנישע בעקעריי און אויף יעדער צווייטער גאַס האָט ער געהאַט אַ אָפּטיילונג. און אָט גיי איך אַריין אין אַ קרעמל (אַ קלייטל, ווי מען רופט עס אין אָדעס) קויפן אַ פּאָר בויגל דערזע איך פּלוצלונג ווי עס לויפט אַריין אַ ייִנגל פון אַ יאָר צוועלף מיט אַ צושויבערטער קאָפּ האָר. איןביידע הענט האַלט ער אַ הילצערנע קעסטל ווו עס באַוועגן זיך, עפּעס, קליינע לעבעדיקע באַשעפעניש. דער ייִנגל גיט אַ געשריי אויס: טאַטע! טאַטע! סמאַטרי דער גרויסער סאָבאַק האָט געבערענגט אַ גאַנצע קוטשע קליינע סאָבאַטשעקלעך. קוק טאַטע! דער גרויסער הונט האָט געבראַכט אַ גאַנצן באַרג קליינע הינטעלעך, און אַז איך האַלט שוין אין דערציילן וועל איך שוין אויך איבערגעבן אָט דעם ווייטערדיקן אינטערע־סאַנטן עפּיזאָד. — אין איינעם אַ וואָכעדיקן טאָג מנחה צייט ווען איך בין דעם ערשטן מאָל אַריין אין דער באַרימטער בראָדער שול האָב איך צוגעזען אַזאַ מין סצענע: אַ פּראָווינציעלער ייד איז אַריינגעקומען און זיך געשטעלט זאָגן קדיש יתגדל ויתקדש... בקול רם נאַטירלעך ווי מען איז זיך נוהג געווען אין די אַמאָליקע ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין דער אַלטער היים, באַלד אָבער איז צוגעלאָפן צו אים אַ הויכער מאַן אַ גלוח מיט אַ שוואַרצן לאַנגן בגד פאַרשפּיליעט ביזן האַלדז (דאָס איז געווען ווייזט אויס דער שמש) און ער זאָגט צום יידן: שאַ שטיל! מאַכט ניט קיין טומל — דאָ ביי אונדז אין שול שרייט מען ניט! ס׳שטייטש האָט דער ייד זיך ניט געלאָזן, קדיש דאַרף מען דאָך זאָגן אויפן קול און ניט פאַר זיך אַליין כדי די דאַוונערס זאָלן הערן און ענטפערן אָמן. דער שמש האָט זיך צוגערוקט נענטער צום יידן און שטילערהייט ווי מען רוימט איין אַ סוד, אים געזאָגט זייט אַזוי גוט שרייט ניט ווייל אונדזער גאָט הערט ווען מען רעדט צו אים שטיל, געלאַסן בקול דממה דקה. פאַרשטייט זיך דאָס דער יתום אָדער דער בעל היאַרצייט האָט געמוזט נאָכגעבן.

אָבער לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו דעם ערשטן טאָג מיינעם אין אָדעס. איך בין געקומען צוגיין אַ פאַרמאַטערטער און זיך געלייגט שלאָפן אָבער עס האָט זיך ניט געשלאָפן.. אַ ביסל האָבן ניט געלאָזן שלאָפן די קליינע מיאוסע בעשעפענישן די געהיימניספולע איינוווינערס פון דער בעטל, וועלכע האָבן ווייזט אויס ניט געגליכן אָט דעם נייעם אורח דעם ליטוואַק, אָבער דער עיקר האָב איך ניט געקענט שלאָפן פון אויפרעגונג. איך האָב זיך ווידער אַמאָל און נאָך אַמאָל גענומען באַטראַכטן וואָס איז דאָ געשען מיט מיר

באַלד דעם ערשטן טאָג: געפונען דאָס וועגן וואָס איך האָב געקלערט און געחלומט? ווען איך פלעג ליגן אויף מיין געלעגער און איך האָב דערהערט אָ פייף פון אַ באַן האָט מיר געהויבן אין דער לופטן און דאָ וועל איך באַלד מאַכן רייזעס אַרומפאָרן און זען אַ נייע וועלט, אומבאַקאַנטע שטעט, נייע געגנטן, נייע מענטשן. אומגלויבלעך, אָבער ווי עס ווייזט אויס האָט מיר דער מזל צוגעשפּילט און עס איז טאַקע געווען ניט קיין פאַנטאַזיע נאָר דער ריינער אמת.

## אָדעס אין מיין געדעכעניש

עס זיינען שוין אַריבער אַזוי פיל יאָרן און די שטאָט אָדעס קען איך ניט פאַרגעסן, זי איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון און אין מיין האַרצן. איך זע זי פון דער וויטנס די שיינע און פריילעכע אָדעסער גאַסן. עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן דאָס אָדעס איז געווען איינע פון די שענסטע שטעט אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד. די איינוווינער פון אָדעס האָבן ליב געהאַט און שטאָלצירט מיט זייער שטאָט און גערופן איר „אָדעסאַ מאַמאַ" בילדונג שמילדונג, אַלץ איז בלאָטע „יאַ אָדעסיט" אָדער „יאַ אָדעסיטקאַ" אָט דאָס איז געװען דאָס איז דער אַטעסטאַט מער דאַרף מען ניט. שבת ביי טאָג האָבן באַקאַנטע פון הויף מיר גענומען אין אַ טראַקטיר אין אַטשיינע טרינקען טיי מיט בייגל, עס קאָסט אַ קלייניקייט וויל קיפּיאַטאָק, געקאָכטע וואַסער, האָט מען געגעבן אומזיסט וויפל מען האָט נאָר געוואָלט, איז מען געזעסן שעהן לאַנג און געכליאַבעט די טיי אָבער ווען מען האָט געוואָלט עפּעס ריידן זאָגן האָט זיך ניט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט ניט געהאַט גאָרניט וועגן וואָס צו שמועסן. אין אָדעס איז געבליבן פון די אַמאָליקע פּראָנצויזן דער וואָרט „מוסיי" אַנשטאָט גאָספּאָדין אָדער הער. אין אָדעס האָט מען געלעבט פריי און זאָרגלאָז. שבת איז געווען כמעט אַ וואָכעדיקער טאָג. פאַר פּסח האָט מען געראַמט און גערייניקט די שטיבער, מען האָט אַרויסגעטראָגן די גאַנצע מעבל אויפן גאַס און געלופטערט די בעטגעוואַנט און ווען מיינט איר האָט מען דאָס געטאָן! טאַקע שבת הגדול — אין יענע יאָרן איז דער לעבנס מיטל אין אָדעס געווען שפּאָט ביליק. מיט איין רובל אין קעשענע האָט מען געקענט לעבן אַ גאַנצן טאָג און נאָך גיין אין אָוונט אין אַ ביליקן טעאַטער אָדער קאַ־באַרעט ווו מען האָט געקענט הערן וויצן און קופּלעטן פון וועלכע אַ קאָזאַק וואָלט געקענט רויט ווערן.

אין אָדעס האָט מען גערעדט מער רוסיש ווי יידיש, אָבער דער רוסיש איז געווען אַ צוקאַליעטשעטער „מייד אין אָדעס" אָן גראַמאַטיקע אָן אַ טעם, און אָן דעם שיינעם מאָסקווער אַקצענט. אין מיין צייט האָט מען אויף טריט און שריט געזונגען די פּאָפּולערע לידלער „לאָפּני אידערזשי פּאַ־סאָן" אָדער „אונאַס נאַ מאַלדאַוואַנקע זשיל פאַרטנאַי ביל אָן אָטשען ביעדני אי

באַלנאַי״, ביי אונדז אויף מאָלדאַוואַנקע האָט געלעבט אַ שניידער איז ער געווען זייער אַ אָרעמער און אַ קראַנקער... נאָכדעם האָט דער קופּלעטיסט גענומען דערציילן וועגן די זיבן טעכטער דעם שניידערס. דער אינהאַלט פון דעם ליד איז געווען זייער אַ ביליקער. מען האָט אויך איבערגעזונגען צענדליקער וווּלגאַרע געזאַלצענע לידלעך. אָט וועל איך ברענגען אַלס מוסטער איין לידל וואָס עס האָט געזונגען אויף אַן אָפענער סצענע אין אַ פּאַרק אַ האַלב נאַקעטע דאַמע מיט אַ געפאַרבטן פּנים „מוזש מאַי אויעכאַל פאַ דיעלאַם — פריכאַ־דיטע קאַמניע יאַוואַם דאַם — סקאַטשאַנטשיק טשאַיוי״. אויף יידיש קען מען דאָס אַזוי פאַרטייטשן: „מיין מאַן איז געפאָרן זוכן צו מאַכן אַ לעבן, קומט צו מיר וועל איך אייך געבן . . . אַן טומל אַן געשריי אַ שמעקעדיקע גלאָז טיי״. איך האָב פריער דערמאָנט די מאָלדאַוואַנקע דאָס איז געווען אַ געגנט אין אָדעס געדיכט באַזעצט מיט טויזנטער יידישע אַרבעטער און פאָלקס מענטשן. עס זיינען דאָרט אויך געווען גאַסן פול מיט טונקעלע פאַרשוינען פון דער אונטערוועלט — ווען איך שטיי דאָ ביי אונדז אין מעקסיקע לעבן דעם „פּאַלאַסיאָ דע בעיאַס אַרטעס״ און איך קוק אויף די נאָענטסטע גאַסן פון סאַן כואַן דע לעטראַן דוכט זיך מיר אויס דאָס איך געפין זיך אין סאַמע צענטער פון אָדעס אויף דער הויפּט גאַס וואָס מען האָט גערופן דעריבאַסאָווּ־קאַיאַ, די זעלבע באַוועגונג — דער זעלבער לעבן, איך זע אויך דעם באַ־רימטן אָדעסער שטאָט טעאַטער וועלכער איז געווען אַ קאָפּיע פון דער פּאַרי־זער אָפּערע.

## מיין באָבע וויל וויסן ווי האַלט עס אין אָדעס מיט יידישקייט

מיט אַ סך מאַנאַטן שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו זיין געשעפטלעך אין ביאַליסטאָק און איך בין פאַרשטייט זיך פאַרבליבן אַ פּאָר טעג אין דער־היים און מען האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט. די באָבע מיינע כינקע וועלכע איז שוין געווען שטאַרק פאַרעלטערט פרעגט זיך ביי מיר נאָך ווי לעבט זיך, עס אין אָדעס און ווי האַלט עס דאָרטן מיט יידישקייט ? אַי באָבע, וואָס זאָל איך דיר דערציילן ? דו קענסט זיך גאָרניט פאָרשטעלן ווי גרינג עס איז אין אָדעס צו זיין אַ ייד — גרינג זאָגסטו — און מיר איז דען דאָ שווער ? איך טראָג שוין אַזוי פיל יאָרן מיין יידישקייט אין האַרצן און איך פיל גאָרניט אַז עס איז מיר שווער — ענטפערט מיין קלוגע באָבע און זי זאָגט ווייטער די פרימאָרגנדיקע ברכות ציילנדיק די ווערטער איינס און איינס. אַי, דאַדיעלע, דו זאָלסט עס זאָגן — ניטאָ ווער עס זאָל לאַכן — גרינג איז דאָרטן — זאָגסטו צו זיין אַ ייד — שטרוי איז אויך גרינג, אָבער עס האָט דאָך ניט קיין יידישן טעם.

# מיין ערשטע פּראָבע רייזע

אין האָב איבערגעלייענט אַלץ וואָס איך האָב פריער אָנגעשריבן און איך האָב דערזען אַז איך האָב דערציילט וועגן אָדעס אַזוי ווי איך וואָלט שוין דאָרט געלעבט יאָרן לאַנג אין דער צייט ווען אין דער אמתן האַלט איך נאָך ביים סאַמע אָנהויב.

די לעצטע טעג פון יידישן יאָר זיינען גיך פאַרביי. עס איז אָנגעקומען ראש השנה. איך האָב געוויזן אַ קונץ און געהערט דריי חזנים. צו מעריב האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אין דער שאַלאַשנער שול לעם מיין קוואַרטיר און איך האָב געהערט און הנאה געהאַט פון השכיבנו, געזאָגט פון חזן שולמאַן מיטן פּרעכטיקן כאָר זיינעם. אויף מאָרגן דעם ערשטן טאָג ראש השנה בין איך געשטאַנען אין שול אויף יעווריסקי גאַס און געהערט דעם פּרעכטיקן בעל תפילה דוד משה שטיינבערג, וועלכער איז געווען אַ קראַסאַווע אַ מאַנספאַרשוין. מיט זיין שיינער שוואַרצער אויסגעקאַמטער באָרד איז ער געווען געראָטן אין ד״ר הערצלען, וועגן אָט דעם גלענצנדן חזן ווירטואָז — וועלכער האָט געקענט אין איין מינוט קונציק בייטן זיין שטימע האָב איך אַ סך זיך אָנגעהערט זייענדיק מיט אַ פּאָר יאָר פריער אין ווילנע ווו אָט דער שטיינבערג איז געווען שטאָט חזן אידער מען האָט אים צוגענומען קיין אָדעס. דעם צווייטן טאָג ראש השנה האָב איך געהערט פּיניע מינקאָווסקין דעם קלאַסיקער פון ליטורגישע געזאַנג. פאַר איינעם אַ ליבהאָבער פון חזנות איז שווער איבערצוגעבן וואָס מען פילט ווען מען הערט פּיניע מינקאָווסקין זאָגן „יעלה ויבא״ אָדער „יגדל״, מען ווערט פאַרכישופט און מען פאַרלירט ממש דעם לשון. פּיניע מינקאָווסקי זינגט ניט, שרייט ניט „ציקלט״ זיך ניט. ער, פאַרטייטשט נאָר אויף אַ קינסלערישן אופן יעדער וואָרט און מען פילט אַזוי ווי עס וואָלטן אַריינגעפאַלן אין מויל פרישינקע וואַרעמע געבזענע גריוועניעס. (אפשר ניט קיין פּאַסיקער פאַרגלייך אָבער קיינער וועט דאָך ניט לייקענען אַז עס איז געשמאַק) . . .

און אַז עס איז געקומען צו רייד וועגן אָדעסער שולן וועלכע זיינען געווען רייך שיין און רחבותדיק געבויט מיט דער פולער האַנט, מוז איך פאַרצייכענען דאָס ביים אַריינגאַנג אין די שולן זיינען געווען גאַרדעראָבע צימערן ווו די גבאים און די פּני פון דער מזרח וואַנט פלעגן אַריינגיין און אויסטאָן די ווייכע קאַפּעליושן זייערע און אַרויסקומען אויסגעפּוצטע אין הויכע גלאַנצנדיקע צילינדער היט וואָס יעדער איינער האָט דאָרט געהאַט אין אַ שאַכטל מיט זיין נאָמען, פאַרשטייט זיך דאָס איך בין אויך געווען אַן אָפטער גאַסט אין דער ציוניסטישער שול „יבנה״ און געזען דאָרטן אויסישקינען מיט זיין שטרענגען אָבער קלוגן פּנים און נאָך אַ סך אַנדערע באַרימטע יידן פון די

חכמי אָדעסאַ. איך האָב אויך געזען דעם זיידן מענדעלען פון דערוויטנס אויף דער גאַס ווו עס האָט זיך געפונען די אָדעסער תלמוד תורה.

באַלד אויף מאָרגן נאָך ראש השנה בין איך געזעסן מיט גאָספּאָדין קאָזמאַן און זיך צוגעהערט וואָס ער רעדט צו מיר: איר וועט היינט ביינאַכט אַרויספאָרן אין די צוויי קלענערע שטעט טיראַספּאָל און בענדער. פון דאָרט קיין קישענעוו אָט האָט איר דאָ אַ רשימה פון אַלע אונדזערע קונדן דאָרט. איר וועט דאַרפן אויפמאָנען ביי זיי געלט און נעמען ביי זיי באַשטעלונגען. נאַט אייך אויך 25 רובל אויף הוצאות און זאָל זיין מיט הצלחה. מיר וועלן זען וואָס איר קענט, זאָגט ער מיט אַ שמייכל און דריקט מיר די האַנט זאָגנדיק צום ווידערזען. אויף מאָרגן אין דער פרי בין איך שוין געווען אין טיראַספּאָל געהאַט דאָרט ווייניק וואָס צום טאָן און דעם צווייטן טאָג בין איך אָנגעקומען אין בענדער. די בלאָטע איז אין יענער שטעטל געווען אַ שוואַרצע אַ געדיכטע און דער צו אַ קלעפּעדיקע אַ פעטע. איך האָב אַריינגעשטעקט אַ פוס און ניט געקענט אַרויסנעמען, איך האָב טאַקע באַלד פאַרלאָרן די פּאָר קאַלאָשן מיינע וואָס איך האָב געקויפט מיט אַ פּאָר טעג פריער. איך האָב. אויך באַמערקט ווי אַנדערע קליגערע פון מיר פאָרן איבער די ברייט פון דער גאַס רייטנדיק אויף אַ פערד. איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטן און איך פרעג די יידן „ווי לעבט איר דאָ אין אַזאַ בלאָטיקן גיהנם“? האָבן זיי זיך אויסגעלאַכט פון מיר און געענטפערט „אוי, ליטוואַק! ליטוואַק! דאָס איז נאָך גאָרניט. כל זמן מען זעט נאָך אַרויס די אויערן איז דאָס נאָך ניט די אמתע בלאָטע ביי אונדז... אין דער גרויסער שטאָט קישינעוו האָבן איך פאַרבראַכט עטלעכע טעג, און ווען איך בין אַריין מיטאָג צייט עסן אין אַ רעסטאָראַן און מען האָט אַוועקגעשטעלט לעם מיר אויפן טיש אַ גרויסע פלאַש ווין האָב איך אַ פרעג געטאָן? וואָס איז דאָס? עס איז איצט נאָך ראש השנה און ביי אייך איז שוין פסח? האָט מיר דער באַלעבאָס מיט דעם רויטן פּנים און מיטן אויסגעפּאַשעטן בייכל געענטפערט מיט אַ שמייכל טרינק! ליטוואַק! וויפל די ווילסט און פרעג ניט קיין קשיות. זיי וויסן, אַז דו געפינסט זיך אין בעסאַראַביע, ווו אונדז טרינקט מען ווין ניט נאָר פסח צום סדר נאָר אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין אָדעס פון מיין ערשטער פּראָבע רייזע און איך האָב אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אַ סך בעסער ווי מען דאַרף און ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. אין קישינעוו צום ביישפּיל האָב איך געהאַט פאַרצייכנט אַכט ביכער געשעפטן. געבראַכט האָב איך אָבער צען באַשטעלונגען. דאָס הייסט איך האָב אויסגעפונען נאָך צוויי בוכהאַנדלונגען וואָס דער באַלעבאָס האָט פון זיי ניט געוווסט. גלייך אויפן אָרט איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פאַר מיר אַ נייער רייזע־פּלאַן פון זעקס וואָכן אין די שטעט און שטעטלעך פון די נאָנטע דרומדיקע גובערניעס.

דער באַלעבאָס האָט מיר אויך געזאָגט דאָס אויסער אַ מאַנאַטלעכן געהאַלט וועל איך אויך קריגן פּראָצענטן פון די באַשטעלונגען.

## מיין טאַטנס אַן איינפאַל

ווערנדיק אַ וואַיאַזשאַר האָב איך ווי דער שטייגער איז אָפּגעדרוקט וויזיט קאַרטלעך „דאַוויד יעפימאָוויטש זאַבלודאָווסקי". אַזאַ קאַרטל איז אַריינגעפאַלן צום טאַטן אין די הענט און איך קריג אַ בריוו פון מיין טאַטן פול מיט כעס: „הער זיך איין, מיין זון, פאַר וואָס עפּעס האָסטו מיר אָפּגעשמדט? איך רוף זיך, ניט יעפים נאָר חיים הערש. און גלייך אויף מאָרגן קריג איך פון פּאָסט אַ שאַכטעלע מיט הונדערט וויזיט קאַרטלעך פון דעם זעלבן פאָרמאַט און מיט די זעלבע אותיות וואָס מיין טאַטע האָט עקסטרע באַשטעלט אין דעם ביאַליסטאָקער דרוק ווו ער האָט געדרוקט זיינע כתבים און אויף די נייע קאַרטאָטשקעס איז געווען געשריבן אַז אָט אַזוי און ניט אַנדערש דאַרף איך זיך רופן „דאַוויד כאַימאָוו גערשאָוו זאַבלודאָווסקי". נאָך אַ באַווייז ווי מיין טאַטע האָט פאַרנומען זיין צייט און זיין קאָפּ מיט ניט קיין פּראַקטישע ענינים.

## יוסף זייטשיק און סאָניע וויינער

עס איז איבעריק צום זאָגן דאָס אויף מיינע רייזעס האָב איך ניט געקענט חברען זיך מיט גראָבהויטיקע פּראָפעסיאָנעלע קאָמי־וואָיאַזשאָרן און נאָך ווייניקער האָב איך געקענט אויסהערן זייערע געמיינע רייד און שמוציקע אַנעקדאָטן, דעריבער האָב איך זיך ממש דערפרייט ווען איין מאָל פאָרנדיק אַזוי אין די ברייטע באַקוועמע רוסישע באַנען האָב איך באַמערקט ווי אין אַ ווינקל פון וואַגאָן זיצט אַ בלאָנדער יונגער מאַן מיט ברילן און לייענט אַ יידישן בוך. איך כאַפּ אַ קוק און זע אַז דער בוך רופט זיך „נאָך אַלעמען" פון בערגעל־סאָן נאָר וואָס אַרויס פון דרוק. דעם יונגן מאַן רופט מען יוסף זייטשיק. ער איז געווען אַ שריפטשטעלער און מיטגעאַרבעט אין דער וואַרשעווער צייטונג „אונדזער לעבן" און זיין פען נאָמען איז געווען יוסף יאַקאָבי. ער אַליין איז אויך געווען דער פאַרטרעטער פון וואַרשעווער ביכער פאַרלאַג „אַחיאָסף" און איז אַרומגעפאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך פון וואָלינער געגנט כדי צו אָרגאַניזירן און עפענען ביבליאָטעקן פאַר דער יידישער יוגנט וועלכע האָט געבענקט נאָך אַ יידיש וואָרט.

נישט נאָר מיר האָבן זיך באַקענט, נאָר מיר זיינען אויך געוואָרן צוגעבונדן איינער צום אַנדערן ווי גוטע פריינט, וואָס קענען זיך שוין יאָרן לאַנג. מיר זיינען געפאָרן צוזאַמען דריי וואָכן צייט און מיר האָבן ביידע אויך דורכגעלעבט עטלעכע שעה אומזיסטע שרעק. געשען איז עס, ווען מיר זיינען געפאָרן

אין אַ פאַרמאַכטער קאַרעטע פון קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק קיין פּראָסקוראָוו. די רייזע האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט, מיר זיינען געפאָרן דורך אַ געדיכטן וואַלד און דערצו נאָך האָט געגאָסן אַ שלאַקסרעגן. אין דער באַקוועמער קאַ־רעטע איז געווען פּלאַץ פאַר פינף פּאַסאַזשירן. זיינען מיר געזעסן דריי יידן: איך, זייטשיק און נאָך אַ יידישער רייזנדער. אַנטקעגן אונדז האָבן פאַרנומען די צוויי פּלעצער אַן אַקציזנער טשינאָווניק און אַ רוסישע פרוי.

נאָך אַ האַלבער נאַכט גיט דער אַקציזניק אַ זאָג צו זיך אַליין, נאָך דעם ווי ער האָט געטאָן אַ שטאַרקן זופּ פון דעם פלעשל, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך אין דער בוזעם־קעשענע: „ווען וועט מען שוין ענדיקן בויען די באַן? עס איז דאָך אַן אָפּקומעניש צו פאָרן אויף אַזאַ אופן, בפרט אַז מען איז ניט זיכער מיטן לעבן. אָט מיט צוויי וואָכן צוריק האָט מען טאַקע דאָ, אין דעם פּלאַץ, געפונען דריי דערהרגעטע יידן, וואַלד־סוחרים און מען האָט ביי זיי צוגענומען זייער בריטשקע מיט די פערד און אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך — און די פּאָליציי אונדזערע זוכט נאָך אַלץ אַרום די בלוטיקע מערדערס און קען זיי ניט געפינען". און דער אַקציזניק ענדיקט עס כלומרשט מיט אַ זיפץ.

מען קען זיך פאָרשטעלן, ווי מיר האָבן זיך דערפילט הערנדיק אַזעלכע דיבורים פון אַ האַלב שיכורן פאַרשוין. מיר זיינען געבליבן זיצן צונויפ־געדרייט אין דרייען און עס האָט אונדז געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאַן. מיר זיינען אָפּגעקומען, פאַרשטענדלעך, בלויז מיט שרעק און מיר זיינען בשלום אָנגעקומען פאַרטאָג אין פּראָסקוראָוו. מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז מיט יאָרן שפּעטער האָט מען אין דעם זעלביקן וואַלד דערמאָרדעט צוויי אַמערי־קאַנער באַרימטע יידן — פאַרשטייער פון „דזשאָינט".

אין פּראָסקוראָוו האָב איך זיך וואַרעם צעשיידט מיט מיין חבר יוסף זייטשיק און ביים געזעגענען זיך דערלאַנגט ער מיר דאָס בוך און הייסט עס מיר איבערגעבן צוזאַמען מיט אַ האַרציקן גרוס זיינער אַ פריינדין, אַ וואַרשעווער מיידל מיטן נאָמען סאָניע וויינער. ער שילדערט אָפּ פאַר מיר דאָס דאָזיקע מיידל, אַז זי איז עפּעס אַזוינס און אַזעלכעס; אַ קלוגע, אַ באַלעזענע און דערצו נאָך איז זי געקניפּט און געבונדן מיט דעם קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן וואַרשעווער לעבן. עס איז לייכט געווען צו באַמערקן, אַז אָט דער בלאָנדער אינטעליגענטער בחורל, וועלכער האָט געשטאַמט פון טשודנאָוו לעבן זשיטאָמיר איז ניט געווען גלייכגילטיק צו דער דאָזיקער סאָניע וויינער, וועלכע האָט טאַקע שטאַרק געבענקט צוריק קיין וואַרשע — ווי מיר וועלן עס זען שפּעטער. איך האָב, פאַרשטייט זיך, דאָס בוך „נאָך אַלעמען" פריער טאַקע אַליין איבער־געלייענט אין איין אָטעם. דאָס נייע קינסטלערישע סאָרט שרייבן פון דעם דאַן נאָך אומבאַקאַנטן שריפטשטעלער האָט אויף מיר געמאַכט אַ געוואַלדיקן

רושם. אגב וויל איך דאָ פאַרצייכענען, אַז ווען איך האָב מיט יאָרן שפּעטער געלייענט בערגעלסאָנס „אַרום וואָקזאַל", האָב איך דערקענט די באַן־סטאַנציע און דעם וואָקזאַל ביי דעם וואָלינער שטעטל אילינעץ (אָדער „אילינצי" אויף רוסיש). דער מחבר האָט אפילו ניט געביטן די נעמען פון די מענטשן וועלכע ער שילדערט אין דער דאָזיקער דערציילונג. און ניט נאָר האָב איך אַ סך פון זיי געקענט פּערזענלעך, נאָר איך האָב ביי דעם מילנער „דערבאַרעמדי־קער" געקויפט אַ וואַגאָן ווייצענע מעל פאַר מיינעם אַ פעטער — אַ ביאַליס־טאָקער מעלשענקער.

נאָך יעדער רייזע פלעג איך בלייבן אין אָדעס עטלעכע וואָכן און זיך אָפּרוען. היינט ווער רעדט נאָך פון דער דאָזיקער ערשטער לענגערער רייזע בין איך געווען פול ווי אַ מיל־גרוים מיט איבערלעבונגען און איינדרוקן.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז קומענדיק אין אָדעס בין איך גלייך אַוועק אויף טי־ראַספּאָלסקע 6 און זיך באַקענט מיט דער מיידל סאָניע ווייבער וועלכע האָט דאָרט געוווינט מיט אירער אַ מומען. מיר זיינען גאָר גיך געוואָרן גוטע פריינד; איך האָב געהאַט ביי זיי אַ שטוב ווו אַריינצוקומען און מיט וועמען אויסצורעדן אַ יידיש וואָרט און די צוויי נייע באַקאַנטע מיינע, פאַרשטייענס פון דעם שיינעם מין, האָבן געהאַט מיט וועמען אַרויסצוגיין און ניט זיין אַליין אין דער גרויסער און פרעמדער, כאָטש שיינער שטאָט אָדעס.

איצט לאָמיר איך דערציילן ווי אַזוי קומט אָט די סאָניע מיט איר מומען קיין אָדעס. די מעשה איז אַ קורצע: אַזוי ווי די שיינע מיטליאַריקע, האַלב רוסיפיצירטע סאָניעס מומע, וויעראַ באַריסאַוונאַ פון בערדיטשעוו איז אַראָפּ פון איר אַמאָליקער גדולה און ניט געהאַט פון וואַנען צום לעבן, און אַזוי ווי די גוטע נשמה, די הומאַניטאַרע סאָניע ווייבער האָט געקענט מאַכן קאָרסעטן, האָבן זיי זיך ביידע צונויפגערעדט און געעפנט אין אָדעס אַ סאַלאָן פון קאָר־סעטן. פאַרן גאַס איז געווען דאָס געשעפט מיט צוויי גרויסע „וויטראַזשעס" און הינטערן וואַנט האָבן זיי געהאַט זייער דירה פון צוויי צימערן.

מיר פלעגן גיין צוזאַמען שפּאַצירן און אָפטמאָל זיינען מיר געפאָרן צום ברעג ים — צום לאַנזשעראָן. מיר פלעגן באַזוכן דעם רוסישן און דעם יידישן טעאַטער און די אָפּערע. איין מאָל ווען מיר האָבן זיך שפּעט אין אָוונט צוריק־געקערט פון אַ סימפאָנישן קאָנצערט האָב איך זיי צוגעפירט ביזן שטוב און איך האָב זיך גיך אַרויפגעכאַפּט אויפן טראַמוויי וועלכער איז אין דער מינוט אָנגעקומען, פאַרגעסנדיק אין גאַנצן אַז ביי מיר אין קעשענע געפינען זיך די שליסלען פון זייער דירה. דערמאָנט האָב איך זיך ערשט אויף מאָרגן אין דער פרי ווען סאָניע האָט מיך אויפגעזוכט דורכן טעלעפאָן און מיר דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט, אַז זיי האָבן ביי נאַכט געדאַרפט גיין זוכן אַ האָטעל ווו איבערצונעכטיקן און איצט שטייען זיי און קענען ניט אַריינגיין אין קראָם און

אין שטוב. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב גלייך געבראַכט די שליסלען וואָס זיינען רואיק געלעגן אין דער קעשענע פון מיין מאַנטל. נו, וואָס האָב איך זיי געקענט זאָגן אין אַזאַ פאַל און ווי אַזוי האָב אך זיך געקענט פאַרענטפערן פאַר זיי? היינט, וואָס וועט עס שוין העלפן? עס איז דאָך שוין געשען און מע קען עס דאָך שוין צוריק ניט כאַפּן. אוודאי האָט עס מיר שטאַרק ווײי געטאָן, אָבער גאַנץ גיך האָט עס זיך אויסגעפּרעסט און עס איז פאַרגעסן געוואָרן.

## מיינע רייזעס איבער רוסלאַנד

לאָמיר איבערלאָזן אַ ווײַלע אַדעס און דערציילן עפּעס וועגן דעם, וואָס איך האָב געזען און געהערט אויף מיינע רייזעס איבער רוסלאַנד.

איך בין אַדורכגעפאָרן גאַנץ רוסלאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט און עס זיינען מיר געבליבן זייער אַ סך זכרונות פון אָט די דאָזיקע רייזעס. אָט קום איך צופאָרן אין דער אַלטער רוסישער שטאָט יאַראָסלאַוול, וו׳ו עס הייבט זיך אָן דער באַרימטער טייך וואָלגאַ. איך זעץ זיך אַרויף אויף איינעם פון די לופטיקע און באַקוועמע פּאַראַכאָדן (דאַמפשיפן) און איך פאָר אַ דורך במשך פון דריי וואָכן די גאַנצע לענג פון דעם ריזיקן טייך. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויפן וועג און זיך באַקענט מיט אַ טוץ שטעט און שטעטלעך, וואָס ליגן ביים ברעג טייך ווי ניזשני־נאָווגאָראָד, סאַראַטאָוו, סאַמאַרא צאַריצין און נאָך אַ סך אַנדערע וויכטיקע שטעט אַזש ביז אַסטראַכאַן, ווו די וואָלגאַ פאַלט אַריין אין דעם קאַספּישן ים. איך דערמאָן זיך, ווי אין איינעם אַ פרימאָרגן איז אונדזער פּאַראַכאָד צוגעקומען צו אַ קליין דערפל וואָס ליגט ביים ברעג טייך און דאָרטן זיינען דאָ גרויסע באַסיינען און ריזיקע הילצערנע קאַטקעס מיט לעבעדיקע פיש, וואָס מ׳האָט זיי נאָר וואָס אַרויס־גענומען פון וואַסער. איך האָב געקויפט ביי איינעם אַ רירעוודיקן פישער מיט כינעזישע אייגעלעך אַ לעבעדיקן קאַרפּ פאַר פופצן קאָפּיקעס. כ׳האָב אים געבראַכט אויפן פּאַראַכאָד און געבעטן איינעם פון די קוכערס ער זאָל אים פאַר מיר אָפּפּרעגלען. באַלד האָט זיך טאַקע דער פיש געפּרעגלט אין אַ טיפער פאַטעלניע מיט בוימל און אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך שוין געזעסן ביי אַ טישל אויף דער פרייער פרישער לופט פון דער אייבערשטער טעראַסע פון שיף און האָב מיט גרויס אַפּעטיט געגעסן דעם געשמאַקן מאַלצייט און פאַרטרונקען מיט אַ פלאַש קאַלטן ביר — „זשיגולאַווסקאַיע פּיוואָ", די בעסטע ביר פון יענער געגנט. ביי די ברעגעס פון דעם טייך וואָלגאַ האָב איך זיך באַקענט מיט די עכטע געזונטע און אמתע רוסישע אַרבעטער וואָס האָבן געטראָגן לאַנגע האָר אויף די קעפּ אַזוי ווי די היינטיקע „היפּיס". איך האָב זיך מיט גרויס אינטערעס צוגעקוקט ווי די דאָזיקע אַרבעטער האָבן אַריינגע־קלאַפּט לאַנגע הילצערנע סלופּעס אין דער ערד און דערביי געזונגען צום

טאָקט פון די קלעפּ דאָס באַרימטע געזאַנג וואָס איז ספּעציעל געשאַפן גע־וואָרן פאַר דעם צוועק. „עיאוכנעם! אוןווידער אַ מאָל עי דא אוכניעם״.

## פּעטערבורג און מאָסקווע

(מען וויל ביי מיר אַרויסנאַרן געלט וואָס איך האָב ניט)

אין פּעטערבורג בין איך געווען ניט מער ווי איין טאָג. אין דער פרי בין איך אָנגעקומען און שפּעט ביי נאַכט בין איך אַוועקגעפאָרן. עס איז אפשר ניט קאָרעקט צו זאָגן אין דער פרי אָדער ביי טאָג ווייל אין דעם חודש דע־צעמבער, ווען איך בין דאָרטן געווען, איז אַ גאַנצן טאָג פינצטער און אַלץ מוז מען טאָן ביי דעם עלעקטרישן ליכט. אין דעם חודש באַווייזט זיך כמעט ניט די זון אויף קיין איין מינוט.

געשעפטלעך האָב איך אין אָט דער רוסישער הויפּטשטאָט ניט געהאַט וואָס צו טאָן, ווייל מיר האָבן דאָרטן געהאַט אַ שטענדיקן פאַרטרעטער פון אונדזער פירמע. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין מאָסקווע. בכן, האָב איך אַ גאַנצן טאָג שפּאַצירט אויף דעם שיינעם „ניעווסקי פּראָספּעקט״ און געטרונקען עטלעכע מאָל אין טאָג טיי און צוגעביסן די געשמאַקע פּיראָזשקעס — די באַרימטע פּעטערבורגער טשאַסטקעס אָנגעפּילט מיט פליייש וואָס זיינען צעגאַנגען אין מויל.

איך האָב פריער דערמאָנט מאָסקווע און וועגן אָט דער גרויסער רוסישער שטאָט וויל איך אויך עפּעס דערציילן. כאָטש ווי איך האָב פריער געזאָגט אַז געשעפטלעך האָב איך ניט געהאַט וואָס צו טאָן אין מאָסקווע, דאָך האָב איך אָבער זייער געוואָלט זען באַטראַכטן די שטאָט, בפרט, אַז איך האָב געמוזט דורך איר דורכפאָרן.

געווען בין איך אין מאָסקווע מער ניט ווי צוויי טעג. אָנגעקומען בין איך אַהין פרייטיק אין דער פרי און אַ גאַנצן טאָג האָב איך באַקוקט די שטאָט מיט אירע היסטאָרישע פּאַלאַצן, מאָנומענטן, און די בילדער־אויסשטעלונגען. פּי־פּיקע שווינדלערס האָבן דערזען דעם פּראָווינצער און זיי האָבן געוואָלט אַרויסנאַרן ביי אים געלט. עס האָט זיך זיי אָבער ניט איינגעגעבן. און אָט ווי אַזוי די געשיכטע פון דער מעשה איז זיך פאַרלאָפן.

איך שטיי מיך אַזוי אַנטקעגן דעם קרעמלין און איך באַטראַכט דעם מאָ־נומענט פאַר מינין און פּאָזשאַרסקי (צוויי וויכטיקע היסטאָרישע פיגורן, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן שפּעטער דעם דאָזיקן דענקמאָל צעשטערט). ווי איך שטיי אַזוי, גייט צו צו מיר אַ יונגער מאַן און גיט מיך אַ פרעג, אפשר קען איך אים זאָגן ווי אַזוי מע גייט פון דאַנען אויף וואַסיליעווסקי ריינאָק — דאָס איז אַ ספּעציעלער מאַרק, ווו מע קויפט און מען פאַרקויפט געניצטע זאַכן. איך ענטפער אים, אַז איך ווייס ניט, ווייל איך בין ניט קיין היגער. איך האָב אים

דאָס ניט געדאַרפט זאָגן, ער האָט עס גלייך אַליין געזען. אין דער מינוט וואַקסט אויס לעבן אונדז אַן עלטערער מאַן מיט אַן אויסזען פון אַן אמתן קאַצאַפּ. און ער, דער קאַצאַפּ פרעגט עס דער ערשטן, וואָס דאַרף ער, צו וואָס זוכט ער דעם מאַרק, אפשר האָט ער עפּעס צו פאַרקויפן?

יע! — איך וויל פאַרקויפן אָט דעם זילבערנעם זייגער! — ענטפערט יענער פאַרשלאָפענערהייט. דער כלומרשטער קויפער גיט אַ נעם דעם זייגער אין זיינע הענט, געשיקט טוט ער אַן עפן אויף די דעקלעך פון דעם זייגער, באַטראַכט אַ ווײַלע דאָס געווערק און פרעגט מה יקר — וויפל קאָסט עס?

— איך ווייס, — מאַכט זיך יענער ווי געפּגרט, גיב מיר פינף רובל!

— רעד ניט קיין נאַרישקייטן — זאָגט צו אים דער קויפער ווי צו זיינעם אַ חבר — דער זייגער איז ניט מער ווערט ווי אַנדערהאַלבן רובל. אָט האָסטו דריי האַלבע רובלס און גיי געזונטערהייט.

איך קוק זי צו צו דעם דאָזיקן גיכן מסחר און עס געפעלט מיר עפּעס אין גאַנצן ניט די געשיכטע. איך וויל שוין זיין וואָס ווייטער פון זייער געזעל־שאַפט. עס איז אָבער ניט אַוועק קיין דריי מינוט און די צוויי פאַרשווינען דרייען זיך ווידער אַרום מיר און איך הער ווי דער קויפער רעדט שטילערהייט צו דעם תמעוואַטן פאַרשטעלטן שותף זיינעם: „זאָג מיר, גאָלובטשיק, אפשר האָסטו נאָך עפּעס צו פאַרקויפן, האָב ניט קיין מורא, מיר זיינען אייגענע' מענטשן". באַלד דערזע איך ווי דער קויפער האַלט שוין אין האַנט אַ פּלוי־שענעם רויטן שאַכטל און עס באַווייזט זיך אינעווייניק אַ גלאַנציקער גאָלדענער זייגער מיט אַ קייט.

— אָ! דאָס איז אַ וואַזשנע סחורה, — זאָגט צו מיר דער קויפער מיט פרייד און באַלד טאַקע הויבט מען זיך אָן צו דינגען. דער פאַרקויפער בעט 25 רובל, און דאָס נאָר דערפאַר, ווײַל ער איז געבליבן שטעקן אין מאָסקווע און האָט ניט קיין געלט צו קויפן אַ באַנבילעט צו פאָרן אַ היים קיין ריבינסק. דער קויפער איז, ווייזט אויס, אַ האַרטער מענטש און ער ווערט ניט איבער־ראַשט וואָס יענער דערציילט אים אַ בבא־מעשה און לייגט אים פאָר פאַרן זייגער מיט דער קייט פריער צען רובל און דערנאָך צוויי רובל מערער. דערביי מאַכט ער אַ רחמנות־פּנים און בעט זיך ביים פאַרקויפער ניט צו זיין קיין שלעכטער: „לאָז מיך עפּעס אויך פאַרדינען, כ'האָב אַ ווייב מיט זעקס קינדערלעך".

— וואָס? ווערט דער פאַרקויפער אַן אַנגעצונדענער. דו ביזט אַ „באַ־רישניק", אַן איבערקויפער. ער כאַפּט אַרויס דעם זייגער פון יענעמס הענט און רעדט אַן אויפגערעגטער מיט שוים אויף די ליפן:

— ביי מיר האָסטו ניט געטראָפן דאָס אָרט. איך האַנדל ניט מיט קיין איבערקויפערס מיט זשוליקעס. איך וויל דורכאויס אַז דער זייגער מיינער זאָל אַריינפאַלן אין פריוואַטע הענט, צו אַן ערלעכע מענטשן.

דאָ איז מיר שוין אין גאַנצן קלאָר געוואָרן וואָס דאָ קומט פאָר. איך ווער שוין נייגעריק צו זען, ווי אַזוי די קאָמעדיע וועט זיך ענדיקן. וואָס האָב איך דאָ מורא צו האָבן, עס איז דאָך אין מיטן טאָג און איך געפין זיך דאָך אין סאַמע צענטער פון מאָסקווע. און באַלד דערזע איך ווי דער אומשולדיקער קויפער כאַפּט זיך נעבעך ביים קאָפּ און ברעכט מיט די הענט, אַזוי ווי עס וואָלט אים געטראָפן דער גרעסטער אומגליק:

— אוי, ווי, סאַראַ אָקס איך בין! — זאָגט ער צו זיך אַליין אַ פאַרביטערטער — מיט איין וואָרט האָב איך אָנגעוואָרן אַזאַ פעטן ביסן. הער זיך איין, „דרושאַק“, חבר מייגער, זאָגט ער צו מיר, העלף מיר איינצוהאַנדלען דעם דאָזיקן זייגער, די פרנסה וועט זיין אויף דער העלפט. איך לויף צו דאָ אַנטקעגן ברענגען דעם ברודער מיינעם, אים קען ער ניט, אפשר וועט ער אים איינבייסן און דורכפירן דעם מסחר. אַזאַ מציאה טרעפט מען ניט אַלע טאָג.

בקיצור, דער שלימזלדיקער קויפער איז געלאָפן זוכן דעם ברודער זיינעם און ער זוכט אים נאָך ביזן היינטיקן טאָג. דער פאַרקויפער וואַקסט אויס ווידער לעבן מיר און ער דערציילט מיר מיט שמחה ווי אַזוי דער כיטראַק, דער איבערקויפער, האָט אים געוואָלט אַרייננאַרן אין זאַק אַריין, אָבער ער האָט זיך ניט געלאָזט און באַלד נעמט ער מיר איינרעדן איך זאָל קויפן ביי אים די דאָזיקע מציאה. דער עיקר וויל ער וויסן וויפל געלט איך האָב.

— איך וואָלט געוויס דעם זייגער געקויפט — ענטפער איך רואיק — אָבער איך האָב קיין געלט ניט, איך בין געקומען אין מאָסקווע זוכן אַרבעט!

— אַזוי גאָר, — חזרט ער איבער, זוכן אַרבעט? טאָ, פראָסטיטיע! (זייט מיר מוחל) ווי איינער זאָגט, אין לא פדלתי — האָב איך ניט געטראָפן. מיט דעם האָט זיך די שפּיל געענדיקט.

אַ צווייטן מאָל, ווען איך בין אָנגעקומען אין דער שטאָט טאַמבאָוו האָט מען מיך ווידער געוואָלט פאַרטשעפּען אויף דעם זעלביקן אופן. דאָס מאָל איז די הויפּט־אַרטיסטקע געווען אַ פרוי, איינגעוויקלט אין אַ ברייטער געבלומטער פאַטשיילע און זי האָט מיך געפרעגט, אפשר ווייס איך ווו איז דאָ נאָענט אַ לאָמבאַרד. דאָ האָט זיך מיר געוואָלט מיט איר אַ שפּאַס טאָן, און איך זאָג איר אַז דער קובץ איז שוין זייער אַלט און עס איז שוין שווער עמעצן מיט דעם צו כאַפּן אויף דער ווענטקע.

— יאָ, ביסט אפשר גערעכט, „דאָראָגאָי מאָי“ טייערער מיינער. — קומט פון דער פרוי אַן ענטפער — אָבער וואָס קענען מיר זיך העלפן, אונדזער פרנסה איז

זייער אַ שווערע און קיין נייע איינפאַלן קומען ניט צו. אדרבא, אפשר ווייסטו פון עפּעס אַ נייער קונסט?

מיר האָבן זיך ביידע פונאַנדערגעלאַכט און זיינען זיך צעגאַנגען ווי פריינד.

## אַ נאַכט אין אַ מאָסקווער „טשאַיינע״ (טייהויז)

עס האָט זיך אָנגערוקט די נאַכט. איך בין געווען שטאַרק פאַרמאַטערט. אין אַ האָטעל האָב איך מורא געהאַט אַריינצוגיין נעכטיקן, האָב איך ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי נאָר אַריינצוגיין אין אַ ביליקן טייהויז וואָס איז אָפן אַ גאַנצע נאַכט. איך האָב פאַרגאָסן דעם מאָגן מיט די קישקעס מיט הייסן טיי מיט ציטריק. דער האַלב־טונקעלער סאַלאָן איז געווען פול מיט רויך און מיט טונקעלע יונגע און אַלטע פאַרשוינען. בלויז מענער האָט מען דאָרט געטראָפן. פרויען האָבן אַהין ניט געטאָרט אַריינקומען. איך זיץ און טרינק טיי, די אויגן קלעפּן זיך, איך האָב אָבער מורא איינצושלאָפן, ווייל מען האָט געקענט אַראָפּנעמען פון מיר מיינע זאַכן און לאָזן מיר נאַקעט. איך האָב קוים דערלעבט עס זאָל ווערן טאָג בין איך אַוועק אין דעם נאָענטסטן וואָקזאַל. — אין מאָסקווע זיינען פאַראַן צען וואָקזאַלן — כ׳האָב זיך אַ ביסל אַרומגעוואַשן, זיך צוגעפּוצט און אַזוי ווי עס איז געווען שבת. בין איך אַוועק אין דער גרויסער מאָסקווער שול. די זעלבע מאָסיווע געמויערטע שול שטייט נאָך ביז היינטיקן טאָג אויף דעם זעלביקן פּלאַץ. אין שול האָט געדאַוונט אַ גאַנץ גוטער חזן. מיר איז אָבער געווען אַ גרויסער ווונדער פון וואַנען האָבן זיך גענומען אַזוי פיל ייִנגלעך און בחורים מיט זייער גוטע שטימען אין דעם גוט איינגעשטודירטן גרויסן כאָר.

איך האָב אָפּגעגעבן שלום דעם ראַבינער מאַזע וועלכער איז דאַן געווען באַרימט צוליב דעם ביילים־פּראָצעס. עס זיינען שוין אַוועק אַזוי פיל יאָרן און ביז היינטיקן טאָג קען איך ניט פאַרגעסן דעם מאָסקווער ראַבינערס אויגן; זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדער פייערל און גלאַנץ; די אויגן האָבן גערעדט צו מענטשן און האָבן פאַרמאָגט אָן אַ שיעור חכמה און אהבת ישראל. נאָכן דאַוונען גיב איך אַ פרעג ביי אַ ייִדן, ווו קען מען דאָ קריגן אַ שבתדיקן מאָל־צייט? אויף זאַראַדיע״. ענטפערט ער מיר, קומט, איך גיי אויך אַהין. אין צען מינוט אַרום האָב איך זיך שוין געפונען אין אַ גרויסער שטוב אויפן צווייטן שטאָק, מיט אַ סך צימערן. איך האָב געגעסן אַ געשמאַקן טשאָלנט מיט קישקע און אַ פעטן קוגל. עס האָבן זיך געהערט פריילעכע געזאַנגען פון די זייטיקע צימערן. דאָס האָבן עטלעכע חסידישע רביים געזונגען זמירות מיט זייערע חסידים. כ׳האָב געכאַפּט אַ קוק דורכן פענצטער און דערזען די צענטליקער קלויסטערס מיט די בייכיקע קופּאָלן און מיט די גאָלדענע צלמים

אין דער שפּיץ, און איך האָב זיך אַלץ געפרעגט ווו בין איך דאָ, אין מאָסקווע צי אין בערדיטשעוו?

## אין דעם מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער

נאָך דעם עסן בין איך אַוועק אין סטאַניסלאַווסקיס קינסטלערישן טעאַטער. עס איז געגאַנגען שוין דריי חדשים נאָכאַנאַנד מעטערלינקס „בלויער פייגל״. דעם בילעט צו דער פאָרשטעלונג האָב איך געהאַלטן ביי זיך אַ לאַנגע צייט אַלס אַן אָנדענק. און איך מוז מודה זיין אַז דאָס וואָס איך האָב יענעם שבת געזען אין טעאַטער איז שווער צו באַשרייבן, איך בין ממש פאַרכישופט געוואָרן און ניט געוווּסט וואָס קומט דאָ פאָר און ווו בין איך עס אין דער וועלט. ווי אַזוי האָט מען עס צונויפגעפּאָרט און צונויפגעמישט די וועלט מיט יענער וועלט. אָט איז דער גיהנום און עס ברענט אַ העליש פייער, און עס לויפן און עס יאָגן זיך שדים, לצים, מכשפות, לאַפּיטוטן, עס עפענען זיך הימלען, עס שפּאַלט זיך די ערד, עס בליצט, עס דונערט, עס פאַרדרייט זיך דער קאָפּ און עס שווינדלט אין די אויגן. מיט איין וואָרט, — קונסט פון דער העכסטער מדרגה און דאָס האָט נאָר געקענט שאַפן דער באַרימטער און געניאַלער סטאַניסלאַווסקי. אַ פּולער, אַ זאַטער און אויך אַ צופרידענער גייסטיק בין איך אָפּגעפאָרן פון מאָסקווע.

## דער נדר

(געשריבן אין 1963)

היות עס איז לעצטנס געווען אַ היסטאָרישע דאַטע. עס איז געוואָרן 50 יאָר נאָך דעם באַרימטן ביילים־פּראָצעס, וועלכער האָט אויפגערודערט די גאַנצע יידישע און אַלגעמיינע וועלט, האָב איך זיך דערמאָנט אַן אויסערגעווײנלעכן עפּיזאָד, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין יענער צייט און וועלכער בעט זיך און איז ווערט פאַרעפנטלעכט צו ווערן.

ויהי בימי מוראַטאָוו. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען איינער פון די דאַמאָלסטיקע, גרעסטע שונאי ישראל, גענעראַל מוראַטאָוו, האָט געקיניגט איבער קורסקער גובערניע און האָט נישט דערלאָזט, אַז אַ יידישע פוס זאָל אַרויפטרעטן אויף דער הייליקער ערד פון זיין גובערניע.

אין יענער צייט, ריכטיק מיט אַ האַלב־יאָרהונדערט צוריק, בין איך געווען אַ רייזנדער פון אַ רוסישן ביכער־פאַרלאַג. דער באַלעבאָס האָט זיך גערופן מ. ס. קאָזמאַן פון אָדעס. געשטאַמט האָט ער פון זשיטאָמיר און געקענט גוט יידיש. מיט מיר, אָבער, האָט ער דאַן גערעדט בלויז רוסיש.

עס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל באַשריבן פריער ווי אַזוי איך בין מגולגל געוואָרן קיין אָדעס און געפונען טאַקע דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט און צו וואָס איך האָב געשטרעבט.

איידער אָבער איך קום צום עצם ספור המעשה, וויל איך פריער דערציילן וועגן די אַמאָליקע, יידישע רייזנדער, אָדער קאָמי־וואָיאַזשאָרן, ווי מען האָט זיי גערופן. צו וואָס זאָג איך יידישע? איך האָב דען אויף מיינע רייזעס גע־טראָפן אַ רייזנדער וואָס זאָל ניט זיין קיין ייד? אויב דער אימעצער האָט זיך געוואָלט פאַרמאַסקירן, פאַרשטעלן פאַר אַ גוי — האָט מען אים די מאַסקע מיאוס אַראָפּגעריסן. אָט די רייזענדער, מיט זייערע טשעמאָדאַנען, אָנגעשטאָפּט מיט מוסטערן, פלעגן כמעט אַ קיילעכדיקן יאָר אַרומפאָרן אין דער לענג און אין דער ברייט פון דער גרויסער רוסלאַנד און פאַרשפּרייטן סחורות מכל המינים.

ווי אַזוי איז מען געפאָרן? אַז מען האָט דאָך נישט געטאָרט איבערנעכ־טיקן אַ נאַכט אויסער דעם תחום־המושב (אָדער טשערטא אָסיעדלאָסטי) ווי מען האָט עס גערופן אויף רוסיש.

אמת! די רייזנדע, וואָס זייערע באַלעבאַטים זיינען געווען פּערוויגילדע־קופּצי, ד. ה., סוחרים פון געהויבענעם, פּריווילעגירטן קלאַס, אַזעלכע האָבן נישט געהאַט קיינע שום פּראָבלעמען. אָבער מען האָט זיי געקענט איבערציילן אויף די פינגער. דער גרעסטער טייל איז געפאָרן אָן שום פּאַפּירן. פאַר־שטענדלעך, אַז מען פלעגט נישט פאַרפאָרן אין קיין עפנטלעכע האָטעלן, נאָר אין פּריוואַטע, יידישע הייזער. פאָרנדיק אין די ברייטע, באַקוועמע וואַגאָנען פון די רוסישע באַנען — פלעגט מען זיך טרעפן מיט צענדליקער רייזנדע און איינער דעם אַנדערן פלעגט שוין איבערגעבן אַדרעסן, וווהין מען זאָל פאַרפאָרן אין דער, אָדער יענער שטאָט און זיך פילן זיכער, ווייל די נאַטשאַלסטוואָ איז שוין געווען אָפּגעשמירט פון אַלע זייטן.

אַמאָל איז דער אַדרעס געווען צו אַ שוחט אָדער צו אַ זון פון אַ ניקאָלאַ־יעווסקן סאָלדאַט, אָדער צו אַ בעל־מלאכה, וועלכער האָט געמעגט ווינען אין טיף רוסלאַנד. אין אָט די אכסניהס פלעגט מען שטענדיק טרעפן יידן און עס איז געווען אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט און פריילעך. דער פּרייז פון אַזאַ אַכסניה איז געווען 2 רובל אַ טאָג. דערפאַר פלעגט מען געבן אַ ריינעם, זויבערן געלעגער, מיט אַ פּערענע צוצודעקן זיך און מיט גרויסע פוכאָווע קישנס אונטערן זייט און צוקאָפּנס און דערצו נאָך דריי זאַטע מאָלצייטן, לויטן רוסישן שטייגער.

אַן אויסנאַם איז נאָר געווען קורסקער גובערניע. אַהינצו האָט איינער דעם אַנדערן אָנגעזאָגט. מען זאָל זיך נישט דערוועגן פאָרן אין קיין שום גרעסערער,

אָדער קלענערער שטאָט פון מוראַטאָווס גובערניע, ווייל מען וועט אַרעסטירט ווערן אינמיטן גאַס.

— עס איז געווען סוף זומער 1913. טאַקע אין דער זעלבער צייט ווען אין קיעוו איז פאָרגעקומען דער בייליס־פּראָצעס. רופט מיר איינמאָל אַריין מיין באַלעבאָס צו זיך אין קאַבינעט און זאָגט צו מיר בזה הלשון: הערט זאַבלו־דאָווסקי: אַט די אַלע ביז איצטיקע, קורצע רייזעס אין קרימער געגנט, אין בעסאַראַביע און דאָ אַרום אָדעס — דאָס אַלץ זיינען געווען בלויז פּראָבע־רייזעס. איר האָט דעם עקזאַמען מער, ווייניק, אויסגעהאַלטן. איצט וועט איר פאָרן אין טיף רוסלאַנד. דאָ האָט איר אַ מאַרשרוט אויף דריי מאָנאַטן אין צוועלף גובערניעס.

איך קוק איבער די רשימה פון די עטלעכע און דרייסיק שטעט וואָס איך וועל דאַרפן באַזוכן און באַמערק די שטאָט רילסק, קורסקער גובערניע. זאָג איך גלייך צו מיין באַלעבאָס: מאָריס סאַמאָילאָוויטש! אין דער שטאָט איז ריזיקאַליש צו פאָרן, ווייל מען קען מיר דאָרט אַרעסטירן. ענטפערט ער מיר, אַז עס איז אומבאַדינגט נייטיק זיך אַראָפּצוכאַפּן אַהינצו, כאָטש אויף אַ שעה צייט, ווייל דאָרטן האָבן מיר נישט מער ווי איין קונד און עס איז שוין העכער זעקס מאָנאַטן, אַז ער ענטפערט נישט אויף בריוו און שיקט נישט אָפּ וואָס ער איז שולדיק.

איך האָב זיך נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן און געמוזט נאָכגעבן.

אין צוויי וואָכן אַרום נאָך מיין אָפּפאָרן פון דער שיינער אָדעס, בין איך צוגעקומען צו די טויערן פון דער הייליקער קורסקער גובערניע. מען זאָגט דאָך אויף רוסיש „פּאַרבאָטענע פּרוכט איז זיס און ווהין מען טאָר נישט — ווילט זיך גראַדע גיין״ מען וויל דאָך וויזן, אַז מען איז נישט קיין שרעקעדיקער.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך געשלעפּט אַ גאַנצע נאַכט אין אַן ענגן וואַגאָן פון אַ שמאָלער באַן ליניע, בין איך אַן אויסגעמאַטערטער, אָנגעקומען איני־דערפרי אין דעם כרך רילסק. איך האָב איבערגעלאָזן מיינע זאַכן אויפן וואָקזאַל און איך גיי צו פוס אין שטאָט אַריין, וועלכע זעט זיך פונדערווייטנס אַנטקעגן וואָקזאַל. אין דער אמתן, האָט רילסק אויסגעזען ווי אַ גרויסער דאָרף, אַזוי ווי הונדערטער אַנדערע, רוסישע אויעזדנע שטעט.

אָט בין איך שוין אויף דער הויפּט־גאַס. איך געפין גלייך דעם געשעפט וואָס איך דאַרף. אָבער דער געשעפט איז געשלאָסן. עס איז נאָך צו פרי. שטיי איך און וואַרט, אפשר וועט מען באַלד עפענען. עס גייט ניט אַוועק קיין פינף מינוט און עס וואַקסט אויס נעבן מיר אַ פּאָליציאַנט, אין אַ לאַנגן, שוואַרצן שינעל, ווי עס האָבן געטראָגן די אַמאָליקע, רוסישע פּאָליציאַנטן פון נידעריקן ראַנג. דו ביזט נישט קיין היגער? קומט די ערשטע פראַגע. יע! ניט קיין היגער, אַ ייד? יע איך בין אַ ייד. וויז מיר דיין פּאַס. מיין פּאַס האָב



איך געלאָזן אויפֿן וואָקזאַל צוזאַמען מיט מיינע זאַכן און מיט אַלע איבעריקע, ני'טיקע פּאַפּירן, ווייל איך דאַרף דאָ זיין אינגאַנצן איין שעה.

קום מיט מיר, זאָגט ער און איך דערזע ווי אויף דער צווייטער זייט גאַס איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסן אַ צווייטער פּאָליציאַנט, שוין אַ העכערער טשין, אין אַ גראָען שינעל. מיר גייען איבער די גאַס און דאָ באַטראַכט איך זיך: צו וואָס לייקענען. דער אמת איז דער בעסטער שווינדל. נעם איך אַרויס מיין כשרן, יידישן פּאַס און טראָג אים צו דעם העכערן נאַטשאַלניק און אויף זיינער אַ פראַגע ענטפער איך, דאָס קיין אַנדערע פּאַפּירן האָב איך נישט. ער גיט איבער דעם פּאַס צום פּאָליציאַנט, זאָגט אים עפּעס אָן און מיר לאָזן זיך גיין דורך דער לאַנגער הויפּט־גאַס. וווהין? — ווייס איך נאָך ניט. אויפֿן גאַס טרושעט אַ דראָבנער, יעשנדיקער רעגן, וועלכער קריכט אַריין אין די ביינער און כאָטש איך האָב נאָך קיין לעפל וואַסער אין מויל נישט געהאַט — האָט עס מיר אַזוי פיל נישט געאַרט ווי די מאָראַלישע באַליידיקונג און דערנידערונג. כאַפּן אַ מענטשן אינמיטן טאָג, אינמיטן גאַס. פאַרוואָס ? גיי־ ענדיק באַמערק איך שילדן פון יידישע בעלי מלאכות. אָט איז אַ זייגער־ מאַכער, גרינשטיין. אָט איז אַ שניידער סאָקאָלסקי. איך זע ווי זיי פאַרבויגן דעם פאַרהאַנג און קוקן אויף מיר. איך גיי אויך פאַרביי אַ הויף און זע ווי אַ ייד מיט אַ ווייסער באָרד פאַרעט זיך אַרום אַ באַרג אַלטע אייזן.

ער שטייט איינגעבויגן, אָבער איך זע ווי ער שאָקלט מיטן קאָפּ און קוקט מיר שטאַרק נאָך.

גייענדיק כאַפּ איך אַ שמועס מיט מיין באַגלייטער און פרעג אים וווהין פירט ער מיר ? וואָס הייסט וווהין ? אין פּאָליציי אַריין, ענטפערט ער גלייך און זעענדיק, אַז ער איז נישט קיין בייזער פריץ, פרעג איך וויטער: וואָס דענקסטו וועט מען מיט מיר דאָרטן טאָן ? ער שווייגט אַ סעקונדע און ענט־ פערט: מען קען דיר פאַרשפּאַרן, זאָגט ער און אָפּשיקן מיטן עטאַפּ. דאַן קענסטו אָנקומען אין דיין היים אין דריי חדשים אַרום, גיט ער צו מיט אַ ציינישן שמייכל. אָדער, זאָגט ער ווייטער, מען קען דיר געבן אַ פּראָכאָדנאָיע סווידע־ טע. וואָס דאָס איז אַזוינס — האָב איך שוין געוווסט. דאָס איז אַזוי ווי מען נעמט אַ פילקע, אָדער אַן אַנדער ענלעכן קעגנשטאַנד, מען גיט עס אַ שמייס אַוועק וויט, וויט און מען הייסט אַ צווייטן לויפן דאָס כאַפּן. מען שיקט אָפּ אייער פּאַס אַהינצו וווּ ער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן. אָבער אָן אַ פּאַס קענט איר זיך דאָך נישט רירן — גיט מען אייך אַרויס אַ פּאַפּיר. דאָס אין פאַרלויף פון צען טעג, מוזט איר לויפן אָפּנעמען דעם פּאַס, אויב ניט — וועט איר האָבן אַ שטראָף.

וואָס קען איך עפּעס טאָן אויסצומיידן ביידע שטראָפן? פרעג איך אַביסל דרייסטער. עס ווענדט זיך אַלץ אינעם פּאָליציי־סעקרעטאַר, ענטפערט ער

מיר און טוט אַ שמייכל. דאָ פאַרשטיי איך שוין גאַנץ קלאָר וואָס דאָס מיינט. און אָט קומען מיר אָן צו אַן אַלטער, הילצערנער געבײַדע פון צוויי עטאַזש אויף וועלכער עס הענגט אַ גרינער שילד מיט אַן אויפשריפט „רילסקאַיע פּאָליציייסקאַיע אופּראַוולעניע״. דורך שמוציקע, צעדרייטע טרעפּ — גייען מיר אַרויף אויף דער אויבער־שטיבל.

פון אַ האַלב־אָפענער טיר איז אונדז אַנטקעגן געקומען — פריער אַ טוכ־לער ריח פון שימל, ווילגאַטש און נאָך עפּעס און נאָכדעם דער הער סעקרע־טאַר בכבודו ובעצמו. אַ נידעריקער דיקלעכער פּאַרשוין. די האָר אויסגע־קראַכן. אויפן סאַמע שפּיץ פון זיין רויטער נאָז הענגען אַ פּאָר ביליקע, אַלט־מאָדישע ברילן, מיט אַלטע, פאַרזשאַווערטע האַליאַבליעס.

איך כאַפּ אַ קוק אויף די ווענט, אומעטום גרויסע מעלדונגען און אַלץ וועגן יידן. דאָ און דאָרט מעגן יידן יאָ וווינען און ווייטער פון די מקומות טאָרן זיי נישט וווינען. עס הענגען אויך קליינע מעלדונגען מיט נעמען פון יידן, וועלכע מען האָט אַרויסגעשיקט פון רילסק.

דערווייל האָט שוין דער פּאָליציאַנט אָפּגעגעבן דעם ראַפּאָרט וועגן מיר און דער געהויבענער סעקרעטאַר רוקט אַרויף זיינע ברילן און זעצט זיך אַוועק ביי זיין שרייבטיש, וואָס עס איז שווער געווען צו טרעפן וואָס פאַראַ קאָליר אָט דער שרייב־טיש האָט אַמאָל געהאַט. ער שרייבט און שרייבט, אַלע מינוט קוקט ער אַריין אין מיין פּאַספּאָרט און וואָס עס איז אים שווער איבער־צולייענען — בעט ער מיר איך זאָל אים פאַרטייטשן, אויסער דעם פרעגט ער מיר אויס און פאָרשט מיין פאַרגאַנגענהייט און שטעלט מיר דערביי אַזעלכע קלאָץ־קשיות, וועלכע האָבן געוואָרפן אַ חשד אויף זיינע גייסטיקע שרייפלעך אין קאָפּ.

זעענדיק, אַז דאָס דויערט צו לאַנג, רוף איך זיך אָן צו אים: אדוני פריץ! צו וואָס דאַרפסטו אַזוי פיל שרייבן? לאָמיר דאָס דערליידיקן צווישן אונדז און פּטור. אָ, ניין, ענטפערט ער מיט אַן ערנסטן פנים. עס דאַרף זיין פּאָ זאַקאָנו, פּראַווילנאָ, נאַטשאַלסטוואָ האָט פאַראָרדנט — דאַרף איך איספּאָ־לניאַען. צו איך וועל אָפּשיקן דעם פּראָטאָקאָל ווייטער אָדער איך וועל אים באַהאַלטן אין שופלאָד פון מיין שרייב־טיש — דאָס איז שוין אַן אַנדער פראַגע. ער נעמט בעת מעשה אַראָפּ זיינע ברילן, ווישט זיי מיט אַ שמוציקער שמאַטקע, קוקט אויף מיר און גיט אַ קנייטש מיט זיין לינקער פאַרטרערטער אויגל. מער דאַרף מען מיר שוין נישט זאָגן.

איך נעם זיך צו דער קעשענע — אַ פרישע צרה. איך האָב ניש קיין קליינע פּאַפּיר־געלט. זע איך דורכן פענסטער אַנטקעגן אַ שפּייז־קראָם, בעט איך אַ דערלויבעניש אַראָפּגיין אויף אַ ווילע עפּעס קויפן. וואָס ווילסטו קויפן? פרעגט מיר דער פּאָליציאַנט. מוז איך שוין ווידער זאָגן דעם אמת און איך

פּאַרטרוי אים אַ סוד, אַז איך וויל צובייטן 20 רובל. דאַרפסט ניט גיין אין ערגעץ, ענטפערט ער מיר. איך וועל דיר צעבייטן.

בקיצור, איך שטעק אַריין דעם סעקרעטאַר 3 רובל און דעם פּאָליציאַנט 2 רובל און מיט אַ געכשרטן פּאַס, אויף וועלכן מען האָט אַרויפגעלייגט אַ גרויסן שטעמפּל „יאוולען" געמעלדעט הייסט עס, בין איך געוואָרן פריי, איך געזעגן זיך מיט מיין באַגלייטער און מיטן פאַרשטייער פון דער רוסישער מאַכט און זיי זאָגן מיר אַן איך זאָל גיין גלייך צום באַן און זיך נישט אַרומ־דרייען אין שטאָט.

אויפן גאַס איז געוואָרן שיין. דער רעגן האָט אויפגעהערט. די וואָלקנס האָבן זיך פאַנאַנדערגערוקט און געשוועבט אין דער לופטן ווי ווייסע שטיקער וואַטע. מיין געמיט איז אָבער אויף אַ האָר נישט פאַרלייכטערט געוואָרן. פאַרקערט. עס איז מיר נאָך אַ סך שווערער געוואָרן אויפן האַרצן. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער אויסגעלייטערטער, בלויער הימל לאַכט און מאַכט חוזק פון מיר.

איך גיי דורך דער זעלבער, לאַנגער גאַס דורך וועלכער מען האָט מיר דאָ ניט־לאַנג געפירט ווי אַ פאַרברעכער. איך דערזע פון דערווייטנס אַנדערע פּאָליציאַנטן. זיי קוקן מיר אָן. איך מאַך מיט דער האַנט און זאָג זיי „אוזשע", „אוזשע". דאָס הייסט איך בין שוין געווען ווו מען דאַרף און זיך געכשרט.

איך דערנענטער זיך צום הויף מיטן אַלטן אייזן. דער ייד דערזעט מיר פונדערווייטן לויפט ער צו מיר צו, כאַפּט מיר אַרום, ווישט די אויגן און רעדט שטיל. איר זייט אַ ייד? דאָס האָט מען אייך געפירט? שוין איבערגעקומען? . . . וואָס הערט מען עפּעס צווישן יידן? וואָס הערט זיך מיט בייליסן? וואָס עפּעס אויפן גאַס, פרעג איך, רופט מיר אַריין אין שטוב, דאָרט וועלן מיר רעדן, שמועסן, דערציילן . . . אין שטוב . . . אין שטוב . . . הויבט דער ייד אָן מאָדנע צו שטאַמלען און רעדן האַלבע ווערטער. אין שטוב צו מיר קען איך אייך ניט אַריינלאָזן, ווייל איך האָב געטאָן אַ נדר. וואָס אַ נדר? ווען אַ נדר,? פרעג איך דערשטוינט. ווו איז דאָס געזען געוואָרן, ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ ייד זאָל טאָן אַזאַ משונהדיקן נדר, ניט אַריינצולאָזן אַ יידן צו זיך אין שטוב אַריין. דאָ איז דאָך ניט סדום. ערגער. ערגער. שטאַמלט ווייטער דער ייד מיט דער גראָער באָרד. אָט דאָס וואָס איר הערט. די צרות זיינען שוין דערגאַנגען ביזן האַלדז. האָב איך געמוזט טאָן אַ נדר. איך בלייב שטיין און ווייס נישט וואָס צו רעדן מער. פּלוצלונג אָבער האָט פּאַסירט עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט געביטן די גאַנצע, שווערע שטימונג. אויפן גאַניק פון דער שטוב, וועלכע איז געשטאַנען אַנטקעגן אויפן הויף, האָט זיך באַוויזן אַ מיידעלע פון אַ יאָר 6־7 מיט געקרויזטע האָר און זי האָט זינגענדיק אויסגע־שריען: „דיעדושקא קושאט"!. דער ייד האָט זיך אַזוי ווי אויפגעכאַפּט

פון שלאָף און דער פּנים זיינער האָט זיך אינגאַנצן געביטן. דאָס איז מיין אייניקל, רחלע, אַ געזונט אין איר. דאָס רופט זי מיר, דעם זיידן עסן. זי רעדט רוסיש. זי קען שוין אויך אַ פּאָר ווערטער יידיש. איך לערן איר, נו: זאָגט ער צו מיר, קומט. וואָס עס וועט זיין וועט זיין. איך וועל דאָך אייך נישט לאָזן אויפן גאַס.

אַ וואַרעמקייט האָב איך דערפילט אין אַלע מיינע גלידער, ווען עס האָט זיך געעפנט אַ ברייטע טיר און איך בין אַריין אין דער גרויסער שטוב, וועלכע איז געווען ניט אַנדערש ווי אַ סך אַזעלכע עכט־רוסישע, הילצערנע הייזער. די פּאַרע און דער ריח פון דעם עסן, וואָס עס האָט זיך געקאָכט אויף דער ברייטער פּליטע, איז מיר אַריין אין מיינע נאָזלעכער און צערייצט נאָך מער מיין אַפּעטיט. ערשט איצט האָב איך דערפילט, אַז איך בין הונגעריק. אין שטוב האָב איך געטראָפן אַ יידענע, וועלכע האָט געגרייט דעם טיש צום עסן און דאָס אייניקל האָט איר געהאָלפן. מער איז אין שטוב קיינער נישט געווען. דער ייד שטעלט מיר פאָר: דאָס איז דער יונגערמאַן, וואָס דו האָסט געזען דורכן פענצטער ווי מען האָט אים געפירט און לייגט נאָך צו עטלעכע רוסישע זידל־ווערטער אויפן אַדרעס פון די וועלכע האָבן מיר פאַרהאַלטן. די יידענע, נאָך ניט קיין שטאַרקע זקנה, רעדט נישט אויס קיין וואָרט. זי שאָקלט בלויז מיטן קאָפּ. דער ייד וויל צעטרייבן אַ ביסל די מרה שחורה־שטימונג — נעמט ער אַרויס פון אַ שאַפּקעלע אַ פלעשל „זיבן און פופציקער״, מיר טרינקען לחיים און מיר ווינטשן זיך, אַז מיר זאָלן דערלעבן בעסערע, פריילעכע און פרייערע צייטן... (יע! מיר האָבן דערלעבט . . . אַזעלכע צייטן זיינען געקומען . . .)

אויפן טיש זיינען געלעגן אָנגעשניטענע פּעניצער שוואַרצע ברויט. באַלד איז געקומען דער אמתער רוסישער באָרשטש מיט פלייש.

מיר האָבן אָפּגעגעסן און פאַרטרונקען טיי מיט וואַרעניע. איצט זאָגט דער ייד, קענען מיר שמועסן. איך וועל ריידן טאַקע וועגן דעם פינסטערן גדר מיינעם. איך לעב שוין אָט ווי איר זעט דאָ אין רילסק העכער פערציק יאָר, הויבט ער אָן צו דערציילן. איך האָב געהאַנדלט גרויס, טאַקע מיט אַלטן אייזן. עס פלעגן מיר אָנקומען גאַנצע וואַגאָנעס און איך פלעג עס פאַרקויפן דאָרטן אין דער גרויסער גיסעריי הינטערן שטאָט. און ער ווייזט מיר אָן דורכן פענצטער די הויכע קוימנס, וועלכע זעען זיך פון דער ווייטנס. די טיר פון מיין שטוב איז געווען שטענדיק אָפן פאַר אַלע דורכפאָרערס. יידן־וואָיאַזשאָרן, יידן סוחרים, יידן משולחים און סתם אורחים. אַלע האָבן געפונען ביי מיר אַ וואַרעמע היים. ביז מיט דריי יאָר צוריק, ווען עס איז אָנגעקומען אָט דער רוצח, ימח שמו. דאָן איז געוואָרן אַ גאַנצע איבערקערעניש. אַלץ איז אָפּגעשטאָרבן. אַלץ האָט זיך געביטן. מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין געברענטע

צרות און מיר האָבן שוין מער נישט געקענט איבערטראָגן. מען האָט טאָג און נאַכט געמאַכט ביי אונדז אָבלאַוועס. מען האָט געזוכט באַהאַלטענע יידן. עטלעכע מאָל אין דער נאַכט האָט מען אונדז אויפגעוועקט. נישט געלאָזט שלאָפן. פון מיין מידה פון הכנסת אורחים האָב איך דאָך זיך נישט געקענט אַזוי גיך אָפּגעוווינען.

האָט מען טאַקע איינמאָל געפונען ביי מיר דאָס, וואָס זיי האָבן געזוכט. נו! נו! אַז איך בין דאָן צוריקגעקומען אין שטוב פון אַרעסט מיט גאַנצע ביינער און מיטן לעבן — האָב איך געדאַרפט גומל בענטשן. איך בין פאַרשטייט זיך, שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן און געדאַרפט אַוועקגעבן אַלץ וואָס איך האָב שווער פאַרהאָרעוועט אין אַזוי פיל יאָרן. און אויב דאָס איז געווען ווייניק — טאָ הערט ווייטער. מיין איינציקע טאָכטער, אונדזער אויג אין קאָפּ — האָט געמוזט אונדז פאַרלאָזן. טאַקע דאָ איבערן וואַנט האָט זי געלעבט מיט אירע צוויי גאָלדענע קינדערלעך. דער מאַן אירער, אונדזער איידעם, אַ טייערער יונגערמאַן האָט דאָ פאַר קיין שום געלט נישט געקענט פאַרבלייבן. זיינען זיי אַוועקגעפאָרן קיין וויטעבסק. ער איז אַ גוטער בעל מלאכה, אַ קאַמאַשן־מאַכער. פאַרדינט ער דאָרט און זיי לעבן גאַנץ שיין, אָבער דאָס האָט אונדזער מעסטל שוין געמאַכט פול מיט אַ ווערך. פון דער שטאַרקער בענקעניש נאָך די קינדער פון די ערגערנישן יעדן טאָג און פון די איבערלעבונגען — איז מיין ווייב מיט צוויי יאָר צוריק צוזאַמענגעבראָכן און שטאַרק פאַרשלאָפּט געוואָרן און ווען זי איז געלעגן וואָכן־לאַנג צו בעט אַ געפערלעך קראַנקע — האָב איך געזאָגט: איך וועל טאָן אַ נדר איינמאָל פאַר אַלעמאָל, איך זאָל קיין יידישע פוס אויף מיין שוועל נישט אַרויפלאָזן. נו! איצט יונגערמאַן, האָט איר שוין פאַרשטאַנען? יע. איך האָב פאַרשטאַנען. אוי! האָב איך פאַרשטאַנען, קלער איך צו זיך אַליין. אין שטוב איז געוואָרן טויט־שטיל, אַזוי, אַז מען האָט געקענט הערן דעם אָטעם פון יעדן איינעם, די גאַנצע צייט וואָס דער ייד האָט גערעדט, איז זיין יידענע געזעסן און קיין וואָרט ניט אַרויסגעלאָזן פון מויל, ווען ניט ווען האָט זי בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ. די מיידעלע איז געזעסן נעבן איר און נישט אַראָפּגענומען פון מיר די אויגן.

כדי איבערצורייסן דעם שווערן שטיל־שווייגן, פרעג איך: וויפל יידן זיינען דאָ אין רילסק און ווי קומט צו איך אָט דאָס אייניקל? ביי אונדז זיינען פאַראַן אַכט יידישע פאַמיליעס. מען קען קוים צונויפשלאָגן אַ מנין און וועגן דער מיידעלע, האָב איך איך טאַקע געוואָלט ווייטער דערציילן. מיט העכער אַ האַלב יאָר צוריק בין איך צוגעפאָרן זען די קינדער. מער ווי אַ חודש בין איך געווען ביי זיי אין וויטעבסק און ווען איך האָב זיך גענומען קלייבן אַוועק־צופאָרן — האָט אָט די קליינע זיך צוגעטשעפּעט. זי וויל אויך מיטפאָרן. זי וויל זען דער באָבען. האָב איך איר מיטגעבראַכט. דער צווייטער אייניקל

איז אַ ייִנגעלע, שלמהלע, דריי יאָר אַלט. אַט דאָ אויף דער עטאַזשערקע שטייט די פאָטאָגראַפיע זיינע. — מיר זאָל זיין פאַר זיינע ביינדעלעך.

זי איז אַ גרויסע שטיפערקע אַט די קליינע, אָבער זי מאַכט אונדז אַ ביסל זיסער דעם לעבן. אָן איר, ווער ווייס ווי מיר וואָלטן שוין איצט געווען דער ייִד גיט אַ קוק אויפן זייגער און זאָגט: „נו, איר דאַרפט זיך שוין קלייבן ווייל אויב איר וועט פאַרשפּעטיקן דעם באַן וועט איר דאַרפן וואַרטן גאַנצע 24 שעה. איך האָב אָן שום שהיות פאַרפּאַקט און מיטגענומען מיט זיך אַלץ וואָס איך האָב דאָ געהערט. איך האָב כמעט אָן ווערטער זיך געזעגנט, און אַ קוש געבנדיק דער מיידעלע אין שטערן, לאָזט מיר דער ייִד אַרויס דורך אַ הינטער־טיר און ווייזט מיר אָן ווי צו גיין דורך זייטיקע גאַסן צום וואָקזאַל. עס איז מיר שוין נישט געלעגן אין קאָפּ אַריינצוגיין צו דעם קונה, וואָס צוליב אים בין איך דאָ אַהערגעקומען. אַ ביסל האָב איך מורא געהאַט צו באַווייזן זיך נאָכאַמאָל אויף דער הויפּט־גאַס און אַ ביסל האָב איך זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. איך גיי מיט גיכע טריט און אין קאָפּ הויבט זיך אָן פאַנאַנדערוויקלען אַלץ, אַלץ וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין אַט דעם איין איינציקן טאָג. איך פיל ווי עס האַקט מיר אין די שלייפן און איך האָב מורא, אַז עס וועט זיין צו ענג, עס וועט זיך נישט אויסלייגן, עס וועט זיך נישט פּאַמיעשטשען אין אַט די קליינע קעמערלעך פון קאָפּ און עס קען נאָך עפּעס פּלאַצן.

פאַר מיינע אויגן קומט מיר פּלוצלונג דער בילד פון דעם באַרימטן, ייִדישן מאָלער, ווי ייִדן גייען. פאָרויס דער רב, נאָכדעם די עדה, צעבראָכענע, צו־בויפגעקאָרטשעטע, איינגעדרייטע אין דרייען, גייען זיי... שפּרייזן זיי... וווהין? מיר דוכט זיך אַז מיט מיר, זייט ביי זייט, גייט אויך דער ייִד מיט דער לאַנגער גראָער באָרד, וועמענס שטוב איך האָב נאָר וואָס פאַרלאָזן. ער האַלט שטאַרק ביי דער הענטעלע דעם אייניקל זיינעם. רחעלען. וועלכע קוקט נאָך אַלץ אויף מיר מיט אירע קלוגע, שוואַרצע, בליאַסקעדיקע אויגעלעך.

## זומער 1914. מלחמה!!

ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג איז אָנגעקומען די שרעקלעכע ידיעה, אַז ערגעץ־ווו איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה.

פאַר וואָס? פאַר וועמען? ווער מיט וועמען?

מ'האָט שוין געפונען אַ תּירוץ! און בפרט, אַז דאָס פאָלק, דער פּשוטער מענטש, טאָר דאָך נישט זיך מישן און פרעגן קשיות. מע רופט זיך שלאָגן, דאַרף מען נעמען די ביקס און גיין...

דאָס נאָרמאַלע לעבן איז פּלוצלונג אין גאַנצן צעטרייסלט געוואָרן. אין דער שטאָט אָדעס — וווּ עס איז מיר אָנגעקומען די ידיעה — איז פאָרגעקומען אַ גאַנצע איבערקערעניש. איבער די גאַסן און איבער די בולוואַרן האָבן זיך

באַוויזן מחנות פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, כלומרשטע פּאַטריאָטן, וואָס האָבן געטראָגן דעם קייזער ניקאָלייס פּאָרטרעט באַגלייט מיט נאַציאָנאַלע פאָנען. מען האָט געהאַלטן רעדעס, געטומלט זיך און געשריען. אויף לאַנגע לייוונטן איז געווען אָנגעשריבן, אַז מיר וועלן אַלע ווי איינער גיין אין שלאַכט און פאַרטיידיקן אונדזער „אָטעטשעסטוואָ" (פאָטערלאַנד) ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. (נישט זייער בלוט, פאַרשטייט זיך).

מיר האָבן גלייך דערזען, אַז מיר האָבן דאָ שוין גאָרניט וואָס צו טאָן און מיר דאַרפן וואָס גיכער אַרויספאָרן פון דאַנען. מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט, נאָך אַ מאָל אַ קוק געטאָן אויף דער שיינער שטאָט אָדעס, וואָס האָט איבער נאַכט פאַרלאָרן איר גלאַנץ און געקראָגן גאָר אַן אַנדער פּנים. לאַכט ניט! באַלד איז טאַקע געוואָרן אַ לאָך אין אָדעס — יעדער איינער פון אונדז איז אַפּגעפלויגן אין זיין נעסט, מען איז צוריקגעפאָרן אין דער פריערדיקער היים.

## איך און סאָניע ווײַנער

די מומע וויערא באַריסאָוונאַ איז אַראָפּ פון באַן אין בערדיטשעוו. מיר זיינען געפאָרן ווייטער. איך — קיין ביאַליסטאָק און סאָניע קיין וואַרשע. דאָס ערשטע יאָר פון דער מלחמה האָבן מיר זיך אָפּט דורכגעשריבן און אין איינעם פון די דאָזיקע בריוו האָב איך געפרווּווט אַ פרעג טאָן ביי סאָניען, וואָס איז איר מיינונג וועגן אונדזערע ווייטערדיקע באַציאונגען; צי וועלן מיר ווערן נענטער אָדער ניט? באַלד אָבער איז געקומען אַן ענטפער אויף אַ גאַנץ איי־דעלן אופן און זי האָט מיר געגעבן אָנצוהערן; אַז זי האַלט מיר בלויז פאַר אירן אַ פריינד, אַ חבר. זי שאַצט זייער אָפּ מיין פריינטשאַפט און זי וועט קיין מאָל ניט פאַרגעסן אונדזערע שיינע טעג צוזאַמען אין אָדעס אָבער וועגן אַן אינטימער פאַרבינדונג קענען מיר ניט און דאַרפן ניט טראַכטן.

אָט דער אָפּזאָג, סאָניעס, האָט מיין האַרץ ניט שטאַרק צעבראָכן און איך האָב דערפון ניט געליטן קיין לאַנגע צייט. עס קען זיין, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל סאָניע האָט מיר זייער אַ סך געגעבן אין גייסטיקן זין. זי האָט מיך דעם באַוווּן בהורל וואָס איז גאָר וואָס אַראָפּ פון טאַטנס טיש געעפנט די אויגן און אַרויסגעפירט אין דער ברייטער וועלט. איך האָב זיך באַמיט צו פאַרשטיין אָט אַ דער מאָדנער מיידל, וואָס מ'האָט גערופן סאָניע ווײַנער; איך האָב אַרויפגעקוקט צו איר, געוואָלט פון איר לערנען און איבערהויפּט, צו דערגיין וואָס עס פעלט איר, וואָס זי זוכט, פאַר וואָס פילט זי זיך אַזוי איינזאַם און אומעטיק אין דער שיינער שטאָט אָדעס. און כאָטש דער ענטפער איז געווען אַ קלאָרער, דאָך האָט די פערזענלעכקייט פון סאָניען מיך שטאַרק אינטערי־גירט. סאָניע האָט זיך ניט געקענט אַריינפּאַסן בשום אופן אין דער שטאָט אָדעס, עס האָט איר געפעלט לופט צו אָטעמען. זי איז אויסגעריסן געוואָרן

מיטן וואַרצל פון דער גייסטיקער סביבה פון וואַרשע מיט וועלכער זי איז געווען שטאַרק פאַרבונדן און צונויפגעוואַקסן און דאָ אין אָדעס, האָט זי אַזאַ סביבה ניט געפונען. אַלץ איז דאָ געווען אויבערפלעכלעך און וואָכעדיק. נישטאָ קיין שבת, נישטאָ קיין יום־טוב, נישטאָ קיין נשמה־יתירה־דיקייט און אויך ניט קיין פאָלקסטימלעך געזעלשאַפטלעכער לעבן. דעריבער האָט סאָניע שטענדיק געשטעלט די פראַגע: „וואָס טו איך דאָ?", „ווער דאַרף מיר דאָ?" ווע־מען ברענג איך דאָ נוצן? פיזיש איז סאָניע געווען אין אָדעס. אָבער גייסטיק איז זי געווען אין וואַרשע.

אָט שווימען אַרויף זכרונות. מיר זיצן אויף אַ סימפאָנישן קאָנצערט און סאָניע פאַרטייטשט מיר אויף אַ גייסטרייכן אופן די שפּראַך פון מוזיק, אָדער זי גיט מיר צו פאַרשטיין דעם באַדייט פון אַ קונסטבילד אין אַ אָדעסער מוזיי.

עס דערמאָנט זיך מיר אָט אַזאַ מין קוריאָז. מיר שפּאַצירן אויף דער הויפּט־גאַס פון דער שיינער שטאָט אָדעס, קומט אונדז אָן אַנטקעגן אַ פּאָרל און ווי דער שטייגער איז פרעגט דער „ער":

„קאַק פּאָזשיוואַיעטע"? — וואָס מאַכט איר ?

און די „זי" ענטפערט:

— „ספּאַסיבאָ, כאַראָשאָ"! — אַ דאַנק, גוט!

סאָניע באַמערקט עס און גיט איראָניש אַ זאָג:

— נו, אַוואַדע! עס גייט אים שטאַרק אָן וואָס זי מאַכט. און באַלד פאַרציט זיך אַ שמועס ווי ניט אויפריכטיק און ניט אָפנהאַרציק מענטשן זיינען און ווי שאַבלאָנמעסיק אַזעלכע פראַגעס זעען אויס; מע רעדט איינס און מע קלערט גאָר עפּעס אַנדערש . . .

און דאָ וועל איך ברענגען נאָך אַ קליינע אילוסטראַציע כדי צו באַווייזן אָן איבעריק מאָל וואָס פאַר אַ טיפע פילנדיקע הומאַניטאַרע נשמה האָט פאַרמאָגט אָט אָ די וואַרשעווער מיידל סאָניע ווײַנער.

דער דייטש האָט זיך דערענטערט צו אונדזער שטאָט און פון גרויס ליב־שאַפט האָט ער אונדז אַראָפּגעוואָרפן קאָנקעדיקע באָמבעס פון וועלכע עס זיינען געפאַלן אַ סך אומשולדיקע קרבנות. ווען סאָניע האָט זיך דערוווסט דערפון האָט זי מיר גלייך אָנגעשריבן אַ בריוו, זי פרעגט זיך נאָך וואָס איך מאַך, צי האָט גאָרניט געטראָפן מיט מיר און מיט מיין משפחה. זי בעט מיך, אַז איך זאָל איר גלייך ענטפערן, ווייל זי איז זייער אומרואיק. באַלד אָבער לייען איך אָט אָ די כאַראַקטעריסטישע באַמערקונג: „איך האָב אָנגעשריבן די פריערדיקע שורות און איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. איך פרעג זיך, פון וואַנען האָבן זיך צו מיר גענומען פּלוצעם אַזעלכע עגאָיסטישע גע־דאַנקען און געפילן. איך פרעג זיך נאָך בלויז וועגן פריינד און באַקאַנטע, און ווו זיינען אַלע איבעריקע לעבעדיקע באַשעפענישן? עס איז דאָך אַ גרויסער

שאָדן און אַ וויטאָג און מע דאַרף דאָך אויסדריקן מיטלייד און רחמנות צו יעדן אומשולדיקן מענטשן, וואָס זיין בלוט ווערט פֿאַרגאָסן אָן אַ פּאַרוואָס און אַ פֿאַרוועןָ.

דאָס זיינען ווערטער געשריבן מיט האַרץ, מיט נשמה.

אין גיכן איז וואַרשע געוואָרן אָפּגעשניטן פון אונדזער געגנט וואָס מ׳האָט אַ נאָמען געגעבן „אָסטגעביט״. אונדזער שריפטלעכע פאַרבינדונג איז געוואָרן איבערגעריסן.

מיט אַ סך יאָרן שפּעטער קומען אָן פון וואַרשע קיין מעקסיקע שמעון יעזשאַר ע״ה מיט צילען צו לאַנגע יאָר. מיר האָבן זיך צונויפגערעדט און איך האָב געקראָגן פון זיי אַן אויספירלעכן גרוס ווענן סאָניען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי סאָניע ווינער איז געווען זייערע אַ נאָנטע חברטע און פריינדין. זיי האָבן אויך געקענט אויסגעבונדן און אָנגערופן מיט די נעמען אַלע מיטגלידער פון איר פאַרצווייגטער משפחה. זיי האָבן מיר אויך דער־ציילט — דאָס וואָס איך האָב שוין פון פריער געוווּסט — אַז אָט די אייגנ־אַרטיקע אינדיווידואַליסטישע און עגאָצענטרישע סאָניע, מיט איר פעסטן און קאָמפּליצירטן כאַראַקטער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ ליבע מיט אַ רייכן יידישן סוחר — אַ חתונה געהאַטן — וואָס איז געקומען פון קאַווקאַז קיין וואַרשע צוליב געשעפטלעכע ענינים.

סאָניע ווינער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די טויזנטער אַנדערע יידישע קרבנות אין דער וואַרשעווער געטאָ.

כבוד איר אָנדענק!

## „דערזשיטע וואָראַ״ כאַפּט דעם גנב — 1915

דאָס וואָס איך גיי דאָ דערציילן, האָט פּאַסירט אין דעם ערשטן יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכע האָט געברענט און געפלאַקערט אַרום אונדזער שטאָט ביאַליסטאָק. איך און נאָך אַנדערע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געהאַט אויגן צום זען און אויערן צום הערן, זיינען געשטאַנען דאַן פאַרחי־דושט און פאַרגאַפט און מיט גרויס פּחד און נייגעריקייט געטראַכט און זיך געפרעגט: וואָס וועט דאָ געשען? וואָס קומט דאָ פאַר? אַ מלחמה? ביי אונדז גופאַ? נעבן אונדז און אַרום אונדז? מיר זיינען געוווינט געווען צו הערן וועגן מלחמות ערגעץ ווייט, ווייט, אָבער קיינמאָל נישט אַזוי נאָנט פאַר אונ־דזערע אויגן.

ווען מיר זיינען געווען נאָך גאָר קליינע קינדער האָבן מיר געהערט וועגן אַ מלחמה פון די ענגלענדער מיט די בורן. צום ערשטן מאָל האָבן מיר זיך דאַן דערוווּסט, אַז עס איז פאַראַן ערגעץ ווו אַ פאָלק מיט אַזאַ נאָמען און אַלע

האָבן דאַן געהאַלטן מיט די בורן אפשר דערפאַר ווייל מען האָט פאַרשטאַנען אַז די בורן זיינען אַ סך שוואַכער ווי די ענגלענדער.

שפּעטער, ווען מיר זיינען שוין אונטערגעוואַקסן, האָבן מיר איבערגעלעבט, ווידער פון דער ווייטן, די רוסיש־יאַפּאַנעזישע מלחמה, ווו די צאַרישע רוס־לאַנד האָט געליטן איין מפּלה גרעסער פאַר דער צווייטער, כאָטש פּאָניע איז דאַן געווען זייער האָפערדיק און אין שרייענדיקע פּלאַקאַטן זיך באַרימט, אַז אין פאָרט אַרטור וועלן די יאַפּאַנטשיקעס נישט אַריינגיין, אָדער „שאַפּקאַמי זאַקידאַיעם", מיר וועלן זיי פאַרוואַרפן מיט אונדזערע רוסישע היטלען און מיט אונדזערע גרויסע פּאַפּאַכעס וועלן מיר פון זיי מאַכן אַ תל. און יעדן טאָג האָבן מיר געקענט דאַן לייענען דעם קלאַסישן באַריכט פון פראַנט, אַז אונדזער מיליטער איז אָפּגעטראָטן אין דער בעסטער און שענסטער אָרדנונג, אָדער, אַז די גאַנצע ראזשדעסטווענסקיס עסקאַדרע איז אין איין מינוט אַרונטער אין ים אַריין.

בכלל אָבער זיינען מיר דאַן געווען רואיק. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז פּאָניע וועט לויפן און לויפן אָבער צו אונדז וועט ער דאָך ניט דערלויפן, זיי וועלן זיך מוזן ערגעץ אָפּשטעלן.

איך געדענק ווי איך האָב דאַן ליב געהאַט גיין צום באַן און זיך צוקוקן צו די וואַגאָנען, אָנגעפּאַקט מיט סאָלדאַטן, וועלכע זיינען דורכגעפאָרן דורך ביאַליסטאָק אויפן וועג קיין סיביר צום מלחמה־פראָנט. איך פלעג אויך מיט־גיין שבת אינדערפרי, מיט די גוטהאַרציקע, ביאַליסטאָקער ווייבער, וועלכע האָבן געטראָגן צום באַן קוישן מיט עסן און טעפּ מיט טשאָלנט און געטיילט די יידישע סאָלדאַטן, וועלכע זיינען געבליבן שטיין מיט זייער עשאַלאָן אויף דער ביאַליסטאָקער באַן־סטאַנציע. דאָס זיינען שוין נישט געווען קיין רע־גולערע סאָלדאַטן, נאָר „זאַפּאַסנע". זיי האָבן נאָך אַפילו נישט געהאַט קיין מיליטערישע קליידונג. דאָס זיינען געווען יידן מיט בערד, אָט נאָר וואָס אַרויסגענומען פון זייערע הייזער, אַרויסגעריסן פון זייערע היימען, אין זייערע טאָג־טעגלעכע בגדים.

יענעם שבת זיינען אָט די יידן, אָט די זאַפּאַסנע סאָלדאַטן, געווען פון קאַליש. איך זע נאָך איצט פאַר מיינע אויגן דעם יידן מיט דער געלער, לאַנגער באָרד, וועלכער איז געשטאַנען אויפן בריקל פון דעם לעצטן וואַגאָן. נעבן אים דאָס עסן וואָס מען האָט אים צוגעטראָגן און ער האָט נישט פאַרזוכט. איך זע אויך ווי דער באַן הויבט זיך אָן צו רירן און דער ייד ברעכט אויס אין אַ האַרצרייסנדן געוויין און מיט אַ פאַרשטיקטן קול שרייט ער צו אונדז: ווו גיי איך דאָ? ווו פאַר איך דאָ? יידן! בעט גאָט פאַר מיר. איך האָב געלאָזן אַ ווייב מיט זעקס קינדער...

## ד ו ד   ז אַ ב ל ו ד אָ ו ו ס ק י

***

עס איז געווען אַ שיינער, שבתדיקער פרימאָרגן אָנהויב פרילינג 1915. איך בין אַרויס פון שטוב אויסגעפוצט שבתדיק און געגאַנגען צום שטאָט־גאָרטן, אָדער „גאָראָדסקאָי סאַד“, ווי מען האָט עס נאָך דאַן גערופן, וווּ יוגנטלעכע האָבן זיך געטראָפן און געכאַפּט אַ שפּאַציר. איך בין שוין צוגע־קומען צום גרויסן מאַרק־פּלאַץ פון סאַמע צענטער שטאָט, וועלכער איז דאַן פול געווען מיט סאָלדאַטן. מען האָט אויך געקענט זען צענדליקער וועגענער מיט פּראָוויאַנט און די פערד אויסגעשפּאַנטע. די קורצע קוימענס פון די פעלד־קיכן וווּ עס האָט זיך געקאָכט עסן, האָבן אַרויסגעלאָזן אַ דינעם, דורכזיכטיקן שנירל רויך אויפן מיליטערישן לשון האָט מען עס גערופן „אָבאָז“. זיי האָבן געדאַרפט טאַקע דעם זעלבן טאָג אָפּפאָרן צום פראָנט. איך בין ווי עס איז דורכגעקראָכן, אַריבער אויפן צווייטן זייט מאַרק און צוגעקומען צום ראָג יאַטקע־גאַס. פלוצלונג דערהער איך הינטער זיך אַ געשריי „דערזשיטע וואָראַ“ (כאַפּט דעם גנב!) איך דריי אויס דעם קאָפּ און דערזע ווי אַ ייִנגל פון אַ יאָר 13־14 לויפט אַ פאַרסאַפּעטער און הינטער אים צעיושעטע סאָלדאַטן, מיט רויטע פּנימער, וועלכע יאָגן אים נאָך. אָט כאַפּן זיי אים שוין אָן פאַרן אַרבל, אָבער דער ייִנגל רייסט זיך אַרויס און לויפט ווייטער. ער קומט נאָענט צו מיר און איך דערזע זיינע אויגן פול מיט שרעק און זיין פּנים טויט בלאַס ווי קאַלך. איך דערזע אויך ווי מיט זיינע לעצטע כוחות לויפט ער אַרויף צו יוכנאָוועצקין (אָדער צום טשאַרני זשידעק), ווי מען האָט אים גערופן אויפן הויף. אין דעם אויגנבליק האָב איך אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז איך שטעל דאָ איין מיין לעבן. איך לויף נאָך דעם ייִנגל. שטעל זיך אין טויער מיט צעשפּרייטע הענט און איך לאָז די סאָלדאַטן נישט לויפן ווייטער. אַזוי אַרום האָט זיך דער ייִנגל געראַטעוועט. און וואָס איז געשען מיט מיר? איר זעט דאָך, אַז איך לעב. אָבער הערט זשע ווייטער. איך בין ווי אַ סנאָפּ אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד און סאָלדאַטסקע שטיבל האָבן אויף מיר געטאָפּטשעט. איך כאַפּ זיך מיטן האַנט ביים קאָפּ — עס רינט בלוט...

די סאָלדאַטן זיינען דאָך פאָרט נישט געווען קיין רוצחים. דערזעענדיק בלוט, האָבן זיי זיך, ווייזט אויס דערשראָקן און גענומען לויפן צוריק צום „אָבאָז“. אָדער אפשר האָט געווירקט אויף זיי דער הויכער און גרויסער גאָ־ראָדאָוואָי „רעשוטע“, וועלכער האָט מיט אַ ווייכן טאָן זיי געבעטן זיי זאָלן אַוועקגיין און ניט טאָן ביי אונדז אין שטאָט קיינעם קיין שלעכטס. הכלל, אַ פּאָר דורכגייענדע יונגעלייט האָבן מיר אויף גיך אַרויפגעזעצט אויף אַ דראָזשקע אַוועקגעפירט צום דאָקטאָר קאַטאָוויטש און מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ, בין איך געקומען אין שטוב שוין נאָכן עסן.

די געשעעניש איז דאַן באַלד באַוווּסט געוואָרן אין גאַנץ שטאָט. פריינד זיינען צו מיר געקומען מבקר חולה זיין און האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז דער

יינגל איז אַ פיינער און אָרנטלעכער. שטאַמט פֿון אַ באַלעבאַטישער פאַמי־ליע מיטן נאָמען פאַלטער. מען האָט פראָסט און פשוט געמאַכט אַ בלבול אויף אַן אומשולדיקן יינגל.

די אָנגעשטרענגטע לאַגע אין שטאָט איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שווע־רער. אָט איז שוין די מלחמה אין שטאָט גופא. אָט טרעטן אָפּ די רוסן און עס קומען אַריין די דייטשן ימח שמם. יעדער איז פאַרנומען מיט זיך. יעדער טאָג ברענגט נייע געשעענישן און מען פאַרגעסט וואָס נעכטן איז געווען.

יאָרן גייען, יאָרן לויפן.. איך בין שוין לאַנג אַ תושב פון מעקסיקע. אָבער איך לאָז קיינמאָל נישט אַרויס פון זינען מיין היימשטאָט. דערמאָן איך מיר איינמאָל וועגן דעם יינגל פאַלטער און שרייב גלייך אַוועק אַ בריוו צו דער „ביאַליסטאָקער שטימע״ אין ניו־יאָרק. דערצייל די גאַנצע געשיכטע און פרעג זיך נאָך: אפשר לעבט ערגעץ אויף דער וועלט אָט דער געוועזענער יינגל פאַלטער, אָדער אימיצער פון זיין משפחה. עס גייט אַוועק אַ לענגערע צייט און „אין קול ואין עונה״ קיינער רופט זיך נישט אָפּ.

יאָרן שטייען נישט אויף אַן אָרט. מיר האָבן זיך אין אַ זונטיקדיקן טאָג אין 1945 צונויפגעקומען אויפן היגן בית עולם צום יאָרצייט נאָך אונדזער פאַרשניטענער היימשטאָט ביאַליסטאָק.

ווי איך האָב געענדיקט רעדן, דערנענטערט זיך צו מיר פרוי מאַניע שטיידער שטעלט מיר פאָר דער אומבאַקאַנטער פרוי, וואָס איז געגאַנגען ביי איר זייט און זאָגט: זייט באַקאַנט, זאַבלודאָווסקי, מיט אַ ביאַליסטאָקערין פון ניו־יאָרק. איר פאַמיליע איז כמעלניק און מיידלווייז פאַלטער... אין דעם זעלבן מאָמענט זע איך ווי די פרוי שטעלט אָן אויף מיר אירע ברייט פאַר־באַנדערגעעפנטע אויגן, פאַלט אַרויף אויף מיר מיט אַ היסטערישן געוויין; און דו... און דו... ביזט עס דער זעלבער זאַבלודאָווסקי, וועלכער האָט געראַטעוועט מייך ברודער וועלוול? זי וויל נאָך עפּעס זאָגן, אָבער מער קען זי נישט. אַלע אויפן בית עולם קוקן זיך צו מיט איבעראַשונג און פאַרוווג־דערונג וואָס דאָ קומט פאָר.

ווען זי האָט זיך אַביסל באַרואיקט האָט זי מיר דערציילט, אַז דער ברודער אירער וועלוול׳ מיט וועמען זי איז צוזאַמען אַוועק פֿון ביאַליסטאָק אין די צוואַנציקער יאָרן — איז שוין לאַנג אויף דער אמתער וועלט. און דעם בריוו אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע״ האָט מען פון איר באַהאַלטן, ווייל גראַדע דאַן איז איר מאַן פאַרשלאָפּט געוואָרן און געלעגן אויפן טויטן־בעט, אַזוי, אַז מיין מאַן איז שוין אויך לאַנג נישטאָ. און איצט האָב איך דיר דאָ געטראָפן, ברעכט זי ווידער אויס מיט אַ געוויין, דו... דו... זאַבלודאָווסקי.

נו! עס וואָלט געווען שיין און פיין ווען דער סוף פון דער געשיכטע וואָלט נישט געווען אַזאַ טרויעריקער און עס וואָלט אַרויסגעקומען אַ „העפי ענד״

ווי מען זאָגט עס אין אַמעריקע. שטעלט זיך אָבער פֿאָר, אַז אין אַ צייט אַרום דערוויס איך זיך, אַז די דאָזיקע פֿרוי כמעלניק איז אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופֿן. זי איז געקומען צו אירער אַ חברטע׳ מיט וועמען זי האָט געדאַרפֿט צוזאַמען פֿאָרן אויף אַ פּלאַץ. די חברטע האָט האַסטיק אַרויסגע־פֿירט הינטער זיך די קאַר אירע. זי האָט ניט באַמערקט, אַז די פֿריינדינע אירע שטייט און וואַרט. זי איז אויף איר אַרויפֿגעפֿאָרן און די ביאַליסטאָ־קער פֿרוי כמעלניק איז געפֿאַלן טויט אויפֿן אָרט.

אמת ניט פֿאַרברענט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן. געקומען צו קבר ישראל אָבער פֿאַר די פֿריינט אירע און פֿאַר אַלע וואָס האָבן איר געקענט — איז עס געווען אַ מוראדיקער אומגליק.

## בימים ההם... — אין יענע טעג... 1917 — 1915

אין יענע אומעטיקע טעג, ווען דאָס לעבן אונטער דער דייטשישער הערשאַפֿט איז געווען זייער אַ ביטערער, פֿלעג איך געפֿינען אַ באַרואיקונג און אַ טרייסט אין די ביכער וואָס איך האָב געלייענט. אין דער זעלביקער צייט, אָבער, האָב איך — שוין מיט אויגן פֿון אַ דערפֿאַרענעם מענטשן גענומען אָבסערווירן און באַטראַכטן דאָס שווערע לעבן און די פּירוּנגען פֿון אונדזער שטוב. גלייכצייטיק האָב איך געזוכט וועגן און מיטלען ווי אַזוי צו קאָרעגירן פֿאַרריכטן און אויסבעסערן וואָס עס לאָזט זיך אין אונדזער שטוב.

איך, דער עלטסטער זון האָב אויך „געעפֿנט די פֿענסטער״ אַז עס זאָל אַריינקומען אַ „ביסל פֿרישע לופֿט״ יאָ דאַוונען, ניט דאַוונען, יאָ בענטשן, אָדער נישט בענטשן, עס איז אַן סכנה. דער אייבערשטער זעט אין וואָס פֿאַר אַ צייט מיר לעבן און מיר געפֿינען זיך און ער וועט מוזן מוחל זיין, ער איז דאָך אַן אל רחום וחנון...

אָט זיינען געקומען די צווייטע טעג סוכות. די מאַמע דערמאָנט מיך, אַז היינט איז שמחת־תורה, מע דאַרף גיין אין שול אַריין זיך פֿרייען מיט דער תורה. איך וויל ניט פֿאַרשאַפֿן קיין עגמת־נפש דער קלוגער מאַמען מיינער און איך מייד אויס מיט איר צו דיסקוטירן וועגן דעם. דאָ אָבער קען איך זיך ניט איינהאַלטן און איך זאָג איר:

— יאָ, מאַמע׳ דו ביסט גערעכט, אָבער פֿרייען קען מען זיך נאָר דעמאָלט ווען אויפֿן האַרצן איז שמחת־תורהדיק. מע קען זיך ניט פֿרייען דערפֿאַר, וואָס עס איז אַ מאָל פֿאַרצייכנט געוואָרן, אַז דער טאָג איז באַשטימט פֿריילעך צו זיין. קוק, מאַמע, אויפֿן גאַס דאָרט איז דאָך אַזוי פֿינסטער און די שטימונג איז אַזאַ שווערע און אַזאַ טרויעריקע; די נשמה איז דאָך אַזוי ווי מיט צוואַנגען צונויפֿגעקוועטשט און צונויפֿגעדריקט. ניין, מאַמע, מע קען זיך ניט פֿרייען

היינט. לאָמיר דאָס אָפּלייגן׳ וואַרטן און האָפן, אַז עס וועלן קומען אַנדערע און בעסערע צייטן.

אין יענעם זומער האָט זיך מיין מאַמע איבערגעקליבן אין אַ נייעם בית־מדרש, ווו מען האָט זי געהאַלטן פאַר אַ גאַנצער רביצין און מע האָט איר אָפּגעגעבן דעם גרעסטן כבוד. די ווייבער פלעגן זי אַרומרינגלען און זיך צוהערן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם ווי חנה־רייזל זאָגט די תחינות און אַנדערע תפילות אויף עברי־טייטש.

ווען זי פלעגט קומען פון שול צוריק אין שטוב אַריין האָט זי ניט געקענט צוזען מיינע פירונגען און פלעגט מיר נעמען זאָגן מוסר אַזוי האַרציק, מאַמעדיק, אָן בייזקייט און אָן רוגזה:

— זאָג מיר, דאָדיע, וואָס פאַר אַ נייעסן האָסטו עפּעס געבראַכט פון דער צעלאָזענער שטאָט אָדעס ?... פּע, פּע ! איך וויל דאָס ניט ליידן, איך קען דאָס ניט פאַרטראָגן׳ עס טויג ניט און עס געפעלט מיר ניט. איך האָב עס אין ערגעץ ניט געזען. איך האָב איר איבערגעשלאָגן און האָב רואיק איר געענטפערט:

— וואָס רעדסטו, מאַמע, וואו און ווען האָסטו עס געקענט זען און פון וואַנען ווייסטו אויב דאָס איז גוט אָדער שלעכט, אין דער צייט ווען דו האָסט דאָך אויף דיין לעבן בכלל קיין גוטס קיין מאָל ניט געזען?...

— איך ווייס — האָט מיין מאַמע ווייטער גערעדט שוין מיט אַן־אַנדער טאָן — ביי מיין טאַטן, ביי דעם זיידן דיינעם האָב איך דאָס אַוודאַי ניט געזען, דאָרט האָט מען ניט געוואוסט פון אַזוינע פירונגען !

— אָבער, טייערע מאַמע מיינע, ווי קענסטו מיר ברענגען אַ ביישפּיל פון דיין טאַטן; ער איז דאָך פּשוט געשטאָרבן פון הונגער און די קונץ איז דאָך־צו קענען און וועלן לעבן אַפילו אין אָט דער שלעכטער וועלט.

— עס איז גאָרניט קיין ראיה — האָט די מאַמע אַ זאָג געטאָן און דער וויכוח איז געוואָרן איבערגעריסן. מיין מאַמע האָט פאַרשטאַנען, אַז נייע ווינטן האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן אויף דער גאַס...

שטאַרק הנאה פלעגט מיין מאַמע האָבן צו זיצן און צו שמועסן מיט מיין ברודערס חבר דעם שפּעטערדיקן פּראָפעסאָר שמעון ראַווידאָוויטש וואָס איז געווען אַ בן־בית ביי אונדז אין שטוב.

— ער איז אַ גרויסער קענער ! — פלעגט מיין מאַמע זאָגן, ווען זי פלעגט אים צוטראָגן מיט ליבשאַפט אַ הייסע אָבער אַן אָרעמע גלאָז טיי מיט אַ סאַכאַרינקע.

דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן וועגן מיין שיינער, קלוגער און איידעלער מאַמען. מיט מיין טאַטן, אָבער, איז נאָך אַלץ געווען שווער אויסצוקומען. ער האָט זיך אויף קיין האָר ניט געביטן. ער האָט זיך נאָך אַלץ געהאַלטן ביי

זיין באַרימטן פסוק: „אַז אַן איי לערנט ניט קיין הון שכל“, און דער נאַריש־סטער טאַטע איז קליגער פאַרן קליגסטן זון!...

דאָ וועל איך ברענגען אַן עפּיזאָד ווי „קלוג“ מיין טאַטע האָט געהאַנדלט אין זיינע באַציאונגען מיט מיין ברודער משהן, וואָס איז שוין דעמאָלט געוואָרן באַרימט ווי איינער פון די בעסטע פּעדאַגאָגן און גרויסער קענער פון יידישער געשיכטע.

אָט וואָס עס האָט פּאַסירט:

איין מאָל, מיטאָג־צייט, האָב איך באַמערקט, ווי מיין טאַטע איז אַריינ־געקומען אין שטוב אַן אויפגעברעגטער און פול מיט כעס. ער האָט ניט אויסגערעדט צו קיינעם קיין וואָרט נאָר איז צוגאַנגען צום טיש וואו מיין ברודער איז געזעסן און האָט אַריינגעקוקט אין דעם ספר וואָס משה האָט געלייענט. באַלד פאַרקרימט זיך דעם טאַטנס פּנים און ער גיט אַ ברום אַרויס: נו, יאָ, וואָס דען? אַז מע לייענט אַזעלכע ספרים קען דערפון קיין גוטס ניט אַרויסקומען. פון קראָכמאַל אַליין קען מען קיין ברויט ניט באַקן! (דאָס בוך וואָס מיין ברודער האָט געלייענט איז געווען פון נחמן קראָכמאַל) — און מיין טאַטע רעדט ווייטער:

— „אַ שיינעם נחת דערלעבט! אַזוי פיל האָפענונגען געלייגט אויף אָט דעם זון מיינעם און צום סוף דאַרף איך גאָר באַהאַלטן דאָס פּנים מיינס פון חרפּה“!

דער ברודער מיינער איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך. ער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט דאָ פאָר און מיט אַ ציטערדיקן קול האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— „טאַטע, וואָס איז דאָ געשען! רעד קלאָרע דיבורים!

— דאָס וואָס איז שוואַרץ, וועט שוין קיין מאָל ניט ווערן קלאָר! זאָגט דער טאַטע מליצהדיק און ער הייבט אָן דערציילן: „עס טרעפט מיך אין גאַס ר' שייע רובינשטיין, דער פירער פון אגודת־ישראל און גיט צו מיר אַ זאָג: „אַ שיינעם זון האָט איר אויסגעהאָדעוועט, ער איז דאָך אַן אַפּיקורס גמור, אַ כופר בעיקר. פון וואַנען ווייסט ער, דער שיינער זון אייערער, אַז קריעת ים־סוף איז אַ באָבע־מעשה און אַז משה רבינו איז לא היה ולא נברא און נאָך אַנדערע טריפהנע שמד־שטיק, וואָס ער לערנט מיט זיינע תלמידים און תלמידות“.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ איז געווען כזב־ושקר, אָבער דער טאַטע מיינער האָט זיך פריער ניט גענומען די מי אויסצופאָרשן דעם געמיינעם בילבול און האָט בעסער גלייך באַשאָטן דעם זון זיינעם מיט באַליידיקונגען און זילזולים. דער ברודער מיינער האָט געזאָגט:

— טאַטע, דאָס איז אַ ליגן! — מער האָט ער ניט געקענט ריידן און איז אַוועק פון טיש אַ צעקלעמטער אין אַ זייטיקן צימער.

איך בין אויפגעציטערט געוואָרן זעענדיק וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. איך האָב זיך אָבער איינגעהאַלטן, פאַרביסן די ליפּן און ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. איך האָב געטראַכט: „יבוא יומו״! איך וועל וואַרטן, אפשר וועל איך קענען ווייזן אַ לעבעדיקן ביישפּיל מיין טאַטן, ווי אַזוי אַ טאַטע וואָס פאַרשטייט יאָ זיינע קינדער און פילט צו זיי אַ ביסעלע ליבע דאַרף האַנדלען אין אַזאַ אָדער אין אַן ענלעכן פאַל׳ אויב ער וויל די קינדער נישט פאַרלירן אין גאַנצן.

און אָט איז מיר אונטערגעקומען אַזאַ גוטע געלעגנהייט. אין שטוב ביי אונדז איז קאַליע געוואָרן די עלעקטרישע באַלייכטונג, האָט מיין טאַטע אויפגעזוכט אַן עלעקטריציסט, אַ שוחטס אַ זון, וואָס האָט געטאָן וואָס מען האָט געדאַרפט און די עלעקטרי איז צוריק גוט געוואָרן. דעם טאַטן מיינעם, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שום אַנונג אין עלעקטרישע ענינים איז אָבער די „פּאָטשינקע״ ניט געפעלן געוואָרן און נאָך אַ סך זוכן האָט ער דעם בחורל דעם עלעקטריציסט געפונען ביי זיין טאַטן אין שטוב און האָט אים גלייך אָנגעהויבן צו זידלען מיט די ערגסטע ווערטער: „דו ביסט אַן אָפּנאַרער, אַ זשוליק, דו האָסט ביי מיר אויסגענאַרט דאָס געלט אומזיסט און אַזוי ווייטער א. א. וו. דעם בחורלס טאַטע, דער שוחט, האָט דאָס דערהערט און ער איז אַרויס פון צווייטן צימער און אַ זאָג געטאָן צו מיין טאַטן:

— ר׳ ייד, זייט מוחל, נעמט שוין דעם וועגן פון דאַנען! איר האָט ניט קיין שום רעכט צו קומען צו מיר אין שטוב און זידלען מיין זון!

דער טאַטע דערציילט עס אונדז און גיט נאָך צו אַן אויפגערעגטער: — נו, וואָס וועט איר זאָגן אויף אַזאַ צבועק, אויף אַזאַ חוצפּהדיקן יידן מיט אַ באָרד, וואָס לעבט אויף קהלשן חשבון?... ער האָט דאָך מיך פראָסט און פּשוט אַרויסגעטריבן פון זיין שטוב... איך וועל אים נאָך ווייזן, איך וועל אים נאָך געבן!...

דאָ האָב איך גענומען אַ וואָרט און אַזוי געזאָגט:

באַרואיק זיך בעסער׳ טאַטע! זע, קוק, און נעם זיך אַראָפּ אַ ביישפּיל ווי אַזוי אַ טאַטע דאַרף האַנדלען אויב ער וויל געווינען כבוד און ליבשאַפט ביי זיינע קינדער. דער שוחט האָט געהאַנדלט ריכטיק. אַזאַ טאַטע איז אַן אמתער טאַטע וואָס אויף אים איז געזאָגט געוואָרן „כרחם אב״... ער האָט פאַרטיידיקט זיינעם אַ זון, זיינס אַ קינד... און איצט דערמאָן זיך, טאַטע, ווי דו האָסט געהאַנדלט ווען אַ ייד, אַ פאַנאַטיקער, שייע מיט דער באָרד האָט אויסגעטראַכט אַ שקר־בילבול אויף דיינעם אַ זון און אַנשטאָט צו זאָגן דעם יידן גלייך אויף אַן אָרט אַז עס איז אַ ליגן, אַז דיין זון וועט ניט אַרויסזאָגן אַזעלכע עמהאַרצישע געדאַנקען, ביסטו גאָר געקומען אין שטוב און האָסט געטאָן גראָד דאָס פאַרקערטע וואָס אַ טאַטע דאַרף טאָן.

איך האָב זיך צוגעקוקט ווי דער טאַטע האָט מיר אויסגעהערט און גאָרניט געענטפערט. אין יענעם מאָמענט האָט מיין טאַטע פאַרשטאַנען אַז זיין „אֲני מאַמין" דאָס אַן איי לערנט ניט קיין הון און אַז דער גאָרישסטער טאַטע איז קליגער פאַרן קליגסטן זון׳ הייבט אָן אַ ביסל אונטערצוהינקען. עס קען אויך געמאָלט זיין, אַז מיין טאַטע האָט שוין אַ סך זאַכן געוואָלט כאַפּן צוריק, עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. די קינדער זיינע האָבן זיך שוין אַלע דערווייטערט פון אים.

## „ראַטויטשע" ראַטעוועט!

איך און מיין ברודער משה זיינען שיער דערטרונקען געוואָרן

עס איז געווען אָנהייב זומער 1917, אין רעכטן ברען פון דער מלחמה. דער הונגער האָט זיך שוין אָנגעהויבן שטאַרק פילן.

אין איינע פון יענע טעג, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, בין איך מיט מיין ברודער משה אַוועקגעגאַנגען צו פוס אין דעם דאָרף פּעקוטאַ, וואָס האָט זיך געפינען גאַנץ ווייט פון ביאַליסטאָק׳ לעבן דער שטעטעלע סאָקאָלע. אין פּעקוטאַ האָט געלעבט אַ יידישער גוטבאַזיצער, אַ פאַרמעגלעכער מענטש. מיין ברודער משה האָט מיט אַ יאָר צוריק געוווינט אין דעם דאָזיקן דאָרף, ווו ער האָט במשך פון זעקס חדשים געלערנט העברעיש מיט דעם ישובניקס קינדער.

איך וויל דאָ פאַרצייכענען, אַז גלייך נאָך דער מלחמה האָט דער דאָרפסייד אַלץ פאַרקויפט און זיך באַזעצט מיט דער גאַנצער משפחה אין ארץ ישראל.

ביי דעם ישובניק אין שטוב האָט מען אונדז זייער פיין אויפגענומען. מיר האָבן דאָרטן פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג, און פאַר נאַכט, ווען די זון האָט זיך אָנגעהויבן זעצן, האָבן מיר זיך געגנומען קלייבן צוריק אַהיים. יעדער איינער פון אונדז האָט מיטגענומען מיט זיך אַ היפּש פּעקל מיט אַרבעס און באָב, אַ קעזל און אַ שטיקל פּוטער מיט יונגע ציבעלעס ווי אַ צולייג.

קומענדיק אין מיטן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ דאָרפישן פויער און ער זאָגט אונדז, אַז פאַרן שאָסיי שטייען דייטשישע סאָלדאַטן און אויב זיי וועלן טרעפן ביי אונדז די דאָזיקע פּעקלעך׳ וועלן זיי עס ביי אונדז צונעמען און דעריבער גיט ער אונדז אַן עצה, אַז מיר זאָלן זיך בעסער פאַרנעמען אויף רעכטס און דאָרטן זאָלן מיר איבערגיין דאָס טייכל וואָס מען זעט פון דער ווייטנס. ווען מיר וועלן אָנקומען צו דעם שטיבעלע פון דעם וואַלדוועכטער, וועט ער אונדז שוין אָנווייזן ווי ווייטער צו גיין און אויסמיידן די דייטשישע פּאַטרולן וואָס זיינען געשטאַנען ווי רויב־פויגל אויף אַלע וועגן.

מיר האָבן אים געפאָלגט און מיר זיינען צוגעקומען ביז צום טייכל. דאָס טייכל איז געווען פאַרוואַקסן מיט בלושץ און מיט אַ הויכן ווילדן גראָז. מיר האָבן געמיינט אַז דאָס טייכל איז ניט זייער טיף. האָבן מיר זיך אויסגעטאָן באָרוועס, פאַרקאַשערט די הויזן און מיר הייבן אָן צו גיין. גלייך אין אָנהייב האָט דאָס וואַסער דערגרייכט ביז צו אונדזערע קני אָבער מיט עטלעכע טריט ווייטער האָט שוין דאָס וואַסער דערגרייכט ביז אַריבער אונדזערע גאַרטלען. די שיך האָבן מיר פאַרבונדן מיט אַ שטריק איבער אונדזערע אַקסלען און די פעקלעך עסנוואַרג האָבן מיר אַרויפגעלייגט אויף אונדזערע קעפּ.

ווען מיר גייען ווייטער זעען מיר, אַז דאָס וואַסער ווערט אַלץ טיפער. וואָס טוט מען? מיר דערפילן אַז מיר זיינען פאַרלוירענע. איך כאַפּ אַ קוק אויף מיין ברודער — ער איז געווען מיט אַ קאָפּ נידעריקער פון מיר — און איך דערזע, אַז דאָס וואַסער האָט שוין דערגרייכט ביז זיין האַלדז. מיר בלייבן שטיין פאַרצווייפלטע און מיר באַשליסן ווייטער ניט צו גיין. פלוצלונג דערזע איך פון דער ווייטנס אַ שטיבעלע וואָס שטייט ביים ראַנד פון וואַלד. אַ צע־שראָקענער הויב איך אָן צו שרייען מיט אַ פאַרצווייפלטן קול: „ראַטויטשע״ — ראַטעוועט !!!

איך דערזע ווי פונעם שטיבעלע קומט אַרויס דער הויכער וואַלדוועכטער. דער וועכטער האָט גלייך באַמערקט וואָס מיט אונדז קומט דאָ פאָר און מאַכט אונדז צייכנס, אַז מיר זאָלן ווייטער ניט גיין, ווייל מיר קענען נאָך דערטרונ־קען ווערן.

ער וואַרפט אונדז צו צוויי לאַנגע דינע שטעקנס און ער הייסט אונדז זיך פאַרנעמען אויף לינקס און מיט די שטעקנס זאָלן מיר מעסטן די טיפקייט פונעם וואַסער. מיר האָבן אַזוי געטאָן ווי דער וואַלדוועכטער האָט אונדז געהייסן און ער אַליין איז געשטאַנען פון דער ווייטנס און האָט ניט אַראָפּגע־נומען פון אונדז זיינע אויגן . . .

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבן מיר דערפילט אַז דאָס וואַסער איז געוואָרן שטאַרק נידעריק. מיר האָבן אָנגעהויבן צו גיין מיט דעם דאַזיקן וועג און מיר זיינען אויסגעשעפּטע, אויסגעווייקטע און פאַרמאַטערטע קוים אַרויסגע־קראָכן פון דעם פאַרמאַסקירטן טייך.

פון וועכטער־שטיבל איז גלייך אונדז אַנטקעגנגעלאָפן דעם וועכטערס ווייב און אָט די ביידע גוטע מענטשן — נאָך געווען אַ מאָל אַזעלכע אויך אין דעם פאַרשאָלטענעם פוילן — האָבן אונדז אַריינגענומען אין זייער שטיבעלע, גע־הייסן אונדז אויסטאָן די זאַכן און זיי אויפגעהאַנגען לעבן דעם הייסן אויוון זיך אויסטריקענען. נאָך דעם האָט מען אונדז געגעבן עסן וועטשערע און מיר זיינען אַנידערגעפאַלן שלאָפן ווי געהרגעטע.

ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן האָט דער וואַלדוועכטער אונדז אַרויס־געפירט פון וואַלד און אונדז אָנגעוויזן ווי אַזוי מיר זאָלן גיין אין שטאָט אַריין.

גייענדיק האָבן מיר געקוקט אין אַלע זייטן, מיר האָבן זיך שטאַרק געהיט און זיך נאָכגעפרעגט ביי יעדן איינעם ווי אַזוי צו גיין אויף אַ זיכערן וועג, נישט אָנצוטרעפן די דייטשישע פּאַטרולן. דער סוף איז אָבער געווען אַז מיר האָבן זיך פון די „גוטע דייטשן" ימח שמם, נישט געקענט זיך אויסהיטן. זיי האָבן אונדז געטראָפן מיט די פּעקלעך עסנוואַרג און זיי האָבן ביי אונדז צוגענומען די פּוטער מיט די קעזלעך. און וויפל מיר האָבן זיך ניט געבעטן ביי דעם קייזער ווילהעלמס זשאַנדאַרן זיי דערציילט אַז אונדזער מאַמע איז קראַנק און מיר טראָגן דאָס כדי צו ראַטעווען אונדזער קראַנקער מאַמען, האָט דאָס אָבער גאָרניט געהאָלפן.

צעוויטאָקטע און פאַרביטערטע זיינען מיר אָנגעקומען שפּעט ביי נאַכט צו אונדז אין שטוב נאָך אַ שווערן טאָג פון זייער אַ סך איבערלעבונגען. מיר זיינען געווען זייער טרויעריק. אַלע האָבן אָבער זיך געפרייט און זיינען געווען צופרידן, וואָס מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אַ היים געזונטערהייט.

# איך בענק צוריק קיין רוסלאַנד — 1917-1916

דער דייטש ימח־שמו האָט אין איין כהרף־עין פאַרנומען און אויסגעשפּרייט זיין מאַכט אין דער לענג און אין דער ברייט פון די שטעט און שטעטלעך פון אונדזערע מקומות. דער פּרייסישער סאָלדאַטסקער שטיוול מיט די שפּיציקע אייזערנע טשוועקעס האָט גענומען אַרויספּרעסן דעם מאַרך און דעם קליאָק פון די ביינער. די אָקופּירטע געגנטן האָבן אָנגעהויבן צו ליידן הונגער. מיר אַליין, אָבער, האָט מער געמאַטערט און געדריקט דער גייסטיקער הונגער ווי דער פיזישער. דער געדאַנק׳ אַז הינטער באַראַנאָוויטש שטייט אַ הויכע וואַנט, וואָס לאָזט מיך ניט קומען צוריק אַהין אין דעם גרויסן אינטערעסאַנטן לאַנד פון וואַנען איך בין נאָר וואָס געקומען און וואו איך האָב דורכגעמאַכט אַזאַ שטורמיש שטיקל צייט, פול מיט עמאָציעס; די גרויסע רוסלאַנד ווו איך האָב אַזוי פיל געלערנט, געזען און איינגעזאַפּט אין זיך אַזוי פיל איינדרוקן — האָט מיך געמאַטערט און ניט געלאָזט שלאָפן די נעכט. איך האָב דערפילט אַ שרעקלעכע איינזאַמקייט, אַ טיפע בענקשאַפט און איך האָב זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. איך פלעג אויפשטיין פאַרטאָג און אַרומגיין שעהען לאַנג הינטער דער שטאָט און אין דעם נאָענטן וואַלד. די איבערלעבונגען, די איינ־דרוקן און די בילדער פון דעם נאָענטן עבר האָבן זיך פונדאָסניי פונאַנדערגע־וויקלט און איך האָב איבערגעלעבט דאָס פריערדיקע לעבן. איך האָב דערפילט אַז עס איז ענג פאַר מיר דאָס פלאַץ דאָס אָרט ווו איך געפין זיך. עס שטיקט מיך, עס ווערגט מיך און די איינציקע טרייסט האָב איך געפונען אין לייענען

ביכער. איך האָב גלייך דערפילט אַז אַ דאַנק דעם לייענען ווערט מיין געמיט רו־איקער. איך האָב זיך ווי אַ הונגעריקער צוגעכאַפּט צו דער רוסישער ליטעראַטור. איך האָב ניט געלייענט גאָר פּשוט געשלונגען איין בוך נאָכן אַנדערן; טורגעניעוו, גאָנטשאַראָוו, דאָסטאָיעווסקין, טאָלסטאָיען א״אַ... וואָס מער איך לייען, אַלץ מער ווער איך היימישער אין דער רוסישער ליטעראַטור און איך זע און דערקען אין די דאָזיקע ביכער אַלע סטעפּעס, די לאַנדשאַפטן, די טייכן, די שטעט און די מענטשן און אַלץ וואָס איך האָב נישט לאַנג געזען מיט מיינע אייגענע אויגן. אין יענער צייט האָב איך אויך אַ סך געלייענט העברעאישע ביכער. איך לערן אויס אויף אויסנווייניק חיים־נחמן ביאַליקס „אַ מתמיד״ און דאָס בילד וואָס דער גרויסער דיכטער אונדזערער מאָלט דאָרטן ווערט מיר אַזוי נאָענט, ליב און טייער אַז איך דערזע פּשוט בילדער פון מיינע קינדער־יאָרן אין מיין קליינעם געבוירן־שטעטעלע. אָט איז דער דאָרטיקער בית־מדרש וואו עס זיצן יידישע בחורים׳ קרובים מיינע און לערנען מיט גרויס התמדה און זינגען אויס אין טרויער און אין אומעט דעם „אמר אבייע״ אָדער אָט לייען איך ביאַליקס „התדעו מאין״?... און מיר דוכט זיך, אַז ביאַליק איז געווען ביי אונדז אין זאַבלודאָווע און האָט געזען מיין זיידנס שטוב וואָס האָט געהאַט דעם זעלביקן אויסזען ווי זיין זיידנס שטוב, וואו ער, דער יתום, האָט זיך קינדווייז געהאָדעוועט דאָרטן. איך דערזע פאַר זיך דעם גרויסן בעקערשן אויוון פון מיין זיידן מיט דעם גריל אינעווייניק וואָס גריצלט אָן אויפהער און ברענגט אַריין אין טרויעריקע שטימונגען. און ביאַליק דערציילט אונדז דאָרטן אַז פון דעם דאָזיקן זינגעדיקן גריל האָט ער זיך אויסגעלערנט צו שרייבן זיינע אומעטיקע לידער. עס איז איבעריק דאָ צו זאָגן, אַז צוליב מיין גרויסער דאָרשטיקייט צום לייענען בין איך אויך געוואָרן אויסגעבונדן מיט דער גאַנצער נייער, נאָר וואָס אויפגעקומענער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, אין וועלכער עס איז געשילדערט געוואָרן מיט אַזאַ גרויסער ליבשאַפט דאָס יידישע שטעטל און די סביבה אין וועלכער איך האָב זיך אויפגעהאָדעוועט און איך בין אויפגעוואַקסן.

## איך האָב חתונה און איך ווער אַ קרעמער

אָנהייב 1918 האָב איך זיך באַקענט מיט מיין לעבנס־באַגלייטערין — מיט רחלען און אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָבן מיר מיט מזל ביידע חתונה געהאַט. מען האָט געשטעלט אַ חופּה אָן קלעזמארים׳ אָן בילעטן אָן עטיקעטן און אָן באַנקעטן. דער דייטש איז שוין געווען כמעט אַ באַגראָבענער און די מלחמה אָבער, האָט זיך נאָך ניט געהאַט געענדיקט. אַ יאָר צייט נאָך דער חתונה, דאָס מיינט דאָס לעצטע יאָר פון דער מלחמה, האָבן מיר געוווינט אין סאָקאָלקע, איך מיין פרויס געבוירן־שטעטל, וואָס געפינט זיך צווישן ביאַליסטאָק און

גראָדנע. נאָך דעם זיינען מיר אַריבערגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק, וואו איך האָב מיט גרויס מי געקראָגן אַ לאָקאַל צו דינגען און מיר האָבן געעפנט כמעט מיט ליידיקע הענט אַ שפּייזגעשעפט. איך האָב געזאָגט „מיט גרויס מי", ווילט זיך מיר דאָ וועגן דעם מאַכן אַ קליינע באַמערקונג. כאָטש עס איז נישט קאָרעקט צו פיל צו ריידן און לויבן זיך וויל איך דאָ למען־האמת פאַרצייכענען אַז דער פאַל איז געווען ניט דער ערשטער און ניט דער איינציקער אין מיין לעבן ווען איך פאַרטראַכט עפּעס און זוך שפּעטער די מיטלען ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכן. די פראַגע וואו איך זאָל קריגן געלט אויסצופירן מיינע פּלענער האָבן פאַר מיר קיין מאָל ניט עקזיסטירט. עס זיינען געווען אַ סך פאַלן ווען איך האָב ניט געהאַט קיין גראָשן געלט אין קעשענע און איך האָב פון דעסטוועגן קיין מאָל ניט אַראָפּגעלאָזן די הענט און ניט געזאָגט אַז איך בין אָרעם. בין איך אַ מאָל געפאַלן, האָב איך זיך גלייך אויפגעהויבן און ווייטער געגאַנגען. איך האָב פריער פון אַלץ געזוכט דעם ציל און נאָך דעם האָב איך שוין געפונען די מיטלען.

דער לאָקאַל, וואו איך האָב געעפנט מיין געשעפט האָט זיך געפונען אין אַ קהלשער געביידע, אין דער געגנט וואו איך האָב געהאַט מיין וווינונג. פאַרבייגייענדיק, האָב איך באַמערקט, אַז צווישן די קראָמען וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, איז איין טיר געווען אַ פאַרמאַכטע און באַדעקט מיט אַ דיקן שטויב. פאַר וואָס איז זי עפּעס פאַרמאַכט, — האָב איך זיך געפרעגט און אַ נייגעריקער בין איך אַרויפגעגאַנגען אויפן הויף און דורך אַ הינטערטיר האָב איך באַמערקט אַז דאָרטן ליגן עפּעס פאַרשיידענע זאַכן פון דער חברה־קדישא. איך האָב זיך ניט געפוילט און בין גלייך אַוועק צו דעם גבאַי ראשון און איך האָב אים דערציילט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. דער גבאַי האָט זיך געמאַכט אַז ער קען מיך ניט, הגם איך האָב אים דאָ ניט לאַנג געבראַכט אַ גרוס פון זיין טאָכטער געניען וואָס איז אַנטלאָפן צו אַ פעטער קיין אָדעס. שפּעטער האָב איך געהערט׳ אַז אָט די סימפּאַטישע געניע, וואָס האָט ניט געקענט און ניט געוואָלט קומען צו איר טאַטן אין שטוב ווייל עס איז איר געווען דאָרטן ענג — האָט זיך גענומען דאָס לעבן.

און איצט הערט ווייטער, וואָס דער דאָזיקער אַלטער ייד, האַרט ווי אַ שטיין מיט דער ליולקע שטענדיק אין מויל האָט מיר געענטפערט אויף מיין בקשה. ער האָט שטרענג אַ קוק געטאָן אויף מיר און מיר געזאָגט:

— „הער זיך איין יונגערמאַן, דו דאַרפסט ווייסן, אַז קהל שטייט העכער פאַר אַלעמען און בייגט זיך ניט פאַר קיין יחיד!"

איך האָב זיך ניט פאַרלאָרן און איך האָב אים געענטפערט לאמור, אַזוי צו זאָגן:

ראשית, פאַרשטיי איך בכלל ניט צו וואָס עס האָט געפּאַסט דער דאָזיקער זאָג אייערער; ניט איך פאַרלאַנג און ניט עס איז נייטיק, אַז קהל זאָל זיך פאַר מיר בייגן. דאָס איינציקע וואָס איך וויל פון אייך איז, אַז איר זאָלט אַזוי גוט זיין און הייסן אַרויסנעמען די אַלע זאַכן און אַוועקלייגן זיי אין איינעם פון די קעמערלעך וואָס געפינען זיך אויפן הויף און מיר פאַרדינגען דעם לאָקאַל וואו איך וויל איינאָרדענען און אויפבויען פאַר זיך אַ שטיקל פּרנסה.

דער ייד האָט אויף דעם ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. ער האָט אַרויס־גענומען אויף אַ ווײַלע די ליולקע פון מויל, ער האָט אויסגעשפּיגן און ער האָט אַ בורטשע געטאָן: „מען וועט זען״!

אַ סך אַ בעסערן קבלת־פּנים האָב איך געהאַט ביי די פיינע יידן, וואָס זיינען געווען די אָנפירערס פון דער דאָזיקער קהלשער אינסטיטוציע. זיי האָבן גלייך צוגעשטימט און האָבן מיר צוגעזאָגט צו ריידן מיט דעם תקיף פון דער חברה־קדישא און דערביי האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז זיי גלויבן, אַז איך וועל דעם לאָקאַל יאָ קריגן. און אַזוי איז טאַקע געווען.

אין צוויי וואָכן אַרום בין איך געקומען צו זייערער אַ זיצונג, האָב זיך דורכגערעדט מיט זיי וועגן די באַדינגונגען און איך האָב גלייך געקראָגן דעם שליסל. באַלד אויף מאָרגן, האָב איך זיך גענומען אויספּוצן און אויספּאַרבן די ווענט, אויסוואַשן די פּאָדלאָגע און איך האָב שוין אַ געשעפט. דער פּונקט איז געווען זייער אַ גוטער, אויף אַ ראָג פון אַ באַלעבטער גאַס און כאָטש איך האָב געהאַט גאָר ווייניק סחורה אין מיין קרעמל, האָט דאָך די קראָם גיך איינגעצויגן אַ קליענטעלע און איז אַוועק גאַנץ גוט. איך מוז דאָ זאָגן אַז דאָס איז געווען נאָר אַ דאַנק, מיין פרוי׳ זאָל געזונט זיין, וואָס איז געווען און איז נאָך ביז היינטיקן טאָג אַ געבוירענע און קלוגע סוחרטע. זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן אַז אויף איינצוקויפן דאָס ערשטע ביסל סחורה, איז מיר געקומען צו הילף מיינע אַ קרובה פון וואַרשע. אַ גוטהאַרציקע. חסידישע טאָכטער, אסתר־לאהשי זאָנאַבענד. זי האָט אין יענע יאָרן חתונה געהאַט און אַוועק מיט איר מאַן קיין אַרגענטינע.

מיט עטלעכע יאָר צוריק, בין איך געווען אויף אַ וויזיט אין בוענאָס־איירעס. און כאָטש איך האָב ניט געוווּסט דעם פאַמיליע־נאָמען פון איר מאַן, דאָך האָב איך זיי אויסגעפונען. ווי און ווי אַזוי? וועגן דעם וועל איך שרייבן שפּעטער אַ גאַנץ באַזונדערן, אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטן קאַפּיטל.

## ט ש אַ ר נ ע - וו ע ם

גאָר אין גיכן איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן דאָס ערשטע קינד. איך האָב באַלד זיך אַרומגעזען אַז פון דער קראָם אַליין וועלן מיר ניט קענען מאַכן קיין לעבן, ווייל מיר האָבן צו ווייניק סחורה; איך מוז זוכן נאָך עפּעס

וואָס צו טאָן כדי אונטערצושפּאַרן די שוואַכע ווענטלעך פון מיינע פאַרדינסטן פון אונדזער שפּייזגעשעפט. און אַז מע זוכט געפינט מען. דאָ האָב איך ווידער אויסגעטראַכט עפּעס אַזעלכעס׳ וואָס קיינעם וואָלט עס ניט איינגע־פאַלן. איך האָב געוואָרפן אַן אויג אויף איינעם אַ ברייט־פּלייציקן יידן וואָס פלעגט פאַרבייגיין אַלע זונטיק נאָך מיטאָג מיט אַ רענצעלע אין האַנט אויפן וועג צו דער באַן. דער ייד פלעגט שטענדיק קויפן ביי אונדז וואַרעמע בייגל און אויך נאַשוואַרג פאַר זיינע אייניקלעך. פּערזענלעך האָב איך דעם יידן ניט געקענט, איך האָב נאָר געוואוסט אַז ער איז פאַרבונדן מיט וואַלד־געשעפטן.

— גיב אַכטונג, רחל, — זאָג איך איין מאָל צו מיין פרוי — מיט אָט דעם יידן דאַרף איך עפּעס רעדן.

איך בין אַרויסגעגאַנגען פון קרעמל, געגעבן דעם יידן שלום און האָב אים דערציילט ווער איך בין און שמועסנדיק האָב איך אים אויך געזאָגט אַז פון דעם קרעמל אַליין איז זייער שווער צו ציען פרנסה; אפשר וואָלט איך געקענט קריגן ביי אים עפּעס אַ שטעלע. דער ייד באַטראַכט מיך פון קאָפּ ביז די פיס און זאָגט מיר אַז ער וועט איבעררעדן מיט זיין זון.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך באַקומען פון אים אַ צעטעלע. איך זאָל קומען צופאָרן קיין „טשאַרנע וועס״ — אַ סטאַנציע לעבן אַ גרויסן וואַלד, ניט ווייט פון ביאַליסטאָק. איך בין גלייך אַוועקגעפאָרן אַהין און מען האָט מיר געגעבן אַ שטעלע צו ווערן אַ פאַרוואַלטער פון אַ מיידאַן אָדער אַ סמאָליאַרנע, אָדער בעסער געזאָגט אַ פאַבריק פון טערפּענטין. כאָטש איך האָב ניט אָנגעהויבן צו וויסן מיט וואָס מען עסט דאָס דאָך האָב איך זיך גיך אויס־געלערנט. טערפּענטין, דאָס איז אַזאַ מין שאַרפע שמעקעדיקע פליסיקייט וואָס מען ציט אַרויס פון די וואָרצלען פון סאָסנעביימער וואָס פאַרמאָגן אין זיך אַ סך פעטס. אָט די וואָרצלען ווערן אַריינגעלייגט אין אַ גרויסן אויוון וואָס האָט טאָפּלטע ווענט. אונטן ווערט אָנגעצונדן אַ פייער, וואָס ברענט טאָג און נאַכט און ווען די וואָרצלען אָדער דער קין אינעווייניק איז דעם אויוון הויבן זיך אָן שטאַרק צו דערוואַרעמען, הויבן זיי אָן צו וויינען און לאָזן טרערן רינט די פליסיקייט אַרויס טראָפּנווייז דורך אַ רער אין אַ פאַס. אָט אָ די סחורה פלעגט מען פאַרקויפן זייער אַ סך און מען פלעגט זי כאַפּן ממש ווי מצה־וואַסער. אין אָנהייב האָט די פליסיקייט געהאַט דעם קאָליר פון קלאָרן וואַסער. דאָס איז געווען דער ערשטער סאָרט. נאָך דעם איז געקומען דער צווייטער סאָרט וואָס האָט שוין געהאַט אַ שטרוי קאָליר. שפּעטער, ווען מען האָט געזען אַז עס הייבט שוין אָן צו טריפן גאָר טונקעלע סחורה, אַ סימן, אַז מען האָט שוין אַרויסגעצויגן דעם גאַנצן זאַפט — האָט מען אָפּגעשטעלט דאָס הייצן דעם

איווון און פון די איבערגעבליבענע וואָרצלען האָט מען געמאַכט סמאָלע און מען האָט דעם איווון נאָך אַ מאָל אָנגעפילט מיט נייע רויע וואָרצלען.

יעדן זונטיק פלעג איך קומען אין שטוב צו גאַסט און אַזוי האָב איך אָפּגעאַרבעט אויף דער שטעלע אין וואַלד, אויף דער פרישער מחיהדיקער לופט אַ יאָר מיט דריי חדשים. איך האָב איבערגעריסן די אַרבעט, ווייל די פאַבריק איז אונטערגעגאַנגען פון זיך אַליין. ערשטנס, צוליב דעם ווייל מען האָט שוין אויסגעגראָבן אַלע וואָרצלען פון דעם וואַלד אין יענעם געגנט; עס איז שוין ניט געווען קיין רוי־מאַטעריאַל. צווייטנס, האָט דער ראַטן־פאַרבאַנד אָנ־געהויבן צו פירן אַ שטאַרקע קאָנקורענץ מיט „סקיפּידאַר" וואָס דאָס איז „אַגוואַראַס" אויף שפּאַניש. דריטנס, האָט מען אָנגעהויבן צו פאַבריצירן טערפּענטין אויף אַ כעמישן אופן און עס פאַרשטייט זיך׳ עס האָט געקאָסט אַ סך ביליקער.

פון מיין אַרבעט, אָבער, האָב איך באַוויזן אָפּצושפּאָרן אַ ביסל געלט און איך האָב אָנגעפילט די קראָם מיט סחורה. נו, וואָלט דאָך געווען גאַנץ גוט, האָט עס אָבער ערשט איצט ניט געטויגט. ווייל אַלץ וואָס יידן האָבן גענומען בויען אין דעם באַנייטן פוילן האָט ניט געהאַט קיין פעסטן פונדאַמענט ווי איך וועל עס דערציילן שפּעטער.

איצט וויל איך פאַר אייך פאַרשטעלן אַט דעם פעסטן געזונטן יידן, וואָס דאָס בלוט האָט ביי אים געשפּריצט פון די באַקן, כאָטש ער איז שוין ניט געווען קיין יונגערמאַנטשיק. ער איז געווען ענלעך צו די פעסטע איינגעפונדעוועטע יידן, וואָס אַפּאַטאָשו האָט באַשריבן אין זיינע „פוילישע וועלדער".

## יעמוד ר׳ דוד פּאָקשיווע ע״ה

דער באַלעבאָס פון דעם מיידאַן

ווען ר׳ דודס פּאָקשיוועס יינגסטע טאָכטער (זי האָט זיך געראַטעוועט און געפינט זיך אין ישראל) פלעגט קומען פון דעם באַנטן שטעטל און דערציילן, אַז דאַנציסעס טאָכטער טראָגט זייער אַ שיינעם מאַנטל און זי וואָלט אויך גע־וואָלט האָבן אויף ווינטער אַזאַ מין סאָרט מאַנטל, האָט דער קלוגער פּאָקשיווע דער טאַטע צו איר אַזוי געזאָגט:

— זיי וויסן טאָכטערקע, אַז מיר קענען זיך ניט גלייכן צו דאַנציסן; ביי אים כליאַפּעט און גיסט —און ביי אונדז קאַפּעט און טריפט טראָפּנווייז...

ר׳ דוד פּאָקשיווע פלעגט שבת בייטאָג נאָכן שלאָף זיצן אין דעם דאָרפישן שטיבעלע זיינעם און זיך שאָקלען איבער אַ בלאַט גמרא.

איין מאָל זיינען אַריבער עטלעכע טעג און איך זע ניט דעם אַלטן פּאָק־שיווען, — פרעג איך דער טאָכטער — וואו איז דער טאַטע ? — דערציילט

זי מיר אַז ער האָט זיך שבת דערפילט עפּעס ניט מיט אַלעמען, האָט מען אים אַרויפגעזעצט אויפן באַן און אים געהייסן צופאָרן קיין וואַרשע. פּרייטיק אין דער פרי — ר׳ דוד איז דאָ. — נו, פרעג איך אים, וואָס האָט אייך דער דאָקטער דאָרטן געזאָגט אין וואַרשע? — איי! וואָס זאָל איך דיר דערציילן דודקע — ענטפערט ער מיר און ער ציילט די ווערטער ווי זיין טבע איז געווען — וואָס פאַרשטייסטו ניט, דאָס טעפּל איז שוין אַ ביסל צעפּלאַצט און שטאַרק אָפּגעניצט, דאַרף מען עס שוין פאַרדראָטעווען... ניט אַלע ווערן אפשר פאַרשטיין וואָס דאָס מיינט, וועל איך עס פאַרשטייטשן, ווייל עס איז גאַנץ מעגלעך דאָס ניט אומעטום האָט מען געוווסט פון דעם קונץ ווי אַזוי מען פאַרדראָטעוועט צעפּלאַצטע טעפּלעך בכדי מען זאָל זיי קענען ווייטער ניצן. אין אונדזערע מקומות פלעגט אַרומגיין איבער די הויפן אַ יידענע מיט אַ קרענצל איבערגעבראָכענע דינינקן ווייכן דראָט אין האַנט און פלעגט זיך נאָכפרעגן אויב עס איז דאָ עפּעס צו פאַרדראָטעווען. און באַלד טאַקע פלעגט זי האָבן אַרום זיך ערדענע טעפּלעך וואָס מען האָט זיי שוין גענוצט יאָרנלאַנג און זי האָט זיך גענומען צו דער מלאכה. דער פּרייז איז געווען אַ קאָפּיקע יעדער שטיקל, אַרבעט, כאָטש דאָס גאַנצע טעפּל האָט מער ניט געקאָסט ווי דריי קאָפּיקעס, עס איז דאָך אָבער געווען אַ שאָד עס אַרויסצוואַרפן, ווייל דער טעפּל איז דאָך געווען אָנגעזאָפּט מיט פעטס פון אַזוי פיל יאָרן שטעלן אין אים טשאָלנט. נאָכן פאַרדראָטעווען האָט מען דאָס טעפּל געקענט ניצן ווייניקסטן נאָך אַ יאָר צייט.

ר׳ דוד פּאָקשיווע איז געבוירן געוואָרן און געלעבט אַלע זיינע יאָרן אין וועלדער. ער איז געווען ניט קיין געוואָרענער — נאָר אַ געבאָרענער „מייִדאַנשציק״ בן מיידאַנשציק. אַ חוץ משפחה און פריינד האָט ר׳ דוד פּאָקשיווע געהאַט דאָ אין מעקסיקע אַ טאָכטער שיינדל און אַן איידעם — ר׳ שמחה מאָרגענשטערן ע״ה, אַן אמתער ערלעכער ייד און זיידענער מענטש. טאַקע ביי אים אין שטוב דאָרטן, אין דאָרף „טשאַרנע וועס״ פלעג איך עסן שבתים ווען איך האָב געאַרבעט ביים שווער זיינעם אין וואַלד. סיי פּאָקשיוועס טאָכטער אונסיי זיין איידעם זיינען שוין אויף דער אמתער וועלט. פאַרשטייט זיך, אַז ר׳ דוד פּאָקשיווע אַליין איז שוין אויך לאַנג ניטאָ צווישן די לעבעדיקע. טאָ זאָלן מיינע שורות וועגן אים דינען ווי אַן הזכרה, און די אייניקלעך זיינע זאָלן ניט פאַרגעסן און געדענקען וואָס פאַר אַ שיינעם, גוטן און קלוגן זיידן זיי האָבן פאַרמאָגט. ת.נ.צ.ב.ה.

פ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ע  י אָ ר ן

# איך פאָר קיין מעקסיקע — 1925־1926

איינער פון די שענסטע פון די בעסטע, שטאַרקסטע און ווירקזאַמסטע פּילן, איז צו האָבן אַן אייגענעם שטאַרקן און פעסטן ווילן.

אָט אַזוי רעדט זיך עס אַרויס, עס איז גרינג צו זאָגן.

דער פאַרביסענער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך ווי אַ קאַנסער גענומען אויסשפּרייטן איבער דער לענג און אין דער ברייט פון דער ניי געשאַפענער פּוילישער מלוכה. שווערע שטייערן און גלאַט גזירות האָבן זיך גענומען שיטן אויף די קעפּ פון דער יידישער באַפעלקערונג און מער פון אַלעמען האָט געליטן דערפון דער קליינהענדלער און דער מענטש פון מיטל־קלאַס אויף וועמען מען האָט זיך אָנגעלייגט און געוואָלט צונעמען דעם ביסן ברויט פון זיין מויל. די באַרימטע „גראַבסקיס עגלה" האָט געאַרבעט איבער־שטונדן; מען האָט אַרויסגעפירט פון יידישע הייזער פאַר ניט באַצאָלטע שטייערן, אַלץ וואָס מען האָט נאָר געפונען. מען האָט אויך געקלונגען אין די קלויסטערס און אויסגערופן אויף די ראָגן פון אַלע גאַסן „אַסוואָי דא סוועגאָ"! דאָס מיינט, מע זאָל גאָרניט קויפן קיין זאַך ביי יידן, נאָר ביי די אייגענע, ביי די ריינע הונדערט־פּראָצענטיקע פּאָליאַקן. די שליאַכטשעס, די „פּאַנעס" און די הויכע רעגירונגס־לייט זיינען געשטאַנען פון דער וויטנס, געריבן זיך די הענט און האָבן אָנגעקוואָלן. עס איז דעמאָלט געווען באַקאַנט דאָס ווערטל זייערס „אָווּשעם", דאָס הייסט׳ אַז פּאָגראָמען לויטן אַמאָליקן רוסישן שטייגער דאָס דאַרף מען ניט מאַכן — פּע, עס פּאַסט ניט; מע קען נאָך איינשמוצן די ווייסינקע הענטשקעס, אָבער באַיקאָטירן יידישע געשעפטן, צונעמען דאָס ברויט פון דעם יידישן מענטשן, דאָס „אָווּשעם" — אדרבא ואדרבא...

איך וויל זיך ניט באַרימען און זאָגן אַז איך בין געווען אַ חכם אָדער אַ נביא. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז איך האָב געהאַט אַ וויטן קוק און איך האָב גלייך געזען, אַז פון פּוילן דאַרף מען וואָס גיכער אַוועקפאָרן, אַנטלויפן, ווייל דאָ שטיקט די לופט און די ערד ברענט אונטער די פיס. אָבער וווהין גייט מען? אין אַמעריקע איז פאַראַן אַ קוואָטע און עס איז כמעט אוממעגלעך אַריינ־צוקומען. אין אַרגענטינע האָב איך פריינד אָבער אַהינצו ווילט זיך מיר ניט פאָרן — עס איז צו וויט. איין מאָל לייען איך אין די בלעטער וועגן אַ לאַנד מעקסיקע וואָס געפינט זיך אין שכנות מיט אַמעריקע. קלער איך ניט לאַנג און גיי אַוועק אין דער ביאַליסטאָקער אָפּטיילונג פון „האיאָס" און איך דערצייל דעם סעקרעטאַר וואָס איך וויל טאָן׳ דאָס הייסט, איך וויל פאָרן קיין מעקסיקע.

— דאָס איז ניט קרום, — גיט ער מיר צו מוט — אָבער איין זאַך דאַרפסטו וויסן, אַז אויב דו וועסט בעטן אַן אויסלענדישן פּאַס וועט מען דיך אָננעמען

פאַר אַ טוריסט און דו ווערסט דאַרפן באַצאָלן פינף הונדערט זלאָטעס, וואָס דאָס באַטרעפט גאַנצע הונדערט דאָלער. אויב דו ווערסט אָבער קריגן פון דאָרטן פאַפירן, אַז מען פאָדערט דיר אַרויס פון דאַנען אויף אַרבעט וועסטו קריגן אַ פּאַס אומזיסט. פון דער דאָזיקער אינפאָרמאַציע האָב איך זיך דער־פילט ווי מע וואָלט מיך אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפל קאַלט וואַסער. — פּאַפירן... אדרבא, זאָגט אַליין, וואָס פאַר אַ קרוב מיינער וועט דאָרטן פלוצלונג געבוירן ווערן ער זאָל מיר שיקן פּאַפירן? אָבער איין מאָל פאַרקלערט עפּעס, לאָז איך ניט אַראָפּ די הענט. איך האָב אויסגעזוכט איינער אַ פרוי וואָס דער מאַן אירער איז געווען אין מעקסיקע און געבעטן ביי איר דעם מאַנס אַדרעס. די פרוי — אַ יונגע מיט אַ גאָלדענער נשמה האָט מיך לכתחילה שטאַרק באַ־דויערט, וואָס איך קלער אַוועקצופאָרן אין אַזאַ ווייט לאַנד און אויך איבערלאָזן דער פרוי מיט צוויי קינדער.

זי האָט מיר אָבער דעם אַדרעס געגעבן און אַ דאַנק דעם געפינען מיר זיך אין מעקסיקע. איך בין געקומען צו מיר אין שטיבעלע און גלייך זיך אַוועק־געזעצט צו שרייבן אַ בריוו צו אַן אומבאַקאַנטן יידן אין דער שטאָט טאַמפּאַ פון דער מדינה מעקסיקע. דאָס האָב איך יאָ געוווּסט, אַז אין דער דאָזיקער שטאָט געפינען זיך גרויסע באַפּטקוואַלן אָדער אויל ווי מען רופט עס אויף ענגליש. מיין ווייב, זאָל געזונט זיין, כאַפּט אַ קוק וואָס איך שרייב און קוועטשט מיט די באַרקעס. אַזאַ משוגעת גאָר האָט ער זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין. באַלד אָבער האָט זי זיך באַטראַכט, וואָס קען מען דאָ דערלייגן...

קיין לופּטפּאַסט איז נאָך דאַמאָלט ניט געווען — קריג איך אין זעקס וואָכן אַרום אַן ענטפער פון טאַמפּאַ, אַז דער בריוו מיינער האָט געמאַכט אַ געוואַל־דיקן רושם אויף אַלע דאָרטיקע יידן, ביי וועמען די בענקשאַפט נאָך דער אַמאָליקער היים וואָס זיי האָבן אָקערשט פאַרלאָזן איז געווען זייער שטאַרק. די יידן זיינען זיך צונויפגעקומען און זיי האָבן געהערט לייענען דעם בריוו מיינעם וואו עס איז געשילדערט געוואָרן די ביטערע יידישע לאַגע אין פוילן. מיין בריוו — שרייבט מיר דער אומבאַקאַנטער ייד האָבן זיי געהערט לייענען ווי אַ מגילה. ער שרייבט מיר אַז אין טאַמפּאַ איז אַ שרעקלעך הייסער קלימאַט און מע דאַרף גוט שוויצן איידער מע פאַרדינט אַ פּעזע. אָבער אויב איך וויל קומען אַהינצו, זאָל איך אַריינטראָגן צו דער פרוי אָקאָן צען דאָלער וועלן זיי מיר שיקן אַ פּאַפּיר, באַשטעטיקט דורך דעם פראַנצויזישן קאָנסול (קיין פוילישער מלוכה פאַרטרעטער איז נאָך דעמאָלט אין מעקסיקע ניט געווען). איך האָב געקראָגן צו לייען די ערשטע צען דאָלער און איך האָב געטאָן אַזוי ווי מען האָט מיר געהייסן.

גאָר אין גיכן איז צו מיר אָנגעקומען אַ פּאַפּיר אַז מע פאָדערט מיך אַרויס ווי אַ פאַכמאַן אין אַ פאָדעם פאַבריק. מיט דעם דאָזיקן פּאַפּיר האָב

איך אין צען טעג אַרום געקראָגן אַ כשרן פּאַספּאָרט און די גאַנצע וועלט איז געוואָרן פאַר מיר אָפן: איך קען שוין און איך מעג שוין פאָרן וואוהין איך וויל. נאָר... ביי שלום עליכמען איז פאַראַן אַ מעשה, ווי אַ ייד האָט זיך געשטעלט בויען אַ סוכה׳ האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז אַ חוץ אַ לאָקשנברעט מיט אַ ברייטער מולטער האָט ער ניט קיין אַנדער ברעטל אויפצושטעלן כאָטש איין וואַנט פון אַ סוכה. יאָ, איך האָב שוין אַ פּאַספּאָרט אין קעשענע, אַך וויל פאָרן און איך קען שוין פאָרן, אָבער מע דאַרף דאָך האָבן מיט וואָס. איך האָב ווידער אָנגעגורט די לענדן מיינע, אויפגערודערט און צעוואַרעמט דער גאַנצער משפחה מיינער און מיט גרויסע שוועריקייטן האָב איך צונויפגעקליבן אויף אַ שיפסקאַרטע. איך בין אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע און נאָך דעם ווי איך האָב איינגעצאָלט אויף דער שיפסקאַרטע אין דער פראַנצויזישער שיפס־געזעלשאַפט אויף סענאַטאָרסקע 10 האָב איך דערזען, אַז עס איז מיר נאָך געבליבן 11 דאָלער אין קעשענע.

## ש י י נ ד ע ל ע

קומענדיק אין וואַרשע אויפן ווינער וואָקזאַל האָב איך געטראָפן פאַר־זאַמלט אַלע פּאַסאַזשירן. צווישן זיי האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אַ יונג ווייבעלע, רייך געקליידט, מיט אַ קינד פון דריי חדשים אויף די הענט... שיינדעלע האָט מען איר גערופן און זי פאָרט אויך קיין מעקסיקע. איך האָב אויך באַמערקט, אַז אַ גרויסע משפחה — און ווי עס זעט אויס אַלע פאַר־מעגלעכע מענטשן — איז געקומען זי באַגלייטן. און אַזוי ווי שיינדעלע איז געווען באַלאָדן מיט גרויסע און קליינע שפּאָגל נייע טשעמאָדאַנעס און דערצו נאָך אַ קינד אויף די הענט און איך בלויז מיט אַ קליין רענצל׳ האָב איך דערפילט, אַז אויף מיר ליגט דער חוב צו שטיין ביי שיינדעלעס זייט און העלפן איר אַרויפגיין און אַראָפּגיין פון די באַנען ביז מיר זיינען אַרויפגעשטיגן אויף דער שיף „לאַפּאַיעט".

אָט זיינען מיר שוין אָפּגעפאָרן גאַנצע אַכט טעג און מיר האָבן געטרונ־קען פראַנצויזישן ווין ביי יעדן עסן. מיר האָבן שוין איבערגעקומען די ים־קראַנקהייטן אויך, דעם ים איז געוואָרן רואיק, די זון האָט אָנגעהויבן צו שיינען, עס איז געוואָרן וואַרעמער און מיר, אַלע פּאַסאַזשירן, האָבן זיך אויסגעזעצט אויבן אויפן דעק. מען האָט זיך געגומען באַקענען און אויס־פרעגן זיך איינער ביי אַנדערן צו וועמען מען פאָרט און וווהין מען פאָרט.

— און צו וועמען פאָרט איר, זאַבלודאָווסקי? — טוט מיר פלוצלונג אַ פרעג שיינדעלע.

— צו קיינעם ניט! — ענטפער איך — אַ פרעמדער ייד האָט מיר גע־שיקט פּאַפּירן, אָבער ער איז ניט מיינער קיין קרוב און איך וואָלט ניט געוואָלט

פאָרן צו אים. בעסער געזאָגט, איך האָב געוואָלט אָפּטאָן אויף טערקיש די יידן פון טאַמפּאַ און ווייזן זיי, אַז איך האָב זיך אַליין אַן עצה געגעבן וואָס צו טאָן.

דערהערט אַז איך האָב נעבעך קיינעם ניט צו וועמען צו פאָרן דערציילט מיר שיינדעלע, אַז זי פאָרט אין מעקסיקע אין אַ שטאָט סאַקאַטע צו איר מאַן און צו אַ ברודער. אָפּנעמען וועט איר קומען דער ברודער, אַ בחור וואָס איז שוין אין מעקסיקע דריי יאָר און דער מאַן אירער איז נאָך אַ גרינער, אין גאַנצן זעקס חדשים אין לאַנד. און אַזוי ווי לויט דעם ווי מען האָט איר געשריבן האָבן זיי דאָרט זעקס געשעפטן (נישט מער און נישט ווייניקער — עס איז אָבער געוואָן אויפן הימל אַ יאַריד — ווי איך וועל שפּעטער דערציילן). דאָרטן אַרבעט ביי זיי אַ בחור פון פּוילן, אָבער עס קען זיין, אַז זיי דאַרפן האָבן נאָך מענטשן. איין קליינינקייט׳ זעקס געשעפטן. זי זאָגט מיר צו אַז זי וועט איבעררעדן מיט איר ברודער און אפשר וועל איך גאָר פאָרן מיט זיי אין סאַקאַטע. איך האָב געענטפערט ניט יאָ און ניט ניין. אָבער אָט זיינען מיר שוין אין וועראַקרוז. איך ווייז מיינע פּאַפּירן און גיי גלייך אַראָפּ און שריי אויס דעם נאָמען זלמן סוראָוויטש אַזוי ווי שיינדעלע האָט מיר געהייסן. עס דערנענטערט זיך צו מיר אַ בחור מיט ברילן וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַן אַרטיסט און ענטפערט: — „אָט דאָס בין איך״! איך דערצייל אים, אַז איך פאָר מיט זיין שוועסטער פון וואַרשע אָן.

— אָ, זייער אַנגענעם! — ענטפערט ער מיר און באַלד גיט ער מיר צוויי גאָלדענע פּופּציקער און זאָגט: זייט אַזוי גוט, טראָגט עס אַרויף דער שוועסטער מיינער, אפשר וועט מען איר בעטן ווייזן געלט. מען האָט עס אָבער ניט געדאַרפט באַלד האָבן ברודער און שוועסטער זיך דערפרייט איינער מיטן אַנדערן און שיינדעלע זאָגט צו מיר שטילערהייט: איך זאָל אַ פרעג טאָן איר ברודער וועגן אַרבעט ביי אים אין די זעקס געשעפטן? איך נעם אַרויס די צען דאָלער וואָס איך האָב געהאַט אין קעשענע (איין דאָלער האָב איך אויסגעגעבן אויפן וועג און געקויפט פּאָמעראַנצן אין שפּאַניע), כ׳נעם זיך אָן מיט מוט און זאָג צו דעם שיינעם בחור: — זייט וויסן, מיסטער סוראָוויטש, אַז מיין גאַנץ פאַרמעגן איז צען דאָלער׳ נאָט איך זיי אַוועק! איך קום קיין מעקסיקע זוכן וואָס צו טאָן. איז אויב ביי אייך קען איך געפינען עפּעס אַ באַשעפטיקונג בין איך גרייט מיטצופאָרן אין אייער שטאָט, קיין נדבות פאַרלאַנג איך ניט, אי וועל טאָן אַלץ וואָס עס זאָל זיך ניט מאַכן כדי עפּעס צו פאַרדינען און קענען שיקן אַ פּאָר דאָלאַר מיין ווייב און קינדער.

דער בחור האָט צוגענומען ביי מיר די צען דאָלער און האָט אַ זאָג געטאָן צו מיר מיט אַ האַלבן מויל: — זייער גוט, איר וועט פאָרן מיט אונדז קיין סאַקאַטע און דאָרטן וועלן מיר שוין זען.

מיר זעצן זיך אַריין אין אַן אויטאָ און מיר פאַרפאָרן אין אַ האָטעל. זיי דינגען אַ צימער פאַר זיך און אַ צימער פאַר מיר. מע וואַשט זיך אָרום און מען גייט אַראָפּ עסן צוזאַמען.

— אפשר ווילט איר אַ פלאַש ביר צום עסן? — פרעגט מיך דער יונגער בחור.

— פאַרוואָס ניט? ענטפער איך.

אַלע וואָס זיינען געפאָרן צוזאַמען מיט אונדז אויף דער שיף שטעלן אַן מויל און אויערן און קוקן פאַרוואונדערט. — וואָס וועט איר זאָגן — ער האָט אין מעקסיקע קיינעם ניט און דאָ, נאָ דיר גאָר אַזאַ באַגעגעניש מיט אַזאַ אויפנאַמע.

אויף מאָרגן זיינען מיר אָנגעקומען אין דער מעקסיקאַנער הויפּטשטאָט. מיר האָבן ווידער גענומען צימערן אין אַ האָטעל, און מיר האָבן געגעסן צוזאַמען אין אַ רעסטאָראַן. איך האָב אַליין זיך ניט געגלויבט.

עס איז געווען אין חודש יאַנואַר 1926. אין דער הויפּטשטאָט איז דעמאָלט געווען אַ קאַרנאַוואַל. איז זלמנקע מיט שיינדעלען געבליבן עטלעכע טעג מערער אין דער הויפּטשטאָט כדי זיך צוצוקוקן צו דער טשעקאַווער פאַרוויילונג או מיך האָט מען אָפּגעשיקט מיטן גאַנצן באַגאַזש קיין סאַקאָטע. זלמנקע האָט מיר געקויפט אַ בילעט און ער האָט מיך אַריינגעזעצט אין באַן. ער האָט מיר אויך געגעבן זיינס אַ וויזיט־קאַרטל מיט אַ זילבערנע פּעזע און צו מיר אַזוי געזאָגט: „ווען מען וועט אויסרופן סאַקאָטע זאָלט איר אַראָפּגיין און געבן די פּעזע מיט דער וויזיט־קאַרטל צו איינעם פון די טאַקסיס וואָס שטייען לעבן וואָקזאַל און ער וועט אייך שוין אָוועקפירן צו מיר אין שטוב.

די רייזע מיטן באַן האָט געדויערט צוואַנציק שעה און עס איז געווען אַ גליק וואָס שיינדעלע האָט מיר מיטגעגעבן אַ גאַנצן בייטל מיט סוכאַרעס און קעז און געשמאַקע קיכעלעך וואָס זי האָט איינגעקויפט אין מעקסיקע־סיטי.

אויפן צווייטן טאָג, פיר אַ זייגער אין דער פרי, הער איך ווי מען רופט אויס „סאַקאָטע". בין איך אַראָפּ פון באַן און געטאָן ווי מען האָט מיר געהייסן. און אָט שטיי איך שוין און קלאַפּ אין דער טיר פון זלמנקעס דירה. עס עפנט זיך די טיר און אימיצער רעדט עפּעס צו מיר אויף שפּאַניש, בעט איך אים ער זאָל רעדן יידיש און איך דערצייל אים אַז איך בין געקומען מיט שיינדעלען פון וואַרשע און זלמנקע האָט מיך געשיקט אַהער. — „וואָס איז ער משוגע? צו וואָס דאַרף ער אייך דאָ"? — דערהער איך אַ וואַרשעווער יידישן לשון פון אַ הויכן דאַרן בחור' וועלכער האָט אַ פאַרשלאָפענער מיר געעפנט די טיר. דער דאָזיקער קבלת־פּנים איז מיר ניט אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן. דאָס בחורל האָט ניט געלאָזט ריידן צו זיך; ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ בעטל מיט אַ קאָלדרע און מיר געהייסן זיך לייגן שלאָפן. — שמועסן

וועלן מיר מאָרגן — האָט ער אַרויסגעזייט צווישן די ציין. מאָרגן האָט ער שוין ניט געדאַרפט שמועסן מיט מיר. איך האָב שוין אַליין גלייך דערזען אַז פון אַלע זעקס געשעפטן איז קיין איינער ניטאָ. אין אַ וואָך אַרום איז געקומען שיינדעלע און זי האָט אויך באַלד דערזען דעם בראָך. וואָס פאַר אַ געשעפטן, ווען געשעפטן. מען האָט אַנגעכאַפּט סחורה וואו און ביי וועמען עס האָט זיך נאָר געלאָזן, מען האָט עס צעטיילט אין שטאָט און אַרום שטאָט און דאָס וואָס מען האָט קאָברירט אַ טאָג האָט ניט געסטייעט אויף צום עסן צו זאָט. שיינדעלע איז געוואָרן זייער פאַרביטערט און זי האָט באַדויערט וואָס איך בין פאַרקראָכן אַהער. איך האָב זי באַרואיקט און געזאָגט אַז פאַר מיר זאָל זי ניט זאָרגן, איך וועל דאָ לאַנג ניט בלייבן. איך בין געווען זיכער אין דעם ווייל מיט אַ טאָג פריער האָב איך שוין צעשיקט בריוו און דערציילט וואָס מיט מיר איז געשען.

אין דריי טעג אַרום האָב איך געקראָגן צוויי ענטפערס, איינער פון סאָלאָמאָן קאַהאַן, אַז איך זאָל קומען צו אים קיין מעקסיקע סיטי, ער וועט מיט מיר לערנען שפּאַניש און שפּעטער וועט מען געפינען פאַר מיר עפּעס אַ באַשעפ־טיקונג: צום בריוו זיינען געווען צוגעלייגט 20 פּעזעס.

פון טאַמפּאַ ווידער האָב איך געקראָגן 25 פּעזעס מיט אַ לענגערן בריוו אין וועלכן מען דרייט מיר אָן שטאַרק פאַרן אויער און זיי פאַרשיטן מיך מיט גערעכטע פראַגעס — ווו בין איך אַהינגעקומען? — זיי האָבן דאָך געוואָרט אויף מיר, וואָס איז מיט מיר געשען, צו וואָס בין איך געפאָרן קיין סאָקאָטע. נאָך שענער, — שרייבן זיי מיר, אַזוי ווי זיי האָבן מורא געהאַט אַז איך וועל האָבן שוועריקייטן ביים אַראָפּגיין פון שיף; האָבן זיי אַרויסגעשיקט קיין וועראַקרוז טעלעגראַפיש 100 דאָלער. נו, מילא — גיבן זיי צו — אַבי דער חתן האָט זיך שוין געפונען. — קומט שוין צו פאָרן, פאַר זיך וועט איר באַלד פאַרדינען, שפּעטער וועט מען זען.
פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן פריער קיין טאַמפּאַ און אויב דאָרטן וועט ניט טויגן וועל איך פאָרן אין דער הויפּטשטאָט.

איך האָב געמוזט צופאָרן קיין סאַן לואיס פּאָטאָסי און דאָרטן וואַרטן אויף אַ צווייטער באַן. בין איך דערווייל אַרויס באַטראַכטן די שטאָט און ווי איך שפּאַציר אַזוי אויף איינער פון די דאָרטיקן גאַסן, שטעלט מיך אָפּ אַ מענטש און זאָגט מיר אַז ער האָט מיך גלייך דערקענט. דאָס איז געווען דער ביאַליסטאָקער נפתלי אַש ע״ה. ער האָט מיך אַריינגעפירט צו טביה סאָדן ע״ה אין שטוב אַריין וואו איך האָב שוין געגעסן וועטשערע און אויך איבערגע־נעכטיקט. זיי האָבן זיך שטאַרק געבעטן ביי מיר, איך זאָל בלייבן אין סאַן לואיס פּאָטאָסי — איך האָב אָבער ניט געוואָלט און אויפן צווייטן טאָג אין אָוונט בין איך אָנגעקומען אין טאַמפּאַ וואו איך האָב געלעבט דריי מאָנאַטן

צייט. איך האָב געאַרבעט ביי די אַקאַנס, אין אַ געשעפט פון מעטאַלן. דער פּלאַן איז געווען אַז ווען איך וועל זיך אויסלערנען די בראַנזשע וועט מען פאַר מיר עפענען אַן אָפּטיילונג אין מאָנטעריי. צוליב געוויסע ניט פאַרויס־גזעענע סיבות האָט מען אָבער דאָס ניט געקענט דורכפירן און אַזוי ווי איך האָב נאָך דערצו ניט געקענט פאַרטראָגן דעם שווערן קלימאַט פון טאַמפּאַ, האָב איך גענומען דאָס פּעקל מיטן זעקל און בין אַוועקגעפאָרן אין דער הויפּטשטאָט.

## אין מעקסיקע סיטי

די ברידער סוראַסקי האָבן דאָרטן געהאַט צוויי פאַבריקן; איינע פון קונסטוואָל אָדער שאָדע ווי מען רופט עס׳ און אַ צווייטע פאַבריק פון בעטן און מאַטראַצן.

איך בין גלייך אַריין אַרבעטן אין דער ערשטער פאַבריק. כ׳האָב פאַר־דינט 15 פּעזאָס אַ וואָך און שפּעטער האָט מען מיר געהעכערט אויף 20 פּעזאָס. די פאַבריקן זיינען געווען איינע לעבן די אַנדערע און אַ פּלאַץ צו נעכטיקן האָב איך געהאַט אין דער פאַבריק פון בעטן. געגעסן האָב איך אין אַ ביליקן מעקסיקאַנער רעסטאָראַן און איך האָב אַזוי אויסגעשפּעקולירט, אַז עס זאָל מיר ניט אַוועקגיין מערער ווי 5 פּעזאָס וואָך. דאָס עסן איז דעמאָלט געווען אין מעקסיקע שפּאָט ביליק. האָב איך טאַקע יעדע וואָך אָפּגעשפּאָרט 5 דאָלאַר און זיי געשיקט אַ היים.

איצט וויל איך דערציילן וואָס עס איז געווען מיין אַרבעט ביי סוראַסקין אין פאַבריק. איך האָב געדאַרפט מיטפאָרן מיטן באַלעגאָלע און אים אונטעריאָגן ער זאָל זיין רירעוודיקער און מאַכן מערער ווי איין רייזע במשך פונעם טאָג ווי ער האָט עס געטאָן ביז איצט. אין אָנהייב האָט זיך עס מיר ניט איינגעגעבן. באַלד אָבער האָב איך געקויפט דעם באַלעגאָלע פאַר עטלעכע סענט צוקערקעס, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט און פון דעם טאָג אָן האָט דאָס פערדל גענומען לויפן אַזוי ווי אַן אָדלער און מיר האָבן שוין געמאַכט פיר־פינף רייזעס אַ טאָג. שפּעטער ווען איך האָב שוין געקענט די גאַסן פון מעקסיקע, האָב איך אויסגעפונען, אַז דער באַלעגאָלע האָט זיך די ערשטע וואָכן אַרומגעדרייט מיט מיר איבערן שטאָט אָן אַ פּאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען, נאָר גלאַט אַזוי זיך אַבי די צייט זאָל אַוועקגיין.

## איך ברענג אַריבער מיין פאַמיליע

אין אַ פּאָר חדשים אַרום באַשליס איך אַז כדי צו זיין מיט אַ גאַנצן קאָפּ אין מעקסיקע דאַרף איך וואָס גיכער אַריבערברענגען מיין פאַמיליע.

באַקאַנטע האָבן מיך אָנגעקוקט. וואָס גיי איך דאָ טאָן, וואָס וועל איך

זיי געבן עסן? אָבער איין מאָל פאַרטראַכט עפּעס לייג איך דאָס ניט אָפּ, נאָר גערעדט און געטאָן. איך בין אַוועק אין „בני־ברית" און געכאַפּט אַ שמועס וועגן דעם מיטן דירעקטאָר ה' וויינבערגער. ער האָט מיך אויסגעהערט, פאַרצייכנט מיין נאָמען און די נעמען פון די פּערזאָנען וואָס קענען מיך און געהייסן קומען מאָרגן. אויפן צווייטן טאָג זיינען שוין געווען צוגעגרייט וועקסלען צום אונטערשרייבן און דעם זעלבן טאָג האָב איך גלייך געקראָגן שיפסקאַרטן אויף אויסצוצאָלן. איך קום צו גיין און דערצייל עס סוראַסקין און גיב אים צו דערקלערן אַז מיט שיפסקאַרטן אַליין קען נאָך מיין פרוי מיט די קינדער ניט קומען. זי מוז דאָך האָבן עפּעס געלט אויך׳ ווייל די שיף שטייט דאָך ניט אין ביאַליסטאָק לעבן וואָקזאַל; מען דאַרף דאָך פאָרן צו איר הונדערטער מיילן וייט. סוראַסקי לאָזט מיך ניט פאַרענדיקן און בעט מיך איך זאָל ריידן קלאָרע דיבורים. וויפל דאַרף זי האָבן? — איך מיין אַז מיט אַ הונדערט און פופציק דאָלער וועט זי קענען קומען — ענטפער איך און דערשרעק זיך אַליין פאַר מיינע ווערטער. סוראַסקי רעדט גאָרניט, נעמט אַרויס דריי הונדערט פּעזעס און גיט מיר; דערביי רוקט ער מיר אונטער אַ פּשוטע שטיקל פּאַפּיר, איך זאָל אונטערשרייבן. איך האָב אַריינגעלייגט דאָס געלט אין קעשענע און איך האָב זיך דערפילט שטייפער. צו מיינע באַקאַנטע האָב איך געזאָגט אַז דער סוראַסקי איז אַ ייד אַ סוחר, ער ווייסט דאָך וויפל איך פאַרדין און וואָס איך פאַרמאָג. איז אויב ער לייט מיר אַזאַ סומע געלט מוז ער זיך פאַרזיכערן אַז איך זאָל די סומע אים קענען אָפּגעבן.

ריכטיק צום יאָר איז געקומען מיין פאַמיליע. איך האָב צוגעגרייט פאַר זיי אַ דירה פאַר וועלכער איך האָב געצאָלט 20 פּעזעס אַ חודש. געקויפט אַ שאַפקע, בעטן מיט מאַטראַצן, אַ טישל מיט אַ פּאָר שטולן. די בעטן און מאַטראַצן האָב איך גענומען דערווייל אָן געלט ביי סוראַסקין אין פאַבריק. און אָט אַזוי בין איך געוואָרן אַ מעקסיקאַנער תושב.

## איך ווער אַן אויפקויפער פון שטיקלעך

קומענדיק צוריק פון וועראַקרוז וואו איך בין געפאָרן אָראָפּנעמען מיין משפחה פון שיף בין איך אויפן צווייטן טאָג אַוועק צו דער אַרבעט. אויפן הויף פון דער פאַבריק באַגעגענען איך סוראַסקין און איך פרעג אים, וואָס הערט זיך עפּעס וועגן פּרנסה, וואָס זאָל איך איצט טאָן? רופט ער מיך אַריין צו זיך אין קאַבינעט און ער דערציילט מיר אַזאַ מין סאָרט מעשה:

— איך ווייס גאַנץ גוט, אַז מיט 20 פּעזעס אַ וואָך קען מען ניט אויסקומען׳ אָבער איר זעט דאָך גאַנץ גוט אַז דאָ אין דער פאַבריק קען מען ניט פּראָגרעסירן; עס איז פּשוט ניטאָ וואָס צו טאָן. די מאַשינען רייסן און גרייטן צו די סחורה, עטלעכע אַרבעטער פּאַקן דאָס און מע פירט עס אַוועק צו די

קונדן און פּטור. ווען איך מיט מיינע ברידער זיינען געקומען מיט צען יאָר צוריק קיין מעקסיקע, זענען מיר ביידע אַרויס און האָבן אויפגעקויפט די שטיקלעך סחורה אין די שניידערייען און פאַבריקלעך פון וועש און קליידער. דעמאָלט זיינען נאָך געווען גאָר ווייניק אַזעלכע פאַבריקלעך, ביי היינטיקן טאָג אָבער, זיינען שוין פאַראַן אַ סך מערער. גייט איר אויך אַרויס, קויפט צונויף די דאָזיקע שטיקלעך סחורה און איך וועל זיי ביי אייך אָפּקויפן.

און נאָך זאָגט ער מיר: — איינער אַ מעקסיקאַנער פאַרקויפט מיר אַזעלכע שטיקלעך און מאַכט זיך זיין פּרנסה, אָבער אַ ייד איז רירעוודיקער. איר וועט קענען בעסער קויפן און מערער קויפן און איך וועל אייך צאָלן אַ פּאָר סענט מערער ווי אַן אַנדערן.

ווי איך האָב דאָס דערהערט, בין איך געבליבן זיצן אַ צעטומלטער און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. באַלד אָבער קום איך צו זיך און גיב סוראַסקין צו דערקלערן פאַר וואָס דער פּלאַן געפעלט מיר ניט. איך האָב זיך דאָ אַזוי פיל פאַרשולדיקט, און בכדי איך זאָל קענען מיינע חובות באַצאָלן אין צייט, וואָלט גוט געווען ווען איך וואָלט געהאַט אַ באַשטימטן וועכנטלעכן פאַרדינסט. איך וואָלט געוווסט וויפל איך דאַרף פאַרלעבן און וויפל איך דאַרף אָפּשפאָרן אויף צו באַצאָלן מיינע חובות, אָבער אַז איר הייסט מיר גיין טאַפּן אַ וואַנט און זוכן, ווי מען זאָגט, דעם ווינט אין פעלד, דערפאַר שרעק איך זיך. סוראַסקי האָט מיך באַרואיקט און דאָס וואָס ער האָט מיר ווייטער געזאָגט קען דינען ווי אַביישפּיל ווי אַזוי מען זאָל געבן אַ צווייטן מענטשן אַ שטויס און העלפן אים זיך שטעלן אויף די אייגענע פיס און שאַפן פאַר זיך אַן עקזיסטענץ.

— וואָס האָסטו מורא — האָט שוין סוראַסקי אָנגעהויבן צו ריידן צו מיר אויף „דו" ווי די אַמעריקאַנער זיינען געוווינט — דו מיינסט אַז דו וועסט ניט פאַרדינען די 20 פּעזעס אַ וואָך וואָס דו פאַרדינסט ביי מיר; גיי אַרויס, הויב אָן צו אַרבעטן און שבת זאָלסטו מיר זאָגן וויפל דו האָסט פאַרדינט און אויב עס וועט דיר צופעלן צו די 20 פּעזעס וועל איך עס דיר דערלייגן. דאָס האָט מיר צוגעגעבן מוט און איך בין אַרויס מיט אַ זעקל אונטערן אָרעם אויפקויפן שטיקלעך. דעם ערשטן שבת האָב איך געמאַכט דעם חשבון, אַז איך האָב פאַרדינט 17 פּעזעס און סוראַסקי האָט מיר דערלייגט די 3 פּעזעס. די צווייטע וואָך בין איך אַרויס גלייך אויף גלייך, די דריטע וואָך האָב איך שוין ניט דערציילט וויפל איך האָב פאַרדינט' ווייל אַזוי ווי ער קויפט אָפּ ביי מיר די סחורה, איז אַ סך געזינטער אַז ער וועט ניט וויסן וויפל איך פאַרדין.

מיט דער צייט האָט זיך ביי מיר אָנגעקליבן גרעסערע שטיקער סחורה און אויך דעפעקטירטע זאָקן, האָב איך געדונגען אַ בודקע אויפן מאַרק אַנטקעגן מיין שטוב און דאָרטן פלעג איך עס פאַרקויפן אין די פרימאָרגנס. שפּעטער

האָב איך שוין געעפנט אַן אָפן געשעפט פון „רעשטן" אין דער געגנט פון די מאַנופאַקטור געשעפטן לעבן מערסעד.

מיר זיינען דאָרט געשטאַנען אַ סך יאָרן, געמאַכט אַ לעבן און געשפּאָרט אַ פּעזע. דאָ מוז איך מודה זיין, אַז מיין פרוי, זאָל געזונט זיין, האָט געאַרבעט אַ סך שווערער פון מיר. זי איז געווען אַן אויסגעצייכנטע פאַרקויפערין. איז עמיצער אַריינגעקומען אין געשעפט און האָט אפילו ניט אין זינען געהאַט עפּעס צו קויפן, איז ער שוין מיט ליידיקן ניט אַרויסגעגאַנגען. דערצו נאָך דאַרף מען ניט פאַרגעסן אַז זי האָט נאָך אויך געדאַרפט אַכטונג געבן אויף אַ שטוב און אויף דריי קינדער; מעגט איר טאַקע זאָגן נאָך אַ מאָל, אַז איך האָב אַ ווייב אַ גרויסע בריה און אַ חכמה — קיין בייז אויג זאָל איר ניט שאַטן׳ זאָל זי געזונט און שטאַרק זיין און לאָמיר זיך עלטערן צוזאַמען אין נחת און אין פריידן ביז 120 יאָר.

דאָס געשעפט האָבן מיר געהאַלטן עטלעכע צענדליק יאָר ביז אונדזער עלטערער זון אַברהם האָט אָנגעהויבן שטודירן אַרכיטעקטור און גלייכצייטיק גענומען בויען אויף זיין אייגענעם חשבון הייזער. דעמאָלט האָב איך פאַרקויפט דאָס געשעפט און בין אָנגעקומען אַרבעטן מיט אים ביזן היינטיקן טאָג אין די בוי־אונטערנעמונגען, וואָס האָבן זיך שטאַרק אַנטוויקלט און פונאַנדערגעוואַקסן.

## זייט באַקאַנט!

אין די וויטערדיקע זייטלעך פון מיינע זכרונות וועל איך פאַר איך פאַרשטעלן אַ טייל פון די מענטשן, וואָס איך האָב באַגעגנט אויף מיין נייעם לעבנסוועג אין מיין נייער מעקסיקאַנער היים.

צווישן זיי וועלן זיך געפינען אויסערגעוויינלעכע אינטערעסאַנטע טיפּן.

## זלמנקע

ווער איז ער געווען, און ווי קומט ער אין מעקסיקע?

איך דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין די יאָרן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע איז זלמנקע געווען אַ פאַרוואַלטער אָדער אַ „זשאַנדצע" — ווי מען האָט עס גערופן אין וואַרשע — פון עטלעכע הויפן אָדער „קאַמעניצעס" וואו עס האָבן געלעבט העכער הונדערט שכנים. ווי עס האָט זיך דעמאָלט געפירט, פלעגט זלמנקע דאַרפן גיין אין דעם דייטשישן אַפּראָוויזאַציע־אַמט אָפּנעמען פאַר אַלע שכנים די שפּייזקאַרטן אויף וועלכע מען האָט געקראָגן ברויט, צוקער און אַנדערע ראַציאָנירטע שפּייזן. איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, אָבער די קאַרטן זיינען ניט דערגאַנגען צו די שכנים פאַר וועמען זיי זיינען געווען באַשטימט און זיי, די שכנים׳ האָבן צוליב דעם

אונטערגעהונגערט. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דאָס עסנוואַרג וואָס מען האָט געקראָגן פאַר אַזוי פיל קאַרטן איז ווערט געווען אַ מאַיאָנטעק מיט געלט. אַזוי ווי די שכנים האָבן געטראָגן אויף זלמנקען אַ כעס און ער האָט געוואוסט אַז זיי וועלן אים ניט געבן אַ קוש דערפאַר, איז ער אַ טאָג נאָכן קריג אַנטלאָפן קיין דייטשלאַנד און פון דאָרטן אַוועקגעפאָרן קיין מעקסיקע וואו ער האָט אויפגעבויט אין דער לופטן „זעקס" געשעפטן פון שפּינוועבס.

## שיינדעלע מיט כאַצקעלען

דאָ וועל איך אייך דערציילן ווי אַזוי כאַצקעלע איז געוואָרן שיינדעלעס חתן און ווי אַזוי דער שידוך איז געוואָרן געשלאָסן. (ווי עס זינגט זיך אין אַ פאָלקסליד).

אין וואַרשע, אויף דעם ראָג פון מאַקאָווער גאַס האָט זיך געפונען שיינמאַנס באַרימטער רעסטאָראַן. און אָט דער שיינמאַן האָט געהאַט אַ בן־יחידל וואָס האָט געהייסן כאַצקעלע און איז געווען דאָס אמתע צאַצקעלע. פון קינדווייז אָן האָט מען געזען אַז קיין לייט וועט שוין פון אים ניט אַרויסקומען; לערנען האָט ער ניט געוואָלט און ער האָט אויך ניט געקענט, מיט אַלע יינגלעך אויפן הויף האָט ער זיך געשלאָגן און אַ גאַנצן טאָג האָט ער זיך געשפּילט אין טויבן. אָט אַזוי האָט ער געלעבט, ער איז אויסגעוואַקסן און איז געוואָרן אַ בחור.

לעבן שיינמאַנס רעסטאָראַן איז געשטאַנען אַן אָרעמער ייד מיט אַ וועגעלע און פאַרקויפט פּרוכט. דער ייד האָט געהאַט צוויי קינדער, אַ זון זלמנקע, און אַ זיסע מיידעלע שיינדעלע פון אַ יאָר 16־17 וועלכע האָט צוגעהאָלפן דעם טאַטן פאַרקויפן פון וועגעלע די עפּל מיט די באַרנעם.

דעם רעסטאָראַנטשיקס תכשיט איז געווען אין די זעלבע יאָרן וואָס שיינדעלע און ווי נאָר ער האָט געכאַפּט דעם ערשטן קוק אויף דער מיידעלע מיט די רויטע בעקעלעך האָט אים אַ ברען געטאָן אין האַרצן און ער האָט זיך פאַרליבט אין איר איבער די אויערן. אין אַ יאָר אַרום האָבן זיי חתונה געהאַט. באַלד אָבער האָט מען כאַצקעלען דעם ליכטיקן פאַרשוין׳ גערופן פאַר אַ סאָלדאַט; האָט ער זיך באַקלערט, צו וואָס דאַרף ער גיין דינען, ער וועט בעסער פאָרן אין מעקסיקע צו זיין שוואָגער זלמנקע. האָט ער זיך צוקושט מיט שיינדעלען וועלכע האָט שוין געטראָגן אַ קינד אין בויך. און אַוועק פון וואַרשע.

ער איז אָנגעקומען אין דער שטאָט „סאַקאַטעַ", וואו מען האָט אים נייטיק געדאַרפט האָבן אַזוי ווי אַ לאָך אין קאָפּ און אין אַכט־ניין חדשים אַרום איז שיינדעלע געפאָרן צו דעם ליכטיקן שלימזלדיקן מאַן אירן און צו איר ברודער דעם גרויסן צעלייגער.

דוד זאַבלודאָווסקי

# ג׳וטשע

אָט דעם נאָמען הערט איר געוויס צום ערשטן מאָל, טאָ זייט וויסן, אַז אַזוי האָט מען גערופן זלמנקעס כלה וואָס ער האָט אַריבערגענומען פון וואַרשע און אָט די גוטשע האָט איבערגעלעבט אין מעקסיקע אַ שרעקלעכע דראַמע פון וועלכער זי איז שפּעטער געגאַנגען פון דער וועלט יונגערהייט.

באַקענט האָט זיך זלמנקע מיט איר אויף דעם הויף אויף וועלכן ער האָט געוווינט. גיך האָבן זיי זיך געגעבן דאָס וואָרט און געשוואָרן אייביקע ליבע. קומענדיק קיין מעקסיקע האָט ער זיך די ערשטע יאָרן גאַנץ אָפּט מיט איר זיך דורכגעשריבן. שפּעטער אָבער האָט זיך די ליבע אַ ביסל אָפּגעקילט אָט ווי עס זינגט זיך אין דעם לידל:

„אַ ליבע צו פירן איז טאַקע כדי
אָבער וועןביידע זיינען דאָ דערביי״.

ווען כאַצקעלע האָט באַשלאָסן אַריבערצונעמען שיינדעלען קיין מעקסיקע, האָט זלמנקען אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן און ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז מען דאַרף אויך אַריבערנעמען גוטשען, דער כלה זיינער קיין מעקסיקע. ער האָט שטאַרקער אַ דריי געטאָן דאָס רעדל און איינס און צוויי איז געשאַפן געוואָרן אַ שיפסקאַרטע מיט געלט אויף הוצאות און דערצו נאָך עטלעכע צענדליק דאָלער׳ אַז גוטשע די כלה זיינע זאָל זיך שיין אויסקליידן.

שיינדעלע מיט גוטשען האָבן געזאָלט קומען אויף איין שיף, האָט זיך אָבער אַריינגעמישט דער שאָטן און אַ וואָך פאַרן אַרויספאָרן האָבן זיך שיינדעלע מיט גוטשען אַזוי שטאַרק זיך צעקריגט אַז מען האָט זיך פשוט איינע מיט דער אַנדערער געריסן פאַר די האָר.

פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן שוין ביידע צוזאַמען ניט געקענט פאָרן, איז שיינדעלע אַוועקגעפאָרן פריער און דעמאָלט האָבן מיר זיך געטראָפן אויף דער שיף און פאַר דער שיף ווי איך האָב עס שוין פריער באַשריבן, און גוטשע איז געקומען מיט אַ חודש שפּעטער.

אין פיר וואָכן אַרום איז זלמנקע נאָך אַ מאָל געפאָרן קיין וועראַקרוז אַראָפּנעמען זיין כלה. און דאָ הייבט זיך אָן די טראַגעדיע: זלמנקע האַלט אין האַנט זיין כלהס פאָטאָגראַפיע וואָס ער האָט געהאַט פון יאָרן צוריק. ער קוקט אין דער הויך און שרייט אַרויף אויפן דעק פון שיף: גוטשע, גוטשע! עס רופט זיך אָפּ אַ מיידל: — זלמנקע, דאָס בין איך! זלמנקע קוקט און קוקט, איין מאָל און נאָך אַ מאָל — עס איז דאָך ניט די זעלביקע גוטשע וועלכע ער האָט געקענט !?!

אַי, עס איז דאָך אַוועק שוין אַכט יאָר׳ און אַ מענטש עלטערט זיך און ער ענדערט זיך — דאָס האָט זלמנקע ניט געוואָלט וויסן. ווייל וואָלט ער געווען פעאיק צו קלערן און באַטראַכטן וואָס ער טוט, וואָלט ער דאָך ניט געווען אַ

„פלוט״. אַ וואַסער קאַפּ. זלמנקע האָט באַשלאָסן אַז ניין, אָט די גוטשע געפעלט אים ניט. און וואָלט ער געהאַט געלט, וואָלט ער איר גלייך אָפּגעשיקט מיט דער זעלביקער שיף צוריק אַ היים קיין וואַרשע. אָבער אַזוי ווי ער האָט נאָך ניט באַצאָלט פאַר דער שיפסקאַרטע מיט וועלכער זי איז געקומען, האָט ער געמוזט זי אַרונטערנעמען פון שיף און געמוזט מיט איר גלייך אויף דער שיף חתונה האָבן, ווייל אַזוי איז געווען דאָס דאַמאָלסטדיקע געזעץ אין מעקסיקע.

זלמנקע האָט זי אַוועקגעפירט אין סאַקאַטע, ער האָט איר אָנגעוויזן איר צימער וואו זי איז געבליבן זיצן איינע אַליין און ער, דער לייטישער מאַן האָט זיך אַרויפגעכאַפּט רייטנדיק אויף זיין פערד׳ איז אַוועקגעפאָרן אין די נאָנטע דערפער, כלומרשט אויפצומאָנען געלט ביי זיינע קונדן. — און ווער ווייס, אפשר האָט ער דאָרט געהאַט באַקאַנטע שיקסעס אויך.

איצט שטעלט זיך נאָר פאַר אויף איין מינוט די טראַגעדיע פון אַ מיידל, וואָס אַ חתן האָט זי אַראָפּגעבראַכט אין אַ פרעמד לאַנד און ער האָט זי גלייך פאַרלאָזן; די שפּראַך קען זי ניט, קיין סענט אין קעשענע האָט זי ניט, מיט איר אַזוי גערופענער שוועגערין, מיט שיינדעלען, איז מע צעקריגט אויף מעסערשטעך, קיין צווייטע יידישע שטוב איז דאָרטן ניטאָ. כאָטש גוט נאָך׳ וואָס אַ דינסט טראָגט איר אַריין אין צימער עסן. איך פלעג אָפּט אַריינקומען צו גוטשען אין צימער און עס איז געווען אַ צער צוצוקוקן אין וואָס פאַר אַ טראַגישער לאַגע זי האָט זיך געפונען. זי האָט זיך פאַר מיר אָפּט אויסגע־וויינט, זי האָט נאָס געמאַכט מיט אירע טרערן דאָס פויליש־שפּאַנישע לערנבוך פון וועלכן זי האָט זיך געלערנט שפּאַניש. איך האָב איר גאָרניט געקענט אַרויסהעלפן, מיין לאַגע איז אויך ניט געווען זייער צו גוט און דאָ האָב איך געמוזט אויך קלערן וועגן זיך ווי אַזוי צו קירעווען מיין אייגן לעבן און זיך היטן, אַז איך זאָל ניט אַראָפּגיין פון די רעלסן.

איך בין אַוועקגעפאָרן אין טאַמפּאַ און שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אין דער שטאָט מעקסיקע האָב איך זיך דערוווסט וואָס עס איז געוואָרן דער סוף פון די פיר העלדן פון דער טראַגעדיע „סאַקאַטע״. זלמנקע האָט זיך אַזוי פאַרדרייט מיט וועקסלען און מיט פאַלשע טשעקן, אַז ער האָט געמוזט אַנטלויפן קיין קובאַ און פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט געמוזט מיטנעמען מיט זיך זיין שוועסטער שיינדעלע מיט איר מאַן דעם גאָרניט. וואָס עס איז געוואָרן פון זיי אין קובאַ איז מיר ניט באַקאַנט. גוטשע ווידער, האָט אַרויסגערופן אירן אַ ברודער פון פילאַדעלפיע. און כאָטש דער ברודער אירער איז ניט געווען קיין פאַרמעגלעכער מענטש׳ האָט ער באַשלאָסן צו ראַטעווען זיין שוועסטער. זלמנקע האָט אים צוגעשטעלט אַ רעכענונג וויפל עס האָט אים אָפּגעקאָסט די כלה זיינע, גוטשע. — און אפשר האָט ער אויך גענומען אַ באַלוינונג פאַר זיין ערלעכקייט, דאָס הייסט דערפאַר וואָס ער האָט גוטשען ניט אָנגערירט.

דער ברודער האָט געמוזט באַצאָלן ווי אַ טאַטע דאָס אויסלייז־געלט וואָס זלמנקע האָט פון אים געפאָדערט און גוטשע איז געקומען אין דעד שטאָט מעקסיקע.

איך ווייס ניט ווי די גוטשע האָט אויסגעזען אין וואַרשע, אָבער דאָ, נאָך דער טראַגעדיע איז זי גראָ געוואָרן פאַר דער צייט און זי איז אין גאַנצן פסיכיש צעבראָכן געוואָרן. זי האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי אַן אַלטער מעק־סיקאַנער פרוי אין אַ צימער און זי האָט זיך אויסגעהאַלטן פון עפּעס אַ פּאָמאַדע, אַ קרעמאַ, וואָס זי פלעגט מאַכן און זי פלעגט עס פאַרקויפן צו דינסט־מיידלעך. וויפל מאָל איך פלעג זיך מיט איר טרעפן פלעג איך זי בעטן, אַז זי זאָל אַרויפקומען צו מיר אין שטוב אָדער זי זאָל צוקומען אין די אָוונטן אין טאַקובאַ 15. זי פלעגט מיר קוקן אין די אויגן, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ׳ ניט געענטפערט קיין וואָרט און איז אַוועקגעגאַנגען.

וואָס איר סוף איז געווען, איז מיר ניט באַקאַנט, אָבער עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן.

# ק אָ פּ ע ל ע

אַזוי האָט מען גערופן דאָס בחורל, וואָס האָט ניט געהאַט קיין חשק אַריינצולאָזן מיך צו זיך אין שטוב אַריין אין דער נאַכט, ווען איך בין אָנ־געקומען אין דער געבענטשטער שטאָט „סאַקאַטע״. קאָפּעלע איז געקומען קיין מעקסיקע מיט דעם געדאַנק אַריבערצופאָרן וואָס גיכער צו זיינע צוויי ברידער קיין היוסטאָן, טעקסאַס, וואָס האָבן אים געשיקט העכער הונדערט דאָלער אויף הוצאות און אים געהייסן וואַרטן אויף די אַמעריקאַנער פּאַפּירן. דערוויל האָט ער, ווי אַ סך אַנדערע בחורים, גענומען האַנדלען מיט שטאָל־וואַרג און האָט פאַרבלאָנדזשעט קיין „סאַקאַטע״. דאָרט האָט ער זיך באַקאַנט מיט זלמנקען׳ וואָס האָט צוגענומען ביי אים די הונדערט דאָלער און האָט אים געמאַכט פאַר אַ שותף צו זיינע זעקס געשעפטן. אַזוי אַרום איז ער געבליבן איינגעלייגט אין „סאַקאַטע״ און האָט זיך ניט געקענט רירן פון אָרט. וואָס איז געוואָרן דער סוף פון דעם דאָזיקן קאָפּעלע ווייס איך ניט גענוי. אָבער עס איז ניט שווער צו טרעפן. געוויס האָבן אים די ברידער געשיקט נאָך אַ מאָל געלט און ער איז באַפרייט געוואָרן פון גלות־„סאַקאַטע״.

## ער וויל מיר פאַרקויפן אַ זילבער־מינע

אין איינעם אַ ליכטיקן זוניקן פרימאָרגן בין איך געזעסן אויף אַ באַנק אין דעם סאַקאַטער פּאַרק. האָט זיך צוגעזעצט לעבן מיר אַ מיטליאָריקער מאַן מיט אַ שווערן פאַרטפעל אונטערן אָרעם. ער האָט אויסגעזען ווי ניט

קיין ייד און ער הויבט טאַקע אָן צו ריידן צו מיר אויף ענגליש, זעט ער, אַז איך פאַרשטיי ניט, גייט ער באַלד אַריבער אויף שפּאַניש און אַז איך ענטפער אים ווידער ניט, בלייבט ער שטיל אַ ווײַלע און גיט אַ זאָג:

— אויב אַזוי זענט איר דאָך געוויס אַ ייד, טאָ וואָס שווייגט איר? נאַט אײַך דעם אמתן שלום עליכם!

דער מאַן, וואָס איז מיר ניט געפעלן געוואָרן פון דער ערשטער מינוט, הויבט מיר אָן צו דערציילן אַ געשיכטע אויף זיין גאַליציאַנער יידיש, אַז ער קומט אַליין פון שיקאַגע — ער איז שוין לאַנגע יאָרן אין אַמעריקע און דאָ אין „סאַקאַטע" האָט ער געקויפט צוזאַמען מיט אַ שותף אַ קריסט אַ זילבער־מינע. אַזוי ווי דער שותף זיינער איז אָבער אַ שיכור און וויל ניט אַרבעטן, וויל ער אים אַרויסצאָלן זיין חלק און ווערן פטור פון אים. בכן, צי וואָלט איך ניט געוואָלט אַריינגיין אין געשעפט אויף זייער גוטע באַדינגונגען: מען קען דערביי גאָר גיך רייך ווערן, אַיין קלייניקייט, אַ מינע פון זילבער. און טאַקע גלייך אויפן אָרט נעמט ער אַרויס פון זיין פּאָרטפעל צוויי שוואַרצע שטיינער און ווייזט מיר די זילבערנע בלישטשענדיקע פינטעלעך וואָס מיניען זיך אין די אויגן. ער נעמט אויך אַרויס אַ גרויסן דיקן פּאַפּיר און ווייזט מיר דעם אַנאַליז פון די שטיינער וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין אַ באַרימטער לאַבאָראַטאָריע. ער טייטלט מיט די פינגער און זאָגט:

— נאַ, קוק עס איז דיר צוגעשיקט געוואָרן אַן אוצר. דער דאָזיקער שטיין פאַרמאָגט 48 פּראָצענט זילבער, 32 פּראָצענט צינק און 20 פּראָצענט פאַרמאָגט עס גאָר אַ נייעם מעטאַל וואָס איז נאָך טייערער פון זילבער.

דער גאַליציאַנער ייד, דער באַלעבאָס פון דער מינע, האָט זיך גאָר גיך איבערצייגט אַז ער האָט ניט געטראָפן דאָס אָרט, ווייל איך האָב אים דערציילט אַז איך בין ערשט איצט געקומען צופאָרן פון פּוילן און דעם גאַנצן קאַפּיטאַל מיינעם, וואָס האָט באַטראָפן צען דאָלער׳ האָט שוין צוגענומען ביי מיר אַן אַנדער ייד פאַר אים. דער גאַליציאַנער בלאָפער האָט זיך מיט מיר געזעגנט און האָט מיר אַריינגעשטעקט אַ וויזיטקאַרטל מיטן אַדרעס פון זיין אָפיס אין שיקאַגאָ.

שפּעטער ווען איך בין געקומען אין „טאַמפּאַ" האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער אייגנטימער פון דער מינע איז שוין דאָרטן געווען און שוין „באַאַר־בעט" צוויי יידן וואָס זיינען אַריין מיט אים אין שותפות. זיי האָבן ניט איינגע־צאָלט דאָס גאַנצע געלט, נאָר זיי האָבן געגעבן דערווייל אַ געוויסע סומע האַנטגעלט. דער בעל־דבר האָט זיי צוגעזאָגט קומען אין אַ וואָך אַרום נעמען זיי ווייזן די מינע. איך גלויב אַז זיי וואַרטן נאָך אויף אים ביז היינטיקן טאָג און טראָגן זיך אַרום אין קעשענע מיט דעם פּאַפּיר, אַז זיי זיינען שותפים צו אַ זילבער־מינע.

ד ו ד  ז אַ ב ל ו ד אָ ו ו ס ק י

## לואיס אָקאַן פון דאַלאַס, טעקסאַס

לואיס אָקאַן איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער בחור. ער האָט זיך באַזעצט אין דאַלאַס, טעקסאַס, און האָט אָנגעהויבן צו פעדלען מיט אַלטע מעטאַלן, מיט „דזשאַנק" ווי מען רופט עס אין אַמעריקע. מיט דער צייט האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט און היינט איז ער שוין אַ ייד אַ בן־שמונים — דער גרעסטער סוחר פון דער בראַנזשע אין דאַלאַס־טעקסאַס.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פלעגט ער קומען אָפט קיין „טאַמפּאַ" און אויפקויפן די גאַניצטע מעטאַלן פון די נאַפט־קאָמפּאַניעס, וואָס האָבן געצאַפּט דעם נאַפט פון דער רייכער געגנט.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער אַראָפּגעבראַכט פון ביאַליסטאָק זיינעם אַ שוואָגער, ער האָט אים באַזעצט אין „טאַמפּאַ", געהייסן אים אויפקויפן מעטאַלן און שיקן זיי צו אים קיין דאַלאַס, טעקסאַס. אָט דער דאָזיקער לואיס אָקאַן איז אַ גוטער מענטש, אָן אַ גאַל און האָט טאַקע ליב צו טאָן יענעם אַ טובה. אַזוי ווי אַ דאַנק אָט דעם טייערן יידן געפין איך זיך אין מעקסיקע וויל איך אים אויסדריקן עפנטלעך מיין האַרציקן דאַנק און ווינטשן אים אַז ער זאָל זיין געזונט און לעבן ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר. אמן.

## אלי אָקאַן ע"ה, געוועזענער חסיד

אַזוי האָט מען גערופן דעם שוואָגער זיינעם און מען מעג זאָגן זכרונו לברכה. ער איז שוין אויף דער אמתער וועלט. דער דאָזיקער אלי האָט עס מיר געשיקט די פּאַפּירן צו קומען קיין מעקסיקע. ביי דער געלעגנהייט וויל איך טיילוויז פאַרצייכענען דאָס וואָס איך האָב געזאָגט וועגן אים אויפן בית־החיים, ביים אויפדעקן די מצבה איבער זיין קבר.

אָט דער ייד וועלכער האָט געשטאַמט פון ביאַליסטאָק, איז געווען אַ גאָל־דענער מענטש מיט אַ זיידענער נשמה. היינט צו טאָג ווען מיר זיינען געבליבן אַזוי וויניק אויף דער וועלט, איז אַ שאָד יעדער ייד וואָס גייט פון אונדז אַוועק, בפרט אָבער אַזאַ ייד ווי אלי אָקאַן, וואָס קיין סך אַזעלכע זיינען ניט געווען און קיין פרישע וועלן שוין געוויס ניט צוקומען. אלי אָקאַן האָט קיינמאָל ניט געבלאָזן פון זיך, קיינמאָל ניט פאַרלאָרן זיין גוטע שטימונג, קיינמאָל ניט געטראָגן קיין כעס אויף אימיצן. איך האָב געקענט די פאַמיליעס פון וואַנען ער האָט געשטאַמט; די קורלאַנדסקיס, די דאַרמאַנס, די נעוואַדאָווסקיס, יידן וועלכע האָבן פאַרנומען די מזרח־וואַנט אין זייער יחסנישן בית־מדרש, אָבער זיי זיינען אַלע געווען מתנגדים. דעריבער איז טאַקע אַ וואונדער פון וואַנען

עס האָט זיך גענומען צו אים אַליין אָט דער חסידישער ברען. ער האָט מיר דערציילט, אַז ווי נאָר ער פלעגט אַריינקומען פריטיק צו נאַכט אין חסידים שטיבל און געבן אַ זינג אַרויס דעם „הודו לד״י כי טוב, כי לעולם חסדו״ — זיינען אַלע חסידים געוואָרן אויפגעמונטערט און זיך דערפילט שבת־יומטובדיק.

אלי האָט מיר אויך דערציילט, אַז פאַר זיין פאָרן אין מעקסיקע איז ער געווען ביי דעם קאַרלינער רבין פרעגן אַן עצה. האָט אים דער רבי געבענטשט און צו אים געזאָגט: — „מעקסיקע איז אַפילו אַ גויאיש לאַנד, אָבער, פאַר אלינקע, פאַר און זיי מצליח. זאָל די נשמה פון אליז, פון דעם גוטן ייד רוען אין גן־עדן.

## חיה אָקאָן, צו לאַנגע לעבעדיקע יאָר!

איך האָב פריער געפרעגט ווי אַזוי איז דער מאַן אירער ר׳ אלי אָקאָן געוואָרן אַ חסיד. שולדיק אין דעם איז טאַקע די פרוי זיינע חיה, אַ פראָטאָטיפּ פון אונדזערע אַמאָליקע באָבעס און עלטער־באָבעס. זי האָט געשטאַמט פון אַן איינגעוואָרצלטער חסידישער פאַמיליע. זי האָט געפירט און פירט ביז היינטיקן טאָג אַ כשרע קיך. אַלע אירע יאָרן וווינט זי אין אַ פּראָווינץ־שטאָט. נו, ווי אַזוי האָט זי דערליידיקט דעם ענין כּשרות? — גאַנץ פשוט, זי האָט זיך באַזאָרגט מיט אַ חלף און שעכט אַליין די עופות. און ווען עס קומט צו איר אַן אורח איז שטענדיק אָפן די טיר און דער טיש איז שטענדיק פאַר אים געגרייט.

## שמערקע עפּלבוים

שמערקע עפּלבוים איז געווען דער אָנגעשטעלטער נומער איינס ביי די אָקאָנס אין געשעפט. זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין רייניקן, סאָרטירן די אויפגעקויפטע מעטאַלן און דערנאָך פאַקן די „וואַרע״ ווי מען האָט עס גערופן — אין גרויסע אייזערנע פעסער און אָפּשיקן זי מיט אַ שיף קיין ניו־אָרלינס און פון דאָרטן איז עס געגאַנגען קיין דאַלאַס, טעקסאַס. אָט דעם דאָזיקן יידן האָב איך צוגעהאָלפן אין דער אַרבעט. איין מאָל אָבער איז אים ניט געפעלן געוואָרן ווי אַזוי איך טו עס, איז ער געוואָרן אָן אָנגעצונדענער און גענומען שרייען אויף הויכע קולות:

— וואָס מיינסטו זיך, דו גרינע חיה, דו וועסט זיך אָפּשפּילן דעם טאָג און דער באַלעבאָס וועט דיר צאָלן אומזיסט געלט? און דערביי האָט ער געכאַפּט אַ גומענעם רער און מיר געוואָלט דערלאַנגען מיט איר איבערן קאָפּ. איך האָב אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און געזאָגט: — „שמערקע, באַטראַכט זיך, וואָס גייסטו טאָן? זיי וויסן, אַז דו ביסט ניט קיין באַלעבאָס איבער מיר!

שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, אַז אַלע אין „טאַמפּאַ" האָבן געציטערט פאַר אים. ער האָט זיך אויפגעהאַדעוועט אין אַ דאָרף, ערגעץ אין וואַלינער גובערניע און האָט ניט געקענט אָנשרייבן קיין צורת אַלף. „ווי געפעלט אייך? נעכייי וואָלט דער טאַטע מיינער מיך געלערנט בעסער שרייבן און נישט פאַרדרייען מיר דעם קאָפּ מיט מעביר סדרה זיין אַלע פּרייטיק" — אַזוי האָט ער ניט אויפגעהערט צו האָבן טענות צו זיין טאַטן שטענדיק ווען ער פלעגט מיך בעטן אָנשרייבן אַ בריוו צו זיינעם אַ פעטער אין קאַנאַדע.

אין דער היים האָט שמערקע געהאַנדלט מיט פערד. איין מאָל אָבער האָבן פאַרבלאַנדזשעט צו אים אין שטאָל צוויי פרעמדע פערד׳ אָבער פערד — אמתע אָדלערס. און ווי נאָר שמערקע האָט זיך דערוואוסט, אַז אָט אָט וועט מען קומען און אָפּנעמען די סוסים צוריק, איז ער ביי נאַכט אַרויס דורך דער הינטערטיר און אַנטלאָפן קיין מעקסיקע.

אָט דער שמערקע האָט אויסגעזען ווי אַ ריז און קוקנדיק אויף זיין גע־זונטן און גוט געפורעמטן קערפּער, האָט זיך אויסגעוויזן אַז ער איז ווי אויס־געטאָקט פון שטאָל און ניט פון פלייש און ביינער. ער איז טאַקע געווען אַ גיבור. ער פלעגט אַ הויב טאָן די שווערסטע משא און אַפילו זיך ניט פאַר־קרימען. שטענדיק האָט ער ליב געהאַט צו דערציילן ווי אַזוי ער האָט געדינט פאַניען אין קאַוואַלעריע צוויי טערמינען און דערביי האָט ער צוגעגעבן מיט אַ צופרידענעם שמייכל, אַז ווען ניקאָלייקע וואָלט איצטער אויפגעשטאַנען פון דר׳ערד וואָלט ער אים געגאַנגען דינען נאָך אַ מאָל. גלייך נאָך דעם פלעגט ער אַריבערגיין צו אַן אַנדער טעמע. ער האָט אויסגעטאָן דאָס היטל און געוויזן די שטיקער פליכן אויפן קאָפּ

— איר ווייסט פון וואַנען דאָס איז מיר געקומען ? אָט וועל איך אייך דערציילן. מיין טאַטע האָט זייער ניט געוואָלט אַז איך זאָל גיין דינען; ער האָט מיך נייטיק געדאַרפט האָבן לעבן זיך אין דאָרף האָט ער געפונען עפּעס אַ „מאַכער" וואָס האָט מיך פאַרפּוצט און מיר אָנגעטאָן אַ קרוין אויפן קאָפּ. פּראָסט און פשוט, איך בין געוואָרן אַ בחור מיט אַ פאַרך און ווען איך בין אַריין אין „פּריסוטסטוויע" און זיך געשטעלט צום פּריזיוו האָט שוין איין דאָקטער — וואָס איז געווען „אונטערגעשמירט" — ווי נאָר ער האָט דערזען מיין פאַרשיוון קאָפּ. געוואָלט אויסרופן „ניע גאָדיען", דאָס הייסט אַז איך טויג צו גאָרניט. באַלד האָט זיך אָבער אויפגעשטעלט דער צווייטער דאָקטער און האָט געזאָגט: לא מיט אַן אַלף, זע נאָר וואָס פאַר אַ קערפּער דער בחור פאַר־מאָגט. אויב מיר וועלן אַזעלכע גיבורים באַפרייען דאַרפן מיר פאַרמאַכן אין גאַנצן אונדזער קרעמל. איך אַליין נעם זיך אונטער אויסצוהיילן זיין קאָפּ אין פאַרלויף פון פיר וואָכן צייט׳ ווייל קוקט און זעט, אַז דאָס איז ניט קיין נאַטירלעכער פאַרך, נאָר עס איז אַ געמאַכטע שטיקל שמוציקע אַרבעט. און

למאַי זאָל איך לייקענען — דער דאָקטער האָט מיך טאַקע אויסגעהיילט. אוי, האָט ער מיך געהיילט, עס האָבן געשפּריצט פונקען פון מיינע אויגן. נאָך איצט ווער איך אויפגעשווידערט, ווען איך דערמאָן זיך ווי ער האָט געריסן שטיקער פון מיין קאָפּ!

און נאָך דעם האָט ער געגומען דערציילן ווי מען האָט אים אַוועקגע־שיקט קיין טיף־רוסלאַנד און ער איז גלייך געוואָרן אַ „יאַמשטשיק" — אַ קוטשער ביים סאַמע פּאָלקאָווניק. ער האָט אים געדאַרפט פירן אַ פּאָר מאָל אַ וואָך צום באַן וואָס עס איז געווען אַ צוואַנציק מייל ווייט פון די קאַזאַרמעס. פריער פאַר אים האָט קיין אַנדער קוטשער נישט געקענט אויסהאַלטן ווינטער מער ווי איין וואָך, זיי פלעגן אָפּפרירן, ווער אַ פוס, ווער אַ האַנט׳ ווער אַן אויער און אַ מאָל אויך עטלעכע אברים צוזאַמען. „איך האָב אָבער זיך אַפילו קיין איין מאָל ניט צוגעקילט. איך בין אָפּגעפאָרן מיטן פּאָלקאָווניק די גאַנצע סלוזשבע און עס איז מיר געווען גוט ווי די וועלט. און ווייסט איר ווער עס האָט מיר געהאָלפן? דאָס איז געווען די גרויסע פלאַש 90קער, אמתער שפּירט, וואָס איך האָב שטענדיק געהאַט מיט זיך".

ווען איך האָב געהאַלטן ביים פאַרלאָזן „טאַמפּאַ", איז צוגעקומען צו מיר שמערקע און ווי עס ווייזט אויס, האָט ער געוואָלט מיט מיר זיך איבערבעטן:

— איר פאָרט אַוועק, זאַבלודאָווסקי, קומט אַריין מיט מיר אין קאַנטינע און מיר וועלן מאַכן אַ שנאַפּס! — איך האָב אים זייער פיין באַדאַנקט. שפּע־טער אָבער, אין אַ סך יאָרן אַרום, איז ער געקומען צו פאָרן אין דער שטאָט מעקסיקע צו דער חתונה ביי זיינס אַן אייניקל. און אַזוי ווי איך בין געווען באַקאַנט מיט זיינע מחותנים האָט מיך שמערקע געטראָפן אויף דער חתונה און אַן צערעמאָניעס מיך אַ פרעג געטאָן:

— נו׳ און איצט זאַבלודאָווסקי, וועט איר מאַכן מיט מיר אַ שנאַפּס?

— יאָ, האָב איך געענטפערט, איצט יאָ!

ער איז געווען זייער צופרידן און מיר האָבן זיך געקלאַפּט גלעזל צו גלעזל. אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך באַקומען אַ ידיעה, אַז שמערקע עפּלבוים איז פּלוצלונג געשטאָרבן פון אַ האַרץ אַטאַקע.

## ברוך זאַץ — אַ טיפּ פון אַן אַמאָליקן יידן

ברוך זאַץ איז געווען אַ רייכער אַמעריקאַנער ייד מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט אין „טאַמפּאַ" וואו ער האָט געהאַט אייגענע גאַפטקוואַלן.

געשטאַמט האָט ער פון רוסלאַנד, פון קיעווער גובערניע. ער איז געווען אַן אידעלער ייד און האָט גאַנץ גוט געקענט אין די קליינע אותיות. איבער הויפּט האָט ער שטאַרק אָפּגעגעבן כבוד זיינע גאָטזעליקע עלטערן. אין מיין צייט האָט ער געהאַט יאָרצייט נאָך זיין טאַטן, האָ ער ראשית כל צונויפ־

גערופן אַ מנין יידן ביי זיך אין שטוב און אַליין געדאַוונט פאַרן עמוד אַלע דריי תפילות — שחרית, מנחה און מעריב און פאַרשטייט זיך געזאָגט קדיש מיט אַן אמתדיקן שיינעם ניגון. שענער אָבער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס אַ גאַנצן טאָג זיינען געווען געגרייט טישן מיט כל המינים עסנוואַרג און „כל דכפין ייתי ויאכל״.

דער ייד וואָס האָט צוגעגרייט דאָס עסן איז געווען ברוך זאַצס אַ באַקאַנ־טער און אַ לאַנדסמאַן. אויף מאָרגן האָט דער ייד צוגעטראָגן דעם בעל־היאָר־צייט אַ רעכענונג, געשריבן אויף פינף זייטן פּאַפּיר. זאַץ ווייזט מיר די מגילה און זאָגט צו מיר מיט אַ שמייכל: — „זעט עס האָט אים געקאָסט ריכטיק 98 דאָלער מיט זעכציק סענט! איך האָב מורא צו זאָגן׳ אַז דאָס צונויפשטעלן דעם רעכענונג האָט דעם יידן, דעם טפש, געקאָסט אַ סך מער צייט ווי צוגרייטן דאָס גאַנצע עסן; אָט האָט איר פאַרשריבן אין רעכענונג, סאָמע אויבן אַן אַ שאַכטלעכע „טוטפיקס״ (צאָנשטעכערס) דרייסיק סענט.

אַ צווייטן מאָל בין איך געזעסן מיט ברוך זאַצן און ער זעט ווי אַ ייד אַ סטאָלער פון מינסקער גובערניע צאָמט איבער ווענטלעך אין דעם לאָקאַל וואָס מען האָט נאָר וואָס געדונגען כדי צו מאַכן דאָרטן אַ יידישן קלוב. דער קלוגער ברוך זאַץ באַטראַכט אַזוי דעם סטאָלער און ער גיט אַ זאָג:

— ווען איך קוק אויף דעם יידן דערמאָן איך זיך, אַז ווען איך בין אַלט געווען 17 יאָר, אָנקומענדיק נאָר וואָס קיין אַמעריקע, האָט מיר דער טאַטע מיינער אָוועקגעגעבן צו אַרבעטן ביי אַ מעבל־סטאָלער. נאָך דעם ווי איך האָב אָפּגעאַרבעט דריי חדשים, זאָגט צו מיר דער טאַטע ע״ה, אַז ער וועט צוגיין צו דעם „באָס״ און בעטן אַ הוספה. דו קענסט ניט און דו דאַרפסט ניט׳ מיין זון, אַרבעטן פאַר אַזעלכע קליינע „וויידזשעס״!

— באַמי זיך ניט, טאַטע, — האָב איך געענטפערט — גיי ניט, עס איז ניט נייטיק, ווייל די צאָל, די קוואָטע „פּוירניטשור״, מעבל, וואָס איך האָב געדאַרפט אויסאַרבעטן פאַר די יונייטעד־סטייטס האָב איך שוין צוגעשטעלט און איצט גיי איך אין ביזנעס. דער סוף פון אָט דעם שיינעם און טייערן יידן איז געווען ניט קיין גוטער. ער איז נעבעך געשטאָרבן אַן אָרעמאַן.

## הימעלמאַן און שאַסטאַק

דער ערשטער, הימעלמאַן, איז געווען אַ באַוויבטער. זיין פרוי מיט אַ קינד האָט ער אַריבערגענומען אין אַ יאָר אַרום נאָך זיין קומען אין מעקסיקע. שאַסטאַק איז געווען אַ יונגער בחור.ביידע זיינען זיי געווען קרובים פון די סאָרעסאָנס, דער פאַבריקאַנט פון בעטן. הימעלמאַן איז געקומען אַ סך פריער און אַזוי ווי ער האָט געקענט בוכהאַלטעריע און געהאַט הינטער זיך אַ סטאַזש פון ביוראָ־אַרבעט אין דער אַלטער היים, איז ער גלייך אַריין אַרבעטן ביי די

סאַרעסאָנס אין דער פאַבריק פון בעטן. מיטן צוויטן, מיט שאָסטאַקן, איז שוין געווען אַ שטיקל פּראָבלעם ווי אַזוי אים איינצואָרדענען. וועגן דעם אָבער וועל איך דערציילן שפּעטער.

אַלע פּרייטיק צו נאַכטס פלעגט הימעלמאַן גיין עסן צו וועלוול סאַרעסאָן, וואָס האָט זיך געפונען אַ שטיקל צייט אין מעקסיקע און איצט וווינט ער אין חיפה, ישראל.

ווען שאָסטאַק איז נאָר וואָס געקומען צו פאָרן האָט וועלוול סאַרעסאָן געבעטן הימעלמאַנען ער זאָל פּרייטיק ברענגען אויך צו זיין טיש שאָסטאַקן וואָס איז נישט מער ווי דריי טעג געווען אין לאַנד. מיר האָבן אַלע געוווינט צוזאַמען אין די צימערן פון דער הויז וואו עס איז געווען די פאַבריק. פּריי־טיק אין אָוונט זיינען די ביידע קרובים אַוועק צו סאַרעסאָנען עסן די שבתדיקע וועטשערע און איך בין געבליבן אין צימער. איך האָב געגעסן אַ בולקע מיט מילך און געלייענט די צייטונגען וואָס זיינען מיר אָנגעקומען פון ביאַליסטאָק.

עס איז ניט אַוועקגעגאַנגען קיין האַלבע שעה, ערשט עס לויפט אַריין שאָס־טאַק אָן אויפגערעגטער, אַ פאַררויטלטער, מיט אַ פּלעשעלע מעדיצין אין האַנט׳ ער רעדט ניט אויס קיין וואָרט, טוט זיך אויף גיך אויס און ער לייגט זיך אַריין אין בעט און דעקט זיך איבער מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ. איך שטעל אים פראַגעס, וואָס איז געשען און ער ענטפערט: — „איך האָב פאַרבלאָנדזשעט״! ווי, וואָס, ווען ווי אַזוי, האָב איך ניט געקענט דערגיין קיין טאָלק. באַלד קלינגט דער טעלעפאָן און מען פרעגט זיך פון סאַרעסאָנס שטוב אויב דער בחור איז דאָ אין צימער און ווען איך ענטפער אַז ער שלאָפט שוין הער איך פון יענער זייט: „אָט דאָס רופט מען אַ ווילדע בריה!״

הימעלמאַן איז געקומען שוין זייער שפּעט, איך בין שוין געשלאָפן. אויף מאָרגן אין דער פרי, ווען איך בין אויפגעשטאַנען איז שוין שאָסטאַק ניט געווען אין צימער. מילא, ניטאָ איז ניטאָ, ביי טאָג וועט ער ניט פאַרפאַלן ווערן און הימעלמאַן דערציילט מיר וואָס עס איז געשען מיט דעם צעדרייטן קרוב זיינעם׳ מיט שאָסטאַקן, און דערביי קייקלט ער זיך פון געלעכטער.

— מיר זיינען געזעסן — זאָגט ער — ביי סאַרעסאָנען אין שטוב, גע־שמועסט און געוואַרט אַז מען זאָל אונדז רופן צום טיש. סאַרעסאָנס פרוי איז געווען אין קיך. פּלוצלונג לויפט זי אַריין אין זאַל מיט אַ צעבלוטיקטן פינגער און זי בעט וועלוולען דעם מאַן אירן, אַז ער זאָל אַרויסנעמען פון שאַפקע די מערלע און איר פאַרבינדן דעם צעשניטענעם פינגער. דאָ כאַפּט זיך אויף דער שוטה שאָסטאַק פון שטול:

— אוי, ווי, בלוט... צעשניטן אַ פינגער... אָט לויף איך, אָט גיי איך, אָט ברענג איך אַ מעדיצין וואָס פאַרהאַלט מאָמענטאַל דאָס בלוט איך האָב עס ביי זיך פאַרשריבן!

בקיצור, דער בחור איז געגאַנגען זוכן אַן אַפּטייק, געקויפֿט די מעדיצין אָבער צוריק האָט ער שוין ניט געטראָפֿן צו סאַרעסאָגען אין שטוב. פֿאַרט ניט מער, ווי דריי טעג אין לאַנד. איז ער געקומען מיט דעם פֿלעשעלע אין האַנט צו זיך אין צימער און אָט זיך פֿון חרפה געלייגט שלאָפֿן. דעם אַדרעס פֿון דער פֿאַבריק האָט ער געהאַט פֿאַרצייכנט און סאַרעסאָגס אַדרעס האָט ער ניט געהאַט.

דאָרטן ווידער, ביי סאַרעסאָגען אין שטוב, האָט מען געוואַרט און געוואַרט מיטן עסן, ביז מען האָט זיך דערוואוסט דורכן טעלעפֿאָן אַז דער בחור איז דאָ, ער לעבט — האָט מען זיך געזעצט צום טיש. פֿון דעמאָלט אָן איז שוין שאָסטאַק מער קיין מאָל ניט געגאַנגען צו די סאַרעסאָגס אין שטוב.

אָט דער שאָסטאַק איז געווען אַ גאַנץ שיינער בחור און דערצו ניט קיין פּראָסטער. ער איז אָבער געווען זייער אַ נאַיווער און דער קאָפּ זיינער איז געווען אָנגעפּילט מיט מעקענע. חוץ דעם האָט ער אָפּטמאָל געהאַט עפּעס מאָדנע בישט נאַרמאַלע איינפֿאַלן און געוויינהייטן. ווען עס איז אויפֿגעקומען די פֿראַגע ווי אַזוי ער זאָל זיך שטעלן אויף די פֿיס און עפּעס אָנהויבן צו טאָן, איז ער קיין מאָל ניט געגאַנגען אויפֿן גלייכן וועג ווי אַלע מענטשן. נאָר ער האָט שטענדיק אויסגעזוכט עפּעס משונהדיקע און אויסטערלישע געשעפֿטן בכדי גיך רייך צו ווערן און אַ פּנים דערפֿאַר האָט ער טאַקע באַצאָלט מיט זיין לעבן.

די גרעסטע שוואַכקייט זיינע איז געווען צו זוכן און קויפֿן אַנטיקן. איין מאָל קומט ער אַריין צו מיר אין שטוב און איןביידע הענט טראָגט ער צוויי בילדער. ער לייגט פֿאַר מיר אַוועק אַזאַ מין סאָרט דרשה:

— איר זעט, זאַבלודאָווסקי — די צוויי בילדער, איך האָב זיי איצטער געקויפֿט, טאַקע דאָ אַנטקעגן אויפֿן מאַרק. די אונטערשריפֿט פֿון דעם מאָלער איז אָפּגעמעקט. איך וועל זיי נעמען צו אַ גוטן עקספּערט און ער וועט שוין אויסגעפֿינען וועמענס אַרבעט דאָס איז. און עס קען אַ מאָל זיין, אַז די בילדער זיינען ווערט אַ סך געלט; נישט איין מענטש איז שוין רייך געוואָרן פֿון אויפֿ־קויפֿן אַזעלכע אַנטיקן. איך האָב געכאַפּט אַ קוק אויף די בילדער און איך האָב נאָר געזען, אַז פֿליגן האָבן יאָרן לאַנג געטאָן אויף די בילדער דאָס, וואָס זיי האָבן געדאַרפֿט טאָן און אַזוי ווי דאָס האָט געזאָלט זיין אַ בילד פֿון אַ גרויסן ענגלישן נאָבלמאַן מיט זיין פֿרוי — האָט מען בשום אופֿן ניט געקענט דערקענען ווער עס איז דער „ער" און ווער עס איז די „זי".

וואָס עס איז געוואָרן פֿון זיינע אַנטיקן האָט מען זיך ערשט דערוווסט נאָך זיין טויט, ווען מען האָט געפֿונען אין זיין צימער צענדליקער אַלטע, שמו־ציקע בילדער, וואָס זיינען געווען פֿאַרשטעקט אונטער דער בעט און אין אַלע ווינקעלעך.

אומגעקומען איז ער יונגערהייט אויף אַזאַ מין אופן: ער האָט זיך באַקענט מיט איינעם אַ מאַן, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר אים אַז ער איז אַ רייכער פאַרמער און טאַקע גלייך האָט יענער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ מוסטער פון בוימוואָל (אַלגאָדאָן) און ער האָט פאַרקויפט שאָסטאַקן פאַר דריי הונדערט פעזעס אַ טייל פון זיין פאַרם, ווו מען וועט אין אַ חודש אַרום אַראָפּנעמען פון די פעלדער דעם אַלגאָדאָן און גלייך פאַרקויפן — עס פעלט ניט וועמען. שאָסטאַק איז טאַקע באַלד אַוועקגעפאָרן אין דאָרף זיך אָפּשרייבן און איבערנעמען דעם טייל זיינעם פון דער פאַרם. **ער איז שוין פון דאָרטן** צוריק ניט געקומען קיין לעבעדיקער. מען האָט אים געבראַכט אין אַ קאַסטן, און עס איז שווער געווען אים צו דערקענען. ער איז געווען פון די ערשטע וואָס האָבן געפונען זייער אייביקע רו אויף דעם יידישן בית־עולם וואָס מען האָט דעמאָלט נאָר וואָס געעפנט.

## אויסגעלאַסענע מיידלעך און פרויען-הענדלער

צוזאַמען מיט מיר אין סאַרעסאָנס פאַבריק, אין דער געגנט פון דער גאַס ביניאַ פערדידאַ, האָט זיך געפונען אַ ליטווישער יונגערמאַן. איציק האָט מען אים גערופן. ער איז געווען זייער אַ קלוגער חברהמאַן און אַ גרויסער וויצלינג. אַזוי ווי מיר זיינען ביידע נאָך געווען גרינע און דערצו נאָך שטרויענע אַלמנס, זיינען מיר איין מאָל, שבת ביי טאָג, אַרויסגעגאַנגען כאַפּן אַ שפּאַציר אין די אַרומיקע גאַסן נישט ווייט פון דער פאַבריק און נישט ווילנדיק האָבן מיר פאַרבלאָנדזשעט אויף אַ גאַס מיטן נאָמען „קואַאוטעמאָטזין”. דאָרטן האָבן מיר דערזען אַ בילד וואָס מיר האָבן קיין מאָל אין אונדזער לעבן ניט געזען. אויף ביידע זייטן גאַס זיינען געשטאַנען מיידלעך און אפשר ווייבלעך, גאַנץ באַלעבאַטיש אָנגעטאָן, לעבן די טירן פון זייערע אָפענע צימערן און זיי האָבן אָפּגעוואַרט קונדן. ווי מיר גייען אַזוי, שטעלט זיך איציק פּלוצלונג אָפּ, אַן איבערראַשטער און פרעגט מיך וואָס איז דאָ, וועמען זע איך דאָ? חנה!

די סימפּאַטישע, נישט קיין נאַרישע חנה, וואָס איז געפאָרן דאָ צו אַ חתן — זי שטייט גאָר דאָ און האַנדלט מיט זיך אַליין... עס קען ניט זיין, עס גלייבט זיך מיר ניט. איציק נעמט מיך פאַרן האַנט און גייט מיט מיר אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס. ער קוקט נאָך אַ מאָל פון דער ווייטנס:

— יאָ, דאָס איז זי... אַ מיאוסע וועלט...

און איציק דערציילט מיר אַזאַ געשיכטע:

— **ווי דו ווייסט, בין איך דעם פאַרגאַנגענעם פּסח געווען אויף דער שיף** „לאַפּאַיעט”, וואָס האָט מיך געפירט קיין מעקסיקע. ווען עס איז געקומען ערב יום־טוב איז די דאָזיקע חנה מיט נאָך אַ מיידל אַוועק צום קאַפּיטאַן פון דער שיף און געבעטן אים, אַז ער זאָל אונדז געבן אַ באַזונדער עס־צימער

ווו מיר זאָלן קענען פּראַווען פּסח. חנה האָט אַליין געראַמט, געכשרט און געפּוצט דעם צימער. זי האָט אַליין צוגעפּראַוועט דאָס עסן און געגרייט די טישן. נאָך שענער — חנה האָט אַליין געבענטשט ליכט געהאָלפן פּראַווען דעם סדר, געזאָגט די הגדה און געזונגען מיט אַן אמתן חסידישן ניגון „חד־גדיא". עס איז באמת געווען זייער אַ פריילעכער פּסח. ווייזט אויס, אַז חנה האָט געהאַלטן, וואָס צו גאָט איז צו גאָט און מיט פּרנסה האָט עס גאָרניט צו טאָן. איצט איז שוין פאַרשטענדלעך פאַרוואָס חנה האָט אויף דער שיף געזוכט צו טאָן עפּעס מצוות, ווייל מיט עבירות איז זי שוין אַ פּנים געווען באַזאָרגט, — אַזוי האָט איציק גערעדט אַזוי ווי צו זיך אַליין.

שפּעטער האָבן מיר געזען גאַנץ אָפט, די באַלעבאַטים אָדער די חתנים פון אַט אָ די זינדיקע מיידלעך.

דאָס זיינען געווען אויסגעפּוצטע פראַנטן, מיט ציגאַרן אין מויל, — אויף די פינגער בלישטשעדיקע דיקע רונגען( און די לאַנגע גאָלדענע צווויי־זייטיקע קייטן זיינען געווען אויסגעלייגט אויף זייערע אויסגעפּאַשעטע פּעטע בייכער, אָט די אַלפאַנסן פלעגן פינקטלעך צוויי אָ זייגער בייטאָג קומען אָפּנעמען ביי די מיידלעך די פאַרדינסטן זייערע במשך פון דעם ערשטן האַלבן טאָג. באַלד פלעגן די נקבות אַרויסקומען אויסגעפּוצטע מיט היט אויף די קעפּ, זיי האָבן פאַרשלאָסן די געשעפטן זייערע און מיט זייערע באַגלייטערס אונטערן אָרעם זיינען זיי אַוועק עסן מיטאָג אין אַ יידישן רעסטאָראַן, אין דער דעמאָלט יידיש־באַוווינטער געגנט פון „בעסוס־מאַריאַ". פּונקט פיר אָ זייגער פלעגן די אונטערפירערס ברענגען די „קרעמערקעס" צוריק צו זייערע געשעפטן.

צום גליק האָבן די פרויען הענדלערס וואָס זיינען געקומען פון די דרום־אַמעריקאַנער לענדער קיין מעקסיקע, זיך לאַנג ביי אונדז ניט געהאַלטן. די מעקסיקאַנער רעגירונג האָט זיי דערשמעקט און זיי זיינען אויסגערייכערט געוואָרן ביז איינעם. דער גרעסטער טייל זיינען אַוועק אַהין פון וואַנען זיי זיינען געקומען און די איבעריקע האָבן, בלית ברירה זיך גענומען צו אַנדערע פּרנסות.

## מען וויל אַראָפּברענגען קיין מעקסיקע מיין ברודער משה

דאָס איז געשען גאָר אין אָנהייב, אין סאַמע בראשית, ווען עס האָט זיך נאָר וואָס גענומען אויספּיקן דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכער פּרצוף פון אונדזער ישוב. אין יענע יאָרן זיינען אָנגעקומען קיין מעקסיקע פון ביאַליסטאָק מיין ברודערס תלמידים און תלמידות, ווי צום ביישפּיל — שעפּסל סולקעס ע"ה, בנימין ראָזענטאַל, נעמי דזשיוואַק און אַנדערע. אין „נדחי ישראל" האָט מען זיך דערוווּסט, ווער עס איז געווען דער לערער זייערער און

עס איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו ברענגען אים קיין מקסיקע. קומט צו מיר איין מאָל צוגיין ר׳ חיים גאָלדפעדער ע״ה, דער דעמאָלסדיקער סעקרעטאַר פון „נדחי ישראל״, וואָס איז חוץ דעם געווען מיינער אַ ידיד, און ער דערציילט מיר דאָס, אַזוי ווי ער האָט געהערט אַזוי פיל שבחים וועגן מיין ברודער, וואָלט געווען אַ גוטער פּלאַן ער זאָל קומען קיין מעקסיקע. אָט אַזאַ איינעם, דאַרפן מיר דאָ נייטיק האָבן. אָבער ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער? דערביי איז פאַראַן נאָך אַ קליינע מניעה: — גוט, איך וועל קומען צו דער פאַרוואַלטונג און איך וועל זאָגן, אַז מען דאַרף אַריבערנעמען אַהער דעם און דעם. וועלן זיי דאָך מיך פרעגן: „מי, ומי״? — ווער איז ער, וואָס איז ער, און פון וואַנען קען איך אים? גוט וואָלט געווען ווען איך האָב עפּעס אַ פּאַפּירל, אַ רעקאָמענדאַציע־בריוול, וואָלט איך דעמאָלט געגאַנגען אויף אַ אייזערנעם בריק.

— שאַ, שאַ, שלאָג איך איבער דעם יידן די רייד — נאָט אייך דריי אַדרעסן, שרייבט אַוועק אויף די אַדרעסן אין ביאַליסטאָק דריי בריוו, וועט איר וויסן צי עס לוינט אייך די גאַנצע אַרבעט אָדער ניט.

די דריי אַדרעסן זיינען געווען צו די וויכטערדיקע פּערזאָנען און אינסטיטוציעס: איין אַדרעס איז געווען צו ד״ר גוטמאַן — דעם פּרעזידענט פון דער ביאַליסטאָקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; דער צווייטער — איז געווען צום ראַבינער ראָזענמאַן הי״ד (ער האָט געשטאַמט פון דראָהאָביטש, גאַליציע און איז געווען אַן אינטימער חבר פון הרב ד״ר יעקב אביגדור ז״ל). דער דריטער בריוו האָט געדאַרפט גיין צו דער ביאַליסטאָקער קהילה.

דעם ברודער מיינעם אַליין האָב איך גאָרניט געשריבן וועגן דעם, ווייל איך האָב ניט געגלייבט אויב עס וועט עפּעס פון דעם אַרויסקומען, טאָ צו וואָס זאָל איך אים גלאַט אומזיסט דרייען אַ קאָפּ?

אַז מיין ברודער וועט ניט וועלן קומען — דאָס איז מיר גאָרניט איינגעפאַלן, ווייל איך האָב געהאַלטן, אַז פון פּוילן דאַרפן יידן אַנטלויפן. באַטראַכטנדיק אָבער די זאַך לאָגיש האָט זיך געשטעלט פאַר מיר די פראַגע, — פאַר וואָס האָט אַזאַ משה געדאַרפט אַוועקפאָרן פון פּוילן: — און ווער וועט דאָרטן בלייבן אויף זיין אָרט... סוף־כל־סוף האָבן דאָך די דריי מיליאָן יידן אין פּוילן געדאַרפט האָבן מנהיגים, מדריכים און מחנכים. קיינער האָט זיך דאָך ניט געקענט ריכטן, אַז עס וועט קומען אַזאַ חורבן. און משה אַליין האָט דאָך געלעבט אין ביאַליסטאָק אַ סך בעסער און אַ סך רייכער ווי דער גרעסטער פאַבריקאַנט.

מיין ציל איז אָבער געווען, אַז פון מעקסיקע וועט ער קענען פאָרן קיין אַמעריקע ווו ער וועט האָבן פאַר זיך אַ ברייט פעלד זיך צו קענען אַנטוויקלען און ווערן באַרימט. אָבער ניט אַלע פאַרמאָגן אַ ווייטערן קוק. עס זיינען אַוועק

זעקס וואָכן און ר׳ חיים גאָלדפעדער קומט צו לויפן צו מיר מיט דריי בריוו איןביידע הענט... די ערשטע זאַך פרעגט ער מיך: „נו, וואָס שרייבט דער ברודער, ער וועט קומען״? איך ענטפער אים, אַז איך קען דערוויל נאָך גאָרניט זאָגן און איך בעט אים, אַז ער זאָל לייענען די ענטפערס וואָס ער האָט דערהאַלטן.

ד״ר גוטמאַן שרייבט, אַז לויט ווי אים איז באַקאַנט וועט משה קיין מעקסיקע ניט פאָרן. גיכער וועט ער פאָרן אין ארץ ישראל. דער ראַבינער שרייבט בערך אויך דאָס זעלביקע און גיט צו, אַז מיר וועלן משהלען ניט אַוועקלאָזן פון אונדז. די קהלה אָבער מוז דאָך ענטפערן דער צווייטער קהילה צו דער זאַך, זי קען דאָך ניט סתם יענעם פאַררײדן די ציין, און אָט זיינען די ווערטער וואָס דער אינזש. באַראַש, דער סעקרעטאַר פון דער קהילה האָט געשריבן. (אָט דער באַראַש, איז אין דער צייט פון חורבן געווען דער פאָרזיצער פון „יודנראַט״ און איז, פאַרשטייט זיך, אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע ביאַליסטאָקער יידן); „אייער אויסוואַל איז אַן אויסגעצייכנטער; קיין סך אַזעלכע משהס זיינען ניט געווען און זיינען ניטאָ ביי אונדז יידן. חוץ דעם וואָס דער בעל־דבר איז אַ פּרעקטיקער פּעדאַגאָג און לערער איז ער אויך אַ גלענצנדער רעדנער און ועל כלם איז ער אַ ליבלעכער האַרציקער מענטש. איר פרעגט זיך נאָך, איז אונדזער פליכט אייך צו ענטפערן. אָבער צי ער וועט וועלן פאָרן אין אַזאַ ווייטן לאַנד, אין מעקסיקע, דאָס קענען מיר אייך ניט קאַווירן״.

אויף מאָרגן האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מיין ברודער, ווו מען זעט פון זיין שרייבן אַז ער איז מוראדיק אויפגערעגט; ער בייזערט זיך אויף מיר, ווי האָב איך געטאָן אַזאַ מין סאָרט זאַך איידער איך האָב זיך אָנגעפרעגט ביי אים. זיין פרוי איז קראַנק געוואָרן נאָר פון דעם געדאַנק אַליין; ער ווידער שלאָפט שוין ניט גאַנצע צוויי נעכט און אַזעלכע טעג. בעט ער, זאָלן זיך שוין ניט אומקערן!

— „איך שטיי אין קלאָס — שרייבט ער — עס קלינגט דער טעלעפאָן, פריער ראַבינער ראָזענמאַן, נאָכדעם ד״ר גוטמאַן און צום סוף באַראַש פון ועד הקהל און אַלע מיטן זעלביקן ניגון... אָבער מעקסיקע און ווידער מעקסיקע... נו, זאָג אַליין דאָדיע, וואָס פאַר אַ פאָרן, וווהין זאָל איך פאָרן און צו וואָס זאָל איך פאָרן? ווי האָט דיר גאָר געקענט איינפאַלן אַזאַ מין געדאַנק, אַז איך זאָל פאַרלאָזן ביאַליסטאָק און אַוועקפאָרן ערגעץ ווו קיין מעקסיקע?

פאַרשטייט זיך, אַז פון דעם גאַנצן פּלאַן אַריבערצוברענגען אונדזער משהן קיין מעקסיקע איז גאָרניט געוואָרן...

— יאָ, ברודערקע, איך טראַכט אָפט וועגן דיר און איך דערמאָן דיך אין איצטיקן מאָמענט ווען איך שרייב מיינע זכרונות, דו ביסט שוין לאַנג נישטאָ.

אָבער מיר האָסטו געלאָזן אַ ווונד אין האַרצן וואָס וועט זיך קיין מאָל ניט פאַרהיילן.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך פאַרצייכענען, אַז די לעצטע צוויי יאָר פאַרן חורבן איז מיין ברודער פאַרבעטן געוואָרן צו רעדן יעדן שבת נאָך מיטאָג אין דער גרויסער שול וועגן יידישער געשיכטע — אָנהויבנדיק פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט ביז דער מאָדערנער צייט. און ווי נאָר מען האָט זיך אין שטאָט דערוווּסט, אַז משה וועט ריידן איז די שול געוואָרן געפּאַקט, מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ און דער עולם האָט געשלונגען יעדעס וואָרט וואָס האָט געפּערלט פון זיין מויל.

צייטנווייז טראַכט איך, אפשר פאַרמאָגט מיין זון כאַקאָבאָ עפּעס אַ פונק, אַ ניצוץ אָדער אַ שטיקל ירושה פון מיין ברודער משה?

# די פּיאָווקעס האָבן געראַטעוועט

אין די ערשטע אימיגראַנטן יאָרן, ווען מען האָט זיך געפילט איינזאַם עלנט און נידערשלאָגן, האָב איך געשטילט מיין בענקשאַפט און גייסטיק זיך אויסגעלעבט דורך בריוו: אַ בריוו פון אַ ברודער, אַ בריוו פון דער מאַמען און אַ בריוו פון אַ פריינד. דאָס ענטפערן אויף די בריוו און דאָס באַקומען די בריוו האָט אין מיין לעבן אַריינגעבראַכט אַן אינטערעס און עס איז אויס־געפילט געוואָרן. די פּוסטקייט אין האַרצן וואָס האָט זיך געשאַפן אין די ערשטע חדשים פון מיין זיין אין מעקסיקע.

היינט ווער רעדט נאָך, אַז עס איז אָנגעקומען אַ בריוו פון מיין רחלען מיט גרוסן פון די קינדערלעך אונדזערע איז די שטימונג געוואָרן גאָר אַ יום־טובדיקע.

איין יאָר בין איך געווען אַליין און איך פלעג קריגן פון מיין רחלען יעדע וואָך אַ בריוו אָבער דער בריוו פלעגט מיך אויפטרייסלען און איך פלעג ווערן אָנגעפילט מיט צער, מיט ווייטיק און מיט בענקשאַפט. איך האָב אין יענע טעג דערפילט, ווי ביטער עס איז ווען מע געפינט זיך גאָר ווייט פון דער היים; עס קען גריילעך געמאָלט זיין, אַז גאָר דעמאָלט ווען איך האָב דאָ געלאַכט און פריילעך פאַרבראַכט אויף די שמחות וואָס זיינען דעמאָלט פאָר־געקומען אין טאַמפּאַ, האָט מען גאָר דאָרטן, וויט, וויט ביי מיר אין שטוב געקלאָגט און געוויינט. אין איינעם אַ בריוו האָט מיר מיין פרוי געשריבן אַז ביידע קינדער אונדזערע האָבן געמאָזלט — די טאָכטער פינף יאָר אַלט איז בשלום אַריבערגעקומען, אָבער צו דעם זונעלע, צו אַברהמעלען האָט זיך צוגעטשעפּעט אַ לונגען אָנצינדונג און ער איז געוואָרן געפערלעך קראַנק. ער איז געלעגן צוויי וואָכן אין גרויסע היץ און פון טאָג צו טאָג איז ער געוואָרן

ערגער. אין איינעם אַן אָוונט האָט מען ממש געזען, אַז דאָס קינד גייט אויס. איז מיין ברודער משה אַוועקגעלאָפן און געבראַכט דעם דאָקטער זימאַן. דער דאָקטער האָט באַטראַכט דאָס קינד און געזאָגט, אַז עס איז געבליבן איין און איינציקער מיטל — שטעלן פּיאַווקעס, קיין אַנדער רפואה איז שוין נישטאָ! מיין פרוי האָט מיר געשריבן, ווי זי איז געלאָפן 11 אַ זייגער ביי נאַכט אין טיפן שניי אויף כאַנייקעס, געזוכט דאָרטן אין די געסלעך, און זי האָט געפונען און געבראַכט איינעם וואָס האָט געהאַט, געקענט און געוווסט ווי אַזוי צו שטעלן פּיאַווקעס. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, מען האָט אָפּגעצאַפּט ביי אונדזער אַברהמעלען — איצט אַ באַקאַנטער אַרכיטעקט — אַ האַלב גלאָז שוואַרץ בלוט און דאָס קינד האָט געעפנט די אייגעלעך און האָט זיך אָנגעהויבן צו בעסערן און גאָר אין גיכן איז ער אין גאַנצן געזונט געוואָרן.

## מיין מאַמעס צוויי בריוו

צום באַדויערן האָבן זיך ביי מיר קיין סך בריוו פון יענער צייט ניט אויפגעהיט. אין זכרון אָבער, זיינען ביי מיר פאַרבליבן אויסצוגן פון מיין מאַמעס צוויי בריוו.

איך האָב זיך נאָך ניט געהאַט אָנגעוואָרעמט אין מעקסיקע, איך האָב נאָך ניט געוווסט ווי אַזוי איך וועל זיך דאָ איינאָרדענען און אויף וואָס פאַר אַן אופן איך וועל פאַרדינען אויף חיונה, קריג איך אַ בריוו פון מיין מאַמען ווי זי באַשרייבט מיר אַזאַ געשיכטע:

יענע וואָך זיינען געקומען צופאָרן קיין ביאַליסטאָק אַ מאַן מיט אַ פרוי פון טשיקאַגאָ — זייער רייכע לייט. דער מאַן איז קליינערהייט געווען אַ קיילעכדיקער יתום און האָט זיך געהאָדעוועט ביי אַ מומען אין אַ געסל לעבן פישמאַרק. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער יינגל און איצט, אין צענדליקער יאָרן אַרום, ווען ער איז געקומען צו גאַסט אין זיין געבוירן־שטאָט האָט ער אָפּגעזוכט קראַכמאַלניקס בית־מדרש, ווו ער פלעגט דאַוונען יינגלווייז און ער מיט דער פרוי זיינער האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין די אָפענע פענצטערס און געוואָרפן הויפנס מטבעות, און די אָרעמע מענטשן פון יענער געגנט זיינען זיך צונויפגעקומען און געכאַפּט דאָס געלט.

מיין גוטע מאַמע האָט געוויס געגלויבט און געהאָפט, אַז זי וועט נאָך דערלעבן צו זען, ווען איך וועל אויך קומען צופאָרן פון מעקסיקע אויף אַ לוסטרייזע און איך וועל אויך וואַרפן געלט דורך פענצטער פאַר דעם בית מדרש ווו איך האָב געדאַוונט קליינערהייט.

אין דעם זעלביקן בריוו האָט מיין מאַמע אויך באַשריבן מיט וואָס פֿאַר אַ גדולה זי איז געזעסן אין דער ערשטער ריי פֿון פֿול־געפּאַקטן טעאַטער, ווו מען האָט אויפֿגענומען חיים־נחמן ביאַליקן, ווו דער זון אירער משה איז געזעסן אויבן־אָן אויף דער סצענע און איז געווען דער פֿאָרזיצער פֿון דער קבלת־פּנים־קאָמיסיע.

## דער מאַמעס צווייטער בריוו

דער לייטמאָטיוו פֿון דעם דאָזיקן בריוו איז געווען:

„קינדערלעך, איר זאָלט גיין אויפֿן גלייכן וועג און לעבן אָרנטלעך"!...

און ווייטער דערציילט די מאַמע אַ געשיכטע וועגן אַ בייזווילליקער שריפֿה און וועגן אַ קרימינעלן פּראָצעס וואָס איז מיט דעם געווען פֿאַרבונדן. עס זיינען פֿאַרפּלאָנטערט געוואָרן אין דעם ענין גרויסע און אָנגעזעענע ביאַ־ליסטאָקער סוחרים. די גאַנצע שטאָט איז געוואָרן אויפֿגעדרודערט און איז געגאַנגען ממש אויף רעדלעך. די באַשולדיקטע יידן האָבן געהאַט אַ גרויס אימפּאָרט־און עקספּאָרט־געשעפֿט מיט לאַגערן סחורות, וואָס האָבן באַטראָפֿן שווערע מיליאָנען און אין איינער אַ פֿינצטערער נאַכט איז דאָס פּלוצלונג פֿאַרברענט געוואָרן. די פֿאַרזיכערונגס־געזעלשאַפֿט האָט ניט געוואָלט באַ־צאָלן דעם שאָדן, זי האָט פֿאַרפֿירט אַ פּראָצעס און האָט אָנגעשטעלט די בעסטע אַדוואָקאָטן און דער סוף איז געווען אַ ביטערער, — מען האָט אַלע שותּפֿים פֿאַרשפּאַרט אין טורמע.

ביי דער געלעגנהייט זאָל דאָ פֿאַרצייכנט ווערן, אַז ביי אונדז אין מעקסיקע האָט געלעבט אַ ביאַליסטאָקער אמת ערלעכער ייד, וואָס איז דאָס ערשטע יאָר געווען אַ שותּף אין דער דאָזיקער געזעלשאַפֿט .ער האָט אָבער באַלד באַ־מערקט, אַז עס גייט עפּעס ניט גלאַטיק, האָט ער גלייך אַרויסגענומען זיין געלט און איז געקומען צופֿאָרן קיין מעקסיקע. דער ייד, וועמען איך האָב געקענט פֿון זיין פֿריסטער יוגנט אָן איז שוין אויף דער אמתער וועלט, זאָל אים די ערד גרינג זיין. זיין נאָמען איז געווען מענדל מיסלאַבאָדסקי.

# דאָס לעבעדיקע און חרוב געוואָרענע ביאַליסטאָק

## אינהאַלט פון מיין פּלאַטע, וואָס איך האָב אַרויסגעגעבן אין 1961

## אַריינפיר

העני העני ממעש... איך וועל אָנהייבן מיט דער תפילה, וואָס דער חזן זאָגט ימים־נוראים פאַר מוסף. איך וועל אויך מיט אים מיטזאָגן: „אני ראוי והגון לכך"... איך בין ניט אימשטאַנד און ניט באַרופן צו געבן אַן אַלזייטיקע אָפּשאַצונג פון דער עיר ואם ישראל ביאַליסטאָק, וואָס האָט געהאַט אַזאַ רייכע פאַרגאַנגענהייט.

איך האָב ניט בדעה און איך בין ניט בכוח אויסצושעפּן די טעמע ביאַליס־טאָק, וואָס האָט געהאַט אַזאַ רייכע און ווונדערלעכע געשיכטע.

איך וויל בלויז דערציילן דורך דער פּלאַטע, דורך דעם רעקאָרד וועגן ביאַ־ליסטאָק ווי איך געדענק זי, און גלייכצייטיק געבן אַ באַשיידענע און קליינע שילדערונג פון איר אונטערגאַנג און פון דעם חורבן.

מיט מיינע באַשיידענע מיטלען וויל איך אויפבויען אַן אוהל מיט אַ נר־תמיד וואָס זאָל ברענען אינעווייניק.

איך וויל מיט מיינע באַגרענעצטע כוחות אַוועקשטעלן אַ סימבאָלישע מצבה לעבן וועלכער יעדער איינער וועט קענען אָנצינדן יאָרצייטליכט, אַ מצבה וו מען זאָל קענען אָנשפּאַרן דעם קאָפּ און זאָגן „יזכור" — ווער נאָך אַ טאַטן, ווער נאָך אַ מאַמען, ווער נאָך אַ שוועסטער, ווער נאָך אַ ברודער, ווער נאָך אַ ווייטן אָדער נאָענטן קרוב און ווער נאָך אַלע אינאיינעם צוזאַמען גענומען, ווער עס האָט פאַרלוירן גאַנצע משפּחות פון צענדליקער נפשות.

## ביאַליסטאָק — ווי איך געדענק זי

דער גרעסטער מקונן פון אונדזער חורבן, אונדזער בן־עיר זוסמאַן סעגאַלאָ־וויטש פרעגט אין איינעם פון זיינע קלאָגלידער: „ווי זאָל איך אייך באַוויינען, ישובים מיינע?" זיבן ווערטער אין גאַנצן, אָבער ווען מען וואָלט געקענט יעדעס וואָרט, יעדער אות אויסדרייען, וואָלט פון זיי גערונען בלוט און טרערן:

„ווי זאָל איך אייך באַוויינען, ישובים מיינע"?

און באמת. צי איז דען מעגלעך צו באַוויינען הונדערטער שטעט און שטעט־לעך? צי איז עמיצער בכוח צו באַקלאָגן מיליאָנען קרבנות?

ערגעץ ווו האָב איך געלייענט, אַז די גייסטיקע סטרוקטור פון אַ מענטשן איז געשאַפן געוואָרן אויף איינצוזאַפּן אין זיך אַ געוויסן סכום, אַ געוויסע מאָס



ביאַליסטאָק — עיר ואם בישראל סימבאָלן פון דער שטאָט

ליידן אָדער פריידן, אַט אַזוי פֿיל און ניט מער... אונדזער ווונד איז ביאַ־ליסטאָק, אונדזער וויטאָג איז ביאַליסטאָק, ווייל מיט ביאַליסטאָק זיינען פֿאַר־בונדן די שענסטע זכרונות פון אונדזער קינדהייט און פון אונדזער יוגנט. אין ביאַליסטאָק האָבן מיר געלאָזן אונדזערע טייערע און ליבע, וואָס האָבן זיך מיט אונדז געזעגנט און האָבן אונדז באַגלייט און מיט טרערן אין די אויגן אונדז געפרעגט:

— „צי וועלן מיר זיך נאָך אַ מאָל זען״?

„בליל זה יבכיון וילילון בני״!... אין דער דאָזיקער נאַכט וועלן וויינען און קלאָגן מיינע קינדער — זאָגט מען אין תשעה־באָב צו קינות. און מיר וועלן זאָגן: „בלילה ההוא״... אין יענער לאַנגער פינצטערער נאַכט האָבן זיך געטראָגן איבער די גאַסן און געסלעך פון דער ביאַליסטאָקער געטאָ די לעצטע יללות, די לעצטע פאַרשטיקטע ווי־געשרייען פון אונדזערע ברידער און שוועסטער וואָס מען האָט געפירט צו דער שחיטה... בלילה ההוא איז אונדזער שטאָט ביאַליסטאָק ווו פון סלאָבאָדע ביז סקאָרופּ און פון ביאַליסטאָ־טשעק ביז באַיאַרע, (נעמען פון געגנטן ביי די פיר עקן פון שטאָט) האָט גע־ברויזט אַ פולבלוטיק יידיש לעבן — פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן בית־עולם.

מיר וועלן היינט דערמאָנען די שיינע, די בליענדיקע ביאַליסטאָקער יו־גנט, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן פונעם שונא; די יוגנט, וואָס האָט געלערנט, געבענקט און געשטרעבט צו נייע וועלטן און צו נייע אידעאַלן; די יוגנט, וואָס איז געווען איין גרויסער און שפרודלדיקער קוואַל פון לעבן.

מיר וועלן היינט אויך דערמאָנען דעם גרעסטן טייל פון ביאַליסטאָקער יידנטום, דאָס פאָלק — עמך; ביאַליסטאָקער הענדלערס און קרעמערס, ביאַ־ליסטאָקער בעלי־מלאכות און פּועלים, ביאַליסטאָקער בעלי־עגלות און איז־וואָזטשיקעס, ביאַליסטאָקער טרעגערס און פּאַקירערס — זיי אַלע האָבן געהאַט אַ באַזונדער ביאַליסטאָקער קאָלאָריט. אויף זיי אַלעמען איז געווען אויסגעגאָסן אַ ספּעציפישער ביאַליסטאָקער חן.

ווען איך דערמאָן זיך אין די ביאַליסטאָקער טרעגערס קומט מיר פאַר די אויגן איינער פון זיי; אַ נידעריק יידעלע מיט אַ קורץ בערדל פון אַן אומבאַ־שטימטן קאָליר, אַרומגעבונדן מיט אַ לאַנגן שטריק ווי אַ גאַרטל איז ער גע־שטאַנען אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ אונטערן שטאָטזייגער.

איך זע אים אַ גאַנצע וואָך, טראָגנדיק פּעקלעך און קעסטלעך סחורה אויף זיין פּלייצע און איך זע אים אויכעט פרייטיק פאַרנאַכט, ווען ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך די וואָכעדיקייט און ער גייט צו צו די שיסעלעך טראָן, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר די קרעמלעך אין ברעמל, שמירט אויס פאַר אַ קאָפּיקע די היכע שטיוול זיינע און כמעט אין גאַנצן אַ גלאַנציקער — לאָזט ער זיך גיין

דורך סוראַזשער גאַס, העט־ווייט אַראָפּ, אַראָפּ צו דער אָרעמער שטיבעלע זיינער מקבל־פּנים זיין דעם הייליקן שבת.

אין סאַמע פּראַנט פון די קראָמען אין ברעמל זע איך שטייענדיק דעם הויכן שניטקרעמער פּיוול ראַגאָווסקי אָדער ווי מען האָט אים גערופן, פּיוול דער הייזעריקער. די שענסטע שניטקראָם האָט ער געהאַט אין ציגנוואָלף אונטערן שטאָטזייגער. איך זע אים אויך, ווי דאַנערשטיק לאָזט ער איבער זיין קראָם און גייט אַרויס צווישן די קראָמען אויפמאַכן אויף שבת פּאָר אַ בכבודיקער פאַמיליע — מתן בסתר.

איך זע אויך דעם גרויסן דראַנג, די שטאַרקע באַוועגונג, פרייטיק פאַר נאַכט אַנטקעגן דעם שטאָטזייגער און אויפן ראָג פון סוראַזשער גאַס. דאָס שטראָמען אַרבעטסמענטשן פון פאַבריקן און וואַרשטאַטן אַהיים. אַ סך פון זיי מיט פעטע פאַרשמאַלצענע און בלישטשעדיקע בגדים. זיי אַיילן זיך צו קומען וואָס פריער אין זייערע היימען וואָס געפינען זיך אויף די גאַסן און געסלעך פון די ברייטע און שמאָלע פיאַסקעס. אַ טייל שטעלט זיך אָפּ לעבן טויער פון קוריאַנסקיס הויף, קויפן אויף גיך פאַר אַ פאָר קאָפּיקעס געזשאַרעטע יאַנדרעס, אַנדערע כאַפּן זיך אַריין אין די האַלב־אָפענע ראַזיר הייזער כדי זיך אָפּצושערן.

שנעל פאַרגייט די זון. עס הערט זיך, ווי דער שול־שמש ציט אויס די ווערטער און רופט אויס איין מאָל און נאָך אַ מאָל: אין... אין... אין שול אַריין! עס דערזעען זיך דורך די פענצטער די אָנגעצונדענע ליכט אין אַלע הייזער, די גאַסן ווערן אויסגעליידיקט, פּוסט... און דער שבת־קודש לאָזט זיך אַראָפּ איבער ביאַליסטאָק.

איך וועל דערמאָנען נאָך אַ מאָל זוסמאַן סעגאַלאָוויטשן. אָט זע איך אים אַזוי ווי נעכטן וואָלט עס געווען: אַ הויכער, אַ שלאַנקער בחור מיט אַ פּעלע־רינע אויף די אַקסלען. אויפן קאָפּ אַ ברייטער הוט און דער קראַגן פון זיין העמד באַהעמיש אויסגעבונדן מיט אַ שוואַרצער בינדע. אָט שטייט ער אויפן ראָג גומיענער גאַס, אויף דער בירזשע פון די ווייס־קאָלנערדיקע פּראָלע־טאַריער.

און אָט זיינען עטלעכע שורות אין וועלכע ער באַקלאָגט זיין געבוירן־שטאָט:

ביאַליסטאָק, מיין שטאָט פון העלדן־רעוואָלוציאָנערן,
געקעמפט האָבן אין פינפטן יאָר.
ביאַליסטאָק, הויכע קוימענס, וועבערס אין אַ לעבן אַ שווערן
געהאָדעוועט האָבן זיך אַ דור נאָך אַ דור.

יאָ, איך זע זיי די ביאַליסטאָקער וועבערס, גאַרבערס און אַרבעטער־מאַסן בכלל. איך זע ווי זיי מאַרשירן צעפלאַמטע אויף די דעמאָנסטראַציעס אויף די ביאַליסטאָקער גאַסן מיטן רעוואָלוציאָנערן ברען אין זייערע אויגן. איך זע זיי אויך, ווי זיי שטייען אויף סוראַזשער גאַס, אויף דער אַרבעטער־בירזשע

און שלינגען מיט אָפענע מיילער יעדער וואָרט פון די פלאַמפּייערדיקע רעד־נערס. אָבער אין דער זעלביקער צייט זע איך אויך די פּשוטע האָרעפּאַשנע פאָלקסמענטשן, ווי זיי זיצן שבת פאַרנאַכט, בין־השמשות אין טונקעלן בית־מדרש ביים לאַנגן טיש לעבן אויוון און זינגען בציבור קאַפּיטלעך תהלים. זייערע צעלויכטענע שבת־יום־טובדיקע פּנימער רעדן שטומערהייט און זאָגן: „דאָס איז דאָך אונדזער נחת, אונדזער פאַרגעניגן, דערפון ציען מיר דאָך אונדזער גייסטיקע יניקה און שעפּן כוחות צו אַרבעטן שווער און ביטער די גאַנצע וואָך.

נאָך איצט קלינגען מיר אין מיינע אויערן דער ספּעציעלער ביאַליסטאָקער ניגון, מיט וועלכן זיי פלעגן אויסזינגען מיט דער גרעסטער מתיקות דאָס קאַ־פּיטל תהילים ק״מד; איך קען ניט זינגען, אָבער איך מוז פאַרצייכענען דעם ניגון לדורות, אַזוי ווי איך קען אים און געדענק אים, ווייל מער וועט מען שוין יענעם ניגון קיין מאָל ניט הערן.

LEDAVID

ק״מ״ד

לדוד: ברוך ה׳ צורי,
המלמד ידי לקרב,
אצבעותי למלחמה.
חסדי ומצודתי, משגבי ומפלטי לי,
מגני ובו חסיתי, הרודד עמי תחתי,
ברוק ברק ותפיצם
שלח חציך ותהמם.

אַ האַרציקן דאַנק מיין פריינד חזן לייבעלע כיניטש פאַרן אָנשרייבן די נאָטן פון דעם תהילים־לידל, וואָס איך האָב געהערט מיט העכער 60 יאָר צוריק אין מיין היימשטאָט ביאַליסטאָק. אָט דער ניגון, וואָס איז געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון ביזן היינטיקן טאָג.

דאָ בעט זיך עפּעס צו דערציילן: מיין טאַטע ע״ה, דער גרויסער בעל־דקדוק האָט געהאַט אַ געוווינהייט צו גיין שבת פאַר נאַכט אין די בתי־מדרשים פון די אָרעמע ביאַליסטאָקער געגנטן און זיך צוהערן ווי די פּשוטע יידן האָבן אַוועקגעהרגעט די עברי פון די קאַפּיטלעך תהילים וואָס זיי האָבן געזאָגט. קומענדיק, האָט ער דערציילט ווי אַ יונגער באַלעגאָלע האָט זיך צוואָרעמט און האָט אויסגעזונגען אויף די העכסטע טענער: „ביירעק בוראָק ותפיצם״... אַ צווייטער, ווידער, אַן עלטערער באַלמעלאָכע האָט דערלאַנגט אַ טראַסק אַזוי ווי אין אַ באַראַבאַן און האָט אויסגעשריען: „אַי טאַטינקע, זיסער! ברייק בראָק ותפיצם״... דאָ קען איך זיך ניט איינהאַלטן און מוז באַמערקן, אַז דער גרויסער געלערנטער ייד אונדזערער, ר׳ אַברהם גאָלאָמב וואָלט וועגן אָט די דאָזיקע טייערע יידן געזאָגט אָט וואָס: „געבענטשט און געהייליקט זאָל זיין דער אָנדענק פון די אַמאָליקע יידישע פּראָסטע פאָלקסמענטשן. הלוואַי וואָלטן מיר היינט געהאַט אַ סך, אַ סך אַזעלכע. אמת, צוליב דעם ביטערן לעבן זייערן זיינען זיי אויסגעוואָקסן עס־הארצים, אָבער דאָך זיינען זיי ניט געווען קיין גראָבע יונגן.

טאַקע, ניין! און נאָך אַ מאָל ניין!

און איצט וועלן מיר דערמאָנען דעם סאַמע קערנדיקן טייל פון ביאַליס־טאָקער יידנטום, דעם מיטלקלאַס און העכער פון מיטלקלאַס. יידן סוחרים, יידן פאַבריקאַנטן; יידן ברייטפּלייציקע מיט שיינע אויסגעקעמטע בערד, יידן — ווינטער אין טכוירענע פוטערס, — זומער אין שוואַרצע לוסטרינענע מאַ־רינאַרקעס, יידן וואָס האָבן פאַרמאָגט אין זיך תורה און חכמה צוזאַמען יידן וואָס האָט געשפּריצט פון זיי מיט חריפות, מיט פּקחות, מיט שאַרפזיניקייט...

אַ ביאַליסטאָקער וויץ, אַ ביאַליסטאָקער גלייכווערטל — צי דאָס איז געווען דברי־חול, צו דאָס איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט תורה־ווערטער — זיינען זיי אָבער שטענדיק געווען קלוג, שאַרף און אין פּינטל אַריין.

עס ווילט זיך אויך שענקען אַ שטיקל פּלאַץ דער ביאַליסטאָקער דיפּלאָ־מירטער אינטעליגענץ. איך וועל בלויז דערמאָנען צוויי נעמען: ד״ר רייגראָד־סקי — דער מענטש מיט דער גאָלדענער נשמה, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבן אין 1906, אי די צייטן פון דעם ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, געקלאַפּט אַ טעלעגראַמע קיין פּעטערבורג צו די יידישע דעפּוטאַטן, מיט אַ הילפסגעשריי: „ראַטעוועט״.

דער צווייטער איז געווען ד״ר כאַזאַנאָוויטש — וואָס איז געווען אַן אוני־קום, וואָס קיין גלייכן צו אים האָט מען ניט געקענט געפינען אין דער גאַנצער יידישער וועלט; אַ מענטש וואָס האָט פאַר די לעצטע גראָשנס זיינע, גע־קויפט ספרים און ביכער און געשיקט זיי קיין ארץ־ישראל, ווו עס געפינט זיך היינט אַ ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען.

און וואָס פאַר אַן עדה — אַזעלכע מנהגים. ביאַליסטאָקער רבנים זיינען ניט געווען קיין אַלט־פרענקישע פאַנאַטיקער, ביאַליסטאָקער רבנים זיינען ניט געווען קיין דאָגמאַטיקער, ביאַליסטאָקער רבנים זיינען געווען קלוגע, לעבעדיקע, נשמהדיקע יידן, פון העכסטן אַדל.

## ביאַליסטאָקער חורבן

געוויסע דאַטן און נאָטיצן האָב איך געשעפּט פון רפאל רייזנערס ע״ה בוך „אומקום פון ביאַליסטאָקער יידנטום״ און פון די דערציילונגען בעל־פּה פון שמעון עמיאל וואָס האָט זיך דורך אויסטערלישע ניסים געראַטעוועט און געפינט זיך איצט ביי אונדז אין מעקסיקע.



פרייטיק דעם 27סטן יוני האָבן זיך די דייטשע רוצחים אַריינגעריסן ווי ווילדע הינט קיין ביאַליסטאָק און גלייך אָנגעהויבן זייער בלוטיקע אַרבעט.

קומט, לאָמיר זיך צוקוקן צו די בילדער פון ביאַליסטאָקער אומקום, צו די סצענעס פון ביאַליסטאָקער חורבן.

— צי געדענקט איר די ביאַליסטאָקער שול, ווו מיר פלעגן זיך קוויקן מיט די זיסע ניגונים פון באַרימטע חזנים?

זעט ווי די שול שטייט איינגעוויקלט אין פלאַמען פון אַלע פיר זייטן. זעט ווי די פייערדיקע צונגען רייסן זיך דורך די פענצטער. לאָמיר זיך צוהערן צו די פאַרשטיקטע, האַרצרייסנדיקע יללות וואָס טראָגן זיך פון אינעווייניק — דאָרטן ברענען און בראָטן זיך לעבעדיקערהייט, אַרום טויזנט פינף־הונ־דערט יידן, וועלכע מען האָט אַרויסגעשלעפּט פון די הייזער אָדער געכאַפּט אין די גאַסן. מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין דער שול און דורך די פענצטער האָט מען אַריינגעוואָרפן צינדבאָמבעס.

לאָמיר זיך צוהערן, וואָס עס דערציילט באַרטאָשקאַ, דער שבת־גוי פון שול. ער האָט געזען וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אינעווייניק, אין דער אָנ־געפּראָפּטער שול מיט די פאַרהאַקטע טירן. ווען מען הערט זיך צו דעם וואָס ער דערציילט, ווערט דאָס בלוט פאַרגליווערט אין די אָדערן, די האָר שטעלן זיך קאַפּויער און שטעכן אין קאָפּ אַזוי ווי שטאָלענע שפּיזלען.

זעט! קוקט! דאָרטן אויבן, אין דער ווייבערשול, אַ ייד מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד, האַקט מיט אַלע כוחות זיינע דעם קאָפּ אין דער געמויערטער וואַנט. אַ צווייטער, האָט געבעטן ביי זיין זון דעם פּאַסיק פון די הויזן — ווייל דעם זונס פּאַסיק איז אַ נייער, אַ שטאַרקערער פאַר זיינעם — ער האָט פאַרצויגן דעם פּאַסיק אַרום דעם האַלדז און דעם צווייטן עק צוגעבונדן צו דער מעשענער מנורה; און מיטן אויסגעשריי „שמע־ישראל" האָט ער זיך באַפרייט פון זיינע יסורים.

אַנטקעגן איבער, איז אַ יונגערמאַן אַרויפגעקראָכן אויף אַ הויכן פענצטער און דורך די צעבראָכענע שויבן, האָט ער מיט אַ ווילדן, ניט נאָרמאַלן געלעכטער און מיט באַנומענע קולות געשריען צו די רוצחים אויף דער גאַס. מען האָט ניט געהערט קיין ווערטער, אָבער מען קען זיין זיכער אַז געבענטשט האָט ער זיי ניט. ער איז געטראָפן געוואָרן פון אַ רוצחישער קויל און זיך אַראָפּגעקייקלט פון דער הויך...

ווען עס איז צו מיר דערגאַנגען די פינצטערע בשורה אַז מיין ברודער אהרון — אַ באַקאַנטער שאַכמאַטיסט — איז אויך געווען צווישן די ערשטע פרייטיקדיקע קרבנות, האָב איך מיט בלוט פון מיין האַרצן אַנגעוואָרפן די ווייטערדיקע שורות:

## עס ברענט מיין ברודער לעבעדיקערהייט

שול געפּאַקט, ניט צו געבן זיך אַ דריי
און מיין ברודער איז אויך צווישן זיי.
זע גאָטעניו! משמים הבט
עס ברענט מיין ברודער לעבעדיקערקייט
אין פלאַמען שטייט די גרויסע שול
דער מקום־קודש — מיט צעשראָקענע יידן פול.
מיט „שמע־ישראל באַגעגענען זיי דעם טויט
עס ברענט מיין ברודער לעבעדיקערהייט.
עס פלאַקערן די ווענט — עס קראַכט שוין דער דאַך,
עס ברענט ווי אַ ליכט דער מייסטער פון שאַך.
די אויגן זיינע — צעעפנט ברייט
עס ברענט מיין ברודער לעבעדיקערהייט.

---

נאָך דעם קומען די שבתדיקע — ווי מע האָט זיי אַ נאָמען געגעבן.

מען האָט אַרומגערינגלט דעם צענטער פון דער שטאָט אין מיטן נאַכט, מען האָט זיי אַרויסגענומען פון די בעטן — העכער דריי טויזנט זיינען זיי געווען — מען האָט זיי אַוועקגעפירט אויף דעם וואָשליקאָווער וועג, אין אַ

דאָרף פּעטראַשע, פון וואַנען קיין איינציקער איז ניט געקומען צוריק. די אַרומיקע פּויערים האָבן שפּעטער דערציילט, אַז זיי האָבן געהערט שרעקלעכע יללות און געזען ווי די ערד פון די פאַרשאָטענע גריבער האָט זיך געהויבן.

דאָס זיינען געווען די ערשטע ביטערע פּילן, וואָס די רוצחים האָבן צוגע־טראָגן דעם ביאַליסטאָקער יידנטום, איידער מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין געטאָ. צווישן די דאָזיקע שבתדיקע קרבנות איז אויך געווען מיין ברודער משהלע — דער באַרימטער לערער און מחנך, וועמעס תלמידים און תלמידות זיינען צעשפּרייט אין אַלע עקן וועלט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם 25סטן יולי, 1941, איז געשאַפן געוואָרן די ביאַליסטאָקער געטאָ. מען דאַרף פאַרמאָגן אַ פּענדזל פון אַ גרויסן מאָלער אויף צום קענען אויס־מאָלן וואָס עס האָט זיך אין יענעם טאָג אָפּגעטאָן אויף די ביאַליסטאָקער גאַסן. אַלע ביאַליסטאָקער יידן מיט זייערע משפחות האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע איינגעזעסענע היימען און גלייך אויף אַן אָרט, אין איילעניש, זיך אַריבער־קלייבן אין דער גרויסער טורמע, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן געטאָ.

איך וועל אויפדעקן פאַר אייך איין ווינקל פון דעם גרויזאַמען בילד, איין טייל פון דעם שוידערלעכן ברייטן לייוונט.

זעט! פרויען, אַ סך פרויען, האַרציקע יידישע טעכטער, אייערע שוועס־טער, אָדער מיינע שוועסטער, זעט ווי זיי גייען. נישט זיי גייען, נאָר זיי לויפן. מיט שווערע פּעק אויף זייערע פּלייצעס. און זייערע קינדערלעך, די טייערע יידישע קינדערלעך. וואָס האָט דען אַ יידישע מאַמע פאַרמאָגט מער ווי אירע קינדער? זעט ווי צעשראָקן זיי זיינען, זעט ווי זיי האַלטן זיך מיטן הענטעלע ביי דער מאַמעס קלייד אָדער פאַרטוך און מיטן צווייטן הענטעלע שלעפּן זיי אַ פּאַק, נישט פאַר זייערע כוחות. וויי און ווינד איז אונדז! דאָס העלפן זיי דער מאַמען זייערער זיך איבערקלייבן אין אַ נייער דירה.

זעט אויך, ווי ביי די זייטן פון די גאַסן שטייען אונדזערע בלוטיקע שכנים און שטשירען זייערע ציין און וואַרטן אַזוי ווי רויבפויגל, אפשר וועט זיך צערייסן אַ ליילעך און עס וועט עפּעס אַרויספאַלן פון דעם יידישן פאַרמעגן, פון דעם שווער פאַרהאַרעוועטן האָב און גוטס. אפשר וועט אַ קינד פאַרלירן די כוחות און איבערלאָזן דאָס וואָס ער טראָגט.

עס ווילט זיך רייסן די האָר פון קאָפּ און שרייען: פאַר וואָס קומט עס אייך אַזעלכע צרות? אייך יאָ, און אונדז נישט? מיר זיינען דען בעסער פון אייך? עס ווילט זיך צולויפן, צונעמען ביי זיי די פּעקלעך און זיי העלפן אונטער־טראָגן.

און אָט האָבן זיי זיך שוין איינגעאָרדנט אין זייערע נייע היימען. קומט, לאָמיר גיין צו זיי צו גאַסט! קומט, לאָמיר זיי צוטראָגן עפּעס מיט וואָס זיי

מחיה צו זיין, קומט, לאָמיר גיין פון טיר צו טיר, פון שטוב צו שטוב, אָפּ־ווישן אַ טרער, ברענגען זיי אַ טראָפּן טרייסט. מיר וועלן זען אונדזערע ברידער און שוועסטער מיט זייערע בלאַסע, אויסגעמאַטערטע, אויסגעצויגענע פּנימער, מיט זייערע פאַרשמאַכטע ליפּן און אויסגעלאָשענע אויגן. יאָ, די אויגן... זעט זייערע אויגן! קוקט זיך צו צו זייערע אויגן, די בליקן זייערע זיינען געווענדעט צו אונדז, זיי קוקן רחמנותדיק אויף אונדז, ווייל וועגן אונדז און נאָר וועגן אונדז האָבן זיי געטראַכט סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט ביזן לעצטן אָטעמצוג פון זייער לעבן.

לאָמיר אויך צוגיין אויף גומיענער גאַס און זען דעם קדוש, דעם העלד מאַלמעד וואָס האָט אָפּגעגאָסן מיט שוועבל־זויערס אַ דייטשישן מערדער, אַ נאַצי־באַנדיט און האָט אים אויסגעברענט די פינצטערע אויגן זיינע. אַלס אַ שטראָף האָט מען אַרויסגעפירט אַלע שכנים פון הויף, הונדערט אין צאָל, מע האָט זיי דערשאָסן און באַגראָבן האַלב־לעבעדיקע אין פּראַגעס גאָרטן אויף נייוועלט און יידן פון אַ צווייטן הויף האָבן געמוזט גראָבן פאַר זיי די גריבער. נאָך דעם האָט אַ העלדישע פרוי — מענדל קוריאַנסקיס אַ טאָכ־טער — זיך מתקנא געווען און האָט נאָכגעטאָן מאַלמעדן. זי האָט דורך אַ פענצטער פון איר דירה פון צווייטן עטאַזש געוואָרפן אַ פלעשל ברענשטאָף אויף די קעפּ פון די מערדערס. די נאַצי־רוצחים האָבן איר פונעם זעלביקן פענצטער אַראָפּגעוואָרפן אויף דעם שטיינערנעם ברוק מיט איר צוויי־יעריק קינד אין די אָרעמס...

דאָס לעבן אין געטאָ, אויב מען קען דאָס אָנרופן לעבן איז געווען איין שווערער קאָשמאַר, איין לאַנגע קייט פון רציחות און מערדערייען. יעדער טאָג אַן אַנדער אומגליק, יעדע נאַכט געוויינען, יעדן פרי מאָרגן יללות ביז דער גרויסער שחיטה פון פעברואַר 1943, ווען מען האָט אַרויסגעריסן פון געטאָ צוועלף טויזנט יידן און זיי אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע.

און אין אָט דעם שרעקלעכן גיהנום האָבן די איבעריקע זיך געמאַטערט און געגוסטט העכער צוויי יאָר. די באַגרענעצטע צייט דערלויבט מיר ניט אָפּצושטעלן זיך לענגער אויף דעם העלדישן ווידערשטאַנד, וואָס די העראָישע יוגנט האָט אַרויסגעוויזן אויף אָפענע פלעצער און אין די פאַרפאַנצערטע באַ־העלטענישן פון געטאָ. זיי האָבן געקעמפט ממש ווי לייבן און נישט איין נאַצי־רוצח איז געפאַלן פון זייערע קוילן.

דער נאָך איז געקומען דער לעצטער פינצטערער אַקט פונעם ביאַליסטאָ־קער חורבן — דער חודש אויגוסט פון 1943, ווען עס זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן צו די טויטלאַגערן און גאַזקאַמערן אַלע ביאַליסטאָקער יידן... די געטאָ איז ליקווידירט און אויסגעליידיקט געוואָרן און די בלוטיקע מערדערס האָבן געקענט שיקן אַ באַריכט, אַז ביאַליסטאָק איז געוואָרן יידן־ריין.


דעם אנדענק
פון זעכציק טויזנט
אידישע ברידער
פון ביאליסטאקער
געטא דערמארדעט דורך
די דייטשן, געווידמעט דורך
דעם הייפל איבערגעבליבענע
יודן, 16-8.1943-16.8.1945
מצבה
MIEJSCE STRACENIA
OFIAR BARBARZYNSTWA
- HITLEROWSKIEGO
Sierpień 1943
PAMIĘĆ POMORDOWANYCH
WIECZNA
HAŃBA MORDERCOM
זכור... אט דאס איז געבליבן
פון אונדזער היימשטאט ביאליסטאק.

קומט איצט, לאָמיר זיך מיט זיי געזעגענען, לאָמיר זיי אַלעמען באַגלייטן אויפן לעצטן וועג זייערן. זעט ווי מע יאָגט זיי, ווי מען טרייבט זיי פון אַלע זייטן, זעט ווי זיי גייען יונג און אַלט, מענער, פרויען און קינדער. קוקט זיך צו ווי זיי שטייען אין די טויזנטער, צונויפגעקוועטשטע, צעבראָכענע און פאַר־שמאַכטע אין דער ברענענדיקער היץ אַראָפּ יוראַווצער גאַס,דאָרטן ווו עס ליגן אויסגעלייגט די רעלסן פון דער פּאָליעסער באַנליניע... זעט, ווי זיי שטעקן אַרויס דעם צונג און קוקן צום הימל, אפשר וועט אַראָפּפאַלן אַ טראָפּן רעגן... און דאָ לאָזט זיך אַראָפּ דער שוואַרצער פאָרהאַנג איבער אונדזער היימשטאָט ביאַליסטאָק.

אַזוי זיינען אומגעקומען אונדזערע נאָענטע און ליבע, אַזוי זיינען אומ־געבראַכט געוואָרן די פאַרבליבענע זעכציק טויזנט נפשות פון ביאַליסטאָקער געטאָ.

און מיט געביילטע פויסטן פון צער און צאָרן, מיט צונויפגעקאָרטשעטע הערצער פון יסורים און ווייטאָג און מיט אויגן פול מיט טרערן וועלן מיר ענדיקן מיט די ווערטער „יתגדל ויתקדש" און אויסשרייען: אונדזער ביאַ־ליסטאָק, אונדזער ליבע היימשטאָט ביאַליסטאָק, אייביק וועלן מיר דיך גע־דענקען!

## לזכר נשמת סאַלאָמאָן קאַהאַן ע"ה

סאַלאָמאָן קאַהאַן האָט געשטאַמט פון אַ ביאַליסטאָקער יחסנישער פאַמיליע ראַפּאָפּאָרט, וואָס זיינען געווען אונדזערע מחותנים. דעריבער האָב איך געהאַט זיין אַדרעס ווען איך בין געפאָרן קיין מעקסיקע און איך האָב זיך באַקענט מיט אים באַלד דעם ערשטן טאָג ביי מיין אָנקומען אין דעם נייעם לאַנד אונדזער פריינטשאַפט איז ניט איבערגעריסן געוואָרן ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

צוליב געוויסע סיבות האָט דער טאַטע זיינער וואָס איז אַגב געשטאָרבן זייער יונג — געמוזט בייטן זיין פאַמיליע־נאָמען אויף קאַהאַן.

אויף מיין וועג קיין מעקסיקע האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין וואַרשע. דאָרטן האָב איך זיך געטראָפן מיט קאַהאַנס מאַמען. איך האָב דערזען פאַר זיך אַ פרוי ביי וועמען די איידלקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויפן פּנים. ביים געזעגענען זיך מיט איר, האָט זי מיר געוויזן אַ בריוו פון איר זון — פון איר שלומקען. ווו ער שרייבט צום סוף, אַז ער ראָט ניט קיינעם צו קומען קיין מעקסיקע, ווייל דאָס לאַנד פאַרמאָגט ניט קיין שום אינדוסטריע און עס איז דאָרט נישטאָ צו וואָס זיך צו נעמען. דאָס איז דעמאָלט געווען די מיינונג ניט נאָר פון סאַלאָמאָן קאַהאַנען אַליין, נאָר פון אַ סך אַנדערע עמיגראַנטן. ווען ניט אָט די עצות, די גרוסן, וואָלטן אפשר עמיגרירט פון פוילן גאָר אַ סך יידן

און זיי וואָלטן זיך געראַטעוועט פון גהינום, אָבער דאָס איז שוין אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

מען, קען זיך שוין אָבער פאָרשטעלן ווי איך האָב זיך דעמאָלט געפילט, הערנדיק אַזאַ מין גרוס פון מעקסיקע אין דער צייט, ווען איך האָב שוין באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פוילן און איך בין געשטאַנען שוין מיטן רענצל אין האַנט צו פאָרן אין אַ נייער וועלט, ווו איך האָב געהאָפט אַז עס וועט ניט זיין ערגער ווי אין פוילן.

אין דעם ווייטערדיקן קאַפּיטל גיב איך אַן אויסצוג פון סאָלאָמאָן קאַהאַנס אַ גרעסערע אַרבעט מיטן נאָמען:

## מיין געבורטשטאָט ביאַליסטאָק

... איך האַלט זיך גרויס און איך בין זייער שטאָלץ מיט מיין ביאַליסטאָק. רופט עס לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם, רופט עס ווי איר ווילט, עס איז דאָ און איך האָב מיט וואָס צו שטאָלצירן. אין ביאַליסטאָק האָב איך נאָר פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן איידער מיר זיינען אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע. ביאַליסטאָק איז אָבער געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון. דאָס איז די שטאָט, וואָס האָט פאַרמאָגט אַזאַ רב ווי ר׳ שמואל מאָהיליווער, דאָקטוירים ווי כאַזאַנאָוויטש, פּינעס און רייגראָדסקי; תלמידי־חכמים, גרויסע קענערס און לערערס ווי הערשבערג, און משה זאַבלודאָווסקי; אַ מוזיקער ווי בערמאַן, אַ רעדאַקטאָר ווי פּסח קאַפּלאַן, שריפטשטעלער ווי אָסיפּ דימאָוו, זוסמאַן סעגאַלאָוויטש אין הערמאַן פראַנק. אָט נעמט דאָ אין ניו־יאָרק — צי פאַרמאָגט וועלכע עס איז לאַנדסמאַנשאַפט אַזאַ מענטשן מיט די זעלטענע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן ווי עס פאַרמאָגט דוד סאָהן. איך דערמאָן זיך, ווי אין ביאַליסטאָק איז מיטן שטאָט געשטאַנען אַ שטאָטזייגער און דער שומר אויבן, אויפן גאַניק, האָט מיט זיין טרובקעלע אומעטיק געבלאָזן און האָט אָנגעזאָגט, אַז עס איז אויסגעבראָכן אַ שריפה אין שטאָט.

אויף מיינע רייזעס האָב איך אויך באַמערקט די קרובהשאַפט, די צוגעבונדנקייט וואָס עס פילן אין דער וועלט די ביאַליסטאָקער איינער צום צווייטן; יעדער איינער רעדט, יעדער איינער דערציילט וועגן זיין היימשטאָט, וועגן יענע יאָרן ווען ביאַליסטאָק איז געווע באַרימט מיט אירע רעוואָלוציאָנערן וואָס האָבן געקעמפט קעגן צאַרישן רעזשים, וואָס דאָס האָט געבראַכט צו דעם בלוטיקן פּאָגראָם אין 1906, ווו די זעלבסטשוץ האָט ניט אַרויסגעלאָזן די פּאָגראָמשטשיקעס אויף די פּיאַסקעס און אויף סוראַזער גאַס, ווו עס איז געווען די אַרבעטער־בירזשע.

ביאַליסטאָק האָט פאַרמאָגט אַ וווּנדערלעכע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט אַסימילירן. אין ביאַליסטאָק האָט מען גערעדט אַ זאַפטיקן יידיש

און מען האָט אויך געשמאַק געלערנט העברעיש. אין ביאַליסטאָק האָט געלעבט ד״ר לודוויג זאַמענהאָף, וואָס האָט געשאַפן די אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך „עספּעראַנטאָ״, כדי אויף אַזאַ אופן צוזאַמענצובינדן און צו פאַרברי־דערן אַלע פעלקער פון דער וועלט.

ווען איך בין געווען אין בוענאָס־איירעס, אין די הייזער פון די ביאַליס־טאָקער לאַנדסלייט האָב איך געהערט ווי קינדער שוין געבוירענע אויף דער זייט ים האָבן גערעדט מיט אַ וואַרעמען אינטערעס וועגן דער שטאָט פון זייערע טאַטע־מאַמע אַזוי ווי זיי וואָלטן דאָרטן געבוירן געוואָרן.

אַ ביאַליסטאָקער, וווהין ער קומט, ווייזט ער אַרויס זיין ענערגיע, זיין איניציאַטיוו און זיין דינאַמישקייט. ווי אַ ביישפּיל קען דינען די צענשטאָקיקע געביידע אין ניו־יאָרק און די „קרית־ביאַליסטאָק״ אין ישראל.

אָט האָב איך באַמערקט אויף אַ צומענקום אין ניו־יאָרק די משפחהדיקייט פון די ביאַליסטאָקער. דוכט זיך צום ערשטן מאָל און מען האָט שוין וועגן וואָס צו ריידן און וואָס צו שמועסן; ווו האָט איר געווינט אין ביאַליסטאָק? וואָס האָט איר געטאָן אין ביאַליסטאָק? ווען זענט איר אַוועק פון דער היים? און אָפט מאָל גאָר, ווייזט זיך אַרויס אַז מען איז נאָענטע קרובים.

אָט האַלט איך אין מיינע הענט דעם פּרעכטיקן ביאַליסטאָקער אַלבאָם, צונויפגעשטעלט פון דוד סאָהן, און איך באַוווּנדער וויפל געדולד דער ייד האָט געהאַט ביים זאַמלען יאָרן לאַנג דעם רייכן מאַטעריאַל. מען קוקט און מען זעט פאַר זיך אַ שטאָט וואָס האָט פאַרמאָגט גאַנצקייט און פאַרוואָרצל־דיקייט...

ווען איך וויל צום סוף אונטערפירן און מאַכן אַ באַלאַנס און איך קוק אַריין צו מיר אינעווייניק אין האַרצן, מוז איך זאָגן, אַז איין מאָל אַ ביאַליסטאָקער איז שטענדיק אַ ביאַליסטאָקער. און ווי האָט געזאָגט אַ מאָל יעקב פּאַט ע״ה: יעדער ביאַליסטאָקער פאַרמאָגט עפּעס אין זיך, אַזאַ געשמאַקע ראָזשינקע וואָס צעגייט אין אַלע גלידער. און איך וועל זאָגן, אַז ביאַליסטאָק איז פאַר מיר אַ שיינער ליכטיקער קאַפּיטל פון דער מזרח־אייראָפּעאישער יידישער געשיכטע. מיט אַ שרעקלעכן ווייטאַג מוז מען פעסטשטעלן, אַז ביאַליסטאָק איז אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל און שוין מער ניטאָ. אָבער אָט די ביאַ־ליסטאָק, וואָס איז געבליבן איינגעקריצט ביי מיר טיף אין האַרצן, זי וועט שטענדיק לעבן אין מיין פאַנטאַזיע און דאָס איז די ביאַליסטאָק של־מעלה...

„היינט איז בעסער ווי נעכטן און מאָרגן וועט זיין בעסער ווי היינט״ — אָט די אָפּטימיסטישע ווערטער פון אונדזער ביאַליסטאָקער סאַלאָמאָן קאַהאַן וואָס מען האָט געהערט פון אים טאָג איין טאָג אויס זיינען אויסגעקריצט אויף זיין מצבה.

ד ו ד  ז אַ ב ל ו ד אָ ו ו ס ק י

# ביאַליסטאָקער געסעלאַך

פון אַברהם שבח ע״ה (בוענאָס איירעס)

ביאַליסטאָקער געסעלאַך, ניטאָ שוין מער זענט איר.
ביאַליסטאָקער געסעלאַך — איר וועט אייביק זיין אין מיר.
די שטיבעלאַך ווי זיבעלאַך — די מויערן געציילטע
די יאַטעלאַך אין שמאַטעלאַך — די קינדער אויסגעוויילטע.

די נעכטעלאַך — געלעכטערלאַך — פון פאָרעלאַך פאַרליבטע
ניגונימלאַך, תחנונימלאַך און פנימער באַטריבטע.
ניטאָ שוין דאָרט די שטיבעלאַך — ניטאָ שוינדאָרט קיינער
נאָר בערגעלאַך און גריבעלאַך — מיט שטעכעלקעס און שטיינער.

עס לויפן שוין ניט יידעלאַך אין מאַרק אַריין דאָרט האַנדלען
און עס הערן זיך שוין מער ניט קיין לידעלאַך, פון ראָזשינקעס
מיט מאַנדלען.
ליבינקע, ביאַליסטאָקער געסעלאַך, קיין שפור פונאייך ניטאָ !
איך וועל מאַנען פאַר אייך געסעלאַך — ביז מיין לעצטער שעה.

## איך מיש די בלעטער פון ביאַליסטאָקער אַלבאָם...

צו דער פאַרצוויגטער חורבן־ליטעראַטור איז צוגעקומען אַ גרויס בוך — „דער ביאַליסטאָקער אַלבאָם" וואָס וועט פאַרנעמען גאָר אַ בכבודיקן פלאַץ אין אונדזער טרויעריקער און ביטערער געשיכטע. דער מחבר דוד סאָהן האָט אַריינגעלייגט אַ ים מיט געדולדיקער אַרבעט סיי ביים זאַמלען יאָרנלאַנג דעם רייכן מאַטעריאַל און סיי ביים קלאַסיפיצירן און אָפּקלייבן סיסטעמאַטיש דעם גרויסן באַרג בילדער און פאָרטרעטן, ביז עס איז אַרויסגעקומען אַ היסטאָרישער דענקמאָל, פּרעכטיק אַרויסגעגעבן אין 1951. (אויסצוג פון אַ רעצענזיע).

איך מיש די בלעטער פון ביאַליסטאָקער אַלבאָם און מיר דאַכט זיך, אַז איך שפּאַציר אויפן גרויסן בית־עולם פון אונדזער חרובער היימשטאָט... די פיס בייגן זיך, דאָס האַרץ קאָרטשעט זיך פון יסורים און דער מאַרך ברענט פון ווייטאָג. יעדן איינעם זע איך דאָרטן, ווו איך האָב אים געקענט. איך זע די סביבה און דעם גאַנצן אַרום ווו ער האָט געלעבט און ווי אַזוי ער האָט געווירקט. איך הער זיין שטים און זיין אינטאָנאַציע ביים ריידן, איך זע דעם שמייכל אויף זיין פּנים און אין די אויערן קלינגט יעדערנס געלעכטער. אָט קומט אָן פאַר מיינע אויגן מיין חבר סעמיאַטיצקי פון ביעלסק. ער איז גע־

קומען צו אונדז אין דער גרויסער שטאָט און יעדן טאָג האָט מען אים געקענט טרעפן אין לאָקאַל פון יוגנט־פאַריין. אין האַנט — דער שוואַרצער שטעקן זיינער מיטן זילבערנעם הענטל, יאָ געגעסן, ניט געגעסן, איז ער שטענדיק געווען אין אַ גוטן הומאָר און שטענדיק האָט ער געהאַט צו זאָגן עפּעס אַ ניי שאַרפזיניק וואָרט.

איך דערמאָן זיך, ווי אויף איינעם אַ קעסטל־אָוונט איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע „וואָס איז אַזוינס אַ בוך״? עס זיינען אַריינגעקומען אַ סך ענטפערס און דעם ערשטן פּרייז האָט געוווּנען סעמיאַטיצקי פאַר זיין קורצן און שאַרפן ענטפער: „אַ בוך איז אָדער אַ ברילֹ, אָדער אַ באַציל״.

און אָט איז די שיינקייט אַליין: נחמן לין — דער יונגער סעגאַלאָוויטש — וואָלט איך אים אָנגערופן. אַ בחור מיט אַן עסטעטישן געשמאַק פון דער העכסטער מדרגה, געשטאַמט פון יידישע פּריצים, שטענדיק געווען זויבער און עלעגאַנט אָנגעטאָן, ער האָט ווייניק גערעדט, אַ מאָל געשמייכלט אָבער קיין מאָל ניט געלאַכט אויפן קול, קיין מאָל זיך ניט געבייזערט. מיט איין וואָרט — אַ יונגערמאַן מיט אַ זעלטן צאַרטער איידעלער פּאָעטישער נשמה, אַ מזג טוב, האָט פאַרמאָגט טאַלאַנט צום שרייבן און די אָנגעשריבענע שורות זיינע פאַר דער „לעבעדיקער צייטונג״ זיינען אַרויסגעקומען פּערלדיקע און גלאַנציקע ווי טייערע געשליפענע בריליאַנטן.

און אָט איז מיין לערער און וועגווייזער יקותיאל כוואַט, דער פייערדיקער ענטוזיאַסטישער קעמפער פאַרן יידישן לשון, וואָס נאָך איינער צו אים איז ניט געווען צווישן דער דאַמאָלסדיקער יוגנט אונדזערער. אַ מענטש — אַ מלאך, כולו רוחניות — עפּעס ניט פון דער וועלט, ווי מע זאָגט אין רוסיש. פון לאָדז איז ער געקומען, נישט געשטאַמט פון קיין פאַלקסמענטשן נאָר פון דעם העכערן קלאַס פאַבריקאַנטן און מאַנופאַקטור־סוחרים. אין דער העכסט אינטעליגענטער שטוב זיינער האָט מען געוויס גערעדט רוסיש אָדער פויליש און ער איז גאָר געוואָרן אַ הייסער אָנהענגער און פאַרטיידיקער פון מאַמע־לשון. ווען ער האָט גערעדט וועגן יידיש, האָבן אַלע זיינע אברים געציטערט און פונקען ממש האָבן געשפּריצט פון זיין מויל: „לייענט, לייענט זשיטלאָווסקין! — פלעגט ער צו אונדז זאָגן — נישט נאָר לייענען, נאָר לערנען דאַרף מען יעדע שורה זיינע, וועט איר דעמאָלט וויסן ווער עס איז זשיטלאָווסקי און וואָס פאַר אַ רייכע שפּראַך מיר פאַרמאָגן.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן אַז דאָס איז געשען אין 1916־1917, ווען די ערשטע מלחמה האָט געפלאַקערט איבער דער וועלט און דער הונגער האָט זיך געלאָזט פילן שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. די קלאַגעדיקע שפּייז וואָס מ׳האָט געטיילט אויף קאַרטן איז באַשטאַנען פון געטריקנטע שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, פון ווערעמדיקע אַרבעס און פון שוואַרצן ברויט געמישט מיט האָבער פאַר פערד.

און דאָס אַלץ אויף דעם שפּיץ גאָפּל, נישט וויפל מ׳האָט געוואָלט. דאָך אָבער איז די יוגנט געווען פריש און מונטער און פול מיט לעבן. מען האָט פאַרגעסן אין דעם מאָגן, מען האָט נאָר געזוכט צו שטילן דעם דאָרשט נאָך בילדונג, צו לערנען און צו וויסן. מען האָט געזוכט מיט ליכט יעדער שטיקל גייסטיקע שפּייז, וואָס איז נאָר געקומען אין די הענט און עס ממש געשלונגען.

## מיין ברודער משה

אָט מיש איך ווייטער דעם ביאַליסטאָקער אַלבאָם און איך דערזע מיין אייגן בלוט און פליייש, מיין ליבן האַרציקן ברודער משהלע, ווי מ׳האָט אים ליבלעך גערופן. טרערן הויבן אָן צו שטיקן אין האַלדז און זכרונות שווימען אַרויף. דאָס איז געווען טאָקע יענעם ווינטער, ווען איך האָב געפּאָלגט יקותיאל כוואַטן און זיצנדיק אין דער קאַלטער שטוב איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע האָב איך געלערנט זשיטלאָווסקין. אין אַ צווייטן צימער האָט מיין ברודער משה געגעבן אַ לעקציע פאַר דערוואַקסענע בחורים און מיידלעך וועגן דעם נביא עמוס. איך האָב שוין דעמאָלט געמוזט אָוועקלייגן זשיטלאָווסקין אין אַ זייט, געעפנט אַ ביסל די טיר פון זיין צימער און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָב איך זיך צוגעהערט צו דער פּרעכטיקער לעקציע וואָס מיין ברודער האָט געהאַלטן וועגן דעם פאָלקס־נביא עמוס. דאָס קול זיינס און די אויסשפּראַך איז געווען אַזאַ קלינגנדיקע און אַנגענעמע, אַז הערנדיק די ערשטע ווערטער איז מען גלייך געוואָרן צוגעשמידט און געמוזט הערן ווייטער. דערביי האָט מיין ברודער פאַרמאָגט געבוירענע פּעדאַגאָגישע פעיקייטן צו דערקלערן דעם שווערסטן ענין אין אַזאַ פּאָפּולערער פאָרם און שפּראַך, אַז אַ קינד האָט אים געקענט פאַרשטיין.

ווען איך האַלט ביי דער טעמע „מיין ברודער משה״, פיל איך ווי דאָס האַרץ מיינס ווערט צעריסן אויף שטיקער, ווייל דאָס איז די גרעסטע וווּנד מיינע און איך דערפיל ווי עס קומט פאַר אין מיר אַ גאַנצע אויפרודערונג פון זכרונות. דעריננערונגען יאָגן איינע די אַנדערע און בעטן זיך ביי מיר: פאַרגעס מיך ניט, פאַטער ניט אָפּ דיין באַרימטן ברודער משה מיט עטלעכע שורות. איך פאָלג, עס שרייבט זיך און עס וויינט זיך . . .

אין אַן אַנדער פּלאַץ האָב איך שוין פאַרצייכנט, אַז מיין ברודערס הונדער־טער תלמידים און תלמידות זיינען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. דאָס איז נישט קיין גוזמא. נעמט ביי אונדז אין מעקסיקע וועט איר אויפצייל העכער אַ מנין יוגנטלעכע, וואָס דערמאָנען מיט ליבע משהן דעם לערער זייערן.

מיט יאָרן צוריק האָט מיך אויפגעזוכט אַ יונגערמאַן פון פּוערטאָ ריקאָ און ער זאָגט צו מיר:

— „איך בין צום ערשטן מאָל אין מעקסיקע און איך האָב געהערט, אַז דאָ איז פאַראַן אַ זאַבלודאָווסקי, ווייל איך וויסן צי האָט איר געקענט איינעם אַ לערער מיט דעם זעלביקן פאַמיליען־נאָמען. באַלד אָבער האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן און ער האָט אויסגעשריען: „נישטאָ שוין משהלע״!

און אָט קום איך מיט מיין פרוי אין מדינת ישראל און אויף טריט און שריט הער איך: „משהלעס אַ ברודער! דאָס איז משהלעס דעם לערערס אַ ברודער!״ איך בעט זיך ביי זיי: — האָט רחמנות, רירט זיך ניט צו צו מיין וווּנד, אָבער זיי קענען זיך ניט באַרואיקן און זיי ענטפערן: „וואָס עפּעס נאָר דיין וווּנד, עס איז אויך אונדזער וווּנד. מיר קענען אים ניט פאַרגעסן און מיר וועלן אים שטענדיק דערמאָנען״.

און אָט פאָר איך מיט מיין פרוי איבער איטאַליע. מיר גייען באַטראַכטן די חרובע שטאָט פּאָמפּיי, וווּ מען טיילט פונאַנדער די קרוב הונדערט טוריסטן — די ענגליש־ריידנדיקע אויף איין זייט און די שפּאַניש־ריידנדיקע אויף דער צווייטער זייט. באַלד טאַקע דערהער איך הינטער מיר רעדט מען מאַמע־לשון און טאַקע מיט מיין דיאַלעקט. איך דריי אויס דעם קאָפּ און דערזע פאַר זיך אַ שלאַנקע פרוי, עלעגאַנט געקליידעט און איך גיב זי אַ פרעג: „אפשר אַ מאָל פון ביאַליסטאָק״? — כמעט געטראָפן, — קומט אַן ענטפער — פון דעם און דעם שטעטל. לאָזט זיך אויס, אַז אין דעם שטעטעלע איז געשטאַנען מיין וויגעלע און מיט איר טאַטן האָב איך געלערנט אין איין חדר. איך האָב איר דערציילט, אַז איך געדענק נאָך די סעודה מיטן קאָמפּאָט פון גרויסע זיסע פלוימען, וואָס די באָבע אירע האָט געמאַכט ווען דער טאַטע, דער חבר מיינער, האָט אָנגעהויבן צו לערנען חומש.

באַלד אָבער האָט זי גענומען ווישן די אויגן אירע. דער טאַטע, וואָס מען האָט אים אויך גערופן דוד, איז מיט אַיאָר פריער געשטאָרבן אין בוענאָס־איירעס. מיר האָבן זיך שוין געהאַלטן צוזאַמען די גאַנצע רייזע, און ווי נאָר זי האָט דערהערט מיין פאַמיליען־נאָמען, האָט זיך ביי איר געביטן די פאַרב אין פּנים און מיט ברייט פונאַנדערגעעפנטע אויגן האָט זי אויסגערופן:

— „טאָ פאַר וואָס שווייגט איר? הייסט עס, אַז משהלע, דער בעסטער לערער און מחנך מיינער, איז געווען אייערער אַ ברודער, און די צעסלערס פון אַרגענטינע, די בעסטע פריינד אונדזערע, זיינען אייערע קוזינס, טאָ גיט אונדז אייער אַדרעס, אפשר וועלן מיר אין גיכן קומען מיט אַ וויזיט קיין מעקסיקע״?

יאָ, די וועלט איז קליין און קיילעכדיק...

איך רעד וועגן מיין ברודער משהן און איך פיל,אַז דער קנויל אין האַלדז הייבט זיך ערשט אָן פונאַנדערצוּוויקלען: איך בין געווען דער עלטסטער אין

שטוב און משה — דער פערטער. מיר זיינען בײדע ניט געװען אין דער הײם און מיר פלעגן זיך דורכשרײבן. איך צו אים אין רוסיש און ער צו מיר אין העברעיש. עס איז געװען אין דעם יאָר װען איך האָב זיך באַפרײט פון פריזיװ, קריג איך פון מײן ברודער אַ באַגריסונג פון פּאָנעװעזש, װו ער האָט געלערנט אין דער דאָרטיקער ישיבה: — „נו, זאָגט ער, איצט ביסטו שוין, ברודער, אַ פרײער מענטש און די גאַנצע װעלט איז פאַר דיר אָפן"... אין מײן ענטפער שרײב איך אים אַז דאָס איז נאָר טײלװײז אמת. עס איז טאַקע צעבראָכן געװאָרן דער פאַרקאָן און איך האָב אַריבערגעשפּרונגען די שטעכע־דיקע פאַרצאַמונג װאָס פאַרשטעלט פאַר יעדן יונגן מענטשן דעם װײטער־דיקן װעג זײנעם, אָבער אין דער זעלביקער צײט פיל איך, אַז איך בין אַרויס אויף אַ ברײטן שליאַך װו עס שנײדן זיך עטלעכע װעגן און שטײענדיק אויף דעם דאָזיקן פרשת־הדרכים דאַרף מען קענען באַװײזן די קונץ צו זוכן און צו געפינען דעם ריכטיקן און צוגעפּאַסטן װעג צו גײן װײטער אין לעבן און מצליח זײן. און דאָס איז דאָך זײער, זײער אַ שװערע אויפגאַבע". דער ענטפער מײנער איז אים שטאַרק געפעלן געװאָרן.

און אָט איז נאָך אַ קלײנע שילדערונג װאָס איך קען ניט פאַרגעסן:

זײענדיק אין טיף רוסלאַנד אין 1912, קריג איך פלוצלונג אַ בריװ פון מײן ברודער, אַז ער געפינט זיך אין בערלין און ער טרעט אַרײן לערנען אין דעם באַרימטן סעמינאַר פון ד"ר הילדעסהײמער.

אַזױ װי איך בין נאָך דעמאָלט געװען אויסגעװײקט שטאַרק אין יידישקײט, איז מיר דער שפּרונג זײנער ניט געפעלן געװאָרן און איך פרעג אים אָן, װאָס עס איז מיט אים געשען; „העכער צען יאָר, ברודער, האָסטו געלערנט אין ישיבות און פלוצעם האָסטו אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און ביסט אַװעק אָן אַ פּאַפּיר און אָן אַ צײכן, אַז דו האָסט זיך צו עפּעס דערשלאָגן און ביסט גע־קומען צו אַ תכלית!".

אויף דער טענה מײנער האָב איך גלײך געקראָגן אַן ענטפער װאָס איך האָב יאָרן לאַנג געהאַלטן בײ זיך. און אָט גיב איך איבער בקיצור דאָס װאָס איך געדענק פון יענעם בריװ:

„איך פאַרשטײ, ברודער דאָדיע, װאָס דו מײנסט. דיך װוּנדערט, װאָס איך בין אַרויס פון די ישיבות אָן „סמיכות" אויף רבנות, דו ביסט ניט דער אײנ־ציקער װאָס מײנט, אַז סמיכות אויף רבנות איז אַן אַטעסטאַט, אַ דיפּלאָם, אַז מ'האָט געענדיקט לערנען װי בײ די אומות־העולם; מע שטעלט צו דעם עקזאַמען און מען קריגט אַ טיטל. נײן, בשום אופן ניט. בײ אונדז יידן, איז אַזאַ זאַך ניטאָ, בײ אונדז ענדיקט מען ניט לערנען, אונדזער תורה איז — „הפך בה והפך בה", אָט ענדיקט מען „וזאת הברכה" און די זעלביקע מינוט הײבט מען אָן װידער פון בראשית. און דער עיקר טאָר מען ניט פאַרגעסן, אַז

סמיכות אויף רבנות הייסט ניט, אַז מ'האָט געענדיקט לערנען, נאָר גאָר פאַרקערט. ערשט דעמאָלט ווען מען האָט שוין די סמיכות דאַרף זיך יעדער איינער אַוועקזעצן און לערנען פון דאָס ניי".

אָט דאָס, בערך, איז געווען דער ענטפער פון מיין ברודער משה. איך האָב אים געוואָלט אַריבערנעמען קיין מעקסיקע, איז ער אויף מיר בייז געוואָרן. האָט מען אים דאָרטן אומגעבראַכט, נישט געבליבן פון אים קיין זכר און ביי מיר איז געבליבן אַן אייביקע וווּנד אין האַרצן. ת.נ.צ.ב.ה.

פ"ס: די ליבע צו מיין ברודער פייניקט מיך, זי לאָזט מיך ניט רוען קיין איין מינוט. ווייל איך דאַ, צום סוף איבערגעבן געוויסע ידיעות וואָס איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דעם לעצטן טאָג פון דעם לעבן זיינעם, ווי אַזוי ער איז געגאַנגען פאַרויס און האָט געמונטערט די טויזנטער יידן, וואָס מען האָט אין יענעם פינצטערן טאָג געפירט צוזאַמען מיט אים צו דער שחיטה אין אַ דאָרף הינטער ביאַליסטאָק. דאָרט האָט מען אַלעמען אויסגעשטעלט לעבן די אָפענע צוגעגרייטע גריבער און זיי אויסגעשאָסן מיט מאַשינביקסן, קיין איינציקער פון זיי האָט זיך ניט געראַטעוועט.

דאָ ווילט זיך אויך פאַרצייכענען אַן איבעריקן מאָל די פּינקטלעכקייט פון די דייטשן, ימח שמם וזכרם! דער באַפעל איז געווען מקריב צו זיין יענעם טאָג פיר טויזנט קרבנות, בלויז מענער, קיין איינציקן ניט מערער. האָט מען איבערגעציילט איין מאָל און נאָך אַ מאָל און מען האָט געפונען דריי איבעריקע. האָט מען זיי אָפּגעשיקט אַ היים און זיי זיינען פאַרשטענדלעך אומגעקומען מיט אַ יאָר שפּעטער.

## מיין פעטער מאָטקע

איך מיש די בלעטער פון ביאַליסטאָקער אַלבאָם און איך דערזע בילדער פון געטאָ; אָט איז זאַבלודאָווסקי דעם בעקערס הויף. יאָרן לאַנג האָט דער ייד שווער געהאָרעוועט, געקליבן אַ גראָשן צו אַ גראָשן און מיט אַ פּאָר יאָר פאַרן חורבן האָט ער אָפּגעקויפט ביי ירוחם מאָווּשאָווסקין דעם הויף זיינעם אויף גומיענער גאַס. אָט דער ר׳ ירוחם איז אַ מאָל געווען אַ גרויסער גביר און אויף די עלטערע יאָרן — געוואָרן אַ יורד. און אָט זע איך פּלוצעם, ווי מ'פירט אַרויס אָט דעם זאַבלודאָווסקין מיט דעם גאַנצן הויזגעזינד זיינעם און מיט אַלע שכנים פונעם הויף און מע שיסט זיי אויס אַלעמען אין דעם גאָרטן הינטער דער שטוב. איבערגעלייענט די שרעקלעכע נייעס, האָט מיך אַ ברען געטאָן אין האַרצן... דאָס איז דאָך דער פעטער, מיינער, מאָטקע דער בעקער, מיטן טלית־קטן אויף דעם אויסגעצערטן קערפּער זיינעם... שטענדיק פלעג איך אים זען אין דעם טלית־קטן מיט דער יאַרמולקע אויפן קאָפּ, און אויך

איצט זע איך דעם טלית־קטן זיינעם אַ דורכגעשאָסענעם, אַ דורכגעלעכערטן און אַן אויסגעווייקטן אין בלוט.

אַ פּשוטער, האָרעפּאַשנער ייד איז ער געווען דער פעטער מיינער. ער האָט ווייניק גערעדט, זעלטן געלאַכט, שטענדיק איז ער געווען פאַרמאַטערט, פאַרהאָרעוועט, קיין מאָל זיך ניט אויסגערוט, ניט אויסגעשלאָפן זיך ווי עס באַדאַרף צו זיין — דאָך פלעגט איר אים טרעפן יעדן טאָג, סיי זומער סיי ווינטער, זיצנדיק בין מנחה למעריב אין גרינעם בית־מדרש ביי דעם טיש ווו מ'האָט געלערנט משניות אָדער עין־יעקב.

איך מיש ווייטער די בלעטער פון ביאַליסטאָקער אַלבאָם און איך דערמאָן זיך די חדר־יאָרן, ווען מיר חדר־ייִנגלעך האָבן זיך קוים דערוואַרט עס זאָל שוין זיין נאָך פורים און עס זאָלן זיך באַווייזן די ערשטע שטראַלן פון דער פרילינג־זון. דעמאָלט פלעגן מיר אַרויסקריכן פון די ווינטערדיקע בגדים און פון די בלאָטיקע געסלעך און מיט די שטעקנס אין די הענט האָבן מיר געזוכט אַ טרוקענעם פלאַץ צו שפּילן אין „טשאָרט״. ווען איך פלעג אַרויסקומען אויף דער הויפּטגאַס און דערזען אַז עס איז שוין דאָ דער הויכער פאָניע מיט די קאָלירטע לופטבאַלאָנען, האָט זיך מיר געגלוסט טאַנצן פאַר פרייד אין מיטן גאַס און אויסשרייען: — פרילינג, פרילינג דער ליבער פרילינג איז שוין דאָ״ !

און וואָס ווייטער אַ וואָך באַמערקן מיר, ווי מיין היימשטאָט טוט זיך איבער און קריגט אַן אַנדער פּנים; עס ווערט פריילעכער אויפן האַרצן און איך זע די שטאָט אַ ליכטיקע, אַ שיינענדיקע, אַ זומערדיקע, באַגאָסן מיט גאָלדענע זונענשטראַלן, ווייל דעם אמת זאָגנדיק האָב איך נישט ליב געהאַט ביאַליסטאָק אין ווינטער. עס פאַרשטייט זיך, אַז דערפון דאַרף מען אַראָפּרעכענען די ווינטערדיקע פרייטיק־צונאַכטסן, און אויך ניט אַלע, נאָר בלויז די פרייטיק־צונאַכטסן ווען אויפן גאַס איז געווען אַ קליין טרוקן פרעסטל, ווען דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס, ווען דער הימל איז געווען געדיכט אָנ־אָנגעשאָטן מיט גלאַנציקע שטערן און די קיילעכדיקע לבנה האָט זיך געדרייט אַרום דעם שטאָטזייגער און אָפּגעגעבן אַלעמען אַ גוט־שבת.

אין אַזעלכע פרייטיק־צונאַכטסן, אָפּעסנדיק דעם צימעס פון ברוקווע אָדער פאַסטערנאַק אָדער גאָר פון ווייניקע פלוימען מיט קאַרטאָפל, פלעגט מען זיך דעמאָלט אַרויסלאָזן אויפן שפּאַציר — פריער אויף נאָוואָלאָפּיע, דערנאָך אויף וואַשליקאָווער גאַס, ווו די טראָטואַרן זיינען שוין געווען פול מיט יוגנט. מען האָט זיך באַגריסט, דורכגעוואָרפן מיט האַלבע ווערטער, מיט קורצע פראַגעס: — זי איז ניטאָ? — יאָ, זי איז דאָ! זי גייט דאָרט הינטערן בריק מיט דעם און דעם... און אָט גייען דריי שלאַנקע מיידלעך לעבן לאַפּידוסעס מויער און עס גייען זיי נאָך דריי בחורימלעך פונעם זעלביקן עלטער און דעם זעלביקן

וווקס. איך מיידל פאַרלירט כלומרשט אַ הענטשקע, אַ בחור הויבט זי אויף, — טאַקע דער וועמען זי האָט געמיינט און די באַקאַנטשאַפט איז געשלאָסן . . .

שיינער ליכטיקער אַמאָל, גאָלדענע זכרונות פון אונדזער לעבעדיקער צאַפּלדיקער אַמאָליקער היים . . . יוגנט, יוגנט קום צוריק ! . . .

## דער ביאַליסטאָקער שטאָטזייגער

אין סאַמע צענטער שטאָט ביי אונדז אין ביאַליסטאָק איז געשטאַנען אַ הויכער טורעם מיט ציפערבלאַטן און ווייזערס פון אַלע פיר זייטן. דאָס איז געווען אונדזער שטאָטזייגער. גאָר אויבן האָט זיך געפונען אַ קיילעכדיקער באַלקאָן אויף וועלכן עס איז טאָג און נאַכט אַרומגעגאַנגען אַ שומר און אַכטונג געגעבן צו עס איז ניט אויסגעבראָכן ערגעצוואו אַ שריפה אין שטאָט. אייגנטלעך זיינען אין אַ סך שטעט געווען ענלעכע טורעמס פאַר פייער־לעשערס; איר האָט געקענט אָפּזיין אין אַ שטאָט וואָכן לאַנג און דאָס גאָרניט באַמערקן. זייך אָבער אין ביאַליסטאָק און ניט זען דעם שטאָטזייגער האָט מען געדאַרפט זייך אַזוי בלינד, אַז אַפילו דער ד״ר פינעס, דער באַרימטער ביאַליסטאָקער אויגן־ספּעציאַליסט, זאָל אים שוין אויך גאָרניט קענען העלפן.

איך האָב פריער דערמאָנט דעם שומר, דעם וועכטער אויבן אויפן גאַניקל פון שטאָטזייגער. ער איז געווען אַ הויכער, געזונטער פויער, אַ ריז ממש. ווינטער אין די ברענענדיקע פרעסט איז ער געווען איינגעוויקלט אין אַ גרויסן שעפּסענעם פוטער און האָט אויסגעזען ווי אַ מגושמדיקער בער. ער האָט אויך געהאַט אַ ספּעציעלע טרובע אין דער פאָרעם פון אַפּאָמפּע און ווי נאָר ער פלעגט דערזען פון דער ווייטנס אַ פייער פלעגט ער אָנהייבן טרובען און אָנזאָגן אַז עס ברענט. דערהערנדיק אין מיטן נאַכט די אומעטיקע וויינענדיקע קולות פון דעם וועכטערס טרובע, פלעגן קינדער אין די בעטן זיך אויפכאַפּן דער־שראָקענע און ניט נאָר קינדער — דערוואַקסענע אויך. די ערשטע פראַגע איז געווען: „ווו ברענט עס ?!״ דורך די שפּאַרונעס פון די לאָדנס האָט מען דערזען אַ רויטן הימל און מען האָט באַלד פאַרשטאַנען אַז עס ברענט אויף „אַרגענ־טינע״. — דאָס איז געווען אַ נייע געגנט אין ביאַליסטאָק, ווו אַ באַנק האָט געליען געלט צו בויען הייזער. באַלד אָבער ווי די הייזער זיינען געוואָרן פאַרטיק און גוט פאַרזיכערט קעגן אַ שריפה, האָבן זיי געהאַט אַ געוווינהייט, זיי פלעגן זיך אָנצינדן און ברענען אין מיטן דער נאַכט. לציס האָבן געזאָגט, אַז זיי ברענען, ווייל מען האָט זיי געבויט פון צו־טרוקענע האָלץ.

אין די האַרבסטיקע וועטערן, באַלד נאָך סוכות, ווען די בלאָטעס אין די ביאַליסטאָקער הינטערגעסלעך האָבן דערגרייכט ביזן האַלדז איז אין ביאַליס־טאָק אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל, אַז מע דאַרף צולייגן אַ פלאַסטער פון צינק־

מאַשטש צום שטאָטזייגער וועט ער אָפּציען די בלאָטע פון „חאַנאַיקעס" (אַן אָרעמער ביאַליסטאָקער געגנט).

איך מיש די בלעטער פון ביאַליסטאָקער אַלבאָם און איך דערזע די שיינע ביאַליסטאָקער סטודענטן פון די הויכע לערן־אַנשטאַלטן. אין די זומערדיקע חדשים פלעגן אָנקומען אויף די וואַקאַציעס צענדליקער סטודענטן פון כּאַרקאָוו, ריגע, פּעטערבורג און פון אַנדערע גרויסע שטעט, ווו עס זיינען געווען אוני־ווערסיטעטן און פּאָליטעכניקומס. די ביאַליסטאָקער גאַסן האָבן דעמאָלט באַקומען אַ באַזונדער רייץ: הויכע שלאַנקע יונגען מיט שיינע אויסגעפּאַסטע מונדירן, געדיכט באַזעצט מיט „גאָלדענע" קנעפּ וואָס האָבן געגלאַנצט און געבלאָסקעט אַנטקעגן דער זון.

איך קוק ווייטער אויף די בילדער און איך דערזע די ביאַליסטאָקער ברוקירערס, אַ מלאכה וואָס מע האָט געטאָן בלויז זומער, און זייער ווייניק האָבן געאַרבעט ביי דעם פּאַך. איר האָט זיי געקענט זען ווי גלייך נאָך פּסח, ווי נאָר עס האָט גענומען שיינען די זון, האָבן זיי זיך באַוויזן מיט שטאָלענע „לאָמען" אין די הענט און האָבן אויפגעריסן דעם ברוק ווו עס איז זיי געפעלן געוואָרן. צי מ'האָט יאָ געדאַרפט אָדער ניט געדאַרפט. זיי האָבן ביי קיינעם ניט גע־פרעגט און באַלד אויפן צווייטן טאָג זיינען זיי שוין געזעסן מיט די פיס אונטער זיך און גענומען אויסלייגן אַ פרישן ברוק. זאָרגט זיך ניט, די באַלעבאַטים פון די הייזער האָבן שפּעטער געווינט און האָבן באַצאָלט, ניט קענענדיק נאָכקוקן און נאָכקאָנטראָלירן פאַר וואָס מען בעט ביי זיי אַזוי פיל געלט. עס איז געווען טשעקאַווע צו זען ווי געשיקט און פלינק אַ ביאַליסטאָקער ברוקירער האָט געטאָן זיין אַרבעט. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ ספּעציעל העמערל, וואָס די צווייטע זייט איז געווען פלאַטשיק אַזוי ווי אַ העקעלע אין דער ברייט און דאָס העמערל האָט זיך געדרייט פון זיך אַליין הין און צוריק.

אַ נעם געטאָן אַ שטיין, באַטראַכט אַ סעקונדע, דער שטיין איז דאַכט זיך געווען שפּיציק פון אַלע זייטן, אַ דריי אַהין און אַהער און דער שטיין זיצט שוין צוגעקלעפּט צו די איבעריקע שטיינער פון דעם נייעם ברוק, אַזוי ווי ער וואָלט דאָרטן געבוירן געוואָרן.

## ביאַליסטאָקער מוליאַרעס

מען טאָר אויך ניט פאַרשעמען די ביאַליסטאָקער מוליאַרעס, די וועלכע האָבן אויפגעשטעלט הונדערטער ביאַליסטאָקער געמויערטע הייזער.

אָט זע איך זיי, ווי זיי שטייען אויף די רישטאָוואַניעס און בויען די ביאַ־ליסטאָקער בייע שול. פלינק קלעפּן זיי צו אַ ציגל צו אַ ציגל און די ווענט זיינען אויסגעוואָקסן איבער נאַכט. און ווען די זעלבע מוליאַרעס, די ציגל־

לייגערס זיינען געקומען קיין אַמעריקע, האָבן זיי אויך געזוכט עפּעס וואָס צום טאָן ביים זעלבן פאַך, כדי צו שטילן זייער בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים זיי האָבן לאַנג ניט געטראַכט, פאַרקאַשערט די אַרבל און אויפגעבויט דעם „ביאַליסטאָקער צענטער”, אין ניו־יאָרק אויף דער יידישער „איסט־בראָדוויי”, אַ געביידע וואָס קיין סך פון דעם סאָרט זיינען ניטאָ אויף דער וועלט.

עס שטייט מיר אויך פאַר די אויגן די ביאַליסטאָקער שול אין אַ יומטוב־דיקן טאָג, פול געפּאַקט מיט מתפּללים, וועלכע לעקן די פינגער און שלינגען די פּרעכטיקע זיסע ניגונים פון די באַרימטע חזנים.

אָט אַזוי ווי ערשט נעכטן וואָלט עס געווען. יענער ווינטערדיקע פרייטיק צונאַכטס, ווען הערש גראָכאָווסקי, דער געוועזענער חבר מיינער, האָט אַריינגעפירט אין שול דעם באַרימטן יונגן חזן מרדכי הערשמאַן. ער איז געקומען דאָס ערשטע מאָל קיין ביאַליסטאָק דאַוונען אַ שבת איידער ער איז אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע.

## אַן אַמעריקאַנער ייד אין ביאַליסטאָק

עס איז געקומען צו רייד וועגן אַמעריקע און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז גייענדיק איין מאָל פון חדר האָב איך פּלוצלונג דערזען אין די סאַמע אָרעמסטע גאַסן ווו מיר האָבן געוווינט, עפּעס אַ נייעם סאָרט מענטשן וואָס איז אַזוי ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן און האָט זיך גאָרניט געפּאַסט צום גאַנצן אַרום. די הלבשה זיינע, דער גאַנג, דאָס אויסזען בכלל, איז געווען איין גרויסער פרעגצייכן: „ווער איז ער עס, פון וואַנען קומט ער” ?

עס איז ניט שווער געווען צו טרעפן אַז דער דאָזיקער ייד איז יונגערהייט אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און איצט איז ער געקומען זיך זען מיט זיינע פריינד, און מיט זיין משפּחה וואָס איז באַשטאַנען פון גרויסע אָרעמעלייט, ווייל פון די רייכע ביאַליסטאָקער גאַסן איז מען אין יענע יאָרן ניט געפאָרן קיין אַמעריקע.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און נייגעריק באַטראַכט אָט אָ דעם דאָזיקן פאַרשוין פון קאָפּ ביז די פיס. אַזוי ווי אויף לוסטרייזעס פאָרט מען דאָך זומער, האָט ער אויפן קאָפּ געטראָגן אַ פּאַנאַמאַ־הוט וואָס מע קען אים צונויפלייגן און אַריינלייגן אין קעשענע. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אַ שפּאָגל נייעם טונקל־בלויען אָנצוג מיט לאַנגע לאַצן, גאָר אַנדערש ווי מען נייט אין ביאַליסטאָק. דאָס העמד זיינס איז געווען אַ שניי־ווייסע אויסגעבונדן מיט אַ שמאָלן לאַנגן קראַוואַט און אַ בלישטשעדיק שטיינדל האָט אַרויסגעשיינט פון מיטן. אַן שלייקעס, די הויזן ביזן גאַרטל איז געווען אַרומגענומען מיט אַ לעדערנעם

געפּלאַכטענעם פּאַסעק. די שיך מיט ברייטע שפּיצן זיינען געווען נייע און די שקאַרפּעטן זיינען געווען געשטרייפּטע, ווייזט אויס אויך נייע. אויף די פינגער האָט ער געטראָגן גראָבע גאָלדענע רינגען און אין מויל האָט געשטעקט אַ דיקער שמעקעדיקער ציגאַר.

איך בין געשטאַנען אַ היפּשע ווײַלע און איך האָב באַטראַכט אָט אָ דעם מאָדנעם גאַסט מיט זיין שיינעם גלאַטן און אויסגעפּאַשעטן פּנים און איך האָב זיך געפרעגט: — פון וואַנען קומט ער, אָט אָ דער דאָזיקער מענטש? וואָס איז דאָס פאַר אַזאַ גליקלעך לאַנד אָט אָ די אַמעריקע, וווּ מע גייט אַזוי רייך אָנגעטאָן אין מיטן דער וואָך?

מיט אַ סך צענדליקער יאָרן שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אויך אין אַמעריקע זיינען פאַראַן אָרעמעלייט.

דורך שמוציקע טרעפּ בין איך אַרויפגעקראָכן אין ברוקלין אויף אַן אויבער־שטיבל, געוואָלט זען, מיינע אַ ווייטע קרובה מיט איר מאַן — ביידע עלטערע, קראַנקע און שוואַכע מענטשן. איך האָב פאַרשפּאָרט צו פרעגן שוין וואָס זיי מאַכן און ווי זיי לעבן. דער וויזיט אי געווען זייער אַ קורצער און ווען איך האָב אָפּגעצויגן דעם אָטעם אַרויסגייענדיק אויפן גאַס האָט מיך געבומען האַקן אין די שלייפן און אין דעם מוח מיינעם האָט געבויערט אַ פראַגע: — „וואָס קומט דאָ פאַר"? אָט צו די מענטשן האָבן מיר עס געשריבן בריוו מיט צענדליקער יאָרן צוריק און געבעטן זיי זאָלן שיקן דאָלאַרן און זיי האָבן געשיקט. דעם לעצטן סענט האָבן זיי אַוועקגעגעבן...

טייערע, האַרציקע אַמעריקאַנער יידן, געבענטשט זאָלט איר זיין!

## בענדעט

איך קוק ווייטער אויף די בילדער פון ביאַליסטאָק און איך דערזע בענדעטן, דעם צעחושטן בעל־עגלה, ווי ער שטייט אויף דעם שולהויף אָנגעשפּאַרט אויפן וואַנט פון וואַלאַכס אַפּטייק. ער האַלט אַ פלעשל מאָנאָפּאָלקע אין האַנט און אַ קינדערשער שמייכל איז אויסגעגאָסן אויף זיין לאַנגן געלן פּנים, וואָס איז געדיכט באַדעקט מיט זומער־שפּרענקעלעך, ווען ער האָט אַרויסגעברומט זיין באַליבט ווערטל „מיינע טייערע יאַטעלעך"?!...

מען האָט אויך דערציילט, אַז ווען אין פלעשל איז פאַרבליבן אַ ביסל בראָנפן פלעגט ער עס מיט געוואַלד אַריינגיסן דעמהאַלב־געפּגרטן פערדל זיינעם צווישן די ציינער. זאָל דער „סוסיק" — ווי ער פלעגט אים רופן — אויך הנאה האָבן.

# סוראַזער גאַס

נישט ווייט פון דעם ביאַליסטאָקער שולהויף האָט זיך געפונען די באַרימ־טע סוראַזער גאַס ווו דער הימל איז אין די ערשטע רעוואָלוציע־יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט געווען פאַרדעקט און פאַרצויגן מיט אַ רויטער פאָן איבער דער גאַנצער לענג פון גאַס.

דאָרטן איז געווען די בירזשע, דער זאַמלפונקט פון די ביאַליסטאָקער רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־פּאַרטייען. אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין אָוונט האָט אויף סוראַזער גאַס געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. דאָרט האָט מען אָרגאַניזירט סטרייקן און דאָרטן האָט מען באַהאַנדלט רעוואָלוציאָנערע ענינים. אויפן מיטן גאַס זיינען געשטאַנען גרופּקעס מענטשן, מ׳האָט גערעדט, דיסקוטירט און געמאָלן בילדער ווי עס וועט אויסזען די וועלט גלייך טאַקע אויף מאָרגן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. מ׳האָט געגלויבט באמונה שלו־מה, אַז די רעוואָלוציע שטייט שוין אונטערן פענצטער און וועט באַלד אַריינ־שפּאַנען אין דער יידישער גאַס.

אויף סוראַזער גאַס פלעגט מען אויך אין יענע יאָרן פונאַנדערטיילן שטי־לערהייט, — אַרויסגענומען פון אונטער דער פּאָלע־פּראָקלאַמאַציעס אויף אַקטועלע טעמעס. די פּראָקלאַמאַציעס זיינען געווען ריין־ליטעראַריש אָנגע־שריבן און גערעדט שאַרפע דיבורים. מען פלעגט דאָרטן אויך אונטעררוקן, — אָבער נאָר צו גוט־באַקאַנטע, אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערע בראָשורן גע־דרוקט אויף דינעם, פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, וואָס זיינען אַריינגעשמוגלט געוואָרן פון אויסלאַנד.

אויפן גאַס פלעגן זיך אויך אַרומדרייען אָפּגעריסענע צעדרייטע פּאַרשוי־נען, זיי פלעגן זיך דערנענטערן צו יעדער מענטשן־גרופּע און כלומרשט קאָנספּיראַטיוו אַריינשרייען צו זיך אין אַרבל אַריין: „בידער מיט די בורזשויען, אַ טויט ביקאָלייקען! לעבן זאָל דער ביאַליסטאָקער שטאָט־זייגער און טשיז־שיקס שענק״! . . .

ייִנגלוויז פלעגט מיר אויסקומען דורכגיין די גאַס עטלעכע מאָל אַ טאָג. איך בין געווען זייער נייגעריק צו הערן אַ יידישן וואָרט עפּעס גאָר פון אַ נייעם אינהאַלט. איך פלעג גיין פון איין גרופּקע צו דער אַנדערער זיך אַריינ־שטופּן אין מיטן צווישן די גרויסע און צולייגן גוט דעם אויער, כאָטש אַ סך ווערטער האָב איך ניט פאַרשטאַנען. אָט שטייט אַ יונגערמאַן מיט פייערדיקע אויגן און מיט אַ קורץ בערדל, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער בלוזע, אַ שמאָלער גאַרטל מיט קוטאַסן אויף זיינע לענדן און פון זיין מויל גיסן זיך רייד אַזוי ווי וואַסער פון אַקוואַל; ער לייגט אויס ווי אויף אַ פּלאַטפאָרמע די פּראָגראַם פון זיין פּאַרטיי און ער גיט צו פאַרשטיין, אַזוי ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר,

אַז זיין פּאַרטיי — און טאַקע נאָר זיינע — האָט דעם ריכטיקן רעצעפּט ווי גליקלעך צו מאַכן די וועלט בכלל און דעם אָרעמען מענטשן בפרט.

און אָט שטיי איך שוין לעבן אַ צווייטער גרופּע, און אַ רעדנער וואָס זעט אויס אַזוי ווי אַ ברודער פון דעם ערשטן, צעוואָרעמט זיך גאָר שטאַרק און גיט צו דערקלערן, אַז דער מענטש, די שענסטע באַשעפעניש אויף דער וועלט דאַרף און מוז זיין פריי, אין גאַנצן פריי; קיינער האָט ניט דאָס רעכט צו הערשן איבער דעם צווייטן, קיינער טאָר ניט זאָגן אַ דעה דעם נאָענטן זיינעם וואָס ער זאָל טאָן און ווי אַזוי ער זאָל לעבן. עס ווילט זיך פּאַטשן בראַוואָ, ער איז דאָך אויך גערעכט... אָבער אָט שטיי איך לעבן אַ פרישער גרופּע, וואָס האָט זיך נאָר וואָס צונויפגעקליבן און איך הער גאָר נייע דיבורים. דער רעדנער קלערט אויף אַז יידן וועלן אין גלות קיין מאָל ניט ווערן קיין פרייע מענטשן, יידן טאָרן ניט מיט זייער בלוט שמירן די רעדער פון דער רעוואָלוציע ווייל זיי וועלן אייביק דאַרטן פאַרבלייבן פרעמדע און רעכטלאָזע מענטשן... דער איינציקער וועג איז, אַן אייגן לאַנד... איך טראַכט אַ ווײַלע, אפשר איז ער אויך גערעכט.

אָט די אַלע רעדעס זיינען מיר אַריין אין קאָפּ און גייענדיק אין שטוב אַריין האָט מיך גענומען מאַטערן די פראַגע, וואָס קומט דאָ פאָר? אַלע קענען דאָך ניט זיין גערעכט! טאָ ביי וועמען איז פאָרט דער אמת? ווי אַזוי און ווען וועט טאַקע אויף דער אמתן אָנקומען אויף דער וועלט די גרויסע ישועה, און אין אונדזער שטוב זאָל אויך אָנהויבן שיינען די זון און מיר וועלן אָנהויבן אָפּ־צועסן צו דער זאַט...

## יאָסעלע ראָזשינאָ'ער

איך מיש ווייטער די בלעטער פון דעם ביאַליסטאָקער אַלבאָם און איך קלייב זיך איבער פון די אָרעמע גאַסן אין דער רייכער געגנט. אָט קום איך אַרויף אויף איינער פון די הויפּטגאַסן, וואָס אויף רוסיש האָט מען זי גערופן ניקאָלייעווסקי — שפּעטער סיענקעוויטשאַ און אויף יידיש וואַשליקאָווער גאַס. באַלד אין אָנהייב האָט זיך געפונען די הויפּטקאַפּע פון שטאָט וואָס האָט גע־הערט צו אַ דייטש, קאַרל מעץ. דאָרט איז געווען דער זאַמלפּונקט פון דער ביאַליסטאָקער אַריסטאָקראַטיע און גאָלדענער יוגנט און פון די אַלע סוחרים און אַנגעשטעלטע וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־פאַבריקאַציע. אַרום זיי האָט זיך שטענדיק אַרומגעדרייט אַן על־טערער היימלאָזער בחור מיט קלוגע אויגן — אַ וואַגאַבונד וואָלט מען אַזעלכן אָנגערופן אויף שפּאַניש — ווייל ער האָט ניט שטאַרק ליב געהאַט צו אַרבעטן. יאָסעלע ראָזשיניער איז געווען זיין נאָמען. ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ גרויסן חכם און וויצלינג. אָנגעטאָן איז ער געווען סיי זומער און סיי ווינטער

אין אַ ברייטן אָפּגענוצטן מאַנטל וואָס איז געווען ניט אויף זיין מאָס גענייט. אַרום אים איז שטענדיק געווען אַ געזעמל און ער פלעגט שטיין מיט די הענט אין די אַרבל און שיטן ווערטלעך און וויצן און דער עולם האָט אַלע ווילע אויסגעשאָסן אין אַ הויכן געלעכטער. ער האָט פאַר קיינעם ניט געהאַט קיין דרך־ארץ און ער האָט יעדן איינעם געקענט אַריינזאָגן אַזוי, אַז עס פלעגט אים פאַרגיין אין דער זיבעטער ריפּ. געלעבט האָט ער פון בעטן גמילת־חסדים, און ווי איז געווען צו דעם, ווער עס האָט געוואָלט זיך אַרויסדרייען און ניט לייען יאָסעלען אַ פינפערל אָדער אַ צענערל. ער פלעגט אַנעמען יענעם ביי ביידע לאַצן, געקוקט אים גלייך אין די אויגן און שאַרף אַ זאָג געטאָן „הער נאָר בערעלע, וואָס איז געשען מיט דיר? פאַר וואָס ווילסטו מיר ניט געבן אַ נאָ־רישן גמילת־חסד? דו קענסט דאָך מיר שוין ניט פון היינט און ניט פון נעכטן, האָסטו דאָך געמעגט וויסן אַז איך בין אַן ערלעכער מאַן, ביי מיר אַז איך זאָג, איך גיב אָפּ — זאָג איך! (נישט גיב איך)"...

איבערהויפּט האָבן געציטערט פאַר אים די קליינע פאַבריקאַנטלעך, וואָס דער קרעדיט זייערער האָט אַ ביסל אונטערגעהונקען. ער האָט געקענט מיט איין וואָרט אָדער מיט אַ דריי מיט דער נאָז קוילענען יענעם אָן אַ מעסער. ווער רעדט נאָך, אַז ער האָט אויף איינעם געהאַט אַ כעס, איז שוין יענעם יידן גאָרניט געווען וואָס מקנא צו זיין. ער פלעגט טאָן גאָר אַ קלייניקייט. טרעפנ־דיק אין גאַס גאָר אַ גרויסן סוחר פון וואָל אָדער פון אַנדערע רוישטאָפן פלעגט ער צוגיין און געבן יענעם שלום און גאַנץ אומשולדיק געבן אַ פרעג: „איר האָט שוין געהערט וואָס מע רעדט אין שטאָט וועגן נאָטע גרינבערגן"? וואָס איז וואָס איז געשען, זאָג שוין יאָסעלע, זאָג! — „גאָר ניט! עס איז מסתמא אַ פאַלשער קלאַנג, וואָס האָט איר זיך אַזוי איבערגעשראָקן אַזוי ווי איר ווייסט ניט, אַזוי וועט עס אייך ניט שאַטן. לאָמיר רעדן בעסער וועגן פריילעכערע זאַכן. ווי האַלט היינט דער פּרייז פון וואָל, געוואַשענע און געמיינערע"?

איר מעגט שוין זיין זיכער, אַז פון אַזאַ שמועס איז יענעם פאַבריקאַנטל קיין געזונט ניט צוגעקומען. מען דערציילט אָבער אויך, אַז איין מאָל האָט אַ גרויסער פאַבריקאַנט אָפּגעטאָן יאָסעלען אויף טערקיש און דער בעל־דבר מיט דעם גרויסן מויל האָט זיך עס געשעמט עמיצן צו דערציילן. אַזוי ווי יאָסעלע איז געווען אַ גרויסער פרעסער, פלעגט ער שטענדיק זוכן אַ געלעגנ־הייט אַז עמיצער פון די גבירים זאָל אים פאַרבעטן צו אַ שבתדיקן אָדער יומ־טובדיקן מאָלצייט. עס איז געווען ערב פּסח אין דער פרי, יאָסעלע איז נאָר וואָס אַרויס אין גאַס, קומט אים אַנטקעגן יאַשאַ סערעבראַוויטש, דער גרויסער דעקן־פאַבריקאַנט. ער גיט יאָסעלען גוטברודעריש אַ קלאַפּ אין פּלייצע און פאַרבעט אים צו קומען אין אָוונט צו זיך אין שטוב, צום ערשטן סדר. יאָסעלע איז געווען אין זיבעטן הימל; ער האָט שוין דעם גאַנצן טאָג כמעט גאָרניט

געגעסן. אײַן קלײניקײט, בײַ סערעבראָוויטשן צום סדר. יאָסעלע הײבט ניט אָן חושד צו זײַן, אַז דאָ וועט מען אים אָפּטאָן אַ שפּיצל. סערעבראָוויטש נעמט אים אויף אײַן אָוונט מיט אַ ברײטן גוט יום־טוב, באַלד ווערט אָבער זײַן פּנים אַ ביסל פאַרכמורעט און ער גיט אַ זאָג: „אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט", איך האָב דיר, יאָסעלע, פאַרבעטן הײַנט צום סדר און מײַן ווײַב איז בײַ טאָג גאָר פּלוצלונג קראַנק געוואָרן און זי האָט ניט געקענט קײן זאַך צוגרײטן; אַ פאַרשטערטער סדר בײַ מיר, עס איז אַ וויטאָג און אַ פאַרדרוס. אָבער ניט געדאַגהט, יאָסעלע, פון הונגער וועלן מיר ניט שטאַרבן". דער באַלעבאָס האָט באַלד געגעבן אַ ווונק צו דער קעכין און אויפן טיש האָט זיך גלײַך באַוויזן אַ גרויסע און ברײטע שיסל, פול מיט בולבעס, גוט באַשמאַלצן מיט גאַטשע־שמאַלץ און דערצו נאָך אַ גרעסערע שיסל מיטן אמתן רויטן ראָסל. פון בײדע שיסלען האָט געזעצט אַ פּאַרע ביז דער סטעלע. דער באַלעבאָס האָט זיך אויך געמאַכט עסנדיק, אָבער דער עיקר האָט ער געלאָזט יאָסעלען אָנפילן די קישקע ביזן האַלדז. יאָסעלע האָט זיך ניט געלאָזט בעטן, ער האָט אויסגעלײדיקט בײדע שיסלען ביזן דעק און ווען ער איז שוין געווען פול ווי אַ פאַס, האָט זיך פון אַ זײַטיקער טיר באַוויזן די באַלעבאָסטע, אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק. זי האָט העפלעך באַגריסט דעם גאַסט און באַלד טאַקע האָט מען גענומען דערלאַנגען אויפן יומטובדיקן טיש גרויסע טעלערס מיט שמעקעדיקע פיש, מיט געבראָטענע קאַטשקעס און מיט אַלע אַנדערע פּסחדיקע מאכלים — און אַלץ מיט דער ברײטער האַנט.

יאָסעלע האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז מע האָט אים דאָ געפירט אין באָד אַרײַן. ער איז שיִער צעפּלאַצט געוואָרן פון קרענקונג און פון חרפּה. ער האָט זיך אַ הויב געטאָן פון טיש און אָן זײַט געזונט, אַרויסגעלאָפן דורך דער הינטערשטער טיר...

אין די ווײַטערדיקע שורות וויל איך איבערדערצײלן אײנע פון יאָסעלע ראַזשינוייערס חכמות וואָס איז יאָרן לאַנג איבערדערצײלט געוואָרן בײַ אונדז אין ביאַליסטאָק און איז געגאַנגען פון מויל צו מויל.

גענוי דאָס יאָר געדענק איך ניט. אָבער עס זײַנען שוין אַריבערגעלאָפן עטלעכע און זעכציק יאָר פון דעם טאָג, ווען אין ביאַליסטאָק האָט זיך פּלוצעם באַוויזן דער ערשטער אויטאָמאָביל. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף וואַשליקאָווער גאַס לעבן קאָוואַרסקיס אַפּטײק, אַנטקעגן וואַרשעווער גאַס. מיט עטלעכע הײזער פריער, אויף ראָג יוראָווצער גאַס איז געווען די בירזשע פון די סוחרים און מעקלערס פון וואָל און אַנדערע טעקסטיל־פּראָדוקטן. פאַרשטײט זיך, אַז אַלע זײַנען באַלד צוגעלאָפן צו באַטראַכטן דעם נײַעם אויסטערלישן וואָגן. קריסטן, פאַרבײַגײיערס האָבן אַ שפּײ געטאָן אויף דער דאָזיקער „טשאָרטאָפּכײקע", ווי זײ האָבן דאָס גלײַך אַ נאָמען געגעבן.

אין דעם מאָמענט, ווען די יידן זיינען געשטאַנען אַרום דעם וואָגן, געבראָכן זיך דעם מוח און געוואָלט פאַרשטיין ווי אַזוי די דאָזיקע מאַכערייקע קען גיין און לויפן אָן פערד, איז אַזוי ווי פון אונטער דרערד אויסגעוואַקסן יאָסעלע ראַזשינאַיער, מיט ביידע הענט האָט ער פונאַנדערגערוקט דעם עולם, ער מאַכט זיך פאַר אַמומחה, פאַר אַ גאַנצן ווייסער, ער בייגט זיך איין און באַטראַכט דעם וואָגן פון אונטן צווישן די רעדער, טאַפּט אים אַרום פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק און פון אַלע זייטן און באַלד לאַכט ער זיך פונאַנדער:

— „אוי יידן! סאַראַ טיפּשים איר זענט! וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר אַ חידוש, עס איז דאָך אַ גאַנץ פּשוטער ענין, וואָס פּשוטער קען גאָרניט זיין. עס איז אַוי פּשוט, אַז אַפילו אַ קינד קען דאָס פאַרשטיין".

אַלע האָבן אָנגעשטעלט מויל און אויערן און געוואָלט שוין וואָס גיכער הערן וואָס יאָסעלע ראַזשינאַיער וועט דאָ זאָגן. — „זעט, קוקט — און די היטל איז שוין געלעגן ביי אים אויף דער פּאַטעלניצע — עס שטייט אויף משקולת... די רעדער דרייען זיך... און דער אימפּעט... „יאָ, דער אימפּעט יאָגט עס"...

די יידן זיינען זיך גלייך פונאַנדערגעגאַנגען מיט אַ ברייטן שמייכל אויף די ליפּן און דעם אמת זאָגנדיק זיינען זיי ניט געוואָרן קליגער פון יאָסעלעס גע־ביאַלן אויסטייטש.

עס קען גאָר אַמאָל זיין, אַז ביי איינעם פון די ביאַליסטאָקער מנחם־מענדלס איז אין דעם מאָמענט גאָר געבוירן געוואָרן אַגעדאַנק און ער האָט גערעדט צו זיך אַליין: — „אויב דער אימפּעט קען געבן קראַפט, אפשר וואָלט מען אים געקענט באַנוצן צו טרייבן די רעדער פון די ביאַליסטאָקער פאַבריקן? — און ווו קען מען זיך טרעפן מיטן דערפינדער פון דעם דאָזיקן אימפּעט?...

יאָסעלע ראַזשינויערס סוף איז געווען זייער אַ ביטערער. אין 1915, ווען די רוסן זיינען אַוועק פון ביאַליסטאָק, איז יאָסעלע מיט זיי מיטגעלאָפן. האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אין אַ סאָלדאַטסקן שינעל און מען האָט אים גלייך געגעבן פולווער צו שמעקן; דאָס מיינט צו זאָגן, אַז מען האָט גלייך דערקענט אַז דער בחור האָט שטיינער אין די אַרבל און אַז ער האָט אויף זיין לעבן קיין מאָל גאָרניט געטאָן. האָט מען מיט שלאָגעדיקע אַרגומענטן אַרויסגעקלאַפּט זיין משוגעת פון קאָפּ. ווען מען גיט נאָך צו — ווי מענטשן האָבן דערציילט — אַז ער האָט פּשוט געליטן הונגער, קען מען זיך פאַרשטעלן אַז עס איז אים שוין ניט געלעגן אין זינען זיך צו וויצלען און זאָגן חכמות.

ווי אַזוי ער איז אַוועק אויף יענער וועלט, איז ניט באַקאַנט.

עס בעט זיך נאָך צו פאַרצייכענען, אַז ביי מעצן, דעם באַרימטן קאַפע־אייגנטימער אויפן הויף איז געווען אַ גרויסער זאַל צו שפּילן בילאַרד, ווו עס זיינען געשטאַנען זעקס טישן, באַדעקט מיט גרינעם געוואַנט מיט די

„עצים" און „בצים" און מיט אַלע אַנדערע קלאַפּערגעצייג. דאָרט איז שטענ־
דיק געווען לעבעדיק ביז שפּעט אין דער נאַכט. דער פּאַרוואַלטער פון דער
אונטערנעמונג איז געווען אַ ייד אין די פערציקער יאָרן מיט אַן אונטערגע־
שאָרן שוואַרץ בערדל, אַ געווזענער ציגאַרן־מאַכער. ער האָט געהאַט אַ
געוווינהייט צו זיצן מיט די פיס אונטער זיך אַזוי ווי אַ טערק. די שטענדיקע
ביליאַרד־שפּילער זיינען געווען די מייסטערס און גוט באַצאָלטע אַרבעטער־
ספּעציאַליסטן פון דער טעקסטיל־בראַנזשע און פון די גרויסע לעדער־פאַ־
בריקן. דאָרט איז אויך געווען דער זאַמלפּונקט פאַר אַלע ליידיק־גייערס און
פּוסט־און פּאַסניקעס. די לופט פון דעם דאַזיקן ביליאַרד־זאַל איז געווען פול
מיט רויך פון פּאַפּיראָסן און פון גראָב־יונגערישער ניבול־פּה. צום גליק
זיינע אַזעלכע ברודיקע פלעצער נישט געווען קיין סך אין מיין היימשטאָט
ביאַליסטאָק.

## אַ דייטשישער בית-עולם אין ביאַליסטאָקער וואַלד

איך מיש ווייטער די בלעטער פון דעם וווּנדערלעכן ביאַליסטאָקער אַלבאָם
און איך זע, אַז איך האַלט שוין ביים סוף. עס קומט מיר אָן פאַר די אויגן
אונדזער ליבער ביאַליסטאָקער וואַלד. קיין טייך איז אינביאַליסטאָק ניט געווען
אָבער אַ גרויסער סאָסנאָווער וואַלד האָט זיך יאָ געפונען אין מיין שטאָט, טאָקע
גאָר נאָענט מיט דער האַנט צו דערגרייכן. אַ „קאָנקע" — דאָס הייסט אַ
טראַמוויי מיט פערד איז דאָרטן געגאַנגען און אַוועקגעפירט טיף אין וואַלד
אַריין, ווו עס איז געשטאַנען אַ גרויסער זומערדיקער טעאַטער און אַרום דעם
טעאַטער איז געווען אַ גרויסער שיינער פּאַרק, ווו עס האָט געשפּילט מוזיק
און אויף דער אָפענער סצענע האָט מען אויף אַ לייכטן אופן פאַרווײַלט דעם
עולם.

אַריינגיין אין פּאַרק האָט געקאָסט צוואַנציק קאָפּיקעס. אָבער ווער פון
אונדזערע ייִנגלעך האָט דעמאָלט פאַרמאָגט אַזאַ קאַפּיטאַל? פלעגט מען זיך
דערלאַנגען אַ פלייצע איינער דעם אַנדערן און מע האָט זיך אַריבערגעוואָרפן
איבערן פּאַרקאַן. אויב דער וועכטער, דער שומר האָט עמיצן געפּאַקט איז
אויך ניט געווען קיין גרויס געפאַר — מ'האָט יענעם אַרויסגעפירט דורך דעם
פּאַראַדנעם אַרויסגאַנג און פּטור. אַ סך ערגער האָט אַ ייִנגל אָפּגעשניטן, ווען
די מאַמע פלעגט אויף מאָרגן אין דער פרי דערזען די נייע שבתדיקע הויזן
צעריסן פון אויבן ביז אַראָפּ. שפּעט ביי נאַכט זיינען ביים אַרויסגיין פון פּאַרק
געשטאַנען אַלע צוועלף וואַגאָנען פון דער ביאַליסטאָקער קאָנקע, גרייט אָפּצו־
פירן דעם עולם אין שטאָט אַריין. די רייזע האָט געדויערט צוואַנציק מינוט
און אַ בילעט האָט געקאָסט דריי קאָפּיקעס. אָבער צו וואָס האָבן מיר געדאַרפט
די קאָנקע, דעם פערדישן טראַמוויי... יוגנט, יוגנט קום צוריק! מע פלעגט

גייך פון וואַלד צו פוס אין מיטן נאַכט מיט געזאַנג און מיט ברענעדיקע שטור־קאַצן אין די הענט. ווער האָט אונדז דען געשטערט? עס איז דאָך געווען אונדזער וואַלד... אונדזער ביאַליסטאָק...

## אַ פרישער בית עולם אין וואַלד

און אָט קומט אָן דאָס יאָר 1916. די וועלט־מלחמה איז נאָך אין פולן ברען. אָבער זי האָט זיך שוין אַוועקגעצויגן און אָפּגערוקט זיך ווייט פון אונדז. די דייטשן האָבן זיך ברייט באַזעצט ביי אונדז אין שטאָט און אין דער גאַנצער יידישער געגנט אַרום. די טריט פון זייערע שטיוול. באַשלאָגן מיט טשוועקעס, האָט אָנגוואָרפן אַ שרעק און אַן אומעט. מען איז געוואָרן אָפּגעריסן פון דער איבעריקער וועלט און דאָס האַרץ איז שיער ניט צעשפּרונגען געוואָרן פון צער און פון בענקשאַפט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, אָנהויב ווינטער, ווען אויפן גאַס איז געווען אַ לייכטער פרעסטל האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ חשק צו גיין געוואָר ווערן און געבן שלום דעם וואַלד — דעם חבר אונדזערן. אָט קום איך צו שוין גאָר נאָענט, עס זעען זיך שוין אָנטקעגן די הויכע סאָסנעס, פּלוצלונג באַווייזט זיך פאַר מיינע אויגן עפּעס אַזאַ פענאָמען וואָס כ׳האָב פריער ניט געזען. ביים סאָמע ראַנד פון וואַלד, דאָרט ווו אַמאָליקע יאָרן איז געווען אַ שפּילפּלאַץ פאַר קינדער, דאָרטן ווו עס האָבן זיך פלינק געדרייט די קאַראָסעלן מיט די הילצערנע פערדלעך פון אַלע קאָלירן און ווו די קאַטערינקעס האָבן געשפּילט דאָס פרייי־לעכע ליד „ביע פלאַטש מאַרוסיאַ“ און נאָך אַנדערע רוסישע פאָלקס־לידלעך אויף דעם אָרט איז איצט אויסגעוואַקסן אַ פרישער בית־עולם. דאָ האָבן די דייטשן באַערדיקט זייערע געפאַלענע סאָלדאַטן; זויבער, פּינקטלעך און אין דער בעסטער דייטשישער אָרדענונג זיינען געווען אויסגעשטעלט אין גלייכע שורות ווייסע צלמימלעך אויף בערגלעך ערד, באַדעקט מיט פאַרטריקנטע בלומען. צוקאָפּנס פון יעדן בערגל איז געווען אַריינגעשטעלט אַ ברעטעלע מיט דעם נאָמען פון דעם געפאַלענעם יונגן זעלנער. דער פאַרקאָן אַרום דעם דאָזיקן „פרידהאָף“ איז געווען זייער אַנידעריקער און איך האָב געלייענט די נעמען „פריץ“, „קאַרל“, „אַדאָלף“ און אַנדערע. פּלוצלונג באַוויזן זיך מיר פאַר די אויגן אַ לאַנגע אַ שורה מיט בערך צוויי צענדליק מגן־דודלעך; יידן, הייסט עס, זיינען דאָ אויך פאַראַן. פאַר וועמען און פאַר וואָס האָבן דאָ יידישע בחורימלעך אויך פאַרגאָסן זייער בלוט? ווער זיינען זיי? פון וואַנען קומען זיי? פון וועלכן סאָרט יידישע הייזער שטאַמען זיי? צי ווייסן זייערע טאַטעס און מאַמעס ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען? צו וועט אַ מאָל עמיצער קומען צו זיי אויף קבר־אבות לאָזן אַ טרער און לייגן בלומען אויף זייער קבר!

יאָ, איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט אַ נאַטור צו שטעלן פראַגעס. אָבער אַט קום איך צו צו דעם הויכן שטיינערנעם טויער, צום הויפּט אַריינגאַנג פאַר־נעם בית־עולם. איך הויב אויף מיינע אויגן און איך לייען דעם אויפשריפט מיט די גרויסע אותיות אויסגעהאַקטע פון שטיין: הערט, אדרבא וואָס עס זאָגט זיך דאָרטן.

„גרעסערעס קען קיין מענטש ניט געבן — אַלס פיר דעם אַנדערן זיין לעבן״!

איך קוק זיך לאַנג צו צו די שטומע אותיות, איך לייען איין מאָל און נאָך אַ מאָל דעם דאָזיקן „קלוגן״ אויפשריפט און עס ווילט זיך מיר אויסשרייען: „עס שטימט דאָך ניט, עס איז דאָך ניט ריכטיק, עס איז דאָך אַ געמיינער ליגן״! נאָך אַ מאָל, וואָס זאָגט זיך דאָ? „גרעסערערס קען קיין מענטש ניט געבן״... צי האָט דען דער קרבן זיין לעבן אַוועקגעגעבן פרייוויליק אָדער מען האָט עס ביי אים צוגענומען מיט געוואַלד? אָבער לאָמיר לייענען ווייטער: „אַלס פיר דעם אַנדערן זיין לעבן״. וואָס רעדט איר דאָ? ווער איז ער דאָס דער אַנדערער, פאַר וועמען דאָס בחורל האָט מקריב געווען דאָס לעבן זיינס — פאַר וועמען? פאַר וואָס? און פאַר ווען? . . .

עפּעס אַזוי ווי עמיצער וואָלט מיר אַ טורקע געטאָן אין אַ זייט און גע־זאָגט: „עס האָט ניט קיין זין און עס איז ניטאָ וועמען צו פרעגן קיין קשיות, מאַך ניט קיין חוזק פון זיך אַליין!

אוודאי האָב איך דעמאָלט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אין עטלעכע און צוואַנציק יאָר שפּעטער, וועט די גאַנצע היימשטאָט מיינע פון עק ביז עק פאַרוואַנדלט ווערן אין איין גרויסן בית־עולם.

יאָ, אַזוי איז עס. וואָס מע זאָל ניט זאָגן און וועגן וואָס מע זאָל ניט רעדן קומט מען סוף־כל־סוף צום טויט, צום בית־עולם.

תם ונשלם, געענדיקט לייענען דעם שיינעם ביאַליסטאָקער אַלבאָם.

עס ווילט זיך מיט אַ שאַרפער נאָדל אַ שטאָך טאָן אין אַ שפּיץ פון פינגער און מיט בלוטיקע אותיות אָנצייכענען אויף דער לעצטער זייט:

אַ מאָל און אַ מאָל איז געווען אַ גרויסע שיינע יידישע שטאָט ביאַליסטאָק...

וואָס געבליבן איז אונדז מער
חוץ די דורכגעליטענע טרער —
אויף די חורבות אויף דעם אַש
מורמלען מיר: יתגדל ויתקדש!

ז. סעגאַלאָוויטש

# שאָשע מיינעלאָשע

דעם נאָמען פון דער דאָזיקער פּערזענלעכקייט האָב איך ניט געפונען אין דעם ביאַליסטאָקער אַלבאָם. זי פאַרדינט אָבער דורכאויס מע זאָל זי דער־מאָנען און איר שענקען די ווייטערדיקע קורצע אָפּהאַנדלונג.

געלעבט האָט אַזאַ יידענע אין אַ הינטערגעסל, אין דער אָרעמסטער געגנט אין ביאַליסטאָק און ווי עס לייגט זיך אויפן שכל, האָט מען איר, ווייזט אויס, מיט אַ סך יאָרן צוריק שוין ניט פאַר מיין געדענקען — געגעבן אַ צונאָמען „מענה־לשון". זי האָט דעם נאָמען כשר פאַרדינט ווייל זי האָט געהאַט אַ מויל אויף שרויפן און פאַרמאָגט צען מאָס רייד. אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָט מען שפּעטער דעם נאָמען שטאַרק פאַרגרייזט און זי איז געוואָרן אַ „שאָשע מיינעלאָשע". חיים־בערל דער צווייטער מאַן אירער, וואָס האָט גע־לערנט מיט קינדער אַלף־בית איז געווען אַ בעזדיעטניק און דעריבער האָט אים די ערשטע ווייב אָפּגעגט. זי, שאָשע, האָט יאָ געהאַט אַ זון פון דעם ערשטן מאַן איז ער אָבער געווען נישט קיין דערפאַרענער. שאָשע אַליין איז געווען אַ יידענע ניט קיין איבערגעשפּיצטע, אָבער אַ שטיקל סוחרטע איז זי יאָ געווען. זי פלעגט אַרומטראָגן צו פאַרקויפן צו באַלעבאָסטעס אין די הייזער פּויערשע לייוונט אויף האַנטעכער, שטשירקעס און פאַרטעכער. די סחורה אירע האָט זי געטראָגן אונטער די אָרעמס און אויף איר אַקסל. אָבער מיטן מויל אירן פלעגט זי פאַרקויפן און פונאַנדערטראָגן „פּאַטשטן".

— „שאָ, „שאָשע מיינע־לאָשע" — גייט שוין" ! — פלעגן די ווייבער אָנ־זאָגן איינע די אַנדערע ווי נאָר מען האָט זי דערזען פון דער ווייטנס. „אָט באַלד וועלן מיר הערן נייעס" ! שאָשע האָט פאַרמאָגט אַ גאָלדענע נשמה, אָבער זי האָט געהאַט אַ ביטערע קראַנקהייט — רעדן אַ סך און מאַכן פון אַ וואָרט — אַ קוואָרט, דאָס הייסט, שטענדיק מאַכן יעדער זאַך גרעסער ווי דאָס איז. זי האָט געקענט אויסטראַכטן און צונויפפלעכטן מעשיות און געשיכטעס ניט געשטויגן ניט געפלויגן, און אַלע פּליאָטקעס און רכילותן פון שטאָט פלעגט זי דערציילן די ווייבער שטילערהייט אויפן אויער, זי פלעגט אָפּרופן יעדער איי־נער אין אַ זייט און זאָגן: „איר הערט, יענטע־ביילע, איך וועל אייך עפּעס דער־ציילן, אָבער צווישן אונדז זאָל דאָס בלייבן; איר זאָלט קיינעם עס ניט איבער־געבן וואָס איך האָב אייך געזאָגט, ווייל איר קענט דאָך מיר, איך האָב פיינט עמיצן צו באַריידן, איך זאָג גאָרניט און איך ווייס גאָרניט. איך דערצייל נאָר דאָס וואָס איך האָב געהערט אין גאַס. איר פאַרשטייט, און דערציילן דערצייל איך דאָס נאָר אייך אַליין" !

אַזוי אַרום, אַז פאַר נאַכט ביי דער וועטשערע האָבן שוין אַלע ווייבער פון די אַרומיקע גאַסן און געסלעך געוווּסט די לעצטע נייעס פון שאָשע מיינע־

לאָשע. גלייך אויף מאָרגן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז גאָר אַן אויסגע־בלאָזענע איי און עס איז ניטאָ קיין טראָפּן אמת אין דעם, וואָס שאָשע האָט דערציילט.

איבער הויפּט האָט שאָשע מיינע לאָשע געהאַט גרויס הנאה צו שאַצן און מעסטן יענעמס פּאַרדינסטן און יענעמס פּאַרמעגן און ספּעציעל צו ציילן פּרעמדע געלט. שטענדיק, צום סוף, פּלעגט זי צוגעבן די דאָזיקע ווערטער: „מסתמא, אַז איך זאָג, ווייס איך וואָס איך זאָג״! שאָשע מיינע־לאָשע האָט פּאַרמאָגט נאָך אַ שוואַכקייט צו צו ווינטשעווען יעדן איינעם אויף איר אייגע־נעם צוגעטראַכטן אופן, כאָטש עס האָט זיך געקלעפּט ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט.

אָט זיינען אַ פּאָר מעשיות וואָס די ווייבער פּלעגן זיך קייקלען פון געלעכ־טער ווען זיי האָבן דאָס איבערדערציילט.

אין שכנות מיט שאָשען האָט געוווינט איטקע די אלמנה וואָס פּלעגט קריגן ווען ניט ווען אַ געוויסע שטיצע פון אירע קרובים אין אַמעריקע. אָט די אלמנה האָט פּאַרמאָגט דריי דערוואַקסענע טעכטער, וואָס אַלע דריי האָט מען שוין געמעגט פירן צו דער חופּה. אַזוי ווי פּאָר שאָשע מיינע־לאָשע זיינען ניט געווען קיין שום באַהאַלטענע סודות און זי האָט געוווסט וואָס עס קאָכט זיך ביי יענעם אין טעפּל האָט זי דערשמעקט, אַז ביי איטקען דער אַלמנה אין שטוב טומלט זיך עפּעס און די עלטערע טאָכטער גייט ווערן אַ כלה, טרעפט זי איין מאָל איטקען אויפן בריקל און טוט צו איר אַ זאָג: — „איטקע קרוין, גוט וואָס איך האָב אייך געטראָפן! איך האָב געהערט זאָגנדיק, אַז ביי אייער חוה־ציפּען ווערט מען איין גיכן ברעכן טעלערס, טאָ וואָסזשע שווייגט איר? זאָל אייך זיין מיט גליק און מיט מזל! איר זעט, איטקע, גאָט איז אַ פאָטער פון אַלמנות און יתומות און עס בלייבט מיר נאָר צו ווינטשעווען אייך איר זאָלט שוין איצט שלעפּן אַ קאָפּ נאָך אַ קאָפּ״... געמיינט האָט זי צו זאָגן, אַז עס־זאָלן וואָס גיכער צוגעשיקט ווערן שידוכים פאַר די אַנדערע צוויי מיידלעך.

די צווייטע געשיכטע איז ניט קיין לעבעדיקע נאָר אַ „הילצערנע״.

איין מאָל, באַלד נאָך סוכות, האָט שאָשע באַמערקט ווי מען האָט אַרויפּ־געפירט צוויי פורן האָלץ צו מאָטיע דעם לעדער־פּאַבריקאַנט אויפן הויף. דער־זען ווי דער גביר ר׳ מאָטיע שטייט אין זיין שלאָפראָק און באַטראַכט די היל־צערנע סחורה וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט, פּאַלט איר איין, אַז מען דאַרף עפּעס זאָגן און אים צוווינטשעווען, וואָס קען עס שאַטן, מע קען פון אים האָבן אַמאָל אַ טובה. זי האָט לאַנג ניט געקלערט און געגעגעבן אַ פּאָר אַרויס מיט „אַ ברייטן גוטמאָרגן אייך ר׳ מאָטיע, ווי איך זע האָט איר זיך צוגעאיילט, ערשט איצט האָט מען געבענטשט ראש־חודש חשון און איר גרייט זיך שוין אָן האָלץ אויף ווינטער. און נאָך וואָס פּאַראַ האָלץ? אויף

**איך קען מען זיך פאַרלאָזן, איר זענט דער אמתער מבין אויף די בעסטע גראַבענע האָלץ און דערצו טרוקן ווי ביין... טאַ זאָלט איר האָבן ר' מאָטיע, אַ מזלדיקן ווינטער און איר זאָלט ברענגען געזונט!**

י. שאַצקי

## בישקע זאַבלודאָווסקי

### דער פּאָפּולערסטער ביאַליסטאָקער ציַיטונגס פאַרקויפער

אינדערפרי, איר ליגט נאָך אין בעט, און שוין קלינגט אייך אין די אויערן בישקעס קלינגנדיקער קול — ביי זיין ספּעציעלן אויסשרייען די נעמען פון די ציַיטונגען.

28 יאָר, טאָג איין, טאָג אויס, אין רעגן און שניי, אין קעלטן און היץ, שטייט ער, בישקע „גאַזעטשיק" אויף זיין פּאָסטן ביים פאַרקויפן די יידישע ציַיטונגען. ער איז אַ קינסטלער אין זיין פאַך. ביאַליסטאָק פאַרמאָגט דאָך אַ סך ציַיטונג־פאַרקויפער אַלטע, יונגע, מיט שטאַרקע שטימעס, אָבער קיינער האָט ניט אַזאַ דערפאָלג, ווי בישקע. ס'דוכט זיך, אַז אָט דער יידל איז געבאָרן געוואָרן מיט אַ ציַיטונג אין האַנט... קוקט זיך צו, ווי ער פאַרקויפט די בלעטער. אַ קלייניקער, אַ רירעווודיקער, מיט אַ מויל וואָס גייט אויף שרויפן, קיינמאָל גייט ער ניט געלאַסן, שטענדיק צוברויזט, פאַרטאַראַראַמט, ריכטיק ווי ער וואָלט עפּעס פאַרשפּעטיקט אַ וויכטיקן ענין.

טרעפט אַמאָל אַן אויסערגעוויינלעכע סענסאַציע אַ גרויסע געשעעניש, אַ עקסטרע אויסגאַבע, דאַמאָלס שפּריצט פון אים מיט פייער, מיט לאַווע. ער פליט איבער די גאַסן, שרייט מיט מסוכנע קולות, טיילט בליץ־שנעל די ציַיטונגען כאַפּט די געלט, ציילט די געלט, גיט רעשטע און דער מויל הערט ניט אויף צו מאָלן. איר ווערט מיטגעריסן פון זיין עקסטאַז די געשעעניש ווערט אויסגעוואַקסן אויף הונדערט פּראָצענט און ער לייזט שטענדיק טאָפּל ווי אַנדערע.

אין די יונגע יאָרן האָט ער געאַרבעט אין אַ פאַבריק אַלס האַנט־וועבער. ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער ערשטער גרויסער קריזיס אין ביאַליסטאָק און ער איז געוואָרן אַרבעטסלאָז האָט ער אָנגעהויבן האַנדלען אין גאַס.

אין יאָר 1902 ווען עס איז אַרויס דער ערשטער נומער „פריינד" איז ער געוואָרן אַ שטענדיקער לייענער פון דער ציַיטונג. איין טאָג קומט ער קויפן דעם נייסטן נומער „פריינד" הערט ער ווי אינדיצקי דער פאַרטרעטער פון דער ציַיטונג באַקלאָגט זיך אַז ער האָט ניט קיין פעאיקן ציַיטונגס־

פֿאַרשפּרייטער זאָגט בישקע גיט מיר איך וועל פּרובירן. ער באַקומט די ערשטע צען ציטונגען צו פֿאַרקויפֿן. פֿון דאַמאָלסט אָן האָט זיך אָנגעהויבן זיין קאַריערע. אין דריי יאָר אַרום האָט ער שוין דעם „פֿריינד" פֿאַרשפּרייט אין טויזנט עקזעמפּלאַרן אַ טאָג. עס זיינען צוגעקומען נאָך ציטונגען און אויך ציטונגס פֿאַרקויפֿערס. בישקע אָבער איז אַלץ געשטאַנען אויפֿן ערשטן פּלאַץ.

זיין צעניאַריקן יובילײ האָבן אַלע ציטונגען געפּייערט. דער וואַרשעווער „היינט" האָט אים געגעבן אַ מתנה אַ גאָלדענעם זייגער. אינדיצקי האָט אים צוגעטראָגן שלום־עליכמס ווערק ראַבינער מאהליזוער — גרעצס געשיכטע דער ׳גאָלאָס״ אַ גאָלדענעם בעכער און אויך אַלע חברים האָבן געגעבן שיינע מתנות

ס׳איז געפּראַוועט געוואָרן לכבוד דעם יובילאַר אַ גרויסאַרטיקער באַנ־קעט, ווו ס׳איז געווען פֿאַרטראָטן די גאַנצע היגע פּרעסע.

אַ כאַראַקטעריסטישער פּרט. אָנהויב פֿון דער וועלט־מלחמה האָט מען די טעלעגראַמעס געמוזט צענזורירן. גראַד איינמאָל, ווען די טעלעגראַמעס זיינען שוין געווען אָפּגעדרוקט, האָט מען ניט געטראָפֿן אין דערהיים דעם דאַמאָלסטיקן פּאָליצמייסטער.

האָט זיך בישקע אַוועקגעשטעלט אויפֿן גאַס אים אָפּוואַרטן, די צייט איז געווען זייער אַ אומרואיקע, די גאַנצע וועג, ווו דער פּאָליצמייסטער האָט געדאַרפֿט דורכפֿאָרן איז געשטאַנען אַ שטאַרקע שמירה פֿון פּאָליציי און סאָלדאַטן מיט ביקסן אין די הענט און קיינעם ניט דורכגעלאָזט. ווי בישקע האָט דערזען דעם פּאָליצמייסטערס קאַרעטע, האָט ער ניט קלערנדיק קיין סך, גלייך איר אָנגעהויבן נאָכלויפֿן. די סאָלדאַטן האָבן זיך געכאַפּט פֿאַר די ביקסן און אים געוואָלט שיסן, אָבער דער פּאָליצמייסטער, דערהערנדיק בישקעס גוואַלדן, האָט זיך אומגעדרייט, אים צוגערופֿן און מיט אַ שמייכל אונטער־געשריבן די טעלעגראַמעס . . .

אין דער צייט פֿון פּאָגראָם, איז ער פֿאַרוווּנדעט געוואָרן, פֿאַרקויפֿנדיק די ציטונגען, ער איז פֿון גאַס ניט אָפּגעטראָטן. און אָנהויב פֿון דער מלחמה, איז אַ באָמבע פֿון אַ לופֿט־אָנגריף אַריינגעפֿאַלן ביי אים אין שטוב און אַלץ צושטערט.

אָבער ער איז זיך ניט מייאש. אַלץ איז צובראָכן, צוריסן, חרוב געוואָרן נאָר ער לויפֿט ווידער איבער די גאַסן און געסלעך פֿאַרשפּרייט דעם יידישן וואָרט צווישן די יידישע מאַסן.

# דריי בריוו

ערשטער בריוו פון רפאל רייזנער

סוף 1945. די בלוטיקע מלחמההאָט זיך געענדיקט, דאָס העלישע פייער איז פאַרלאָשן געוואָרן, דער שוואַרצער פאַרהאַנג, וואָס האָט פאַרדעקט אונדזערע אָמאָליקע היימען האָט זיך פונאַנדערגעריקט, עס האָט אָנגעהויבן צו גיין די פּאָסט און מיר האָבן זיך דערוווּסט און האָבן דערזען דעם גרויסן חורבן אונדזערן. אין יענער צייט האָב איך אָפּגעדרוקט אַ בריוו אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע“ פון ניו־יאָרק אין וועלכן איך האָב זיך נאָכגעפרעגט און האָב געבעטן, אפשר איז עמיצער פון מיין שטאָט געבליבן לעבן און קען מיר אָפּגעבן אַ גרוס פון מיינע נאָענטע און ליבע. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און איך האָב געקראָגן אַן ענטפער פון איטאַליע פון איינעם אַ ביאַליסטאָקער דרוקער מיטן נאָמען רפאל רייזנער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט זייער גוט געקענט מיין גאַנצע משפחה, אַלעמען מיט די נעמען און ער האָט מיר איבערגעגעבן גענוי ווו, ווען און אויף וואָס פאַר אַן אופן יעדער איינער איז אומגעקומען. אַ „געשמאַק“ בריוועלע איז דאָס געווען, נישטאָ וואָס צו ריידן, טרערן האָבן זיך געגאָסן אָן אויפהער.

אָט דער רפאל רייזנער האָט געלעבט דיגאַנצע צייט אין געטאָ און האָט זיך גוט צוגעקוקט צו אַלץ וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען און האָט עס פאַרצייכנט אין זיין זכרון. ווען דער לעצטער צוג מיט די ביאַליסטאָקער קדושים איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע, האָט ער זיך מיט זיין פאַמיליע באַהאַלטן אין אַ קעלער. מען האָט זיי געפונען און אַלעמען אומגעבראַכט. אים אַליין אָבער, האָבן די מערדערס געלאָזן לעבן, ווייל אויסער דעם וואָס ער איז געווען אַ גוטער דרוקער האָט ער געקענט אויסגעצייכנט גראַווירן אויף אַלערליי מעטאַלן. דאָס איז געווען פאַר די מערדערס אַ גרויסער געווינס. מע האָט אים אַוועקגעשיקט ערגעץ טיף אין דייטשלאַנד און ער האָט זיי דאָרט געהאָלפן „פאַרשפּילן“ די מלחמה. קונציק האָט ער נאָכגעמאַכט אַמעריקאַנער דאָלאַרן און ענגלישע פונטן.

די ביאַליסטאָקער פון אויסטראַליע האָבן אים אַריבערגענומען צו זיך. אַזוי ווי אָבער זיין געזונט איז שוין געווען צעבראָכן פון די גרויליקע איבערלעבונגען, איז ער אין עטלעכע יאָר אַרום אַוועק אויף יענער וועלט. אמת, געשטאָרבן אַן עלנטער, אַן איינזאַמער, אָבער אויף אַ בעט, צווישן יידן און איז געקומען צו קבר־ישראל. זאָל אים די ערד גרינג זיין!

אין אויסטראַליע איז אויך אַרויס זיינער אַ בוך ווו ער האָט מיט האַרץ, מיט נשמה און מיט גרויס טאַלאַנט באַשריבן דעם „אומקום פון ביאַליסטאָקער יידנטום“.

## 2. מיר זיינען אַלע פריינד

אין דער זעלביקער צייט האָב איך געקראָגן אַ צווייטן בריוו פון אַן אומ־באַקאַנטער פרוי אין מיינע יאָרן. זי האָט געשריבן פון נידערשלעזיע, אַז זי איז נאָר וואָס געקומען פון טיף־רוסלאַנד. שטאַמען שטאַמט זי פון מיכאַלאָווע און האָט געקענט גוט מיין זיידן ע״ה. דעם אַדרעס מיינעם האָט זי געקראָגן פון מיינעם אַ פעטער וואָס האָט זיך אויך געראַטעוועט און געפינט זיך איצט אויך אין דעם זעלביקן פלאַץ. דעם פעטער מיינעם האָב איך באַשריבן באַזונדער. דער פרויס בריוו האָט זיך בערך געלייענט אַזוי:

ליבער פריינד,

איך שרייב צו דיר אין דער ווייטער מעקסיקע כאָטש איך קען דיך ניט. איך בין מיט דיר אויף דו, כאָטש איך האָב דיך קיין מאָל ניט געזען. איך רוף דיר פריינד, כאָטש איך האָב מיט דיר קיין מאָל ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. מע טאָר אָבער אויף איין מינוט ניט פאַרגעסן, אַז מיר, די שארית הפליטה, דאָס ביסל לעבנגעבליבענע יידן אויף דער וועלט זיינען אַלע געוואָרן פריינד. דער גרויסער אומבאַקאַנטער מיליאָניקער קבר, ווו יעדער איינער האָט אַ חלק אין אים האָט אונדז אַלעמען פאַרבונדן און געמאַכט פאַר נאָענטע קרובים און פריינד...

קלוגע דירנדיקע ווערטער, ריכטיק ווי גאָלד!

## 3. דאָס אַש פון מיין ברודער

דער דריטער בריוו איז אָנגעקומען פון דאַדיען, פון דעם איינציקן לעבן געבליבענעם קוזין מיינעם וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פון רוסלאַנד און איז געשטאַנען אויף די ביאַליסטאָקער חורבות.

אָט איז אַ טייל פון זיין בריוו:

איך שטיי אויף דעם פלאַץ, ווו עס איז געוועזן אָט דאָ ניט לאַנג די גרויסע געמויערטע שיינע ביאַליסטאָקער שול. איך הויב אויף פון דער ערד אַ הויפן זאַמד און איך וויין. איך מאַך נאַס די ערד מיט מיינע טרערן. דאָס איז דאָך די אַש פון דיין ברודער און מיין קוזין אַהרון...

און איך, ווען איך האָב געהאַלטן אין האַנט אָט דאָס בריוול, אָט דאָס שטיקל פאַרשריבענע פאַפיר, האָב איך געפילט אַז עס ברענען מיר די פינגער. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז איך האַלט אין האַנט אַ ברענענדיקע פאַלע, אַן אָנגעצונדן שטיקל לאַץ פון מיין ברודערס באַליבטער קעסטלדיקער מאַרינאַרקע, וואָס ער האָט געטראָגן דאָס לעצטע מאָל ווען איך האָב אים געזען ביים געזעגענען זיך אויף דעם ביאַליסטאָקער וואָקזאַל.

## מיין טאַטע אין געטאָ

אין דער זעלביקער צייט, ווען איך האָב געקראָגן די אויבן דערמאָנטע בריוו האָט זיך אין אַ ניו־יאָרקער יידישער צייטונג אָנגעהויבן צו דרוקן אַ לענגערע באַשרייבונג אין המשכים וועגן דעם לעבן פון די יידן אין ביאַליס־טאָקער געטאָ. אַ באַקאַנטע האָט מיר צוגעשיקט אַ נומער, וווּ עס ווערט דערציילט וועגן איינעם אַ זאַבלודאָווסקי.

מיט אַ שווערן געמיט און מיט ציטערדיקע הענט האָב איך געהאַלטן די בלאַט צייטונג און געלייענט די ווייטערדיקע שורות. „אויף די גאַסן און געסלעך פון ביאַליסטאָקער געטאָ איז אַרומגעגאַנגען אַן אַלטער מאַן מיט אַן אונטערגעשאָרענער ווייסער באָרד. אין פוס זיינע קירצער פאַר דער אַנדע־רער, קוים וואָס ער באַוועגט זיך, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. דעם יידנס נאָמען איז געווען זאַבלודאָווסקי, אַ באַקאַנטער משכיל, פּראָפעסאָר פון רע־טענישן און ווערטלזאָגער.

די פאַרבייגייער רינגלען אים אַרום און הערן זיך צו, ווי ער וואַרפט שאַרפע ווערטלעך אויף דעם אַדרעס פון היטלערן ימח שמו מיט זיינע בלוט־טיקע משרתים. ער פלעגט אַזוי אַרומגיין דער אַלטיטשקער, טאָג איין, טאָג אויס. יעדער מאָל האָט ער געהאַט עפּעס וואָס מחדש צו זיין, יעדעס מאָל — אַ נייעם פּסוק, אַ ניי וואָרט, ביז אין איינעם אַ פּינצטערן פרי מאָרגן איז ער אַנידערגעפאַלן אין גאַס אַ פאַרחלשטער.

איר וועט מיר מוחל זיין ווען איך וועל אויפדעקן פאַר אייך נאָך אַ פּער־זענלעכע וווּנד און איך וועל אייך זאָגן, אַז דער אַלטיטשקער איז געווען נישט קיין אַנדערער נאָר מיין אַכציק יאָריקער טאַטע חיים־צבי זאַבלודאָווסקי ע״ה.

איך וואָלט זייער און זייער געוואָלט וויסן ווען און ווו האָט עס פּאַסירט, אויף וועלכער גאַס און לעבן וועמעס שטוב איז מיין טאַטע אַנידערגעפאַלן און צי איז געווען דערביי עמיצער פון זיינע קינדער און קינדס־קינדער! אומזיסט וועל איך וואַרטן אַז עמיצער זאָל מיר ענטפערן אויף מיינע פראַגעס.

דער טאַטע מיינער איז געקומען צו קבר ישראל אויף דעם ביאַליסטאָקער געטאָ־בית־עולם, כאָטש קיין זכר פון זיין קבר איז ניט געבליבן אַזוי ווי עס איז ניט געבליבן קיין סימן פון הונדערטער אַנדערע קברים. ת.נ.צ.ב.ה.

מיין מאַמע האָט געהאַט דעם זכות און דאָס גליק צו שטאַרבן מיט אַ נאַ־טירלעכן טויט אַ יאָר איידער חורבן האָט זיך אָנגעהויבן.

## מיט די פּים און די פּים...

די ביאַליסטאָקער הויפּטגאַס, וואָס אויף רוסיש האָט מען זי גערופן ניקאָ־לאַיעווסקי און שפּעטער ביי דער פּוילישער מאַכט סיענקעוויטשאַ האָט אויך געהאַט אַ יידישן נאָמען די וואַשליקאָווער גאַס, ווייל דורך דער גאַס איז מען

געפאָרן קיין וואַשליקאָווע — דאָס נאָנטסטע שטעטעלע לעבן ביאַליסטאָק. די רייזע מיט אַ פור האָט געדויערט בערך אַ שעה און כמעט אַ העלפט פון וואַשליקאָווער איינוווינערס פלעגן אַריינפאָרן יעדן טאָג קיין ביאַליסטאָק. אין דער פרי איז מען געקומען און פאַרנאַכט האָט מען זיך צוריקגעקערט אַהיים.

געפאָרן איז מען אויף פלאַכע ברייטע דראָנגאָווע וועגענער, וואָס זיינען געווען איינגעטיילט אין אַ ערשטן און אַ צווייטן קלאַס. בעסער געזאָגט, מיט די פיס און אָן די פיס. לאַכט ניט, האָט געדולד, וועל איך אייך באַלד אויפ־קלערן ווי אַזוי די דאָזיקע רייזע איז צוגעגאַנגען. אין מיטן וואָגן זיינען גע־לעגן זעקלעך מיט זעגעכץ. אגב איז דאָס געווען די הויפּט סחורה, וואָס די וואַשליקאָווער בעל־עגלות פלעגן ברענגען אין שטאָט אַריין צו פאַרקויפן. וואַשליקאָווע האָט געהאַט אַרום און אַרום געדיכטע וועלדער און דאָרטן זיינען געווען טאַרטאַקן און זעגמילן. נו, יאָ, האָבן די פּאַסאַזשירן פון ערשטן קלאַס וואָס האָבן געוואָלט האָבן אַ באַקוועמע רייזע און האָבן געקענט באַצאָלן צען קאָפּיקעס געזעסן ווי פּריצים אויף די זעקלעך אין מיטן וואָגן מיט די פיס, הייסט עס, און אַלע איבעריקע צווייטקלאַסיקע פּאַרשוינען, וואָס האָבן גע־צאָלט פינף קאָפּיקעס האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די טרוקענע דרענגענער אַרום און אַרום וואָגן אָן די פיס. דאָס הייסט, די פיס זיינען אַראָפּגעהאָנגען ביי די זייטן פון וואָגן און האָבן זיך געבאָמבלט דעם גאַנצן וועג.

אָפּגעשטעלט האָבן זיך די וואַשליקאָווער פורן אין סאַמע צענטער שטאָט לעבן דעם שטאָטזייגער. יעדן טאָג פלעגן אויך אַריינקומען קיין ביאַליסטאָק צענטליקער באַלעגאָלעס פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך; יעדער שטעטל האָט געהאַט אַבאַזונדערן פּלאַץ, אַ באַזונדער סטאַנציע אויף די לאַנגע הויפן פון די שכנישע גאַסן נאָנט צום האַנדלס־צענטער.

אָט וועל איך אויסרעכענען עטלעכע נעמען, עטלעכע אַדרעסן וואָס איך געדענק: דער סאַמע פּאָפּולערסטער אַריינפאָר־הויז איז געווען ביי דער „האַר־באַטקע" הינטער דער צערקווע. אַהינצו פלעגן פאַרפאָרן די גרויסע בוידן פון לאָמזשע, טיקטין און אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך. אויף ראָכקע מאַטע־סעס הויף פלעגן פאַרפאָרן די מיכאַלאָווער און האַראַדאָקער באַלעגאָלעס. אין קאָרשול־געסל פלעגן קומען די סופּראַסלער פורן און ביי דעם „בן־יחיד" אויפן הויף איז געווען דער פּלאַץ פון די זאַבלודאָווער און נאַרעווער פורן.

ביאַליסטאָק האָט געהאַט אַרום זיך אַ גרויסע פּראָווינץ און אַ גאַנצע וואָך פלעגן אַריינקומען אין שטאָט צענטליקער קליינשטעטלדיקע קרעמערס און קליינהענדלערס וואָס האָבן געבראַכט אָן אויפלעבונג און אַ באַוועגונג אין די גאַסן און טאַקע אַ סך פּדיון אויך אין די גרויסע הורטגעשעפטן פון שניט־סחורות, בשמים, גאַלאַנטעריי, און אַנדערע סחורות.

פאַר מײַן אָפּפאָרן פון ביאַליסטאָק זײַנען שוין אין די אַלע שטעטלעך װאָס כ'האָב דערמאָנט געפאָרן אויטאָבוסן.

ליבע, זיסע שטעטעלעך, װוּ זענט איר אַהינגעקומען?!

## אָט דאָס איז דער אמתדיקער ביאַליסטאָקער יאַט...

מיט עטלעכע יאָרן צוריק בין איך געװען אין ניו־יאָרק, שוין צום פינפטן מאָל. און װי מײַן שטייגער איז בין איך צום אַלעם ערשטן אַרײַן אין דעם ביאַליסטאָקער צענטער, אויף איסט בראָדװײ, װוּ מען האָט מיך װאַרעם אויפגענומען אין דעם גרויסן עס־צימער און מ'האָט מיך מכבד געװען מיט אַ גלעזעלע משקה און מיט אַגוט שטיקל מאַרינירטן הערינג.

אַנטקעגן מיר בײַ אַ טיש, איז געזעסן אַן עלטערע פרוי, נאָך אַ גאַנץ „קרעפּקע" ייִדענע, אַן אײַנװױנערין טאַקע פון דעם ביאַליסטאָקער מושב־זקנים. װען זי האָט מיך, אַ פרישן מענטשן דערזען אין עס־צימער, פרעגט זי מיך, װער איך בין און פאַר װאָס מאַכט מען פאַר מיר אַזאַ פּאַראַד.

— איך בין אַ ביאַליסטאָקער — ענטפער איך — און איך קום פון מעקסיקע און מײַן נאָמען איז זאַבלודאָװסקי.

— אַזוי גאָר, אַ לאַנדסמאַן מײַנער, נו אַװדאַי, זאַבלודאָװסקי מוז דאָך זײַן אַ ביאַליסטאָקער פון דעם שטעטל זאַבלודאָװע.

— יאָ, אמת, איר האָט געטראָפן, און װער זײַט איר?

— איך בין אויך אַ געבוירענע ביאַליסטאָקערין און מײַן פאַמיליע איז פּערלמאַן. אין מײַנע מיידלשע יאָרן האָב איך געאַרבעט בײַ יאַנאָװסקין אין דער פאַבריק פון פּאַפּיראָסן, אָבער אַזוי װי דער טאַבאַק האָט מיר פאַרשאַדט, בין איך אַװעק העלפן דער מאַמען מײַנער, װעלכע האָט געהאַט אויפן פישמאַרק אַבודע װוּ זי האָט פאַרקויפט לונג און לעבערס, קעפּלעך, פיסעלעך און אַנדערע ביליקע פלייש־פּראָדוקטן. געװוינט האָבן מיר אויף פּיאַסקעס אַנטקעגן די מאָגילקעס. דערהערט פון װעלכע גאַסן זי שטאַמט האָב איך גענומען צו איר ריידן אויף דער שפּראַך װאָס מען האָט גערעדט אין יענע געגנטן. איך האָב באַמערקט אַז באַלד האָבן די אויגן בײַ דער ייִדענע געקראָגן גאָר אַן אַנדער גלאַנץ. גלײַך אין דעם מאָמענט איז פאַרבײַגעגאַנגען לעם איר אַ בחור, אַ מיטאַרבעטער פון דער אינסטיטוציע, גיט אים די ייִדענע אַ שטאַרקן צי פאַרן אַרבל, אַזוי אַז זי האָט אים שיר ניט אָפּגעריסן דעם אַרבל מיט דער האַנט צוזאַמען און גיט צו אים אַ זאָג מיט איר באַסאָװער שטימע: „דו געדענקסט ליבערמאַן, אַז איך האָב דיר אַמאָל דערציילט אַז בײַ אונדז אין ביאַליסטאָק זײַנען געװען יאַטן... אָט דאָס איז דער אמתער ביאַליסטאָקער יאַט, דערבײַ האָט זי מיר דערלאַנגט מיט אירע צװיי פינגער אַ שטורכע אין סאַמע האַרצן

אַזוי, אַז עס האָט געדויערט אַ פּאָר שעה צייט ביז דער וויטיק איז מיר איבערגעגאַנגען.

## ר׳ חייקל פּעשעס

(צוליב אַ קאָפּיקע הערינג איז ער געוואָרן אַ גרויסער פאַבריקאַנט)

פון מיין באָבעס מעשהלעך

די גרייז־גראָע באָבע מיינע, חינקע ע״ה, האָט דערציילט מיר, — דעם ערשטן אייניקל אירן, וועגן די אַמאָליקע ביאַליסטאָקער יידן בכלל און וועגן חייקל פּעשעס בפרט. זי האָט אים גוט געקענט, ער איז שטענדיק געגאַנגען ריין אויפגעפּאַסט, די באָרד פאַנאַנדערקאַמט שיין, אָנגעטאָן אין דער גלאַנ־ציקער אַטלעסענער קאַפּאָטע מיטן גאַרטל אַרומגעבונדן, האָט ער אויסגעזען ווי אַ יידישער מאַגנאַט. ער האָט געהאַט אַ אייגענע קאַרעטע מיט אַ פּאָר פערד און ער פלעגט פאָרן אינמיטן דער וואָך, — פריער אין חסידים־שטיבל, — נאָך דעם צו זיך אין פאַבריק.

מיין באָבע האָט מיר אויך דערציילט ווי אַזוי אָט דער חייקל וועלכער איז געווען אַ פאַרברענטער חסיד, און געקענט אויך גוט לערנען איז געוואָרן אַ פאַבריקאַנט פון טעקסטיל סחורות.

ווי עס איז געווען דער שטייגער אַמאָליקע יאָרן, האָט ער חתונה געהאַט זייער יונג, און דער שווער זיינער האָט אים געעפנט אַ שפּייז־קרעמל.

איז ער געזעסן און געלערנט, און די יונגע ווייבל זיינע האָט געפירט דעם געשעפט.

איינמאָל האָט זי, די קרעמערקע, געמוזט אַרויסגיין אויף אַ ווײַלע, האָט זי געבעטן דעם מאַן אירן, ער זאָל אַכטונג געבן און ענטפערן אויב אימיצער וועט קומען עפּעס קויפן.

באַלד האָט זיך טאַקע באַוויזן אַ יידענע און געבעטן פאַר אַ קאָפּיקע הערינג. חייקל הויבט זיך אויף פון זיין פּלאַץ נעמט אַרויס זיין רויטע פאַטשיילקע און לייגט אַריין אין דעם ספר וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, גייט אַריין אַנט־קעגן אין קראָם פאַרקאַשערט דעם אַרבל, פון זיין שניי־ווייסער העמד נעמט אַרויס פון פעסל אַ הערינג, באַטראַכט אים גוט, מעסט אים אָפּ מיט די אויגן און צעטיילט אים אויף דריי חלקים, ווייל אַ גאַנצער הערינג האָט געקאָסט דריי קאָפּיקעס.

— באַלד נעמט חייקל אין האַנט דעם גרויסן געזאַלצענעם מעסער און וויל אָפּשניידן אַ דריטל הערינג. די יידענע שטייט איבער אים און גיט אַ זאָג: „גאָט איז מיט אייך ר׳ חייקל אָט דאָס ווילט איר מיר געבן? איך נעם דאָך ביי אייך ניט אויף קרעדיט, איך באַצאָל דאָך אייך תיכף“.

דער שרעקט זיך חייקל און וויל ניט די יידענע זאָל מיינען אַז ער וויל איר אָפּנאַרן, רוקט ער דעם מעסער אַביסל ווייטער און די יידענע העלפט אים נאָך צו מיט איר האַנט, דער מעסער זאָל זיך רוקן נאָך ווייטער. בקיצור, די יידענע האָט צוגענומען פאַר אַ קאָפּיקע כמעט דעם גאַנצן הערינג, עס איז געבליבן בלויז דער עק מיט אַ פּיצל הערינג...

ווען די ווייב חייקלס איז אָנגעקומען און דערזען וואָס פאַראַ מסחר דער מאַן אירער האָט דאָ געמאַכט, איז זי געוואָרן שטאַרק פאַרביטערט. אָבער זי איז ניט אָנגעפאַלן אויף אים, ווייל אַמאָליקע נשים צדקניות, זיינען געווען ווייזט אויס אַנדערש ווי די היינטיקע ווייבער, וועלכע קענען אויפגריזשען דעם מאַן פאַר דער קלענסטער קלייניקייט. אָבער ניט דאָס בין איך אויסן.

זי האָט נאָר געזאָגט. דו ווייסט מיין מאַן, ווי איך זע, וועסטו שוין קיין קרעמער ניט זיין. „איך מיין אויך דאָס זעלבע, ענטפערט חייקל רואיק, איך קלער שוין לאַנג ווי אַזוי מיר זאָלן ווערן אינגיכן אויס קרעמערס"...

עס האָט לאַנג ניט געדויערט, זיי האָבן ליקווידירט דאָס שפּייזגעשעפט און חייקל־פּעשעס איז געוואָרן אַ פאַבריקאַנט פון טעקסטיל־סחורות. ער האָט מצליח געווען און גאָר גיך רייך געוואָרן.

## אונדזערע קינדער

די טאָכטער, די בת־יחידה אונדזערע עלענאַ (עלקע) איז געקומען אין מעקסיקע ווען זי איז אַלט געווען פינף יאָר. זי רעדט אַ פליסיקן יידיש, קען אויך ענגליש, וועגן שפּאַניש איז דאָך אָפּגערעדט; פאַרמאָגט חכמה און אינ־טעליגענץ און איז רייך... איר פאַרמעגן איז ניט אָפּצושאַצן... זי האָט אויסגעהאָדעוועט צוויי שיינע געראָטענע זין, בחורים וואָס פאַרמאָגן אַלע מעלות און זיי קענען זיין גלענצנדע מוסטערן פון דעם יונגן צוקונפטיקן דור, פון די, וואָס וועלן ווייטער שפּינען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון אונדזער המשך.

דער פאָטער זייערער, מאַנועל ראָזענבערג שטאַמט פון דער קערנדיקער בעסאַראַביע ווו זיינע עלטערן און אוראַלטערן זיינען געווען פאַרמעגלעכע אַריסטאָקראַטישע ערדבאַזיצערס. דאָ איז ער אַ דערפאָלגרייכער ביזנעסמאַן פון דער באַשפּייזונגס־בראַנזשע.

## אונדזער אַברהם

אונדזער זון אַברהם איז אַלט געווען צוויי מיט אַ האַלב יאָר, ווען ער איז געקומען קיין מעקסיקע. געלערנט האָט ער אין דער יידישער שול און אונ־דזער פריינד, דער לערער בערגער, דערמאָנט אים נאָך עד־היום. ער האָט געקראָגן דעם טיטל אַרכיטעקט מיט אַן אויסצייכענונג, אָבער דאָס מיינט ניט

צו זאָגן חלילה, אַז ער האָט געענדיקט לערנען. אַ טאַטן איז שווער צו לויבן אַן אייגענעם זון, איך מוז אָבער באַמערקן, אַז ער איז עפּעס ניט גלאַט אַ באַלמעלאָכע, אַ בויער פון הייזער. ער איז אַ גרויסער מתמיד און אַ גאון אין זיין פּראָפעסיע, דאָס מיינט צו זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ יידישן יונגנמאַן, אָנגעזאָפּט מיט אינטעליגענץ און בילדונג. ער איז באַהאַוונט אין אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט בכלל, און גאַנץ באַזונדערס שטודירט ער אַלע נייעסן פון זיין פּראָפעסיע.

מען האָט אַ מאָל געפרעגט וואָס איז דער אונטערשייד פון אַן אינזשיניער ביז אַן אַרכיטעקט, איז געקומען אַן ענטפער: אַז דער אונטערשייד איז דער זעלביקער ווי פון אַ מוזיקער ביז אַ קאָמפּאָזיטאָר. דאָס הייסט, אַז אַן אַרכי־טעקט דאַרף האָבן אַן אָנונג אין אַלע געביטן פון דער וויסנשאַפט, כדי ער זאָל וויסן צו לייזן אַלע פּראָבלעמען פון דער בוי קונסט, וואָס קענען אַרויפשווימען אין זיין פּראַקטיק.

דאָס יאָר האָט ער מיט זיינעם אַ חבר גאָנסאַלעס דע לעאָן אַ פּראָפעס־סיאָנאַל מיט געניאַלע פעיקייטן אַרויסגעגעבן צוזאַמען אַ בוך וועגן אַרכי־טעקטור מיט בילדער און קאָפּיעס פון אַלע זייערע שאַפונגען און קאָמפּאָזי־ציעס, אויב מען קען דאָס אַזוי אָנרופן. דאָס בוך האָט אַרויסגערופן זייער גינסטיקע מיינונגען און רעצענזיעס אין דער גאַנצער פּרעסע.

אברהמס פרוי, אונדזער ליבע שנור אַלינקע איז אַ טאָכטער, אַ בת־יחידה ביי אירע עלטערן מערל און וועלוול קופער. זיי האָבן (דאָס הייסט דער אַר־כיטעקט מיט זיין פרוי) דריי קלוגע געראָטענע קינדער.

ביי דער געלעגנהייט פּאַסט זיך צו דערציילן אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וואָס איך האָב אַמאָל געלייענט אין אַ היגער גרויסער שפּאַנישער צייטונג. אויף דער ספּעציעלער זייט פון אַרכיטעקטור, וואָס דרוקט זיך יעדן זונטיק, איז געווען באַשריבן ווי אַזוי צוויי אַרכיטעקטן האָבן זיך געקיבעצט און אַריינגעזאָגט איינער דעם אַנדערן. דער ערשטער האָט, ווייזט אויס, ניט שטאַרק געהאַלטן פון דעם צווייטנס טאַלאַנט, איז דער צווייטער געוואָרן באַ־ליידיקט און האָט אים בערך אַזוי געזאָגט: — „הער נאָר, חבר מיינער, דו מאַכסט אַ גרויסן טעות! דו ביזט, ווי איך זע, אַבסאָלוט ניט באַקאַנט מיט מיינע פּראָיעקטן; פאַר זיך דורך אדרבא, קיין אַקאַפּולקאָ וועסטו זיך באַקענען מיט דעם נייעם האָטעל וואָס איך האָב פּראָיעקטירט און געבויט. דו וועסט זען אַז דאָס איז אַזוינס און אַזעלכעס. איך פאַרזיכער דיר, אַז קיין פליג וועט דאָרט ניט אַריינקומען".

אויף דעם האָט דער קלוגער חבר זיינער גלייך געענטפערט: „נעם זיך ניט צום האַרצן, קאָלעגע מיינער, דיין האָטעל האָב איך געזען און גוט באַ־טראַכט. עס איז טאַקע מודערט פּראַצענט אמת, אַז דאָרטן קען ניט און

וועט ניט אַריינקומען די קלענסטע פֿליג. זי וועט דאָרטן גלייך דערשטיקט ווערן, ווייל אין דעם האָטעל דיינעם קומט דאָך ניט אַריין קיין ביסל לופֿט".

און צום סוף גיט ער צו: „אָבער, גוטער ברודער, ניט געדאַגהט, דו ביזט נאָך יונג, דו וועסט זיך אויסלערנען"!

# אונדזער כאַקאָבאָ

ווי נאָר איך האָב גענומען אין האַנט אַריין די פֿעדער צו שרייבן וועגן אונדזער כאַקאָבאָן, האָב איך גלייך אָוועקגעזעצט אויבן אָן דער געטרייער און איבערגעגעבענער מאַמען זיינער, ווייל זי האָט דאָס גרעסטע פֿאַרדינסט און דעם גרעסטן חלק אין אים און איר קומט דעם גרעסטן כבוד; זי האָט אים געטראָגן אונטערן האַרצן, אין איר איז ער געראָטן, זי האָט אים געהאָדעוועט און דערצויגן ביי די שווערסטע באַדינגונגען. ווען מען איז נאָר וואָס געהאַט געקומען אין דעם נייעם לאַנד. דאָס מיינט ניט צו זאָגן, אַז די צוויי עלטערע ליבע קינדער אונדזערע האָבן געהאַט אַ גרינגערע האָדעוואַניע.

כאַקאָבאָ איז געבוירן געוואָרן אין 1928 אויף דער גאַס ד"ר באַרראַגאַן — פֿאַר וואָס עפּעס דאָרטן? ווייל איך האָב געאַרבעט דעמאָלט אין סוראַסקיס פֿאַבריק, וואָס האָט זיך געפֿונען אין יענער געגנט.

אין דעם דאָזיקן הויף האָבן געוווינט צוויי און צוואַנציק מעקסיקאַנער שכנים — אַרבעטער און פּאָלקסמענטשן; פֿאַר דער דירה האָבן מיר געצאָלט צוואַנציק פּעזאָס אַ חודש, און די קיך האָט ניט געהאַט קיין דאַך און מען האָט געקענט זען אַ שטיק פֿון דעם בלויען מעקסיקאַנער הימל. געהאָדעוועט האָט זיך כאַקאָבאָ אין אַ קעסטעלע פֿון זייף און דאָס דאָזיקע וויגעלע זיינס וואָס איז געשטאַנען לעבן אונדזער „פּועסטאָ" אַ בודקע אויף אַ מאַרק, ווו מיר האָבן פֿאַרקויפֿט רעשטלעך פֿון שניט־סחורה. אין דער ערשטער וואָך, באַלד ווי כאַקאָבאָ איז געבוירן געוואָרן האָבן אָנגעקלאַפּט אין אונדזער טיר צוויי מאָנאַשקעס, איינגעוויקלט אין גאַנצן אין שוואַרצן מיט גרויסע גלאַנציקע צלמים אויף זייערע העלדזער און זיי האָבן אונדז געגעבן צו דערקלערן וואָס עס איז זייער פֿאַרלאַנג:

אַזוי ווי מיר זיינען דאָך דאָ פֿרעמדע און מיר ווייסן ניט צו וועמען זיך צו ווענדן און ווו עס געפֿינט זיך אַ קלויסטער, ווילן זיי פֿאַרשפּאָרן אונדז אַ גאַנג און פֿאַר איין וועג אויך פֿאַרדינען אַ מצווה. זיי ווילן אַז מע זאָל זיי דערלויבן „באַוטיזירן" דאָס הייסט, קריסטלען דעם ניי־געבוירענעם קינד אונדזערן. מיר האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כוחות איינצוהאַלטן אונדזער אויפֿרעגונג, זיי העפֿלעך באַדאַנקט און געגעבן זיי צו פֿאַרשטיין אין אַ צעבראָכענעם שפּאַניש, אַז מיר קענען, צום באַדויערן, ניט נאָכקומען זייער פֿאַרלאַנג ווייל מיר האָבן גאַנץ אַנדערע פּירונגען און אַן אַנדער גלויבן.

ביידע מאַנאַשקעס זיינען אַרויס פון אונדזער שטוב זייער טרויעריק און מיט אַ שווערן געמיט האָבן זיי שטיל געשעפטשעט: „פּאָבּרעסיטאַ", אָרעם קינד נעבעך, ווי שווער וועט עס זיין דעם דאָזיקן קינד צו לעבן אויף דער וועלט נישט געקריסטלט.

אפשר לעבן נאָך ערגעץ אָט די צוויי גלויביקע מאַנאַשקעס. איך וואָלט זייער געוואָלט, אַז זיי זאָלן איצט זען דאָס אַמאָליקע קליינע יינגעלע פון דער ד"ר באַררראַגאַן־גאַס וואָס זיי האָבן אויף אים אַזוי שטאַרק רחמנות געהאַט און אַזוי שטאַרק באַדויערט. זיי וואָלטן זיך איבערצייגט, אַז ער איז חס־וחלילה ניט אויסגעוואַקסן קיין קאַליקער נעבעך אָדער גאָר אַ טויגעניכטס. ווי זיי האָבן געמיינט און פאַרויסגעזאָגט. כאַקאָבאָס פרוי, אונדזער ליבע שנור סאַריטאַ איז אַ טאָכטער, אַ בת־יחידה פון רחל און ראובן נערוביי, און זיי האָבן דריי גערעטענע און פעיקע קינדער. (דאָס הייסט סאַריטאַ און כאַקאָבאָ).

## כאַקאָבאָ אין ביאַליסטאָק

ווען כאַקאָבאָ איז געפאָרן אין פוילן מיט דעם פּרעזידענט פון מעקסיקע ליס. אַדאָלפאָ לאָפּעז מאַטעאָס זיינען זיי פאַרפאָרן אין דעם שענסטן האָטעל פון דער פוילישער הויפּטשטאָט וואַרשע. אַ גאַנצע נאַכט — דערציילט מיר כאַקאָבאָ — האָט ער זיך געדרייט אויף זיין געלעגער און ניט געקענט אַנט־שלאָפן ווערן. עס האָט אים געבויערט אין קאָפּ די מחשבה: וואָס טוט זיך דאָ? איך געפין זיך דאָך אַזוי נאָענט פון דער שטאָט ביאַליסטאָק וועגן וועלכער איך האָב אַזוי פיל געהערט ביי אונדז אין שטוב. ווי וועל איך זיך דאָס קענען שענקען, ווי אַזוי וועל איך דאָס קענען זיך אומקערן קיין מעקסיקע און זאָגן מיינע עלטערן, אַז איך בין אין ביאַליסטאָק ניט געווען. איך מוז צופאָרן אַהין!

און אָט זיצט ער שוין אין באַן צוזאַמען מיט זיין באַגלייטער און דאָלמע־טשער: זיי קומען אָן קיין ביאַליסטאָק. מער ווי צוויי שעה איז ער דאָרטן ניט געווען. זיי זיינען אַריין אין אַ רעסטאָראַן און געבעטן מען זאָל אויפזוכן אַ יידן וואָס זאָל האָבן געקענט די אַמאָליקע ביאַליסטאָק. עס האָט לאַנג ניט גענומען און עס איז אָנגעקומען אַ ייד מיט דעם נאָמען פיינבלאַט. געשטאַמט האָט ער פון אַן איינגעפונדעוועטער, קערנדיקער ביאַליסטאָקער משפחה. כאַ־קאָבאָ האָט אים געפרעגט צי עס איז דאָ אין ביאַליסטאָק עמעצער פון דער משפחה זאַבלודאָווסקי. דער ענטפער איז, פאַרשטייט זיך, געווען: ניין. עס האָט זיך אָבער באַלד געשאַפן אַ ביטערע סיטואַציע: עס טרעפן זיך צוויי יידן, ביידע קענען יידיש, אָבער זיי קענען זיך ניט צונויפרעדן אויף זייער מאַמע־לשון, און די סיבה איז, וואָס דער דאָלמעטשער האָט געקענט שפּאַניש און פויליש אָבער יידיש קיין וואָרט ניט.

אַוודאי איז די מניעה ניט געווען פון כאַקאַבאַס זייט, ער האָט געוואָלט הערן אַ יידיש וואָרט אָבער דער ביאַליסטאָקער ייד האָט איינגענומען שטור־מעניש און האָט מורא געהאַט אַ סך צו רעדן, כדי כאַקאַבאַס באַגלייטער זאָל חלילה ניט מיינען, אַז מען מאַכט דאָ עפּעס אַ פאַרשווערונג קעגן פּוילן. האָט ער אויף גיך געענדיקט מיט אַ פּאָר ווערטער און צום סוף האָט ער אַזוי געזאָגט: גיט איבער די יידן אין מעקסיקע און אין אַמעריקע, אַז זיי זאָלן זיך ניט זאָרגן וועגן אונדז; עס איז אונדז דאָ וווּיל און גוט און בעסערס קענען מיר זיך גאָרניט ווינטשן.

מיט אַ געבויגענעם קאָפּ האָט זיך כאַקאַבאַ אומגעקערט דעם זעלביקן טאָג קיין וואַרשע, נאָך דעם ווי זיינע פיס האָבן געטראָטן אויף דער ערד ווו עס האָבן געוווינט און געלעבט זיינע טאַטע־מאַמע, זיידעס און באָבעס און וואָס איז איצט דורכגעווייקט מיטן בלוט פון זיין גרויסער אומבאַקאַנטער און פאַר־צווייגטער משפּחה. עס איז דאָ איבעריק צו זאָגן, אַז כאַקאַבאַ, וואָס איז שוין געבוירן געוואָרן אין מעקסיקע האָט ניט מער ווי נאָר געהערט וועגן דער געבורטשטאָט פון זיינע עלטערן און אורעלטערן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען איך האָב געקראָגן אַ קאַרטל פון כאַקאַבאַן מיט די דריי ווערטער „סאַלודאָס דע ביאַליסטאָק“ (אַ גרויס פון ביאַליסטאָק) האָב איך דערפילט ווי עס האָט מיר דערלאַנגט אַ שטאָך אין האַרצן.

## כאַקאַבאַ און די „גוטע“ דייטשן

(אויסצוג פון אַן אַרטיקל פון דעם דיכטער יעקב גלאַנץ)

„איך וועל פאָרן קיין דייטשלאַנד און איך וועל זיך באַמיען צו פאַרשטיין ווי אַזוי דאָס פאָלק פון די באַרימטע שריפטשטעלער און דיכטער איז אין דער זעלביקער צייט געווען אַ פאָלק פון די אייכמאַנס“...

כאַקאַבאַ זאַבלודאָווסקי

איך וועל זיך היינט פאַררופן אויף אַן ענטפער, וואָס כאַקאַבאַ זאַבלודאָווסקי האָט געגעבן דעם דייטשישן דיפּלאָמאַטישן פאַרשטייער אין מעקסיקע אויף דער אָפיציעלער איינלאַדונג, וואָס ער האָט אים צוגעשיקט ער זאָל באַזוכן דאָס נייע דייטשלאַנד. אָבער פריער וויל איך זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן זאַב־לודאָווסקין אַליין.

כאַקאַבאַ, דער אָנגעזעענער און אָנערקענטער שפּאַניש־יידישער זשורנאַ־ליסט, איז געבוירן געוואָרן אין מעקסיקע און ער האָט זיך געהאָדעוועט אין אַ יידישער סביבה ביי טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן געבראַכט פון ביאַליסטאָק די אמתע אַמאָליקע פאָלקסטימלעכע יידישקייט. די זאַבלודאָווסקיס שטאַמען פון

אַ קערנדיקער, אָנגעזעענער ביאַליסטאָקער משפּחה מיט אַ טראַדיציע פֿון לערערס, שרײַבערס און קולטור־טוערס. בײַ זײַנע עלטערן אין שטוב האָט מען גערעדט ייִדיש און כאַקאַבאַ אַליין רעדט און פֿאַרשטייט ייִדיש, ווײַל די מאַמע זײַנע האָט אים ניט גערעדט קיין אַנדער שפּראַך, נאָר אויף מאַמע־לשון. כאַקאַבאַ וואָרפֿט זיך ניט שטאַרק אין די אויגן און פֿאַרמאָגט ניט קיין טראָפּן גאווה אין זיך כאָטש ער איז פֿאַרבונדן מיט די סאַמע הויכע פֿענסטער און ער איז די רעכטע האַנט ביים פּרעזידענט אין מעקסיקע און ער באַגלייט אים כמעט אויף אַלע רייזעס. כאַקאַבאַ איז איינער פֿון די בעסטע קאָמענ־טאַריסטן פֿון ראַדיאָ און טעלעוויזיע. אַ חוץ דעם איז ער אַ מיטאַרבעטער פֿון דער טעגלעכער צײַטונג „נאָוועדאַדעס“ און פֿון דעם וועכנטלעכן זשורנאַל „סיעמפּרע“. זאַבלודאָווסקי האָט זײַן אייגענעם סטיל אין רעדן און אין שרײַבן. ער איז שאַרפֿזיניק, מוטיק און פּשוט. גאַנץ אָפֿט שלאָגט זיך דורך בײַ אים אַ באַמערקונג מיט אַ ייִדישלעכן אונטערשלאָג; עס איז ניט קיין וווּנדער און אַנדערש האָט עס ניט געקענט זײַן, ווײַל כאַקאַבאַ פֿאַרבאַהאַלט ניט און פֿאַרלייקנט ניט קיין מאָל זײַן ייִדישן אָפּשטאַם. און דאָ קומען מיר צו דעם, ווי אַזוי כאַקאַבאַ האָט מוטיק, שטאָלץ ווי אַ הייסער ייִד און אין דער זעל־ביקער צײַט טיף מענטשלעך אָפּגעענטפֿערט דעם דײַטשישן פֿאַרטרעטער ווען ער האָט אים פֿאַרבעטן צו באַזוכן דײַטשלאַנד און זען מיט זײַנע אייגענע אויגן און איבערצײַגן זיך, אַז דאָס הײַנטיקע דײַטשלאַנד איז שוין גאָר אַן אַנדערע.

אַנגעהויבן האָט זיך עס אויף אַזאַ אופֿן. כאַקאַבאַ האָט אין „סיעמפּרע“ קריטיקירט דאָס נײַע דײַטשלאַנד און געזאָגט, אַז דער נאַציזם פֿון נעכטן וואָס מע טרײַבט אים דאָרטן דורכן טיר קומט אַרײַן אויף אַ פֿרעכן אופֿן צוריק דורכן פֿענסטער. און דאָס איז דאָך דער ריינער אמת. דעם היגן דײַ־טשישן דיפּלאָמאַט האָט עס אַ ברען געטאָן ביים האַרצן און ער האָט געבעטן איין מאָל און נאָך אַ מאָל אַז כאַקאַבאַ זאָל דורכאויס מאַכן אַ רייזע אויף זײַערע הוצאות און ער וועט זען די ענדערונג וואָס דאָרט איז פֿאָרגעקומען. אמת, דער דײַטשישער פֿאַרשטייער האָט צוגעגעבן: „איר זאָלט ניט דערוואַרטן צו טרעפֿן זיך מיט אַ פֿאָלק פֿון אומשולדיק ריינע טײַבעלעך, וואָס פֿאַרמאָגט ניט קיין שאָטן־זײַטן, איר וועט אָבער זען פֿאַר זיך אַ באַפֿעלקערונג מיט אַ רעגיי־רונג, וואָס רעספּעקטירט דאָס רעכט און די פֿרײַהייט פֿון יעדן איינעם.

אויף דעם האָט כאַקאַבאַ געענטפֿערט בערך אַזוי: „מיר גלייבן ניט און מיר האָבן ניט דעם מינדסטן צוטרוי צו דער נײַער דײַטשלאַנד. מיר זעען קלאָר, אַז די אַלטע נאַציס, וואָס האָבן מער ניט ווי איבערגעטאָן זיך אין נײַע בגדים פֿאַרנעמען אָנגעזעענע פּאָסטנס אין דער רעגירונג און די דאָזיקע מלחמה־פֿאַרברעכערס לעבן רויִק און קיינער דערמאָנט זיי ניט זייערע בלו־טיקע מעשׂים פֿון נעכטן“.

און נאָך האָט כאַקאַבאַ געזאָגט: „אויב איך וועל באַשליסן צו פאָרן וועט איר פון מיר קיין גרויס נחת ניט האָבן, ווייל מיר וועט ניט אינטערעסירן צו זען די וווּנדער פון דער דייטשישער טעכניק; איך וועל ניט וועלן אַ קוק טאָן אויף די איבערגעפּאַרבטע אויטאָמאָבילן אויף וועלכע מען האָט געפירט די אומגליקלעכע קרבנות קיין טרעבלינקע און קיין אוישוויץ; איך וויל אויך ניט זען די אויסגעצייכנטע דייטשישע כעמישע אינדוסטריע, ווייל קינדער אַפילו ווייסן, אַז מיט די וווּנדערלעכע גיפטיקע גאַזן האָבן דייטשן אומגע־בראַכט מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן; אויב איך וועל פאָרן וועל איך קוקן אין די אויגן פון די דייטשן און איך וועל אפשר קענען דערגיין פאַר וואָס האָט דאָס זעלביקע פאָלק וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַזעלכע געניאַלע מוזיקערס ווי באַך און בעטהאָווען געקענט אויך אַרויסברענגען אויף דער וועלט אַזאַ מין בעסטיאַלישע באַשעפעניש ווי עלזאַ קאָך, וואָס האָט אַראָפּגעצויגן די הויט פון לעבעדיקע מענטשן און געמאַכט פון איר אַבאַזשורן צו לאָמפּן".

אַזעלכע ווערטער וואָס שנײַדן ווי מעסערס קען ניט זאָגן אַבי וועלכער ס'איז זשורנאַליסט. אָבער זאַבלודאָווסקי האָט עס יאָ געזאָגט, ווייל ער איז אַ שרייבער מיט בלוט אין זײַנע אָדערן און דערצו פאַרמאָגט ער אַ צאַרטע נשמה און איז אַ מענטשן־ליבהאָבער, ער בייגט זיך ניט און נעמט ניט אַראָפּ דאָס היטל פאַר קיינעם. פאַרקערט, ווען מע דאַרף זאָגט ער אַריין אויף אַן אײַדעלן אופן, אַז יענעם פאַרגייט אין דער זיבעטער ריפּ. ער האָט אַן אויג און אַן אויער, ער זעט, ער הערט און מאָנט גערעכטיקייט אין דעם אַלטן יידישן נוסח און זיין אויפריכטיקייט און מוטיק וואָרט פאַרנעמט אַן אָרט. בלייבט מיר נאָר צו ווינטשן, אַז אויף דעם דאָזיקן וועג און אין דער דאָזיקער ריכ־טונג זאָל ווייטער גיין און שטייגן אַלץ העכער און העכער דער יונגער, באַגאַבטער און צילבאַוווסטער זשורנאַליסט כאַקאַבאַ זאַבלודאָווסקי.

# די זילבערנע מנורה

א מתנה כאַקאַבאַן פון דער מעקסיקאַנער „בני־ברית" (1967)

געשריבן פון **חיים לאַזדייסקי**

אין דעם גרויסן און עלעגאַנטן זאַל פון דעם יידישן ספּאָרט־צענטער איז געווען פאַרזאַמלט דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון דער יידישער געזעל־שאַפטלעכקייט אין מעקסיקע, צוזאַמען מיט די פאַרשטייערס פון דער מעק־סיקאַנער פּרעסע, פון דער אַרטיסטישער וועלט און די אָנפירערס פון ראַדיאָ און טעלעוויזיע. צוזאַמען זיינען דאָס געווען עטלעכע הונדערט פּערזאָן, וואָס זיינען געווען אויסגעזעצט אַרום די טישן ביי אַ גרויסאַרטיקער כשרער וועטשערע.

עס האָט געהערשט אַ יומטובדיקע שטימונג, ווייל אין אָט דעם אָוונט האָט דער מעקסיקאַנער „בני־ברית" איבערגעגעבן צו דעם פּראָמינענטן מעקסיקאַנער יידישן ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־קאָמענטאַריסט כאַקאָבאָ זאַבלודאָווסקי אַ מתנה — אַ זילבערנע מנורה אַלס אויסדרוק פון אַנערקענונג פאַר זיינע לייסטונגען אויף דעם פעלד פון אויסקעמפן רעכט פאַר אַלע מענטשן און שאַפן גוטע באַציונגען צווישן מעקסיקאַנער בירגער פון אַלע שיכטן אָן אונטערשייד פון ראַסע און רעליגיע.

כאַקאָבאָ זאַבלודאָווסקי איז דורך דעם פריערדיקן מעקסיקאַנער פּרעזידענט באַשטימט געוואָרן פאַר דעם קאָאָרדינאַטאָר פון ראַדיאָ און טעלעוויזיע אין דער מלוכה־פּרעזידענץ און ער האַלט אָן דעם זעלביקן אַמט אויך ביי דעם איצטיקן פּרעזידענט דיאַז אָרדאַז מיט וועלכן ער איז שטאַרק באַפריינדעט.

צוזאַמען מיטן זון פון דעם מעקסיקאַנער עקספּרעזידענט אַלעמאַן, וואָס איז זיינער אַן איבערגעגעבענער חבר האָט כאַקאָבאָ זאַבלודאָווסקי געגרינדעט עטלעכע טעלעוויזיע־פּראָגראַמען, וואָס שטייען אויף זייער אַ הויכער אינפאָרמאַטיווער און אינטעלעקטועלער מדרגה. כאַקאָבאָ איז געווען איינער פון די געציילטע מעקסיקאַנער זשורנאַליסטן, וואָס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער רעגירונג צו אָבסערווירן דאָס אַרויפשיסן די אַסטראָנאַטן אין די הימלשע ספערן, און זיינע רעפּאָרטאַזשן סיי אין ראַדיאָ און סיי אין טעלעוויזיע זיינען אויסגעהערט געוואָרן דורך מיליאָנען מעקסיקאַנער. זיין בוך וועגן דער דאָזיקער געשעעניש איז פאַרקויפט געוואָרן אין טויזנטער עקזעמפּלאַרן און ביי היינטיקן טאָג איז זייער שטאַרק פּאָפּולער די טעגלעכע לעבעדיקע צייטונג זיינע, וואָס רופט זיך „דיאַריאָ נעסקאַפע" יעדן טאָג, 7.30 אין דער פרי.

כאַקאָבאָ זאַבלודאָווסקי האָט די מעלה, וואָס ער קען צוציען צו זיך מענטשן מיט זיין סימפּאַטיע און נאַטירלעכער פריינדשאַפט. עס איז פּשוט ניטאָ אין מעקסיקע קיין איין מענטש וואָס זעט טעלעוויזיע און הערט ראַדיאָ, אַז ער זאָל ניט וויסן ווער עס איז כאַקאָבאָ זאַבלודאָווסקי, און ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער האָט דערגרייכט אַזוי הויך, איז ער געבליבן דער פּשוטער באַשיידענער און יידישלעכער יונגערמאַן, וואָס פאַרגעסט ניט זיין אָפּשטאַם.

די מאַמע זיינע — אַן אמתע אשת־חיל — שטאַמט פון דעם שטעטעלע סאָקאָלקע און דער טאַטע איז אַ ביאַליסטאָקער ייד וואָס האָט אַ שוואַכקייט צו שרייבן מאמרים און זכרונות פון אַ מאָל. און דער ייד פאַרמאָגט אַ שפּראַך און האָט אַ סך, אַ סך, וואָס צו דערציילן.

די טאַטע־מאַמע דוד און רחל זאַבלודאָווסקי האָבן אַ סך נחת פון זייערע קינדער. וועגן כאַקאָבאָ איז דאָך אָפּגערעדט. אָבער אויך דער צווייטער זון זייערער, אברהם, אַ טאַלאַנטפולער אַרכיטעקט מיט אַ סך אויסצייכענונגען

איז פאַררעכנט צווישן די בעסטע יידישע אַרכיטעקטן און בויערס פון שיינע באַקוועמע אַפּאַרטאַמענטן־הייזער און רעזידענצן אין די רייכסטע געגנטן פון מעקסיקע.

זאָל שוין דאָ פאַר איין וועגס אויך דערמאָנט ווערן די קלוגע און אינ־טעליגענטע טאָכטער עלענאַ מיט אירע צוויי גראַטענע זין פישל און מרדכי ראָזענבערג וואָס גייען אין די פוסטריט און אין די וועגן פון די זאַבלודאָווסקיס.

איך וויל דאָ נאָך אַ מאָל באַמערקן, אַז כאַקאָבאָ האַלט זיך ניט גרויס און האָט ליב צו טאָן אַ טובה, ווען עס האַנדלט זיך וועגן יידישע ענינים. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז ניט קוקנדיק אויף זיינע דערפאָלגן אויף דער מעק־סיקאַנער ניט־יידישער גאַס, איז ער — אַ טאַטע פון דריי קינדער — געבליבן דער זעלבער גוטער יידישער יונגערמאַן מיט דער צאַרטער נשמה. ייִנגלווייז האָט כאַקאָבאָ זיינע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט אין די גאַסן לעם „מערסעד" און ביז היינטיקן טאָג האָט ער ניט איבערגעריסן מיט זיינע מעקסיקאַנער און אַראַבישע חברים זיינע, וואָס שטאַמען פון ניט פאַרמעגלעכע הייזער.

כאַקאָבאָ זאַבלודאָווסקי מיט זיין שיינער פרוי סאַריטאַ זיינען געוועזן גע־רירט און האָבן וואַרעם געדאַנקט פאַר דער מתנה און פאַר דעם גרויסן כבוד.

די היגע „בני־ברית" האָט באמת קיין בעסערן אויסוואַל פאַר איר ערש־טער פּרעמיע פאַרן יאָר 1967 ניט געקענט צוקלייבן.

## כאַקאָבאָ אין די היסטאָרישע זעקס טעג

אויסצוג פון מיינער אַ רעדע, געהאַלטן אין „גאָלדן־קלוב"
שבועות־צייט 1967 אונטערן נאָמען „יתגדל ויתקדש"

חשובע פאַרזאַמלטע:

דעם צווייטן טאָג שבועות זאָגט מען „יזכור" צום אָנדענק פון די נשמות וואָס געפינען זיך שוין מער ניט צווישן אונדז אויף דער לעבעדיקער וועלט. וועלן מיר היינט דערמאָנען מיט אַ הייליקן ציטער אין האַרצן דעם אָנדענק פון די נשמות פון אונדזערע יונגע העלדן, וואָס זיינען געפאַלן אין די קאַמפן און האָבן אַוועקגעגעבן זייערע לעבנס אויפן מזבח פון אונדזער פרייהייט און זעלבשטענדיקייט און גלייכצייטיק פאַר אונדזער אַלעמענס זיכערקייט און קיום.

ווי לאַנגע זעקס יאָר האָבן זיך פאַר אונדז געצויגן די גורלדיקע זעקס טעג אין וועלכע מדינת־ישראל האָט זיך באַדעקט מיט רום און גלאָריע אין די אויגן פון דער גאָרער וועלט. די זעקס טעג וועלן מיר קיין מאָל ניט פאַר־געסן אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן לעבן. איך מוז דאָ דערמאָנען אַן עפּיזאָד, וואָס עס איז פאַרבונדן מיט דער האַלטונג פון אונדזער יידישער יוגנט בכלל און איז פאַמיליאַר פאַרבונדן אויך מיט מיר אַליין.

דעם פאַרגאַנגענעם פרייטיק קלינגט צו מיר ווי געוויינלעך אונדזער זון כאַקאַבאַ און פרעגט זיך נאָך וואָס איך מאַך, וואָס מאַכט די מאַמע. — גאַנץ גוט, ענטפער איך — אָבער דו, כאַקאַבאַ, וואָס מאַכסטו? מען האָט מיר דער־ציילט אַז היינט פאַר נאַכט האָסטו דורך טעלעוויזיע איבערגעגעבן די לעצטע בייעס וועגן די געשעענישן אויפן מיטעלן מזרח מיט אַ ציטערדיקער שטימע און אַ צעווייטאָגטע האַרץ. דערצו נאָך האָט דיין בלאַסער אויסזען בשעת דו האָסט איבערגעגעבן די ידיעות אַלעמען גערירט ביז טרערן און אַלע דיינע צוהערערס האָבן מיטגעפילט מיט דיר און האָבן באַמערקט, אַז דו רעדסט מיט גרויס עמאָציע און מיט אַ צעבראָכן האַרץ. וויל איך דיר דאָ זאָגן: „— שטאַרק זיך מיין זון, נעם אַ ביישפיל פון אונדז, פון דיינע טאַטעס און זיידעס; מיר האָבן אַ סך געליטן אויף אונדזער לאַנגן לעבנסוועג, אָבער דאָך זיינען מיר ניט צעבראָכן געוואָרן און מיר לעבן ווייטער. רעג זיך ניט אויף און רעד רויק און געלאַסן, זון מיינער!“.

און כאַקאַבאַ האָט מיר אַזוי געענטפערט:

— „וואָס רעדסטו, טאַטע! ווי קען מען זיין רויק? ווי איז דאָס מעגלעך צו רעדן געלאַסן און זיך ניט אויפרעגן ווען מע רעדט וועגן קרבנות און ווען מע זעט פון דער ווייטנס, אַז דאָרטן גיסט זיך בלוט, אונדזער יידיש בלוט... עס איז שווער צו זיין רויק...

אָט אַזוי האָט גערעדט דער זון אונדזערער, און אַזוי האָבן גערעדט מיט געפיל טויזנטער יידישע יוגנטלעכע אין מעקסיקע און פון דער גאַנצער וועלט. מע קען זיך ניט העלפן; יעדע מלחמה איז פאַרבונדן מיט בלוט־פאַרגיסונג און אויך פון אונדזער יידישער יוגנט אין מעקסיקע זיינען שוין אויך געפאַלן אַ פאָר יידישע העלדן און אין אַזאַ פאַל איז אוממעגלעך צו טרייסטן טאַטע־מאַמע. עס איז זייער שווער צו געפינען פאַסיקע ווערטער ווי אַזוי מנחם אבל צו זיין די נאָענסטע משפחה. און דאָ דערמאָן איך זיך דעם טעקסט פון די טרייסט־בריוו וואָס דוד בן גוריון — דער געוועזענער פרעמיער פון ישראל — פלעגט שיקן יעדער יאָר ערב יום־העצמאות צו די עלטערן פון גיבורים, וואָס זיינען געפאַלן אין דער באַפרייאונגס־מלחמה.

מיט צוועלף יאָר צוריק בין איך מיט מיין פרוי געווען אין ישראל און אַזאַ מין בריוו האָט פאַר אונדז פאָרגעלייענט אַ טאַטע, וואָס האָט פאַרלוירן זיין איין און איינציקן זון. ער האָט בעת מעשה געווישט זיינע אויגן און אונדז געוויזן די פאָטאָגראַפיע פון זיין בילד שיינעם זון וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ טישל, אַרומגעוויקלט מיט שוואַרצער קרעפּע און מיט אַן אָנגעצונדע־נער ליכט ביי דער זייט. אָט איז דער אינהאַלט פון דעם בריוו פון דוד בן גוריון:

טייערע עלטערן, יידישע טאַטע־מאַמע, מיר פילן אייך מיט אין אייער גרויסן צער, מיר ווייסן זייער גוט אַז עס איז ניטאָ פאַר אייך קיין טרייסט;

מיר זיינען ניט אימשטאַנד צו קריגן פאַר אייך דאָס, וואָס איר האָט געגעבן פאַר אונדזער לאַנד און פאַר אונדזער זעלבסטשטענדיקייט און דאָס וואָס איר האָט פאַרלאָרן אין דער מלחמה. איר דאַרפט אָבער זיין שטאָלץ און עס דאַרף אייך שטאַרקן דער געדאַנק, אַז אייער זון, אייער אויג פון קאָפּ, האָט ניט פאַרגאָסן זיין בלוט אויף פרעמדע מזבחות, האָט ניט מקריב געווען זיין לעבן פאַר פרעמדע אינטערעסן. ער איז ניט אומגעבראַכט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן אָדער פריער אין פּאָגראָמען. אייער זון האָט מוטיק געקעמפט און איז געפאַלן מיט דער ביקס אין דער האַנט ביים פאַרטיידיקן אונדזער זעלבסט־שטענדיקייט און אונדזער פרייהייט. ער האָט פאַרגאָסן זיין בלוט פאַר אונדזער אייגן לאַנד — ארץ אבותינו...

אָט די זעלביקע ווערטער ווילט זיך איצט אויך זאָגן צו די טאַטע־מאַמע, צו די עלטערן פון אונדזערע נייע יונגע גיבורים, וואָס זיינען געפאַלן אין די היסטאָרישע זעקס טעג. מיר וועלן זיי קיין מאָל נישט פאַרגעסן אָט די יונגע העלדן, די גיבורים און קדושים — יתגדל ויתקדש!!!

# ווערטער פון אַ טאַטן

רעדע געהאַלטן אויף דעם באַנקעטבייכאַקאַבאַן אין שטוב, ווען ער האָט געקראָגן דעם טיטל „ליסענסיאַדאָ״

(איבערגעזעצט פון שפּאַניש)

הויך געשעצטע חשובע געסט:

אין מיין פּרויס נאָמען און אין מיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון אונדזער גאַנצער משפחה וויל איך אייך אויסדריקן מיין האַרציקן דאַנק פאַר אייער קומען און נעמען אַן אָנטייל אין דעם גראַנדיעזן באַערונגס באַנ־קעט, וואָס עס איז ביי אונדז אַ היסטאָרישע געשעעניש. מיר זיינען זייער גערירט און איך געפין ניט קיין ווערטער אויסצודריקן אונדזערע געפילן און עמאָציעס. מיר זיינען גליקלעך וואָס אונדזער זון האָט אויסגעקליבן דעם וועג פון גערעכטיקייט און פון יוסטיץ. צוזאַמען מיט דעם גייט ער אויך אויף דעם וועג פון דער זיבעטער קונסט, דאָס הייסט דעם גייסטיקן וועג פון אַ שריפטשטעלער און זשורנאַליסט. מיר פילן זיך גליקלעך און מיר זיינען צו־פרידן, וואָס אונדזער זון האַלט שטענדיק אין זיינע הענט און פאַר זיינע אויגן דעם פאַקל, די אָנגעצונדענע לאַמטערנע פון אמת און ערלעכקייט און ער איז ווייט פון פאַלשקייטן און היפּאָקריטסטווע.

ער איז קיין מאָל ניט פאַרמאַסקירט און פאַרמאָגט ניט קיין צווייי פּנימער; אויב מע וויל, קען מען זאָגן אַז ער אַליין איז אין דעם ניט שולדיק, דאָס איז ביי אונדז אַ פאַמיליען־פעלער, דאָס האָבן מיר געקראָגן בירושה פון אונ־

דזערע זיידעס און עלטער־זיידעס, דאָס איז אַ צוואה און אַן אָנזאָג פון אונדזערע פאַרגאַנגענע דורות.

און די דאָזיקע צוואה איז געשריבן ניט מיט טינט, נאָר זי איז איינגעקריצט מיט בלוט טיף אין אונדזערע הערצער. מיר ווינטשן זיך, אַז אונדזערע אייניקלעך זאָלן אויך גיין אין דעם זעלביקן וועג.

איך הייב אויף דעם בעכער מיט ווייַן און איך טרינק פאַר דעם געזונט פון אייך אַלעמען און גלייכצייטיק פאַר דעם ווילזיין און פראָגרעס פון מעקסיקע און פאַר דעם שלום אין דער גאַנצער וועלט.

## אין דער ניי־יאָר נאַכט 1965

(ווען אונדזער אייניקל דיאַנאַ איז אַלט געוואָרן זעקס מאָנאַטן)

אויב איר וועט זיצן רואיק אויף די ערטער
וועל איך אייך היינט זאָגן אַ פּאָר ווערטער:
עס וועט דויערן אַ פּאָר מינוט,
אָבער איך גלייב, עס וועט זיין גוט.
חשובע געסט און חשובע פריינד!
איך וועל אויף דעם צוזאַמענקום היינט
פאָרשטעלן פאַר אייך אַלע,
אַ שפּאָגל־נייע כלה.
יעדער איינער ווייס, פון קליין ביז גרויס
אַז אַט דאָס יאָר — איז מיט גרויס פּוראָר,
מיט מזל און מיט ברכה
צוגעקומען אַ פּערזענלעכקייט אין אונדזער משפּחה.
זי איז דאָ איצט ניטאָ ביים טיש,
ווייל זי עסט ניט קיין פליייש און קיין פיש;
זי איז חלילה, ניט קיין וועגעטעריאַנקע,
נאָר גלאַט זי גייט ניט אויף קיין שום הוליאַנקע.
איר נאָמען איז ניט באַשקע אָדער כאַשקע,
אויך ניט חנה און ניט שושנה,
בראַוואָ! — מען רופט זי די שיינע דיאַנאַ!
אַ רענדל איז ווערט איר שמייכל,
ניט אָפּצושאַצן איז איר שכל,
זי זעט אויס ווי אַ פוכקער טאָרט
כאָטש זי רעדט נאָך ניט קיין וואָרט.
זי איז נאָך גאָר קליין — און האָט נאָך ניט קיין ציין;

קען נאָך ניט גיין, און אַפילו ניט שטיין;
זי איז אָבער, מלא חן,
קליידט זיך זעלטן שיין און ריין.
עס ביי מיר גאָר אַ סברא
אַז זי טוט זיך אָן אַנשטענדיקער ווי די שטיק צרה,
— איך מיין די דיאַנאַ „קאַזאַדאָראַ“ — פאַר אונד די כפרה;
מע דאַרף זאָגן — להבדיל און אָן עין הרע,
זי איז ניט קיין „האַבלאַדאָרע“,
ווייל איר טאַטע איז כאַקאָבאָ און די מאַמע איז שרה,
דוד איז איינער און ראובן דער צווייטער זיידע
און רחל רופט מען די באָבעס דיביידע.
ביים פאַרענדיקן די גראַמען
וועלן מיר אַלע צוזאַמען
די ווייגלעזלעך אָנגיסן
און מיט אַ גוטן ביסן, אַ געשמאַקן און אַ זיסן
דעם נייעם יאָר באַגריסן:
מען זאָל מער פון קיין צער ניט וויסן
און פון אַלדאָס גוטס געניסן.
אַזוי ווי איר קענט מיין נאָמען — טאָ ענטפערט אַלע, אָמן!

# ארבעים שנה — פערציק יאָר

## אַ רעדע אין גראַמען — געהאַלטן אין דער ניי־יאָר נאַכט 1966

געדאַנקען געזאַמלט זיך —
געקליבן, האָב איך זיי פאַרצייכנט —
פאַרשריבן.

איך כאַפּ אַ קוק, איך וואַרף אַ בליק — ווי מיט פערציק יאָר צוריק;
מיט אַ קליין רענצעלע אין האַנט
געפאָרן בין איך אין אַצטעקן־לאַנד.
עס ווילט זיך דערמאָנען — דערציילן
ווי איך בין אַוועק פון אַמאָליקן פוילן,
ווו יידן זיינען געזעסן ווי אויף הייסע קוילן.
ניט געמוזט חלילה אַנטלויפן — אַוועק אויף אַ ראַיעלן אופן.
געווען יונג, פאַרמאָגט ענערגיע, מוט,

און געגלייבט דער בייט וועט זיין גוט.
אויף הוצאות — געהאַט אַ ביסל געלט
אָבער אַ סך האָט נאָך געפעלט.
אַ קושעטקע, אַ נייע, אויף גיך פאַרקויפט,
און דאָ — די צייט לויפט;
שוין שפעט ביי נאַכט —
האָט מיין פרוי ניט לאַנג געטראַכט,
געווען מוטיק, ניט געקלאַגט — און צום שכן געזאָגט:
— נעמט אַלטער, וואָס אייך געפעלט
און באָרגט מיר דאָס ביסל געלט.
דער שכן — געמעגט האָט ער לאַנג לעבן
האָט ניט געקלערט און געגעבן
לעב איך — און איך בין דאָ!
און מיין גוטער שכן
שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ.
אַ שניי אַ נאַסער איז געפאַלן, כמעט געדעגנט —
ווען איך מיט רחלען האָבן זיך געזעגנט.
די קינדער — געקושט און געגלעט — זיי זיינען שוין געלעגן אין בעט.
אָנגעזאָגט, מען זאָל ניט פאַרגעסן — אויב עס וועט פעלן צום עסן
פאַרקויפן וואָס אין שטוב איז נאָר פאַראַן — — —
און גיך אַוועק צו דער באַן.
מיין מאַמע — זי איז איצט געוויס אין גן־עדן
לעם דעם צדיק דעם זיידן — מיט אַ ציטער דערמאָן איך זייביידן —
זי האָט אַזוי געזאָגט צו מיר,
ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט איר:
— דו פאָרסט דאַדיע, אין אַ נייער וועלט,
אָן אַ קרוב און אָן געלט, (מסתמא אַזוי באַשערט)
ביסט דאָך דער ערשטער, דער בכור
דער אָנהייב פון אַ נייעם דור;
ווייל איך דיר מיטגעבן מיין ברכה:
זאָלסט געפינען גליק — האָבן הצלחה.
אין דעם לאַנד אין דעם וויטן,
זאָלסטו געפינען חן ביי לייטן.
איך קען דיר קיין מתנות ניט געבן
ווינטש איך דיר, זאָלסט ערליך לעבן,
כאָטש איך ווייס קינדער גוט,

## פאַרגאַנגענע יאָרן

אַז קיין פאַלשקייט איז ניטאָ אין אייער בלוט;
און נאָך עפּעס, מיין זון, וויל איך דיר זאָגן —
זאָלסט האָבן בטחון און ניט קלאָגן
און ניט וועלן קיינעם איבעריאָגן...
די ווערטער, מיין מאַמעס, פאַרן פאָרן
האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון —
און ביי יעדער שמחה, און ביי יעדער עסן
טאָר מען זיי ניט פאַרגעסן.
ווען מיר פרייען זיך, ווען מיר לאַכן
מעג מען שהחיינו מאַכן.
איך קען נאָך מער ריידן, זאָגן
ביז עס וועט אָנהייבן טאָגן,
איך ווייס געשיכטעס אָן אַ צאָל
אָבער כ׳וועל זיי דערציילן אַן אַנדער מאָל.

# יידן דערציילן

אַ סעריע אינטערעסאַנטע זכרונות, עפּיזאָדן, פּאָרטרעטן און שילדערונגען פון אַ וועלט, פון אַ לעבן און פון מענטשן, וואָס זיינען שוין לאַנג נישטאָ און קיין פרישע אויף זייער פּלאַץ וועלן שוין ליידער מער קיין מאָל ניט קומען.

די קאָלעקציע האָב איך געזאַמלט צענדליקער יאָרן. יעמוד! — די ערשטע עליה קריגט מיין ליבער קוזין דאַדיע זאַבלודאָווסקי פון בוענדס־איירעס, אַרגענטינע.

⁂

מיט אַ לענגערער צייט צוריק האָב איך געקריגן פון איס אַ פּעקל מיט אַ גרעסערער צאָל געדיכט פאַרשריבענע זייטלעך, וואָס איך גיב זיי איבער צום דרוק אָן שום ענדערונגען. אָט דאָס זיינען די ראָשי־פּרקים פון זיין גלענצנדיקער אַרבעט וואָס מיר וועלן אַ נאָמען געבן אַ שטיק לעבן.

1) איינלייטונג, 2) ביאָגראַפישע נאָטיצן, 3) ווי אַזוי בין איך לעבן געבליבן, 4) געזוכט און געפונען מיין מאַמען אין טיף רוס־לאַנד, 5) דער צוריקקער אין דער חרובער היים, 6) מיין איצטיקער המשך אין אַרגענטינע.

מיט דער גרעסטער אינערלעכער עמאָציע און סאַטיספאַקציע האָב איך אויפגענומען די ידיעה אַז מיין עלטסטער און טייערער קוזין דוד זאַבלודאָווסקי אין מעקסיקע האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו און פאַרקלערט אַרויס־צוגעבן אַ בוך זכרונות און אַזוי אַרום שטעלן אַ מאָנומענט דעם לעבן פון אַמאָל און במילא פאַראייביקן אונדזער פאַרצווייגטער גרויסער משפחה, אַלע פאַרשניטענע אומגעקומענע על קידוש־השם צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן פון יידישן פאָלק.

און אַט האָב איך, אַני הקטן, באַשלאָסן צוצולייגן אַ ציגל צו דעם דאָ־זיקן מאָנומענט, ווי אַ ייד פון דער שארית־הפליטה און ווי אַן על־פי נס לעבנגעבליבענער פון אונדזער משפּחה.

ביידע הייסן מיר דוד און ביידע האָט מען אונדז גערופן דאָדיע, און ביידע זיינען מיר געמען נאָכן זעלביקן זיידן. דאָדיע חיימס — אַזוי האָט מען גערופן מיין עלטסטן קוזין וואָס וווינט איצט אין מעקסיקע. און דאָדיע יוספס — האָט מען מיך גערופן. דאָדיע חיימס — דער בכור פון מיין פעטער חיים־צבי ע״ה, אַ ייד אַ משכיל, אַ יודע ספר, מחבר פון דעם בוך „חידות ושאלות״ און לערער־דערציער פון יידישע קינדער אין יידישן טראַדיציאָנעלן גייסט. אין זיין באַרימטן מאָדערנעם חדר, וואָס ער האָט יאָרן לאַנג אָנגעהאַלטן אין ביאַליסטאָק; און איך — דער בכור און איין און איינציקער זון פון מיין פאָטער יוסף ע״ה אַ געוויסע צייט אַ יידישער לערער פון אונדזער געבוירן־שטעטל זאַבלודאָווע שרייבער און באַוווסטער קינסטלער־פאַרלייענער פון שלום־עליכמען, באַקאַנט אין גאַנצן אַרום און אין אַ שטיק פּוילן, אָנער־קענט פון שלום־עליכמען אַליין, און באַקומען אַ מתנה אַלע ווערק זיינע אין אַ פּראַכט־איינבונד פון שלום־עליכמס אלמנה — אָלגאַ ראַבינאָוויטש, און וואָס ער האָט געהאַלטן ווי אַן אבן־טוב ביז די לעצטע מאָמענטן פון זיין לעבן.

ביידע ברידער, איך וועל זיי אָנרופן די ביידע „באַהעמען״ פון אונדזער משפחה. מיין פעטער חיים־צבי, דער בכור, און מיין פאָטער יוסף, ביידע זין פון אונדזער זיידן אַברהם זאַבלודאָווסקי ע״ה אָדער ווי מען האָט אים גערופן „אַברהמע קולטעס״, אַ ייד אַ למדן און אַ מוהל־מומחה, וואָס האָט אַריינגעבראַכט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל זאַבלודאָווע בבריתו של אברהם אָבינו, ער האָט אָבער ניט גענומען דערפאַר קיין שום לוין, נאָר ער האָט עס געטאָן לשם מצווה.

ביז דער לעצטער מינוט האָבן זיך ביידע ברידער חיים־צבי און יוסף געהאַלטן זייער נאָענט, און ביז דער צייט ווען איך האָב פאַרלאָזן ביאַליסטאָק ווי איך וועל ווייטער דערציילן, פלעגן זיי זיך טרעפן טאָג־טעגלעך און אָפּ־זיצן שעהען און שמועסן וועגן וועלט־ענינים און משפחה־אָנגעלעגנהייטן

אין אונדזער שטיבל אויף דער „נאָווע" — אַ געגנט אין ביאַליסטאָק — ווו מיר האָבן געוווינט ביז דעם לעצטן מאָמענט.

אין די סאַמע שטורעם און דראַנג־יאָרן פון 1904 ־ 1905 איז מיין מאַמע רייע ע"ה אַראָפּגעקומען אין זאַבלודאָווע פּראַקטיצירן אַלס אַקושערקע. זי איז נאָך דעמאָלט קיין 17 יאָר ניט אַלט געווען און האָט שוין באַוויזן צו האָבן אַ דיפּלאָם פון אַן „אַקושערקע־מאַסאַזשיסטקע" וואָס האָט געענדיקט אין קיעוו.

מיין מאַמעס יחוס שטאַמט פון אַ פאַרצווייגער משפחה רבנים און צדיקים פון דעם שטעטל רעזשיצע לעבן דווינסק — לאַטוויע. דאָס איז די באַוווסטע משפחה „ציוני" וואָס האָט דורות לאַנג פאַרנומען די כסא־הרבנות אין שטעטל.

איר פאָטער — מיין זיידע, הרב הגאון ר' צבי ציוני איז געשטאָרבן זייער יונג, צו 43 יאָר. די זין זיינע האָבן אַלע געהאַט סמיכות אויף רבנות און די טעכטער האָט ער געגעבן אַ וועלטלעכע דערציאונג. אַזוי, אַז איר עלטסטער ברודער הרב אַברהם־זעליק ציוני האָט דעמאָלט פאַרנומען דער כסא־הרבנות אין דעם שטעטל האַראַדאָק לעבן ביאַליסטאָק און איז אָנגעקומען אַהין — ווי אַן איידעם — נאָכן טויט פון דעם דאָרטיקן רב ר' ניסן.

אין זאַבלודאָווע האָט זיך דעמאָלט געפאָדערט אַן אַקושערקע, האָט מיין פעטער דער האַראַדאָקער רב זיך שריפטלעך פאַרבונדן מיטן זאַבלודאָווער רב דב סובאָטניק און מיין מאַמע איז, ווי געזאָגט, געקומען אין זאַבלודאָווע ווי אַן אַקושאָרקע און טאַקע ביי הרב סובאָטניק איז זי איינגעשטאַנען.

די יונגע אַקושערקע האָט זיך באַקענט מיט דער פּראָגרעסיווער אינטע־ליגענץ פונעם שטעטל און צווישן זיי אויך מיט מיין פאָטער. די שטאַרקע ליבע וואָס האָט זיך צווישן זיי אַנטוויקלט ברעכט דורך אַלע שטערונגען און זיי האָבן מיט מזל חתונה געהאַט.

איך האָב פאַרגעסן צוצוגעבן אַ רינגעלע צו מיין מאַמעס יחוס; איר זיידע איז געווען דער באַרימטער צדיק און גוטער ייד ר' איצעלע ציוני אויף וועמענס קבר אויפן רעזשיצערס בית־עולם מען פלעגט קומען פון דעם גאַנצן אַרום און לייגן קוויטלעך. אויך, אַז מיין פעטער, דער האַראַדאָקער רב ר' אַברהם־זעליק ציוני האָט געשמט ווי דער בעסטער מטיף אין גאַנצן ביאַ־ליסטאָקער אַרום און ווען מען פלעגט דאַרפן מספּיד זיין אַ גרויסע פערזענ־לעכקייט פלעגט מען אים אַראָפּברענגען; ער איז אויך געווען דעלעגירט ווי אַ מזרחי־פאַרשטייער אין צפון־אַמעריקע. ער איז געשטאָרבן בעת דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע אין 1939 אין עלטער פון 52 יאָר אין יידישן שפּיטאָל פון ביאַליסטאָק. איך האָב געוואַכט ביי זיין טויטנבעט און דערנאָך בין איך געפאָרן אין האַראַדאָק ווו מען האָט אים מקבר געווען. דאָס גאַנצע שטעטל האָט אַנטייל גענומען אין זיין לוויה, יידן און קריסטן, זיין אָרון האָט מען

אָװעקגעשטעלט אין דאָרטיקן גרויסן בית־מדרש און עס האָבן אים מספּיד געװען די גרעסטע רבנים פון ביאַליסטאָק און אומגעגנט.

צום באַדויערן האָט דער שלום־בית צווישן מיין טאַטע־מאַמע ניט לאַנג אָנגעהאַלטן, אַזוי אַז אין מיין פריסטער קינדהייט האָט מיין מאַמע זיך אַ שטיקל צייט געפונען אין מינסק, ביי אירן אַ פעטער פון איר מאַמעס צד — די יחוסדיקע משפּחה קיקאָאין, דערנאָך ביי אירער אַן עלטערער שוועסטער אין דווינסק. אַ דאַנק איר פּראַפּעסיע איז זי ניט געװען אָפּהענגיק פון קיינעם.

קורץ פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווער איך קראַנק אויף אַ שטאַרקער שקאַרלאַטין־קראַנקהייט; זי קומט דאַן צוריק קיין זאַבלודאָווע און מיר לעבן צוזאַמען ביז איר אָפּפאָר, ווי איך וועל ווייטער דערציילן.

עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. מיר אַנטלויפן מיט כמעט דעם גאַנצן שטעטל ווי „בעזשענצעס״ קיין ביאַליסטאָק; אין אַ געוויסער צייט שפּעטער קערן מיר זיך אום, צופּאַסנדיק זיך צום ביטערן לעבן פון דער דייטשער אָקופּאַציע. אונדזער שטוב ווערט ממש דער צענטער, אַ מין קלוב, ווו עס קומען זיך צענויף אין די אָװנטן די גאַנצע יוגנט און פאַלקסמענטשן פון שטעטל, זיך אַ ביסל קולטורעל אויסלעבן און פאַרברענגען. ביי אונדז געפינט זיך די שטעטלשע ביבליאָטעק. מיין פאָטער גרינדעט אַ געזעלשאַפט „יידישע קונסט״. ער שאַפט אַ דראַמאַטישן קרייז און אַ כאָר. מען פירט דורך פּערמאַנענט טעאַטער־פאַרשטעלונגען אין וועלכע מיין פאָטער און מוטער זיינען די הויפּט־אָנטיילנעמער; מיין מאַמע וויזט זיך אַרויס פאַר זייער אַ פעי־קע אַרטיסטקע אין מוטער־ראָלן, מיט אַ האַרציקער שטימע צום זינגען, און מיין ווייניגקייט, דאַן נאָך, אַלס אַכט יעריק קינד שטעל מיינע ערשטע טריט אויף דער סצענע, אין קינדער־ראָלן און דעקלאַמאַציעס.

אין יענער צייט איז מיין קוזין דאָדיע חיימס, ד״ה, דער מחבר און אַרויס־געבער פון דעם דאָזיקן בוך „זכרונות״ געװען באַשעפטיקט אַלס אייער־אויפ־קויפער; ער פלעגט אַרומפאָרן איבער די דערפער און שטעטלעך פון ביאַ־ליסטאָקער געגנט און אויפקויפן אייער פאַר דער דעמאָלטדיקער אָקופּאַציע־מאַכט. אין די פרייטיקן פלעגט ער קומען צו אונדז אין שטוב, אין זאַבלודאָווע, זיין ביי אונדז איבער שבת און דערנאָך, גלייך זונטיק פלעגט ער זיך אַרויס־לאָזן צו זיין באַשעפטיקונג. פאַר מיר געדענק איך, איז זיין באַזוך ביי אונדז געװען אַ גאַנצער יום־טוב; ער פלעגט קומען מיט גאַנצע פּעק נייעס, אויך האָט ער דעמאָלט געשטעלט זיינע ערשטע טריט אויפן ליטעראַרישן געביט. איך געדענק אין איינעם אַ פרייטיק־צונאַכטס האָט ער אין דער געזעלשאַפט „יידישע קונסט״ פאָרגעלייענט זיינע ערשטע נאָוועלן. שוין דעמאָלט ווי אַ קאָמי־וואָיאַזשאָר האָט ער געהאַט דורכגעשפּאַנט גאַנץ רוסלאַנד.

אויך געדענק איך ווי ער פלעגט פאַרלייענען פאַר מיין מאַמען די ליבע־בריוו וואָס ער האָט שוין דעמאָלט געשריבן צו זיין טרייער לעבנס־באַגלייטערין רחל — ביז 120 יאָר. אויך געדענק איך זייער חופה ביים ראַבינער ווינגדאַרטשיק אין זיין הויז.

דער אַזוי גערופענער ראַבינער ווינגדאַרטשיק, אַ ייד אַ קנאַפּער למדן, איז פאַר דער מלחמה געווען אַ לערער פון יידישער געשיכטע אין די ניי־דעריקע קלאַסן פון דער אַמאָליקער ביאַליסטאָקער קאָמערצשול און אַ דאַנק אַ רעקאָמענדאַציע פון זיינעם אַ באַקאַנטן דייטשישן גייסטלעכן, האָט מען אים איבערגעגעבן, ער זאָל אָנפירן מיט די מעטריקאַציע ענינים. האָט ער גענומען און האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „ראַבינער".

נאָך דער חופה האָט מען סערווירט אַ אָרעמען כיבוד ביים פעטער חיים־צבי אין שטוב. אין יענע ביטערע מלחמה־יאָרן איז דער כיבוד באַשטאַנען פון אַ ביסל פאַרוויסטער קאַווע — געוויס מיט סאַכאַרין — מיט שוואַרץ ברויט, דין באַשמירט מיט מאַרמעלאַדע.

מיר האָבן זיך דערנאָך אַריבערגעקליבן קיין ביאַליסטאָק. איידער מיר האָבן באַקומען אַ דירה, ווינען מיר אַ שטיקל צייט, טאַקע ביי דאַדיען און רחלען אין זייער איבערשטיבל, לעבן שולהויף. די צייטן זיינען זייער שווערע, מען טיילט זיך ממש מיט אונדז מיט אַ שטיקל ברויט. עלקעלע — זייער טאָכטער — איז נאָך דאַן אַ פּיצל קינד. דער געדאַנק פון עמיגראַציע, אַנט־לויפן, איז דאַן די טעמע פון טאָג. שפּעטער ווערט געבוירן דער היינטיקער באַרימטער אַרכיטעקט אַברהם. מיר קריגן דאַן אַ שטיקל דירה אויף פאַב־ריטשנע גאַס. מיין מאַמע פאָרט אַוועק דאַן קיין ווילנע, אָפּנעמען אַ קינד, ביי אירער אַ יינגערער שוועסטער — מערי. די מערי האָט חתונה געהאַט מיט אַ געוויסן בערמאַן אַן אינזשיניער, אַ געקומענער נאָך דער רעוואָלוציע פון רוסלאַנד, פון דער שטאָט וואָס איר דאַמאָלדיקער נאָמען איז נאָך געווען פעטערבורג. אַזוי ווי אין רוסלאַנד איז דעמאָלט אַרויס דער נעפּ־געזעץ, ווו מען האָט געקענט אָפּנעמען לויט געוויסע באַדינגונגען אַ טייל פון די פאַר־מעגנס. און אַזוי ווי בערמאַן האָט געשטאַמט פון אַ רייכער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע, איז ער דעמאָלט געפאָרן קיין רוסלאַנד, כדי אָפּצוראַטעווען עפּעס פון זיין פאַרמעגן.

מיין מאַמע האָט דאַן אָנגענומען אַ פעסטן באַשלוס אַז זי פאָרט מיט זיי מיט; מיר — דאָס הייסט איך מיט מיין פאָטער, האָבן עס ניט גענומען ערנסט. אָבער זי האָט איר אָנגענומענעם באַשלוס אויסגעפירט. דאָס לעבן וויל ניט וויסן פון קיין „דריידלעך", ער גייט זיין אָנגעצייכנטן וועג. אַ מוצאי יום־כיפור ביי נאַכט, איז מיין מאַמע שוין געשטאַנען מיט אַ וואַליזקעלע אין

האַנט און זיך מיט אַלעמען געזעגנט. איך האָב זי באַגלייט צום באַן, און — זי איז אַוועק...

אַזוי זיינען אַריבער לאַנגע, גענויע איין און צוואַנציק יאָר, ביז איך האָב זיך מיט איר ווידער געטראָפן, ווי איך וועל ווייטער דערציילן.

די ערשטע בריוו פון איר, באַקום איך פון לענינגראַד; מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער פון סווערדלאָווסק (אוראַל) וווהין זי איז אַוועקגעפאָרן צוזאַמען מיט איר שוועסטער מעריס פאַמיליע. דאָרטן, אין סווערדלאָווסק האָט דער מאַן אירער געאַרבעט ווי אַן אַנגעזעענער בוי־אינזשיניער. מיין מאַמע האָט אין סווערדלאָווסק געאַרבעט ביי איר פאַך אין אַ שפּיטאָל ווי אַן אַקושערין.

עס זיינען אַוועק לאַנגע, לאַנגע יאָרן און איך האָב פון מיין מאַמען גאָר־ניט געהערט. דעמאָלט האָט געהערשט אַ שטרענגע צענזור און מען האָט מורא געהאַט צו שרייבן בריוו פון סאָוויעט־רוסלאַנד קיין פּוילן און פון פּוילן קיין רוסלאַנד.

די יאָרן גייען, די יאָרן לויפן און איך האָב דערווייל פאַרענדיקט די האַנטווערקער־שול אין ביאַליסטאָק און איך האָב זיך איינגעאָרדנט ביי מיין פאַך ווי אַ וועבער־מייסטער. גלייכצייטיק לעב איך זיך אויס גייסטיק מיט מיין אַרויסטרעטן אויף פאַרשיידענע וואָרטקאָנצערטן צוזאַמען מיט מיין פאָטער, און שפּעטער איינער אַליין מיט אַ געהעריקן דערפאָלג.

גאַנצע זיבן יאָר ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — אין 1939 — האָב איך פון מיין מאַמען גאָרניט געהערט. די נאַצישע האָר־דעס זיינען מיט אַ געוואַלדיקער גיכקייט זיך אַ לאָז געטאָן אויף דער פּוילישער טעריטאָריע און אין צען טעג אַרום, איז שוין די פּוילישע אַרמיי אין גאַנצן צעשלאָגן געוואָרן. די רויטע אַרמיי איז אָנגעקומען פון מזרח־זייט, די דייטשי־שע פון מעריב־זייט און לויטן באַוווסטן סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך האָבן זיי זיך צעטיילט מיט פּוילן.

און אָט זיינען שוין די נאַצישע אַרמייען אַריין אין ביאַליסטאָק. מ'האָט געהערט אַ שטאַרקע שיסעריי און געוויסע סטראַטעגישע פּונקטן זיינען באָמ־באַרדירט געוואָרן כדי אָפּצושרעקן די קעמפנדיקע רעשטלעך פון דער פּוי־לישער אַרמיי. זיי אָקופּירן ביאַליסטאָק און די ארומיקע שטעטלעך און זיי האָבן אָנגעהויבן צו באַלעבאַטעווען אויף זייער נאַצישן שטייגער. עפּעס האָט מען געפילט אַן אומזיכערקייט אין זייער הערשאַפט, אַז אַזוי וועט די לאַגע לאַנג ניט בלייבן. און טאַקע אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען אַז גאָר אין גיכן וועט אַריין אין ביאַליסטאָק די רויטע אַרמיי און וועט זי אָקופּירן. עס איז שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן די דייטשע סאָלדאַטן צו קאָנפיסקירן דאָס פאַרמעגן פון די איינוווינער. זיי קויפן און זיי צאָלן מיט זייערע דייטשישע מאַרקן. פון דעסטוועגן זיינען דאָ גענוג שווינדלערלעכע

פּאַלן; אַט האָט מען געכאַפּט עטלעכע יידן נאָך דער „פּאָליציי־שטונדע“ און זיי אַוועקגעשלעפּט אויף שווערע אַרבעט; אויפן הויף פון דעם מאַגיסטראַט האָט מען אַן אַ שום פּאַרוואָס דערשאָסן עטלעכע יידן און נאָך ענלעכע טרויעריקע און טראַגישע פאַלן. אַ פּאָר פאַבריקאַנטן וואָס זיינען געווען אין רעסטאָראַן „ריץ“ האָבן דערציילט, אַז אַ דייטשישער אָפיציר האָט בפירוש שטילערהייט געזאָגט „ויר בלייבן ניכט היר“, היר קאָמען די רוסן...“

און עס איז טאַקע געווען אמת. אין איינעם אַ טאָג האָבן זיך באַוויזן איבער ביאַליסטאָק רוסישע אַעראָפּלאַנען. פון די אַעראָפּלאַנען האָט מען גע־וואָרפן בלעטלעך מיט דעם ווייטערדיקן אינהאַלט: „מיר קומען באַפרייען מערב־אוקראַינע און מערב ווייסרוסלאַנד... אין די נאָענסטע טעג קומען מיר!“...

אַ פרייד באַהערשט די פּראָגרעסיווע יוגנט אין ביאַליסטאָק; מען קלייבט געלט אויף בלומענקרענץ און מען גרייט צו פּאַסיקע טראַנספּאַרענטן מיט לאָזונגען כדי מקבל־פּנים צו זיין די רויטע אַרמיי. פּונקט ערב יום־כּיפּור פון יאָר 1939 שפּילט זיך אָפּ אַזאַ מין ענטוזיאַסטיש בילד:

די גאַנצע גאַס „וואַרשאַווסקאַ“ פון „טענקעוויטשאַ“ ביז „סקאָרופּ“ איז געדיכט אויסגעשטעלט מיט מענטשן אויףביידע זייטן טראַטואַר און אָט קומען אָן די ערשטע קליינע טאַנקען און אויסשפּיר־קאַמיאָנעטקעס מיט סאָ־וויעטיש מיליטער. דעם ענטוזיאַזם איז ניט צו באַשרייבן, מע פאַרוואַרפט די רוסישע סאָלדאַטן מיט בלומען, יונגע חברה שפּרינגען אַרויף אויף די מאַשינען און קושן זיך מיט די רויטאַרמייער, עס באַווייזן זיך דערנאָך די גרויסע און שווערע טאַנקען, נאָך דעם קומען אָן גרויסע אויטאָבוסן מיט רוסיש מיליטער און עס שפּילן זיך ווידער אָפּ די זעלביקע פייערלעכע, פריידיקע און ענטוזיאַסטישע סצענעס. אויף טאַנקען און קאַמיאָנען איז אָנ־געשריבן מיט גרויסע אותיות אויף רוסיש: „נישט שיסן אויף דעם דייטשישן מיליטער“! און אין דער זייט לעבן דעם מאַגיסטראַט שטייען גרייט די לעצטע דייטשישע אויטאָס און אויטאָבוסן וואָס דאַרפן באַלד אָפּפאָרן. אויף די אויטאָס שטייען אויך הויכע נאַציִשע אָפיצירן און אַנדערע עלטסטע מיט לאָר־נעטן אויף די אויגן, טייל האַלטן פאָטאָגראַפישע און פילם־אַפּאַראַטן און כאַפּן אַראָפּ גיך די דאָזיקע בילדער. איך האָב זיך גוט איינגעקוקט און זייערע טייוולאָנישע אויגן און האָב גוט געזען דעם ציינישן שמייכל, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף זייערע צונויפגעשנורעוועטע ליפּן, ווי איינער רעדט: „פרייט זיך, פרייט זיך יידעלעך, מיר וועלן אייך פאַר אַלץ באַצאָלן!“

איך שטיי מיט מיין טאַטן לעבן הערמאַנאָווסקיס אַפּטייק וואָס געפינט זיך אַנטקעגן מאַגיסטראַט און מיר קוקן זיך צו צו די דאָזיקע סצענעס. „ראובקע זשול — אַ לינקער פּאָפּולערער פירער פון די גאַרבער־אַרבעטער

שטייט אויף אַ טאַנק, אַרומגענומען מיטן טאַנקיסט, קושט זיך מיט אים און שרייט מיט באַנומענע קולות געוויסע קאָמוניסטישע לאָזונגען. אַנטקעגן — שטייען די דייטשן און פאָטאָגראַפירן דאָס אַלץ:

— רבונו של עולם! וואָס טוט זיך דאָ? עס איז דאָך אמתע משיחס־צייטן... דאָס לעצטע דייטשישע מיליטער טרעט אָפּ. אויפן ראָג פון סענקעוויטש גאַס קענען זיך אַ פּאָר צעהיצטע יונגעלייט נישט איינהאַלטן און הייבן אָן צו וואַרפן שטיינער אויף דעם דייטשישן מיליטער. איין שטיין האָט דורכגעבראָכן די שויב פון אַן אויטאָ און איז אַריין אינעווייניק. די דייטשן פאָרן שנעל אַוועק, אָבער ווי עס ווייזט אויס זיינען זיי דורשטיק נאָך יידיש בלוט און קומענדיק אין דעם שטעטל כאָראָשטש — אַ האַלבע שעה פון ביאַליסטאָק — זיינען זיי געבליבן שטיין אויפן מיטן מאַרק, האָבן געכאַפּט פופצן יונגע יידישע מענער און אויפן אָרט דערשאָסן זיי ווי אַ נקמה־אַקט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך באַקומען אַן אַרויספאָדערונג פון מאַ־גיסטראַט און מען האָט מיר איבערגעגעבן אַ טעלעגראַם מיט אַן אָפּגעצאָלטן ענטפער פון מיין מאַמען פון סווערדלאָווסק. זי פרעגט זיך אָן וואָס איך מאַך. איך האָב איר גלייך געענטפערט, אַז איך לעב און בין געזונט. אַזוי האָט זיך געפירט צווישן אונדז אַ קאָרעספּאָנדענץ די גאַנצע צייט, וואָס די סאָוויעטן־מאַכט איז געווען אין ביאַליסטאָק. די בריוו פלעג איך שרייבן צו איר אויף „פּאָסט־רעסטאַנט".

קורץ פאַרן מלחמה־אויסברוך אין 1941 ווען די נאַציס זיינען באַפאַלן זייער געוועזענעם פריינד סאָוויעט־רוסלאַנד, ווער איך צוגעטיילט אַנטייל צו נעמען אין אַ קאָנקורס פון בינע־קינסטלער ווי אַ רעציטאַטאָר אין דער שטאָט מינסק און דאָרטן טרעפט מיך די מלחמה.

אויפן צווייטן טאָג פון דער מלחמה באַווייזן זיך די ערשטע דייטשישע עראָפּלאַנען און הייבן אָן צו באָמבאַרדירן די שטאָט. זיי באַשיטן די שטאָט אָן אויפהער מיט אויפרייס־באָמבעס. און די שיינע שטאָט מינסק איז אין עטלעכע טעג אין גאַנצן פאַרברענט און פאַרניכטעט געוואָרן. איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשיידענע שוצקעלערן און אַז עס פלעגט אַ ביסל שטי־לער ווערן פלעג איך אַרויסלויפן צוריק אין גאַס. ס'איז אָבער ממש אוממעג־לעך געווען דורכצוגיין די גאַסן צוליב דער שרעקלעכער היץ וואָס האָט גע־שלאָגן פון די ברענענדיקע הייזער. אין דישוצקעלערן ווו איך פלעג אַריינ־לויפן זיך אויסבאַהאַלטן איז געווען אַ שרעקלעכער אומצוטרוי צו אַ פרעמדן אומבאַקאַנטן מענטשן. ווייל עס זיינען געווען אַ סך שפּיאָנען וואָס די נאַציס האָבן אַראָפּגעלאָזן מיט פאַראַשוטן. אַלע מאָל פלעגט אימיצער צוגיין צו מיר און פרעגן ווער איך בין און הייסן ווייזן דאָקומענטן און די מערהייט

פון זיי זיינען געווען פון אחינו בני ישראל... פון איין שוצקעלער האָט מען פּשוט מיך געבעטן אַרויסגיין...

איך לויף דורך דער גיהנומדיקער שטאָט און כ׳ווייס ניט וואָס צו טאָן. אויפן וועג ווער איך פאַרהאַלטן לעבן אַ חורבה דורך פּאָליציי, מע רעווידירט מיך פון קאָפּ ביז פיס, מע זוכט אין די אינטימסטע ערטער, זיי קוקן דורך יעדן דאָקומענט מיינעם און ראָטן מיר, גיין צום וואָקזאַל און פאָרן צוריק קיין ביאַליסטאָק. ביאַליסטאָק איז שוין דעמאָלט געווען פאַרנומען דורך די דייטשן, איך לויף פון איין אָרט צום צווייטן ווי אַ וואַנזיניקער און טרעף זיך אָן אויפן וועג מיט אַ ביאַליסטאָקער וועבער, טאַקע מיינער אַ באַקאַנטער — פישער. ער געפינט זיך איצט אין ישראל; מיר באַשליסן זיך צושטעלן צו אַ פּונקט ווו עס געפינען זיך מיליטער־מאָביליזירטע, אַ צען קילאָמעטער הינ־טער מינסק. אויפן וועג ווערן מיר כסדר רעווידירט און לסוף דערשלאָגן מיר זיך אַהין. דאָרט געפינען זיך ממש אין די צענדליקער־טויזנטער מענער וואָס זיינען געקומען זיך אָנשליסן אין מיליטער.

ביינאַכט, ווען מיר זיינען געלעגן אין אַ וואַלד זיינען מיר באַשאָסן גע־וואָרן פון אַלע זייטן. די קוילן זיינען ממש געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ. עס איז געוואָרן אַזאַ צעטומלעניש וואָס מע קען עס נישט באַשרייבן מיט קיין ווערטער. אָט קומען אָן באַפעלן אַז מיר זאָלן שיסן און גלייך ווידער — אויפצוהערן צו שיסן.

באַגינען האָט די מיליטערישע ענקאַוועדע דורכגעפירט אַ שטרענגע רעוויזיע און אַ קאָנטראָל. דאָס מוז איך באַשרייבן, ווייל די דאָזיקע גרויל־ און טויטשרעק סצענעס, וואָס איך האָב דעמאָלט דורכגעלעבט וועל איך געדענקען ביז מיין טויט.

פּאָליציי־מיליטער האָבן רעווידירט אַלעמען און ביי וועמען עס איז עפּעס ניט געווען אין אָרדענונג די דאָקומענטן, אָדער עס איז עפּעס געפאַלן אויף עמיצן אַ חשד האָט מען אים גלייך צוגענומען, אַרויפגעזעצט אויף גרויסע אויטאָבוסן, אַוועקגעפירט אין די אַרומיקע וועלדער און גלייך דערשאָסן אָן חקירה ודרישה.

צו אונדזער גרופּע פון זיבן פּערזאָן האָט זיך דערנענטערט אַן עלטסטער מיט צוויי זעלנער. דער עלטסטער האָט אונדז אָפּגעמאָסטן מיט זיינע שטעכיקע בליקן, זיך געווענדעט צו מיר און האָט מיר געהייסן זיך אויפשטעלן. איך האָב זיך אויפגעשטעלט. ער האָט מיך גלייך אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס זייט איר ביי נאַכט געלאָפן? פאַר וואָס זייט איר אַזוי שטאַרק פאַרשוויצט? נעמט אַראָפּ די הוט!

איך וויל אים אָנהייבן אויפקלערן ווער איך בין, ווייזן מיינע דאָקומענטן ער לאָזט זיך ניט און ער גיט אַרויס אַ שטרענגן באַפעל: „ווזיאַט יעוואָ!" (נעמט אים).

די זעלנער בינדן מיר די הענט אויף הינטן און מיט אָנגעשטעלטע ביקסן פירט מען מיך צו צו אַ בערגל און מען הייסט זיך מיר שטעלן אויף די קני. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און איך האָב דאָרטן דערזען הונדערטער מענטשן אין מיין לאַגע; טייל פון זיי געוויס שפּיאָנען אָדער דעסאַנטן וואָס שרייען מיט באַנומענע קולות זידל־ווערטער אויף דער רויטער אַרמיי און נאָך אַנ־דערע ווערטער פון וועלכע עס כאַפּט מיך אָן אַ טויטשוידער. זיי האָבן שוין ניט וואָס צו פאַרלירן, אָבער איך, געוואָלד־געשריען, איך וועל באַלד אָן אומ־שולדיקער אומקומען. פאַר וואָס? פאַר וועלכע זינד? איך געזעגן זיך שוין אָפּ מיט מיין לעבן. און אָט זע איך ווי מען שלעפּט גרופּעס מענטשן פון דעם בערגל אויף אָן אויטאָבוס און מע פירט זיי אַוועק אין נאָענטן וואַלד זיי צו דערשיסן... אָט, אָט, און באַלד וועט מען מיך אויך נעמען...

פּלוצלונג דערזע איך פון דער ווייטנס דעם עלטסטן מיט צוויי זעלנער פאַרבייגיין. אינסטינקטיוו האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון מיין מויל אַן אויסגעש־שריי: „טאָוואַרישטש, איזוויניטיע! (חבר, אַנטשולדיקט!) דער עלטסטער האָט זיך אָפּגעשטעלט, ער האָט זיך דערנענטערט צו מיר, ער האָט מיך דורכגע־נומען מיט זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן. איך בין ביז היינטיקן טאָג חושד, אַז דאָס האָט געמוזט זיין אַ ייִד, מיט אַ ייִדיש־פילנדיק האַרץ, וואָס האָט מיט אַ מאָל דערזען און פאַרשטאַנען אַז ער ברענגט אום אַן אומשולדיקן מענטשן. ער האָט געהייסן די זעלנער מיר גלייך אָפּבינדן די הענט און געבעטן, אַז איך זאָל אים ווייזן מיינע דאָקומענטן. ער קוקט אויף מיין פּאַספּאָרט, אויף מיר און אויף עפּעס נאָך אַ דאָקומענט וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון אַ גאַנצן פּאַק. ער גיט מיר צוריק אָפּ מיינע דאָקומענטן און זאָגט: „סטופּאַייטע קוואַשים טאָוואַרישטשאַם..." (גייט צו אייערע חברים)?

אָט אַזוי האָבן זיך מיינע זיידעס די צדיקים געמיט פאַר מיר, איך זאָל ניצול ווערן פון אַ זיכערן טויט אין די סאַמע לעצטע מאָמענטן.

עס שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס בילד פון אַ מיטליאָריקן פּוילישן ייִדן, וואָס איז שוין געשטאַנען אויפן וואַגאָן, אָפּגעפירט צו ווערן צום טויט. ער האָט ניט געקענט רעדן קיין רוסיש, האָט ער זיך געבעטן: „שיקט מיר צו אַ ייִד, איך וועל אים אַלץ אויפקלערן, איך בין ניט קיין שפּיאָן!" דער וואַגאָן הייבט זיך אָן רירן און באַלד הערט מען שוין פון וואַלד דאָס שטעפּן פון דער מאַשין־געווער. מיט אַ מאָל ווערט אַ שרעקלעכע מהומה און עס הערט זיך אַ באַפעל: — צו פוס מיט דעם וועג צו באַריסאָוו".

דער גאַנצער שוואַרצער שאָסיי מינסק־מאָסקווע, איז זפּול מיט אָפּטרעטנ־דיקן מיליטער, טאַנקען, אויטאָבוסן מיט עוואַקואירנדיקער ציווילער באַ־פעלקערונג. פון ביידע זייטן וועלדער לויפן צענדליקער טויזנטער מענטשן און איך צוזאַמען מיט זיי. די דייטשישע עראָפּלאַנען פליען גאָר נידעריק, מען קען אַפילו זען דעם פּילאָט, זיי וואַרפן באָמבעס און באַשיסן מיט מאַשין־געווער. מענטשן פאַלן ווי פליגן. די באָמבעס פאַלן אויך ביי די זייטן פון די וועלדער, מענטשן ווערן צעריסן אויף שטיקער פאַר מיינע אויגן, איך אָבער היב זיך אויף און לויף ווייטער, ווי לייוויק זאָגט אין זיינעם אַ ליד.

דערנאָך הייבט זיך אָן אַ סעריע באָמבאַרדירונגען אויף עשאַלאָנען מיט מיליטער און ציווילע מענטשן וואָס פאָרן טיפער אין רוסלאַנד. מיר פאָרן דורך צענדליקער שטעט און דערפער. אין איין שטאָט האָט מען אָפּגעקליבן פון אונדז אַ גאַנצע גרופּע און מען האָט אונדז געהייסן גראָבן אָקאָפּעס. דאָס איז געווען אין קיעוו, ביים דניעפּער. די דייטשישע עראָפּלאַנען האָבן אונדז אויסגעפונען און האָבן אונדז באַהאָגלט מיט שטאַרקע פייערן. איך שטיי אין אַ גרוב, און ניט ווייט פון מיר אין דער גרוב איז אַריינגעפאַלן אַ באָמבע, ווען איך האָב זיך אַרומגעקוקט האָב איך דערזען אַ באַרג פון צעריסענע גוּ־פים. מיר איז אָבער באַשערט געווען צו בלייבן לעבן, לויפן ווייטער, אַלץ איבערלעבן און דערציילן די דאָזיקע זכרונות.

אין טשעלאַבינסק איז געווען דער צעטייל־פּונקט. דאָרט איז דער גרעס־טער טייל עוואַקואירטע אָפּגעשיקט געוואָרן אין מיטל־אַזיע; אַ טייל עשאַ־לאָנען זיינען אויך אַוועקגעשיקט געוואָרן אויפן אוראַל.

איך, פאַרשטייט זיך, האָב באַשלאָסן צו פאָרן אין אוראַל, קיין סווערד־לאָווסק צו מיין מאַמען. איך האָב איבערגערעדט צוויי יונגעלייט, איינעם אַ געוויסן ראַבינאָוויטש פון באַראַנאָוויטש און אַ צווייטן מיטן נאָמען יהושע פון נאָוואָגרודעק אַז זיי זאָלן פאָרן ווייטער מיט מיר צוזאַמען אויפן אוראַל און דאָרטן וועלן מיר זיך טרעפן מיט מיין מאַמען וואָס איך האָב שוין צוויי און צוואַנציק יאָר ניט געזען. זיי האָבן זיך געלאָזן אַנריידן ווייל מיר האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן צוזאַמען אין די שווערסטע מאָמענטן פון אונ־דזערע וואַנדערונגען. און אַזוי זיינען מיר די דריי יונגע מענטשן, באָוואָקסענע, אָפּגעריסענע, און מיט טויט שרעק אין די אויגן אָנגעקומען סוף יוני אין דער שטאָט סווערדלאָווסק.

עס איז געווען באַגינען. דאָס האַרץ הייבט אָן האַסטיקער צו קלאַפּן און עס באַהערשן מיך מאָדנע געפילן; איך בין שוין אין דער שטאָט וווּ עס גע־פינט זיך מיין מאַמע — קיין אַדרעס אָבער האָב איך ניט, ווייל מיין גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ מיט איר איז געווען אויף „פּאָסט רעסטאַנט", אין דער פער־צנטער פּאָסט־אָפּטיילונג. מיר באַשליסן צווישן זיך אַז מיר זאָלן גיין אין דער

דאָזיקער פּאָסט־אָפּטיילונג און דאָרטן וועלן מיר זיך אפשר דערוויסן איר אַדרעס. אין פּאָסט האָט מען אונדז אויפגעקלערט, אַז אין שטוב וועלן מיר איר געוויס איצט ניט טרעפן, ווייל זי איז איצט ביי דער אַרבעט און זיי האָבן אונדז געגעבן דעם אַדרעס פון דעם פּאָליקליניק וווּ זי איז באַשעפטיקט.

ווען מיר זיינען אַהין געקומען האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גאַנצן קאָמבינאַט פון בנינים, וואָס פאַרנעמט אַן אומגעהייערן שטח. אין דעם דאָזיקן פּאָליקליניק, אין דעם גינעקאָלאָגישן אָפּטייל געפינט זיך דאָרטן מיין מאַמע וואָס איך האָב גאַנצע 22 יאָר ניט געזען.

אַ דאַנק איר גרויסער פּראַקטיק פון אַזוי פיל יאָרן, און צוליב אַ סעריע שטודיומס וואָס זי האָט שפּעטער דורכגעמאַכט האָט זי געהאַט דעם טיטל „וראַטש גינעקאָלאָגאַ" און פלעגט אויפנעמען קראַנקע אין אַ קאָנסולטאַריע.

מיר, די דריי חברים האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אין דעם פּאַרק וואָס געפינט זיך פונקט אַנטקעגן דעם פּאָליקליניק און האָבן אָנגעהויבן צו טראַכטן ווי אַזוי מיר זאָלן אָרגאַניזירן די באַגעגעניש מיט מיין מאַמען.

ליבע לייענער: פון מיין פריסטער קינדהייט אָן, איז מיין גאַנצער אינטע־רעס געווען אַרויסצוברענגען דראַמאַטישע שפּאַנונגען אין טעאַטער, אין קליינקונסט, אין רעציטאַציעס האָב איך שטענדיק זיך באַמיט אַלץ אַליין איבערלעבן און אַרויסברענגען דאָס איבערגעלעבטע. אָבער די געפילן וואָס איך האָב דורכגעלעבט אין יענע מאָמענטן פון מיין אייגענער דראַמע, וואָס הייסט „די באַגעגעניש מיט מיין מאַמען". דאָס קען איך בשום אופן ניט אַרויסברענגען. נישט אַלע איבערלעבונגען לאָזן זיך באַשרייבן.

מיר האָבן באַשלאָסן דעם וויטערדיקן פּלאַן: מיין חבר יהושע וועט אַריינגיין אין פּאָליקליניק און וועט זיך פרעגן אויף מיין מאַמען, איך מיט ראַבינאָוויטשן וועלן בלייבן זיצן דאָ אויף דער באַנק. ווען ער וועט זיך מיט איר טרעפן, וועט ער איר זאָגן, אַז איר זון דאָדיע געפינט זיך שוין אין סווערדלאָווסק, אָבער ער האָט געמוזט דערלידיקן געוויסע ענינים אויפן וואָקזאַל. אין אַ האַלבער שעה בערך איז יהושע געקומען צוריק אין פּאַרק און ער האָט מיר איבערגעגעבן: — איך האָב נאָר וואָס געזען דיין מאַמען; זי זעט אויס זייער גוט, און ווען אַלע דאָקטוירים און מיטאַרבעטער האָבן זיך דערוווסט, אַז דער זון פון ראַיסאַ זאַבלודאָווסקאַיאַ וואָס האָט אים ניט געזען גאַנצע 22 יאָר, איז געקומען אַהער צו פאָרן און געפינט זיך שוין אין סווערדלאָווסקי, האָבן זיי איר אַרומגערינגלט און אַלע זיינען געווען שטאַרק עמאָציאָנירט פון דער דאָזיקער געשעעניש. אייער מאַמע — האָט דערציילט יהושע — איז געוואָרן שטאַרק נערוועז, אומגעדולדיק און מען האָט זי קוים באַרואיקט. גלייך האָט מען איר באַפרייט פון דער אַרבעט און באַלד וועט זי זיין דאָ מיט מיר, זי וועט מיר וויזן וווּ זי וווינט אויף דער גאַס

שענקמאַן. איך האָב אָפּגעמאַכט מיט אייער מאַמען, אַז דערנאָך וועל איך גיין כלומרשט אויפן וואָקזאַל אייך ברענגען און מיר וועלן קומען צו איר אַ היים און דאָרטן וועלן מיר זיך באַגעגענען.

און אַזוי איז טאַקע געווען. איך זיץ מיט ראַבינאָוויטשן אויפן באַנק אין פּאַרק און יהושע גייט פאַרביי אַ צען טריט פון אונדז מיט מיין מאַמען. איך באַטראַכט מיין מאַמען און איך זע פאַר זיך אַ שלאַנקע פרוי, גאַנץ נעט אָנגעטאָן, מיט אַ קליין וואַליזקעלע אין האַנט. איך וויל זיך אַ הייב טאָן פון אָרט און צולויפן צו איר מיט אַ געשריי: מאַמע! אָבער ראַבינאָוויטש האַלט מיך איין און יהושע גיט אַ ווונק צו מיר, ווי איינער רעדט: דאַדיע, שפּיל גוט דיין ראָל. מיין מאַמע גייט פאַרביי, איך זיץ און איך וואַרף זיך אין קאָנוווּלסיעס און ספּאַזמאַטישע שלוכצן רייסן זיך פון מיין האַרצן...

יהושע איז דערנאָך צוריקגעקומען אונדז נעמען צו מיין מאַמען. מיר גייען אַלע צוזאַמען צו איר אין צימער. מיין מאַמע וואַרט שוין אויף אונדז. אינסטינקטיוו זיינען מיר צוגעפאַלן איינער צום אַנדערן... איך מוז נאָך אַ מאָל באַטאָנען אַז גאָר אָפט קען מען ניט באַשרייבן די אייגענע געפילן. איך האָב נאָר געשלוכצט און מיין מאַמע, געדענק איך, האָט אַלע מאָל שעפּ־טשענדיק איבערגעחזרט: „וואָס איז מיט דיר, דאָדיעלע? וואָס איז מיט דיר. ווי זי האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן האָט זי זיך זייער דערשראָקן פאַר מיין גייסטיקן צושטאַנד, זי האָט זייער מורא געהאַט אַז איך זאָל פון זינען ניט אַראָפּ.

עטלעכע טעג זיינען מיר אַלע צוזאַמען געווען ביי מיין מאַמען אין צימערל. דאָרטן האָבן מיר געגעסן, געטרונקען און מיר זיינען געשלאָפן. שפּעטער האָבן מיינע צוויי חברים געקריגן עפּעס אַן אַרבעט און זיינען אַוועק ערגעץ אַנדערש וווינען. דערנאָך זיינען זיי געוואָרן מאָביליזירט. אין די ערשטע חדשים האָב איך נאָך געקריגן פון זיי בריוו אָבער שפּעטער האָב איך פון זיי מער ניט געהערט.

איך געפין זיך ביי מיין מאַמען. זי טיילט זיך מיט מיר מיטן ביסן. עס הייבט זיך אָן די ראַציאָנאַליזאַציע פון שפּייז. אַלע ווערן מאָביליזירט. אויך איך ווער מאָביליזירט אויף אַרבעט אין אַן אַנדער שטעטל, זעקס שעה רייזע פון סווערדלאָווסק. איך אַרבעט ביי שניידן האָלץ אין די וועלדער און דער־נאָך ווער איך מאָביליזירט צו אַרבעטן פריער אין אין מיליטערישן זאַוואָד דערנאָך אין אַ צווייטן. מע אַרבעט זייער שווער, 12 שעה אַ טאָג. במשך פון אַ גאַנצן חודש גיט מען אונדז בלויז נאָר איין אָפּרו־טאָג. דאָס עסן איז זייער אָרעם, עס באַשטייט פון אַ שטיקל ברויט און אַ שיסעלע פאַסטנע זופּ.

איין מאָל, ווען איך האָב געאַרבעט ביים אָנלאָדן שווערע קאַסטנס אין די וואַגאָנען האָב איך זיך פאַרקילט און געוואָרן זייער שטאַרק קראַנק. איך

בין געוואָרן זייער אויסגעדאַרט און דאָס בלוט איז ביי מיר קאַליע געוואָרן. די קראַנקהייט איז געווען אַ מין דיפטעריע. עס זיינען מיר אַרויס געשווירן אין האַלדז, און מען האָט זיי מיר געדאַרפט עפענען. איך בין שיר ניט דער־שטיקט געוואָרן, איך האָב אָבער אַלץ גובר געווען. מיין מאַמע איז אַראָפּ־געקומען, זי איז געשטאַנען ביי מיין קראַנקן־בעט אין שפּיטאָל מיט פאַר־בראָכענע הענט און האָט געוויינט. זי אַליין איז שוין אויך געווען זייער שטאַרק קראַנק. זי האָט געטראָגן די באַצילן פון טובערקולאָז אין אירע לונגען. נאָכן געזונט ווערן, ווער איך צוגעטיילט צו דעם קלוב פון דעם זאַוואָד צו שפּילן טעאַטער אין רוסיש. איך רעציטיר, איך נעם אַנטייל אין פאָרשטעלונגען און איך באַקום איצט בעסערע מעגלעכקייטן זיך אויסצוהאַלטן. פון צייט צו צייט באַקום איך אַ דערלויבעניש צו פאָרן זען מיין מאַמען אין סווערדלאָווסק און איך פיר איר אַוועק אַ ביסל שפּייז און איך לאָז איר אויך איבער אַ פּאָר רובל. זי איז אָבער געוואָרן אַלע מאָל מער אויסגעדאַרט און זי האָט געדאַרפט ספּעציעלע באַשפּייזונג.

איין מאָל ווען איך בין געקומען זי באַזוכן זאָגט זי צו מיר:

— דאָדיעלע, זייער גוט וואָס דו ביסט געקומען. איך בין געפערלעך קראַנק. זע, באַטראַכט מיין בויך! אוןווירקלעך — דער קערפּער איז אויסגע־דאַרט און דער בויך איז אין גאַנצן אָנגעשוואָלן.

איך האָב פאַרגעסן פריער צוצוגעבן, אַז איר שוועסטער, מיין מומע מערי, מיט וועלכער זי איז דעמאָלט אַוועקגעפאָרן פון ווילנע האָט געוווינט מיט איר משפחה עטלעכע קוואַרטאַלן פון מיין מאַמען. איר מאַן איז שוין געווען געשטאָרבן און זי האָט געוווינט צוזאַמען מיט אירע קינדער.

אין דעם שפּיטאָל ווו זי האָט אַ לעבן אָפּגעאַרבעט, איז מיין מאַמע געלעגן קרוב צען חדשים. איך פלעג אָפט קריגן אַ דערלויבעניש פאָרן זי זען. די דאָק־טוירים האָבן געהאַלטן אַז דער טובערקולאָז איז איר אַריין אין די געדערים און כדי צו שטעלן דעם ריכטיקן דיאַגנאָז האָט מען באַשלאָסן זי אָפּערירן. אין איינעם אַ טאָג, קריג איך אַ בריוו פון מיין מומען מערי, ווו זי שרייבט מיר אַז מען האָט מיין מאַמען אָפּערירט און מען האָט פעסטגעשטעלט אַ קאַנסער אין אירע געדערים. צוויי וואָכן פאַר איר טויט האָב איך זי באַזוכט צום לעצטן מאָל, איך בין געזעסן ביי איר בעט, זי האָט מיר געהאַלטן ביי די הענט, געקוקט מיר אין די אויגן און צו מיר געזאָגט:

— דאָדיעלע, מער ווי צוויי וואָכן וועל איך ניט לעבן!

דאָס איז שוין געווען אין יאָר 1946, נאָך דער וועלט־מלחמה. דעמאָלט איז שוין געהאַט אַרויס דאָס געזעץ, אַז אַלע פּוילישע בירגער קענען פאָרן צוריק קיין פּוילן. און די מאַמע זאָגט מיר:

— דאָדיעלע, אויב דו האָסט נאָך ניט דערליידיקט דיינע אַלע פאָרמאַליטעטן טאָ גיי דערליידיק זיי גיכער און פאָר צוריק אין פוילן. דערנאָך וועסטו קענען צופאָרן צו דיינע קוזינס אין מעקסיקע, וועסט קענען זיין ביי דיין פעטער נחמן אין אַמעריקע, אָדער ביי דיינע קוזינס די צעסלערס אין אַרגענטינע, ווייל דו האָסט נאָך גאָרניט געלעבט.

דאָס זיינען געווען די לעצטע ווערטער וואָס איך האָב געהערט פון מיין מאַמען.

פונקט צו די צוויי וואָכן, אַרום דעם צענטן מאַרץ 1946 האָב איך באַקומען אַ טעלעגראַמע פון מיין מומע מערי: — קום צו פאָרן, די מאַמע איז געשטאָרבן!

באַגינען בין איך אָנגעקומען אין סווערדלאָווסק. מיין מומע מערי דערציילט מיר מיט אַלע פרטים, ווי זי האָט איר פאָרויסגעזאָגט גענוי די שעה אַפילו ווען זי וועט שטאַרבן. מיר גייען ביידע אין שפיטאָל, אין „מאָרגעקעלער" אָפצוזוכן און צו דערקענען דעם טויטן קערפער פון מיין מאַמען. און אַזוי גייענדיק צווישן די רייען פון די טויטע פאַרפרוירענע קערפערס, דערזע איך פלוצלונג מיין טויטער מאַמען. איך בין געבליבן שטיין מיט פאַרבראָכענע הענט און איך האָב געקוקט אויפן אויסגעדאַרטן קערפער אירן און אויף דעם אויסגעקרימטן מויל פון מיין מאַמען:

גאָט מיינער! דאָס איז מיין מאַמע. די שיינע „רייע די אַקושערקע", וואָס זאַבלודאָווער ווייבער פלעגן מיך אָפשטעלן און זאָגן אַז ווען זיי פלעגן נאָר אַ קוק טאָן אויף איר שיינעם פנים און ווייסע הענט האָבן זיי גלייך געהאַט דאָס קינד, אָן קיין שום ווייען...

מיין קוזינע אַנאַ מיט איר מאַן זיינען אַוועק צו דערליידיקן די לוויה פאָרמאַליטעטן און אין דעם זעלבן טאָג איז זי געקומען צו איר אייביקער רו.

אין אַ אָפענעם אויטאָבוס איז געשטאַנען דער אָפגעדעקטער קאָסטן פון מיין מאַמעס טויטן גוף. דער אויטאָבוס איז געפאָרן פאַמעלעך, טריט ביי טריט איבער די פאַרשנייטע גאַסן פון סווערדלאָווסק. אַ דראָבנער שנייעלע האָט געשאָטן. גלייך נאָך דעם אויטאָבוס בין איך נאָכגעגאַנגען און האָב געפירט אונטער דעם אָרעם מיין מומען מערי. הינטער אונדז זיינען נאָכגעגאַנגען אַלע מיטאַרבעטערס און אָנגעשטעלטע פון דער פאָליקליניק מיט וועלכע זי האָט אַזוי פיל יאָרן געאַרבעט צוזאַמען. עס זיינען אויך געקומען צו דער לוויה אַ סך פריינד און באַקאַנטע וואָס די מאַמע מיינע האָט זיך דערוואָרבן ביי איר לעבן.

און אַזוי איז דער לוויה־צוג אָנגעקומען צו דעם צענטראַלן בית־עולם פון סווערדלאָווסק ווו עס געפינט זיך אָפגעצאַמט אַ ספּעציעלע אָפטיילונג פאַר יידן. ווען מען האָט דעם אָפענעם אָרון אַוועקגעשטעלט לעבן קבר האָבן די באַגרעבערס געפרעגט צי מע וויל ניט אַ לעצטן קוק טאָן אויף דער

נפטרת איידער דער אָרון ווערט פאַרקלאַפּט מיט טשוועקעס. איך גיב אַ קוק אויף מיין מאַמען און זי איז אין גאַנצן געענדערט אויך מיין מומע מערי גיט דעם לעצטן קוק אויף מיין מאַמען און זי פאַלט אין חלשות, מען מינטערט זי קוים אָפּ.

ביים אָפענעם קבר איז איר מספיד אַ יונגע דאָקטערשע וואָס האָט געאַר־בעט מיט איר צוזאַמען אין דער זעלבער אָפּטיילונג:

— „טייערע חברטע! זאָגט זי, איך געזעגן זיך מיט דיר אויף אייביק אין מיין נאָמען און אין נאָמען פון אַלע דיינע חברים און חברטעס מיט וועלכע דו האָסט געאַרבעט אַזוי פיל יאָרן. דיין גרויסע פּראַקטיק און דיין הומאַניטאַ־רער צוגאַנג צום קראַנקן איז געווען פאַר אונדז אַ מוסטער פון וועלכן מיר האָבן אַזוי פיל געלערנט. מיר וועלן דיך קיין מאָל ניט פאַרגעסן. און צו מיר האָט זי זיך געווענדעט:

— דאַוויד יאָסיפאָוויטש! איר פאָרט דאָך צוריק אין פּוילן, טאָ פאָרט געזונט, מיר וועלן אייער מאַמען שטענדיק געדענקען און מיר וועלן טראָגן בלומען אויף איר קבר.

ביים פאַרשיטן דעם קבר האָט זיך דערנענטערט פּלוצלונג אַ מיטליאָרי־קער מאַן. — ווי מיין מומע האָט מיר דערנאָך דערציילט, איז ער געווען אַ ייד — אַן אינזשיניער פון מיין מאַמעס נאָענטן קרייז באַקאַנטע. ער האָט פאַר־נאַנדערגעוויקלט אַ פּעקל און האָט אַרויסגענומען פאַרשיידענע — פון פריער צוגעגרייטע — שטאַבעס, אייזנס, שרייפלעך, און האָט אָנגעהויבן עפּעס מאָנ־טירן ביז עס האָט זיך אויסגעפורעמט אַ מין מצבה אין דער פאָרעם פון אַ מגן־דוד. אין מיטן פון דער מצבה זיינען געווען די איניציאַלן פון דעם נאָ־מען און פאַמיליע פון מיין מאַמען.

פאַרן אַוועקגיין וואַרף איך אַ לעצטן בליק אויף דעם פרישן קבר פון מיין מאַמען — די טאָכטער פון אַ דינאַסטיע צדיקים און רבנים, וואָס איז איצט באַערדיקט געוואָרן ווייט פון איר היים אויפן סווערדלאָווסקער בית־עולם מיטן מגן־דוד, דער אייביקער סימבאָל פונעם יידישן פאָלק.

אין דריי וואָכן אַרום בין איך אָפּגעפאָרן צוריק קיין פּוילן מיט אַ סך רעפּאַטריאַנטן. מיין ערשטער פונקט, וווּ איך האָב זיך אָפּגעשטעלט איז גע־ווען לובלין. דאָרטן בין איך געווען אַ פּאָר חדשים און האָב זיך אַ ביסל איינ־געלעבט מיט דער טרויעריקער און טראַגישער ווירקלעכקייט. שפּעטער פאָר איך אַריבער אין לאָדזש און דאָרטן טרעף איך זיך מיטן ביאַליסטאָקער אַר־טיסט יהודה גרינהויז, וואָס איז מיט יאָרן שפּעטער געשטאָרבן אין אויסטראַ־ליע. די גאַנצע צייט האַלטן מיר זיך צוזאַמען און שפּילן טעאַטער פאַר די געראַטעוועטע רעשטלעך פון אונדזער פאָלק. מיר באַשליסן אָבער צו פאָרן קיין ביאַליסטאָק — אונדזער היימשטאָט — די עיר ואם בישראל, ביאַליסטאָק

וואָס האָט ניט לאַנג געהאַט איבער זיבעציק טויזנט יידישע איינוווינער, איז טויט, חרוב און וויסט. פון אונדזער פאַרצווייגטער גרויסער פאַמיליע האָב איך קיינעם ניט געטראָפן; עס איז קיין זכר ניט געבליבן. איך דערוויס זיך פרטים פון מיינע אייגענע: מיין פעטער חיים־צבי ז״ל איז געפאַלן אין גאַס פון הונגער און שוואַכקייט; מיין פאָטער ז״ל איז אויסגעגאַנגען אין געטאָ־שפּיטאָל. זיי זיינען געווען די איינציקע צוויי, וואָס האָבן נאָך געהאַט דאָס „גליק״ צו שטאַרבן מיט זייער נאַטירלעכן טויט און אויסמיידן די מיתות משונות.

די איבעריקע קרובים און משפּחה־מיטגלידער זיינען אומגעקומען אויף פאַרשיידענע אופנים. טייל פון זיי זיינען געווען צווישן די „שבתדיקע״, דאָס הייסט אַז אין אַ געוויסן שבת האָבן די נאַציס אַרויסגעפירט פון געטאָ אַ פינף טויזנט יונגע מענער אויסער דער שטאָט, זיי אויסגעשאָסן און אַריינגע־וואָרפן אין גריבער וואָס זיינען פון פריער צוגעגרייט געוואָרן.

די גאַנצע פאַמיליע פון מיין פעטער מאָטקע זאַבלודאָווסקי זיינען אומ־געקומען צווישן די הונדערט יידן, וואָס די בעסטיע פרידעל האָט אָפּגעקליבן ווי אַ נקמה דערפאַר וואָס דער ביאַליסטאָקער העלד מאַלמעד האָט ביי מיין פעטער אין שטוב אויסגעברענט אַ נאַצי די אויגן מיט וויטריאָל ווען מען איז געקומען אים נעמען.

מיין קוזין אהרון זאַבלודאָווסקי, אַ דענטיסט, דעם פעטערס חיימס יינ־גערער זון, אַ יונגערמאַן אַ קראַסאַוועץ. לאַנגיאָריקער שאַכמייסטער פון ביאַ־ליסטאָק איז פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט אין דער גרויסער שול צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע קדושים וטהורים.

אַנהייב סוראַזער גאַס איז געבליבן שטיין גאַנץ דער מויער ווו עס האָט זיך געפונען די דירה פון מיין קוזין אַהרן ע״ה. אין אַ געוויסן טאָג בין איך דאָרטן אַריינגעגאַנגען און איך האָב דאָרטן געטראָפן וווינען זייערע אַ גע־וועזענע דינסט, אַ גויע און זי האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי די נאַציס זיינען אין איינעם אַ געוויסן פרייטיק אין דער פרי אַריין אין הויז און זיי האָבן פאַר־נומען מיין קוזין אַהרן, זיי האָבן אים אַוועקגעפירט אין שול אַריין, וואָס איז שוין געווען פול מיט מענטשן און שפּעטער האָבן זיי די שול אונטערגעצונדן און אַלע זיינען אומגעקומען.

די דינסט האָט מיר אויך דערציילט אַז ווען די נאַציס זיינען געקומען נעמען מיין קוזין אַהרן, האָט רחלע זיין פרוי, געבאַקן לאַטקעס, זי און דאָס קינד זייערע האָבן זיך אָנגעהויבן בעטן ביי די נאַציס, און וויינען אַז זיי זאָלן אים ניט מיטנעמען מיט זיך. אָבער די פאַרשאָלטענע רוצחים האָבן איר כלומרשט באַרואיקט, זאָגנדיק: „ער קאָמט באַלד ווידער צוריק!״

איך באַטראַכט די שטוב, איך קוק אויף דעם מעבל. דער אַדאַנטאַלאָ־גישער קאַבינעט איז געבליבן שטיין ווי געווען; דער אונטערשייד נאָר — זי, די דינסט איז איצט די באַלעבאָסטע.

איך האָב זיך דערוווסט אַז דער גרעסטער טייל פון די ביאַליסטאָקער יידן זיינען אומגעקומען אין די קאַלכאויוונס פון טרעבלינקע. דאָס ביסל געראַטעוועטע יידן וווינען אין שטאָטישן חקדש, ווו עס איז געוואָרן אַ רע־פּאַטריאַנטן־הויז. די ערשטע זאַך וואָס מיר הויבן אָן צו טאָן: מיר אָרגאַ־ניזירן אַ קרייז צום שפּילן טעאַטער און פאַרווייַלן די שארית־הפליטה.

שווער זייער שווער איז אונדז צו בלייבן וווינען אין דעם דאָזיקן עמק־הבבא. עס ווילט זיך אַנטלויפן פון דאַנען. עס דאַכט זיך אונדז, אַז פון יעדן ווינקעלע שרייט אַרויס דאָס אומשולדיקע בלוט פון אונדזערע פאַרפייניקטע ברידער און שוועסטער. שווער איז פאַר אונדז צוצוזען די עקסהומאַציע פון די צעשאָסענע העלדישע ביאַליסטאָקער אויפשטענדלער. אַלעמען פירט מען איבער אין ספּעציעלע מאַסן־קברים נאָענט פון בית־עולם.

איך באַשליס אַוועקצופאָרן פון דאַנען. איך פאַרבינד זיך מיט מיינע קרובים וואָס געפינען זיך אין פאַרשיידענע וועלט קאָנטינענטן, אָבער דער גורל איז געפאַלן אויף אויסטראַליע, ווו דער גרעסטער טייל געראַטעוועטע ביאַליסטאָקער זיינען אויפגענומען געוואָרן. אַ קנאַפּ יאָר בין איך געווען אין פּאַריז און געוואַרט אויף אַ שיף, מיט אַ מאָל באַקום איך אַ בריוו פון מיינע קוזינס די צעטלערס פון אַרגענטינע און פון נאָך אַ פּאָר חברים, אַז איך זאָל קומען אַהין. אָט אַזוי איז מיט אַ מאָל געענדערט געוואָרן דער פּלאַן און אין 1948 בין איך געקומען אין אַרגענטינע. עס זיינען מקויים געוואָרן מיין מאַמעס לעצטע ווערטער וואָס זי האָט מיר געזאָגט אויפן טויטנבעט, אַז מיינע קוזינס וועלן מיך אַריבערנעמען צו זיך.

דאָ אין אַרגענטינע האָב איך אויפגעבויט מיין היים; איך האָב אַ ליבע פרוי און צוויי טייערע קינדער — אַ זון און אַ טאָכטער. דער זון, יוסף, אַ נאָמען נאָך מיין פאָטער — ווערט אין גיכן אַכצן יאָר אַלט, מיין טאָכטער, נחמה־רייע נאָך מיין מאַמען, ווערט פופצן יאָר. זיי לערנען זיך זייער גוט און זיינען טעטיק אין דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג, מיט דער אידיי ממשיך צו זיין זייער ווייטערדיקן לעבנסוועג אין מדינת ישראל, און הלוואי זאָל איך נאָך זוכה צו זיין צו זען מיינע קינדער אין די רייען פון אונדזערע העלדישע ברידער און שוועסטער, די נייע מכבייער וואָס פאַרטיידיקן דעם כבוד פון אונדזער פאָלק.

מיט בערך פינף יאָר צוריק האָב איך באַזוכט מיינע טייערע קוזינס דוד און שמואל אין מעקסיקע מיט זייערע פאַמיליעס. די דאָזיקע פריידיקע זעקס וואָכן וועלן אייביק בלייבן איינגעקריצט אין מיינזכרון. פון מעקסיקע בין איך

געפאָרן קיין ניו־יאָרק. מיין פעטער נחמן האָט שוין ניט געלעבט, אָבער זיין פאַמיליע האָב איך געטראָפן און זיי האָבן מיך זייער פריינדלעך אויפגענומען. איך האָב אויך געטראָפן אַ סך יוגנטפריינד און חברים אין מעקסיקע און ניו־יאָרק און איך בין אויפגעטראָטן מיט עטלעכע וואָרטקאָנצערטן. דער פּרעכטיקער יישוב אין מעקסיקע האָט אויף מיר איבערגעלאָזט אַן אומפאַר־געסלעכן איינדרוק.

מיט דעם פאַרענדיק איך מיינע באַשיידענע זכרונות און פאַרצייכע־נונגען. זאָלן זיי זיין אַ ביישטייער צו דעם בוך „פאַרגאַנגענע יאָרן" — דעם מאָנומענט, וואָס מיין קוזין דאָדיע פון מעקסיקע, ר' דוד זאַבלודאָווסקי גיט אַרויס, ווי אַזוי מיר האָבן אין דעם דור וואָס אונדז איז באַשערט געווען צום לעבן דורכגעמאַכט דעם גרעסטן חורבן פון אונדזער פאָלק און אויך דערלעבט די גרויסע היסטאָרישע געשעעניש צו באַקומען אונדזער אומאָפּהענגיקייט אין מדינת ישראל.

**יהושע ראַפּאָפּאָרט** (מעלבורן, אויסטראַליע)

# מידת הדין און מידת הרחמים
## מיינע טאַטע-מאַמע

(אַרויסגענומען פון דער „ביאַליסטאָקער שטימע״, ניו־יאָרק)

דער באַוווּסטער עסעאיסט און ליטעראַטור־קריטיקער יהושע ראַפּאָפּאָרט, וואָס לעבט אין אויסטראַליע, באַשרייבט דאָ אויף אַ שטאַרק רירנדיקן אופן זיינע באַרימטע טאַטע־מאַמע און זייער הויז וואָס איז געווען אַ שטוב פון לומדות, בילדונג, השכלה און צדקה. צום באַדויערן זיינען שוין מער ניטאָ אַזעלכע שיינע יידן און אַזעלכע גאַסטפריינדלעכע הייזער וואָס זיינען געווען אמתע גייסטיקע פעסטונגען.

אַגב, זאָל דאָ געזאָגט ווערן אַז איך בין געווען זייערער אַ נאָענטער מחותן און איך האָב אַלעמען גוט געקענט. מיינער אַ ברודער האָט חתונה געהאַט מיט יהושע ראַפּאָפּאָרטס אַ שוועסטער יאָכקע, וואָס איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע קדושים.

ד. ז.

⁂

אַ מאָל, אַז עס פּלעגן אַוועקגיין פון דער וועלט אַזעלכע סאָרט עלטערן פּלעגט עס זיין אַ פּערזענלעכער פאַרלוסט און עס פּלעגן טרויערן די פאַמיליע, נאָענטע, פריינד און באַקאַנטע. היינט אָבער, אַז עס גייט אַוועק אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע וואָס האָבן פאַרמאָגט הינטער זיך דורות יידישע קולטור — איז דאָס אַ נאַציאָנאַלער שאָדן, אַ פאָלקספאַרלוסט, ווייל אַזעלכע זיינען דאָך אַזוי וויניק געבליבן און קיין פרישע קומען ניט צו, און וואַקסן ניט אַזוי גיך, ווייל דער וואַלד איז גרינטלעך אויסגעהאַקט און אויסגעריסן געוואָרן מיט די וואָרצלען און דער באָדן — אויסגעקאָרטשעוועט און צעאַקערט...
מיין מאַמע האָט געהאַט די זכיה צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, אַ שטיק צייט פאַרן חורבן. מיין פאָטער ז״ל איז אויך געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין ירושלים, אָבער שוין נאָך דעם, ווי ער האָט אויסגעטרונקען פון דער ווייטנס דעם גאַנצן ביטערן בעכער פון אונדזער חורבן. מיין טאַטע איז פון דער נאַטור געווען אַ שווייגער. האָט ער אין די דאָזיקע ביטערע יאָרן זיינע, אויך געשוויגן, אָבער ער האָט זיך געפּייניקט און געליטן אינע־ווייניק, זעענדיק פון דער ווייטן ווי זיינע זין און טעכטער, איידעמס און שניר, אייניקלעך און אַנדערע פון זיין פאַרצווייגטער משפחה און קרובים

ווי אויך כל ישראל (וואָס דאָס איז פאַר אים ניט געווען גלאַט אַ וואָרט) האָבן געברענט און געפלאַקערט אין די קאַלכאויוונס.

עס ווילט זיך געבן אַ קליין בילדל פון מיין טאַטן און פאַר איין וועגס אויך פון מיין מאַמען, וואָס אין זייביידן האָט זיך אַזוי בולט פאַרקערפּערט און זיך אויסגעלעבט די בעסטע טראַדיציעס פון די אַמאָליקע איינגעפונדע־וועטע אייגנשאַפטן פון די מזרח־איראָפּעישע יידן. פון דעם ערשטן מאָמענט אַן ווען איך האָב אָנגעהויבן שטודירן מיין שטוב ווו איך בין געבוירן געוואָרן און זיך געהאָדעוועט, האָט זיך מיר געגלוסט רופן מיין טאַטן „מידת הדין" און מיין מאַמען „מידת הרחמים". מען טאָר אָבער ניט מיינען אַז מיין טאַטע האָט ניט פאַרמאָגט קיין רחמים, אָדער אַז מיין פרומע מאַמע ז"ל האָט ניט געהאַלטן פון קיין דינים: איך וויל אָבער דערמיט זאָגן אַז ווען רחמנות האָט זיך געשטעלט אין וועג פון אַ דין, פלעגט מיין טאַטע אונטערדריקן זיין רחמנות אָבער מיין מאַמע פלעגט דעמאָלט פאַרקוקן אויף אַ דין און פלעגט אַרויסרוקן דאָס געפיל פון רחמנות.

מיין זיידע ר' משה הכהן־ראַפּאָפּאָרט איז געווען גוט באַקאַנט ביי אונדז אין שטאָט ער איז געווען אַ גרויסער למדן אַ ירא שמים און הדרת פנים און טאַקע אויך אַ נגיד. אַמאָליקע יאָרן האָט מען ניט פאַרקויפט צוקער אין די שפּייז־קראָמען, נאָר דאָס איז געווען אַ באַזונדער אַרטיקל. האָט מיין זיידע געהאַט אַ צוקערקראָם. עס פלעגט אים אָנקומען פון קיעוו הויכע היטל צוקער און שמאָלע קאַסטנס ציגעלעך־צוקער. דער אָנגעשטעלטער איז גע־ווען אַ ייד אַ חסיד און כאָטש מיין זיידע איז געווען אַ מתנגד, איז צווישן זיי ניט געווען קיין שטאַרקע מחיצה. אויפן הויף האָט געוווינט נאָך אַ חסיד, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שייכות צום געשעפט אָבער צו פורימדיקע סעודות האָט ער שוין געהאַט גאָר אַ גרויסע שייכות.

מיין טאַטע האָט איבערגענומען בירושה פון זיידן, אויסער דאָס קליינע מויערל אויך אָט די צוויי חסידים, וועלכע פלעגן אַ גאַנץ יאָר זיין גוטע פריינד, כמעט מיטגלידער פון אונדזער משפחה, אָבער פורים פלעגן זיי קערן וועלטן; זיי פלעגן אַראָפּקומען מיט זייער גאַנצער חברהיה און מיר קינדערע פלעגן פאַרוווּנדערטע און דערשטוינטע זיך צוקוקן ווי צווישן איין פלאַש בראָנפן און דער צווייטער פלעגן זיי אויסטרינקען גאַנצע סאַמאָוואַרן טיי, איינעם נאָכן אַנדערן. מיר פלעגן אָנציילן אַז יעדער איינער פון זיי פלעגט אויסטרינ־קען צו פופצן־צוואַנציק גלעזער טיי. און מען דאַרף דערביי ניט פאַרגעסן אַז אונדזער שטוב איז ניט געווען ביי זיי די ערשטע און אויך ניט די לעצטע. ווען מיר פלעגן נאָך פורים זיך וווּנדערן און רעדן וועגן דעם פלעגט מען אונדז ניט אויפהערן צו דערציילן וועגן די אַמאָליקע פורימס ביים זיידן ע"ה אין שטוב, וואָס דאָרט פלעגט זיך אָפּטאָן און וואָס אָט דער הויכער, מעכטיקער

חסיד מיט זיין חבר פלעגן דאָרט אָפּקאָמאַנדעווען, אָבער דאָס איז שוין ניט געווען פאַר מיין געדענקען.

איך דערמאָן זיך נאָר עטלעכע פּסחדיקע סדרים, ביי מיין זיידנס טיש, ווי אַזוי דער זיידע האָט צוגעזאָגט גאָלדענע פינף רובל־שטיקלעך פאַרן גנבענען דעם אַפּיקומן, אָדער פאַר פרעגן שיין די קשיות. איך מיט מיין ברודער אלי פלעגן זיך איינטיילן מיט די פאַרדינסטן וועלכע מען האָט גע־סילוקט חל־המועד, פאַרשטענדלעך.

איך געדענק אויך דעם זיידן אַ פּאַראַליזירטן, ווי ער זיצט אין וואָלד אויף דער דאַטשע, מיט אַ ספר אין זיינע ציטערנדיקע הענט, און ווי אַזוי זיין געבילדעטע טאָכטער — שפּעטער אַ באַקאַנטע ציוניסטישע טוערין — האָט געמאַכט אַ פאַרשווערונג און אים פאָטאָגראַפירט עטלעכע מאָל אָן זיין וויסן און אָן זיין הסכמה באַטירלעך, ווייל ער האָט געהאַלטן הייליק פון פּסוק אין דער תורה „לא תעשה לך כל פסל".

מיין פאָטער האָט געקראָגן ביים זיידן אין שטוב, בלויז אַ רעליגיעזע דערציונג. אָבער ער פלעגט גלייכצייטיק קויפן שפּראַך־מעטאָדעס און אָן קיינעמס הילף, דורך די דאָזיקע לערנביכער זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן רוסיש און פּויליש. מען דאַרף פאַרצייכענען אַ זעלטענעם פאַל. ווען די פּאָלאַקן האָבן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איבערגענומען די שטאָט אין 1918 האָבן זיי מיין טאַטן פאַרגעלייגט אַ הויכע שטעלע אין דער אָרטיקער מלוכה־באַנק, ווייל ער איז דאַן געווען פון די געציילטע גוטע בוכהאַלטאַרן און אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן פון שטאָט, ווייל אויסער פּויליש האָט מיין טאַטע שוין דאַן געקענט אויך דייטש, פראַנצויזיש און ענגליש. עטלעכע שפּראַכן האָט ער ניט נאָר געקענט שרייבן, נאָר אויך רעדן. פאַרשטענדלעך, אַז מיין טאַטע האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די שטעלע, ווייל מען האָט דאָך געדאַרפט מחלל שבת זיין.

אויסערלעך איז מיין טאַטע געווען אַ זעלטענער שיינער מאַן. ווען איך בין שפּעטער געווען אין וואַרשע, פלעגט מיר דער באַוווסטער שרייבער ש. סטופּניצקי דערציילן, ווי אַזוי מיין פאָטער האָט אויסגעזען בחורויז, דאַן ווען ער איז אַראָפּגעקומען אין זיין סטופּניצקיס געבורטשטאָט ביעלסק, אַלס אַכצן־יעריקער איידעם פון ר' יעקב־מאיר לערמאַן. ווען ער פלעגט דורכגיין די גאַס — האָט מיר ש. סטופּניצקי איבערגעגעבן — פלעגן אַלע אים נאָכ־קוקן און זיך ממש שפּיגלען אין אים; ער האָט פאַרמאָגט אַ שיינעם, מילכווייסן פּנים, אָנגעטאָן עלעגאַנט, זויבער, די פיגור שלאַנק, און אויסגעפּוצטע פיינע שטיוועלעך אויף די פיס. ווען מיר פלעגן זיך טרעפן מיט אים טאָגטעגלעך אין בית־מדרש — דערציילט וויטער ש. סטופּניצקי — פלעגן מיר, די יינגערע בחורים, זיך צוקוקן און ניט אַראָפּנעמען פון אים די אויגן, און

די עלטערע, פלעגן פשוט מקנא זיין און זיך בענטשן מיט דעם דאָזיקן יונגן הדרת פנים און גוטן לערנער. היגטער די וואַנסעלעך זיינע פלעגט סטופּניצקי צוגעבן מיט אַ שמייכל — אָך, ווען אייער ביעלסקער זיידע זעט איך דאָ, וואָלט ער געוויס אויסגעשריען: — „שיעלע, וואָס טוסטו דאָ עפּעס אויף טלאָמאַצקע 13, אַ שיינער תכלית געוואָרן פון דיר!״.

נאָך דער חתונה, האָט מיין פאָטער קיין סך צייט ניט געהאַט צום לערנען. מען האָט געדאַרפט שלעפּן דעם יאָך פון פרנסה. אָבער אַז מען האָט געדאַרפט אויפזוכן עפּעס פון תלמוד, איז געגנוג געווען אים אַ פרעג צו טאָן. ער איז בליץ־שנעל צוגעגאַנגען צו דער ספרים־שאַפע, אַרויסגענומען מיט זיכערקייט אַ מסכתא, גלייך אויפגעמישט און אָנגעוויזן די געזוכטע שטעלע. וויפל מאָל עס איז מיר אויסגעקומען צו באַמערקן, האָט ער קיין איין מאָל ניט געדאַרפט אַרויסנעמען אַ צווייטע מסכתא אָדער זוכן אַ לענגערע ווײַלע, דאָס וואָס ער האָט געדאַרפט. מיין פאָטער האָט געהאַט אַ גרויסן אינטערעס אויך אין וועלטלעכע לימודים. זייט ביי זייט מיט דער גרויסער שיינער שאַפע וועלכע איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט ספרים, איז ביי אונדז געשטאַנען אויך אַ וואַכע־דיקע שאַפע מיט דייטשע, ענגלישע און פראַנצויזישע ביכער. רוסישע און פוילישע האָבן אים ניט צו שטאַרק אימפּאָנירט. אין דער צווייטער שאַפע האָבן זיך געפונען כמעט אַלע וויכטיקע קלאַסיקער פון דער וועלט־ליטעראַטור אין אָריגינאַל, ווי צ. ב. ש. שעקספּיר, וואָלטער, שילער, מאָנטעסקיו, און לעצטנס איינשטיינס נאַטור־וויסנשאַפט און אָן אַ שיעור אַנדערע וויכטיקע ביכער. דאָרטן זיינען אויך געווען תנכן אויף דייטש, פראַנצויזיש און ענגליש. דורך זיי האָבן מיין טאַטע זיך איינגעלעבט אין די פרעמדע שפּראַכן.

אָפט מאָל פלעגן קומען געבילדעטע יונגעלייט וועלכע האָבן געלערנט שפּראַכן, און דער טאַטע האָט זיי מיט פאַרגעניגן געליען ביכער. מיין טאַטע האָט געדענקט אויפן קאָפּ, אַלע גרויסע היסטאָרישע דאַטן פון דער וועלט־געשיכטע. רעכענען, שווערע מאַטעמאַטיק, איז געווען זיין ליידנשאַפט, און געווען איז ער טאַקע אַ גוטער מאַטעמאַטיקער.

אַ גרויסער פראַנצויזישער מאַטעמאַטיקער האָט געלאָזן אַ בוך, ווו ער האָט געוואָלט לייזן די פּראָבלעם פון דער עקוואַדראַטור פון קרייז. ער האָט דעם פּראָבלעם ניט געלייזט. אַ פראַנצויזישע אַקאַדעמיע האָט צוגעזאָגט אַ פּרייז פון הונדערט טויזנט פראַנק פאַר דעם, וואָס וועט פאַרענדיקן דאָס, וואָס דער באַרימטער מאַטעמאַטיקער האָט אָנגעהויבן. געדענק איך ווי גאַנ־צענע נעכט, איז מיין טאַטע געזעסן און פאַרשריבן אַ סך פּאַפּירן מיט מאַ־טעמאַטישע פאָרמולעס, און האָט אַ לאַנגע צייט געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט פּאַריז. ער האָט געוואָלט געווינען דאָן, די הונדערט טויזנט פראַנק. אין שטוב האָט מען זיך דעמאָלט שטאַרק געשראָקן פאַרן טאַטנס געזונט,

וועלכער האָט זיך אַזוי פיל אָנגעשטרענגט. אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט, און די נעכט ניט געשלאָפן. פאַרשטייט זיך, אַז מיין טאַטע האָט די פּראָבלעם ניט געלייזט, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע גרויסע מאַטעמאַטיקער האָבן עס ניט געלייזט. אָבער דעם ווילן און דאָס זוכן די מעגלעכקייט עס צום לייזן, באַווייזט ווי ליב ער האָט געהאַט און ווי שטאַרק ער איז געווען אין מאַטעמאַטיק.

אין אַ סך הינזיכטן איז מיין פאָטער געראָטן געווען אין אַ סך אַנדערע אַמאָליקע משכילים. אַליין זיך אויסגעלערנט שפּראַכן, זיך איינגעשאַפּט און געלייענט אייראָפּעישע קלאַסיקער, געקענט אויסגעצייכנט וועלט־געשיכטע און איבערהויפּט מאַטעמאַטיק. אויסגעשריבן פראַנצויזישע און ענגלישע צייטונגען אָבער די דאָזיקע השכלה האָט אויף קיין איין האָר ניט אָנגערירט זיין פרומקייט. די השכלה האָט ניט נאָר אים ניט אָפּגעריסן פון טראַדיציאָנעלן יידישן שטייגערלעבן, זי האָט לחלוטין ניט אָנגערירט און ניט באַווירקט זיין טיפן גלויבן, זיין עכטע פרומקייט. איך געדענק, ווי אין מיינע גאָר יונגע יאָרן האָב איך אַ סך געלייענט וועגן דעם ווילנער גאון און איך בין געווען אין גאַנצן אונטער דעם איינפלוס פון די אַלע לעגענדעס וואָס עס האָבן זיך געשאַפן אַרום דעם היסטאָרישן גאון, אויף אַזוי פיל, אַז איך האָב געהאַט אַ ווידערגעפיל און ניט געוואָלט לערנען קיין רוסיש. בין איך איין מאָל געקומען אין שטוב און געטראָפן ביים טיש אַ גאַנצע חברותא. בראש איז געזעסן מיין טאַטע, געהאַלטן אין האַנט אַ פראַנצויזישע צייטונג, דערציילט עפּעס און געלאַכט — ווייל בטבע האָט מיין טאַטע זייער ליב געהאַט אַ וויץ, אַ גלייכוווערטל. איך בין געוואָרן פול מיט צער און צאָרן; דער טאַטע לייענט פראַנצויזיש און מאַכט שפּאַס. וואָס וואָלט געזאָגט אויף דעם דער ווילנער גאון? איך בין אַריין אין מיין קינדערצימער, זיך געלייגט שלאָפן. ווען מיין מאַמע איז אַריין מיך צודעקן און געזאָגט אַ גוטע נאַכט, האָב איך זיך ניט געקענט איינהאַלטן: — ווי אַזוי קען דאָס דער טאַטע אין היינטיקע צייטן, לייענען גויאישע צייטונגען און שפּאַסן נאָך דערצו. די מאַמע האָט גליקלעך אַ שמייכל געטאָן, זיך צוגעזעצט אויפן ראַנד פון בעטל, אַ קוש געטאָן מיר אין שטערן, מיך באַרויקט און געזאָגט: — קינד מיינס! און גערעדט צו מיר אַזעלכע ווייכע און קלוגע רייד, ביז איך בין איינגעשלאָפן אַ גליקלעכער און אַן איבערגעבעטענער מיטן פאָטער.

⁂

און דאָ וועל איך לאָזן יהושע ראַפּאָפּאָרטן אַ מינוט שווייגן...

און איך דערמאָן זיך ווי דער מחותן אונדזערער, שיעלעס טאַטע, פלעגט קומען צו אונדז אין שטוב זייער אָפט צו גאַסט אָדער אויף אַ פאַמיליע־שמחה, און ווי ער פלעגט נאָר טרעפן ביי אונדז דעם פעטער מיינעם, יוסף זאַבלו־

דאָווסקי, דעם באַגאַבטן רעציטאַטאָר, פלעגט רבי זלמן ראַפּאָפּאָרטס שטענ־דיק ערנסטער פּנים ליכטיק ווערן און ער פלעגט בעטן דעם פּעטער, אַז ער זאָל עפּעס פאָרלייענען מען האָט געזען, ווי דער טייערער ייִד קען ניט איינ־זיצן רויק. לאַכט אויפן קול און שעפּט גרויס נחת פון שלום־עליכמס דער־ציילונגען.

שיע ראַפּאָפּאָרט דערציילט ווייטער:

⁂

אויף מיינע עלטערן איז געלעגן אויסגעגאָסן רעליגיעזיטעט, וואָס איך האָב אין מיין לעבן זעלטן געזען ערגעץ ווו; די רעליגיעזע שיינקייט האָט דורכגעדרונגען און באַלויכטן יעדן טאָט זייערן, פון דער גרעסטער ביז דער קלענסטער זאַך. דערביי אָבער האָט זיך קיין מאָל ניט געפילט אין שטוב די שווערע אַטמאָספער פון „וצדקתך", דאָס הייסט פון נישט קיין האַרמאָ־נישער און ניט קיין באַטירלעכער פרומקייט. איך וועל קיין מאָל אין מיין לעבן ניט פאַרגעסן — און ווי אַזוי קען מען דאָס גאָר פאַרגעסן — די שטי־מונג, וואָס האָט געהערשט ביי אונדז אין שטוב ערב יום־כיפור, ווען דער טאַטע מיינער פלעגט בענטשן די קינדער פאַרן גיין אין שול אַריין צו כל־נדרי. ווי שטיל, ווי פשוט, אָן שום געמאַכטער טעאַטראַלישקייט פלעגט ער אַרויפלייגן די הענט אויף אונדזערע קעפּ און קורץ געבענטשט אַלעמען, מער אין זיך ווי אויפן קול; די אויגן זיינע פלעגן פון דעם דאָזיקן מאָמענט אָן זיין קלאָר אַזוי ווי די תפילה זכה אַליין. זיי האָבן געקוקט אויף אונדז און זיין מויל האָט ער געריניקט צום תענית און צום הייליקן טאָג יום־כיפור. ער האָט געשעפּטשעט צו גאָט, וואָס איז געווען פאַר אים אַ סך נענ־טער און ווירקלעכער פאַר דער גאַנצער וועלט פון אַרום אים; וועגן וויכטיקער איז דאָך ניטאָ וואָס צו רעדן. און די מאַמע מיינע ע"ה פלעגט דעמאָלט שטיין ביי די ליכט, ביי די ייִדישע צניעותדיקע בענטשליכט, אַריינגעשטעלטע אין זעקס שיינע זילבערנע לייכטערס און עס האָבן זיך שטילגעגאָסן די תפילות פון איר מויל קוים צו הערן, בלויז פאַר גאָט, הייליקע ווערטער, און פון די אויגן — זיינען געפאַלן תפילהדיקע טרערן.

איך פיל נאָך איצט די אַטמאָספערע פון אונדזער שטוב אין יענע מאָ־מענטן, און נישט נאָר ווערט מיר מיין האַרץ צעריסן פון בענקעניש, נאָר איך באַטראַכט דאָס פאַרן גרעסטן ווונדער, וואָס מיר איז אויסגעקומען אי־בערצולעבן אויף דער וועלט, ווייל אַזוי פאַרוואַנדלען די וועלט און אַזוי פילן דעם טעם פונעם ייִדישן לעבן, ווי אמת פרומע ייִדן האָבן דאָס באַוויזן, האָט קיינער ניט געקענט.

און דאָ וועל איך אַ ווײַלע שיעלען ווידער לאָזן שוויַיגן און וועל עפּעס צוגעבן פון מיין זייט:

איך דערמאָן זיך, וואָס פאַראַ אַ רושם עס האָט געמאַכט אויף אונדז אַלעמען, ווען מיין ברודער לייזער ע״ה פלעגט ערב יום־כיפור קומען צו אונדז און דערציילן וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן איצט אין דער שטוב פון זיין ווייבס טאַטן. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָבן מיר זיך צוגעהערט צו דעם וואָס ער דערציילט, און טיף אין האַרצן האָבן מיר זיך געפילט שטאָלץ וואָס מיר פאַרמאָגן אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע שיינע מחותנים. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אונדזער מעקסיקאַנער סאָלאָמאָן קאַהאַן שטאַמט אויך פון דער זעלביקער משפחה...

און לאָמיר ווייטער איצט לאָזן דערציילן יהושע ראַפּאָפּאָרט:

.... און אַז עס איז געקומען צו רייד וועגן יום־כיפור, דערמאָן איך זיך ווי מיינער אַ יינגערער ברודער האָט באַלד נאָך בר־מצווה נישט געקענט אויסהאַלטן דעם ערשטן תענית און ער האָט אין מיטן טאָג געכאַפּט עפּעס אין מויל אַריין, און אַזוי ווי ביי אונדז אין שטוב האָט מען ניט געוווסט צו זאָגן קיין ליגן, האָט ער יום־כיפור ביי נאַכט עס אַליין דערציילט. ער האָט חלילה ניט געקראָגן קיין פּאַטש, ווי דאָס וואָלט פּאַסירט ביי אַנדערע פרומע עלטערן אין יענע יאָרן, אָבער עס איז דאַן געווען אַ שרעק צו קוקן אויף דעם פאָטער מיינעם. דאָס גאַנצע אויסזען זיינס האָט זיך געביטן און אַ שווערער צער האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים; די אויגן זיינע האָבן געברענט פון צאָרן און ווייטאָג, פון דעם חילול־הקודש. פון זיין מויל זיינען אַרויס ווערטער, וואָס זיינען געווען ערגער און ווי געטאָן שטאַרקער ווי הונדערטער פּעטש. נישט נאָר דער שולדיקער ברודער, נאָר מיר אַלע ביים טיש זיינען געבליבן זיצן מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און געפילט זיך פאַרשעמט פאַר דער פאַרשוועכטער הייליקייט. איך וואָלט איצט, אין דעם מאָמענט, ווען איך שרייב די דאָזיקע זכרונות, נישט געוואָלט אַז די מינדסטע קליינ־קייט זאָל ניט אַנטרונען ווערן און אַנטלויפן פון מיר.

אָט געדענק איך, איך בין געקומען פון בערלין צו גאַסט אַ היים, ביי נאַכט האָב איך געלייענט אַ בוך פון איינעם קאָהן, ווו עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ געוויסער קריטיק, אין אַ גאַנץ אײדעלן טאָן אויף יידישע יום־טובים און יידישע מנהגים. געוויינלעך פלעג איך זיך זייער שטאַרק היטן מיט דער מינדסטער קליינינקייט, וואָס האָט געקענט באַליידיקן די רעליגיעזע געפילן פון מיינע עלטערן. אָבער איך, ווי אויך די אַנדערע ברידער מיינע זיינען פאָרט ניט געווען פרום. מיר האָבן דאָס ניט געקענט פאַרבאַהאַלטן. און כאָטש עס האָט אונדז שטאַרק ווי געטאָן האָב איך דעם דאָזיקן צער נישט געקענט צונעמען ביי אונדזערע טאַטע־מאַמע.

ווען איך אַליין צום ביישפּיל האָב מיטגעאַרבעט אין דער ריגער צייטונג, האָב איך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן געוויסע יידישע דינים, וואָס זיינען

ניט צוגעפּאַסט פֿאַר דער הײַנטיקער צײַט. איך האָב יענע נאַכט אין ריגע ניט געקענט שלאָפֿן און גלײַך פֿאַר טאָג בין איך געלאָפֿן אין דער עקספּעדיציע פֿון דער צײַטונג און אַרויסגעכאַפּט דעם נומער מיט מײַן טאַטנס אַדרעס, ער זאָל ניט אָנקומען צו אונדז אין שטוב. אָבער דאָס מאָל האָב איך פֿאַרגעסן און איך האָב דעם דײַטשישן בוך פֿון קאָהנען געלאָזן אויפֿן טיש. אין דער פֿרי איז מײַן פֿאָטער אַרײַן צו מיר אין צימער, גענומען אין האַנט דאָס בוך, אַן עפּן געטאָן און גענומען לייענען. איך האָב זיך אין דעם מאָמענט אויפֿגעכאַפּט און דערזען דאָס בוך אין זײַנע הענט. איך האָב זיך געמאַכט ווײַטער שלאָפֿנדיק, אָבער איך האָב גוט באַמערקט ווי אויף זײַן פּנים האָט זיך אויסגעגאָסן אַן עקל. ער האָט גיך צוגעמאַכט דאָס בוך און מיט אַן אויסדרוק פֿון פֿאַראַכטונג און גרענעצלאָזן ביטול האָט ער אַ וואָרף געטאָן דאָס בוך אויפֿן טיש.

איך האָב עטלעכע טעג ניט געקענט קוקן מײַן טאַטן אין די אויגן. כ׳האָב געהאַט שטאַרק חרטה פֿאַר וואָס איך האָב געבראַכט אין שטוב אַרײַן אַ בוך מיט אַזאַ עקלדיקן שטות וואָס האָבן אָנגערירט מײַן טאַטנס הייליקסטע געפֿילן.

די פֿרומקייט ביי אונדז אין שטוב האָט געהאַט גאָר אַן אַנדער געשמאַק, זי איז געווען צניעותדיק, שטיל אָן העוויות, אָן געשרייען און אָן געזאַנגען. דעם טאַטנס קידוש איז געווען מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם טאָן, ערנסט און קאָנצענטרירט; קיין זמירות האָט מען ניט געזונגען ביים עסן, אָבער שבת נאָך שלש סעודות, ווען אין שטוב איז שוין געווען טונקל, ווען די שאָטנס פֿון דער וואָך האָבן זיך שוין אַראָפּגעלאָזן און גענומען פֿאַרטרינקען דעם געבענטשטן און הייליקן שבתדיקן באָדן, פֿלעגט דער טאַטע שטיל אויסזינגען מיט גרויס מתיקות דעם וואונדערבאַרן קאַפּיטל תהילים: „ד׳ רועי לא אחסר״. איך פֿלעג אָפֿט אויסמאַרקירן אַזוי, איך זאָל גראָד זײַן אין שטוב צו שלוש סעודות כדי צו הערן מיט מײַנע אויערן די דאָזיקע שיינע שטילע און דאָך געוואַלדיקע סימפּאָניע פֿון בענקשאַפֿט, פֿון גלויבן און בטחון, וואָס האָט אויפֿגעהאַלטן מיט אַן אײַזערנער רייף דעם ײִדישן קיום.

קיין שום סימפּאָנישער אָרקעסטער האָט נאָך קיין מאָל ניט פֿאַרמאָגט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל קענען אַרויסרופֿן אַזעלכע געפֿילן, אַזאַ געהויבענע שטימונג ווי ביים הערן די ווערטער „ד׳ רועי לא אחסר״. די גאַנצע בענקשאַפֿט פֿון אַ מענטשן, וואָס דערפֿילט אַז ער לעבט ניט אויף דער וועלט ווי אַ לעבעדיקער גולם, וואָס דער מעכאַניזם טרייבט אים. די גאַנצע בענקשאַפֿט פֿון די סאָרט מענטשן, וואָס איז דער פּועל־יוצא, דער אויסגאַנגסקוואַל, וואָס גיסט זיך אַרויס פֿון דער פֿעסטער רעליגיע, פֿון דער דיכטונג און טיפֿער מאָראַל און פֿון אַלץ וואָס איז באמת שיין און הייליק אין מענטשן,

און במילא פון דעם מענטשנס לעבן. אָט די בענקשאַפט האָט מען געפילט אין דעם טאַטנס טענער. עס האָט געברומט מיט ליבשאַפט און איינגעהאַל־טענערליידנשאַפט. איך באַדויער זייער, וואָס איך האָב דעמאָלט ניט פאַר־צייכנט עס אין נאָטן. און ווער ווייס, צי איך וואָלט זיי גאָר בכלל געקענט אַרויסברענגען אויף נאָטן־פּאַפּיר אין זייער גאַנצער ריינקייט און שיינקייט אַזוי ווי זיי ברומען און קוועלן אָן אין מיר אינעווייניק און צערייסן צייטנ־ווייז מיין האַרץ פון ווייטאָג און בענקשאַפט.

ווי איך האָב שוין געזאָגט, האָט ביי אונדז אין שטוב ניט געהערשט קיין שרייאיקע פרומקייט, נישט אין איר חסידישער פאָרעם און אויך נישט אין דער דורכאויס מתנגדישער פאָרעם. אָבער דערפאַר האָט אַרויסגעשיינט אין דער פירונג די ריינע נאַטירלעכע ערלעכקייט אָן קיין שום צומישונג פון געמאַכטער קינסטלעכער טעאַטראַלישקייט. זינט די זין זיינע זיינען גע־וואָרן פריי, פלעגט דער טאַטע בענטשן אַליין אָן אַ מזומן, בלויז ווען עס פלעגן זיצן ביים טיש נאָך צוויי זיכערע מיטבענטשערס פלעגט ער שוין אויף אונדז אויך כאַפּן אַ קוק און אונדז צוציען צום בענטשן. און דאָס איז געטאָן געוואָרן אין אַ פיינער, איידעלער פאָרעם, אָן שום ווערטער, אָן שום רייד, ווייל אַנדערש האָט עס גאָרניט געקענט זיין. און ווען מען פלעגט דאַרפן איינאָרדענען אַ מנין אין שטוב, פלעגט מען די זין ניט צורעכענען צו די צען. די ערשטע צום מנין האָבן געמוזט זיין יידן וואָס דאַווענען.

אָט די אַבסאָלוטע ערלעכקייט און אויסגעהאַלטנקייט אין מיין טאַטנס פרומקייט האָט מען געפילט ניט נאָר אין קליינינקייטן, נאָר אויך אין גאָר ערנסטע לעבנס־מאָמענטן האָט זי זיך ניט געוואַקלט אויף קיין איין האָר. איך דערמאָן זיך צום ביישפּיל דעם פרימאָרגן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן זיינען אַריי צו אונדז אין שטאָט, איז דער טאַטע געגאַנגען אין זיין בית־מדרש דאַווענען, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרניט געשען. אַ נאַכט פאַר דעם איז די שטאָט שטאַרק באָמבאַרדירט געוואָרן, צעיושעטע קאָזאַקן האָבן נאָך איצט ערשט געריסן דעם טויער, אַרויפצוקומען צו אונדז אויפן הויף. די גאַסן זיינען געווען טויט, אָפּגעשטאָרבן און ווו ניט ווו, זיינען געלעגן טויטע סאָלדאַטן — אָבער גיין דאַווענען אין בית־מדרש בציבור מוז מען, ווי קען דאָס אַנדערש זיין?

איך בין אַ מאָל געקומען צופאָרן פון וואַרשע אויף סוכות, מיט עטלעכע טעג פריער, האָב איך געטראָפן מיין טאַטן אין בעט מיט גרויסע היץ. אין שטוב האָט מען שוין געוווסט אַז דאָס איז בויכטיפוס. ס'איז געווען ערב יום־כיפור, האָט ד״ר זימאַן אָנגעזאָגט שטרענג: דער טאַטע זאָל ניט פאַסטן און ניט אַראָפּגיין פון בעט. מיין טאַטע האָט קנאַפּ וואָס געהאַלטן פון דאָק־

טוירים, איז ווען ער האָט עס דערהערט, האָט ער פֿאַרביסן די ליפּן און געשוויגן, ווי זיין שטייגער איז געווען און ניט געענטפֿערט קיין וואָרט. ווען דער דאָקטער איז אַוועק, פֿרעגט אים די מאַמע:

— נו, וואָס זאָגסטו דערצו, וואָס וועט זיין מיט דיר?

— עס וועט גאָרניט זיין, אָבער טאַקע גאָרניט, ער איז אַ דאָקטער, דאַרף ער זאָגן זיינס, און איך ווייס אָבער מיינס.

הכלל, מען האָט געמאַכט אין שטוב אַ מנין, עס איז ניט געווען קיין גאָווינע, ווייל מיר האָבן געהאַט אין שטוב צוויי ספר־תורות. דער טאַטע איז טאַקע צו כל־נדרי ניט אַראָפּ פֿון בעט און מאָרגן אין דער פֿרי אויך ניט. צו מוסף אָבער האָט ער זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטן און איז צוגעלאָפֿן צום עמוד וועגן דעם אַז ער האָט געפֿאַסט, איז נאַטירלעך קיין פֿראַגע ניט... דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אַזוי איינפֿאַך, מיט אַזאַ פּשוטקייט, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ געוויינטלעכע נאַטירלעכסטע זאַך אין דער וועלט און עס לוינט ניט וועגן דעם פֿאַרלירן אַ וואָרט אָדער רעדן וועגן דעם.

צווישן יום־כיפּור און סוכּות איז געקומען אַ שבת. פֿרייטיק צו נאַכטס איז מיין טאַטע געווינט געווען צו עסן נאָך די לאָקשן מיט יויך, אויך אַ טעלער בעבלאַך, די גרויסע צוקראָווע בעבלאַך, דאָס איז געווען זיין באַ־ליבסטער מאַכל; דער דאָקטער האָט אָבער אָנגעזאָגט אַז ער מוז עסן נאָר לייכטע שפּייז, וועגן קיין בעבלאַך קען גאָר קיין רייד ניט זיין. היות ווי דאָ האָט זיך שוין געהאַנדלט ניט וועגן יום־כיפּור נאָר בלויז וועגן אַ שבתדיקן מאכל, וועגן בעבלאַך, האָט די מאַמע זיך שוין אָנגענומען מיט מוט און געפֿאָדערט אַז מען זאָל פֿאָלגן דעם דאָקטער, זאָל איין שבת זיין אָן בעבלאַך, צוליב פּקוח נפש. מיין טאַטע אָבער, האָט עס דערקלערט אויף זיין אופֿן: — פֿון אַלע מאכלים זאָג איך זיך אָפּ צוליב מיין קראַנקהייט; אָבער מאַכן קידוש און עסן שבתדיקע בעבלאַך, דאָס מוז איך, ווייל דאָס איז לכבוד שבת. איך געדענק נאָך אַזוי ווי איצט, ווי רואיק ער האָט זיך געגעסן אַ לעפֿל נאָך אַ לעפֿל, געענדיקט, האָט ער אָפּגעבענטשט און געזאָגט אַז עס וועט ניט זיין באַשערט, וועט גאָרניט געשען, אַ דאָקטער ווייסט נאָך ניט אַלץ. ער פֿלעגט שטענדיק זאָגן: עס וועט זיין באַשערט אָדער עס וועט ניט זיין באַשערט. גאָטס נאָמען פֿלעגט ער קיין מאָל ניט באַנוצן. נאָך דעם אַלעמען, איז ער אַוועק אין בעט קרענקען. די קראַנקהייט האָט זיך פֿאַרצויגן, אָנגענומען שווע־רע פֿאָרמען. איין מאָל, ווען עס איז געוואָרן גאָר שלעכט, האָבן די קינדער און די מאַמע ע״ה אָנגעהייבן צו וויינען. איך בין געלאָפֿן אויף גיך זוכן אַ דאָקטער אָבער פֿאַרן אַרויסלויפֿן האָב איך נאָך באַוויזן צו הערן רואיקע, די אַבסאָלוט רואיקע ווערטער פֿון מיין טאַטן צו דער מאַמען:

— וואָס איז מיט דיר, ווייסנסט אויך? אויך דו האָסט מורא? מילא, זיי ווי זיי, אָבער דו?! איך שרעק זיך ניט ,איך בין גרייט. — דער זיי איז געזאָגט געוואָרן מיט אַזוי פיל גרינגשעצונג ווי איינער זאָגט: מילא, זיי גלויבן דאָך ניט — פאַר זיי איז אַלץ דאָ אויף דער וועלט — און דער דאָ איז אַרויס־געקומען פון זיין מויל מיט אַ מילדן בייסיקן פאַרוואורף. — אָבער דו מיין פרוי — האָט ער ווייטער שטיל גערעדט — דו מיין פרוי גלויבסט דאָך יאָ אין אַן אַנדער וועלט, טאָ וואָס האָסטו מורא און וואָס ווייסנסטו?

דאָס איז בלויז איינע פון מיינע טיף־מענטשלעכסטע איבערלעבונגען פון מיין היים וועלכע האָט מיך באַשאָנקען מיט אַ סך, אַ סך טיף־מענטשלעכע איבערלעבונגען פון דער שענסטער און העכסטער מדרגה. טיף האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין געמיט און אין מיין זכרון, פאָלגענדע צוויי כאַראַק־טעריסטישע געשעענישן:

זייער אָפט האָט מען איינגעלאַדן מיין טאַטן אַלס כהן אויף פדיון־הבנס. די באַקומענע פינף זילבערנע שקלים פלעגט ער אַוועקגעבן אויף צדקה, לויט זיין איינזען. איין מאָל איז געקומען אַ באַקאַנטער שוסטער און געבעטן דעם טאַטן, ער זאָל אים אויסקויפן זיין זון, זיין בכור. גבירים פלעגט ער אַמאָל אָפּזאָגן, צוליב מאַנגל אין צייט, אָבער אַן אָרעמאַן קיין מאָל ניט. דער גביר — האָט ער איין מאָל דערקלערט — וועט זיך ניט באַליידיקן, ער וועט פאַרשטיין אַז איך קען ניט, אָבער אַן אָרעמאַן וועט אָננעמען מיין אָפּזאָג אַלס ביטול־באַציונג און גרינגשעצונג צו אים, ער וועט ניט גלויבן אַז איך האָב טאַקע קיין צייט ניט. דער טאַטע האָט געהייסן אָנגרייטן דעם שוסטער פינף זילבערנע רובלס, אָדער האַלבע רובלס. — וואָס רעדט איר, ר׳ אַברהם־זלמן, ווו וועל איך נעמען אַזוי פיל געלט? — האָט דער אָרעמער שוסטער אַרויסגערעדט מיט אָפענער שרעק.

— איך קען אייך גאַרניט העלפן. דאָס קאָסט פינף רובל און דער טאַטע פון קינד מוז עס אַליין באַצאָלן.

דער שוסטער האָט זיך גענומען בעטן, אַז דאָס איז איבער זיינע כוחות. ער וועט דאָך מוזן עפּעס פאַרזעצן אָדער פאַרקויפן. מיין פאָטער אָבער, איז געבליבן האַרט ווי אַ שטיין. דער שוסטער האָט פרובירט צוגיין דורך אַן אַנדער זייט.

— זאָגט מיר ר׳ אַברהם־זלמן, איר וועט מיר דאָס געלט דערנאָך אָפּגעבן, ווייל איר זעט דאָך.

— ניין דאָס איז ניט אָפּצוגעבן!

נאָך לאַנגע דינגענישן האָט דער שוסטער מיט אַ זיפץ געמוזט צושטימען.

# פּאַרגאַנגענע יאָרן

איך בין נאָך דאַן געווען גאָר אַ קליינער יינגל און בין געוואָרן אויסער זיך, ווי קען דאָס מיין טאַטע זיין אַזוי האַרט צו אַן אָרעמאַן, ער פאַרדינט דאָך קוים אויף אַ שטיקל ברויט, און סיי ווי סיי צעטיילט דאָך דער טאַטע די פינף רובל. זאָל ער גרינגער מאַכן דאָס האַרץ ביים שוסטער און אים צוזאָגן, אַז דאָס געלט וועט ער אים נאָכן פדיון־הבן צוריק אַוועקגעבן. מיין טאַטע האָט דורכגעפירט דעם פדיון־הבן און געבראַכט די פינף זילבערנע שקלים, איינגעוויקלט זיי אין אַ פּאַפּירעלע און פאַרשלאָסן אין אַ שופלאָד וואָס ער האָט געהאַט ספּעציעל פאַר אַזעלכע זאַכן. אָבער איך בין אַלץ געווען ברוגז אויף מיין טאַטן פאַר זיין גזלניש האַרץ. אין אַ צוויי וואָכן אַרום, הער איך, ווי דער טאַטע זאָגט צו דער מאַמען: — נעם אַרויס די פינף רובל און שיק זיי אָפּ מיט שיען (מיט מיר הייסט עס) צום שוסטער. ער האָט אָנגערופן דעם שוסטערס נאָמען אָבער איך געדענק אים שוין ניט. מען קען עס אים שוין צוריקגעבן ווייל ער האָט זיך שוין געוויס מיאַש געווען. ערשט איצט איז מיר קלאָר געוואָרן. וואָס עס האָט געמיינט מיין טאַטנס האַרטקייט. ווייל ווען דער שוסטער באַקומט פון מיין טאַטן דעם מינדסטן ווונק אַז ער וועט זיין געלט באַקומען צוריק, וואָלט דער פדיון־הבן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָמעדיע, אַן אַקט אָן שום באַדייטונג, בלויז עפּעס אַ שפּיל אַזאַ. און דאָס האָט מיין טאַטע בשום אופן ניט געקענט דערלאָזן. אָבער אַזוי ווי מיין טאַטע איז חושד געווען אַז דער שוסטער האָט פאָרט ערגעץ ווו טיף אין האַרצן געהאַט די האָפנונג, אַז ר' זלמן ראַפּאָפּאָרט וועט אים דאָס געלט געוויס צוריקגעבן, האָט אים מיין טאַטע דעריבער אַזוי לאַנג געלאָזט וואַרטן, ביז ער וועט זיך לויט אַלע כללים אינגאַנצן פאַרגעסן און זיך מייאש זיין פון דעם געלט.

מיין מאַמע ע"ה, וואָלט שוין אין אַזאַ פאַל געהאַנדלט גאָר אַנדערש. זי וואָלט געגעבן אַן אָנצוהערעניש דעם שוסטער, ער זאָל האָפן. זאָל ליידן בעסער דער דין, ווייל רחמנות אויף אַן אָרעמען שוסטער וואָלט ביי איר געשטאַנען העכער. מיין טאַטע אָבער האָט אונטערדריקט דאָס רחמנות־געפיל ווייל דער דין איז פאַר אים געווען וויכטיקער.

דער צווייטער פאַל וואָס איך וויל דאָ דערציילן, האָט שוין צו טאָן מיט קהלשע ענינים, מיט עוסק זיין זיך בצרכי צבור און טאַקע באמונה.

מיין טאַטע האָט געהאַט אַן ערנאַמט אין דער גרויסער שול, ער איז געווען דער „אוטשאָני יעווריי" דער געלערנטער יידישער פאַרטרויאונגס־מאַן. ווען מען האָט געדאַרפט עפּעס דערליידיקן אין הויכע רעגירונגס־קרייזן, פלעגט ער אָנטאָן זיין גלאַנציקן צילינדער־הוט, צוקאַמען די באָרד, אָנטאָן דעם שבתדיקן קאַפּטאַן און פאָרן קיין גראָדנע צום גובערנאַטאָר משתדל זיין זיך און אויספועלן עפּעס וואָס מע האָט געדאַרפט. אַמאָל פלעגט ער פאָרן

מיט אַ דעלעגאַציע און אַמאָל אַליין. ווען מען האָט איבערגעבויט אין ביאַליס־טאָק די שול, טאַקע די זעלביקע וואָס איז אין 1941 פאַרברענט געוואָרן פון די רוצחים מיט העכער טויזנט יידן אינעווייניק. ביים איבערבויען האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן. די פּלענער זיינען ניט גע־ווען אין אָרדענונג, מען האָט געמוזט אָפּשטעלן די אַרבעט און יאָרנלאַנג האָט מען געדאַוונט אין אַ ניט פאַרענדיקטער שול.

דער טאַטע איז עטלעכע מאָל געפאָרן קיין גראָדנע צום גובערנאַטאָר און איין מאָל האָט ער מיטגענומען מיט זיך דעם פיר־פינף־יאָריקן מוזיניקל זיינעם, ווייל מיר האָבן אין גראָדנע געהאַט קרובים. צוריקקומענדיק אין אַ צוויי טעג אַרום האָט מען געפרעגט דאָס קינד: — נו, לייבעלע, ווי איז דיר געפעלן געוואָרן גראָדנע? — ענטפערט ער, די פיסעלעך טוען אים וויי. און וואָס מען האָט אים געפרעגט האָט ער געענטפערט די זעלביקע תשובה. האָט די מאַמע גענומען אויספאָרשן דעם ענין ביים טאַטן, וואָס איז געשען מיטן קינד, וואָס ער קלאָגט זיך אויף די פיסעלעך.

— עס איז גאָרניט געשען, מיר זיינען געגאַנגען צו פוס פון באַן אין שטאָט אַריין און צוריק פון שטאָט צו דער באַן.

אַזאַ מהלך, אַזאַ וויטעניש, האָסטו געלאָזן דאָס קינד גיין צו פוס?

און דאָ איז געקומען אַן ענטפער, וואָס איז קלאַסיש פאַר דעם אַמאָליקן אידעאַליסטישן יידן: — קיין טראַמוויי איז דאָך אין גראָדנע נישטאָ, און אַ דראָזשקע קאָסט דאָך אַ האַלבן רובל; ווען איך וואָלט געפאָרן, לאָמיר זאָגן, וועגן מיינע אייגענע געשעפטן, וואָלט איך דען גענומען אַ דראָזשקע? טאָר איך אַוודאי ניט אויסגעבן אַן איבעריקן גראָשן ווען איך פאָר וועגן קהלשע ענינים. עס איז געווען אַזוי קלאָר, אַז מיין מאַמע האָט געמוזט צוגעבן, אַזוי האָט עס טאַקע געדאַרפט זיין. ווען מע קוקט זיך צו וויפל הוצאות עס מאַכן היינטיקע צייטן באַצאָלטע שליחים, מוז מען זיך דערמאָנען יענעם שמועס צווישן מיינע טאַטע־מאַמע. עס האָט דעמאָלט ניט נאָר ניט געקענט זיין אַ רייד וועגן נעמען געלט פאַר קהלשער אַרבעט, נאָר די הוצאות האָבן ניט געטאָרט זיין העכער פאָרן אומפאַרמיידלעכן ענין.

ווי איך האָב שוין געזאָגט האָט מיין פאָטער געשטאַמט פון אַ נגידישער שטוב. נאָך דער חתונה איז ער אויך געווען אַ שטיקל נגיד, און דער שווער איז אויך געווען אַ ייד אַ גביר. האָט דער טאַטע געעפנט אַ שניטקראָם און גאָר גיך געפאַטערט דעם נדן. האָט נאָך דעם מיין פאָטער געאַרבעט אַלע זיינע יאָרן אין גרויסע האַנדלס־הייזער ווי אַ בוכהאַלטער, ווי אַן אויס־לענדישער קאָרעספּאָנדענט און אויך קאַסירער. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז כל ימיו האָט ער זיך געדרייט צווישן געלט, פרעמד געלט.

די איינציקע שוואַכקייט וואָס מיין טאַטע האָט געהאַט איז געווען צו שפּילן אויף דער לאָטעריע; ער האָט געוואָלט געווינען דאָס גרויסע געווינס, אָבער דערווייל האָט ער אַ שפּאָר ביסל פאַרלאָרן. דאָך איז אָבער צו באַוווּנדערן וואָס פאַר אַ קליינע ראָלע עס האָט געשפּילט ביי אים געלט סיי אין זיין לעבן סיי אין אַלע זיינע האַנדלונגען.

דער ביַאלסקער זיידע ר׳ יעקב־מאיר האָט אַמאָליקע יאָרן געלאָזט שרייבן צוויי ספר־תורות. די דאָזיקע ספר־תורות זיינען געווען קינסטלעריש געמאַכט און קינסטלעריש געשריבן פון אַ באַרימטן סופר. זיי זיינען געווען אַ העלפט די גרויס פון געוויינלעכע נאָרמאַלע ספר־תורות. האָט זיי דער זיידע געגעבן אַ מתנה זיין עלסטער טאָכטער און זיין ערשטן איידעם — מיין טאַטן. איין מאָל קומט צו אונדז אין שטוב אַ יונגערמאַן מיט אַ צעטעלע פון פאָטער, מע זאָל אים אַרויסגעבן אַ ספר תורה, ער דאַרף זי האָבן צו אַ מנין. האָט מען אים פאַרשטענדלעך, געגעבן די ספר תורה. עס גייט אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך, מע ברענגט ניט אָפּ די ספר־תורה. פרעגט מען דעם פאָטער: — ווער איז דער מאַן וואָס האָט גענומען די ספר־תורה? ענטפערט ער אַז ער קען אים ניט און ווייסט ניט ווער עס איז, — וואָס האָט גענומען די ספר־תורה. ער דערציילט, אַז ער איז געזעסן ביי דער קאַסע אין טרילינגס באַנק־געשעפט, איז צוגעקומען אַ יונגערמאַן און האָט אים געזאָגט, אַז ער וויל מען זאָל אים לייען אַ ספר תורה צו מאַכן אַ מנין ביי אַן אבל האָב איך אָנגעשריבן דאָס צעטעלע און געהייסן אים געבן, ווייל אַ ייד וואָס מאַכט אַ מנין וועט דאָך ניט כאַפּן אַ ספר־תורה, מע וועט נאָך אָפּברענגען האָט ער זיך געטרייסט. אָבער מען האָט קיין מאָל ניט אָפּגעבראַכט דעם ספר־תורה.

דאָס איז געווען אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן, ווען אַמעריקע פלעגט אַרויסשיקן אויפקויפן ספר־תורות אין אונדזערע מקומות און עס איז געגאַנגען דערמיט אַ גרויסער האַנדל. מבינים האָבן געזאָגט, אַז פאַר אַזאַ ספר וואָלט מען געקענט אָפּנעמען אַ פּאָר טויזנט דאָלער, ווייל דאָס איז געווען ניט עפּעס גלאָט אַ ספר, וואָס איז אַ טייערע סחורה, נאָר אַן אַנטיק־זאַך פון גרויסן ווערט.

די מאַטעריעלע לאַגע איז דעמאָלט געווען ביי אונדז אַ גאַנץ קלאָגע־דיקע. מען איז קוים אויסגעקומען און אַלע עקסטרע הוצאות פלעגט שיקן מיין ברודער פון לייפּציג, וואָס איז אומגעקומען אויף קידוש־השם אין דאַכאַו, און אַזאַ סומע געלט וואָס מען וואָלט געקענט נעמען פאַר דער ספר־תורה וואָלט אונדז גוט צונוץ געקומען. עס איז אָבער צו באַוווּנדערן ווי לייכט מען האָט איבערגעטראָגן דעם דאָזיקן פאַרלוסט און מען איז כמעט אַריי־בערגעגאַנגען איבער דעם צום סדר־היום. איך דערקלער דאָס דערמיט וואָס מיינע עלטערן האָבן ניט געקענט קוקן אויף אַ ספר־תורה פון געלט־שטאַנד־

פונקט עס האָט גאָרניט געקענט איינפאַלן אַז אימיצער קען זיך דערלויבן אויסנאַרן אַ הייליקן געגנשטאַנד... דאָס איז אָבער ניט געווען קיין מאַטע־ריעלער שאָדן, מען האָט אויף ספר תורות ניט געקענט קוקן ווי אויף אַ פאַר־מעגן־זאַך. אַז אָט די אויסטייטשונג איז געווען אַ ריכטיקע, האָב איך זיך איבערצייגט שפּעטער.

ווען דער פאָטער מיינער, האָט זיך געקליבן פאָרן קיין ארץ־ישראל, האָט ער דעם צווייטן ספר זיינעם אַוועקגעשענקט אַ שוואָגער, און דערביי געגעבן אַ דערקלערונג פאַר די קינדער אין שטוב: דער שוואָגער האָט עס מיר געגעבן אַ מתנה, אָבער ער איז דאָך פאָרט אַ זון, ער איז בילכער. קיינער האָט ניט פּראָטעסטירט, הגם דאָס האָט געהייסן ווידער אַוועקגעבן אַ קליינעם פאַר־מעגן. ווער האָט געקענט זיך דערוועגן רעדן וועגן געלט אין אַזאַ פאַל, און אפשר האָט מיין טאַטע געהאַלטן אַז נאָך זיין טויט וועט דער ספר איבערגיין צו די קינדער וועלכע וועלן דאָס וועלן פאַרוואַנדלען אין געלט. און אויב געלט, איז דער זון בילכער. אויב דאָס האָט מען מיר געגעבן אַ מתנה, גיב איך עס צוריק צו דעם, צו וועמען עס געהערט.

איך געדענק אויך נאָך אַן אויסערגעוויינלעכן פאַל, וואָס האָט מיך אָנגעג־פּילט מיט אומגעהויערן דרך־ארץ פאַרן טאַטן און פאַר דער מאַמען.

אויף יום־טוב און שבת פלעגט תמיד זיין אַן אורח ביים טיש, געווייינט־לעך אַ סאָלדאַט. איין מאָל, איז אויף אַ געוויינלעכן שבת אַריינגעפאַלן צו אונדז דער זעלבער זעלנער וואָס האָט געגעסן ביי אונדז דעם לעצטן פּסח. ביים שמועסן האָט דער זעלנער געזאָגט, אַז ער וויל אַנטלויפן פון מיליטער קיין אַמעריקע. ער האָט אָבער ניט קיין ציווילע קליידער. דער טאַטע האָט זיך גאָרניט פאַרטראַכט. ער האָט אים גלייך געזאָגט, ער זאָל אַריינקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום. ווען דער זעלנער איז געקומען, האָט שוין געוואַרט אויף אים אַ פּעקל זאַכן, טיילוויז דעם טאַטנס און טיילוויז, געגומענע ביי אַנדערע. דער זעלנער איז אַריין אין דעם בית־הכסא אויפן הויף, זיך אי־בערגעטאָן, און אַריינגעוואָרפן די מיליטערישע קליידער אין גרוב אַריין; דאָרטן האָט ער גלייך אָנגעטאָן די ציווילע בגדים און איז אַוועק. דאָס איז געווען ניט אַזאַ אומשולדיקע זאַך ווי עס קען זיך דוכטן, מען האָט געקענט געפינען די סאָלדאַטסקע זאַכן, ביים רייניקן דעם גרוב, אָדער מען האָט דעם זעלנער געקענט כאַפּן און פאַרהאַלטן ביים גרענעץ און מאַטערן אים, ער זאָל אויסזאָגן ווער עס האָט אים געגעבן די ציווילע בגדים. און דאָס האָט געשמעקט מיט טורמע, מיט סיביר. אָבער וואָס מיין פאָטער זאָל ניט האָבן אינעווייניק געטראַכט, האָט ער אָבער קיין איינציק וואָרט ניט פאַרשווענדט וועגן דעם און האָט זיך ניט געהנדלט מיט זיין טאַט. עס האָט זיך דאָך גע־

האַנדלט וועגן פּדיון שבוים, וועגן אַ מצווה וואָס לייכט אַרויס צווישן אַ סך מצוות אין יידישן לעבן. טאָ וואָס איז פאַראַן צו רעדן דערפון? עס שטייט דאָך געשריבן „נעשה ונשמע" — פריער דאַרף מען אַ מצווה מקיים זיין, דערנאָך ערשט דאַרף מען טראַכטן וועגן די קאָנסעקווענצן. און אויך די מאַמע האָט גאָרניט געזאָגט. און הגם מען האָט אין שטוב גאָרניט גערעדט וועגן דעם איז די שטימונג געווען אַ ביסל געשפּאַנט. איך ווייס דאָס, ווי די שטימונג האָט זיך געביטן און עס איז געוואָרן אַ שמחה ווען עס איז אָנגעקומען אַ קאַרטל מיט אַ פאַרשטעלטן נוסח פון יענער זייט גרענעץ. איצט נאָך זיין טויט האָבן מיר מיינע ברידער און שוועסטער פון ארץ ישראל מיטגעטיילט עטלעכע פּרטים וואָס איך וועל צוגעבן צו די, פון וועלכע איך אַליין בין געווען אַן עדות. און טאַקע נאָר די פון וועלכע מען איז אַליין געווען אַן עדות קען מען דערציילן, ווייל רעדן און דערציילן וועגן זיך, דאָס האָט ניט געהערט צו מיין פאָטערס געוווינהייטן.

רבנים פלעגן קומען צו מיין פאָטער וועגן שאלות און תשובות, זיי פלעגן באַוווּנדערן זיין בקיאות און חריפות. וועגן זיינע פּירוּנגען אין ארץ ישראל איז דאָ אַ סך צו דערציילן. איך וועל איבערגעבן נאָר איין עפּיזאָד.

די לעצטע יאָרן איז ער שוין געווען פּאַראַליזירט אויף איין פוס. איין מאָל — און דאָס האָט דערציילט דער משמש פון דעם בית־מדרש, וווּ מיין טאַטע פלעגט דאַווענען — האָט אַן אָרעמער טרעגער אויסגעהאַנגען אין שול אַ מעלדונג, אַז ער האָט פאַרלוירן אַ פונט. דער פאָטער מיינער האָט איבערגעלייענט די מודעה און האָט זיך אַוועקגעשלעפּט מיטן קראַנקן פוס צום טרעגער, וואָס האָט געוווינט גאַנץ ווייט, און אים געזאָגט, אַז ער האָט דעם פונט געפונען.

ווי עס ווייזט אויס, האָט אויף דער עלטער ביי אים גענומען גובר זיין דער מידת־הרחמים קעגן מידת־הדין, ווייל וויפל איך האָב געקענט מיין פאָטער וואָלט ער קיין מאָל ניט געזאָגט קיין ליגן, אַפילו צוליב קיין הייליקן ציל; ער וואָלט גיכער אַריינגעשיקט דעם פונט אָן שום דערקלערונגען. איך פאַרענדיק די לעבנס־אגדה פון מיין פאָטער, דעם עכטן יידן פון וועמען איך האָב דערציילט בלויז אַ ביסעלע, ווייל איך בין ניט אומשטאַנד אויסצושעפּן דאָס דאָזיקע שיינע, טיף גלויביקן לעבן, וואָס זאָגט עדות גלייכצייטיק אויף דער גרויסקייט און עכטקייט פון דער יידישער תורה־קולטור.

איצט גיי איך איבער צו דערציילן אַ סך קירצער וועגן מיין מאַמען שרה־צביה, וואָס האָט פאַרמאָגט מידת־הרחמים. די מאַמע מיינע איז ניט געווען קיין געבילדעטע, זי האָט נאָר געקענט לייענען און שרייבן יידיש, אַ ביסל העברעיש, און רעדן מיט אַ פּויער פּויליש וועגן אַ זעקל קאַרטאָפל. זי האָט אָבער פאַרמאָגט אַ דיכטערישע נשמה. צום באַדויערן איז אַלץ וואָס זי האָט געשריבן פאַרלוירן געגאַנגען. זי האָט ליב געהאַט צו לייענען און פאַרלייענען. ווען מיר זיינען נאָך געווען גאָר קליינע קינדער, פלעגט זי פאַר אונדז

לייענען דעם טייטש־חומש און מיר פלעגן זיך צוהערן און ווערן פאַרכשופט ניט נאָר פון די שיינע געשיכטעס, נאָר פון איר אופן פון לייענען. זי פלעגט אַריינלייגן אין יעדן וואָרט אַזוי פיל געפיל, אַזוי פיל גלויבן און אַ סך אַ סך ניט אויסגעלעבטע שיינקייט.

אָבער ניט נאָר דעם צאינה־וראינה" פלעגט זי אונדז פאַרלייענען. איך געדענק אַ ווינטער, ווען זי האָט אונדז דערציילט פון אַ דיקן בוך די גע־שיכטע פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. טייכן טרערן פלעגן זיך גיסן פון אירע אויגן. זי האָט באמת פאַרמאָגט אין זיך גאָר אַ גרויסע מאָס פון אהבת ישראל. זי איז געווען אַ פרוי אַ בריה, אַ מוטער פון צען קינדער וואָס האָט געשטאַמט פון אַ רייך הויז און וואָס דער מאַן אירער איז געווען אַ מענטש ביי יענעם, איז איר פאַרשטענדלעך, געווען זייער שווער צונויפפירן אַן עק מיט אַן עק. און נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט, כאָטש זי האָט געהאַט אַ דינסט, פלעגט זי האַלבע נעכט נייען און לאַטען, באַזונדערס פאַר יום־טוב.

איך האָב זיך אַ מאָל אויפגעכאַפּט אין מיטן נאַכט און דערזען ליכט אין עסצימער. די מוטער איז געזעסן ביי אַ שטויס וועש און האָט געאַרבעט. פלוצלונג האָב איך דערהערט ווי זי זינגט שטיל אַ פאַלקסליד. איך בין גע־וואָרן אויסערגעוויינלעך פאַרוואונדערט? עפּעס נייס האָב איך אַנטדעקט אין איר. ניט איין מאָל פלעג איך טראַכטן, אויסגעוואַקסן אין אַ סוחרישער שטוב און כאָטש זי האָט צוגעהאָלפן דעם טאַטן אין דעם גרויסן געשעפט, דאָך האָט זי ניט פאַרמאָגט אין זיך קיין איינציקן פונק פון קרעמערישקייט. איך האָב זעלטן געזען מענטשן, וואָס זאָלן זיך אַזוי ניט טויגן צו מסחר און קרעמעריי ווי מיינע עלטערן. דעריבער איז קיין ווונדער ניט, וואָס די שניט־קראָם וואָס מען האָט געעפנט באַלד נאָך דער חתונה האָט מען געמוזט פאַרמאַכן, באַגראָבנדיק דעם נדן, דעם ערשטן און אויך דעם צווייטן און דעריבער האָט שוין מער ניט געקענט זיין קיין רייד וועגן האַנדלען.

ווען מען פלעגט אָנהויבן רעדן וועגן עפּענען ווידער עפּעס אַ געשעפט, פלעגט אויף יעדן פאָרשלאָג מיין טאַטע ענטפערן: — וואָס? ווייניק קראָמען זיינען דאָ? מען דאַרף נייטיק האָבן נאָך איינע? עס שטייען דען און וואַרטן קונים?

מיין מוטער איז געווען זייער אומפּראַקטיש אין לעבן, און כאָטש אַ זון איז פּסול פאַר אַן עדות, בין איך אָבער באַרעכטיקט צו זאָגן מיט דער גאַנצער אָביעקטיווקייט, אַז איך האָב ניט נאָר אין לעבן געטראָפן אַ מענטשן, וואָס זאָל פאַרמאָגן אַזוי פיל גוטסקייט. אַזוי פיל מענטשלעכקייט און ליבע צום צווייטן, אויסגעבעט מיט איידעלע פיינע געפילן פאַר גערעכטיקייט ווי מיין מאַמע האָט פאַרמאָגט. איך קען זאָגן, אַז אַפילו אין דער ליטעראַטור איז

ניטאָ אַזאַ געשטאַלט וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכן מיט איר און זיך פאַר־מעסטן מיט די אויסטערלישע מעלות וואָס מיין מאַמע האָט פאַרמאָגט.

— ניין, איך זאָג מיט אַ פולן מויל, אַז עס איז ניט געווען קיין גלייכן צו איר!

אַזוי ווי אַלע מענטשן, האָט זי אין לעבן געהאַט אויסצושטיין זייער אַ סך עוולות פון וועלכע זי האָט געהאַט גרויס האַרצווייטאָג. עס איז אויף איר וועג געווען אַ סך אינטריגעס און בייזע כוונות פון געוויסנלאָזע פריינד אָדער פרעמדע. מען האָט געקענט אַנטקעגנשטעלן זיך אָט די דאָזיקע עוולות און מאַכן צו נישט בייזע צינגער, זי האָט אָבער קיין מאָל זיך ניט באַנוצט מיט אַזעלכע מיטלען. אַנשטאָט צו ענטפערן יענעם מיט אַ קלאַפּ ווי די קינדער, די קרובים אָדער פרעמדע מענטשן פלעגן איר געבן עצות, פלעגט זי באַדויערן בלויז און אויסרעדן דאָס האַרץ פאַר זיך אַליין, פאַר וואָס דאַרפן מענטשן זיין אַזוי שלעכט און ווי אַזוי קען מען אַזוי האַנדלען און פאַרשאַפן יענעם צער און קרענקונג. אין אַזעלכע מאָמענטן פלעג איך שטאַרק רחמנות האָבן אויף מיין מאַמען און איך פלעג צו איר זאָגן: — מאַמע, צו וואָס גריזשעסטו זיך אַליין דאָס האַרץ? די בייזע מענטשן וועט עס גאָרניט שאַטן, דיין מוסר וועט זיך צו זיי ניט צוקלעפּן, בעסער שטעל זיך אַנטקעגן און לאָז זיך ניט מען זאָל דיר טאָן עוולות. זיי שטאַרקער ביי זיך, מאַמע, ווייל די קראַפט פון די שלעכטע איז די שוואַכקייט פון די גוטע. — אָבער אַלע רייד זיינען געווען אומזיסט און גאָרניט געהאָלפן. זי האָט ניט געוואָלט און ניט געקענט אַנטקעגנשטעלן זיך דאָס מינדסטע שלעכטס, ניט נאָר צוליב איר שוואַכן כאַראַקטער, נאָר דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער אומ־נאַטירלעכער גוטסקייט וואָס זי האָט פאַרמאָגט; און דאָרט וווּ עס איז־דאָ גרויסע גוטסקייט, דאָרט איז דאָ שוואַכקייט.

דער טאַטע, וועלכער האָט געהאַט אַ פעסטן כאַראַקטער, האָט אויך געליטן פון אַ סך עוולות אין לעבן, אָבער ער פלעגט זיך ניט אָפּעסן דערפון דאָס האַרץ. ער פלעגט איבעררייסן יעדע באַציונג מיט די דאָזיקע עוולה־טוערס, ניט רעדן וועגן דעם, און איבערגיין צום וואָכעדיקן טאָג־אָרדענונג. די מאַמע אָבער, פלעגט זיך אָפּעסן דאָס האַרץ און די עוולה ניט געקענט פאַרגעסן. שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס האָט איר ווי געטאָן, נישט דאָס וואָס מען האָט זי פּערזענלעך באַליידיקט, נאָר דער ווייטיק פאַר די דאָזיקע מענטשן. — ווי קענען זיי דאָס פועלן ביי זיך, טאָן אַ צווייטן שלעכטס?

ווי איך האָב פריער געזאָגט, איז מיין מוטער געווען אַ פּשוטע ניט געבילדעטע פרוי. ווען עס איז אין 1917 אָנגעקומען די ידיעה אַז דער צאַר ניקאָליי איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון טראָן, האָט מיין מאַמע נאַיוו גע־פרעגט: — טאָ ווי וועט עס איצט זיין אָן אַ קיסר?

גלייכצייטיק אָבער, האָב איך קיין גרעסערן אינסטינקטיוון דעמאָקראַט אין מיין לעבן ניט געזען. ווען מיין ברודער, אַלס קינד, האָט אַ מאָל געדוצט אונדזער קעכין — ביי אונדז אין שטאָט פלעגט מען אומעטום זאָגן דינסט — ווי מיין מאַמע האָט עס דערהערט, איז זי געוואָרן אַן אַנגעצונדענע, און דאָס איז געווען פון די געציילטע פאַלן ווען זי האָט געשריען אויף אַ קינד, ביי אונדז אין שטוב זאָל מען זאָגן אַ מענטשן דו. ווער האָט עס דיך געלערנט? וואָס איז זי עפּעס פאַר אַ דו ביי דיר? און ווען מיין ברודער האָט זיך פאַר ענטפערט, אַז ביים שוועסטערקינד אין שטוב זאָגן אַלע קינדער דו דער דינסט, איז שוין מיין מאַמע גאָר אַרויס פון די כלים: — זאָלסט זיך ניט דערוועגן רופן זי דינסט, אַ קעכין איז זי, ניט קיין דינסט. איך וועל דיך שלאָגן מכות רצח פאַר רופן אַ מענטשן, דינסט! דאָס ערשטע מאָל האָב איך געהערט פון מיין מאַמען אַזעלכע ווערטער: זי, וועט שלאָגן אימיצן מכות רצח.

קיינער האָט זי ניט אַגיטירט, זי האָט עס אין ערגעץ ניט געלייענט, עס האָט ניט געדאַרפט קומען צו איר פון דרויסן, ווייל זי האָט עס איינגע־זאַפּט אין איר בלוט, עס איז געווען איינגעקריצט אין איר גרויס יידיש מענ־טשלעך האַרץ. פרייהייט גלייכהייט און ברידערלעכקייט! ניט אומזיסט פלעגן אַמאָליקע קעכינס און באַדינטע, קומען אין צוואַנציק יאָר אַרום סיי אין ליידן און סיי אין פריידן, צו דער מאַמען צו גאַסט פון דער פּראָווינץ און פלעגן זיין ביי אונדז עטלעכע טעג. זי האָט געמעגט זיין ווי פאַרנומען פלעגט זי קענען אָפּשטיין אין קיך שעהען־לאַנג מיט אַזאַ גאַסט. יענע האָט געהאַט אַ סך, וואָס אַראָפּצורעדן זיך פון האַרצן און די מאַמע האָט געלינדערט איר לאַגע מיט אַ גוט וואָרט פון האַרצן אַרויס, מיט אַ באַציאונג ווי צו אַ גלייכן, ווי צו אַ שוועסטער. אוי, ווי די דאָזיקע מענטשן האָבן זי ליב געהאַט. העלפן פרעמדע, דאָס איז געווען איר לעבנס־באַרוף, אירע רייד אַליין זיינען שוין געווען אַ שטיק היילונג; און ווען מען האָט געדאַרפט געלט פאַר אַן אָרעמער כלה, צי פאַר אַ רייזע צו אַ דאָקטער קיין וואַרשע, אָדער צו אַן אַנדער בויטיקן פאַל, פלעגט זי זיך ניט באַנוגענען מיט איר אייגענער נדבה, נאָר גלייך גענומען אַ שותּפטע און אַרויס אין שטאָט שאַפן, אויפמאַכן דאָס געלט וואָס מען האָט געדאַרפט און אַ מאָל נאָך מער וויפל יענער האָט געבעטן.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן און די נויט איז געווען גרויס, האָט ביי אונדז אין אויבערשטיבל געוווינט אַן אַלטיטשקע פאָרפּאָלק; ער אַן אַכצי־קער און זי, אין די הויכע זיבעציקער. אַ מאָל איז ער געווען אַ לערער, אָבער צוליב דער עלטער און צוליב דער מלחמה, האָט ער פאַרלאָרן די לעקציעס. האָט איין מאָל די אַלטיטשקע זיך דורכגשמועסט מיט דער מאַמען, און פון דאַן אָן האָט מען זיי צוגעצויגן צו אונדזער משפחה. די ערשטע פּאָרציעס עסן, דריי מאָל אַ טאָג, פלעגט ארויפגעטראָגן ווערן צו די אַלטיטשקע, און

אַזוי אויך שבת און יום־טוב. די וועש זייערע, פלעגט מען אראפטראגן צו אונדז וואַשן, עלעקטרע האָבן מיר געצאָלט, און ווען מען האָט געדאַרפט אַ דאָקטער, איז אויך געווען צו דער מינוט. און ווען פריער דער אַלטער, נאָכדעם די אַלטיטשקע זיינען געשטאָרבן, האָט מיין מאַמע געזאָרגט פאַר פיינע תכריכים.

אין אַ צווייטער דירהלע, איז געזעסן אַ יידענע, אַן אלמנה, וועלכע איז פלוצלונג געשטאָרבן און געלאָזן צוויי יתומים: אַ יינגל און אַ מיידל. איז די מוטער מיינע געוואָרן צו זיי אַ מאַמע. זי, האָט געזאָרגט פאַר זיי און זיי גע־שטעלט אויף די פיס.

און דאָ וועל איך איבעררייסן און דערציילן ווי אַזוי איך, דוד זאַבלו־דאָווסקי האָב זיך באַקענט מיט דער מיידל, די יתומה.

עס איז געווען אָנהויב די צוואַנציקער יאָרן, באַלד נאָך דעם ווי פוילן איז געוואָרן אַ מלוכה, פלעג איך גאַנץ אָפט פאָרן געשעפטלעך קיין וואַרשע. קומט איין מאָל צו גיין אונדזער מחותנתטע, חיה־צביה און זאָגט צו מיר: —

— הערסט דוד, איך וויל דיך עפּעס בעטן. אַ מיידל אַ יתומה, וועמען איך האָב אויסגעהאָדעוועט, און אַלע יאָרן אכטונג געגעבן אויף איר, פאָרט אוועק קיין אַמעריקע. דאַרף זי פאָרן קיין וואַרשע, וויל איך זי אַליין ניט לאָזן פאָרן, איך וואָלט געפאָרן מיט איר, אָבער איך בין ניט געזונט וויל איך דיר בעטן זאָלסט זי מיטנעמען זאָל זי פאָרן מיט דיר קיין וואַרשע, וועל איך זיין רויק.

מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז זי וועט מיר ברענגען דאָס מיידל צום באַן — און אַזוי איז געווען. איך האָב זי מיטגענומען קיין וואַרשע, זי אַריינגעפירט אין „האַיאַס" ווו עס איז שוין געווען פאַר איר אַ שיפסקאַרטע מיט אַלע הוצאות געשיקט פון אַ רייכן פעטער".

איין מאָל איז געקומען צו מיין מאַמען אַ פרוי און געוויינט. וואָס איז? — דאָס לעצטע האָט זי אַוועקגעגעבן אַז איר איינציקער זון, זאָל זיך לערנען; איצט האָלט ער שוין ביים ענדיקן, נאָר ער מוז זיך צולערנען ביי אַ לערער. זי, האָט ניט קיין גראָשן ביי איר נשמה. כאָטש מיין מוטער האָט ניט שטאַרק געהאַלטן פון לערנען, עקזאַמענס, אאַ.וו. האָט זי אָבער ניט געקענט צוזען דעם צער פון אַ געטרייער, אָרעמער מאַמען, איז זי געגאַנגען און געליען פאַר יענער דאָס געלט.

איך געדענק, איך בין געקומען פון וואַרשע און געזען ווי שוואַך די מאַמע איז עס איז געווען אַ ווינטערנאַכט. האָט מען מיר דערציילט אַז זי איז שוין ווידער געגאַנגען זאַמלען געלט פאַר אָרעמע, הגם דער דאָקטער האָט איר שטרענג אָנגעזאָגט, זי זאָל זיך היטן. האָב איך מיט ווייטיק איר געגומען זאָגן מוסר, פאַר וואָס זי טוט עס, אַ מענטש דאַרף זיך היטן, שאַנעווען דאָס געזונט זיינס, אַז גוטסקייט האָט און מוז האָבן אַ גרעניץ. די איבעריקע קינדער פון שטוב

האָבן מיר אונטערגעהאַלטן. מיין מאַמע איז געוואָרן אַן אויפגעציטערטע פון די דאָזיקע מוסר־רייד, זי האָט דערפילט אַז מען גייט דאָ אַטאַקירן איר לעבנס־זין, איר לעבנס־אויפגאַבע. מיין מאַמע האָט דערפילט, אַזוי ווי מען וואָלט איר אַ שטאַרקן ביס געטאָן, האָט זי זיך צעשריגן מיט אַזאַ צאָרן און פאַראַכטאָג וואָס איך האָב גאָר נישט חושד געווען אַז זי איז פעיק דערצו.

— אוי וויי, וויי, ווי שלעכט איר זענט אַלע. ווי קומען צו מיר אַזעלכע שלעכטע קינדער?

אַלע זיינען געבליבן פאַרשטיינערט און געבליבן זיצן מיט גרויס יראת הכבוד פאַר דער מאַמעס נאַטור־אויסברוך. איך האָב דערפילט, אַז ניט נאָר אַזעלכע רייד זיינען אומזיסט, נאָר מען טאָר איר ניט שטערן אין איר לעבנס־עבודה. דאָס איז איר גורל, איר באַשטימונג אין לעבן. ביי איר הייליקער אַרבעט האָט זי טאַקע פאַרענדיקט איר לעבן. זי איז איין מאָל, אין אַ רעגנ־דיקן קאַלטן, ווינטערדיקן אָוונט, אַרויס מיט נאָך אַ פרוי איבערן שטאָט, אויפמאַכן פאַר אַ בכבודיקער פאַמיליע אויף יום־טוב. צוריק איז זי געקומען מיט אַ לונגן־אָנצינדונג, פון וועלכער זי האָט זיך שוין מער ניט אויפגעהויבן.

ווען זי איז געלעגן אויף דער ערד, איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך, מיט ליכט צוקאָפּנס, האָב איך באַמערקט אין שטוב, אומבאַקאַנטע אַלטע און יונגע פרויען, וואָס איך האָב זיי קיין מאָל פריער ניט געזען. זיי האָבן זי באַוויינט אויף אַן איכהדיקן שטייגער און געשריען צו איר: —

— שרה־צביה, איר זענט פאַר אונדז געווען אַזוי ווי אַ מאַמע! צו וועמען וועלן מיר זיך איצט קערן און ווענדן?

פון דעם קען מען זען, אַז זי האָט פאַריתומט, ניט נאָר אירע אייגענע קינדער, איר אייגענע משפחה.

איך ענדיק שוין. כ׳וויל נאָר פאַרצייכענען אַז אין שאַנכיי, האָב איך צופעליק, באַגעגענט אַ ייד, אַ חזן פון אונדזער שטאָט. דערהערט אַז מען רופט מיך ראַפּאָפּאָרט, גיט ער מיר פאַרזיכטיק אַ פרעג: — צי האָט איר עפּעס אַ שייכות צו ר׳ זלמן ראַפּאָפּאָרט? און ווען איך האָב אים געזאָגט, יאָ, איך בין זיינער אַ זון, האָט ער ניט געוואָלט גלויבן. — וואָס רעדט איר צו מיר? צי ווייס אימיצער דאָ, אין עק וועלט, אין שאַנכיי, ווער איר זענט, און פון וואָס פאַר אַ יחוס איר שטאַמט? ער האָט מיך אַ לאַנגע ווײַלע ניט אָפּגעלאָזן, און געהאַלטן אין איין רעדן וועגן מיין פאָטער, מיט אַזאַ גרעני־צלאָזן יראת־הכבוד. ער האָט מיר אויסגערעכנט זיינע שבחים, זיין למדנות, זיין פרומקייט, זיין פּקחות, זיין קלוגשאַפט און צו דעם אַלץ, זיין פשוטקייט, זיין ענוות און זיינע מידות־טובות.

דאָ אין אויסטראַליע, האָט אַ פרוי געקענט מיין מוטער — אַ פרוי וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון לאַגער. זי איז אויף מיר אַרויפגעפאַלן, זיך פו־נאַנדערגעוויינט:

— שרה־צביהס אַ זון האָב איך דאָ געטראָפן. דו ווייסט, אַז ווען ניט דיין מאַמע, וואָלט איך ניט געקענט אויסהאָדעווען מיינע קינדער.

אויף פאַרשיידענע אופנים האָבן מיר מענטשן אַנטקעגן געטראָגן זייערע דערינערונגען.

ווי פאַרשיידן עס זיינען געווען די כאַראַקטערן פון מיין טאַטע־מאַמע. מידת־הדין און מידת־הרחמים! און פון די דאָזיקע מעלות האָט זיך געשאַפן אַ שטוב וואָס איז אומפאַרגעסלעך און ווו עס האָט געהערשט אַ זעלטענע האַרמאָניע צווישן יידישקייט און מענטשלעכקייט.

עס ווילט זיך צום סוף צוגעבן און זאָגן איין מאָל און נאָך אַ מאָל:

עס זיינען שוין ניטאָ און עס וועלן שוין מער קיין מאָל ניט זיין אַזעלכע יידישע מענער און פרויען. טאָ זאָל פאַרבלייבן איינגעקריצט אויף אייביק, טיף אין אונדזערע הערצער דער הייליקער אָנדענק זייערער!

## שמואל־לייב ראַבינאָוויטש ע״ה (לאָנדאָן 1952 — 1882)

### ווער איז ער געווען דער אומבאַקאַנטער שרייבער?

שמואל־לייב ראַבינאָוויטש איז מיט העכער זיבעציק יאָר צוריק געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק, אין אַ מאָדערן־נגידישער, לומדישער און משכילי־שער שטוב, ווו תורה און חכמה זיינען געגאַנגען האַנט ביי האַנט. זיין זיידע און עלטערזיידע זיינען שוין געווען קערנדיקע ביאַליסטאָקער גבירים. דער טאַטע זיינער, ר׳ יעקב ראַבינאָוויטש איז געווען אַן אָנגעזעענער טוך־פאַבריקאַנט.

שמואל־לייב האָט פאַרמאָגט גרויסע פעיקייטן און געהאַט אַ שטאַרקן חשק צום לערנען. שוין אין דער פריסטער יוגנט זיינער, איז ער געווען באַ־האַוונט אין תלמוד, תנך און אין העברעיש. דערצו האָט ער פאַרמאָגט אַ גרויסן באַגאַזש פון וועלטלעכער בילדונג; ער איז געווען אויסגעבונדן אין די דייטשע און רוסישע קלאַסיקער און האָט געקענט אויף אויסנווייניק גאַנצע שטיקער פון געטע און שילער און אויך די שענסטע פאָעמעס פון פושקינען און לערמאָנטאָוון, וואָס ער פלעגט דעקלאַמירן מיט אַן אמתן רוסישן אַקצענט. ער איז גאַנץ יונג שוין געווען אַ דערפאָלגרייכער פאַבריקאַנט און סוחר און איז צוליב זיינע געשעפטן אויסגעוווען ווו די וועלט האָט נאָר אַן עק. מען האָט אים געקענט טרעפן אין דער פריצישער וואַרשע, און באַלד אין דער

צאַרישער מאָסקווע. אַט קומט ער אין דער זוניקער יעווּפּאַטאָריע — ביים שוואַרצן ים, און באַלד גיט ער אַ שפּרונג קיין בערלין. ער האָט געפירט גרויסע געשעפטן, אָבער געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז אויך געווען אַ שטיק פון זיין לעבן. זיינע באַקאַנטע זיינען געווען די גרעסטע יידישע נאַציאָנאַלע פיגורן און ציון־פירער פון זיין תקופה, ווי ד״ר כאַזאַנאָוויטש, נחום סאָקאָלאָוו, זעליק בראָדעצקי און נאָך און נאָך.

ער האָט צוגעלייגט אַ האַנט און געהאָלפן זיי, ווי וויט ער האָט געקענט, צו פאַרווירקלעכן זייערע און זיינע שטרעבונגען און אידעאַלן פון חיבת און שיבת ציון.

די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר פון זיין לעבן, האָט ער געוווינט אין אַ פאָרשטאָט פון לאָנדאָן. אין זיין שרייבצימער פלעגן שטיין פול געפּאַקטע פּאָליצעס מיט ספרים און ביכער אין אַלע שפּראַכן. דאָרט האָט זיך ביי אים דערוועקט דער חשק צו באַשרייבן אַלץ וואָס ער האָט געדענקט פון אַ מאָל, און אַזוי ווי ער האָט פאַרמאָגט אַ זעלטענעם זכרון, האָט ער געהאַט אַ סך וואָס צום דערציילן און וועגן וואָס צו שרייבן וועגן ביאַליסטאָק און וועגן אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך וועלכע ער האָט געדענקט פון זיינע קינדער־יאָרן; און אַ שרייבער איז ער געוואָרן איבער נאַכט, ער איז גלייך געוואָרן פּאָפּולער און באַליבט.

ש. ל. ראַבינאָוויטש שילדערט פאַר אונדז אַ פאַרשוווּנדענע וועלט פון שטאָלצע און שיינע יידן. זיינע באַשרייבונגען זיינען פול מיט חן און פאַרמאָגן אַ זיסן האַרציקן פאָלקלאָר, דורכגעוועפּט מיט אַ שפּרודלדיקן הומאָר. דערפאַר האָט מען אים טאַקע געקרוינט מיט דעם כשר־פאַרדינטן נאָמען „דער ביאַ־ליסטאָקער שלום־עליכם״. איר דאַרפט מיר אָבער ניט גלויבן אויפן וואָרט. איר וועט באַלד לייענען עטלעכע פון זיינע זאַכן און איר וועט זיך אַליין איבערצייגן, אַז אַלץ איז אמת.

איך האָב דעם יידן אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט כאָטש, מיר האָבן זיך פּערזענלעך ניט געקענט. דערפאַר טאַקע, האָב איך געפונען פאַר נייטיק, אַריינצונעמען אין מיין בוך עטלעכע פון זיינע אַרבעטן, אַ ביסל פאַרקירצט.

## אַ ביאַליסטאָקער הספד־מאַכער פון ש. ל. ראַבינאָוויטש

דער גרעסטער ספּעציאַליסט אין ביאַליסטאָק צו מאַכן הספדים איז געווען ר׳ זלמן מגיד. ער האָט געהאַט פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס הספדים און אויך פון פאַרשיידענע פּרייזן. איר האָט געקענט ביי ר׳ זלמנען באַשטעלן אַ ביליקן הספד פאַר פינף־זעקס גילדן, אָדער גאָר אַ לוקסוס־הספד פאַר צען

גילדן. און דעם אמת מוז מען זאָגן, אַז ר׳ זלמן האָט געמאַכט אַ הספד פאַר צען גילדן, האָט ער פאַרגאָסן אַזוי פיל טרערן, אַז אַ שטיין פון ברוק האָט געמוזט וויינען. ר׳ זלמן האָט געהאַט אַ געוווינהייט, אין מיטן הספד אויס־שרייען פלוצלונג, מיט אַ הארצרייסיקן קול: „רבותי! הייליקע יידן! קוקט, זעט דעם סוף! אָט איצט איז די צייט צו תשובה טאָן!" — די ווייבער האָבן אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק צו כליפּען, אַזוי ווי די וועלט וואָלט אונטערגעגאַנגען.

אַ סך האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס עפּעס גראָד איצט, אין מיטן העלן מיטוואָך דאַרפן מ׳יר אַלע תשובה טאָן, בלויז דערפאַר, וואָס עמיצן האָט זיך פאַרגלוסט שטאַרבן אין אַזאַ מיאוסן, רעגנדיקן טאָג. און וועמען האָט עס דער הספד־מאַכער געהייסן תשובה טאָן? אָט די אָרעמע ווייבער, אין די ציצענע קליידלעך מיט די פאַרלאַטעטע שיך און מיט אַ שטיקל סימן פון אַ געוועזענער וואָלענער פאַטשיילע אויפן קאָפּ; זיי, די ווייבער, האָבן טאַקע אויסגעבראָכן אין אַ שטאַרקן געוויין, ווען ר׳ זלמן מגיד האָט זיי גערופן תשובה טאָן.

אַ טשעקאַווע זאַך האָט מען געקענט זען ביי אונדז אין ביאַליסטאָק: אויף אַ לוויה, זאָל מען באַהיט ווערן, זיינען זיך צונויפגעלאָפן ווייבער וואָס זיינען געווען ניט קיין פריינד און ניט קיין שכנים און אַפילו ניט קיין באַ־קאַנטע פון דעם בר־מינן, נאָר גלאַט אַזוי. זיי זיינען זיך צונויפגעקומען פשוט פון פאַרגעניגן וועגן, אויסצוווינען זיך אַ ביסל, כדי עס זאָל ווערן גרינגער אויפן האַרצן. אַנדערע האָבן געהאַט צו וויינען אויף דער שווערער און בי־טערער „דאָלע" זייערער, וואָס זיי האָבן ביי די שלימזלדיקע מאַנען, די ברויט־געבערס. אַנדערע ווייבער האָבן בעת מעשה געקלערט וועגן די קינדער זייערע, וואָס זיינען אַוועק אין דעם גאָלדענעם לאַנד און האָבן פאַרגעסן אין דער אָרעמער מאַמען זייערער, וואָס איז געבליבן אַן אַלמנה מיט אַ שטוב יתומים וואָס ליידן הונגער און מאַלע וואָס נאָך פאַר אַ טרויעריקע געדאַנקען עס קומען אין קאָפּ אַריין אַן אָרעמער יידענע, ווען ר׳ זלמן דער הספד־מאַכער עפנט אויף די וווּנד זייערע. איינע קלאָגט אויף קינדער, זי זעט ביי דער לוויה קינדער, וואָס זאָגן קדיש און זי איז געבליבן אַן אַלמנה, אָן אַ קינד און אָן אַ רינד און אָן אַ קדיש־זאָגער; אַן אַנדער יידענע כליפּעט און ווישט זיך די נאָז מיט די אויגן מיט איר עלנבויגן, ווען זי דערמאָנט זיך טאַקע, שטייענדיק ביי דער לוויה, אַז ביי איר אין שטוב איז ניט פאַר אונדז געדאַכט נישטאָ קיין ביסן ברויט אויף קיין רפואה און ער, דער שפייזער פון דער משפחה, אָך און וויי איז שטאַרק פאַרנומען; ער לויפט אַרום פון אינדערפרי

ביז שפּעט ביינאַכט פון איין בית־מדרש ביזן אַנדערן צו כאַפּן אַ „ברוך הוא וברוך שמו" און אַן אַ צאָל „קדושות". דאָס גרייט ער צו פאַר איר מיט די קינדער שטולן אין גן־עדן. צו וואָס האָט ער עס געטאָן — ר׳ זלמן דער הספד־מאַכער? ער איז דאָך געווען ניט קיין נאַרישער ייד! אָבער פאַרפאַלן, אַזאַ נאַטור האָט ער שוין געהאַט. און ווי נאָר ער האָט געזען, אַז זיינע קלאָגרייד האָבן אָנגעריסן און ער האָט אַ דערפאָלג, האָט ער אָנגעהויבן שטאַרקער אונטערצוזאַלצן און מוסרן אָט די צעבראָכענע און פאַרשמאַכטע יידענעס נעבעך.

— הערט נאָר — האָט ער געמוסרט זיי — פאַר וואָס פאַרגינט איר זיך אַזוי פיל עולם־הבא, דאָס הייסט, זיי לאָזן זיך ווויליגיין אויף דער וועלט און פאַרגעסן אין גאַנצן, אַז מען דאַרף צוגרייטן מעשים־טובים אויף יענער וועלט; אַנדערע ווייבער פאַרגעסן צו גיין אין מקווה און זיי גייען פאַרשייט אין די אייגענע האָר און נאָך אַזעלכע ראָסקאָשן, וואָס זיי פאַרגינען זיך אויף דער וועלט...

אָט, קוקט! — פלעגט דער הספד־מאַכער אויסשרייען — צוליב פרעמדע זינד שטאַרבן אַזעלכע גרויסע צדיקים ווי אונדזער נפטר איז געווען.

הכלל, פאַר אַזאַ מין סאָרט הספד האָט ר׳ זלמן אַריינגעקראָגן צען גילדן אין קעשענע און אַלע צוהערערס און צוהערערקעס פלעגן אַוועקגיין פון דער לוויה דערשלאָגענע, צעוויינטאָקטע און אויסגעווייקטע אין טרערן. נישט נאָר אַלע דערוואַקסענע, נאָר אַפילו מיר חדר־יינגלעך, פלעגן כמעט אַ נדר טאָן נישט צו טאָן קיין שום עבירות און ניט זינדיקן... ביז... ביז... מיר וועלן קומען פון דער לוויה צוריק אַ היים.

## ביאַליסטאָקער האָלצהענדלערס

ווען מיר זאָגן האָלצהענדלערס, מיינען מיר נאָר די יידן וואָס האָבן פאַרקויפט האָלץ צו הייצן די אויוונס אין די שווערע ווינטערס. אַ מאָל האָט מען דאָך ניט געוווסט פון די היינטיקע מאָדערנע מיטלען אָנצוואַרעמען די צימערן אין די הייזער מיט „סטים" אָדער עלעקטרע. אין ביאַליסטאָק זיינען געווען אַ סך אַזעלכע סוחרים פון ברענהאָלץ. מיר וועלן אָבער היינט דער־ציילן בלויז פון איינעם. ר׳ שמואל געלער האָט מען אים גערופן.

ווען דער שמואל געלער איז נאָך געווען גאָר אַ יונגער מאַן, האָט זיך אין ביאַליסטאָק געעפנט אַ נייע גאַס. און אַזוי ווי דאָרט האָט זיך באַזעצט ר׳ נחומקע דער קאָברינער רבי האָט מען די גאַס אַ נאָמען געגעבן „דעם רבינס געסל". מען האָט עס אויך גערופן ר׳ שמואל געלערס געסל, וויילאָט דער ייד, דער סוחר פון ברענהאָלץ, איז געווען פון די ערשטע אויס־

צובויען דאָרטן אַן אייגן הויז. — זאָלן מיר דאָס פאַרדינען אַלע חודש וויפל ער איז שולדיק געווען אויף זיין הויז אָבער אַבי פּעשע די ווייב זיינע איז געווען צופרידן, וואָס זי פאַרמאָגט ניט נאָר אַן אייגענע שטוב נאָר אַ גאַנצע גאַס.

מיר וועלן אייך ניט פאַרנעמען די צייט און מיר וועלן אייך גלייך דערציילן ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען אין ביאַליסטאָק דער האַנדל מיט ברענהאָלץ. שמואל געלער האָט געהאַט אַלערליי קונדן. אַנדערע פלעגן קויפן אַ גאַנץ „אַכטל" האָלץ, אַנדערע אַ האַלב אָדער גאָר אַ „פערטל אַכטל" — יעדער איינער לויט זיין פאַרמעגן און דער עיקר לויט זיין חשק צו באַצאָלן פאַר דעם האָלץ. איז איינער געווען אַ שלעכטער צאָלער, פלעגט ער לאָזן נאָכלויפן דעם האָלצהענדלער אַ האַלבן יאָר נאָכן געלט און צום סוף פלעגט ער אים געבן אַ וועקסעלע וואָס ער פלעגט אויך ניט באַצאָלן. אַזאַ ליכטיקער קונה פלעגט קויפן אַ גאַנץ „אַכטל". (אויף רוסיש האָט עס געהייסן אַ „סאַזשען"). בעסערע קונדן, וואָס האָבן אויפן מאָמענט ניט געהאַט קיין מזומן געלט — זיי האָבן אָבער יאָ באַצאָלט — אַזעלכע פלעגן קויפן אַ האַלב אַכטל. גבירים און ערלעכע אָרעמע באַלעבאַטים פלעגן קויפן ניט מער ווי אַ פערטל אַכטל. די אָרעמע האָבן געקויפט אַ סך ווייניקער — צוליב דחקות און אפשר טאַקע דערפאַר, ווייל ר' שמואל געלער אָדער אַן אַנדער האָלצהענדלער האָט ניט געוואָלט ריזיקירן אַריינצופאַלן מיט אַ גרעסערער סומע.

די רייכע ווידער, האָבן זיך געקלערט, אַז די וועלדער וועלן ניט חרוב ווערן און פאַר זייער געלט וועלן זיי שטענדיק קריגן האָלץ. עס קען גאָר פאַסירן, עס זאָל זיין אַ לייכטער ווינטער און האָלץ קען גאָר ביליקער ווערן. און צווייטנס, פאַר וואָס עפּעס געבן צו לייזן נאָר איין יידן, מע טאָר אַ צווייטן האָלצהענדלער אויך ניט פאַרלאָזן.

איצט וועלן מיר צוגיין צום צווייטן קאַפּיטל פון דעם מסחר פון האָלץ. אַרויפגעפירט דעם וואָגן האָלץ צו אַ באַלעבאָס אויפן הויף, האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע חתונה — ווי אַזוי מע זאָל איינלייגן דאָס האָלץ, מען זאָל עס קענען אָפּמעסטן. אַלע געדענקען געוויס, אַז די האָלצהענדלערס פלעגן שטענדיק איינלייגן דאָס האָלץ מיט די שפּיציקע סענקעס פון אונטן אין די פלאַכע זייט שטענדיק פון אויבן און די ווייטערדיקע שיכטן ווידער אויף דעם זעלביקן אופן ביז גאָר אויבן. יעדע שטיק האָלץ האָט געהאַלטן אַ מעטער די לענג און צוליב דעם דאָזיקן קונציקן איינלייגן דאָס האָלץ פלעגט צווישן איין שטיק האָלץ ביז דעם אַנדערן בלייבן גרויסע לעכער וואָס דורך זיי האָט מען געקענט זען די מענטשן פו אַנטקעגן. די האָלצהענדלערס פלעגן זיך וויצלען און זאָגן, אַז פאַר די לעכער נעמען זיי ניט קיין געלט, זיי נעמען

נאָר פאַר דעם האָלץ. די קויפערס אָבער פלעגט די חכמה שטאַרק ניט געפעלן ווערן, ווייל דער קונד האָט געזען אַז מע וויל אים דאָ שטאַרק אָפּנאַרן האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש און אונטערהאַנדלונגען מיטן האָלץ־סוחר. דער האָלצהענדלער — צי דאָס איז געווען ר׳ שמואל געלער אָדער אַן אַנדערער, פלעגט זיך די ערשטע פּאָר וואָכן אויסבאַהאַלטן און מען האָט אים ניט געקענט געפינען ער האָט געוואָלט מען זאָל דערווייל צעהאַקן דאָס האָלץ און אָנהייבן נוצן עס. אין אַ סך פאַלן פלעגט זיך די קונץ איינגעבן, ווייל דער פראָסט איז געקומען מיט אַ מאָל און מען האָט שוין דאָס האָלץ גלייך באַדאַרפט האָבן, אָדער, מען האָט געהאַט נייטיק דעם פּלאַץ אויפן הויף פאַר אַ צווייטנס שכנס האָלץ. אין אַזאַ פאַל האָט שוין געכאַפּט דעם שאַנס דער האָלצהענדלער — גיי לאָד אים שפּעטער צום „ונתנה תוקף" אַז דאָס האָלץ איז שוין ניטאָ. דערפאַר אָבער האָבן די האָלצהענדלערס מיט רייכערע באַלעבאַטים אַזעלכע קונצן ניט געקענט מאַכן און זיי האָבן טאַקע געהאַט פון זיי די גאַל אין מויל.

די רייכע באַלעבאַטים, האָבן געהאַט גענוג פּלאַץ אויף זייער הויף, און עס איז נאָך געבליבן האָלץ פון פאַר אַ יאָרן, אַזוי אַז זיי האָבן זיך ניט געלאָזט אָפּנאַרן, און די האָלצהענדלערס האָבן געמוזט צופירן נאָך אַ ביסל האָלץ, עס זאָל זיין די פולע מאָס. די גבירים פלעגן עס מאַכן אויף אַזאַ אופן: ווען דאָס האָלץ איז שוין פון נעכטן געשטאַנען אויפן הויף, פלעגט דער באַלעבאָס אָנטאָן זיין וואַרעמען שלאָפראָק און צוזאַמען מיט זיין סטרוזש, פלעגן זיי זיך נעמען צו דער אַרבעט. ראשית־כל, פלעגט דער באַלעבאָס אָפּלאָזן און פרייער מאַכן דעם פאַס פון די הויזן און פאַרקאַשערנדיק די אַרבל, האָט ער צוזאַמען מיט יאַנעקן אָדער סטאַשעקן, צעוואָרפן דאָס פאַלש איינגעלייגטע האָלץ און אָנגעהויבן איינלייגן אויף דאָס ניי; און גאָר אויף אַן אַנדער אופן טאַקע, — אַזוי ווי הערינג אין אַ פעסל.

געענדיקט די אַרבעט, פלעגט מען שיקן רופן ר׳ שמואל דעם האָלצהענדלער און געוויזן אים, זאָל ער זען, עס פעלט דאָך אַ סך האָלץ צו דער מאָס. דאָ האָט שוין ר׳ שמואל ניט געקענט זיך אויסבאַהאַלטן — אַ ניין — ער האָט געמוזט גלייך קומען צו גיין, און אַז ער האָט דערזען דעם בראָך, האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש און אַ קריגערייַ; די קולות זיינען דערגאַנגען ביזן הימל, ביז דער באַלעבאָס איז שטאַרק אין כעס געוואָרן און געגעבן אַ געשריי:

— „קאָכט זיך ניט אַזוי ר׳ שמואל, מיך וועט איר ניט פירן אין באָד אַריין — אויב עס לוינט אייך ניט — נעמט זיך צוריק געזונטערהייט אייער האָלץ!"...

ווען מען זאָל איינעם געבן מיט אַ שטיק האָלץ איבערן קאָפּ, וועט אַזוי ניט ווי טאָן, ווי עס טוט ווי דעם האָלצהענדלער, ווען ער הערט אַז מען הייסט אים צונעמען דאָס האָלץ צוריק. די קישקעס דרייען זיך ביי אים איבער צען מאָל אין בויך.

מיט דער דאָזיקער גוטער בשורה, קומט ר׳ שמואל צו גיין אין שטוב, אַ צעקאָכטער, אַזוי ווי פון אַ שוויצבאָד, און דערציילט עס פּעשען, דער ווייב זיינער. פּעשע רעדט ניט קיין וואָרט, גייט אַריין אין קאַמער און טוט זיך אָן שבתדיק. זי גייט אַוועק צום גביר זיך דורכשמועסן און פאַרמיטלען דעם עסק. פּעשע רעדט מיט די הענט און מיטן מויל. עס העלפט אָבער ווי אַ טויטן באַנקעס. — אַ גביר איז שטענדיק גערעכט. צווייטנס, ווייל זי מיטן גביר זיך ניט איינרייסן, ווייל זי וועט דאָך שבת זיך ניט קענען באַרימען אין איר בית־מדרש, אַז דער און דער גביר, קויפט ביי איר האָלץ. און מען האָט דאָך קינדער אין די וויגן, מע וועט מירצעשעם חתונה מאַכן אַ קינד, וועט מען דעם גביר אויך שיקן אַ בילעט אויף דער חתונה, ער קען אַ מאָל אפשר קומען אויך — נו, וועט ער דאָך פאַרשיינען די גאַנצע שמחה.

הכלל, ר׳ שמואל האָט געוויינט, אָבער ער האָט געמוזט זען, אַז דער גביר זאָל בלייבן צופרידן און אויך פּעשע, די אשת־חיל זיינע, זאָל ניט פאַרלירן קיין מחותן אויף די קינדערס חתונה. ווייל דער שולדיקער דעמאָלט, וועט ער דאָך זיין.

און אַז מע רעדט שוין וועגן פּעשען, דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז זי איז געגאַנגען אין די הויזן און זי האָט אָנגעפירט מיט דער שטוב, און ניט ר׳ שמואל.

ראשית, האָט זי געוואָלט, אַז די עלטסטע טאָכטער אירע, רחל־לאה, זאָל זיין אַ געבילדעטע, זי זאָל קענען רעדן מיט די באַן־באַאַמטע אַ גוטן רוסיש, ווייל דאָס גאַנצע געשעפט, ר׳ שמואלס איז געלעגן אין די וואַגאָנעס האָלץ אויף דער באַנסטאַנציע. היינט מיט די גויים אין די דערפער — די ברויט־געבערס וואָס פלעגן פונאַנדערפירן דאָס האָלץ — האָט מען געדאַרפט קענען רעדן פּויליש. היינט, זאָלט איר מיר געזונט זיין — מיט די שיינע יידישע באַלעבאַטים, מיט די בעסערע קונדן — האָט מען געדאַרפט קענען רעדן אַ גוטן, אַן איידעלן יידיש, דורכגעפלאָכטן מיט לשון־קודשדיקע ווערטער. דאָס אַלץ קען זיין אַ מעלה צו אַ שידוך. אַ מאַמע, און נאָך אַזאַ מאַמע ווי פּעשע, דאַרף האָבן אַ ווייטן קוק. רחל־לאה האָט טאַקע אַ סך געלייענט ביכער און ביכלעך און איז גאַנץ יונג אַוועק אויף גאָר אַן אַנדער וועג.

זי פלעגט שטיין אויף דער אַרבעטער בירזשע און דיסקוטירן.

דאָס איז געווען אין סאַמע אָנהויב פון הייגטיקן יאָרהונדערט. רחל־לאה האָט געהאַט אַ מויל אויף שרויפן. זי האָט יעדע פּאַרטיי אַוועקגעלייגט אויף

די לאַפּאַטקעס. צו די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט זי געשריען: „איר רעדט טאַקע זייער שיין, איר זענט אַלץ אין דער וועלט, אָבער ניט קיין יידן". צו די ווידער, וואָס האָבן זיך צוגעטשעפּעט צו דער פּוילישער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי פּ.פּ.ס., האָט זי געזאָגט: „אַזעלכע יידישע יונגעליט דאַרף מען שיקן אין „ווילייקע", דעם באַרימטן פּלאַץ פאַר משוגעים". אַלע יענע פּאַרטיי מענטשן — פּלעגט זי זאָגן — אַז ראשית־כל זיינען זיי יידן. — „קומט! לאָמיר פריער שאַפן אונדזער אייגן ווינקעלע. אָט דאָס דאַרף זיין די איינציקע אויפגאַבע אונדזערע, און דערנאָך וועלן מיר זען, וואָס פאַר אַן אָרדנונג זאָל דאָרט זיין". אַזוי ווי זי איז געווען שטאַרק באַלעזן, האָט זי ציטירט ד"ר הערצלס „אַלט־ניי־לאַנד", פּינסקערס „אויטאָעמאַנסיפּאַציע" און „רוים און ירושלים" פון משה העס.

אַזוי גיך ווי טאַטע־מאַמע האָבן באַמערקט אַז די טאָכטער זייערע, האָט זיך שטאַרק אויסגעלינקט, האָבן זי גאָר גיך אַוועקגעשיקט איר קיין אַמע־ריקע. זי האָט אַריבערגענומען אַהינצו אויך די אַנדערע צוויי שוועסטער.

אין שטוב זיינען געבליבן צוויי יינגלעך. דער עלטערער — בערל — איז אַוועק אַרבעטן אין דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־בראַנזשע, און איז אויסגע־וואַקסן אַ שיינער בחור און אַ גוטער פאַרדינער. פונעם מעזיניקל, אָבער, האָט מען געהאַט גרויסע צרות. ווען ער איז אַלט געוואָרן דריי־פיר יאָר, האָט מען זיך אַרומגעזען אַז ער קען ניט רעדן מען האָט גענומען טאָן אַלערליי באַבסקע רפואות, אָבער אַ נעכטיקער טאָג, ער דברט ניט און טוט אים עפּעס. מען האָט אָנגעהויבן צו גיין צו דאָקטוירים, און זיי האָבן געזאָגט, אַז מען קען דאָ גאָרניט העלפן — ווייל ער איז ניט נאָר שטום, נאָר טויב אויך.

אָבער דאָ לויפן די יאָרן, דער חברה־מאַן וואַקסט ווי אויף הייוון. אין חדר קען מען אים ניט שיקן, און מען קען פון אים קיין מענטש ניט מאַכן. ער שלאָגט זיך אַרום מיט אַלע יינגלעך אין גאַס, הרגעט זיי מכות רצח — און אים אַליין קען מען גאָרניט טאָן, אַקוראַט, ווי מיטן קהלשן באָק אין די אַמאָליקע קליינע שטעטלעך. ער טוט אַן שאָדן, ער צעשטערט און צעברעכט אַלץ, אָבער אים אַליין קען מען ניט באַשטראָפן. טאָ וואָס זשע טוט מען פאָרט? האָט מען גענומען זוכן פאַר דעם טויב־שטומען חכם עפּעס אַ מלאכה, מען האָט געקלערט און געקלערט און מען האָט פאַר אים קיין בעסערע אַרבעט ניט געפונען ווי שוסטעריי. וואָרעם, אין דער אמתן, צו וואָס דאַרף אַ שוסטער קענען רעדן? אַז בסך הכל, ווען ער שלאָגט די טשוועקלעך אין די פּאָדעשוועס, קען ער דאָך ניט רעדן און ער טאָר גאָר ניט רעדן, ווייל דאָס מויל זיינס איז דאָך פול מיט הילצערנע טשוועקלעך, פאַבריצירט אין פּינסק, און ער מוז כסדר מיט זיין צונג אינעווייניק אין מויל, מאַכן זיי נאַס, זיי זאָלן זיך גרינג אַריינגליטשן און ניט צעבראָכן ווערן ביים אַריינקלאַפּן זיי אין שוך אָדער אין שטיוול. —

און איר האָט דאָך געוויס געזען ווי אַ שוסטער אַרבעט ווען ער דאַרף אַ טשוועקל; ער רוקט אַריין זיינע צוויי פאַרדריפּעטע פינגער אין מויל אַריין, נעמט אַרויס אַ דורכגענעצטן טשוועקל און קלאַפּט אַריין אין דעם לעכל. וואָס ער האָט נאָר וואָס דורכגעשטאָכן מיטן שפּיציקן אָל. היינט, שטעלט זיך פאָר, ווען אַ שוסטער זאָל אין אַזאַ מאָמענט נעמען רעדן — איז אָדער ער וועט אַראָפּשלינגען די טשוועקלעך, אָדער זיי וועלן אים אַרויספאַלן פון מויל. ביים ציען ווידער די דראַטווע, מוז ער אויך גוט אַכטונג געבן, ניט אויסצורעדן קיין וואָרט און ניט אָפּדרייען דעם קאָפּ אויף קיין איין סעקונדע פון דער אַרבעט, ווייל אויב ניט, קען די דראַטווע פארקריכן קיין האָצעפּלאָץ, און ניט אין דעם דורכגעשטאָכענעם לעכל...

אפשר וועלן זיך געפינען חכמים, וואָס וועלן זאָגן, אַז א שוסטער וועט דאָך אַ מאָל חתונה האָבן אויך, דאַרף ער דאָך זיך קענען דורכרעדן און ענט־פערן אַ ווייב... טאָ זייט מיר מוחל, און זאָגט מיר אדרבא, וואָס אַזעלכעס איז כדומה, למשל, פאַראַן צו רעדן מיט אַן אייגענער ווייב?... דוכט זיך, וואָס ווייניקער מען רעדט, אַלץ איז געזינטער און בעסער... היינט מיט אַ פרעמדער ווייב טאָרן דאָך יידן בכלל ניט רעדן — טאָ, צו וואָס טאָקע, דאַרף אַ שוסטער קענען רעדן? איי, — וואָס־מען צעקריגט זיך אַ מאָל און מע דאַרף דער ווייב וואַרפן אַ שטיוול אָדער אַ האַמער אין קאָפּ — דאָס קען אַ שטומער שוסטער אויך „פּאַטראַפּיען".

בקיצור, געלערס טויב־שטומער תכשיט איז געוואָרן מיט מזל אַ שוסטער.

— אלה תולדות — אָט האָט איר אַ בילד פון אַ ביאַליסטאָקער יידן מיט זיין משפחה, אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

## ר׳ שמואל מאָהיליווער ז.צ.ל.

שטריכן צו דער ביאָגראַפיע פון דעם באַרימטן ביאַליסטאָקער רב.

**פון שמואל־לייב ראבינאוויטש ע״ה (לאנדאן)**

צען יידן געראַטעוועט פון טויט

**אין יאָר 1860, איז ר׳שמואל מאָהיליוועער, געוואָרן רב אין סוואַלק — אַ שטאָט וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע און ניט קיין אָרעמע יידישע באַפעל־**קערונג. די פּאָליטישע לאַגע פון די יידן אָבער, איז געווען דעמאָלט זייער אַ געפערלעכע און אַ טרויעריקע.

עס איז אויסגעבראָכן דער פּוילישער אויפשטאַנד, דער „מיאַטעזש" ווי מען האָט עס גערופן. דער באַרימטער רוסישער תליון — גענעראַל מוראַוויאָוו — האָט זיך אונטערגענומען איינצושטילן דעם בונט און באַרויקן די פּאָלאַקן, און ער האָט אויך ניט געשאַנעוועט יידן. הונדערטער יידן זיינען

געוועזן קרבנות פון מסירות, ווייל די מאַכט האָט געהאַלטן, אַז יידן שטיצן די פּאָלאַקן. פאַר דעם קלענסטן פאַרדאַכט, אָדער מסירה פון אַ בייזער צונג, פלעגט מען אויפהענגען אָן אַ משפט, אָדער אין בעסטן פאַל אַוועקשיקן קיין סיביר.

אַזעלכע זאַכן פלעגן טרעפן אין סוואַלק יעדן טאָג, ווייל די שטאָט האָט געהאַט אַ געמישטע באַפעלקערונג פון יידן, פּאָלאַקן און ליטווינער. די ליטווינער האָבן פיינט געהאַט סיי די יידן און סיי די פּאָלאַקן, האָבן זיי זיך נוקם געווען אין אַלעמען, אָן שום רחמנות, ווייל זיי האָבן געהאַלטן אַז די ערד איז געווען זייערע. און אַזוי ווי די מסירות אויף די יידן זיינען געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, האָט ר׳ שמואל מאָהיליווער אַרויסגעוויזן זיינע פעיקייטן אַלס קלוגער פאַרטיידיקער און שתדלן. ער האָט געוווּנען דעם צוטרוי פון דער „נאַטשאַלסטוואָ״ אין סוואַלק און מיט זיינע לאָגישע רייד האָט ער געראַטעוועט צענדליקער יידן פון טויט. דער צוטרוי צו אים איז געוואַקסן אין די דאָזיקע אומרויקע יאָרן און ער איז באַלוינט געוואָרן פון דער רוסישער רעגירונג מיט אַ מעדאַל.

אין דעם ספר הזכרונות פון ר׳ שמואל מאָהיליווערס פּריוואַטן סעקרעטאַר איז פאַרצייכנט זייער אַן אינטערעסאַנטער פאַל.

אין יאָר 1863, ווען דער פּוילישער "מיאַטעזש„ איז געווען אין רעכטן ברען, האָט מען אַריינגעשיקט קיין סוואַלק אַן עסקוואַדראָן קאָזאַקן. דער אָפיציר זייערער איז געווען אַ פּשוטער מערדער; ער האָט אָן אַ שום פאַרוואָס אַרעסטירט צען יידן — די שענסטע באַלעבאַטים פון שטאָט, און מען האָט זיי באַשולדיקט אין העלפן די פּאָלאַקן אין דעם אויפשטאַנד. אַ טויטשרעק איז באַפאַלן די יידן אין שטאָט. אין אַלע הייזער איז מען געזעסן און געקלאָגט. דאָס האָט גראָד פּאַסירט צווישן ראש־השנה און יום־כיפור, ווען ביי יידן זיינען טרערן ביליק.

ערב יום־כיפור אין דער פרי זיינען אַריינגעפאַלן צום רב די משפחות פון די אַרעסטירטע מיט אַ געוויין, און געבעטן אים, אַז ער, מיט נאָך עטלעכע יידן זאָלן גיין צו דעם קאָזאַקן אָפיציר און זען, אפשר וועט מען קענען פועלן. ער זאָל אַרויסלאָזן די אַרעסטאַנטן פון טורמע, ניט מער ווי אויף דעם איינציקן טאָג — יום־כיפור. כאָטש מען האָט געוווּסט, אַז אַזאַ מין שתדלנות איז זייער ריזיקאַליש, דאָך האָט די דעלעגאַציע, מיט ר׳ שמואל מאָהיליווער בראש, גלייך אַוועק צו דעם אָפיציר, וואָס איז שוין געווען גוט שיכור. דער רוצח האָט געזען די יידן אַריינקומען, איז ער געוואָרן ווילד, גענומען טופּען מיט די פיס און געמאַכט דעם אמתן רוסישן מי שברך און אַ ברום געטאָן ווי אַ ווילדער טיגער: „פּאַשאָל וואָן זשידי״! גיכער, אַרויס פון דאַנען! פאַר וועמען קומט איר דאָ בעטן? פאַר די שונאים און פאַררעטער פון אונדזער מלוכה און פון אונדזער צאַר באַטיושקאַ?!

מער טויט ווי לעבעדיק איז די דעלעגאַציע אַנטלאָפן און געזוכט ווי זיך צו ראַטעווען. זיי זיינען שוין אָפּגעלאָפן אַ שטיק וועג, האָבן זיי פּלוצלונג דערהערט ווי אַ רייטער יאָגט זיך נאָך זיי און שרייט: „סטאָי״! (שטייט!). ווען דער קאָזאַק איז צוגעקומען צו זיי, האָט ער געפרעגט: — „ווער איז דאָ דער רב? אונדזער נאַטשאַלניק וויל מיט אים רעדן״. — ״דאָס בין איך!״ — האָט אויס־געררופן ר׳ שמואל מאָהיליווער. — „איך בין גרייט. איך גיי...״

די באַלעבאַטים, די ראשי הקהל זיינען געבליבן שטיין צעשראָקענע און אָן לשון.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און דער רב איז צוריקגעקומען מיט אַ פריילעכן פּנים; ער האָט זיי דערציילט, אַז דער אָפיציר האָט באַפוילן, באַ־פרייען די אַרעסטירטע ביז איבער יום־כיפור, און איך, דער רב אייערער, האָט זיך אונטערגעשריבן און געגעבן אַ גאַראַנטיע, אַז מאָרגן גלייך נאָכן תענית, וועל איך זיי אַליין ברענגען צוריק אין טורמע.

נו! עס ווערט באַשריבן, אַז אַזאַ יום־כיפור האָט נאָך סוואַלק קיין מאָל ניט געהאַט. די שולן זיינען געווען געפּאַקט. אַלע, גרויס און קליין, האָבן פאַר־גאָסן טייכן טרערן. און וואָס מערער עס האָט זיך צוגערוקט די נאַכט, אַלץ מערער איז געשטיגן דער טרויער און די אויפרעגונג ביי דער גאַנצער עדה יידן. באַלד נאָך נעילה, האָט אין שול געהערשט אַ טויטע שטילקייט. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו געזעגענען מיטן רב און מיט אַלע יידן. אָט, אָט, דאַרפן זיי דאָך שוין גיין צוריק אין געפענגעניש.

— ״שאַט!, וואָס איילט איר זיך אַזוי, וואָס איז די בהלה — האָט זיי ר׳ שמואל מאָהיליווער געפרעגט — דאַווענט אָפּ מעריב מיט אַלעמען און גייט אַהיים איבערבייסן; נאָך דעם וועט איר קומען צו מיר. איך בין דאָך פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר אייך״.

די יידן האָבן אַזוי געטאָן ווי דער רב האָט זיי געהייסן. מיט אַ שעה שפּע־טער זיינען זיי געקומען צום רב אין שטוב, באַגלייט מיט זייערע משפחות און געבעטן, דער רב זאָל זיי אָפּפירן אין טורמע. דאָ האָט זיי ר׳ שמואל מאָהי־ליווער, ווידער באַרויקט.

— „איך זאָג אייך ווידער, איילט זיך ניט, האָט ניט קיין מורא. איך ווייס וואָס איך רעד. גייט אַהיים, לייגט זיך שלאָפן און מאָרגן אין דער פרי וועל איך גיין און אָוועקפירן אייך אין טורמע״.

שטעלט זיך אָבער פאָר, אַז אין דער דאָזיקער נאַכט נאָך יום־כפור, האָט דער גאַנצער אָטריאַד קאָזאַקן מיט דעם אָפיציר זייערן דעם שכור, געקראָגן אַ באַפעל, גלייך צו פאַרלאָזן די שטאָט. די אַרעסטירטע, פאַרשטייט זיך, זיינען באַפרייט געוואָרן און די גאַנצע שטאָט מיט אַלע יידן האָבן אויפגעלעבט און געקראָגן אַן אַנדער פּנים.

ד ו ד  ז אַ ב ל ו ד אָ ו ו ס ק י

# ב י י  ר אָ ט ש י ל ד ן  א י ן  פּ אַ ר י ז

פון ש.ל. ראבינאוויטש.־ געדרוקט אין ביאליסטאקער שטימע

(ניו־יארק — 1948)

אין יאָר 1882, איז ר׳ שמואל מאָהיליווער, געפאָרן אויף זיינע אייגענע הוצאות, צו דעם נדיב הידוע באַראָן ראָטשילד, כדי צו כאַפּן מיט אים אַ שמועס. קומענדיק קיין פּאַריז, האָט ער זיך פריער געטראָפן מיט דעם רב הכולל ר׳ צדוק הכהן און האָט אים דערציילט צוליב וואָס ער איז געקומען. ער וויל בעטן ראָטשילדן, ער זאָל צולייגן אַ האַנט און העלפן באַזעצן יידן אויף ארץ־ישראלדיקער ערד. דער רב הכולל האָט אים אויסגעהערט און געענטפערט, אַז ער גלויבט ניט, צי דאָס רוסישע יידנטום וועט זיין פעיק צו ערד־אַרבעט. ר׳ שמואל מאָהיליוועער איז געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט און אויסגעשריגן מיט כעס:

— ״אַזעלכע ווערטער הערן מיר דאָך טאָג־טעגלעך פון די גוים אַנטיסע־מיטן. דאַרפן מיר דאָס נאָך הערן פון אונדזערן אַ ברודער — און נאָך פון אַ רב דערצו. ווי פאַלט אייך איין און ווי די דערלויבט איר זיך צו פאַרמשפּטן פינף מיליאָן יידישע נפשות און זאָגן אַז זיי טויגן צו גאָרניט. ניין! עס איז אַ ליגן! די רוסישע יידן זיינען ניט קיין שנאָרערס. רעספּעקט! דרך ארץ פאַר זיי!!!״

דער רב ר׳ צדוק הכהן איז אויך ניט געווען אַבי ווער. האָט ער באַמיט זיך ריינצווואַשן און כאַפּן די ווערטער זיינע צוריק. ער האָט איינגעלייגט וועלטן. און דעם ערשטן טאָג סוכות ביי טאָג, איז ר׳ שמואל מאָהיליוועער, באַגלייט פון דעם רב ר׳ צדוק הכהן, געזעסן ביי ראָטשילדן אין פּאַלאַץ.

— „דעם אמת זאָגנדיק, — דערציילט ר׳ שמואל מאָהיליוועער — האָב איך ניט געקענט אַנהויבן רעדן. עס איז מיר אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. דאָס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און איך האָב געגומען רעדן.

חשובער הער באַראָן! גרויסער ייד! זייט מיר מוחל וואָס איך וועל רעדן צו אייך אויף דעם זעלבן לשון ווי איך בין געוווינט צו רעדן צו מיין קהלה, אַלס רב פון דער יידישער אַלטער וועלט״.

דער באַראָן האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: — „ביטע, ביטע, מיט פאַרגעניגן, איך וויל הערן״.

ר׳ שמואל מאָהיליוועער האָט אָנגעהויבן אַזוי: — „מיך האָט שטענדיק געאַרט די קשיא וועגן משה רבינו. ער האָט זיך דאָך פּאַראיקעט, געשטאַמלט, און ניט געקענט גוט און קלאָר רעדן. טאָ פאַרוואָס האָט דער אייבערשטער אים אויסגעקליבן ער זאָל גיין צו פרעון רעדן; און נאָך דעם, האָט דער דאָ־זיקער משה, אויך אַרויסגעפירט די יידן פון מצרים, און געפירט זיי צום באַרג

סיני, מקבל זיין די תורה. פאַר אַזאַ מין שטיקל אַרבעט האָט מען דאָך געדאַרפט זוכן און געפינען אַ מענטש וואָס זאָל קענען האַלטן שיינע רעדעס, עס זאָל מאַכן אַ רושם. אָבער טייערער באַראָן, זינט איך בין געוואָרן אַ שליח פאַרן ישוב ארץ־ישראל, איז מיר די קשיא פאַרענטפערט געוואָרן. דער רבונו של עולם האָט אויסגעקליבן אַ שטאַמלער, כדי ער זאָל ניט נודזשען און האַלטן לאַנגע דרשות, נאָר ער זאָל גלייך זאָגן דעם עיקר; וואָס ער פאַרלאַנגט. און מיר זעען דאָך טאַקע, אַז די ערשטע דריי ווערטער וואָס משה האָט געזאָגט צו פרעהן זיינען געווען: „שלח את עמי! שיק אַרויס מיין פאָלק!" היינט, לעבן דעם באַרג סיני, ביים מקבל זיין די תורה, האָט משה רבינו אויך ניט געהאַלטן קיין רעדעס, כדי די וועלט זאָל ניט זאָגן, אַז ער האָט געווירקט און באַ־איינפלוסט די יידן מיט זיינע שיינע ווערטער און זיי איינגערעדט זיי זאָלן נע־מען די תורה. ניין, דאָס וועט קיינער, קיין מאָל ניט זאָגן, ווייל די יידן האָבן גענומען די תורה מיטן גוטן ווילן, דערפאַר ווייל זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז ניט גלאַט ווערטער נאָר די הייליקע שכינה רעדט אַרויס פון משה רבינוס האַלדז, — און ווייטער האָט ר׳ שמואל מאָהיליווער געזאָגט צו ראָטשילדן — איך ווייס, אַז ביי דעם טיש זייט איר געוווינט צו זיצן מיט פאָרשטייערס פון מלוכות, מיט געלט־מאַגנאַטן; איר רעדט מיט זיי וועגן גרויסע געשעפטן, און זיי באַווייזן אייך גלייך שוואַרץ אויף ווייס, וואָס פאַר אַ פאַרדינסטן איר קענט דערפון האָבן. איך בין אויך אַ פאָרשטייער פון אַ גרויסער פירמע: פון דעם גערודפטן און אונטערדריקטן יידישן פאָלק. און איך ברענג אייך אַ פּראָ־יעקט, וואָס טראָגט דעם נאָמען ישוב ארץ־ישראל! פון דעם פּראָיעקט איז אָפּהענגיק דער גאַנצער יידישער מצב. דאָס איז אַן אידעאַל וואָס פילט אָן מיין אייגענע נשמה און די נשמות פון הונדערטער, טויזנטער אַנדערע יידן, וואָס האָבן מיך געשיקט צו אייך. איר זעט דאָך, אַז איך בין נעבעך אַ שטאַמלער און עס איז מיר שווער צו רעדן; איך קען אייך אויך ניט אויפקלערן און באַווייזן, ווי גליקלעך אונדזער פאָלק וועט זיין, ווען ער וועט זיך באַזעצן און באַאַרבעטן די ערד פון ארץ־ישראל. איך קען אייך ניט אָנצייכענען מיט אַ פעדער אויף אַ פּאַפּיר, וואָס פאַר אַ גרויסן פאַרדינסט איר וועט האָבן ווען איר וועט צולייגן אַ האַנט און העלפן, העלפן! אויב אָבער, חלילה, איר וועט אָפּזאָגן מיין בקשה און איר וועט מיך אַוועקלאָזן מיט ליידיקע הענט, וועל איך אויף אייך, אויך קיין פאַריבל ניט האָבן איך וועל אויך קיין חרטה ניט האָבן אויף מיין וויזיט. איך האָב מיין פליכט אויסגעפירט".

דער באַראָן ראָטשילד איז געוואָרן שטאַרק גערירט און נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעהערט אַלע איינצלהייטן פון דעם פּראָיעקט, האָט ער געזאָגט:

— „רבי, איך שטיי צו. איך גיב געלט. איך וועל מאַכן אַ פּראָבע. זוכט אויס אַ צען־צוועלף יונגע מענטשן, וואָס זיינען שוין באַקאַנט מיט ערדאַרבעט,

און איך וועל זיי אויסהאַלטן אין ארץ־ישראל, ביז די ערד וועט געבן חיונה".

דעם אַכטן אָקטאָבער, 1882, איז אונטערגעשריבן געוואָרן אַן אָפיציעלער דאָקומענט; דעמאָלט איז געגרינדעט געוואָרן אין ארץ־ישראל די ערשטע ראָטשילד־קאָלאָניע, מזכרת באַסיע (עקרון) צום אָנדענק פון ראָטשילדס מוטער.

אין פרילינג 1883, זיינען אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל די ערשטע צוועלף פאַמיליעס וואָס האָבן געלעבט פון ערדאַרבעט און האָבן געשטאַמט פון אַ יידישער קאָלאָניע לעבן דעם שטעטל ראַזשינוי אין ביאַליסטאָקער געגנט.

## ר' שמואל מאָהילעווער אין קאַרלסבאַד

ווי עס איז באַקאַנט, איז ר' שמואל מאָהילעווער געווען אַ הונדערט־פּראָצענטיקער מתנגד און האָט ניט געהאַט קיין ליב חסידים און נאָך ווייניקער חסידישע רבּיים. דערציילט מען, אַז אין איינעם אַ זומער איז ער געקומען אין קאַרלסבאַד און האָט זיך געטראָפן מיט אַ יונגן חסידישן רבּין פון אונגאַרן. אין אָוונט ווען זיי זיינען צוזאַמען אַרויס אין גאַס זיך דורכגיין, האָבן זיי באַמערקט ווי אויסגעפּוצטע פּאָרלעך איילן זיך אַריינצוקומען אין די רייכע באַלויכטענע רעסטאָראַנען, וווּ עלעגאַנטע קעלנער אָנגעטאָן אין ווייסע פראַקן זיינען געשטאַנען לעבן די טירן און פון אינעווייניק האָט זיך געהערט פריילעכע מוזיק. רופט זיך אָן דער חסידישער רבּי:

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן, איך וואָלט זייער געוואָלט זיך אַריינכאַפּן אינעווייניק און אַ קוק געבן וואָס עס טוט זיך דאָרטן. צי וואָלט איר רבּי אויך געוואָלט אַריינגיין מיט מיר?

— וואָס רעדט איר? — קוקט אים אָן ר' שמואל מאָהילעווער פאַרוווּנדערט, נישט אַנדערש איר זייט חסר דעה, עס איז דאָך ניט שיין... לויט די בגדים אונדזערע וועט מען דאָך אונדז באַלד דערקענען ווער מיר זיינען. טאָ וואָס פאַר אַ פּנים וועלן מיר האָבן?

— איך האָב דערצו אַ מיטל — ענטפערט געלאַסן דער חסידישער רבּי. איך האָב מיטגעבראַכט מיט זיך צוויי אַנצוגן מיט קורצע רעקלעך, וואָס פּשוטע יידן טראָגן, וועל איך אייך געבן איינעם און מיר וועלן זיך איבערטאָן, אַזוי אַז קיינער וועט אונדז ניט דערקענען.

— איר דאַרפט דאָך ניט פאַרגעסן, רבּי, אַז כל זמן מען לעבט דאַרף מען אַלץ זען און ביי אונדז אין דער היים וועלן מיר דאָס קיין מאָל אין לעבן ניט קענען טאָן.

ר' שמואל מאָהילעווער האָט איינגעהאַלטן זיין כעס און האָט געענטפערט געלאַסן דעם צעדרייטן חסידישן רבּין:

— לויט ווי איך זע, איז דאָס ביי אייך גאָר אַ קלייניקייט. איר דאַרפט נאָר איינס און צוויי אויסטאָן אייער אַטלעסענע זשופּיצע מיטן גאַרטל, אַראָפּוואַרפן פונעם קאָפּ דעם שטריימל און פאַרטיק. איר ווערט שוין אויס רבי... פאַר מיר איז דאָס אָבער גאַרניט אַזאַ לייכטע זאַך. איר דאַרפט ניט פאַרגעסן, אַז איך בין שוין העכער דרייסיק יאָר אַ רב אין יידישע ישובים און וויפל איך זאָל ניט וועלן זיך איבערטאָן און בייטן מיינע מלבושים וועל איך נאָך אַלץ בלייבן אַ רב ביי יידן.

יידן דערציילן

# דער גרויסער הייליקער ייד ד״ר יוסף כאַזאַנאָוויטש

## כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון ליטמאַן ראָזענטאַל.

צוויי חברים, ביידע איינגעוואָרצלטע קערנדיקע ביאַליסטאָקער
תושבים און ביידע פייערדיקע ציוניסטן פון די סאַמע ראשונים.

ווי באַקאַנט, האָט מען כאַזאַנאָוויטשן גערופן דער משוגענער דאָקטער, און די הויפּט־משוגעת זיינע איז אויסצוגעבן ביזן לעצטן גראָשן און קויפן ספרים און ביכער און אַוועקשיקן זיי קיין ארץ־ישראל, ווו עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען.

און אָט געדענק איך אים פון יאָר 1898. מען גרייט זיך צו דעם צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס און אַזוי ווי צו דעם ערשטן קאָנגרעס האָט כאַזאַנאָ־וויטש ניט געקענט פאָרן האָט ער מיר דאָס גאַנצע יאָר געצויגן פאָרן אַרבל און מיך ניט געלאָזן לעבן: „נו, נו, ליטמאַן! פאַר וואָס ביזטו אַזאַ שלעכטער און דו ווילסט מיר ניט דערציילן וואָס דאָרטן איז פאָרגעקומען.

דעם אמת זאָגנדיק, האָט זיך מיין באַגייסטערונג נאָך ניט אויסגעלאָשן און איך אַליין האָב ניט אויפגעהערט צו דערמאָנען און צו דערציילן וועגן דער דאָזיקער היסטאָרישע געשעעניש. מען האָט געדאַרפט זען דעם ד״ר כאַזאַנאָוויטש ווי צעפלויגן ער איז געווען ווען איך האָב אים דערציילט וועגן ד״ר הערצל; ער איז פּשוט געוואָרן ווילד, משוגע און מוראדיק אויפגערעגט. די וואָס האָבן אים פּערזענלעך געקענט ווייסן; אַז מיט אים איז געווען אומ־מעגלעך צו שמועסן רואיק, ווייל ער האָט דעם צווייטן ניט געלאָזט רעדן און פון זיין מויל האָט שטענדיק געשפּריצט פייערדיקע פונקען: „אַנטשולדיקן זי, ליבע לייטע!“...

דאָרטן אין באַזעל האָט מען צו פיל גערעדט, אַ סך גערעדט, אָבער איר קענט דאָך אונדזערע פאַרדאָסטע יידעלעך“...

איך האָב זיך באַמיט מיט אַלע כוחות אים צו באַרואיקן און איך נעם אָן זיין האַנט: — ליבער דאָקטער, עס איז דאָך געקומען אָן אויסערגעוויינלעכע צייט אין אונדזער געשיכטע. איך פּיל, אַז עס קומט פאַר אַ ראַדיקאַלע ווענ־דונג אין דעם לעבן פון אונדזער געליטענעם פאָלק. אָבער עס איז אים שווער געווען צו באַרואיקן, ער האָט גענומען אויף מיר שרייען מיט כעס און מיט זיין כאַראַקטעריסטישער כאַזאַנאָוויטש־שפּראַך.

כאָטש ער האָט מיט זיין טיכעלע געווישט די טרערן: — אַנטשולדיקן זי, ליבע לייטע! דו קענסט זיי ניט... זע, קוק, שלעפּט ער מיך צו צום פענצטער — אָט גייט אַ יונגער געזונטער ייד, וואָס טוט ער? וואָס פאַרקויפט ער? — אַלטע הויזן אַלטע קאַפּאָטעס... אָבער אַקערן די ערד ביי אונדז, אין אונדזער לאַנד — דאָס ניט, פאַרשטייסט? פאַרטראַכט זיך גוט, אָט זיינען זיי, טאָ מאַך עפּעס״!...

אָט אַזוי פלעגט ער געוויינלעך שרייען, און באַלד פלעגט זיין משוגענע אויפרעגונג, אויפגעברויזט געוואָרן נאָך שטאַרקער. ער פלעגט אָנהויבן אַרומלויפן אַהין און צוריק אין פּירקאַרנטיקן צימער מיט דעם ברייטן פענס־טער צו דער גאַס. איך, וואָס איך בין געווען אַזוי נאָנט צו דעם דאָזיקן הייליקן יידן האָב פאַרשטאַנען, אַז זיין אויפרעגונג און זיין ווילדקייט קומט טאַקע אַרויס פון טיפן האַרצן פון זיין חיבת־ציון, פון זיין הייסער ליבע צו ארץ־ישראל אָבער פון דער צווייטער זייט, האָט ער נעכטן געהאַט זייער אַ שווערן קראַנקן און אָן אַרעמען בעל־מלאכה נאָך אויך דערצו, און מען דאַרף, מע מוז אים ראַטעווען. אין אַזעלכע מאָמענטן איז אונדזער הייליקער דאָקטער כאַזאַנאָ־וויטש געווען דער אומגליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט, ווייל ער ווייס אַז דער דאָזיקער קראַנקער האָט דורכגעמאַכט זייער אַ שווערע נאַכט מיט גרויסע היץ און מע מוז לויפן צו אים גאַנץ פרי. איך ווענדע אָן אַלע מיטלען און איך וויל דעם דאָקטער באַרואיקן, אָבער עס העלפט ניט.

אין דער זעלביקער מינוט ווי איך שטיי און רעד מיט אים, לויפט אַריין אַן אָרעמע יידענע מיט אַ צעריסענע פאַטשיילע און ברעכט אויס אין אַ געוויין:

— ראַטעוועט דאָקטער! מיין טאָכטער האָט געהאַט אַ גרויסע שרעק, זי איז פּלוצעם שטום געוואָרן.

מיט דער יידענע איז אויך געקומען אירער אַ זון און ער האָט אויך געבעטן דעם דאָקטער, אַז ער זאָל פאָרן העלפן זיין שוועסטער וועלכע איז פּלוצעם שטום געוואָרן.

און דאָ בעט זיך צו באַשרייבן גענוי וואָס עס איז ווייטער פאָרגעקומען. כאַזאַנאָוויטש האָט באַלד אַ כאַפּ געטאָן זיין אויבערראָק און זיין שטעקן מיט דעם זילבערנעם הענטל און גיט אַ פרעג:

— ווער? ווער איז דאָס ביי אייך שטום געוואָרן? אייער רבקהלע? (כאַזאַנאָוויטש האָט געדענקט די נעמען פון אַלע קינדער ביי זיינע אָרעמע פּאַציענטן).

דערווייל רוקט זיך אונטער דער יונגער מאַן און וויל אים געבן די האַנט און דער דאָקטער שטופּט אים אָפּ מיט זיין שטעקן. ווי באַקאַנט, פּלעגט ד״ר כאַזאַנאָוויטש זעלטן געבן עמיצן די האַנט און אָט גיט ער באַלד האַסטיק אַ פרעג:

— האַ, וואָס שטום געוואָרן — זאָגט איר — נו, אָבער הערן הערט זי וואָס מען רעדט צו איר?

דער ענטפער איז געווען: — יאָ, זי הערט! — זע איך פון דער וויטנס ווי כאַזאַנאָוויטש לויפט צו צו זיין שרייבטיש, נעמט אַרויס פון דאָרטן אַ שטאָלענעם מעסערל, עפנט עס אויף און שטעקט עס אַריין אין זיין בוזעם־קעשענע און באַלד שלעפט ער מיך צו צו דער טיר, וווּ אויפן גאַס איז שוין געשטאַנען דער שטענדיקער איזוואָזשטשיק זיינער: — פאָר חיים אין דער ישיבה געסל! — און אַזוי ניט ווילנדיק פאָר איך מיט אים צו דער שטום־געוואָרענער קראַנקער מיידל. פאָרנדיק, באַמערק איך ווי דער דאָקטער קוקט אַריין אין אַ ביכער־קאַטאַלאָג וואָס ער האָט נאָר וואָס געקראָגן פון אויסלאַנד און ער מאַכט פאַרצייכענונגען מיט זיין בלויען בלייפעדער. באַלד שרייט ער אויס צו מיר: — „ענטשולדיקן זי ליבע לייטע!״ פאַרשטייסט, ליטמאַן, דו קענסט זיי ווייניק אונדזערע ייִדעלעך... ווי ווערעם אין רעטאַך ליגן זיי איינגעלייגט... נייך, פון זיי וועט שוין גאָרניט אַרויסקומען און אין דעם זעלביקן מאָמענט קוקט ער אויף דער אָרעמער ייִדענע וואָס זיצט ביי אונדזער זייט, אַ פאַרזאָרגטע, אַ פאַרחלשטע און אַ פאַראומערטע. ער פאַרבייסט זיינע ליפּן און שרייט אויס צו איר אַזוי ווי אַ גזלן:

— איך זע אין אייער פנים, אַז איר נעמט שוין ניט די פּראָשקעס וואָס איך האָב אייך געגעבן צו שטאַרקן אייער בלוט... אַך, ייִדעלעך, ייִדעלעך! ווען וועט איר שוין ווערן אַ פאָלק מיט לייטן גלייך? איי, איי, איי... קלאָגט ער זיך און טוט אַ שווערן זיפץ, און אָט קומען מיר שוין צו און גייען אַריין אין שטוב ווו עס האָט זיך געפונען די שטום־געוואָרענע מיידל. ד״ר כאַזאַ־נאָוויטש שטייט שוין לעבן איר בעט און שרייט צו איר: — גיכער, גיכער! רבקה, עפן דאָס מויל און שטעק אַרויס די צונג! — אָבער גיכער! דאָס מיידל פאָלגט. איך באַמערק ווי דער דאָקטער האַלט שוין אין איין האַנט דאָס אָפענע מעסערל און מיט אַ פינגער פון אַ צווייטער האַנט, האַלט ער די צונג און שרייט צו דעם מיידל: — געדענק, איך גיי דיר אָפּשניידן די צונג.

די קראַנקע רבקהלע איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך; אַ האַלב־טויטע האָט זי גענומען שרייען:

— „געוואַלד, געוואַלד! ראַטעוועט מיך!...

מער ווי דאָס מען ניט געדאַרפֿט — אויב זי קען שוין שרייען, וועט זי שוין קענען רעדן אויך. אַלע וואָס זיינען געשטאַנען אַרום, האָבן ברייט אויפגעעפנט די אויגן און ניט געוווסט ווי אָנצורופן דעם קלוגן איינפאַל און דעם גרויסן וווּנדער וואָס דאָ איז געשען. אַלע ווילן צופאַלן, אַרומכאַפּן און אויסדריקן זייער ליבע צו דעם דאָזיקן פֿאַלקסדאָקטער, זיי קענען אָבער ניט רעדן, שרייען זיי אויס מיט טרערן אין די אויגן: — לאַנג לעבן זאָלט איר, דאָקטער, מיר וועלן פאַר אייך אַלע גאָט בעטן!" אָבער כאַזאַנאָוויטש מאַכט זיך בייז און שרייט: „גיכער, גיכער! באַצאָלט מיר די פופציק קאָפּיקעס"!

איך זע אָבער, אַז אין דער צייט וואָס די יידענע איז אַריינגעלאָפן צו אַ שכנטע לייען פופציק קאָפּיקעס, ווייל זי האָט ניט געהאַט קיין גראָשן אין שטוב, האָט דערווייל דער דאָקטער געגעבן אַ לייג אַוועק אויף דער קאָמאָדע עטלעכע רובל און שלעפנדיק מיך פאַר דער האַנט זיינען מיר אַרויס און מיר זיצן שוין ווידער ביי חיים דעם איזוואָזשטשיק אויף דער דראָזשקע.

דער דאָקטער שוועבט שוין ווידער אין דער וועלט פון אַלטע ספרים און ביכער.

— „דו ווייסט, ליטמאַן, אָט דאָ, אין דעם קאַטאַלאָג, האָב איך געפונען אַ ספר, וואָס איז שוין אַלט פיר הונדערט און פופציק יאָר. איך קלייב שוין געלט און איך וועל דעם ספר קויפן. אַזאַ טייערער אוצר, אַזאַ אַנטיק מוז זיך געפינען אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק פון אונדזער הייליקער שטאָט ירושלים".

נאָך דעם, ווי איך האָב איבערגעגעבן די מעשה מיט דער שטומער מיידל, ווייל איך זאָגן, אַז אין ביאַליסטאָק האָט מען דערציילט צענדליקער מעשות און לעגענדעס וועגן דאָקטער כאַזאַנאָוויטשעס מאָדנע פירונגען. אָט, צום ביישפיל: ווען מען האָט אים גערופן מיטוואָך צו אַ קראַנקן, האָט ער שוין פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ קראַנקהייט דאָס איז. און ווי נאָר ער האָט געעפנט די טיר, האָט ער געגעבן אַ געשריי:

— „נו, נו! ווער האָט זיך שוין אַוועקגעלייגט, ווער? אַ, דבורקע? דאַרפסט מיר שוין ניט דערציילן. געוויס זיך אָנגעגעסן שבת מיטן פעטן טשאָלנט. איין טעלער נאָכן אַנדערן און דערביי פאַרטרונקען מיט קאַלטע וואַסער פון דער גרויסער קוואָרט מיט די צוויי אויערן, און היינט לויפט מען צו מיר, איך זאָל אויף גיך העלפן... נאָ דיר פּראָשקעס און ליג איינגע־לייגט אין בעט אַ פאָר טעג. עס וועט דיר גאָרניט געשען".

אַ צווייטע מעשה ווערט דערציילט: דער דאָקטער איז געקומען שוין צום דריטן מאָל זען אַ קראַנק קינד. באַטראַכט ער אים און טאַפּט אים דעם דופק. אין דעם מאָמענט אָבער, שווימען זיינע געדאַנקען אַוועק קיין ארץ־ישראל, צו זיין אידעאַל מיט וועלכן ער האָט געלעבט טאָג און נאַכט. פּלוצלונג, אין מיטן באַטראַכטן דאָס קראַנקע קינד, הייבט ער אָן שרייען: „שלעכט, שלעכט! עס איז גאָר שלעכט״!... לויפט צו די מאַמע אַ צעשראָקענע. — „וואָס איז געשען? וואָס רעדט איר דאָקטער? איר האָט דאָך נעכטן אַליין געזאָגט, אַז דאָס קינד בעסערט זיך און ער וועט באַלד געזונט ווערן...

— „גיי רעד מיט אַ נאַרישער יידענע און גיב איר צו פאַרשטיין וועגן וואָס איך קלער אין דעם מאָמענט׳ אַוודאי וועט דאָס קינד ווערן געזונט — און איר וועט דערלעבן אים פירן צו דער חופה — שלעכט איז אָבער, וואָס די טערקן, די ישמאלים ווילן ניט געבן ארץ־ישראל צו די יידן. אויסגעמאַרייעט זאָלן זיי ווערן!... עס איז דאָך אונדזער לאַנד, ארץ־ישראל״!...



אַ סך שפּעטער האָט מיר דערציילט מיין בן־עיר אין מעקסיקע, יאַנקל רוזשאַנסקי אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע וועגן דעם לעגענדאַרן דאָקטער כאַזאַנאָוויטש:

דאָס ערשטע קינד זיינס, אַ מיידעלע פון דריי יאָר, איז אויפגעשטאַנען אין איינעם אַ פרימאָרגן פרי, מיט גרויסע היץ. נעמט ער דאָס קינד, וויקלט עס איין אין אַ קאָלדרע און טראָגט זי אַוועק צו כאַזאַנאָוויטשן. דער דאָקטער גיט אַ קוק פון דער וויטן און גיט אַ געשריי:

— „משוגענער דו! וואָס פאַר אַ טאַטע ביסטו? לויף גיך צוריק אַ היים, דאָס קינד האָט סקאַרלאַטינע; איך וועל באַלד זיין ביי דיר און וועל דאָס קינד באַטראַכטן״...

אין אַ האַלבער שעה אַרום דער דאָקטער איז דאָ. ער פאַרשרייבט אַ רעצעפּט און הערט ניט אויף צו שרייען:

— „אַ קינד מיט פערציק גראַד היץ שלעפּט ער אויפן גאַס״...

באַלד אָבער, שטייט ער שוין ביי דער ספרים־שאַפע, זוכט און געפינט אַ ספרל וואָס רוזשאַנסקיס טאַטע האָט דריי יאָר געשריבן מיט דער האַנט. ד״ר כאַזאַנאָוויטש פרעגט ניט און זאָגט ניט קיין וואָרט און ער רוקט אַריין דאָס געשריבענע ספרל אין בוזעם־קעשענע. ווען רוזשאַנסקי וויל אים געבן אַ רובל פאַרן וויזיט ענטפערט ער: — „מען דאַרף ניט. נעם צו דעם רובל, דער טאַטע דיינער האָט מיר שוין באַצאָלט. הלוואי, אַלע טאָג אַזעלכע וויזיטן; דיין טאַטנס ספרל וועט זיך געפינען אין ירושלים, אין אונדזער הייליקער שטאָט״. — ביים אַרויסגיין פון שטוב גיט ער אַ מורמל: — „האָסט

נאָך קינדער. גיב גוט אַכטונג, אַז זיי זאָלן זיך ניט פאַרקילן... קינדער דאַרף מען היטן... דאָס איז דאָך דעם אָרעמאַנס פאַרמעגן"...

## ד"ר כּאַזאַנאָוויטשעס היטל

דער אָריגיעלער דאָקטער האָט שטענדיק געטראָגן אַ היטל — און ניט קיין קאַפּעלוש, קיין הוט. דער פאַסאָן פון דער היטל איז אויך געווען אויסערגעוויינלעך אָריגינעל און אויסגעקלערט פון אים אַליין. ער האָט שוין געהאַט זיין היטלמאַכער אויפן שולהויף און ער פלעגט קומען צו אים אַ שטיק פאַר פסח באַשטעלן פאַר זיך אַ היטל. דער היטלמאַכער האָט אויסגעלייגט אויפן טיש אַלערליי סחורות כדי דער דאָקטער זאָל אויסקלייבן וואָס אים געפעלט. און געפעלן געוואָרן איז אים, דווקא אַ העלע האָלב זיידענע סחורה, מיט פאַסיקלעך, וואָס דער היטלמאַכער פלעגט עס גאָר ניצן פאַר פאַטשעווקע. דער פאַסאָן איז שטענדיק געווען דער זעלבער. דאָס היטל האָט געדאַרפט זיין הויך ווי אַ טורעם, מיט ברייטע פאַלדן ביי די זייטן און צונויפגעמאַרשטשעט. הייסט, דער קאָזירעק, האָט געמוזט זיין לאַנג און דריי מאָל אַזוי ברייט ווי אַ געוויינלעך היטל, כדי צו באַשיצן זיך קעגן דער זון. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז ד"ר כאַזאַנאָוויטשעס היטל איז געווען דאָס איינציקע ניט נאָר אין ביאַליסטאָק, נאָר אין גאַנץ גראָדנער גובערניע — אויב ניט נאָך ווייטער.

## אַ דראָזשקע — צום פאַרבינדן די שנוראָווסקעס פון די שיך

איין מאָל, אין אַ זומערדיקן פאַר נאַכט, איז ד"ר כאַזאַנאָוויטש אַרויס פון שטוב און רופט צו אַן אומבאַקאַנטן איזוואָזשטשיק. דער איזוואָזשטשיק איז צוגעלאָפן אויף גיך, מיינענדיק, אַז דער דאָקטער דאַרף ערגעץ פאָרן צו אַ קראַנקן. ער האָט אָבער געמאַכט אַ טעות; דער דאָקטער האָט גאָר באַמערקט אַז ביי אים איז אָפּגעבונדן אַ שנוראָווקע פון אַ שוך און אַזוי ווי עס איז אים געווען שווער זיך איינצובייגן, האָט ער אַרויפגעשטעלט דעם פוס אויף דער דראָזשקע, פאַרבונדן די שנוראָווקע, געפרעגט דעם איזוואָזשטשיק ווי מע רופט אים. — תנחום־זאַוול זאַגסטו — אַ מאָדנער נאָמען... אַ דאַנק. קענסט שוין פאָרן ווייטער.

# ד"ר כאַזאַנאָוויטש פאָרט מיט ליטמאַן ראָזענטאַל צו דעם צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס

אין יענעם יאָר פלעג איך כמעט יעדן טאָג קומען צו כאַזאַנאָוויטשן און איך האָב שוין געוווסט, אַז מען האָט אים אויסגעקליבן ווי אַ דעלעגאַט צום צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס. איך בין טאַקע בייגעווען, ווען צוויי יונגע ציוניסטן זיינען אַריינגעקומען צו אים מיט דאָקומענטן אין האַנט און האָבן אים געמאָלדן אָפיציעל, אַז ער וועט זיין דער פאָרשטייער פון די ביאַליסטאָקער ציוניסטן אויף דעם קומענדיקן קאָנגרעס.

ביי כאַזאַנאָוויטשן האָט זיך געביטן די פאַרב פון פנים. ער איז געוואָרן שטאַרק איבערראַשט און אויפגערעגט, אָבער ער האָט זיך באַהערשט. ער האָט אויסגעהערט די ווערטער וואָס די יונגע ציוניסטן האָבן אים געזאָגט און ער האָט געענטפערט אַ שטאַרק צעטומלטער: — „גוט, נו, גוט"!

ווען די יונגע לייט זיינען אַוועק און כאַזאַנאָוויטש איז געבליבן מיט מיר אַליין, האָט ער אויף מיר געקוקט מיט זיינע צעשראָקענע אויגן און האָט געזאָגט צו מיר מיט אַ צעשראָקענער שטים: — „ליטמאַן, לאָז מיך אַליין... עס וואַרפט מיך אין קעלט, איך וועל זיך צולייגן, מען דאַרף האָבן כוח... עס איז דאָך ניט קיין קלייניקייט... דו פאַרשטייסט, איך בין דאָך איצט געוואָרן אַ יידישער פאָלקס־פאַרטרעטער"... און ווען ער איז געשטאַנען לעבן מיר און דאָס געזאָגט, האָט מען געקענט הערן ווי שטאַרק עס קלאַפט זיין אייגן האַרץ.

עס זיינען פאַרבליבן צען טעג צום אָפּפאָרן אויף דעם קאָנגרעס. כאַזאַנאָוויטש איז געוואָרן אַ פאַרביטענער — גאָר אַן אַנדער מענטש. אין זיין כאַראַקטער איז פאָרגעקומען אַ געוואַלדיקע ענדערונג; ער האָט שוין אויף קיינעם ניט געשריען, ער איז געוואָרן אַזוי רואיק און צוגעלאָזן אַזוי ווי אַ יונג ליב קינד — עפּעס אַ קלייניקייט, ער פאָרט דאָך צו אַ יידישן קאָנגרעס וועט זיך דאָרטן טרעפן מיט אַזעלכע גרויסע מענטשן...

ווי באַקאַנט האָט ד"ר כאַזאַנאָוויטש געלעבט איינזאַם אַלע זיינע יאָרן, און אַזוי ווי ער האָט געוווסט אַז איך האָב אַ באַקאַנטע מיידל — פריילין האָראָדישץ — וואָס איז שפּעטער געוואָרן מיין פרוי, האָט ער מיך געבעטן איך זאָל זי צושיקן צו אים זי זאָל איבערקוקן זיינע בגדים און זען וואָס עס פעלט. זי זאָל איינבייען קנעפּלעך וווּ מען דאַרף און פאַרריכטן דאָרטן וווּ עס איז צוריסן. ער האָט אויך צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן זיך געקויפט אַ נייעם, שיינעם, שוואַרצן מאָדערנעם הוט. עפּעס אַ קלייניקייט — ער פאָרט דאָך צו אַ קאָנגרעס, דאַרף ער דאָך זיין אָנשטענדיק אָנגעטאָן.

און אַט איז געקומען דער טאָג פון אונדזער אָפּפאָרן. כאַזאַנאָוויטש איז געווען שרעקלעך צעטראָגן; אפשר אַ שעה צייט האָט ער געשמועסט מיט דעם נאָענסטן חבר זיינעם, מיט חיים דעם איזוואָזשטשיק. מיטאָג צייט איז ער צוגעפאָרן צו ר׳ שמואל מאָהילעווערס קבר און איז געקומען פון דאָרטן מיט פאַרוויינטע אויגן. דער איזוואָזשטשיק האָט אים טאַקע געהאָלפן פאַר־פּאַקן די צוויי טשעמאָדאַנעס און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן צום באַן.

אַ געוואַלדיקן רושם האָט אויף מיר געמאַכט זעענדיק, ווי ד״ר כאַזאַנאָ־וויטש זעגנט זיך מיטן איזוואָזשטשיק. ער האָט אים אַרומגענומען מיטביידע הענט און זיך מיט אים האַרציק צעקושט.

די גאַנצע צייט וואָס מיר זיינען געפאָרן מיט דער באַן, איז ער געזעסן לעבן מיר אַזוי ווי אַ שטיל גוט קינד. ער האָט אַלץ געטאָן וואָס איך האָב אים נאָר געהייסן. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין באַזעל, זיינען מיר פאַר־פאָרן אין דעם באַקאַנטן ציוניסטישן האָטעל „דריי קעניגע״.

אין דעם דאָזיקן האָטעל זיינען שוין אויך צוגעגרייט געוואָרן צימערן פאַר ד״ר הערצלען. און אַט זיצן מיר און רוען אין אונדזער זויבערן און באַקוועמען צימער און מיר קומען צו זיך פון דער שווערער לאַנגער רייזע. איך קוק דורכן ברייטן פענצטער, אויף דעם שיינעם טייך „ריין״ און איך זאָג צו מיין חבר: — „זעט נאָר ד״ר, ווי שיין דער בלויער טייך זעט אויס״... ווערט ער אַן אויפגעקאָכטער און הויבט אָן צו שרייען אויף מיר: — וואָס האָסטו זיך פאַרקוקט? אָט דער טייך, אָט דער ריין געפעלט דיר? דאָס איז דאָך אַ פרעמדער — נישט אונדזער טייך! „ענטשולדיקן זי ליבע לייטע״! דער ירדן, דער ארץ־ישראלדיקער ירדן — אָט דאָס איז אונדזער טייך, ער איז דאָך טויזנט מאָל שענער ווי דער ריין... און טרערן האָבן זיך גענומען גיסן פון זיינע אויגן. אין דעם מאָמענט האָב איך זיך איבערצייגט נאָך אַ מאָל, ווי הייליק עס איז אָט דער דאָזיקער ייד, דער דאָקטער, דער חבר מיינער, דער ביאַליסטאָקער ד״ר כאַזאַנאָוויטש.

ווען מיר האָבן זיך אָפּגערוט זיינען מיר אַרויס באַטראַכטן די שטאָט באַזעל מיט אירע גאַסן. און אַזוי ווי דער דאָקטער האָט אַלע זיינע יאָרן געלעבט אין ביאַליסטאָק, אין אַ געגנט וואָס איז געווען געדיכט באַזעצט מיט יידן, איז אים פּלוצעם געוואָרן זייער אומעטיק, ווייל די מענטשן אין גאַס האָבן ניט אויסגעזען ווי יידן און זיי זיינען דאָך טאַקע ניט געווען קיין יידן. האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן צו מיר מיט כעס, אויף זיין כאַזאַנאָוויטשעס שפּראַך:

— וואָס האָט איר עפּעס אויסגעקליבן באַזעל? וואָס איז דאָס פאַר אַן אָרט פאַר יידישע אַסיפות, פאַר ציוניסטישע קאָנגרעסן? באַזעל איז דאָך אַ קאַלטע גויעשע שטאָט. אַזאַ קאָנגרעס דאַרף מען צונויפרופן אין סמאַרגאָן,

אין איישישאָק אין פּילווישאַק, צווישן אונדזערע היימישע טייערע יידן, אָבער ניט דאָ אין דער פרעמד.

כאַזאַנאָוויטש האָט ניט אויפגעהערט צו רעדן און צו קאָכן זיך ביז מיר זיינען צוגעקומען צו דער שטאָט־קאַסינאָ ווו אין דריי טעג אַרום דאַרף זיך עפענען דער ציוניסטישער קאָנגרעס. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דעם דאָזיקן שיינעם פּאַלאַץ האָבן מיר דערזען ווי עס פלאַטערט פון אויבן אַ גרויסע זיידענע ווייס־בלויע פאָן. דעמאָלט איז דאָס דאָך געווען אַ נייעס. כאַזאַנאָוויטש האָלט מיך שטאַרק פאַרן האַנט און איך באַמערק, אַז דאָס פּנים זיינס איז געוואָרן טויט בלאַס. איך האָב זיך אויך פאַרלאָרן, כ'האָב אַרונ־טערגנומען מיין הוט און איך בין געבליבן שטיין מיטן הוילן קאָפּ. באַלד דערפיל איך אָבער אַ שטאַרקן שטויס אין זייט און איך דערהער אַ בייזן געשריי: וואָס טוסטו, ליטמאַן? טו אָן גיכער דיין הוט! פאַר אַ יידישער פאָן דאַרף מען שטיין מיט אַ ציטער אין האַרצן און מיט אַ פאַרדעקטן קאָפּ...

מיר גייען אַריין אין קאַסינאָ און איך זאָג ד״ר כאַזאַנאָוויטשן: „גרייט זיך צו, דאָקטער, היינט וועט איר זען און איר וועט זיך באַקענען מיט דעם גרויסן יידן, מיט ד״ר הערצלען“.

גאַנץ אומגעריכט האָב איך אָבער דערפאַר געקראָגן אָפּגעצוואָגן און איך האָב אים געמוזט באַרואיקן. ער האָט געשריגן אויף מיר אויף אַ הויכן קול: איי, איי, איי! ליטמאַן! דו ביסט אַזוי ווי אַ חדר־יינגל און ווערסט גיך איבעראַשט, „ענטשולדיקן זי מיר מיינע ליבע לייטע“ — הערצל איז אַ ייד ווי אַלע יידן.

מער האָב איך שוין קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אין אַ ווײַלע אַרום זיינען אונדז אַנטקעגן געקומען די קאָרפּענקעפּ פון דער ציוניסטישער באַ־וועגונג און די סאַמע „פּני“ פון די קאָנגרעסן ווי פּראָפּ. מאַנדלשטאַם, ישראל זאַנגוויל, מאַקס נאָרדוי און נאָך אַנדערע פירער פון רוסלאַנד און פון דייטש־לאַנד. מיט גרויס פריידן און ליבשאַפט האָבן אַלע באַגריסט כאַזאַנאָוויטשן, ווייל זיי האָבן שוין געקענט זיין נאָמען. ער האָט יעדערן וואַרעם געדריקט די האַנט אָבער ער איז ניט געוואָרן שטאַרק נתפּעל.

אַזוי גייענדיק זיינען מיר ווייטער געגאַנגען צו פוס צו דעם באַזעלער וואָקזאַל אָפּצוּוואַרטן ד״ר הערצלען. כאַזאַנאָוויטש האָט געהאַלטן אין איין רעדן אַזוי ווי צו זיך אַליין: — „וואָס שלעפּסטו מיך? וואָס וועל איך דאָ זען אין הערצלען? קוים וואָס איך גיי, קוים וואָס איך קריך אַרום, איך בין דאָך אַ שוואַכער מענטש... איך האָב אים געלאָזן רעדן און ניט געענטפערט קיין וואָרט.

מיר זיינען אַריין אין וואָקזאַל און דאָרטן האָב איך שוין געטראָפן אַ גרויסן עולם. כאַזאַנאָוויטש איז אָבער נאָך אַלץ געווען אין אַ שלעכטער

שטימונג און האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען צו מיר אַן אויפגערעגטער:
— וואָס, וואָס וועל איך דאָ זען? ער איז געוויס אַ יידל ווי אַלע יידעלעך —
און ער האָט צוגעגעבן זיין באַליבט ווערטל „ענטשולדיקן זי מיר מיינע ליבע
לייטע", איך וואָלט שוין גאָר געוואָלט פאָרן צוריק אַ היים.

אָבער אָט קומט אָן די באַן און מיר דערזעען ווי ד"ר הערצל גייט אַרויס
פון וואַגאָן און דערנענטערט זיך צו אונדז אַלעמען. איך פיל ווי כּאַזאַנאָ־
וויטש האָט זיך צוגערוקט צו מיר און ער דריקט מיר ביז ווייטיק די לינקע
האַנט מיינע. איך כאַפּ אויף אים אַ קוק און דערשרעק זיך; דער גאַנצער
קערפּער זיינער טרייסלט זיך, אַזוי ווי אין אַ קאָנוולסיע און מיט אַ ציטער־
דיקע שטימע, שרייט ער מיר אין אויער אַריין: — „ליטמאַן, ליטמאַן! אָט
דאָס איז ער? טאַקע דאָס איז ער? איך וואָרט דאָך שוין אויף אים אַ גאַנצן
לעבן און אָט קומט ער, אָט זע איך אים, דעם אויסדערווילטן פון גאָט, אָט
דער וועגן וועלכן איך האָב געחלומט. דאָס איז ער! ער שטייט אַנטקעגן
מיר, ער זעט אויס זייער שיין. זע ליטמאַן זיין אויסגעקאָמטע באָרד, קוק
אָן זיין ליכטיק פּנים".

שרעקלעך איז דאַן געווען ד"ר כּאַזאַנאָוויטשעס גייסטיקער צושטאַנד.
אָט די הייליקע מינוטן וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן. און איצט, מיט
אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, פיל איך, ווי עס ציטערט מיר די האַנט און עס
איז מיר שווער צו באַשרייבן אָט די היסטאָרישע איבערלעבונג. מיטאָג זיינען
מיר געגאַנגען עסן אין יידישן רעסטאָראַן. ווען כּאַזאַנאָוויטש האָט דערזען
די אַלטע אָפּגעריבענע טרעפ און ער האָט דערפילט דעם ריח פון געפילטע
פיש, האָט ער אויסגעשריען מיט באַגייסטערונג: — „אָט דאָ איז גוט! אָט דאָ
איז אַן אמתער יידישער מקום!"...

מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן אַריינצוגיין אין דעם גרויסן עסצימער, ווי
מיר זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ גרויסער גרופּע יונגע ציוניסטן
וואָס האָבן בייגעריק געקוקט אויף אונדז.

פּלוצלונג דערהער איך, ווי איינער אַ יונגער מאַן זאָגט צו דעם צווייטן:
— „זע נאָר, מיר דוכט זיך אַז דאָס איז דער באַרימטער דאָקטער כּאַזאַנאָ־
וויטש! באַלד איז געשען עפּעס אַזעלכעס אויף וואָס איך האָב זיך גאָרניט
געריכט; זיי האָבן געכאַפּט כּאַזאַנאָוויטשן אויף די הענט און האָבן אים
געטראָגן אין דער לופטן. עס האָט אויסגעבראָכן אַ גרויס געשריי „הידד"
פון אַלעמענס מיילער. מיט גרויס ענטוזיאַזם האָבן אַלע געשריען: „לעבן
זאָל אונדזער טייערער און ליבער דאָקטער כּאַזאַנאָוויטש!"

כּאַזאַנאָוויטש איז געוואָרן צעטומלט, ער האָט זיך געריסן פון זייערע
הענט און האָט געשריען: — „יידעלעך, מאַכט ניט אַזאַ טומל, ווער בין איך
דען? זוכט בעסער אויס אַלטע ספרים און העלפט מיר צו פאַרגרעסערן

אונדזער אַלעמענס נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק אין דער הייליקער שטאָט ירושלים!״

די יוגנט האָט אים אָבער ניט אָפּגעלאָזן, זיי האָבן מיט גרויס ליבע און צערטלעכקייט אים געטראָגן אויף די הענט און מיט באַגייסטערונג ניט אויפגעהערט צו שרייען:

— „ביטאָ, ביטאָ ביי אונדז קיין סך אַזעלכע יידן! לאַנג לעבן זאָל אונדזער דאָקטער יוסף כאַזאַנאָוויטש!״

אין דעם מאָמענט עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אומגעריכט ד״ר הערצל. דער טומל האָט זיך די מינוט איינגעשטילט און אַלע זיינען געבליבן שטיין פאַרגאַפּט. אַלעמענס הערצער זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ ציטער און מיט אַ הייליקן יראת־הכבוד.

ד״ר הערצל קוקט זיך אַרום מיט זיין שאַרפן בליק און ער באַמערקט דעם ערשטן ד״ר כאַזאַנאָוויטשן, ער גייט צו צו אים, רופט אויס מיט אַ גומוטיקן שמייכל: —„אַך, ווי גייט עס דיר, מיין ליבער און האַרציקער ד״ר כאַזאַנאָוויטש. אַ בלאָסער, אַ צעשראָקענער ציט אויס ד״ר כאַזאַנאָוויטש זיינעביידע ציטערדיקע הענט, כאַפּט אַרום ד״ר הערצלען און... לאָזט זיך אַראָפּ אַ פאַרחלשטער אויף אַ ווייכן פלושענעם שטול. הערצל האָט אים אונטערגעכאַפּט און פאָטערלעך געקושט דער קאָפּ זיינעם.

דאָס איז געווען אַ הייליקע מינוט און עס האָט זיך געוואָלט אויסשרייען דריי מאָל: „קדוש, קדוש, קדוש!״

## ר׳ טעוול בלאָך — ווער איז ער געווען?

פון דער סעריע „יידן דערציילן״

דער 30סטן מאַרץ 1951 איז אין בוענאָס־איירעס געשטאָרבן אין עלטער פון 83 יאָר דער אָנגעזעענער ביאַליסטאָקער זקן — דער גרויסער מיוחס ר׳ טעוול בלאָך ז״ל. דער נפטר איז געווען איינער פון די ווייניק פאַרבליבענע צווישן אונדז, אָפּשטאַמיקע פון דער ווונדערלעכער אַמאָליקער ביאַליסטאָקער יידישער אַריסטאָקראַטיע, וואָס זיינען געווען פיינע, קולטורעלע און נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקע פרומע יידן.

ר׳ טעוול בלאָך האָט פאַרמאָגט אַ סך בילדונג, ער האָט געלייענט זייער פיל ספרים און ביכער און אין דער זעלביקער צייט איז ער געווען אַ בן־תורה און אַ וואַרעמער אָנהענגער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

דער פאַרשטאָרבענער איז ממש געווען אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע. ער האָט געהאַט אַ זעלטענעם זכרון און האָט גוט געדענקט אַלץ פון דעם אַמאָליקן בליענדיקן לעבן אין אונדזער אַלטער היים. ער האָט אויך זייער אַ

סך געשריבן וועגן דער ביאַליסטאָקער פאַרגאַנגענהייט און ער האָט דער־ציילט אַ סך איינצלהייטן פון דעם אַמאָל, וואָס זיינען געווען אין גאַנצן אומ־באַקאַנט. און כאָטש ער האָט זיך געהאַדעוועט אין עשירות, האָט ער אָבער געהאַט אַ פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער און ניט פאַרמאָגט אין זיך קיין טראָפּן גאווה.

זיין זיידע, ר׳ סענדער בלאָך איז געווען די צירונג פון אונדזער שטאָט, איינער פון די ערשטע ביאַליסטאָקער גבירים, וואָס האָט פאַרמאָגט תורה, עשירות און מעשים־טובים. זיין יחוס האָט זיך געצויגן פון רשין אָן.

ר׳ סענדער בלאָך האָט מיט העכער הונדערט יאָר צוריק אויפגעשטעלט אין ביאַליסטאָק אַ גרויסע און קאָמפּלעטע טוכפאַבריק, כמעט די ערשטע אין ביאַליסטאָק. ער האָט אויך אַליין אויפגעבויט און אויסגעהאַלטן דעם ערשטן יידישן שפּיטאָל אין ביאַליסטאָק און האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ גרויסן בעל־צדקה.

אין יאָר 1939, ווי נאָר דער בלוטיקער מבול האָט זיך אָנגעהויבן, איז טעוול בלאָך, דעמאָלט אַ בן־שבעים, געקומען צו די קינדער זיינע אין בוענאָס־איירעס. ער איז געווען, קען מען זאָגן, דער לעצטער ביאַליסטאָקער עמיגראַנט וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון דעם עמק הבכא.

עס איז אים באַשערט געווען קומען צו קבר ישראל, אַרומגערינגלט מיט זיינע קינדער און קינדסקינדער און מיט אַ גרויסער צאָל ביאַליסטאָקער לאַנדסלייט. זאָל אים די ערד גרינג זיין!

## מען האָט אַרעסטירט דעם חתן מיט די מחותנים

פון ר׳ טעוול בלאָקס מעשהלעך

איך האָב גוט געקענט דאָס אַמאָליקע ביאַליסטאָק, ווו דער ראש־הקהל איז לאַנגע יאָרן געווען ר׳ יחיאל בער וואָלקאָוויסקי, אַן איינגעפונדעוועטער באַלעבאָס, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַ שטאַרקער האַנט און געהאַט אַ דעה אין אַלע יידישע און שטאָטישע ענינים. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ סך חכמה און ערלעכקייט און האָט שטאַרק געהאַלטן פון פדיון־שבויים; ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז מען האָט אַרעסטירט אַן אומשולדיקן יידן איז ער געלאָפן אין מיטן נאַכט און האָט אים באַפרייט. מען דאַרף געדענקען, אַז ביאַליסטאָק איז געווען דורכאויס אַ יידישע שטאָט אין דער ראש־הקהל האָט אויך געהאַט וואָס צו זאָגן אין פּאָליציי־ענינים.

איין מאָל, אין אַ דינסטיק ביי נאַכט, באַלד נאָך שבועות, האָט מען ר׳ יחיאל בערן אויפגעוועקט פון שלאָף און געבעטן ביי אים הילף.

וואָס האָט פּאַסירט?

עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ חתונה אין זאַל „גאַרמאָניע“. כלהס צד איז שוין לאַנג געווען גרייט, אָבער דער חתן איז ניטאָ. ער האָט געדאַרפט אָנקומען מיט אַ פור פאַר נאַכט פון דעם נאָענטן שטעטל סופּראַסלע, אָבער עס איז שוין צען אַ זייגער ביי נאַכט און מע זעט ניט און מע הערט ניט פון אים.

ר׳ יחיאל־בער האָט זיך גיך אָנגעטאָן, איז אַוועקגעלאָפן אין דעם גרויסן פּאָליציי־הויף און האָט דאָרטן געפונען דעם פערד און וואָגן און דעם חתן מיט די מחותנים וואָס מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין דעם אַרעסטהויז, וואָס איז באַשטימט געווען ווי אַ צייטווייליקע תפיסה פאַר גנבים און קליינע פאַרברעכערס. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט דערזען אַז דער „באַרין“ יחיאל־בער איז שפּעט ביי נאַכט אַליין געקומען, האָט ער זיך געשטעלט „פּאָדקאזיראָק“ און האָט גענומען דערציילן מיט אַ שיכורן קול אַזאַ מין סאָרט מעשה: „היינט פאַר נאַכט איז ער אַרויסגעפאָרן רייטנדיק אויף זיין פערד, כאַפּן אַ קוק וואָס עס טוט זיך אין שטאָט און אַרום שטאָט; לעבן דער ראָגאַטקע, האָט ער געטראָפן אַ פור מיט פיר יידן. אַזוי ווי קיינער פון זיי האָט ניט געהאַט קיין פּאַספּאָרט, האָט ער זיי אַלעמען אַרעסטירט“...

פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט ניט געדויערט קיין פינף מינוט, און דער חתן מיט די מחותנים זיינען באַפרייט געוואָרן.

ר׳ יחיאל־בער, האָט גאַנץ אומשולדיק אַ פרעג געטאָן, אין וועלכן זאַל עס קומט פאָר די חתונה. ער איז גיך אַוועק צו זיך אין שטוב, אָנגעטאָן דעם צילינדערהוט מיטן פראַק און מיט אַ שיינער מתנה אונטערן אָרעם איז ער אין אַ האַלבע שעה אַרום, גאַנץ אומגעריכט, געקומען אויף דער חתונה. די שטימונג אין זאַל איז געווען אַ מונטערע, אַ פריילעכע און סאָניע דער בדחן האָט פאַרפאַסט אַ לידל וועגן „אַ געפאַנגענעם חתן“.

## דער באַרימטער ביאַליסטאָקער ר׳ ליפּעלע

(דערציילט פון ר׳ טעוול בלאָך)

ווי נאָר דער רב ר׳ ליפּעלע איז אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק און ניט באַוויזן נאָך אָנצוואַרעמען זיין כסא־הרבנות, איז געקומען אַ באַפעל פון פּעטערבורג מען זאָל אים אַרעסטירן, ווייל ער קלייבט געלט אומגעזעצלעך פאַר ארץ־ישראל. מען האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אַ מסירה און מען האָט אַפילו געוווּסט, ווער עס זיינען געווען די מוסרים. דאָס יידישע ביאַליסטאָק איז געוואָרן דערשיטערט און אויך אַלע אַרומיקע ישובים זיינען אויפגעציטערט געוואָרן. איבערהויפּט האָט געמאַכט אַ שווערן רושם, ווי אַזוי דער שיכורער פּריסטאַוו האָט זיך אויפגעפירט ביים אַרעסטירן דעם באַרימטן רב. די ערשטע זאַך האָט ער אַ געשריי געטאָן צו דער שטובמיידל:

„דאַוואַיי נאַזשניצי״ — גיב דאָס שערל! — און ער האָט אויף גיך אָפּגע־שאָרן ביים רב שטיקער פון זיינע לאַנגע פּאות. שפּעטער, האָט ער מיטן ערשטן צוג, אים אָפּגעפירט אין דער גובערניע־שטאָט — קיין גראָדנע.

פאַרשטייט זיך, אַז יידן האָבן ניט געשוויגן. מען האָט איינגעלייגט וועלטן און אין פינף טעג אַרום, איז ר׳ ליפּעלע צוריקגעקומען אַ באַפרייטער קיין ביאַליסטאָק, ווו ער איז געוואָרן נאָך מער געשעצט און באַליבט. גע־שמועסט האָט מען, אַז אַלע דריי מוסרים האָבן געהאַט אַ פינצטערן סוף. איינעם פון זיי, האָט אַ טראַמוויי אין פּעטערבורג, אָפּגעשניטן ביידע פיס. דעם צווייטן, האָט זיך אין מיטן עסן געשטעלט אַ ביין פון פיש אין האַלדז און ער איז דערוואָרגן געוואָרן. ביי דעם דריטן מוסר, איז פאַרברענט געוואָרן די גרויסע פאַבריק זיינע וועלכע איז ניט געווען פאַרזיכערט.

## ניט מען טאָר ניט — נאָר מען דאַרף זיך ניט הוידען אום שבת

(פון טעוול בלאָך)

זומער פלעגט ר׳ ליפּעלע אַרויספאָרן אויף דאַטשע (אַ זומער־וווינונג) אין דעם נאָענטן ביאַליסטאָקער וואַלד. יעדן שבת פאַר מנחה, פלעגן קומען אַהין אַ מנין יידן, — אויך איך מיט מיין טאַטן. דאָרטן פלעג איך זיך טרעפן מיט מיין חבר, ישראלקע האַלפּערן, — ר׳ ליפּעלעס עלטסטער אייניקל — און טאַקע באַלד האָבן מיר זיך גענומען הוידען אויף דער הוידע אין וואַלד, אַנטקעגן ר׳ ליפּעלעס זומער־וווינונג. באַלד אָבער, קומט אַרויס אַ בייזער ייד מיט אַ געלער באָרד און זאָגט אונדז, אַז שבת טאָר מען זיך ניט הוידען. האָבן מיר זיך אָפּגעדרייט אין אַ זייט, צוגעגאַנגען צו ר׳ לי־פּעלען און געפרעגט, צי מעג מען זיך שבת הוידען? — שבת דאַרף מען זיך ניט הוידען — איז געקומען אַן ענטפער וואָס האָט אונדז ניט באַפרידיקט און מיר האָבן איבערגעפרעגט נאָך אַ מאָל און געקראָגן ווידער דעם זעלבן ענטפער: — „שבת דאַרף מען זיך ניט הוידען!״ — דאַ, גיב איך אַ טאָרקע מיין חבר און ער בעט ביי זיין זיידן אַ קלאָרן ענטפער: — „צי מעג מען, שבת זיך הוידען״? ר׳ ליפּעלע האָט אַ קניפּ געטאָן דאָס אייניקל זיינס אין בעקל און געזאָגט מיט אַ שמייכל: — „ווען דו וועסט מיין קינד עלטער ווערן, — און איך זע אַז דו וועסט קענען גוט לערנען — וועסטו דאַן פאַרשטיין פאַרוואָס איך ענטפער דיר אַזוי און ניט אַנדערש. ווי יידן לומדים האָבן דערציילט, האָט ר׳ ליפּעלע זעלטן אַרויסגעבראַכט פון מויל די ווערטער: „מען טאָר ניט״!

# מיך קויפט מען ניט אונטער

(פון טעוול בלאָך)

סוף זומער פלעגט ר׳ ליפּעלע פאָרן אויף אַ חודש צייט, אין אַ דייטשן קוראָרט, זיך באָדן אין באַלטישן ים.

איין מאָל, פאָרן אָפּפאָרן, האָט ער פאַרבעטן צו זיך אַלע שטאָטפירער, כדי צו געזעגענען זיך מיט זיי און פאַר איין וועג, אַרומריידן געוויסע שטאָטישע ענינים וועלכע דאַרפן דערליידיקט ווערן, ווען ער וועט ניט זיין. פאַרשטייט זיך, אַז ר׳ יחיאל־בער וואָלקאָוויסקי איז געזעסן אויבנאָן. פאַרן אַוועקגיין בעט ער ביי ר׳ ליפּעלען: „שענקט מיר, רבי, אייערן אַ סיגאַר״? ר׳ ליפּעלע פלעגט רויכערן זייער גוטע טערקישע ציגאַרן. נעמט ר׳ ליפּעלע און טראָגט אים אונטער די גאַנצע פּושקע, ער זאָל זיך נעמען אַ ציגאַר. שפּעטער, ווען אַלע זיינען זיך שוין פונאַנדערגעגאַנגען, און ר׳ ליפּעלע האָט געעפנט די פּושקע, האָט ער געפונען אינוויינס אַן אַסיגנאַ־ציע פון הונדערט רובל. עס האָט דעם רב שטאַרק פאַרדראָסן, אָבער צוריק־געבן האָט אים ניט געפּאַסט, האָט ער די הונדערט רובל צעטיילט צווישן גויטבאַדערפטיקע, „מתן בסתר״.

דעם צווייטן זומער, האָט שוין ר׳ ליפּעלע ניט גערופן קיין פאַרזאַמלונג. ער האָט איבערגעגעבן פּריוואַט, דאָס וואָס ער האָט געדאַרפט. ווען ער איז געקומען צופאָרן, האָט אים וואָלקאָוויסקיס בוכהאַלטער איבערגעגעבן, אַז ר׳ יחיאל־בער איז זייער אין כעס. דעם גאַנצן חודש האָט ער ניט אויפ־געהערט איבערצוחזרן מיט גרויסן צאָרן: — „ווו איז דאָס געהערט גע־וואָרן? אַ רב זאָל אַוועקפאָרן אויף וואָכן לאַנג און לאָזן אַ שטאָט אויף הפקר״? ר׳ ליפּעלע איז ניט געוואָרן איבערראַשט און געבעטן דעם בוכ־האַלטער איבערגעבן וואָלקאָוויסקין זיין ענטפער: — „זאָלסט אַזוי גוט זיין, זאָגן דיין באַלעבאָס, ער זאָל זיך דערמאָנען וואָס ער האָט מיר אָפּגעטאָן פאַר אַ יאָרן. ער האָט געמעגט גוט וויסן, אַז מיך קויפט מען ניט אונטער״!...

# ווי אַזוי ר׳ ליפּעלע האָט געפּסקנט שאלות

(פון טעוול בלאָך)

אַ חוץ דעם וואָס ר׳ ליפּעלע איז געווען אַ גרויסער גאון האָט ער אויך פאַרמאָגט אַ סך חכמה און פקחות. יודעי חן פלעגן דערציילן פלאַי־פלאים פון זיינע שאַרפזיניקע, קלוגע איינפאַלן, ביים פּסקענען שאלות. אָט וועל איך איך איבערגעבן עטלעכע פאַלן וואָס איך געדענק און וואָס איך האָב געהערט.

## ד ו ד  ז אַ ב ל ו ד אָ ו ו ס ק י

### אַ מעשׂה מיט אַ וואַסער־פירער

ווי באַקאַנט, איז אין ר׳ ליפּעלעס צייטן נאָך ניט געווען קיין וואַסער־לייטונג. דאָס הייסט, מען האָט אין ביאַליסטאָק דאַמאָלט נאָך ניט געוווּסט אַז מען קען אַ דריי טאָן אַ קראַן און עס וועט זיך גיסן וואַסער, וויפל מען וויל. געווען זיינען דעמאָלט באַלעגאָלעס וואַסער־פירער און זיי פלעגן אין גרויסע הילצערנע פעסער פונאַנדערפירן וואַסער אין די הייזער.

איין מאָל, חול־המועד פּסח גאַנץ פרי, קומט אַריין צו ר׳ ליפּעלען אַ וואַסער־פירער און גיט אַ זאָג מיט זיין גראָבער שטימע: „רבי, איך בין געקומען אייך פרעגן אַ שאלה״? — „נו! נו! לאָמיר הערן״ אדרבא. — „איר הערט רבי, היינט אין דער פרי האָב איך גענומען אויסוואַשן די פאַס מיינע, כדי אַרויסיצופאָרן צו דער אַרבעט; אַ שפּאָגל־נייע פּסחדיקע פאַס, איז אַרויסגעפאַלן פון אינעווייניק אַ שטיק ברויט״. — „וואָס רעדסטו? דו ביסט זיכער אַז דאָס איז געווען ברויט״? — פרעגט ר׳ ליפּעלע פאַרחידושט. — „אוודאי רבי, שוואַרצע צעווייקטע ברויט. כ׳מיין, איך וועל דאָך ניט ברענגען דעם חמץ דאָ צו אייך אין שטוב, עס איז דאָך פּסח!

ר׳ ליפּעלע איז געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. ווייל אויב אַזוי, דאַרף מע דאָך חמצדיק מאַכן אַלע קאַטקעס, אַלע דיישקעס, אַלע פעסלעך אין די הייזער ווו ער האָט נעכטן אָנגעטראָגן וואַסער. באַלד אָבער, פאַלט דעם רב איין אַ קלוגער געדאַנק און ער גיט אַ זאָג צום שמש: — „רוף מיר אַריין מאיר בענדעטן און משה־חיימען״! — צוויי פאַרמעגלעכע יידן, מלווים וואָס פלעגן לייען געלט אויף היתר־עסקאָס. דערהערט ר׳ ליפּעלע רופט, זיינען די יידן באַלד געקומען צו גיין און דער רב דערציילט זיי אַזאַ מין סאָרט מעשׂה:

— „איר קענט דאָך אָט דעם יידן. אַן אָרעמער באַלעגאָלע, אַ וואַסער־פירער, אַ מטופל מיט אַכט קינדער. נו, האָט נעכטן געטראָפן ביי אים אַן אומגליק. דאָס פערד זיינס, איז אים אָוועקגעפאַלן. צי וואָלט איר געוואָלט אים אויסלייען געלט צו קויפן אַן אַנדער פערד״?

די יידן האָבן אַ ווילע געשוויגן, אָבער באַלד גיט איינער אַ זאָג:

— „רבי, אייער וואָרט איז ביי אונדז הייליק! אָבער איר פאַרשטייט דאָך אַליין, דאָס געלט דאַרף האָבן אַ באַוואָרעניש, אַ פאַרזיכערונג, אַ גאַראַנטיע״.

— „נו, יאָ״... — וויל דער צווייטער עפּעס צוגעבן.

ר׳ ליפּעלע האָט זיי אָבער איבערגעשלאָגן.

—„שאַט, שאַט! הייסט עס, איר געטרויט אים ניט! אויב אַזוי, איז שוין די שאלה געפּסקנט, ווייל אויב איר קענט אים ניט געטרויען, מעג איך אים ניט גלויבן״, און ר׳ ליפּעלע ווענדעט זיך צום וואַסער־פירער: — „גיי

**אין שטוב און פאַר אַרויס ווידער צו דיין אַרבעט. עס האָט זיך דיר אויס־געוויזן, עס איז גאָרניט געווען קיין ברויט און אַלץ איז כשר־וישר״.**

אַ שאלה אויף אַ הון

ר׳ ליפּעלעס גוטער פריינד און הויזדאָקטער, זילבערבערג, פלעגט שעהען לאַנג זיצן מיטן רב און שמועסן דברי תורה. קומט איין מאָל אַריין אַ יידענע מיט אַ הון אין די הענט, פרעגן אַ שאלה. ר׳ ליפּעלע האָט געכאַפּט אַ קוק אויף דער הון און געזאָגט אַז זי איז דורכאויס כשר אָבער, גלייכער וועט זיין, אַז מען זאָל די הון ניט עסן. האָט אים דער דאָקטער געבעטן אַנט־שולדיקונג און אים געפרעגט: — פאַר וואָס האָט ער אַזאַ מיינונג? און ר׳ ליפּעלע האָט אים אַזוי געענטפערט:

— „פאַרשטייסטו מיך, מיין פריינד, אַזוי איז די הון געווען הונדערט פּראָצענט אַ געזונטע, אָבער איך וויים, אַז אין דער שטוב ווו די הון האָט זיך געהאָדעוועט האָט געוווינט אַ מענטש מיט אַ לונגען־פעלער. דער קראַנ־קער האָט געוויס אויסגעשפּיגן ניט איין מאָל און די הון האָט עס מסתמא בישט איין מאָל איינגעשלונגען, ווייל עופות האָבן שוין אַזאַ נאַטור. דערי־בער איז גלייכער מען זאָל די הון ניט עסן״.

דער דאָקטער איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך פאַראינטערעסירט אין דעם ענין, ער האָט אָבער ניט באַמערקט אויף דער הון קיין שום שלעכטס. האָט ער באַצאָלט דער יידענע איר שאָדן און ער האָט די הון אָפּגעשיקט אין אַ לאַ־באָראַטאָריע צו אונטערזוכן זי אַזש אין פּעטערבורג. אין אַ קורצער צייט אַרום איז אָנגעקומען אַן ענטפער, אַז ר׳ ליפּעלע איז געווען גערעכט.

און אָט איז נאָך אַ ביישפּיל, וויפל גוטסקייט און איידלקייט ר׳ ליפּעלע האָט פאַרמאָגט

אין יענע יאָרן איז פאַר פסח געווען אַ גרויסער יקרות און מען האָט געמוזט מתיר זיין צו עסן קטניות פסח, דאָס הייסט אַז באָב, אַרבעס און בעבלעך פון אַלע סאָרטן און קאָלירן, וואָס מען פלעגט עס אין געוויינלעכע צייטן ניט עסן, זאָל מען היינטיקס יאָר יאָ עסן.

איין מאָל, פרייטיק חול־המועד פסח פאַר ליכט בענטשן, לויפט אַריין צום רב אין שטוב אַ יידענע מיט אַ גרויסן טאָפּ אין די הענט און וויינט זיך פונאַנדער:

— „רבי, איך האָב געטראָגן דעם טשאָלנט דאָ אַנטקעגן צום בעקער, האָט זיך אַראָפּגערוקט דאָס שטערצל פון דעם טאָפּ און דער בעקער האָט דערזען אַרבעס אינעווייניק אין טעפּל איז ער אויף מיר אָנגעפאַלן מיט קולי־קולות: „וואָס! אַרבעס גאָר אין טשאָלנט? איר ווילט מיר חמצדיק מאַכן דעם

גאַנצן אויוון מיט די טשאָלנטן? גיכער, פאַרנעמט זיך פון דאַנען״! אָבער איך בעט אייך, פאַרשטייט מיך רבי, איך בין אַן אָרעמע אלמנה מיט פּיצלעך יתומים און האָב ניט געהאַט קיין אַנדער זאַך וואָס צו שטעלן אין טשאָלנט.

דער רב האָט געבעטן די יידענע, אַז זי זאָל זיך באַרואיקן, ער האָט די מינוט אַריינגערופן די קעכין און זי געהייסן צונעמען ביי דער יידענע דאָס טעפּל און עס אַריינשטעלן ביי אים אין דעם זעלביקן אויוון ווו עס איז געווען פאַררוקט זיין אייגענער טשאָלנט. שטילערהייט האָט ער אַ שושקע געטאָן דער קעכין, זי זאָל אַריינוואַרפן אין טעפּל אַ שטיקל שמאַלץ און מיט אַ שמייכל האָט דער רב באַגלייט דער אָרעמער יידענע ביז דער טיר און איר געזאָגט:

— גייט געזונטערהייט און קומט מאָרגן אין דער פרי אָפּנעמען דעם הייסן טאָפּ טשאָלנט.

## צו דער געשיכטע פון „הבימה״

א קליין בלעטעלע זכרונות — דער ציילט פון יהושע ראַפּאָפּאָרט, מעלבורן, אויסטראַליע.

אין ביאַליסטאָק האָט געלעבט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אַ העבּ־רעאישער לערער — נחום צמח, עס האָט אים שטאַרק געצויגן צו טעאַטראַ־לער קונסט. נחום צמח איז געווען אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן ווילן, האָט ער אָרגאַניזירט אַ קרייז ליבהאָבער און האָט געשפּילט טעאַטער אויף העברעיש.

ווי איך געדענק, האָט זיין ליבהאָבער־טרופּע ניט געמאַכט קיין שטאַרקן רושם אין ביאַליסטאָק. דער בעסטער באַווייז צו דעם איז דער עפּיזאָד וואָס איך וועל דאָ דערציילן:

איין מאָל, אין אַ שפּעטן זומערדיקן פאַר נאַכט, דאָס האָט געמוזט זיין אין יאָר 1920 אָדער 1921 שטעלט מיך אָפּ אין גאַס נחום צמח וועלכן איך האָב געקענט נאָר פון דער ווייטנס און ער לייגט מיר פאַר אַ דזשאָב — ווי מע וואָלט געזאָגט אין אַמעריקע.

— וואָסי?

— אַזוי ווי ער קלייבט זיך צו פאָרן מיט זיין קרייז ליבהאָבערס קיין ווין אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס כדי צו שפּילן דאָרטן העברעישן טעאַטער, דאַרף ער נייטיק האָבן אַ סופליאָר און ער לייגט מיר פאַר איך זאָל ווערן דער סופליאָר ביי זיין ליבהאָבער־טרופּע במשך פון דער צייט פון דעם טורנע. איך האָב אַ ווילדע געטראַכט — וואָס עפּעס? ווערן גאָר אַ סופליאָר? עס האָט מיך קיין מאָל ניט געצויגן צו דעם לעבן פון הינטער די קוליסן פון אַ טעאַטער, פון דער צווייטער זייט אָבער, אַ רייזע קיין ווין צום ציר־

ניסטישן קאָנגרעס, זען ווין און נאָך אַנדערע שטעט פון עסטרייך; אַזעלכע רייזעס מאַכן זיך דאָך ניט אַלע טאָג!

איך האָב אָבער ניט געהאַט קיין צו גרויסן צוטרוי צו דער דאָזיקער ניט זיכערער אונטערנעמונג, וואָס איז נאָך דערצו געווען זייער ווייניק פּאָפּולער ביי אונדז אין שטאָט. איך האָב זיך תיכף אָפּגעזאָגט מיט דער גרעסטער אַנטשלאָסנקייט. דאָ האָט מיך צמח אַזוי לייכט ניט אָפּגעלאָזן און צווישן אונדז האָט זיך פאַרצויגן אַ פאַרמעלער קאַמף. איך האָב אים געוואָלט איבערצייגן, אַז איך קען אַ סך ווייניקער העברעיש ווי ער מיינט, און איך פיל אַז איך וועל ניט טויגן ווי אַ סופליאָר, בפרט אין אַ העברעישן טעאַטער; מען דאַרף דאָך האָבן עפּעס אַן אַנונג אין דעם ענין. צמח האָט זיך אָבער געהאַלטן שטאָל און אייזן ביי זיינס. ער ווייס, זאָגט ער, אַז וויפל איך קען העברעיש איז איבער גענוג און צו זיין אַ סופליאָר דאַרף מען ניט האָבן קיין אַרטיסטישע פעיקייטן און עס איז ניט קיין גרויסע תורה. ער וועט מיך איינס און צוויי אויסלערנען. לויט דער עקשנות וואָס צמח האָט אַנגעווענדט אויף מיר, אויף זיין זיבעצן־יאָריקן קרבן, האָב איך פאַרשטאַנען אַז איך בין ניט דער איינציקער און ניט דער ערשטער, וואָס טרייסלט זיך אָפּ דערפון. איך האָב געזוכט אַ וועג ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון דעם און צמח האָט שוין אויך געזען אַז מיט מיר וועט ער גאָרניט קענען מאַכן. פרעגט ער מיך מיט אַ ווייכן קול: — אפשר קען איך אים רעקאָמענדירן אַ צווייטן? האָב איך זיך שטאַרק דערפרייט און זאָג צו אים: — איר דאַרפט האָבן איינעם, אַן אמתן קענער פון העברעיש, און דאָס איז משהלע זאַבלודאָווסקי; ער איז דער וועמען איר דאַרפט און גלייך נעמט ער מיך אָן פאַרן האַנט און זאָגט צו מיר, אַז ער וועט מיך ניט אָפּלאָזן, איך מוז אים אַוועקפירן צי אַט אַ דעם זאַבלודאָווסקין.

אַט זיינען מיר שוין אויף דער גאַס „פּאַוועטשיזנע“ אַנטקעגן דער רוסי־שער צערקווע, דאָרט וווּ זאַבלודאָווסקי האָט געוווינט. איך האָב צמחן צו־געפירט צו די קרומע פינצטערע טרעפּ, אים אַנגעוויזן די טיר און איך בין שנעל אַנטלאָפן אַהיים. איך האָב זיך געראַטעוועט פון אַן אומגליק.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך זיך דערוווסט, אַז משהלע זאַבלודאָווסקי האָט אויך ניט אַנגענומען דעם פּאָסטן ווייל אין אַ שטיקל צייט אַרום איז משהלע זאַבלודאָווסקי געוואָרן איינער פון די בעסטע און באַליבטסטע לערערס פון העברעיש, געשיכטע און תנ״ך אין דער ביאַליסטאָקער העברעישער גימנאַזיע. פאַרשטענדלעך, אַז עס האָט אים ניט געקענט ציען צו פאָרן קיין ווין און ווערן אַ סופליאָר פון אַ טרופּע, וואָס קיינער האָט ניט געקענט און ניט געוווסט פון איר.

ערשט אין אַן אַכט־ניין יאָר אַרום, האָבן גענומען אָנקומען פון דעם באָלשעוויסטישן מאָסקווע מאָדנע ידיעות וועגן אַ העברעישן טעאַטער אונטער נחום צמחס אָנפירונג וואָס האָט אַ געוואַלדיקן דערפאָלג. עס איז אויך גע־זאָגט געוואָרן אַז די קונסט וואָס דער טעאַטער פאַרמאָגט באַזיגט און באַהערשט אַלעמענס הערצער און מוחות.

עס זיינען אַוועקגעלאָפן 17־18 יאָר. די הבימה איז געקומען קיין פוילן און האָט אַלעמען איבערראַשט מיט אירע וווּנדערלעכע פאָרשטעלונגען. ערשט דאַמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אין יענעם זומערדיקן פאַר נאַכט, ווען צמח האָט געזוכט מיט ליכט אַ סופליאָר פאַר זיין טעאַטער וואָס איז נאָך דאַן געלעגן אין די וויקעלעך האָט ער זיך געגרייט צו אַ טריומף־רייזע וואָס האָט איינגענומען די וועלט פון דער העכסטער טעאַטראַלער קונסט. און איך בין זיך מודה ומתודה אַז איך האָב ניט איין מאָל באַדויערט וואָס איך האָב ניט אָנגענומען דעמאָלט די שטעלע און ניט געוואָרן אַ סופליאָר פון צמחס ליבהאָבער־טרופּע. עס וואָלט דאָך מיר געווען גוט און וויל און אַ גאַנץ לעבן וואָלט מיך געוואַרעמט דער געפיל אַז איך האָב זיך אויך באַ־טייליקט, כאָטש ווי אַ פּשוטער ציגללייגער,ביים אויפבויען די „הבימה" געביידע.

## מיין ברודער שמואל

דער ברודער מיינער שמואל, דער פּאָפּולערער צאַנדאָקטער, וועגן וועמען עס ווערט אין די וייטערדיקע שורות דערציילט אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד, איז געקומען קיין מעקסיקע נאָך אַ גאָר יונג בחורל. ער איז אַ העלפט פון אַ צווילינג. די צווייטע העלפט, אונדזער שוועסטער לאה, איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע מיטגלידער פון אונדזער משפּחה.

מיין ברודער שמואל האָט געענדיקט אין ביאַליסטאָק אַ יידישע פאָלקס־שול, אָבער חכמה האָט ער ניט געדאַרפט לערנען. ער פאַרמאָגט עס פון געבוירן־טאָג אָן. דאָ האָט ער פאַרענדיקט אַ דענטיסטישע הויכשול און איז באַרימט ווי אַ גוטער צאַנדאָקטער; ער האָט אַ פיינעם גוט איינגעאָרדנטן דענטיסטישן קאַבינעט מיט אַ גרויסער קליענטעלע.

זיין לעבנס־באַגלייטערין איז די באַקאַנטע לערערקע און דירעקטאָרן פון קינדערגאָרטן ביי דער י.־ל. פּרץ־שול. ווערע, פון דער היים ראַבינאָוויטש. און קיין בעסערע שוועגערין און מומע פון אונדזערע קינדער האָבן מיר זיך ניט געקענט ווינטשן. זי איז אַ פעיקע, אַ טאַלאַנטירטע און האָט אַ זיסע שטימע צו זינגען. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט זי אַרויסגעגעבן אַ פּלאַטע אירע מיט עלף לידער וואָס האָבן זייער אויסגענומען ניישט נאָר אין מעקסיקע נאָר אויך אויסער מעקסיקע.

מיין ברודער שמואל וועט ניט האָבן קיין פּאַראיבל ווען איך וועל צום סוף עפּעס דערציילן, כאָטש דאָס וואָלט געדאַרפט קומען אין סאַמע אָנהייב פון דער דאָזיקער קורצער באַשרייבונג:

ווי נאָר מיין ברודער איז געקומען קיין מעקסיקע, איז ער אויף דער צווייטער וואָך שוין אַליין געגאַנגען אין גאַס און האָט פאַרפירט שמועסן מיט פאַרשיידענע מענטשן. איין מאָל קומט ער צוגיין פון גאַס און דערציילט מיר פאַרשיידענע עפּיזאָדן פון זיינע באַגעגענישן מיט פאַרשיידענע תושבים פון מעקסיקע.

— „נו, — זאָג איך צו אים — דו האָסט זיי געוויס דערציילט, אַז דו ביסט זאַבלודאָווסקיס אַ ברודער"? — ניין, — ענטפערט ער מיר גוטמוטיק — איך האָב זיי געזאָגט אַז איך בין אַליין אַ זאַבלודאָווסקי... נו, ער איז הונ־דערט פּראָצענט גערעכט איך קען זאָגן עדות, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק, ביי אונדז אין שטוב, און ביי סאַרקע דער שוסטערקע אין מויער אויף פּאָוועטשיזנע גאַס.

# ח י ה ל ע  ג ר אָ ב ע ר

אַזוי ווי איך האָב אַריינגענומען אין מיין בוך זכרונות די אויבן דערמאָנטע דערציילונג פון מיין פריינד יהושע ראַפּאַפּאָרט, וויל איך דאָ פאַר צייכענען נאָך אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד וואָס איז פאַרבונדן מיט יענער צייט.

ביי אונדז אין ביאַליסטאָק, האָט דעמאָלט געוווינט אַ מיידל מיטן נאָמען חיהלע גראָבער. די דאָזיקע מיידל האָט פאַרמאָגט אַרטיסטישע איינגעבוי־רענע פעיקייטן און זי איז געווען פון די ערשטע וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין נחום צמחס גרופּע. מיט אַ צייט שפּעטער איז זי געוואָרן אַ זייל אין דער „הבמה" ווו זי האָט געשפּילט באַדייטנדע פּרויען־ראָלן. אַזוי ווי זי האָט נאָך דאַן געקענט שוואַך העברעיש, האָט זי גענומען לעקציעס ביי מיין ברודער משה.

מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, איז זי געקומען צו גאַסט קיין מעק־סיקע. אויף דעם פייערלעכן קבלת־פּנים וואָס מען האָט פאַר איר איינגע־אָרדנט, האָט מיין ברודער שמואל גענומען אַ וואָרט און האָט דערציילט די ווייטערדיקע האַלב־קאָמישע געשיכטע: אָבער צו וואָס דאַרף איך רעדן פאַר אים? לאָמיר אים אַליין, לאָזן דערציילן.

— „איך בין דאַן געווען אַ יונגער יינגל און אַזוי ווי איך האָב געהאַט פּוכקע באַקן און אויסגעזען גאַנץ דיק, האָבן מיר די שול־חברים מיינע, אַ נאָמען געגעבן „גראָבער", אַט גייט ער, דער גראָבער, אָט קומט ער, דער גראָבער, און אַזוי ווייטער.

עס איז איבעריק צו זאָגן אַז דער דאָזיקער צונאָמען האָט מיר שטאַרק ניט געשמעקט; אָבער וואָס האָב איך געקענט טאָן מיט אַ גאַנצער גרופּע חברים, וועלכע זיינען געווען שטאַרקער פון מיר? פאַרפאַלן, איך האָב געמוזט ליידן. און דאָ קום איך צו, צו דעם עיקר סיפּור־המעשה.

איין מאָל, בין איך ניט ווילנדיק, אַריינגעגאַנגען אין דעם צימער ווו מיין ברודער משה איז געזעסן און געלערנט מיט אַ דערוואַקסענער מיידל. ער האָט מיך פאַרגעשטעלט אַז דאָס איז זיין יינגסטער ברודער שמואל. זי האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, זיך פאַרגעשטעלט און געזאָגט „גראַבער", דאָס הייסט, זי האָט אָנגערופן איר פאַמיליע־נאָמען. איך אָבער, האָב זיך ניט געכאַפּט און געמיינט אַז זי רופט מיך אויך איבער מיטן צונאָמען „גראַבער"; איך האָב זיך שטאַרק פאַרשעמט, געוואָרן רויט און געטראַכט: — וואָס קומט דאָ פאַר? זי אויך? פון וואַנען ווייס זי אַז איך האָב אַ צונאָמען „גראַבער"? פאַר וואָס און פאַר ווען קומט עס מיר, אַז אַן אומבאַקאַנטע מיידל זאָל מיך איבעררופן?

פאַרשטענדלעך, אַז באַלד האָט זיך אַלץ אויסגעפּרעסט און די מיספאַר־שטענדניש איז אויפגעקלערט געוואָרן.

אַלע דריי האָבן מיר געמיטלעך געלאַכט פון דעם נאַאיוון טעות וואָס איך האָב געמאַכט".

חיהלע גראַבער, וועלכע איז געוואָרן אַ באַרימטע אַרטיסטין געפינט זיך איצט אין ישראל, ווו זי לעבט אויס די עלטערע יאָרן אירע. זאָל זיך איר גרינג שלוקעכצן און זאָל זי מאַריך ימים ושנים זיין.

## מאַקסים ליטווינאָוו

שטריכן צו זיין ביאָגראַפיע — פון בן משה

געדרוקט אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע" — ניו־יאָרק

דעם לעצטן טאָג פון 1951, איז אין עלטער פון 76 יאָר, געשטאָרבן אין מאָסקווע אונדזער אַ ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַן, געוועזענער רוסישער אַמ־באַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן — מאַקסים מאַקסימאָוויטש ליטווינאָוו.

אָט דער ליטווינאָוו, וואָס זיין יידישער נאָמען איז געווען מאיר וואַלאַך, איז געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק ביי אַ פיינער באַלעבאַטישער חסידי־שער משפּחה. זיין זיידע ר' שבתי וואַלאַך, אַ גרויסער צדיק און גאון, איז געווען אַ שטיק צייט רב אין ראַזשינוי. דער טאַטע זיינער, ר' משה וואַלאַך, איז אויך געווען אַ למדן אָבער דערצו אויך אַ משכיל. ער האָט פאַרנומען אַ שטעלע אַלס קאַסיר אין אַ פּריוואַטער יידישער ביאַליסטאָקער באַנק.

יינגלוויז, האָט דער צוקונפטדיקער דיפּלאָמאַט געלערנט ביי אַ גוטן מלמד גמרא מיט תוספות. ער האָט פון קינדוויז אָן געהאַט אַ גוטן קאָפּ, אָבער ער איז ניט געווען קיין מתמיד אין לערנען. צווישן די בלעטער פון דער גמרא האָט ער אַריינגעקוקט אין טריף־פּסולדיקע רעוואָלוציאָנערע ביכלעך. ווען דער טאַטע זיינער, האָט געזען, אַז פון אים וועט שוין קיין תלמיד־חכם ניט אַרויסקומען, האָט ער אים אַוועקגעשיקט צו זיינעם אַ ברודער אין לאָדזש.

דאָרט האָט ער זיך גענומען גרייטן צו אַן עקזאַמען פון זעקס קלאַסן גימנאַזיע. דערווייל איז אונטערגעקומען דער פּריזיוו. איז ער געוואָרן אַ סאָלדאַט. אַ פּריווילעגירטער סאָלדאַט, אַ געבילדעטער, וועלכער האָט גע־מעגט דינען אין דער זעלבער שטאָט ווו ער האָט געוווינט און ער האָט ניט געדאַרפט פאַרוואַלגערט ווערן ווייט אין טיף־רוסלאַנד, ווי מען האָט געטאָן מיט פשוטע סאָלדאַטן. פאַרשטייט זיך אַז מאיר וואַלאַך איז שוין דעמאָלט אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער איז אויך געזעסן אָפּט מאָל אין טורמע און דער טאַטע זיינער, האָט געהאַט אַן אַרבעט, שמירן מיט געלט און אים אַרויסנעמען. עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. מאיר וואַלאַך איז אַנגעגאַנגען ווייטער און געשטיגן העכער אין זיין רע־וואָלוציאָנערער קאַריערע.

אַזוי האָט זיך ליטווינאָוו באַקאַנט און געוואָרן אַ נאָענטער חבר מיט סטאַלינען, לענינען און טראָצקין. ער איז אַ שטיק צייט געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער קאַמפּסגרופּע וועלכע האָט געשאַפן געלט דורך פאַרשיידענע וועגן און מיטלען פאַר דער פאַרצווייגטער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד.

מאיר וואַלאַך איז לאַנג ניט געזעסן אויף איין אָרט. ער האָט אַרומגע־וואַנדערט איבער דער וועלט און געזוכט זיך אויסצודרייען פון די צאַרישע הענט וועלכע האָבן אים שטאַרק אַרומגעזוכט. אָט קומט ער קיין לאָנדאָן, ווו ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַן אָנגעזעענער, יחסנישער, יידיש־ענגלישער, אַסימילירטער משפּחה. פון 1921 ביז 1939 איז ער געווען אויסערן־מיניסטער אין ראַטן־פאַרבאַנד און ער האָט זיך שטאַרק אויסגע־צייכנט מיט זיין קלוגער דיפּלאָמאַטישער האַנדלונג און טעטיקייט לטובת דער סאָוויעטנמאַכט. אין יאָר 1939, ביז 1941, איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס רוסישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן. שפּעטער איז ער אַראָפּ פון דער סצענע און מען האָט שוין פון אים מער ניט געהערט, ביז דער טרויערי־קער ידיעה וועגן זיין טויט.

פאַר אונדז ביאַליסטאָקער, וועט זיין אינטערעסאַנט צו דערציילן אַ כאַ־ראַקטעריסטישן אינצידענט:

ווען מאַקסים ליטווינאָוו האָט זיך געפונען אין וואַשינגטאָן, האָט אונ־דזער ביאַליסטאָקער צענטער אים איינגעלאַדן, ער זאָל קומען צו אונדז מיט אַ וויזיט און מען האָט גלייך טאַקע, אָנגעהויבן צוגרייטן פאַר אים אַ פייער־לעכן קבלת־פּנים. ער האָט אָבער ניט געקענט זיין אונדזער ערנגאַסט, ווייל ער האָט פּלוצלונג געמוזט אָפּפאָרן. אין דער לעצטער מינוט, האָט אַ קאָמיסיע פון דריי פּערזאָן — פּיליפּ נאָוויק, סעם קאָסעל און דוד סאָהן — אים באַזוכט אויף דער שיף, ערב זיין אָפּפאָרן. ליטווינאָוו האָט זייער האַרציק פאַרבראַכט מיט זיינע ביאַליסטאָקער לאַנדסלייט; זיך נאָכגעפרעגט אויף אַ סך יוגנט־חברים זיינע, און באַזונדער אויף איינעם פון זיינע רביים — וואָלף רובין — וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין ניו־יאָרק.

אין דעם אינטערעסאַנטן שמועס מיט דער דעלעגאַציע, האָט ליטווינאָוו אָפט אַריינגעוואָרפן יידישע ווערטלעך. די דעלעגאַציע האָט דערלאַנגט דעם רוסישן אַמבאַסאַדאָר אַ געשריבענע ביטע, ער זאָל זען דורכפירן אַז רוס־לאַנד זאָל קויפן טעקסטיל־סחורות אין אונדזער היימשטאָט ביאַליסטאָק, וואָס האָט דאַן דורכגעלעבט אַ גרויסן קריזיס. ליטווינאָוו האָט צוגעזאָגט באַ־טראַכטן די ביטע

אויף דעם צווייטן טאָג, איז צו אונדז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון שיף, מיט ליטווינאָווס אַ דאַנק, פאַר דעם כבוד וואָס די דעלעגאַציע האָט אים צוגעטיילט. אין אַ קורצער צייט שפּעטער טאַקע, האָט רוסלאַנד געמאַכט אַ וויכטיקע מיליטערישע באַשטעלונג אין ביאַליסטאָק. אַלע פאַבריקן וואָס זיינען אַ צייט לאַנג געשטאַנען שטיל, האָבן ווידער אויפגעלעבט; פון די הויכע קוימענס האָט גענומען זעצן אַ רויך. מען האָט געאַרבעט דאַן טאָג און נאַכט כדי אויסצופאַרטיקן די באַשטעלונג צו דער באַשטימער צייט און לאַנגע חדשים האָט די שטאָט געהאַט חיונה.

מען דאַרף זיך ניט שעמען און מען מעג פאַרצייכענען, אַז ליטווינאָוו איז געווען איינער פון די ביאַליסטאָקער גרויסע פּערזענלעכקייטן וועלכער האָט אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן ניט פאַרלייקנט זיין אָפּשטאַם און אַוועקגעשטעלט אונדזער היימשטאָט אויף דער מאַפּע פון דער גרויסער וועלט.

•

# אַנשטאָט אַדוואָקאַט — ביז איך גאָר געוואָרן אַ שניידער...

א ביאַליסטאָקער ייד, מאַטעס מינעס פון אַרגענטינע, דערציילט וועגן זיינע יוגנטלעכע יאָרן אין זיין געבורטשטאָט.

(געדרוקט אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע״, ניו־יאָרק)

פון פינף יאָר אָן, האָב איך געלערנט אין אַלערליי חדרים. ווען איך האָב קוים געקענט דעם אַ־בע צע, דאָס הייסט, דעם רוסישן אַלף־בית, האָבן טאַטע־מאַמע באַשלאָסן מאַכן מיך פאַר אַן אַדוואָקאַט. זיי ווילן דורכאויס האָבן אַן אייגענעם אַדוואָקאַט אין שטוב, ווייל זיי קענען שוין מער ניט אַריבערטראָגן די צרות וואָס עס טוט זיי אָן די פּאָליציי — די אויפזעערס, די רוסישע היטערס און באַשיצערס אונדזערע.

ווי באַקאַנט, האָט מיין טאַטע געהאַט אָן אייגן הויז, אַ גאַנץ שיינעם אייך־עטאַזשיקן געמויערטן בנין. אָבער יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, פלעגט ער קריגן מעלדונגען וועגן צאָלן שטראָף. דאָ, איז דער רינשטאָק ניט געווען אויסגעקאַלכט, דאָ איז דער פּאַרקאַן געווען צעבראָכן און חזירים האָבן גע־האַט אַ פרייען דורכגאַנג. — נו, פרעג איך אייך, זאָגט מיר אַדרבא, וועמענס עסק איז דאָס? און פאַרוואָס קומט דעם טאַטן אַ שטראָף דערפאַר, וואָס חזירים קריכן צו אונדז, אויף אונדזער אייגענעם הויף? אָבער וואָס איז דאָ פאַראַן צו פרעגן קשיות? אין שטוב האָט מען נאָר גערעדט וועגן פּראָ־טאָקאָלן וואָס נידעריקע און העכערע פּאָליציאַנטן האָבן געמאַכט. פאַר אומריינינקייט! עס מוז זיין זויבער אין אַלע ווינקעלעך! „טשיסטאָטאַ״ — רופט מען עס אויף רוסיש.

איר מיינט אָבער אַוודאי, אַז מיין טאַטע איז אַזאַ גרויסער נאַר און ער וועט נעמען אויף גיך, אָט אַזוי, כאַפּ־לאַפּ, און ער וועט לויפן גיך באַצאָלן די שטראָף מאַכט איר אַ גרויסן טעות — איר האָט ניט געקענט מיין טאַטן! עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה שרייבן ביטעס, פּראָשעניעס — אויף רוסיש, באַטירלעך! אין איין פּראָשעניע, האָט ער געבעטן די שטראָף אין גאַנצן אַרונטערנעמען, אין אַ צווייטער האָט ער געבעטן, די שטראָף לכל הפּחות, פאַרקלענערן. די פּראָשעניעס, פלעגט פאַרן טאַטן שרייבן, אַ הינקעדיקער, קולאָוואָער לערער וואָס האָט געוווינט ביי אונדז אין גאַס און האָט געקענט אַ ביסל רוסיש; און לויט ווי איך געדענק, איז אויף די אַלע ביטעס דוכט זיך, קיין מאָל קיין ענטפער ניט געקומען. ביז מיין טאַטע האָט געזען אַז עס איז שלעכט, מען קען נאָך אין אַ שיינעם אָדער מיאוסן פרימאָרגן קומען און

אָפּשרייבן די ניימאַשין אויף וועלכער מיין שוועסטער האָט זיך געלערנט
נייען׳ איז ער דאַן אַוועק צו אַן אמתן אַדוואָקאַט און עס פלעגן שוין אָנ־
קומען ענטפערס אַז די שטראָף ווערט אַ ביסל פאַרלייכטערט.

אָבער פון די לאַדענישן און לויפענישן צו אַדוואָקאַטן, איז מיין טאַטע
געוואָרן אויסגעמאַטערט. בפרט נאָך, אַז אַדוואָקאַטן אַרבעטן ניט אומזיסט,
זיי הייסן זיך גוט באַצאָלן. האָט מען אין שטוב באַשלאָסן איין מאָל פאַר
אַלע מאָל, אַז איינער פון די זכרים זאָל אָנהייבן שטודירן דעם „סוואָד־
זאַקאָן״, די געזעצביכער הייסט עס, און ווען ער וועט זיך אויסלערנען, וועלן
מיר האָבן אַן אייגענעם אַדוואָקאַט און פאַרשפּאָרן אָנקומען צו פרעמדע.

דער גורל איז געפאַלן אויף מיר. דאָס הייסט, איך מוז זיין דער צוקונפט־
טיקער יוריסט. אַזוי האָבן טאַטע־מאַמע באַשלאָסן. און באַלד טאַקע, אין
איינעם אַ פרימאָרגן, האָט מען מיך פאַרפוצט אין די שבתדיקע בגדים, און
איך בין מיטן טאַטן אַוועק זיך פאַרשרייבן אין דער יידיש־רוסישער שול
פון וואַנען מען איז דערנאָך אַריבער אין גימנאַזיע.

אויף מאָרגן האָט מען מיר איינגעקויפט ביכער און שרייבגעצייג און
קיינער איז ניט געווען גלייך צו מיר; — איין קליינקייט, איך וועל ווערן
אַ סטודענט און שפּעטער אַן אַדוואָקאַט. צו מיין שמחה איז גאָרניט געווען
קיין גרענעץ, איך בין געשטאַנען אין שפּיגל און האָב געקאַמט מיין „גזשיבקע״
און דער „יאָזשיק״ מיינער איז טאַקע געווען אַ סך שענער ווי ביי אַלע יינג־
לעך אין קלאַס.

מיין שמחה האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. עס אַז מיר ניט באַשערט
געווען לאַנג זיך צו פרייען. איין מאָל, אינגאַנצן אַ פּאָר טעג נאָכן אָנהויבן
לערנען, ווען איך האָב זיך אומגעקערט אַ היים פון דער שול, האָב איך
געטראָפן אין שטוב אַ גאַנצע איבערקערעניש — אַן אמתן חורבן. די מאַמע
האָט געוויינט, דער טאַטע האָט געשריען און די שכנים האָבן אַריינגעקוקט
דורך די פענצטער זיך צו דערוויסן וואָס איז געשען ביי אונדז אין שטוב.
גלייך האָב איך זיך דערוווסט, אַז די שכנטעס האָבן דערטראָגן דער מאַמען, אַז
כאָטש די לערער אין מיין שול זיינען יידן לערנט מען אָבער דאָרטן אַן
היטלען. דעריבער וויינט זי, די מאַמע מיינע, און שרייט אַז זי וויל ניט מיט
אירע אייגענע הענט מאַכן איר קינד פאַר אַ גוי און צוליב אירע זינד זאָלן
אַוועקגיין חלילה פון דער וועלט יונגע קימפעטאָרינס.

כדי די מאַמע זאָל זיך באַרואיקן האָב איך געמוזט אויפהערן צו גיין
אין שול, און אַזוי אַרום האָט זיך פאַרענדיקט מיין אַדוואָקאַט־קאַריערע און
בכלל מיין גאַנץ שטודירן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען מיך אָפּגעגעבן
זיך צו לערנען אַ פאַך.

איך בין אָנגעקומען אין אַ שניידעריי, וואָס דעם מייסטער האָט מען גע־רופן בערל קאַפּאָטע. צי דאָס איז געווען זיין אמתער פאַמיליע־נאָמען אָדער בלויז אַ צונאָמען — ווייס איך ניט ביזן היינטיקן טאָג. בערל קאַפּאָטע האָט געוווינט ביי ברוך־שלומהן דעם זאַמדפירער — אַ נידעריק יידעלע מיט אַ קורץ בלאָנד בערדל — אַ גאַנצע וואָך פלעגט ברוך שלמה מיט זיין דאַר פערדל פונאַנדערפירן זאַמד און קלעפּיקע ליים צו די געביידעס. ער האָט אָבער געהאַט אַ באַזונדער סאָרט זאַמד, וואָס האָט אויסגעזען ווי צעמאָלענער גאָלד. דעם דאָזיקן זאַמד פלעגט ער מעסטן מיט אַ מולטערל און אים פאַר־קויפן ערב שבת אויסצושיטן אין די הייזער. מיט דעם זעלביקן מולטערל פלעגט ער אויך מעסטן און פאַרקויפן די ליים אויף צו פאַרשמירן און פאַר־קלעפּן שטאַרק די אויוונס ווו מען האָט פאַררוקט דעם טשאָלנט.

בערל קאַפּאָטע האָט געהאַט אַ גרויסע שטוב מיט אַ סך אַרבעטער. מיין טאַטע האָט נאָך לאַנגע דינגעניש אָפּגעמאַכט מיטן מייסטער, אַז איך דאַרף אַרבעטן ביי אים אין גאַנצן אומזיסט. נאָך די צוויי יאָר וועל איך קריגן אַ מתנה אַ ניי היטל פון גוטן געוואַנט און דאָס וועט אויך זיין אַ סימן, אַז איך קען שוין די מלאכה פון שניידעריי.

נאָכן אָפּאַרבעטן אַ פּאָר חדשים האָב איך דערזען, אַז חוץ שניידעריי לערן איך זיך אויך אויס צו ווערן אַ רעוואָלוציאָנער, ווייל איר דאַרפט וויסן אַז ביי בערל קאַפּאָטע אין דער „מאַסטערסקאַיע" איז געווען דער טרעפ־פונקט פון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פון אַלע גרופּירונגען וואָס זיינען דעמאָלט אַרויפגעשוווּמען אויף דער יידישער גאַס; מען האָט דאָרטן געקענט טרעפן צוגעפּאַרענע פייערדיקע רעדנערס און אַגיטאַטאָרן, וואָס האָבן גע־פירט די פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבעטער קעגן ניקאָלייען און קעגן די בורזשויען, די עקספּלאָטאַטאָרן.

איין מאָל האָט מען מיר געגעבן אַ יידיש ביכעלע וואָס האָט געהייסן אַ מעשה מיט וואַסער. דאָרטן איז געווען באַשריבן ווי אַזוי די פּריצים ציען אַרויס דעם קליאַק פון די ביינער ביי זייערע אַרבעטער און פּאַראָבקעס; זיי הייסן זיי גראָבן טיף אין דער ערד ברינעמער און זוכן און געפינען טאַקע פרישע שפּרודלדיקע וואַסערקוואַלן און די אָרעמע גראַשנס זייערע, וואָס זיי קריגן באַצאָלט פאַר זייער שווערער אַרבעט דאַרפן זיי גלייך אויף מאָרגן אַוועקגעבן צוריק דעם פּריץ פאַר אַ טרונק קאַלטן וואַסער פאַר זיך און פאַר זייערע משפחות.

איך דערמאָן זיך, ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען אין יענער צייט, אין פינפטן יאָר די אַרבעטער־טוערס — די אינטעליגענטן ווי מען האָט זיי גערופן. דאָס פּנים מיט איידעלע שטריכן איז געווען אַרומגענומען מיט קורצע בערדלעך אויפן קאָפּ — קיילעכדיקע קאַפּעלושן און שוואַרצע

ברייטע קראַוואַטן אַרומגעבונדן אַרום האַלדז אויף אַ ספּעציעלן אופן. איך האָב זיי אָט אַ די אַלע אָנפּירערס געקענט אויסגעבונדן און איך געדענק נאָך היינט זייערע נעמען.

גאָר אָפט פלעגט אַריינקומען צו אונדז אין שניידעריי חנא „קאַרעטניק״. אויף אים האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט אַ פּאָר מאָל געוואָלט אויפרייסן מיט דינאַמיט די קאַזאַרמעס פון אולאַנסקין פּאָלק און איין מאָל איז ער ביי דער דאָזיקער אַרבעט פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אַ פוס. עס איז אויך געווען אַן אָפּטער גאַסט ביי אונדז גרשון דער מיליטערישער שניידער, וואָס האָט אַ מאָל אָפּגעגאָסן מיט אַ ברענענדיקער פליסיקייט איינעם אַ האַרבאַטן לערער, ווייל מען האָט אויסגעפונען אַז ער איז געווען אַ צו אָפטער גאַסט ביים פּאָליציי־מייסטער און ער פלעגט אַהינצו אַריינקומען געהיים דורך אַן הינ־טערטיר איך האָב אויך געקענט הערשל דעם געלן, וועלכער פלעגט זיך שטענדיק אַרומטראָגן מיט צוויי רעוואָלווערן אין קעשענע און אָנוואַרפן אַ פּחד, אַ שרעק אויף אַלעמען. פּאָליציאַנטן האָבן אים גוט געקענט און האָבן געציטערט פאַר אים אַזוי ווי פאַר פייער.

איין מאָל, ווען ער איז געגאַנגען דורכפירן אַ שטיקל אַרבעט, האָט מען אים אַרומגערינגלט; ער האָט זיך ניט געקענט דורכרייסן און איז געפאַלן פון פּאָליציייסקע קוילן.

אַלע וואָס פלעגן אַריינקומען אין שניידעריי, האָבן שוין געהאַט צו מיר גרויס צוטרוי און האָבן געוווּסט, אַז אויף מיר קען מען זיך פאַרלאָזן. און ניט איין מאָל האָט פישל דער געשטופּלטער, געגעבן מיר צו באַהאַלטן צוויי גלאַנציקע „שפּייערס״ (רעוואָלווערן).

איך האָב אויך געקענט יאַנקעלע דעם פריקאַזטשיק, וועלכער איז דער־הרגעט געוואָרן פון די אַרבעטער גופא, ווייל מען האָט זיך דערוווּסט אַז ער איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. דעם אמת זאָגנדיק, איז ער געווען זייער פעיק צו אָרגאַניזירן געהיימע פאַרזאַמלונגען, ער פלעגט עס אָבער באַלד דער־טראָגן צו פּאָליציי און כאָטש מען האָט אים אויך אַרעסטירט צוזאַמען מיט אַלעמען, האָט מען אים אָבער, גלייך אַרויסגעלאָזט. ווען מען האָט דערזען אַז ער גייט פלוצלונג אַרום פריי, אין דער צייט ווען אַלע איבעריקע זיינען געבליבן זיצן פאַרשפּאַרט, האָט מען זיך גענומען שטאַרק היטן פאַר אים און גלייך טאַקע, האָט מען אים גענומען מיט געוואַלד צו אַ פּאַרטיי־געריכט, ווו מען האָט אים געפונען שולדיק. אין דער זעלבער נאַכט האָט מען אים דערשאָסן.

אַן אָפּטער גאַסט אין דער „מאַסטערסקאַיאַ״ איז אויך געווען „מענדל לאָקש מיט די לאַנגע פיס״. ער פלעגט שטענדיק אַרומגיין ליידיק און גע־זוכט שאַנסן. ווי מען פלעגט זאָגן אין ביאַליסטאָק — זיין הויפּטאַרבעט איז

געווען זוכן, שמעקן, געפינען און קאָנפיסקירן פּריוואַט־אייגנטום; און דערביי פּלעגט ער שטענדיק זאָגן מיט גרויס הנאה, אַז מען מוז מאַכן וואָס מער עקספּראָפּיאַציעס, (ער פּלעגט זאָגן פּראָפּעראַציעס) כדי צו פאַרשטאַרקן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג.

איין מאָל, האָט ער מיך מיטגענומען מיט נאָך פיר יאַטן צו אַ שטיקל אַרבעט. מיר זיינען אַריין צו הינדע דער שפּייז־קרעמערקע און געבעטן אַ שטיק דאַרע קישקע (אַ ווורשט, אַזאַ) מיט זעקס הערינג און דערצו, צוויי לאַבנס געבייטלטע ברויט. ווען הינדע האָט אויף גיך אויפגערעכנט און געבעטן באַצאָלן, האָט איר מענדל לאָקש געהייסן בעסער שווייגן און זיך פאַרגעשטעלט ווער מיר זיינען. פון דאָרטן זיינען מיר אַוועק צו קאָפּל דבור־קעס אויפן הויף, וווּ עס האָט זיך געפונען אַ לאַגער פון ביר. — געבעטן אַ פעסעלע ביר און געלאָזן אַ צעטל אונטערגעשריבן: „די פּאַראייניקטע". מיט דעם אַלעמען זיינען מיר אַוועק אין נאָענטן וועלדל, וווּ מיר האָבן גע־מאַכט די אמתע סעודה.

צוריקוועגס, איז מענדל לאָקש שוין געווען שטאַרק בגילופין און ווען מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען לעבן אַ רעגירונגס מאָנאָפּאָל־קראָם, האָט מענדל לאָקש אונדז געהייסן שטיין פאַרן גאָס און אַכטונג געבן, עס זאָל ניט זיין קיין „שאַכער". (דאָס וואָרט איז ספּעציעל אַ ביאַליסטאָקער און דאָס האָט געמיינט זיך היטן פאַר אַ פּאָליציאַנט אָדער פאַר אַ מוסר). ער, מענדל, איז אַריין אינעווייניק און מיט זיין אייזערנעם שטעקן, האָט ער צעבראָכן אַלע פלעשלעך מיט בראָנפן און דערביי געשריען: „דאָלאָי סאַמאָדערזשאַוויע". (נידער מיט דער זעלבסטהערשונג). ער האָט קיין מאָל ניט אויפגעהערט צו דערציילן ווי אַזוי די אַלטע רוסישע פאַרקויפערקע איז אַ מיט אַ געשריי „באָזשע מאָי" (גאָט מיינער), אַנטלאָפן אַ צעשראָקענע אין די הינטערשטע צימערן פון דער שנאַפּסקראָם.

צווישן די אָפטע געסט ביי אונדז, איז אויך געווען אַברהמל קאַדקע, וואָס די שוויגער זיינע, רחל די בעקערקע, האָט אַלע יאָרן אירע, זיך געבעטן ביים אים, מיט גוטן אָדער מיט בייזן, ער זאָל זיך ניט מישן אין פּאָליטיקע און זיך ניט אַרומקריגן מיטן קייסער, אָדער ער זאָל בעסער אָפּגטן דער טאָכטער אירער. אַ חוץ דעם, האָט זי געהאַט אויף אים גאָר אַ באַזונדער כעס. דער איידעם אירער איז אַ פּאָר יאָר געווען אין אַמעריקע, טאַקע באַלד נאָך דער חתונה. פאַרן פאָרן האָט זי אים איינגעפּאַקט דעם טלית און תפילין. זי האָט אָבער אין תפילין־זעקל אַריינגעלייגט עטלעכע טשוועקלעך און ווען ער איז צוריקגעקומען, פון אַמעריקע (אפשר דערפאַר וואָס דאָרטן האָט מען געדאַרפט אַרבעטן) האָט זי די טשוועקלעך געפונען אויפן זעלבן פּלאַץ.

איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז ער האָט דאָרטן אין אַמעריקע, ניט געלייגט קיין תפילין. ווייל זי ניט קיין גוי, קיין טרייפענעם קאָלבאַסניק פאַר אַן אידעם.

איך געדענק אויך, דעם לאַנגן וועבער — טעוול פאַכווע. דער ערשטער וואָס האָט אָנגעהויבן אַרבעטן שבת, אין דער גרויסער פאַבריק מיטן הויכן קוימען; און נאָך אים האָבן שוין אַ סך יידישע אַרבעטער און מייסטערס גענומען אַרבעטן שבת, ווייל מען האָט די פאַראָוועקע ניט געקענט אָפּשטעלן. ווען מען האָט עס צוגעטראָגן צו ר' איטשעלע דעם דיין, איז ער איין מאָל, אַ שבת אין דער פרי, אַוועק אין דער פאַבריק, אָנגעטאָן מיטן נייעם שבת־דיקן אויבערציהער, אונטער וועלכן עס האָט זיך אַרויסגעזען דער טלית. ער האָט געגעבן אַן עפן די טיר פון דער פאַבריק און אַ זאָג געטאָן אויפן קול: גוט שבת אייך, יידן! אַלע יידישע אַרבעטער האָבן אין איין מינוט זיך איינגעבויגן אין דרייען, דער רב זאָל זיי ניט דערזען און זיי זיינען דורך אַ הינטערטיר, געשווינד אַרויסגעלאָפן אויפן הויף.

יעדן פאַר נאַכט, פלעגט זיך באַווייזן ביי אונדז הערשל דער גראָבער. ער האָט זיך באַרימט געמאַכט דערמיט, וואָס ער פלעגט קריגן ערגעץ אַ טאַטשקע און פלעגט אַרויפכאַפּן עמיצן פון די פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן זיך אויפגעפירט ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין; מיט צוויי אַרבעטער ביי דער זייט, פלעגט מען די דאָזיקע פאַבריקאַנטן אַרויפוואַרפן אויף דעם גרויסן באַרג מיסט ביים עק פון דער גאַס. מיר אַלע האָבן אויך געוווּסט אַז דאָדיע דער שטומער, וואָס האָט געוווינט אין דער זעלביקער געגנט איז געגאַנגען פאַרויס מיט אַ רויטער פאָן, ווען מען איז אין פינפטן יאָר אַרויס מיט אַ דעמאָנסטראַציע צו דער טורמע צו ברעכן די גראַטעס און באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע. עס זיינען דעמאָלט געפאַלן אַ סך קרבנות.

מיין מייסטער בערל קאַפּאַטע האָט פאַרמאָגט אַ קאַלטן לונג און לעבער. עס האָט ניט אויסגעזען, אַז ער זאָל זיך פון עפּעס נעמען צום האַרצן. ער האָט נאָר געזאָרגט עס זאָל ניט פעלן קיין אַרבעט' ער פלעגט אויך לייענען צייטונגען און זיך דערוויסן וועגן נייע דערפינדונגען און וועגן נייע מאַשינען. ער האָט זיך שטאַרק געשראָקן און ניט אויפגעהערט פאַרויסצוזאָגן שוואַרצע נבואות:

איר וועט זען מיינע רייד, אַז גאָר אין גיכן וועט מען אויסקלערן אַ מאַשין וווּ מען וועט פון איין זייט אַריינלייגן אַ שטיק שטאָף און עס וועט פון דער צווייטער זייט אַרויסגיין אַ פיינער געפּרעסטער אָנצוג.

ער איז ניט געשלאָפן די נעכט און איז געווען שטאַרק צערודערט דער־פון. אַ קראַנקהייט, אַן איינרעדעניש אַזאַ — באַהיט זאָל מען ווערן!

דערפאַר אָבער, האָט די מייסטערקע מיינע, לאַהטשע, פאַרמאָגט גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. זי איז געקנאָטן געוואָרן פון גאָר אַן אַנדער טייג; זי

האָט מיט אַלע אירע מעגלעכקייטן געשטיצט די אַרבעטער־באַוועגונג און רק געטענהט אַז פון ניקאָלייען — פון אָט דעם אויסגעפּוצטן בלוטיקן גולם, מוז מען פּטור ווערן. אָט אָ די לאַהטשע האָט געהאַט אַ גוט אויג צו באַ־מערקן און זען ווער עס האָט נאָך גאָרניט געגעסן. זי פלעגט אויף אַ פיינעם אופן רופן אים צום טיש און אים צוטראָגן אַ הייסן טעלער קרופּניק. אַ מאָל פלעגט טרעפן, אַז עמיצער פון די קאָנספּיראַטיווע לייט האָט געמוזט וואָס גיכער אַוועקפאָרן און ער האָט ניט געהאַט אויף קיין רייזע־בילעט, פלעג איך זען ווי לאַהטשע פלעגט אים אַריינוואַרפן אין קעשענע אַ רובל מיט אַ פּאָר בייגל אַ צולייג און זאָגן: נאַ, פּאָר גיכער, פאַרשפּעטיק ניט דעם באַן! עס איז אַ שאָד די צייט. איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל, אַז ניקאָלייען דאַרף מען וואָס גיכער אַרונטערוואַרפן. נישט איין מאָל פלעגט מען לאַהטשען געבן צו באַהאַלטן פּעקלעך פּראָקלאַמאַציעס און „וואָרעמע" רעוואָלוציאָנערע ליטע־ראַטור. זי האָט דאָס מורא געהאַט צו האַלטן ביי זיך אין שטוב, פלעגט זי דאָס אַריינטראָגן אַנטקעגן צו גדליה דעם שוסטער, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ סעקרעטנעם, פאַרמאַסקירטן קעלער, וואָס נאָר ער אַליין האָט געוווּסט ווו דאָס טירל געפינט זיך און ווי עס עפנט זיך.

און אַז עס איז געקומען צו רייד וועגן גדליה דעם שוסטער, דאַרף מען דאָ פאַרצייכענען, אַז דער דאָזיקער ייד האָט נאָך אויף זיין לעבן ניט געמאַכט קיין נייע פּאָר שיך; ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט צו פאַרריכטן שיך, לייגן רופּטשיקעס און לאַטקעס. מע האָט אים שטענדיק געזען מיט אַ פאַרסמאָליעטן פאַרטוך, זיצנדיק אויף זיין נידעריק בענקעלע און ניט אויפהערן זינגען. געענדיקט אַ חזניש שטיקל, פלעגט ער אָנהייבן צו דערלאַנגען דאָס באַליבט לידל זיינס, „אוי געוואַלד, אַ גנבֿ"! ער האָט דאָך מיך באַגנבֿעט, ער האָט דאָך ביי מיר צוגענומען אַלעם פון דער שטוב. זיבן העמדער ווי די בעכער, דריי מיט לאַטעס, פיר מיט לעכער, אוי געוואַלד, אַ גנבֿ"!... באַלד פלעגט ער אָנהייבן שטאַרקער קלאַפּן די טשוועקלעך מיטן שוסטערישן האַמער זיינעם און זינגען ווייטער אין איין אָטעם: „כאַפּט אים, בינדט אים, זעצט אים איין — אפשר וועט ער זיך מודה זיין", און ווידער אַ מאָל „אוי געוואַלד, אַ גנבֿ"... אאַז"וו.

אָבער אַזוי ווי מיין מייסטערקע לאַהטשע — אַלטער קאַפּאַטעס ווייב — האָט געהאַלטן מיט דער רעוואָלוציע, אַזוי איז די שכנטע אירע, יענטע־ביילע געווען קעגן. זי האָט רק געטענהט אַז זיי, די יונגאַטשעס, ווילן גאָר־ניט אויספירן און פאַר יידישע סטאַטעטשנע קינדער פּאַסט גאָרניט צו פאַר־נעמען זיך מיט דעם. יענטע־ביילע האָט יעדע וואָך געלייענט דעם טייטש־חומש, האָט זי געוווּסט אַז אין די הייליקע ספרים שטייט געשריבן, אַז מען דאַרף בעטן דעם אייבערשטן פאַר דעם קייסערס געזונט — ווייל אָן אים,

וועט זיין נאָך ערגער. קיינער אָבער, האָט זיך ניט צוגעהערט וואָס יענטע־ביילע האָט גערעדט. מען האָט געהאַלטן אַז זי איז אַ צעדרייטע.

זייט מיר מוחל, רבותי. איך האָב זיך פאַררעדט אין דער צייט ווען איך האָב נאָך צו דערציילן וועגן זיך אַליין.

וואָס ווייטער בין איך געוואָרן אַלץ מער אַפּיקורס און אַ גרעסערער בונ־טאָווטשיק. איך האָב מיין אַרבע־כנפות געטראָגן באַהאַלטן אונטערן העמד און נאָכדעם, האָב איך אים שוין אין גאַנצן אויסגעטאָן. שבת פלעג איך זיך באַווייזן אין בית־מדרש אויף אַ ווייל און באַלד בין איך ניט געוואָרן. גאַנץ אָפט, פלעג איך זיך אַריינכאַפּן מיט מיינע חברים עפּעס איבערבייסן אין אַ רעסטאָראַן, וווּ עס איז געווען ניט אַזוי שטאַרק כשר גייענדיק פון יענעם מקום אין שטוב אַריין, פלעג איך שטאַרק רייבן מיינע ליפּן, ווייל איך האָב מורא געהאַט מען זאָל ניט באַמערקן און דערקענען אַז איך בין עפּעס ניט אין אָרדענונג.

אַזוי זיינען אַריבערגעלאָפן די צוויי יאָר. דער טערמין הייסט עס, וואָס איך האָב געדאַרפט אַרבעטן ביי בערל קאַפּאַטע אַן געצאָלטס און וווּ איך בין געוואָרן אַנשטאָט אַן אַדוואָקאַט, אַ פּאַלנער שניידער, מיט אַ ניי היטל. אַ מתנה, אַזוי ווי עס איז געווען אָפּגערעדט.

באַלד נאָכדעם, בין איך אַוועק אַרבעטן אין דער גרעסטער און טייערסטער שניידעריי פון אונדזער שטאָט. אָבער נאָך דעם ווי איך האָב אָפּגע־אַרבעט דאָרט אַ פּאָר חדשים, האָב איך צוזאַמען מיט מיין חבר בערטשיק אָרגאַניזירט אַן אַלגעמיינעם שטרייק ביי אַלע שניידערס. מיר האָבן זיך געהאַלטן פעסט און זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן. עס איז אויך ניט געווען ביי די אַרבעטער קיין איינציקער שטרייקברעכער.

די באַלעבאַטים האָבן אָבער אויך ניט געשוויגן. זיי האָבן פאַררופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון שניידער־מייסטערס און זיי האָבן באַשלאָסן, אַז די ערשטע זאַך, מוז מען פּטור ווערן פון די גלאַוונע אָנפירערס, וואָס האָבן צעבונטעוועט און אויפגערייצט די אַרבעטער.

ווייזט אויס, אַז עמיצער האָט דערטראָגן וועגן מיר, ווו מען דאַרף, ווייל די זעלבע נאַכט איז מען מיך געקומען זוכן אין שטוב און געוואָלט מיך אַרעסטירן. דער טאַטע האָט געשטעלט בראַנפן און אַריינגערוקט די צוויי קנעפּלעך עטלעכע רובל אין יד אַריין. מיט אַ טאָג שפּעטער, בין איך שוין געווען אויף דער צווייטער זייט גרענעץ.

# דניאל טשאַרני

## צו דער מאַמען אויף פסח

(פון דער סעריע „יידן דערציילן")

אַ יונגער בחורל בין איך נאָך דאַן געווען ווען איך בין אַוועקגעפאָרן אויף אַ פּאָר יאָר אין דער שווייץ שטודירן, אַזוי ווי עס האָבן זיך דאַן געפירט אַ סך יוגנטלעכע פון אָפּגעפיינטע באַלעבאַטישע משפחות. איך האָב זיך דאָרט אינגאַנצן אַריינגעוואָרפן אין לערנען און ניט געפילט ווי די צייט גייט אַוועק. אָבער ווי נאָר עס איז געקומען פורים האָב איך זיך גענומען גרייטן צו פאָרן אויף פסח אַהיים צו מיין מאַמען.

און אָט זיץ איך שוין טאָקע אין באַן און עס שווימען אַרויף אַלערליי געדאַנקען, דער עיקר — אָבער טראַכט איך ביי זיך אַז עפּעס איז דאָ ניט אין אָרדנונג. עפּעס שטימט ניט, ווייל אייגנטלעך האָט דאָך גאָר אין דעם חודש געדאַרפט זיין ראש השנה ווייל עס שטייט דאָך בפירוש געשריבן אַז דער חודש ניסן איז דער ערשטער חודש פון אונדזערע אַלע חדשים און דער תנא ר' יהושע זאָגט דאָך טאָקע אַז דער רבונו של עולם האָט באַשאַפן די וועלט אין די ערשטע זעקס טעג פון דעם חודש ניסן — און צווישן אונדז ריינדנדיק לייגט זיך עס טאָקע אויפן שכל, ווייל עס וואָלט דאָך געווען לעכערלעך צו באַשאַפן די וועלט ראש השנה צייט ווען עס הויבן שוין אָן צו בלאָזן קאַלטע יעשענדיקע ווינטן און דערצו בלאָזט מען נאָך שופר אויך, טו ווי וואָלטן זיך דאָ אינגאַנצן געפּאַסט די יום נוראימדיקע טעג און די עשרת ימי תשובה אַז קיינער האָט דאָך ניט געזינדיקט און עס איז דאָך אַפילו גאָרניט געווען ווער עס זאָל זינדיקן, ווייל מען דאַרף ניט פאַר־געסן דאָס אדם הראשון איז נאָך דעמאָלסט אויף דער וועלט ניט געווען און די קלוגע חוה האָט אים ניט געקענט אַריינבאָרן מיטן רייצנדן עפּעלע פון עץ הדעת — טו פרעג איך אייך נאָכאַמאָל ווער וואָלט געקומען אין שול תשובה טאָן און קלאַפּן זיך על חטא יום כיפור אַ גאַנצן טאָג? — דעריבער זאָג איך טאָקע אַז איך האַלט מיט דעם תנא ר' יהושע, אַז דער אייבער־שטער האָט באַשאַפן זיין וועלט טאָקע אין חודש ניסן ווען די זון הויבט אָן צו שיינען און צו וואַרעמען און אין דער לופט פילט זיך שוין דער פרילינג מיט דעם שיינעם באַפרייאונגס יום טוב אונדזערן פסח.

איך זאָג זיין וועלט דעם אייבערשטנס וועלט און איך זאָג ניט אונדזער וועלט ווייל עס איז זייער שווער צו זאָגן אַז די וועלט איז אונדזערע אין דער צייט ווען מיר זעען ווי טייוואָלים און בייזע רוחות געוועלטיקן און פירן אָן מיט איר — קיינער פון אונדז וועט אויך ניט זאָגן אויף דער וועלט „כי טוב" אַזוי ווי דער אייבערשטער — דער הימלמייסטער — האָט געזאָגט יעדע ווילע ווען ער האָט געשאַפן עפּעס אַ גוטע נייטיקע זאַך — וואָס דאַרפט איר

מער? איך אַליין בין אַ שרייבער דאָס מיינט צו זאָגן איך שאַף אויך עפּעס — און דעם אמת זאָגנדיק — קומען ביי מיר אַרויס לידעלעך און מעשה־לעך — טאַקע פון גאַלע גאַרנישט איך האָב אָבער ניט קיין נאַטור און קיין שטאָלצקייט אין זיך צו זאָגן אויף מיין אַרבעט אַז עס איז אויסגעצייכנט פיין און גוט.

עס דינט מיר אויך ניט מיין פעדער און איך פאַרמאָג ניט די דרייסט־קייט אין זיך געבן דרוקן יעדן ערב פסח דעם זעלביקן פרילינגס ליד וואָס איך האָב שוין פאַרעפנטלעכט פאַר אַ יאָרן און פאַר צען יאָרן. דער רבונו של עולם דערלויבט זיך אָבער יע קאָפּירן און איבערדרוקן און דערלאַנגען אונדז יאָר איין און יאָר אויס דעם זעלבן פרילינג, דעם זעלבן זומער, דעם זעלבן האַרבסט און דעם זעלבן ווינטער, אָט אַזוי שוין טויזנטער יאָרן און קיינער פון אונדז קריטיקירט אים ניט, אפשר דער פאַר ווייל דער פסוק זאָגט דאָס מיר קומען אויף דער וועלט — בצלמו ובדמות תבניתו — דאָס הייסט אין גאָטס געשטאַלט און אין דעם אייבערשטנס אויסזען דאָס מיינט צו זאָגן דאָס יעדער מענטש האָט עפּעס אין זיך אַ שטיק געטלעכקייט און מיר זיינען טיילוויז שותפים גאָר צו דער גאַנצער וועלט פאַבריקאַציע טו ווי פּאַסט עס צו קריטיקירן דעם באַשעפער און זוכן חסרונות אויף דער קאַלאָסאַלער אַרבעט זיינער... — אָבער איך מוז אויפהערן פילאָזאָפירן — דער באַן האָט דערלאַנגט אַ לאַנגן פייף און איך קום אָן פרייטיק פאַרטאָג אין מיין געבורטס שטעטעלע.

עס ווערט דערציילט אַ מעשה דאָס א ביינציק יאָריקע יידענע האָט געבראָכן מיט די הענט געוויינט און געקלאָגט, „ווײ איז מיר... אַזאַ אומגליק פאַר־וואָס האָט מיר דער אייבערשטער אַזוי געשטראָפט — איך האָב געהאַט אַ טאָכטער שוין ווי די וועלט איז זי געשטאָרבן אַזוי יונג — קוים אָפּגעציילט פיר און זיבעציק יאָר — און צו סוף גיט זי צו מיט אַ קרעכץ... די האָרץ האָט מיר אָבער שטענדיק געזאָגט אַז זי וועט לאַנג ניט לעבן ווייל זי איז געבוירן געוואָרן זייער אַ שוואַכינקע...

מיט מיר האָט אויך פּאַסירט דאָס זעלבע — געקומען צו פאָרן אַ געזונטער בחורעץ פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר און איך הער ווי מיין מאַמע רעדט מיט ווייבער און פרעגט ביי זיי עצות: „דבורהלע קרוין! איך הויב ניט אָן צו וויסן וואָס איך זאָל אים געבן עסן, ער איז דאָך געבוירן געוואָרן אַזאַ שוואַכינקער, איר ווייסט דאָך איר זענט דאָך געוועזן דערביי קוים וואָס די נשמה האָט זיך געהאַלטן אין אים — מען מוז מודה זיין אַז דאָס איז טאַקע געוועזן דער ריינער אמת — איך האָב טאַקע אַלע מיינע יאָרן געפירט אַ קאַמף מיטן מלאך המות איך בין ניט איינמאָל שוין געשטאַנען אויף דעם שוועל פון יענער וועלט — ביז איך האָב זיך ווי עס איז דערשלעפּט צו

דריי און זעכציק יאָר, אָבער מען דאַרף ניט פאַרגעסן אַז דאָס וואָס איך דערצייל דאָ איצט האָט פּאַסירט מיט פערציק יאָר צוריק.



— גערעכנט האָב איך צו פאַרבלייבן מיט מיין מאַמען אין שטעטעלע דעם גאַנצן זומער. איך האָב אָבער ניט געקענט אַריבערטראָגן די פליגן מיט די קאָמאַרעס וואָס האָבן צוביסן מיין לייב און מיר ניט געלאָזן לעבן. זאָג מיר מאַמעלע — האָב איך זיך געקלאָגט — פונוואַנען האָבן זיך דאָ גענומען אַזוי פיל פליגן? אַמאָל איז דאָך דאָס ניט געווען — דו האָסט פאַרגעסן — מיין קינד — זיי זיינען שטענדיק געווען און ניט נאָר ביי אונדז אין שטעטל אַליין. אין גאַנץ רוסלאַנד זיינען פאַראַן מיליאָנען פליגן זשוקעס און אַנדערע חיהלעך וועלכע צופּן, רייסן, בייסן און זויגן אויס די בלוט פון מענטשן — אָט אַזוי האָט מיין קלוגע מאַמע צו מיר געזאָגט. עס איז געווען דער גרעסטער פאַרגעניגן ביי מיר צום זיצן שעהן לאַנג און אויסהערן, וואָס מיין מאַמע רעדט און דערציילט —

אָבער לאָמיר איצט איך איבערגעבן ווי אַזוי די שטעטעלע מיינע האָט מיר אויפגענומען. ראשית כל האָבן אַלע געוואָלט שטאַרק וויסן וואָס פאַראַ מין שרייבער איך בין, צו שרייב איך בריוו מיט אַמעריקאַנער אַדרעסן אָדער ביטעס — „פּראָשעניעס" אין די געריכטן און צו רעגירונגס אַנשטאַלטן — אָדער אפשר בין איך גאָר טאַקע אַן אמתער שרייבער אין די גאַזעטן? — זיינען טאַקע אַלע געלאָפן קוקן אויף מיר ווי אויף אַ בייז ווונדער אַזוי ווי איך וואָלט געקומען פון יענער וועלט. היינט ווער רעדט נאָך ווען עס האָט זיך מיר איינמאָל פאַרוואָלט אויספּוצן זיך אין דעם קאָסטיום וואָס איך האָב געבראַכט פון דער שווייץ און וואָס עס טראָגן דאָרטן די וועלכע קריכן אויף די אַלפּן־בערג — אַ רויטע פייערדיקע קעסטלדיקע העמד קורצע הייזלעך ביז די קני, לאַנגע קאָלירטע זאָקן און דערצו נאָך אַ ווייכן יעגער הוט מיט אַ פעדער פון דריי קאָלירן אויפן קאָפּ — נו... נו... פרעגט שוין גאָרניט וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין שטעטל מען האָט געמיינט אַז איך בין גאָר אַ פּורים שפּילער וועלכער האָט זיך פאַרשפּעטיקט און אָנגעקומען גאָר פאַר פּסח — ייִנגלעך — גרויסע און קליינע — זיינען מיר נאָכגעלאָפן אין גאַס און געשריען: „קוקאַווקעלע! קוקו... קוקו..." ווייל איך ווייס ניט ווי אַזוי זיי האָבן זיך דערוווּסט אַז איך האָב מיט געבראַכט מיט זיך אַ וואַנט זייגערל מיט אַ קוקאַווקע און אַלע האָבן געוואָלט וויסן צו די פויגל איז טאַקע אַ לעבעדיקע. די דערוואַקסענע מיידלעך פון שטעטל האָבן אָבער ניט געלאַכט —אָ, ניין! זיי האָבן געקוקט אויף מיר מיט דער גרעסטער נייגעריקייט ווייל אַזאַ מין סאָרט בחור האָבן זיי נאָך קיינמאָל ניט געזען — און איצט ווען איך

שרייב מיינע זכרונות פיל איך נאָך אַלץ אַ טיפן רחמנות אויף יענע טייערע יידישע טעכטער נעבעך, לאַנג האָבן זיי מיר ניט געקענט אָנקוקן און זען — זייענדיק זיי פאַרבליבן אין דער אומעטיקער שטעטעלע מיט אַ בענקשאַפט אין האַרצן און איך האָב אין פינף וואָכן אַרום זיך געזעגנט צום לעצטן מאָל מיט מיין מאַמען און איך בין אָפּגעפאָרן צוריק אין דער פּרעכטיקער שווייצער לאַנד.

⁂

צום סוף וויל איך זאָגן אַז ביי מיר אין האַרצן וועט אייביק ברענען אַ יאָרצייט ליכט נאָך מיין שטעטעלע און נאָך אַלע אַנדערע חרוב געוואָרענע יידישע שטעט און שטעטלעך — געהייליקט זאָל זיין זייער אָנדענק אמן.

# מיין קוזין שמואל צעסלער

שמואל צעסלער איז געבוירן געוואָרן אין זאַבלודאָווע, אַ שטעטל לעבן ביאַליסטאָק. היינט וווינט ער אין בוענאָס־איירעס און פאַרנעמט זייער אַ וויכטיק אָרט אינעם יידישן קולטורעלן לעבן פון אַרגענטינע.

איך האָב אַריינגענומען אין מיין בוך פיר לידער פון דעם קוזין מיינעם שמואל צעסלער. (זיין מאַמע ביילע איז געווען מיין טאַטנס אַ שוועסטער). די דאָזיקע לידער האָט ער געשריבן אין זיין געבורט־שטעטל אין דעם יאָר 1929 און איך האָב זיי אַרויסגענומען פון אַן אַלטן זשורנאַל, וואָס איז דער־שינען יענעם יאָר אין וואַרשע.

איך בין געווען דאָס ערשטע אייניקל ביי מיין זיידן וואָס איז אויך געווען צעסלערס זיידע. און אָט דערמאָן איך זיך די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען עס האָט אויסגעפעלט עסן, פלעג איך קומען יעדע וואָך אין זאַבלודאָווע. שמואל צעסלער, דעמאָלט נאָך אַ יונגער ייִנגל, האָט שוין גע־שריבן לידער און איך בין געווען דער ערשטער זיי צום לייענען. נאָך איצט זע איך די געלע שטיקלעך פּאַקפּאַפּיר אויף וועלכע ער האָט אָנגעוואָרפן זיינע פּערלדיקע פּאָעטישע שורות. קיין ווייסן פּאַפּיר האָט מען דעמאָלט ניט געקראָגן. ער פלעגט מיר אַ שעמעוודיקער צוטראָגן זיינע לידער און זאָגן:

— „נאַ, דאָדיע, לייען דאָס איבער״!

שמואל צעסלער

## ווער?

איך פיל זי באַפאַלט מיך שטרענג און מיט מאַכט,
איך מוז טאָן איר ווילן;
און שטענדיק מוז איך טאָג און נאַכט
איר יעדן ווונק דערפילן.

ווער איז זי? ס׳איז פאַר מיר אַ סוד
און ס׳וועט מיר ניט געראָטן
צו וויסן אויב איך דין אַ גאָט
און אפשר גאָר דעם שטן.

אָפט זע איך זי אין העלן ליכט,
אין שיין פון בליצן גרינע
צי לייכט עס אַשמדאַיס געזיכט?
צי שטראַלט אַזוי די שכינה?

איך שריי פון ווייטאָק: — ווער ביסטו?
זאָג מיר, איך פאַרשטיי ניט!
אַ קול בלויז ענטפערט מיר: עיי, דו!
ניט פרעג, איך ווייס אַליין ניט!

(1929)

## מאַריאָנעטקעס

אָפט דוכט זיך, ס׳איז שפּילצייג אַ שטיקל,
אָן אַן אייגענעם ווילן, פאַרשטאַנד;
פּאַיאַצלעך, וואָס צאַפּלען נאָר, ווען פאַרן שטריקל
פאַר זייערן ציט זיי אַ האַנט...

קיין פרייע באַוועגונג — איין וואָרט ניט קיין עכטער,
ווי אַלץ איז געמאַכט בלויז אויף שפּאַס.
ס׳איז פאַלש זייער וויינען און זייער געלעכטער
ס׳איז פאַלש זייער ליבע און האַס.

קוקסט נעענטער — איז איינער אין צווייטן געראָטן,
בלויז אַנדערע קליידער און טראַכט

ס׳ציט דעם פֿאַרן שטריקל אַ טייוול, דעם אַ שטן
און דעם גאָר אַן אַנדער מין מאַכט.

עס עקלט און עס ווילט זיך פֿאַרבלייבן אין גליוועך
ביחידות צו זיך בלויז צוגעשמידט,
נאָר פּלוצלונג דערפֿילסטו אויך דיר גיט אַ צי וועך —
און איבער געוואַלד שפּרינגסטו מיט.

## די האָפֿנונג

ניט שטענדיק וועט אַלץ מיר פֿאַרבלייכן
און ווערן צונישט — פֿאַרווישט.
איך וועל נאָך אַ מאָל ווען דערגרייכן די געטלעכע הויכן
און ווערן מיט ליבע און גלויבן דערפֿרישט.

ניט שטענדיק וועט אַלץ מיר צעריגבען
און ווערן צעזייט — פֿאַרווייט
איך וועל נאָך דעם גאָלדענעם פֿאָדעם געפֿינען
אין ערגעץ פֿאַרכישופֿטע וועגן און שפּינען
אַ מלבוש פֿון שטראַלן און פֿרייד

איך וועל נאָך אַ מאָל ווען, מיט לאַכן און שפּאָטן
דערשלאָגן — פֿאַריאָגן
דעם דריקנדיק נאַכטיקן שאָטן
און אין מיינע פֿינצטערע גראָטן וועט אָנהייבן טאָגן.

און אויף מיין געשריי וועלן ווען נאָך צעפֿאַלן
אין תהומען — די צוימען
און איך וועל אויספּראַלן מיט פֿריידיקע שאַלן
די טירן וואָס פֿירן צו יענע קרישטאָלענע זאַלן,
ווו עס נעסטיקט מיין טרוים פֿון די טרוימען...

(1929)

## האַרבסט

אָט, לאָמיר פֿאַרליטענע שווייגן
און שלינגען די טרערן פֿון שפּאָט,
און ניט פֿרעגן קיין שאלות ביי גאָט.

## פ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ע  י אָ ר ן

לאָמיר פאַרליטענע שווייגן
ווי טריבע פאַרוויאַלעטע צווייגן
אין טויטן, אין האַרבסטיקן סאָד.

אָט, לאָמיר פאַרליטענע שווייגן
און שלינגען די טרערן פון שפּאָט
צו וואָס אונדזער ווי לאָזן הערן?
מע וועט אים סיי ווי ניט פאַרשטיין.
און קיין מאָל ניט באַגרייפן אים! — ניין!

צו וואָס אונדזער ווי לאָזן הערן?
און עפּענען קוואַלן מיט טרערן?
ווער פילט דען אַ צווייטנס געוויין?
צו וואָס אונדזער ווי לאָזן הערן?
מען וועט אים סיי ווי ניט פאַרשטיין.

אָט ווייִנען די הימלען די גרויע
און קיינער באַנעמט ניט זייער פּיין,
ווי יעדער וואָלט בייז אויף זיי זיין.
אַנטלויפט פון די הימלען די גרויע,
מען ליבט זיי נאָר לויטערע בלויע,
צעשמייכלט אין זוניקן שיין.

אָט ווייִנען די הימלען די גרויע
און קיינער באַנעמט ניט זייער פּיין,
אָבער אָט קומט אָן אַ האַרבסטיקער שטורעם
אַ מאָל אין אַ נאַכטיקן גרויל.
אָט דאַן לאָמיר עפענען דאָס מויל
און נאָר אין דעם האַרבסטיקן שטורעם — אַ קרעכץ.
לאָמיר טאָן פון יסורים
און יאָמערן ווילד אויפן קול,
און זאָל עס דער האַרבסטיקער שטורעם פאַרשלינגען
אין נאַכטיקן גרויל.

(1929)

# אבֿרהם פּונסקי

## אַ טשעקאַווער טיפּ

עס זיינען פֿאַראַן ביי אונדז אין מעקסיקע טשעקאַווע יידן, וואָס מע קען זיי ווייניק — זיי וואַרפֿן זיך ניט אין די אויגן — און דאָך איז אַ מצווה זיי אָפּצופֿאָרטרעטלען און באַשרייבן. אָט איז איינער פֿון זיי און איך וועל אים פֿאַר אייך פֿאַרשטעלן.

דער ייד שטייט שוין צענדליקער יאָרן אויף דער גאַס קאָרעאָ מאַיאָר מיט אַ געשעפֿט פֿון בעטן און קאָלטשאָנעס. אויסערלעך קען מען ניט זאָגן, אַז ער איז אַ שיינער מאַנספּאַרשוין, ווער רעדט נאָך אַ קראַסאַוועץ, געוויס ניט. אויסגעדאַרט ווי אַ באַקסער און וועגט ניט קיין פֿולע פֿופֿציק קילאָ. איך קען אייך פֿאַרזיכערן, אַז ווען מען וואָלט געמאַכט אַן אויסשטעלונג פֿון ניט קיין שיינע מענער, וואָלט מען אים צוגעטיילט די ערשטע פּרעמיע.

איך מיין אַז ער וועט מיר מוחל זיין, פֿאַר מיינע אַריינפּיר ווערטער, ווייל מיר זענען זייער באַפֿריינדעט; מיר זיינען געוועזן שכנים לאַנגע, לאַנגע יאָרן. איין מאָל האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן: — „זאָג מיר נאָר גוטער ברודער וואָס איז געשען מיט דיר? פֿאַר וואָס זעסטו אַזוי אויס? איך האָב דאָך געקענט דער שיינער מאַמען דיינער — זאָל זי האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן״ . .

— „אוי, דוד, ריר מיר בעסער ניט אָן מיין ווונד אין האַרצן — ענטפֿערט ער מיר כלומרשט מיט אַ זויערער מינע — מיט מיר האָט דאָך קליינערהייט געטראָפֿן אַ גרויס אומגליק. ווען איך בין געבוירן געוואָרן בין איך געווען שיין ווי די וועלט; מיין ליכטיק פּנימל האָט ממש אַרויסגעשיינט פֿון וויגעלע. נו, זיינען אַריינגעקומען צו אונדז אין שטעטל אין איינעם אַ טאָג אַ כאָפּטע ציגיינער און זיי האָבן מיך פֿאַרביטן. נו, יאָ, זיי האָבן אַרויס־גענומען פֿון וויגעלע דאָס שיינע קינד און האָבן אַריינגעלייגט אַ פֿאַרזעעניש . . . דו זעסט דאָך״! . . .

כאָטש זינט איך קען דעם דאָזיקן יידן ווייס איך ,אַז ער קען קיין ליגן ניט זאָגן, דאָך האָט זיך מיר די געשיכטע ניט געלייגט אויפֿן שכל, אָבער פֿאַרהערן זיך מיט אים, איז דאָך ניט שייך, ווייל ער איז אַ ייד אַ כעסן און אויב ער זאָגט עפּעס וועט איר אים ניט איבערשפּאַרן. אָבער ניט דאָס בין איך אויסן.

לאָמיר בעסער לאָזן אין אַ זייט זיין אויסערלעכן אויסזען. פֿאַרציט נאָר מיט אים אַ שמועס הייבט נאָר אָן מיט אים צו רעדן, וועט איר דעמאָלט אויסשרייען: — „אַל תסתכל בקנקן, אלאָ במה שיש בו!״ — דאָס הייסט, קוקט

ניט אויפן טעפּל פון אויסנווייניק נאָר זעט בעסער וואָס עס איז דאָ אינעווייניק. ער רעדט אַ ביסל מיטן ליטווישן „סין", פון זיין מויל אָבער שיטן זיך פּערל; ער איז ממש אויסגעקנאָטן פון ביכער און ספרים, פאַרמאָגט אוצרות אין קאָפּ און מע דאַרף אים קיין פינגער אין מויל ניט אַריינלייגן. בעסער געזאָגט, מען טאָר עס ניט טאָן. דער ייד האָט שטענדיק וועגן וואָס צו רעדן, און ניט גלאַט עפּעס קיין פּוסטע רייד; אָ, ניין, ער איז אַ ייד אַ פּיקח און פאַרמאָגט אַ שאַרפע שניידיקע צונג. מיט איין וואָרט, קיין סך אַזעלכע זיינען ביי אונדז ניטאָ, און עס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז ווען אַ מענטש לייענט אַ סך ווערן געבוירן געדאַנקען, וואָס בעטן זיך מען זאָל זיי אויסגיסן אויפן פּאַפּיר. האָט ער טאַקע ביי אים אויפן טישעלע דיקע העפטן, געדיכט־פאַרשריבענע מיט פּראָזע און פּאָעזיע. איר האָט אָבער זיין נאָמען קיין מאָל ניט געזען ערגעץ געדרוקט. און ניט איין מאָל האָב איך טאַקע מיט אים געכאַפּט אַ שמועס וועגן דעם, האָט ער מיר אַזוי געענטפערט:

— „וואָס פאַר אַ צוועק האָט עס צו געבן דרוקן? צי וואָס עפּעס דאַרף אַ זייטיקער מענטש וויסן מיינע געדאַנקען, מיינע שטימונגען און מיינע געפילן?" דעריבער טאַקע איז פאַר מיר געווען אַ גוואַלדיקע איבעראַשונג, ווען איך האָב פּלוצלונג אין דער צייטונג „די שטימע" דערזען זיינס אַ ליד וואָס רופט זיך „איינזאַם" און אָט וועט איר באַלד הערן וואָס ער זאָגט:

אברהם פונסקי

## א י י נ ז א ם

אַרומגעזען האָב איך זיך היינט,
איך ווייס ניט, וואָס עס איז געוואָרן —
איך אַליין האָב זיך פיינט,
מיין האַרץ איז פול מיט צאָרן.

איך אַרבעט שווער און קום אַהיים,
געפין ניט קיינעם דאָרטן;
מיט מיין פלוניתטע איך בין אַליין —
מיר שפּילן ניט אין קאָרטן.

גיי איך אַריין אַנטקעגן אין אַ הויז;
דערציילן עפּעס אָדער הערן —
שרייט מען דאָרט: „איך גיב אַ טויז!"
און אַ זייטיקער דאַרף ניט שטערן.

## דוד זאַבלודאָווסקי

גיי איך צוריק אַהיים,
איך פיל, אַז איך בין שולדיק...
זיצט מיין ווייב מיט מיר אַליין —
זי שווייגט און איז געדולדיק.

נישטער איך און זוך מיר פריינד,
און איך קען זיי ניט געפינען,
איינזאַם איז מען, ווי מיר שיינט,
ווען מען קען דעם קאָרטן־געטש ניט דינען.

נעם איך זיך אַ לידל שרייבן,
לייג אויס מיינע געפילן,
ווייל מען טאָר פון הינטן ניט בלייבן,
כאָטש מען קען אין קאָרטן ניט שפילן.

דער טאָן און דער אינהאַלט פון די שורות האָט מיך שטאַרק פאַר־אינטריגירט און ווי מיין שטייגער איז האָב איך גלייך אויף דער הייסער מינוט אָנגעשריבן אַן ענטפער און איך טראָג עס אים אַוועק. קוקט ער מיך אָן און הייבט ניט אָן צו פאַרשטיין וואָס איז דאָ פאַרגעקומען. ניט ער האָט עס געגעבן דרוקן און ער ווייס אַפילו ניט אַז דאָס איז געווען געדרוקט. געשען איז אָט וואָס: ווען ער האָט עס געשאַפן און ווען ער האָט עס געשריבן איז גראָד אַריינגעקומען צו אים אין געשעפט אַ באַקאַנטער ייד פאַר וועמען ער האָט איבערגעלייענט דאָס אָנגעשריבענע. און אַזוי ווי דער דאָזיקער ייד לײַדט ביי אים אין שטוב פון דער קאָרטן־קראַנקהייט האָט ער געבעטן ער זאָל עס אים איבערשרייבן און אַן דעם מחברס וויסן האָט ער עס געגעבן אָפּצודרוקן.

איידער איר גייט לייענען מיין ענטפער, וויל איך דאָ פאַרצייכענען, אַז דער ייד פון די בעטן וואָס שרייבט לידער פאַרמאָגט אַ זעלטן שיינע און באַגאַבטע טאָכטער חוהלע. ער האָט אויך אַ זון אַ בן־יחיד. אָט דער חוהלע קען איך פון קינדערווייז אָן, זי פאַרמאָגט אַ גאַוגישן קאָפּ און ווײַנט שוין לאַנגע יאָרן אין מדינת ישראל וווּ זי פאַרנעמט אַ געהויבענעם פּלאַץ אין די העכסטע ישראלדיקע בילדונגס־קרייזן. זי איז אויך די הויפּט־ביבליאָטעקאַרין פון דעם ירושלימער אוניווערסיטעט. אין ישראל האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ חלוץ פון אַרגענטינע.

און איצט הערט זיך צו, וואָס איך האָב דעם יידן, דעם פריינד מיינעם געענטפערט:

פ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ע  י אָ ר ן

# א ב ר ה ם , א ב ר ה ם !

אַוורעמקע, ווי מע רופֿט אים, פֿון קאַרעאַ מאַיאַר,
אַ ייד — ניטאָ צו אים קיין צווייטע פּאָר,
מעג איך שוין האָבן אַזאַ יאָר;
ניט קיין שוטה ניט קיין תּם,
— שרייט פּלוצלונג אויס: — ער איז איינזאַם.

שטענדיק דרייט ער מיטן גראָבן פֿינגער,
כאַפּט מען ווערט עלטער און ווערט ניט יינגער.
רק ער זוכט אַ באַווייז,
אַז אין לעבן איז דאָ עפּעס אַ גרייז.

און אַזוי ווי ער קען ניט שווינדלען, בלאָפֿן —
שטייט ער מיט אַ ספר שטענדיק אָפֿן
און פֿאַרקויפֿט אַרטיקלען צום שלאָפֿן.
ער האָט אַ סך צום זאָגן, אָבער וואָס עפּעס קלאָגן?

גיב נאָר, אַוורעמקע, אַ קלער:
וואָס איז מיט דיר דער מער?
פֿון וואַנען דער קרעכץ, דער וויי —
עס טוט דיר עפּעס וויי?

אויב עמעצער האָט דאָ אַ שולד,
דאַרף מען אויך האָבן געדולד!
טאַקע, זאָג אַדרבא, וואָס פֿעלט דיר קאַרטן?
קוק בעסער אַהין, אין ישׂראל דאָרטן

און זע אַ זאַך אַ טשעקאַווע,
ווי דיין טאָכטער חוה
פֿילט זיך גוט און זיכער
אַרום אירע ספֿרים און ביכער.

געווינטשן פֿון טאַטן,
קיין בייז אויג זאָל איר ניט שאַטן,
דו פֿאַרשטייסט גאַנץ גוט וואָס דאָס הייסט!
טאָ, זאָל דאָס זיין טאַקע דיין גרויסע טרייסט.

וואַרף אַוועק דיין מורה־שחורה,
ווייל „מציון תצא תורה״!
אָנגעשריבן אויף דער הייסער מינוט,
— און איך מיין אַז עס איז גוט. —

פון אַן אַלטן און גוטן פריינד,
נישט פון נעכטן און ניט פון היינט.
איינער, וואָס קען אויך ניט טומלען און שרייען
און מע רופט אים דאַלעד זייען.

## דעם ביאַליסטאָקער חזן משה באַס איז נישט געפעלן געוואָרן אַמעריקע

מען האָט אים אימפּאָרטירט פון ביאַליסטאָק, אָבער ער איז באַלד אַטלאָפן צוריק און איז געשטאַנען ביים עמוד אין דער ביאַליסטאָקער שטאָט־שול העכער פינף און צוואַנציק יאָר.

דערציילט פון חזן **שמואל וויגאָדאַ**

נאָך גאָר אַ יונגער בחור בין איך געווען, און ווען איך בין געקומען צו פאָרן צוריק פון קאַליפאָרניע אין דעם ניו־יאָרקער שמעלצטאָפּ, האָב איך אַנטדעקט אַ „פּנים חדשות״, אַ נייעם, ערשט פון דער אַלטער היים אָנגעקומענעם חזן. ער איז נישט אַבי ווער. אַ סימן האָט איר, אַז אַ ניו־יאָרקער קהילה האָט אים ספּעציעל אימפּאָרטירט אַלס אַ גרויסע חזנישע אַטראַקציע.

משה ראַבינאָוויטשן האָט די וועלט געקענט אַלס „משה באַס״. געווייינטלעך איז אַ באַס נישט קיין גרויסע מציאה פאַר אַ חזן. אָבער ער האָט געהערט צו די אויסנאַמען, ווייל טראָץ דעם וואָס ער האָט געהאַט אַ טיפע באַסאָווע שטימע, האָט ער צו מאָל געקענט דערלאַנגען הויכע טענער אַזוי ווי אַ דראַמאַטישער טענאָר. ער איז אויך געווען אַ שיינער זאָגער און אַ האַרציקער מתפלל, וואָס האָט געקענט אויסנעמען ביים עולם מיט זיין חזנישער קונסט. אַ גוטע שול האָט ער אָן צווייפל געהאַט, האָבנדיק אַמאָל געזונגען אַלס משורר ביי ר׳ חיים לאָמזער, דעם באַרימטן חזן פון דער ווילנער שטאָט־שול.

ער איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישער טיפּ פון די אַלט־פאַרצייטיקע שליחי־ציבור — אַ נאַטור־זינגער אָן באַזונדערער בילדונג, וואָס האָט אָבער פאַרמאָגט אַ האַרציקן שטייגער און געדאַוונט „בלב ונפש״.

ער איז געווען אַ קרעפּטיקער, מיטלוווקסיקער, ברייטפּלייציקער יידל, וואָס האָט געהאַט אַ טבע צו ריידן גיך, אַן זיך אָפּצושטעלן צו כאַפּן דעם אָטעם, אַזוי אַז שוימענדיקער לייכעץ האָט זיך אָנגעקליבן אין זיין מויל און ער פלעגט אַ קאַפּיטשקע אונטערשפּייען. וועגן זיין אַפּעטיט צום עסן זענען אַרומ־געגאַנגען לעגענדעס; אין דעם פּרט האָט ער זיך געקענט פאַרמעסטן מיט קאַרניאָלן. ביים דאַוונען פלעגט ער זיך צוהאַלטן ביים גאַרגל מיט דעם גראָבן פינגער. ער איז געווען אַ פריילעכער לונג־און־לעבער, אַ וויצלער, וואָס פלעגט טראָגן זיין שוואַרצן האַרטן הוט יעדן טאָג און אין שבת און יום־טוב זיין האַלבן צילינדער אַ ביסל אין אַ זייט, מעשה ווויל יונגערישער ספּאָרטמאַן.

לאַנגע יאָרן איז ער געווען שטאָט־חזן אין ביאַליסטאָק, ווו מען האָט אים אויפגענומען אין יאָר 1880 און ווו ער איז געווען אַלגעמיין באַליבט, נישט בלויז אַ דאַנק זיינע גרויסע חזנישע מעלות, נאָר אויך צוליב זיין וואַ־רעמער נאַטור און זיין פריינדשאַפטלעכער באַציונג צו יונג און אַלט באַגליידן. ער איז געווען אַ „נוח לבריות". שמחת־תורה פלעגט ער איבערקערן די וועלט און משמח זיין דעם עולם. אַלע האָבן הנאה געהאַט פון אים, מען האָט אים הויכגעשעצט און געהאַלטן בכבוד גדול.

האָט אים אָבער גערופן צו פאָרן קיין אַמעריקע. עס האָט אים געצויגן צו דעם גאָלדענעם לאַנד, וועגן וועלכן ער האָט זיך געהאַט אָנגעהערט אַזוי פיל וווּנדערלעכע מעשיות. אַ ביסל האָבן אים אויך אונטערגעטורקעט די קינדער, וועלכע האָבן געהאַט גרויסע אַמביציעס און געשטרעבט צו עפּעס אַ בעסערן תכלית ווי דער, וואָס דאָס אָפּגעשטאַנענע און אַנטיסעמיטישע רוסלאַנד האָט זיי געקאָנט צוזאָגן. האָט ער איבערגעלאָזן זיין פּאָסטן און צוזאַמען מיט זיין הויזגעזינד — דריי טעכטער און אַ זון — זיך אַריבער־געפּעקלט קיין אַמעריקע.



אַראָפּגעבראַכט אין ניו־יאָרק האָט אים די סוואַלקער קהילה „משכן ישראל אנשי ראצקי" פון קריסטי־סטריט, אין אָנהייב פון די ניינציקער יאָרן פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. עס איז געווען דאַן אַ צייט, ווען די חזנישע פּראָפעסיע האָט איבערגעלעבט אַ שווערן קריזיס און דער סלאָגאַן אין די פאַרוואַלטונגען פון די אַמעריקאַנער שולן איז געווען: „מען מוז מאַכן עקאָנאָמיע".

אַרויסגעפאָדערט האָט די קהילה אים טאַקע דערפאַר, ווייל זיי האָבן גע־וואָלט שניידן די אויסגאַבן. זייער פריערדיקער חזן יאָשפע, וואָס איז צו זיי

געקומען אַזש פון פּעטערבורג, האָבן זיי משלח געווען מיט דער באַגרינדונג, אַז זיי זענען נישט אין שטאַנד אים צו באַצאָלן די צו טייערע שכירות.

משה באַס האָט זיך מיט זיי נישט געדונגען. ער האָט אָנגענומען די שטעלע פאַר דער „זשאַלאָוואַניע", וואָס זיי האָבן אים אָנגעבאָטן, אָבי זיי זאָלן אים אַרויסנעמען קיין אַמעריקע. איבעררעכענענדיק די דאָלאַרן אויף רוסישע געלט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער כאַפּט דאָ אַ ווילדע מציאה.

גאָר גיך איז אָבער געקומען די אויסניכטערונג. די גרויסע האָפענונגען, וואָס ער האָט געשטעלט אויף אַמעריקע, זענען געבליבן אומדערפילט. ער איז געווען עפּעס ווינציקער ווי אַן אומקוואַליפיצירטער דערפאָלג". קאָלומבוסעס מדינה איז אים באַלד נישט געפעלן געוואָרן. ער האָט געוואָרפן אַן אומחן אויף אַ סך פון אירע מאָדנע פּירונגען, צו וועלכע ער האָט זיך בשום אופן נישט געקענט צוגעוווינען. ס'האָט אים שוין באַנג געטאָן, וואָס ער האָט זיך געלאָזט איבעררײדן אויסצובייטן זיין בכבודיקע געמיינדע מיט דער חברה פון דאַונטאַון, ניו־יאָרק.

סך־הכל צוויי יאָר האָט ער באַוויזן אויסצוהאַלטן אין דער פרעמדער סביבה. עס איז פאַר אים געווען אַן אָפּקומעניש. ס'האָט זיך אים געבענקט אַהיים, און ער האָט זיך אין אַ שיינעם טאָג אויפגעהויבן און זיך אומגעקערט צוריק קיין ביאַליסטאָק.

אויף די עלטערע יאָרן, ווען די באָרד זיינע איז געוואָרן שטאַרק ווייס, האָט משה באַס זי אָפּגעפאַרבט צוריק אויף שוואַרץ און עס האָט זיך אויסגעוויזן אַז ער איז ווידער יונג געוואָרן.

⁂

איך בין דאַן געווען נאָך גאָר אַ יונגער ייִנגל און מיר זיינען נאָר וואָס געהאַט אַריינגעפאָרן אין ביאַליסטאָק. משה באַס איז שוין דאַן ניט געווען קיין יונגערמאַנטשיק, פון דעסטוועגן, האָב איך נאָך אַריינגעכאַפּט הערן אים דאַוונען עטלעכע שבתים אין דער ביאַליסטאָקער שטאָטשול. ער פלעגט דאַווענען אַרומגערינגלט מיט אַ גוט איינגעשטודירטן כאָר. אמת, קיין גרויסער מבין אויף חזנים, בין איך דעמאָלט נאָך ניט געווען, כאָטש מיר דוכט זיך, אַז פון קינדערוויז אָן האָב איך שוין געפילט אַ שטאַרקע ליבע צו חזנות און צו נגינה.

איך געדענק, ווען איך בין אַלט געווען אַכט יאָר איז צו אונדז אין שטעטל געקומען צו פאָרן דאַווענען אַ שבת, דער באַרימטער חזן שלאָסבערג. איך האָב שטאַרק געוואָלט גיין אים הערן. איך האָב אָבער ניט געקענט גיין ווייל איך בין גאָר געלעגן דעמאָלט אין אַ טונקעלן צימער, ביי דער באָבען אין שטוב און געמאָזלט. אַזוי ווי אָבער, דער חזן איז איינגעשטאַנען ביי מיין

יידן אין שטוב, האָב איך עפּעס געגאַשט פון אים; איך האָב אים געהערט זינגען זמירות אין דער עס־שטוב, איבערן ווענטל פון מיין קאַמער.

איך דערמאָן זיך אויך, ווי מיין באָבע איז יענעם שבת געקומען פון דעם אַלטן בית־מדרש אַ ביסל פריער, כדי צוצוגרייטן דעם שבתדיקן מאַלצייט. איך האָב זיך צוגעהערט ווי זי האָט גערעדט מיט דער גרעסטער התפעלות, צו דער שכנטע אירער:

— „איי, האָט ער געדאַוונט! איי, איז דאָס אַ חזן! עס איז פשוט צעגאַנגען אין אַלע גלידער, און ווען ער האָט געזאָגט דעם לאַנגן אב הרחמים — האָט ער זיך אַזוי צעזונגען און געדרייט דעם „הנאהבים והנעימים בחייהם" אַז מען האָט געקענט מיינען, ניט אַנדערש, נאָר אַז עפּעס אַ מאַשינקעלע שטעקט ביי אים אין האַלדז.

ד. ז.

# אלה אזכרה

## לאָמיר זיי דערמאָנען!

## זעקס מיליאָן... זעקס מיליאָן...

1948

זיך קריגן וועגן אַ דאַטע נאָר
ווען טרויערן דאַרף מען אַ גאַנץ יאָר...

קומט יידן ביאַליסטאָקער, בריסקער,
אָדער פון קאָוונע, ווילנע, סמאַרגאָן,
— לאָמיר היינט אַלע זאָגן יזכור
נאָך די זעקס מיליאָן, זעקס מיליאָן!
די וועלט מוז ווערן „יידן־ריין" —
האָבן געבילט די הינט פון אויבנאָן
(וואָס אַ סך פון זיי ימח שמם
זיצן נאָך היינט אין באָן) —
צוגעהאָלפן האָבן אונדזערע שכנים
מיט וועמען מיר האָבן געוווינט אינאיינעם
אויסצוקוילענען זעקס מיליאָן, זעקס מיליאָן!
זעט פונדערווייטן אַ לעבעדיקע לויה
דאָס טרייבט מען צו דער שחיטה, פרומע, פרייע.
קינדערלעך, עופהלעך פון די מאַמעס הענט

## דוד זאַבלודאָווסקי

אַרויסגעריסן אַ גאַנצן מיליאָן —
אַלט און יונג האָט די אויזון געברענט,
צוזאַמען — זעקס מיליאָן, זעקס מיליאָן!

אין דעם לאַנד פון די פּיראַמידן
זיצט איצט אַ צורר אויפן טראָן,
ער וויל פאַרברענען מערער יידן —
צו ווייניק — זעקס מיליאָן, זעקס מיליאָן!
מיר מוזן צוקוקן ווי ביי די חמורים
נעמט מען געלט פאַר די קדושים וטהורים.
וואָס קענען מיר אין אַזאַ וועלט טאָן —
אַז אונדז פעלן זעקס מיליאָן, זעקס מיליאָן!

דאָך פרייט זיך יידן, מאַכט שהחינו,
זאָגט גאַנץ הלל מיט לא־לנו.
עס פלאַטערט הויך די ישראל פאָן,
אָבער עס פעלן אונדז די זעקס מיליאָן!

איך בין אין ישראל געווען איינמאָל
עס איז מיר הייליק טייער די יידישע פאָן,
אָבער איך וועל נישט פאַרגעסן קיינמאָל —
די אומגעבראַכטע זעקס מיליאָן, זעקס מיליאָן!

מ'טאָר נישט פאַרגעסן, מ'טאָר זיך ניט נאַרן,
וואָס ס'האָבן צו אונדז געטאָן די באַרבאַרן.
מען טאָר נישט בייטן דעם צערפולן טאָן —
קעגן די אומברענגער פון זעקס מיליאָן!

עס קען דאָך יעדער פון אונדז דערציילן
וועגן אַ ברודער, אַ טאַטן, אַ זיידן,
שוהל געפּאַקט, יידן אין טליתים אַנגעטאָן,
מ'האָט געברענט און געבראָטן זעקס מיליאָן.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן די באַרבאַרן,
די מערדער פון מיין ברודער אהרן,
דעם ברודער משה דער לערער און שוועסטער

לאה, יאָכע, זייערע קינדער און אסתר —
מיט אונדזער אַלטן טאַטן ז״ל אויבנאָן
אַוועק זענען אַלע צווישן זעקס מיליאָן!

אין יעדער משפחה ביי אונדז אַזאַ בראָך!
מענטש צו מענטשן זאָל אַזוינס קענען טאָן.
מיר וואָלטן ניט ווערט געווען ווייטער צו לעבן,
אויב נישט געדענקען די זעקס מיליאָן!
מען טאָר דאָך די האָפנונג ניט פאַרלירן,
מיר מוזן ממשיך זיין און טאָקע מיט קדושה;
דאָס יידישע לעבן ווייטער הייליק פירן
און לאָזן קינדער אַ גלויבנס־ירושה.
פאַרן גרויסן פאָלקס אידעאַל איז אַלץ כדאַי
זאָלן זיי וויסן און גלויבן אין „עם ישראל חי״!

## די היסטאָרישע זעקס טעג

אַנגעלאָדן מיט גבורה און בטחון
האָט ישראל אָפּגעהאַלטן אַ גלענצענדן נצחון.
און עס איז געוואָרן יום טוב אינדערוואָכן,
און מיר אַלע פון נאָנט און פון ווייט
דאַרפן פאַרשטיין וואָס דאָס באַדייט,
מיר טאָרן ניט שטיין אין אַ זייט
און צוקוקן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט,
ווען דאָרטן פלאַקערט און ברענט
מיר מוזן גיכער זען העלפן און עפּעס טאָן
יידן זאָלן קומען אַהין כאָטש נאָך אַ מיליאָן.

### חיים גראַדע

## ק ץ   ה י מ י ם
## מ י י ד אַ נ ע ק . . .

זינט איך האָב שיך געזען אין לאַגער פון מיידאַנעק,
נאָר ניט די פיס און ניט די שפּורן פון די טריט;
בלויז שיך און שיך און אַש און טרוקענעם רומיאַנעק,
וואָס האָט, די פוסטריט צו פאַרדעקן, אויפגעבליט —
זינט דעמאָלט גיי איך שטענדיק אום דעם קאָפּ געבויגן,
איך וואַרט, אַ בערגל ערד זאָל עפענען צוויי אויגן

און נעמען ריידן מיטן קול פון אַ בר־נש:
— געוואָרן איז פון מיין געביין אַן ערד־געלעגער.
איז ניט געקומען נאָך די בשורה אויפצושטיין?
און אומעטום איז מיר די ערד מיידאַנעק־אַש.
און טיף דעם קאָפּ געבויגן וועל איך ווייטער גיין... גיין...
כ׳וועל גיין און טרעפן אויף אַ שטיין אַ נפטר זיצן,
מיט בינטלעך פון גן־עדן־גראָז דעם קאָפּ באַדעקט.
ער איז אַרויס אויף זיין מצבה־שטיין דערקריצן
דעם נאָמען זיינעם, וואָס די צייט האָט אָפּגעמעקט.
אויב ער וועט מיך אַ פרעג טאָן וועגן קץ־הימים,
וועל איך אים ענטפערן: אַז וויל צו דעם וואָס האָפט.
פאַרוואָס קומט אַ מצבה־שטיין דיר, צדיק־תמים,
ווען אַן אַ שטיין און אַן נאָמען גאַנץ מיידאַנעק שלאָפט?
טו אָן אַ קאָפּ־צירונג פון ביטערן רומיאַנעק,
און זאָל עס ווי גן־עדן־גראָז דיר שמעקן זיס.
טו אָן צעפוילטע שיך פון לאַגער אין מיידאַנעק,
און גיי אין הימל זוכן די פאַברענטע פיס.

## צום אַכציק־יאָריקן יובליי פון יוסף־יהודה זאַכאַריאַש ע״ה

נפטר געוואָרן אין דעצעמבער 1968.

מיין באַגריסונג וועט זיין קורץ און שנעל
און אַ שפּאַר ביסל אָריגינעל.
חשובע פּאַרזאָמטלע און פריינד,
כ׳וועל אויף דער שמחה היינט
דערציילן אייך אַ מעשה
וועגן אַ באַקאַנטן מאַן מיט לאַנגע וואָנצעס ווייסע.
יעדער איינער קען און ווייס,
פון גאָר קליין ביז גאָר גרויס,
אַז מיר פּראַווען היינט אַ סעודה
לכבוד אונדזער ליבן פריינד יוסף־יהודה...
דער חשובער בעל־היובל, אַ ייד אַ נאָש בראָט
איז געווען אין מאָסקווע דער שענסטער סאָלדאָט.
און אין ביאַליסטאָק אויף סוראַזער גאַס

האָט ער אַרויסגענומען זיין רעוואָלוציאָנערן פּאַס.
ער איז אויך אין טורמע געזעסן
און אומזיסטע שיסעלעך געגעסן.
ניט חלילה פאַר פרעמדע זאַכן,
נאָר פאַר וועלן די וועלט בעסער מאַכן.
שאַט! שאַט! אַמאָל, גאָר אַמאָל, האָט ער געקענט סחורה וועבן
און היינט — אוי ווי נעבעך — פון העמדער דאַרף ער לעבן...
אָבער עס איז ניט וויכטיק וואָס ער טוט
אַבי ער האָט נאָך געזונג מוט
צו זאָגן זיין ווערטל: — גוט, נו גוט.
און דערביי די וואָנצעס זיינע דרייען
און צוזאַמען מיט אונדז זיך פרייען.
ווען מיר דעריבער אַוועקוואַרפן די גראַמען
און דאָ אַלע צוזאַמען
ווינטשן די אַלט־יונגע פּאָר
געזונט, לעבן און לאַנגע יאָר! ,

## דער זעלטענער ייד ר׳ יוסף איצקאָוויטש ע״ה

צו זיין ערשטן יאָרצייט אין אויגוסט 1968

כמעט יעדן פרימאָרגן ווי נאָר די זון פלעגט אַרויסרוקן זיך פון איר באַהעלטעניש און אירע שטראַלן האָבן אָנגעהויבן וואַרעמען, האָט מען גע־קענט זען פון דער ווייטנס ווי דער אַלטער איצקאָוויטש דערנענטערט זיך און קומט אָן אין פּאַרק. ער איז געגאַנגען אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן מיט דער געטאַקטער הענטל, ווו עס האָט זיך געזען קונציק אויסגעשניצט אַ מאַן מיט אַ באָרד, און אונטערן אָרעם האָט ער געטראָגן זיין וואַטאָווע קישעלע. און אָט זיצט ער שוין אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ אויף דער אייזערנער באַנק אַנטקעגן פאָנטאַן.

די שכנים, די שטענדיקע געסט פון פּאַרק האָבן גלייך דערשמעקט, אַז ר׳ יוסף איז שוין דאָ, זיינען זיי געקומען און פאַרנומען פּלעצער לעבן אים. אַזוי ווי מיין זונס דעספּאַטשאַ געפינט זיך אַנטקעגן פּאַרק פלעג איך אויך ליב האָבן זיך צוזעצן לעבן די דאָזיקע יידן ווען איך האָב נאָר געהאַט פריי־צייט. עס פאַרבינדט זיך באַלד אַ שמועס און איך האָב הנאה געהאַט זיך צוהערן וואָס ר׳ יוסף דערציילט און ער האָט מיר אויך זייער גערן געהאַט — פּאַרט לאַנדסלייט. — בפרט אַז צייטנווייז האָב איך אויך עפּעס וואָס צום דערציילן. ר׳ יוסף, דער ייד דער זקן פלעגט שטענדיק דערציילן וועגן דעם

טאַטן זיינעם דעם ניקאָלאַיעווסקין סאָלדאַט וועלכער האָט געלעבט געניוע הונדערט יאָר אין סאַמע פּעטערבורג ווו קיין פּשוטער ייד האָט ניט געטאָרט ווינען. געענדיקט די מעשות וועגן טאַטן האָט ער גענומען דערציילן וועגן זיך אַליין וויפל יאָר ער אַליין האָט געדינט און אין וועלכער שטאָט און ווי מען האָט גערופן דעם פּולק זיינעם און באַלד טאַקע פּלעגט ער אַרויסנעמען פון בוזעם קעשענע די פאָטאָגראַפיעס וואָס ער האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך און ער וויזט זיי מיר: נאַ זע, אָט דעם דערקענסטו? דאָס בין איך! איך בין אַלט געווען 25 יאָר. איך דערזע פאָר מיינע אויגן אַ שיינעם שלאַנקן בחור מיט אַ שטרויענעם קאַפּעליוש אַזוי ווי אַ טעלער וואָס ליגט ביי אים אויפן קאָפּ אַביסעלע אויף אַ זייט. מעשה פראַנט און באַלד דערזע איך דעם זעלבן קאַוואַליער אין סאָלדאַטסקע בגדים. ר׳ יוסף האָט ליב געהאַט צו וויזן די בילדער. גליך אָבער ווערט ער שטאַרק אומעטיק און גיט אַ זאָג מיט אַ קרעכץ: איך האָב געהאַט נאָך אַ פאָטאָגראַפיע אַ גרעסערע איך האָב איר געהיט ווי מיין אויג אין קאָפּ, אָבער זי איז פאַרלאָרן געגאַנגען, איך האָב שוין געזוכט אין אַלע ווינקעלעך, און איך געפין איר אין ערגעץ ניט.

אויף יענער פאָטאָגראַפיע וואָלטסטו געזען ווי איך זיץ רייטנדיק אויף אַ ווייסן פערד אין אַ זומערדיקן מונדיר מיט גאָלדענע קנעפּ און מיט אַ שווערד ביי דער זייט. אַ שאָד! אַ שאָד! איך קען זיך גאָרניט שענקען וואָס דער בילד איז ניטאָ — אַזוי ווי אין וואַסער אַריין. עס לאָזט מיר קיין איין מינוט ניט רוען, דו ווייסט זאַבלודאָווסקי וואָס איך רעכן טאָן, איך וועל קריגן אַ ווייסן פערד, און איך האָב אויך געהערט דאָס מען קען קריגן אויף פראָקאַט אַ סאָלדאַטסקען מונדיר פון קאַוואַלעריע, טאַקע אויף מיין מאָס. אַז איך וועל דאָס האָבן, וועל איך זיך אָפּפאָרטרעטלען נאָך אַמאָל, גיט צו דער קלוגער אַלטיטשקער וועלכער האָט קיינמאָל ניט געוואָלט אָנגעבן די ריכטיקע יאָרן זיינע, און אויב אימעצער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און אים אַ פרעג געטאָן וועגן דעם האָט ער יענעם אָפּגעפּטרט מיט אַ חכמה: זייט רואיק און נעמט זיך ניט צום האַרצן. ווען איך וועל נאָר אָפּציילן די ערשטע הונדערט יאָר וועל איך אייך דעם ערשטן צוויסן געבן. ער האָט מיר אויך געוויזן דאָס ער האָט צאַרישע געלט־קנאַקעדיקע הונדערטערס, און ניט איינמאָל האָט ער מיר געפרעגט אפשר ווייס איך ווו מען קען זיי אויסבייטן אויף דאָלאַרן — דאָס איז דאָך אַ יקר המציאות.

און באַלד גייט ער איבער צו דערציילן די באַליבטע געשיכטע זיינע וועגן זושע דעם פאַראַמשטשיק פון לונע די שטעטל ביים ברעג ניעמאַן ווו ער האָט געלעבט איידער ער איז אַריינגעפאָרן אין ביאַליסטאָק, די געשיכטע גייט אַזוי: ווען די באָלשעוויקעס האָבן גענומען יאָגן צוריק די פּאָליאַקן וועלכע זיינען שוין דאַן דערגאַנגען ביז קיעוו, האָבן צוויי פּוילישע אָפיצירן

אָנגעקלאַפּט אין מיטן נאַכט ביי זושען אין פענצטער און געבעטן זיך ביי אים ער זאָל זיי ראַטעווען דעם לעבן און וואָס גיכער אַריבערפירן זיי מיט זיין פּאַראָם אויף דער צווייטער זייט ניעמאַן. דאָס הייסט אויף דער פּוילישער זייט, ווייל אויב מען וועט זיי כאַפּן דאָ זיינען זיי פאַרלאָרענע און דער לעבן זייערער וועט ניט ווערט זיין קיין דרייער. עס איז געווען פאַר פּסח. זושע איז אויפגעשטאַנען אַ פאַרשלאָפענער — געקראַצט זיך אין פּאָטעליניצע און געזאָגט צו די אָפיצירן: טייערע פּריצימלעך! זעט! קוקט פון דערווייטנס אויפן וואַסער. דער טייך איז דאָך נאָך פול מיט אייז קריעס. עס איז דאָך סכנות נפשות — מיר וועלן דאָך אַלע דערטרונקען ווערן, די אָפיצירן האָבן זושען ניט געלאָזן ווייטער ריידן. זושע האָט איינגעשטעלט און איז יענעם פאַרטאָג אַריבערגעשווומען מיט זיין פּאַראָם בשלום דעם ניעמאַן און די צעשראָקענע פּויילישע אָפיצירן זיינען געראַטעוועט געוואָרן. מער ווי אַ דאַנק האָט זושע ניט געקריגן פאַר זיין העלדישער שטיקל אַרבעט — פּשוט דערפאַר ווייל די אָפיצירן אַליין זיינען געווען הויל נאַקעט אָן אַ גראָשן אין קעשענע.

עס זיינען אַוועק אַ סך חדשים. די פּוילישע מלוכה איז געקומען צו זיך און זיך ווידער פאַרפעסטיקט און זושע האָט שוין אינגאַנצן פאַרגעסן אין דער גאַנצער געשיכטע. פּלוצלונג אָבער קומט אָן אַ טעלעגראַמע פון וואַרשע ווו עס איז געווען געשריבן שוואַרץ אויף ווייס אַז זושע סעגאַל דער פּאַ־ראָמשטשיק פון לונע ווערט אויפגעפאָדערט צו קומען אין דעם און דעם טאָג קיין וואַרשע. ביים באַן וועט מען אים דאַרטן שוין אָפּוואַרטן און ער וועט זיך דערוויסן צו ליב וואָס מען דאַרף אים אַזוי עקסטרא האָבן אין דער פּוילישער הויפּט־שטאָט. אַ צושראָקענער איז זושע אַוועקגעלאָפן צום רב פרעגן וואָס זאָל ער דאָ טאָן. נאָך אַ ישוב הדעת מיט עטלעכע באַלעבאַטים איז באַשלאָסן געוואָרן אַז זושע זאָל פאָרן קיין וואַרשע ניט אַליין נאָר דער רב זאָל אים באַגלייטן.

קומענדיק קיין וואַרשע זיינען די ביידע געסט פון דער כרך לונע ביים טייך ניעמאַן, אָפּגעוואַרט געוואָרן פון אַ הויכן פּוילישן מיליטער מאַן וועלכער האָט געעצהט דעם רב אַריינפאָרן אין אַ יידישער אכסניה, ווייל אים האָט מען ניט גערופן.

זושע איז געווען ווייס ווי קאַלך, אַ שענערן לייגט מען אין דער ערד אַריין ווען דער מיליטער מאַן האָט אים אַריינגעזעצט אין אַ גלאַנצנדיקן אוי־טאָמאָביל און האָט אים געבראַכט צו פירן אין אַ גרויסן זאַל, וואָס רעד איך אַ זאַל! אַן אמתער פּאַלאַץ ווו עס זיינען געזעסן אַ סך געסט, מערסטנטייל עלטערע און יונגע פּוילישע אויסגעפּוצטע דאַמען מיט זייערע קינדער. זושע

פילט ווי עס בויגן זיך ביי אים די פיס, עס קלאַפּט אים אין האַרצן און די ציינער טרייסלען זיך אים אין מויל.

באַלד דערוויסט ער זיך אָבער וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, און ער ציט אָפּ פרייער דעם אָטעם. עס דערנענטערן זיך צו אים צוויי דאַמען און שטעלן זיך פאָר: זיי זיינען דאָס די פרויען פון די אָפיצירן וואָס ער האָט אין יענער נאַכט געראַטעוועט זיי פון אַ זיכערן טויט. און דעריבער האָבן זיי אים אַרויסגערופן קיין וואַרשע כדי צו באַקענען זיך מיט אים פערזענלעך און איבערגעבן אים דעם אמתן דאַנק.

זיי האָבן אים גלייך דערלאַנגט אַ קאָנווערט מיט אַ שיינער מטבע און אויך צוויי זילבערנע לייכטער אַ מתנה פאַר דער ווייב זיינער. אַחוץ דעם האָט ער אויך געקריגן אַ פּאַטענט צו האַלטן אַ שענק מיט שטאַרקע געטראַנקען. דער איינציקער ייד אין דעם גאַנצן געגנט. זושע האָט גלייך אָוועקגעוואָרפן דעם אַלטן פּאַראָם זיינעם, וועלכער איז שוין געווען שטאַרק צופּוילט. די הענט זיינע מיט די מאַזאָליעס האָבן ביסלעכוויז געביטן זייער אויסזען און ער האָט אויסגעלעבט די ווייטערדיקע יאָרן זיינע אין נחת און גדולה. אַ פלעקעלע אַריין, אַ פלעקעלע אַרויס און די מעשה איז אויס.

איינמאָל ביים אויפהויבן זיך פון דער באַנק אין פּאַרק האָב איך אָפּגערעדט מיט ר׳ יוספן אַז איך וועל אַרויפקומען צו אים אין שטוב און איך וועל פאַרצייכענען אַלץ וואָס ער געדענקט.

פּלוצלונג אָבער, האָב איך זיך דערוווסט אַז ר׳ יוסף איז שוין ניטאָ... ליידיק געוואָרן דער שטענדיקער פּלאַץ זיינער אין פּאַרק. איך האָב ניט געהאַט קיין צייט צו פאַרשרייבן זיינע מעשות פון אַמאָל. און ער ווידער דער אַלטיטשקער יאָסל איצקאָוויטש האָט שוין ניט באַוויזן צו פאָטאָגראַפירן זיך נאָך אַמאָל אין סאָלדאַטסקע בגדים אויף אַ ווייסן פערד. ער האָט שוין אויך ניט געקענט אויסבייטן די רוסישע געלט זיינע. זאָל די נשמה פון אָט דעם פאָלקסטימלעכן יידן רוען אויבנאָן אין גן־עדן. אמן סלה.

## מיין פעטער בערל — דער לעצטער וואַרשעווער רב

## 1958

דער ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענער וואַרשעווער רב דב פערצאָוויטש ז״ל, איז געווען מיינער — אונדזערער אַ פעטער. „דער פעטער בערל״ האָבן מיר אים גערופן.

פאַר די לעצטע 13־14 יאָר נאָכן חורבן ,איז ער געווען רב אין וואַרשע. אין דער וואַרשע, ווו עס האָבן אַמאָל, אָט דאָ ניט לאַנג, געלעבט דריי הונדערט

פופציק טויזנט יידן, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי איז יעדן פרימאָרגן געגאַנגען מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם דאַווענען, ווער אין אַ שול, ווער אין אַ בית־מדרש, אָדער אין איינער פון די צענטליקער חסידים־שטיבלעך. און ווו איצט גרופּירן זיך אַרום דער איינציקער שול אויף טוואַרדע 5, אַרום 6־7 מנינים יידן, וועלכע קומען דאַווענען בלויז ראש־השנה און יום־כיפור און אַ גאַנץ יאָר איז שווער צונויפקלייבן אַ מנין, אַפילו שבת.



אויפן בילד זעט מען דעם לעצטן וואַרשעווער רב, דב פּערצאָוויטש (מיין פעטער בערל), לינקס, דער ניו יאָרקער רב דוד האַלענדער. רעכטס, אַ ראַטמאַן פון דער וואַרשעווער קהלה

ווי קומט מיין פעטער בערל צו ווערן אַ רב אין וואַרשע? דאָס וועט קלאָר ווערן אַ ביסל שפּעטער, ווייל לויט ווי איך געדענק אים, איז ער קיינמאָל קיין רב נישט געווען. און איך בין מסופק צי ער האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות. אַ בעל־תפילה איז ער יאָ געווען, איינער פון די בעסטע און פון זיינע מוספים און פון זיין דאַווענען פלעגט מען לעקן די פינגער.

דב פּערצאָוויטש, איז מיט 90 יאָר צוריק געקומען אויף דער וועלט אין אַ פּיטשינקער שטעטעלע זאַבעלין, לעבן ראַזשינאַי, גראָדנער גובערניע און ער האָט טאַקע געלערנט אין דער ראַזשינאַיער ישיבה. אַלס יונגער בחור איז ער געקומען קיין מיכאַלאָווע, אַ שטעטעלע לעבן ביאַליסטאָק און האָט זיך געזעצט לערנען פאַר זיך אין דעם אַלטן מיכאַלאָווער בית־המדרש. ווען דער בלומען־שטעטעלע מיכאַלאָווע, ווו עס איז געשטאַנען מיין וויגעלע און

זוי איך האָב פאַרבראַכט די ערשטע יאָרן פון מיין קינדהייט, איידער מיר זיינען אַריבערגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק האָב איך שוין געשריבן אין די ערשטע קאַפּיטלען פון מיינע זכרונות.

דער בחור דב פערצאָוויטש פון זאַבעלין, וואָס זיין זיסע שטימע מיטן גמרא ניגון האָט זיך געהערט דורך די אָפענע פענסטערס פון מיכאַלאָווער אַלטן בית־המדרש, איז גאָר אינגיכן געוואָרן אַ חתן פאַר דער שיינער, שלאַנקער מאַשע־גאָלדע, מיין זיידנס ר׳ אלי׳ דעם שוחטס טאָכטער און מיין מאַמעס אַ שוועסטער און אַזוי אַרום איז אונדז צוגעקומען אַ פעטער בערל.

איך בין נאָך דאַן געווען אַ קינד, ווען מען האָט מיר געגומען צו דער דאָזיקער חתונה. עס איז געווען אַ הייסער זומערדיקער פאַרנאַכט. די שטוב ווו עס איז פאָרגעקומען די חתונה, איז געווען אָנגעפּראָפּט און מען האָט געקענט צעגיין פון היץ. אָט אַזוי ווי נעכטן וואָלט עס געווען, זע איך דעם בדחן מיט זיין רונד־אויסגעפּאָשעטן בייכל און איך הער ווי ער רופט אויס „דרשה־געשאַנק חתנס צד״, „דרשה־געשאַנק, כלהס צד״. אויפן טיש לעבן די מחותנים שטייט אַ גרויסער טעלער און אינעווייניק פּאַפּיר־געלט און זילבערנע מטבעות. באַלד דערהער איך אַן אויסגעשריי פון אימעצן: „רוקט זיך פאַנאַנדער מאַכט פּלאַץ! דער כלהס מאַמע וועט גיין אַ מצוה־טענצל!" און איך זע דעם ערשטן מאָל מיין באָבען טאַנצנדיק. דער נייער שיין־פאַרקאַמטער שייטל בליאַסקעט אויף איר קאָפּ. אויפן פּנים אַ פרומער האַרציקער שמייכל און אין האַנט האַלט זי פעסט צוגעדריקט אַ שפּיץ פון אַ רויטער טיכעלע. באַלד אָבער, האָבן מיר די דערוואַקסענע פאַרשטעלט און איך האָב שוין גאָרנישט געקענט זען. פּלוצלונג דערהער איך אַ געשריי: וואַסער! וואַסער!, כינקע האָט געחלשט. אין איין אויגנבליק האָב איך זיך דורכגעשטופּט דורכן עולם און איך געפין זיך שוין אויפן גאַניק, ווו מען האָט אַרויסגעטראָגן מיין באָבען אויף דער פרישער לופט. איך שטיי לעבן איר שטול און קוק אויף איר בלאַסן פּנים, באַשפּריצט מיט טראָפּנס קאַלטן וואַסער. איך בין ניט אָפּגעטראָטן פון איר ביז זי איז געקומען צו זיך. גענומען מיר פאַרן האַנט און אַריין צוריק אין דעם זאַל ווו מען האָט זיך געגרייט צו דער חופּה־וועטשערע.

מיין פעטער בערל האָט גלייך נאָך דער חתונה געעפנט אַ קרעמל אין מיכאַלאָווע און געלעבט די גאַנצע יאָרן אין גרויס אָרימקייט און דחקות. ווען איך בין שוין געווען אין מעקסיקע האָב איך זיך דערוווּסט דאָס פון דער קרעמל איז געוואָרן אַן אייזן־געשעפט און ער האָט שוין געהאַט פיינע חיונה. קיין גרויסער גביר איז ער אָבער ניט געווען. און עס איז אומפאַרשטענדלעך פאַרוואָס אין דעם ערשטן יאָר פון דער צווייטער בלוטיקער מלחמה, אין דער גרויסער בהלה פאַרן חורבן, האָט מען אים מיט זיין עלטסטן בחור פּרץ,

פאַרשיקט קיין טיף רוסלאַנד. אגב, האָט דער פּרץ אַ חבר דאָ אין מעקסיקע, זאַוול ביעלאַק. זיי האָבן צוזאַמען געלערנט אין דער ביאַליסטאָקער האַנט־ווערקער שולע.

דעם ערשטן בריוו האָבן מיר דערהאַלטן פון זיי ענדע 1945, ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט קיין פּוילן. מיר האָבן זיי דאַן גלייך געהאָלפן מיט פּעקלעך דורך פּאַריז און דורך ניו־יאָרק.

עס לייגט זיך אויפן שכל, דאָס אַזוי ווי מיין פעטער בערל איז געווען דער איינציקער עלטערער ייד אין דער חרוב געוואָרענער פּוילן, וועלכער האָט געקענט לערנען, האָט מען אים אַריבערגענומען פון נידער־שלעזיע, ווו ער האָט זיך געפונען און מען האָט אים אויפגענומען אין וואַרשע פאַר אַ רב. דער זון זיינער געפינט זיך נאָך הייַנט צו טאָג אין ליגניצע, שלעזיע, ווו ער האָט אַ מעכאַנישן וואַרשטאַט.

מיר האָבן פאַרשטייט זיך געוווּסט דערפון דורך בריוו, וואָס מיר פלעגן ווען ניט ווען קריגן. ווי אויך, פאָטאָגראַפיעס. פון די בריוו און פון די בילדער האָט מען געקענט באַמערקן דאָס ער דער פעטער אונדזערער איז שוין זייער פאַרעלטערט און שטאַרק אויסגעשעפּט פון אַזויפיל איבערלעבונגען און מען האָט זיך געדאַרפט צומאַטערן כדי צונויפבינדן אַ שורה מיט אַ שורה כדי צו פאַרשטיין וואָס ער האָט געמיינט צו שרייבן.

פאַר די לעצטע 10 יאָר האָבן מיר אויך אָפט געלייענט אין די ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען וועגן שרייבערס און קאָרעספּאָנדענטן, וועלכע האָבן באַזוכט וואַרשע און זיך געטראָפן און געשמועסט מיט הרב פערצאָוויטש. ער איז געווען זייער איינגעהאַלטן אין זיינע שמועסן מיט די יידישע צייטונגס־מענטשן און אויף דער גרעסטער צאָל פראַגעס האָט ער זיך אַנטשול־דיקט און געזאָגט דאָס ער געדענקט ניט.

אָבער דעם בעסטן און איינדרוקספולן פערזענלעכן גרוס האָט אונדז גע־בראַכט פאַראַיאָרן דער היגער תושב שיע שיימאַן ע"ה, וועלכער האָט פאַר־בראַכט 6 מאָנאַטן אין וואַרשע, ביי זיינעם אַ ברודער וועלכער פאַרנעמט אַ הויכע רעגירונגס־שטעלע. אָבער דאָ וועל איך אָפּטרעטן מיין פּלאַץ און לאָזן רעדן שיינמאַנען אַליין אַט וואָס ער דערציילט:

„זייענדיק אין וואַרשע האָב איך געוואָלט זיך באַקענען מיט אַלע שיכטן, יידן פון דער שארית־הפליטה. בין איך מיט מיינעם אַ פריינד אַוועק אין דער איינציקער, אַזוי־גערופענער „נאַזשיקס שול". ביים אַריינגאַנג האָבן מיר גע־טראָפן אַ יידן, וועלכער האָט אונדז אָנגעוויזן און געזאָגט: „דאָרט זיצט אונדזער רב". מיר האָבן דערזען פאַר זיך אַ קליינינטשקן, איינגעדאַרטן יידעלע מיט אַ קורצע גראָע בערל שטייענדיק ביי אַ סטענדער לעבן אַן אָפענער גמרא. איך בין צוגעגאַנגען אים געגעבן שלום און זיך פאָרגעשטעלט אַלס אַ ייד

פון מעקסיקע. ווי עס ווייזט, אויס איז שוין דער זכרון ביי אים געווען אָפּ־געשוואַכט און ער האָט בעת מעשה געוויס אינגאַנצן פאַרגעסן אַז ער האָט דאָרטן אין מעקסיקע נאָענטע קרובים און איך, פונוואַנען זאָל איך וויסן אַז דער ייד איז אַ פעטער פון די זאַבלודאָווסקיס? באַלד גיט ער מיר אַ פרעג „ווער איז דער צווייטער ייד?״ ענטפער איך אים: איר ווייסט דאָך, רבי, ווי מען זאָגט — איין אורח ברענגט אַ צווייטן אורח (אין אורח מכניס אורח). דערהערנדיק דאָס, איז דעם רבס פנים אויפגעלויכטן, הערט, הערט, אַ ייד פון דער ווייטער מעקסיקע און גערעדנקט אַזאַ שיינעם יידיש־העברעישן גלייכווערטל. אויב אַזוי, וויל איך איך איינלאַדן אין דעם און דעם טאָג צו מיר אין שטוב און מיר וועלן עסן צוזאַמען. איך האָב זיין איינלאַדונג מיט פאַרגעניגן אָנגענומען. היינט שטעלט זיך פאַר, דאָס גלייך אויפצומאַרגנס קריג איך אַ בריוו פון שמואל זאַבלודאָווסקי, ווו ער בעט מיר דאָס אויב איך וועל זיך זען אין וואַרשע מיט דעם רב פערצאָוויטש, זאָל איך אים אָפּגעבן אַ גרוס פון זיינע פלימעניקעס אין מעקסיקע. וואָס זאָל איך דאָ רעדן און וואָס זאָל איך דאָ ווייטער דערציילן, — זעצט פאַר שימאָן. — אין לעבן פון יעדן מענטשן טרעפן זיך מאָמענטן וואָס קריצן זיך איין אין זכרון אויף אייביק. אָבער די סצענע וואָס איך האָב בייגעוווינט און זיך צוגעקוקט ביים וואַר־שעווער רב פערצאָוויטש אין זיין קליינעם עס־צימער, האָט מיר אַזוי צע־טרייסלט, דאָס איך וועל עס נישט פאַרגעסן אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן. שטעלט אייך פאַר דאָס איך טראָג אים צו דעם בריוו און דערצייל אים, דאָס איך קען שוין צענדליקער יאָרן אויסגעבונדן די זאַבלודאָווסקיס אין מעק־סיקע. ער האָט אויסגעשטעלט אויף מיר זיינע אויגן. געקוקט, ווי ער וואָלט זיך וועלן עפּעס דערמאָנען און באַלד נאָכדעם האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. געכליפּעט און גערעדט האַלבע ווערטער. געקלאָגט און געשאָקלט מיטן קאָפּ. אַזוי, דאָדיע, האָט גוטע קינדער, זאָגסטו, נו, יע, חנה־רייזעלעס קינדער זיינען אַלע געווען גוטע, געראָטענע. דאָדיע, דער עלטסטער, נאָך דעם לייזער, משה, מוליע דער יינגסטער. ער שטייט מיר פאַר די אויגן דער יונגינטשקער מולינקע, אַוועק קיין מעקסיקע, גוט געטאָן, גוט! מער קיינער נישט געבליבן, קיינער נישט. ער האָט זיך פונאַנדערגעהוסט און נישט געקענט מער רעדן.

ביים טיש איז געזעסן דער גבאי פון שול מיט נאָך אַ פּאָר יידן, מיר זיינען אַלע געבליבן זיצן ווי פאַרשטיינערט, און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אונדזערע אַלעמענס אויגן.

שפּעטער, ווען ער האָט זיך באַרואיקט, זענען מיר געבליבן אַליין און ער האָט אָנגעהויבן אויסגיסן פאַר מיר זיין צעווייטאָקט האַרץ. איך האָב דאָך קיינעם נישט אויף דער וועלט, איך בין דאָך געבליבן איינער אַליין,

עלנט ווי אַ שטיין. און איר זענט דאָך אַ פריינד פון מיינע טייערע, איינציקע משפּחה־מיטגלידער, ווער איך זיך פאַר אייך אַראָפּרעדן פון האַרצן: איך האָב אַ זון, דער איינציקער זון, זיך געראַטעוועט מיט מיר צוזאַמען, אָבער נישטאָ קיין נחת... אַוועק מיט אַ גויע... כ'האָב געהאַט נאָך קינדער, זין, טעכטער, און אייניקלעך, קיינער נישטאָ, ניטאָ, פאַרברענט געוואָרן, אַלע פאַרברענט. מיין פרוי איז געשטאָרבן זייער יונג...

ער האָט מיר אויך דערציילט וואָס ער האָט געטאָן און ווי ער האָט געלעבט אין רוסלאַנד. ווי אַזוי ער האָט געזוכט אַלערליי תירוצים און איינפאַלן און אויסגעפועלט מען זאָל אים נישט שיקן ווייטער קיין סיביר אויף שווערע אַרבעט. זיין באַליבטער ווערטל איז געווען „סטאַלין סקאַזאַל ניעט!" סטאַלין האָט געזאָגט, ניין! די רוסן האָבן אים אָנגעקוקט און נישט פאַרשטאַנען וואָס פאַראַ שמעלקע עס איז אָט דער יידעלע מיט זייער סטאַלינען. אָבער זיי האָבן געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ און ער איז פאַרבליבן די גאַנצע צייט אין אַ קאָלכאָז פון צענטראַל־רוסלאַנד. איר ווילט וויסן וואָס איך האָב געטאָן גאַנצענע טעג, וועל איך אייך דערציילן. פאַר מיין אַוועקגיין פון מיין שטעטעלע האָב איך אַריינגעשטעקט אין קעשענע אַ פאָר ספּרימלעך, בין איך געזעסן אויפן פעלד אונטער אַ בוים מיט אַ ספר אין האַנט און מיט דער אַלטער צעקנייטשטער יאַרמולקע אויפן קאָפּ און אַכטונג געגעבן אויף די בהמות און אויף די שעפּסן וואָס האָבן זיך געפּאַשעט אַנטקעגן אויף דער לאָנקע. ווינטער האָב איך געהאַט אַ וואַרימען ווינקל ווו דעם קאָפּ צו לייגן. געגעסן האָב איך די גאַנצע צייט בלויז ברויט מיט מילך און ווען נישט ווען אַ פּאָר געבאַקטע קאַרטאָפל. די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן ווען איך האָב זיך געזעגנט, אויף אייביק, מיט דעם אַלטיטשקן וואַרשעווער רב, דב פּערצאָוויטש. ער האָט מיר צוגעפירט צום טיר, געדריקט פעסט מיין האַנט און באַגיסנדיק זיך ווידער מיט טרערן געשטאַמלט: „גריסט זיי! גריסט זיי דאָרטן אַלעמען", ווער ווייס וואָס מאָרגן וועט זיין". איך האָב אומגעדרייט די קאָפּ און געזען ווי דער אַלטער רב שטייט נאָך אין טיר, ווישט זיך מיט אַ רויטע טיכל די אויגן זיינע און די אויסגעדאַרטע אַקסלען באַוועגן זיך און ציטערן?

און אָט זיץ איך אין זאַל „קדימה" און הער זיך צו, צוזאַמען מיטן גרויסן עולם צו די פערלדיקע ווערטער פון דעם גלענצנדן טריבון ורובבל ע"ה. מיט דער שיינער ווייסער באָרד. ער קומט צו אין זיין רעדע און דערציילט וועגן דעם לעצטן באַזוך זיינעם אין וואַרשע מיט צוויי מאָנאַטן צוריק, דאָס איז שוין דער דריטער באַזוך זיינער אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט נאָכן חורבן. אויב איר ווילט וויסן, זאָגט ער, וויפל יידן וואָס באַזוכן אַ שול זיינען דאָ אין דער היינטיקער וואַרשע, וועל איך אייך ברענגען אַ ביישפּיל:

ערב פסח איז געשטאָרבן דער וואַרשעווער רב פּערצאָוסקי (געמיינט צו זאָגן פּערצאָוויטש). זיינען געווען ביי זיין לויה 15 (פופצן) יידן.

איך האָב געוווּסט דאָס מיין פעטער בערל איז שוין אַ זקן און אַ מענטש לעבט דאָך נישט אייביק, דאָך איז מיר אַדורך אַ ציטער איבער אַלע אברים און גלייך נאָכן רעפעראַט גיי איך צו צו שיינמאַנען און ער זאָגט מיר: „איך בין ממש דערשיטערט, ער שטייט מיר פאַר די אויגן, אַט נאָר־וואָס דוכט זיך האָב איך גערעדט מיט אים און אויך מיין ברודער איז געפּלעפט און ער פרעגט: צי איז עס טאַקע אמת, מען האָט דאָך אין ערגעץ נישט געלייענט וועגן דעם. יע, עס איז אמת, אַוודאַי איז עס אמת, אַוועק פון דער וועלט דער איינציקער עלטסטער גליד פון אונדזער גרויסער, פאַרצווייגטער און פאַר־שניטענער משפחה. נישטאָ שוין דער פעטער בערל! זאָל אים די ערד גרינג זיין!

## טאַטע, זיי זיינען דאָך גערעכט! ...

(צו ה׳ לעאָן סוראַסקיס צווייטן יאָרצייט — 1968)

ראשית אַ קליינע הקדמה: אין דעם היינטיקן קאַפּיטל זכרונות מיינע וויל איך פאַרנאָטירן, מיין קומען קיין מעקסיקע און ווי אַזוי איך האָב זיך באַקענט מיט לעאָן סוראַסקי ע״ה און מיט זיין שווער, אויך אַ סוראַסקי. וועלכער איז אַוועק פון ביאַליסטאָק גאָר יונג צו ליב אַ סיבה וועלכע וועט שפּעטער אויפקלערן דעם טשעקאַוון נאָמען וואָס עס טראָגט די דאָזיקע אינטערעסאַנטע באַשרייבונג.

אַזוי ווי אָבער אין יענער צייט מיט העכער פערציק יאָר צוריק, זיינען געקומען קיין מעקסיקע הונדערטער יידן מערסטנטייל יוגנטלעכע, פון די אַמאָליקע געדיכט באַזעצטע שטעט און שטעטלעך, האָב איך זיך דערמאָנט דעם פּאָפּולערן לידל מיט וועלכן מען פלעגט מקבל פנים זיין, אַ פריש געקומענעם עמיגראַנט.

די שורות בעטן זיך מען זאָל זיי פאַרצייכענען. דער מחבר פון דער שטיק פּאָעזיע איז נאַטירלעך ניט באַקאַנט, און געזונגען האָט מען עס מיט אַ ניגון פון אַ מעקסיקאַנער פאָלקס ליד, וועלכער איז דאַן געווען זייער פּאָפּולער.

אַט זיינען די סטראָפן וועלכע האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון:

גוטער ברודער פון וואַנען קומסטו ?
אין מעקסיקע וואָס טוסטו ?
אין דעם וויטן לאַנד אַליין

## פאַרגאַנגענע יאָרן

ביסט געקומען זוכן גליקן,
מענטשן האָבן דאָ ניט וואָס צום פּיקן.
דאָס האָט פּאַסירט מיט מיר אַליין.

און דו האַלסט זיך ביי זיך גרויס
און אַלע מאכלים, בראַקירסטו אויס
און „טאָרטיאַס" עסטו נאָך ניט
גייסט אַרום איבערן מאַרק „טעפּיטאַ"
און טרעפסט באַיעס פון פּוילן און ליטע
וועלכע קויפן אַלטע שיך און אַלטע היט.

קוק! מיט מיר האָט שוין אַלץ געטראָפן
אין האָטעל „רעכיס" בין איך געשלאָפן
ווו אַלע נאַכט איז דאָרט אַ באַל
און היינט ליג איך אויף אַקאַדעמיע
און איך וואַרט אויף דער פּרעמיע
פון לאָטעריאַ נאַסיאָנאַל.

⁂

געקומען בין איך קיין מעקסיקע אין יאַנואַר 1926. דער פרוי מיט צוויי קינדער האָב איך אַריבערגענומען ריכטיק אין אַ יאָר אַרום (מיין זון כאַקאָבאַ איז געבאָרן געוואָרן דאָ...). איך בין געקומען אָן געלט און אָן אַ קרוב, איך האָב אָבער געהאַט ביי זיך פאַרצייכנט דריי נעמען: סאַלאָמאָן קאַהאַן ע"ה, יוסף יהודה זאַכאַריאַש און די סוראַסקיס. דריי ברידער זיינען זיי דאַן געווען געבליבן איז ביי היינטיקן טאָג נאָר איינער, אַליאַס אַ באַרימטער באַנקיר און גרויסער פילאַנטראָפּ.

⁂

שיר פאַרגעסן. נאָך אַ פערטער איז געווען מיין בן־עיר אלי אָקאָן ע"ה פון טאָררעאָן, פריער אין טאַמפּיקאָ — וועלכער האָט מיר געשיקט אַרויס־פאַדערונגס פּאַפּירן.

אין דעם ערשטן טאָג פון מיין קומען האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אין „בני ברית" אויף קאַיע מינאַ. ווי נאָר איך האָב געעפנט דאָרטן די טיר איז מיר אַנטקעגן געקומען דער באַקאַנטער „סעם" וועלכער איז געקומען פון שיקאַגאָ קיין מעקסיקע, ווייל דאָרט איז שווער געווען צום קריגן דאַן אַ טרונק בראַנפן. און דאָ האָט מען געקענט טרינקען וויפל נאָר מען האָט געוואָלט, און וויפל נאָר מען האָט געקענט אַריינגיסן אין זיך.

אָט דער סעם װעלכער האָט געהאַט אַן אויסזען פון אַ גרויסער מגושמ־דיקער אָראַנגוטאַנג — מאַלפּע, מיט די לאַנגע הענט זיינע װעלכע האָבן זיך געבאָמבעלט אַזוי װי זיי װאָלטן געװען צוגעקלעפּט, און פון מויל האָבן אַרויסגעטאַרטשעט צוויי גרויסע געלע ציין.

סעם האָט מיר באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, מיט זיינע אויסגעלאָשענע אויגן און געגעבן אַ ברום אַרויס: „אַ גרינער״? מאָרגן אַכט אין דער פרי גייט אָפּ דער באַן קיין טשיקאַגאָ! דאָס האָט ער געמאַכט חוזק פון די עמיגראַנטן װאָס אַ גרויסער טייל פון זיי איז דאַן געשטאַנען מיט די װאַליזקעס אין די הענט גרייט יעדע מינוט אַריינצופאָרן אין די שטאַטן.

סאָלאָמאָן קאַהאַן האָט דאַן אויך געהאַט זיין צימער אויף דער זעלבער גאַס „מינאַ״ און ביי אים האָב איך געקריגן גייסטיקע שפּייז, יידישע צייטונ־גען פון ניו־יאָרק, צום לייענען.

ריװע זאַכאַריאַש, װידער האָט מיר מכבד געװען מיט געשמאַקע פיש געפילטע, און מיט אַ שמעקעדיקע גלאָז טיי צום פאַרטרינקען. (ריװעס אַ גלאָז טיי האָט געהאַט אַ שם).

אָבער אָט קום איך אַריין צום ערשטן מאָל צו סוראַסקין אין פאַבריק. דאָרטן טרעף איך אַ יידן פון אַ יאָר זעכציק, װעלכער גיט מיר שלום און פרעגט מיר װער איך בין, און פון װאַנען איך בין. דערהערט פון ביאַליס־טאָק, דערפרייט ער זיך, איך בין אויך פון ביאַליסטאָק, זאָגט ער. שוין עטלעכע און פערציק יאָר אין ניו־יאָרק. איך בין אויך אַ סוראַסקי־מען רופט מיר אויך לייבל און לעאָן איז מיינער אַן איידעם. אַחוץ דעם זיינען מיר נאָנטע קרובים, זיין טאַטע און מיין טאַטע זיינען ברידער.

און אָט קומט אַן לעאָן סוראַסקי, גיט מיר אויך די האַנט און הויבט מיר אָן אויספרעגן און שטעלן אַזעלכע קשיות װאָס עס איז דעם שװער זיינעם ניט געפעלן געװאָרן, און ער גיט אַ זאָג: לעאָן! די זעסט דאָך פון װאַנען דער יונגער מאַן קומט און װאָס ער פאַרלאַנגט, צו װאָס נעמסטו אים אויף אַ „אינװעסטיגיישאַן״ זאָג אים בעסער קלאָר צו האָסטו פאַר אים אַ דזשאַב אָדער ניט.

די װערטער האָבן מיר איבעראַשט און איך האָב זיך גלייך געשטעלט די פראַגע װער איז ער דער ייד און װי קומט עס אַז אַ יונגער בחור פון אַזאַ אָנגעזעענער משפחה זאָל אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונ־דערט אַװעק גיין קיין אַמעריקע. געפאָרן זיינען דאָך דעמאָלט נאָר די װעלכע האָבן געדאַרפט זיצן (אין תפיסה), אָדער די װעלכע האָבן געדאַרפט זיך שטעלן צום „פּריזיװ״.

װי אַלע פרישע עמיגראַנטן בין איך דאַן געװען פאַרנומען טאָג און נאַכט מיט זיך אַליין און מיט זוכן פרנסה, און קיין צייט ניט געהאַט שטאַרק צו

קלערן װעגן דעם. איך בין געװען צופרידן װאָס לעאָן סוראַסקי האָט מיר געװיזן אַ װעג װי אָנצוהײבן עפּעס פאַרדינען, ער האָט מיר שפּעטער אױך אױסגעליִען אַ ביסל געלט צום ברענגען מײן פאַמיליע. (שיפסקאַרטן האָב איך געקריגן אױף אױסצאָלן דורך דער פאַרמיטלונג פון „בני ברית") װעלכע איז געקומען װי איך האָב שױן פריער געזאָגט ריכטיק צום יאָר.

נו! עס קומט קײנעם ניט קײן דאַנק דערפאַר װאָס מען איז ערליך און אױפריכטיק און מען צאָלט ניט אָפּ קײנעם מיט אַ רעה, פאַר אַ טובה. דאָך בין איך שטאַרק צופרידן װאָס נאָכדעם װי איך האָב פאַרבראַכט אַזאַ גרױסן שטיק לעבן אין מעקסיקע קען איך קוקן מיט אַ רואיקן געװיסן הינטער זיך און ניט האָבן איבערגעריסן ביזן הײנטיקן טאָג די גוטע פרײנטשאַפט מיט אַלע די װעלכע האָבן דאָן מיר געגעבן דעם ערשטן „שלום עליכם".

יאָרן גײען, יאָרן לױפן, איך פאָר דעם ערשטן מאָל קײן ניו־יאָרק, און טרעף זיך דאָרט מיט מײנע ביאַליסטאָקער.

מען שמועסט װעגן דעם און װעגן יענעם, און מען קומט צו דעם ײדן לײבל סוראַסקי װעמען איך האָב געטראָפן אין מעקסיקע. דאָס הײסט לעאָן סוראַסקיס שװער.

און מען דערצײלט מיר אַ שפּאַנענדע געשיכטע, װי אַזױ ער איז געקומען קײן אַמעריקע: דעם טאַטן זײנעם האָט מען װי מיר שײנט גערופן אַרקע סוראַסקי, ער איז געװען אַ קאָצקער חסיד און אַ רײכער פאַבריקאַנט. בײ חסידים װי באַקאַנט אירצט מען זיך ניט. אַלע זײנען אױף „דו". עס איז אױך ניטאָ קײן מזרח װאַנט און קײן אונטערן אױװן. אַלע זײנען גוטע ברידער סײ אָרעם סײ רײך מאַכט מען צוזאַמען אַ לחיים און מען פאַרבײסט מיט אײער קיכל.

די אַרבעטער פון פאַבריק זײנען אױך געװען חסידים מיט בערד װעלכע זײנען געװאָרן „פּאַני בראַט" מיט זײער באַלעבאָס כאָטש זײ זײנען גוט פאַרשװאַרצט געװאָרן, געאַרבעט האָט מען אין יענע יאָרן פון זון אױפגאַנג, ביז זון אונטערגאַנג.

אין אײנעם אַ פרימאָרגן אָבער קומט צוגײן דער באַלעבאָס פון חסידים שטיבל צו זיך אין שטוב אין דער הײם זײנער װעלכע האָט זיך געפונען צוזאַמען מיט דער פאַבריק און דערזעט עפּעס אַ נײס: אַלע אַרבעטער, עטלעכע און דרײסיק אין צאָל, ליגן אױסגעלײגט אױפן גראָז און גײען ניט אַרײן אַרבעטן. װערט ער שטאַרק אין כעס און גיט אַ פרעג: װאָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ פרישע משוגעת אױף אײער קאָפּ?

פאַר װאָס זיצט איר עפּעס אַלע אױפן גראָז און ניט בײ די װעב־שטולן?
— הער זיך אײן אַרקע! ענטפערן זײ אַלע מיט אַמאָל — װעגן דעם װילן מיר טאַקע מיט דיר שמועסן — מיר װילן דו זאָלסט אונדז עפּעס העכערן

— מיר האָבן ניט פון וואַנען צום לעבן — אונדזערע קינדער ליידן הונגער ווייל מיר קענען ניט אויסקומען מיט דריי רובל אַ וואָך.

דאָס דערהערט! איז דער באַלעבאָס שוין גאָר אַרויס פון די כלים, און גיט אַ געשריי אויס! „לאָבוסעס"! יונגאַטשעס מיט בערד!

איר מעגט האָבן אַביסל דרך ארץ, און וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ „דו" און הער נאַר! דאָ איז אייך ניט די חסידים שטיבל! דאָ בין איך דער באַלעבאָס...

אין דעם מאָמענט באַוויזט זיך אויפן גאַניק, דעם פאַבריקאַנטס זון וועלכער האָט שוין דאַן געהערט צו די ערשטע סאָציאַליסטישע אונטער־ערדישע קרייזן, אַ בחורל פון אַ יאָר אַכצן און גיט אַ זאָג: טאַטע, וואָס בייזערסטו זיך אַזוי שטאַרק? זיי זיינען דאָך גערעכט! זיי האָבן דאָך ניט וואָס צום עסן...

אין אַ וואָך אַרום האָט מען דעם בחורל אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקע און דער זעכציק יאָריקער קלוגער ייד וועלכן איך האָב געטראָפן ביי סוראַסקין אין פאַבריק דאָס איז געווען ניט קיין אַנדערער, נאָר דער געוועזענער יונגער בחור וועלכער האָט אַמאָל, אַמאָל געזאָגט צו זיין טאַטן אין ביאַליסטאָק, אַז ער איז ניט גערעכט.

שפּעטער פלעגן מיר זיך טרעפן דאָ און אין ניו־יאָרק, וווּ עס איז געווען זיין שטענדיקער וווינאָרט.

ער איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער זאַט אין יאָרן און זאַט מיט זכרונות פון דער אַמאָליקער ביאַליסטאָק וואָס ער האָט ניט געזשאַלעוועט מיר צו דערציילן. איצט געפינט זיך שוין לעם אים אויף יענער וועלט זיין קלוגער און גראַטענער אידעם לעאָן סוראַסקי. דער פאַרשטאָרבענער לעאָן האָט געהאָט סענטימענטן פאַר ביאַליסטאָק. ער איז יאָרן־לאַנג געווען דער פאַרזיצער פון אונדזער היגן ביאַליסטאָקער פאַרבאַנד, ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז ער געדענקט, אַזוי ווי דורכן חלום ווי די מאַמע זיינע האָט אים איינמאָל אַ פרייטיק אין דער פרי געשיקט מיט אַ הון צום רב פרעגן אַ שאלה. דערביי האָט ער צוגעגעבן, אַז ער דערמאָנט זיך ווי ער איז געגאַנגען אַ צופרידענער מיט דער הון אין האַנט צוריק פון דער שאלה און האָט זיך געפרייט וואָס ער וועט קענען זאָגן דער מאַמען אַז די הון איז כשר...

פּ. ס. ווען איך האָב גענומען באַשרייבן די דאָזיקע געשיכטע, וועגן דעם געוועזענעם יונגן יידישן ביאַליסטאָקער רעוואָלוציאָנער לייבל סוראַסקי, האָב איך אַ פרעג געטאָן ביי גבריאל ראָזענטאַל — דעם שוואָגער פון די סוראַסקיס און געוואָלט וויסן צו דאָס אַלץ וואָס איך וויל באַשרייבן איז טאַקע ריכטיק. האָט ער מיר פאַרזיכערט דאָס די געשיכטע איז הונדערט פּראָצענט אמת און איך מעג וועגן דעם שרייבן.

# מיין יוגנט-חבר „ניאָמע״ טאַבאַטשינסקי ע״ה —1967

(אַ קאַפּיטל זכרונות)

דער ניט לאַנג־פאַרשטאָרבענער בנימין טאַבאַטשינסקי, איז געווען אַ קערנדיקער איינגעוואָרצלטער ביאַליסטאָקער פון עטלעכע דורות. פון דער דאָזיקער ביאַליסטאָקער וואָס איז שוין מער ניטאָ און פון וועלכער עס איז געבליבן בלויז דער נאָמען.

מיט אַ ציטער פון האַרצן האָב איך געלייענט וועגן זיין פּלוצלונגען טויט, און גלייכצייטיק בין איך געוואָרן אויפגעטרייסלט ווען איך האָב דעמזעלבן טאָג געלייענט די רירנדע שורות פון מיין בת־עיר עליזה קלעצל־פירמאַן אין וועלכע זי גיט איבער דעם רושם וואָס עס האָט אויף איר געמאַכט די געבורטסשטאָט אונדזערע, ווו זי האָט ניט געפונען קיין זכר פון אונדזערע אַמאָליקע היימען.

די ווונד אין האַרצן איז פון דאָסניי אויפגעריסן געוואָרן און עס שווימען אַרויף זכרונות.

ביי מיר געפינט זיך אַ בילד מיט פופציק יאָר צוריק פון אַ גרופּע ביאַ־ליסטאָקער יוגנטלעכע צו וועלכער איך האָב געהערט.

אָט זיצט אינמיטן דער יוגנטלעכער ניאָמע טאַבאַטשינסקי מיט זיינע קלוגע אויגן און ביי אַ זייט די חנעוודיקע קריינדל נעוואַדאָווסקי די שפּעטער־דיקע פרוי זיינע מיט איר שטענדיקן שמייכל אויף אירע ליפּן.

(זי מיט דעם איינציקן זון זייערן זיינען אומגעקומען אין דעם ביאַליס־טאָקער חורבן).

אגב, געפינט זיך אויף דעם זעלבן בילד די לערערקע מנוחה זאַלצמאַן־ראַבינאָוויטש וועלכע איז די לעצטע וואָכן געווען צו גאַסט ביי אונדז אין מעקסיקע. זי האָט געקוקט אויף דעם בילד און מיר האָבן זיך דערמאָנט און געשמועסט וועגן די יונגע יאָרן אונדזערע און וועגן דעם אַמאָל, אַמאָל.

ניאָמע טאַבאַטשינסקי איז געבוירן געוואָרן און זיך געהאָדעוועט ביי באַלעבאַטישע עלטערן אין דעם פאָלקסטימלעכן ביאַליסטאָקער געגנט — אויף די „פּיאַסקעס״.

געלערנט האָט ער אין אַ רוסיפיצירטע זיבן־קלאַסיקער „יידישער״ שולע ווו די לערערס, אַלע יידן, זיינע געווען אַסימילאַטאָרן און כמעט אַנטיסעמיטן.

די פאָלקסטימלעכע יידישע קינדער האָבן אין די קלאַסן און אויסער די קלאַסן ניט געטאָרט אַרויסריידן קיין יידיש וואָרט, און אויב מען האָט געכאַפּט אַ קינד ביי דער דאָזיקער שרעקלעכער „עבירה״, האָט מען אים דערפאַר

אַזוי שטאַרק אָנגעדרייט דעם אויער, אַז עס האָט געמוזט דויערן אַ פּאָר טעג ביז דער אויער האָט צוריקגעקריגן זיין פריערדיקן קאָליר.

אײַך לערער מיט דיקע שוואַרצע וואָנצעס האָט געהאַט אַ נאַטור צו שרייען מיט רוגז ביי יעדע געלעגנהייט: „ניע זאַביוואַיטע, טשטאָ זדיעס וואָם ניע טאַלמוד טאָרא״. (פאַרגעסט ניט אַז דאָ איז פאַר אייך ניט קיין תלמוד תורה).

און דערביי האָט ער אַרויסגערעדט דער ר׳ פון „טאָרא״ אַזוי שאַרף אַזוי ווי אַן אמתער קאַצאַפּ...

אָבער לאָמיר צוריקגיין צו דעם בילד פון די ביאַליסטאָקער יוגנטלעכע מיט העכער פופציק יאָר צוריק. ווי אַזוי האָבן מיר זיך באַקענט, ווי אַזוי האָט זיך די גרופּע געשאַפן און זיך צוזאַמענגעקלעפּט און וואָס איז געווען אונדזער טועכץ.

עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. די שטאָט איז געווען פול מיט סאָלדאַטן און מיט הויכע מיליטער לייט. אין די קראָמען האָט מען געלייזט גאָר געשמאַק.

אָבער פּלוצלונג האָבן מיר אויך דערזען ווי עס קומען אָן הונדערטער יידישע פאַמיליעס פון די דייטשן גרענעץ. מיר האָבן געקוקט אויף די אויסגעמאַטערטע האַלב הונגעריקע קינדערלעך און מיר האָבן גלייך באַשלאָסן, מיר טאָרן ניט שטיין מיט פאַרלייגטע הענט. אויף אונדז ליגט דער חוב עפּעס צום טאָן און מיט עפּעס זיי צוהעלפן.

מיר האָבן גלייך געשאַפן אַ קאָמיטעט וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט אויפזוכן פאַר די היימלאָזע, פלעצער ווו דעם קאָפּ צו לייגן. מיר האָבן גע־עפנט אַ שפּייז־קראָם ווו יידישע מיידלעך — געענדיקטע גימנאַזיסטקעס — זיינען געשטאַנען מיט פאַרטוכער און פאַרקויפט עסנוואַרג צו ביליקע פרייזן. מיר האָבן אויך באַזאָרגט די קראַנקע מיט מעדיציניִשע הילף.

פון דער דאָזיקער גרופּע מיט בנימין טאַבאַטשינסקין בראש האָט זיך שפּעטער טאַקע אויסגעפּיקט און עס איז געבוירן געוואָרן דער „ביאַליסטאָ־קער יידישער יוגנט־פאַריין״, וועלכער איז איבער נאַכט געוואָרן פּאָפּולער און האָט צוגעצויגן עטלעכע הונדערט מיטגלידער.

ווען דער לעבן ביים דייטש — ימח שמו — איז געוואָרן מער ווייניקער סטאַביליזירט, דאָס הייסט ווען מען האָט אָנגעהויבן אונטערצוהונגערן האָט מען גלייכצייטיק דערפילט אַ גייסטיקן דורשט. מען האָט געזען, אַז יידישע קינדער האָבן ניט ווו צו לערנען און עס איז געעפנט געוואָרן די ערשטע יידישע פאָלקסשולע ביים „יוגנט־פאַריין״. אַזוי ווי דאָס איז געווען אַ נייעס, האָט די שולע צוגעצויגן אַ סך קינדער גלייך נאָכדעם האָט זיך געעפנט די פּרץ־שולע, די מענדעלע שולע, און נאָך אַנדערע.

מעגלעך, אַז אין מעקסיקע געפינען זיך מערערע תלמידים און תלמידות פון די אַמאָליקע ערשטע יידישע ביאַליסטאָקער שולעס ווו מיין ברודער משהלע הי״ד איז געווען דער לערער פון העברעאיש.

שיין איז אַז די שולע פון יוגנט־פאַריין און די לאָקאַלן פון דעם יוגנט פאַריין גופא האָבן זיך געפונען אין דער זעלבער געבײַדע ווו עס האָט זיך געפונען יאָפעס „באַטשאַלנע אוטשילישצע" טאָקע דאָרטן ווו עס האָט געלערנט טאָ־באַטשינסקי און נאָך אַ סך יידישע קינדער וועלכע האָבן ניט פאַרמאָגט קיין טראָפּן „יידישקייט" און דער יידישער פונק האָט זיך ביי זיי אָנגעצונדן און ממש זיך צופלאַקערט איז די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

די לערערס און דער פאַרוואַלטער פון דער רוסיפיצירטער שולע זיינען אַוועק קיין טיף רוסלאַנד. די שולע אַליין אָבער איז געבליבן ניט גערירט און עס האָט ניט געפעלט קיין האָר.

איך בין דאַן געווען אין דער ווירטשאַפט־קאָמיסיע וועלכע האָט צונויפ־געשטעלט דעם אינווענטאַר און מיר זיינען געווען זייער צופרידן פון דער ירושה וואָס עס איז אונדז איבערגעלאָזן געוואָרן. ניט איינמאָל פלעגט טאַבאַטשינסקי אַרומגיין איבער די צימערן פון דער שולע וועלכע זיינען אים געווען אַזוי גוט באַקאַנט און פלעגט אַ זאָג טאָן מיט ביטערקייט: „דאָ איז דען געווען אַ לערן־אַנשטאַלט, אַ שולע? דאָ איז דאָך גאָר געווען אַ פלאַץ ווו מען האָט די יידישע קינדער געמאַטערט און געפּייניקט"...

טאַבאַטשינסקי איז געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט צוזאַמען מיטן יוגנט־פאַריין און צוזאַמען מיט דער פאָלקסשולע. אומעטום איז ער געשטאַנען אויבנ־אָן. אַלץ איז געווען אונטער זיין אָנפירונג. אומעטום האָט זיך געפילט טאַבאַטשינסקיס האַנט און טאַבאַטשינסקיס אויג.

עס איז אויך געפירט געוואָרן אַ ברייטע קולטורעלע טעטיקייט צווישן דער דערוואַקסענער יוגנט, וועלכע האָט געבענקט נאָך אַ יידיש וואָרט, בפרט אַז אַלץ איז געווען עפּעס אַזוי ניי און אומבאַקאַנט; יידישע שפּראַך! יידישע שרייבערס און יידישע ליטעראַטור! יידישע פּראָבלעמען, אַלץ האָט מען גע־וואָלט וויסן, אַלץ האָט מען געוואָלט לערנען, אַלץ האָט מען ממש געשלונגען. ווי נאָר אין ביאַליסטאָק האָט זיך געשאַפן די דעמאָקראַטישע קהלה ווערט טאַבאַטשינסקי אויסגעקליבן אַלס ראַטמאַן און ער צייכנט זיך אויס אַלס טאַלאַנטפולער רעדנער און פּאָלעמיקער.

אונדזערע וועגן זיינען שפּעטער זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. איך בין אַפּגע־פאָרן קיין מעקסיקע, און טאַבאַטשינסקין האָט מען אַרויסגערופן קיין וואַרשע, ווו זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און זיין רעדנער־טאַלאַנט האָבן זיך אַנט־וויקלט און געשטיגן אַלץ העכער און העכער.

ער איז אַרומגעפאָרן און באַזוכט פאַרשיידענע לענדער אין שליחות פון דער צענטראַלער יידישער שול אָרגאַניזאַציע. ער איז עטלעכע מאָל געווען אין אַמעריקע און ווען ער איז געקומען דעם לעצטן מאָל אין 1939, האָט ער שוין ניט געקענט צוריקפאָרן. אין יענער צייט האָט ער באַזוכט אַלע לאַטיין-אַמעריקאַנער לענדער און ער איז אויך געקומען צום ערשטן מאָל אין מעקסיקע. מיר האָבן זיך זייער דערפרייט איינער מיטן צווייטן, און צווישן אַנדערע אויפנאַמעס האָב איך ביי מיר אין שטוב איינגעאָרדנט לכבוד דעם חבר מיינעם אַ „וועטשערע" פאַר עטלעכע צענדליק פערזאָן, פריינט, לאַנדסלייט, חברים און באַקאַנטע.

איך האָב אים דעמאָלט מקבל-פנים געווען און פאַרגעשטעלט פאַרן עולם מיט די ווייטערדיקע שורות און גראַמען:

„מיין טייערער גאַסט — חבר ניאַמע —
האָט אַ שאַרפן קאָפּ און אַ גוטע נשמה.
ער איז אַ גלענצנדער בעל-דבר —
רעדט פון דעם היינט און פון דעם עבר
ווייל ער איז אַ ביאַליסטאָקער און אַ פיאַסקאָווער.

און „כטוב לב המלך", ווען מען האָט געמאַכט אַ לחיים האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויסער דעם וואָס טאַבאַטשינסקי איז געווען אַ גלענצנדער רעדנער וואָס פון זיין מויל האָט זיך ממש געשאָטן פערל האָט ער אויך געהאַט דעם טאַלאַנט צו דערציילן מעשהלעך און וויצן פון וועלכע ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן און רייכן אויסוואַל.

איך וועל זיך באַמיען איבערדערציילן עטלעכע אַלס מוסטער טאַקע אַזוי ווי איך האָב עס געהערט פון זיין מויל:

מעשה נומער איינס: ווען טאַבאַטשינסקי איז געקומען דעם ערשטן מאָל קיין ניו-יאָרק האָבן די ביאַליסטאָקער לאַנדסלייט איינגעאָרדנט פאַר אים אַ פייערלעכן באַנקעט.

ווען ער איז אַריין אין זאַל אין באַגלייטונג פון אַ חבר פון אַרבעטער-רינג האָט ער געזוכט עפּעס אַ באַקאַנטן פנים, אָבער אומזיסט.

ער זעט פאַר זיך פיל אומבאַקאַנטע מיטליאָריקער און עלטערע יידן, אָבער קיין איין איינציקן ניט פון זיינע יאָרן.

איין ייד אָבער האָט אים עפּעס יאָ אויסגעזען באַקאַנט און ער האָט ניט אַראָפּגענומען פון אים זיינע אויגן.

ער גיט אים „שלום" און ער הויבט אָן דעם יידן צו שטעלן פראַגעס: צו איז ער טאַקע אַ ביאַליסטאָקער אַ געבוירענער, אָדער פון אַן אַרומיקן שטעטל, אין וועלכן געגנט און אויף וועלכער גאַס האָט ער געלעבט אין ביאַליסטאָק

און וואָס געדענקט ער פון דער אַלטער היים אונדזערער, און וואָס האָט ער געטאָן אין זײַנע יונגע יאָרן, א.אַ.וו.

דער חבר, דער באַגלייטער האָט אים כסדר געצויגן פאַרן אַרבעל און געוווּנקען צו טאַבאַטשינסקין ער זאָל דעם יידן ניט ציִען פאַרן צונג און ניט מאַטערן אים מיט פראַגעס, ווייל ער קען גוט דעם דאָזיקן יידן און מער ווי פוילע תירוצים וועט ער ביי אים ניט קענען אַרויסקריגן...

איבערהויפּט איז געווען אוממעגלעך צו דערוויסן זיך וואָס דער ייד האָט געטאָן אין דער אַלטער היים.

דער חבר פון אַרבעטער־רינג האָט ניט אויפגעהערט צו ווינקען און בעטן זיך ער זאָל שוין דעם יידן לאָזן צורו.

ביים אַרויסגיין האָט דער חבר אָפּגעצויגן דעם אָטעם און ער זאָגט: הער נאַר, ניאָמע, וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף דעם דאָזיקן יידן — ער האָט דיר ניט געענטפערט און דו האָסט ניט געקענט דערגיין ביי אים קיין טאָלק. דאָס איז דערפאַר, ווייל ער האָט דיר ניט וואָס צו ענטפערן.

אויב אָבער דו ווילסט דורכויס וויסן וואָס ער האָט געטאָן אין דער אַלטער היים, וועל איך דיר זאָגן. עס זאָל אָבער צווישן אונדז בלייבן: דער ייד פלעגט אַרויס. גיין ביינאַכט מיט אַ שטריקל אין האַנט, און אין דערפרי פלעגט ער קומען מיט אַ פערד...

מעשה נומער צוויי:

אין ביאַליסטאָק איז געווען זייער באַקאַנט און באַליבט ביי אַלעמען דער רב. ר׳ חיים הערץ, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ גאָלדענע נשמה און אַ זעל־טענעם איידעלן כאַראַקטער.

דערציילט טאַבאַטשינסקי ווי ער איז געקומען קיין דעטראָיט — און ווי דער שטייגער איז, האָבן די ביאַליסטאָקער געמאַכט פאַר אים אַן אויפנאַמע.

פּלוצלונג רוקט זיך צו צו אים אַ קיילעכדיקער יידעלע מיט אַ געלע בערדל און גיט אים אַ זאָג מיט אַ באַסאָווער שטימע: אויב דו ביסט אַן אמתער ביאַליסטאָקער: האָסטו געוויס געקענט מיין טאַטן. „אפשר יאָ און אפשר ניט״, ענטפערט טאַבאַטשינסקי און ער איילט זיך צום טיש ווו מען וואַרט אויף אים. דער ייד לאָזט אים אָבער ניט אָפּ. שאַ! שאַ! קומט אַ צווייטע פראַגע, ר׳ חיים הערצן האָסטו געקענט? איין קלייניקייט, אוודאי האָב איך אים געקענט. ווער האָט עס ניט געקענט ר׳ חיים הערצן? אויב אַזוי, זאָגט דער ייד מיט אַ צופרידענעם שמייכל, האָסטו מיין טאַטן געוויס אויך געקענט — ווייל מיר האָבן אויך געוווינט אויפן שול הויף — און מיין טאַטע האָט געטראָגן וואַסער צו ר׳ חיים הערצן. ווען ניט ווען, פלעג איך אים אויך צוהעלפן. נאָך איצט שטייט מיר פאַר די אויגן די ווייסע קאַטקעלע מיט וואַסער ביי ר׳ חיים הערצן אין קיך.

די דריטע מעשה אָדער אַנעקדאָט, איז שוין ניט קיין ספּעציפישע ביאַ־ליסטאָקער און מעגלעך אויך, אַז אַ סך האָבן דאָס שוין געהערט. עס גייט אַזוי:

אין אַ שטאָט אָדער אין אַ שטעטל איז אַ ייד געוואָרן געפערלעך קראַנק. זיין געזונט צושטאַנד האָט זיך פון טאָג צו טאָג פאַרערגערט און אַלע דאָק־טוירים האָבן אים שוין אָפּגעזאָגט דעם לעבן.

דערוויסן זיך איינמאָל די פאַמיליע־מענטשן, אַז צו אַ רייכן פּריץ האָט מען אַרויסגערופן אַ יידישן פּראָפעסאָר פון וואַרשע. מיט גרויס מי האָט מען אים געבראַכט צום קראַנקן.

דער פּראָפעסאָר האָט דעם קראַנקן לאַנג באַטראַכט און צום סוף גיט ער אַ זאָג: „ניט געדאַגהט, ער וועט בעסער ווערן".

די משפּחה האָט זיך זייער דערפרייט: „וואָס רעדט איר דאָקטאָר, איר מיינט עס ערנסט? ער וועט געזונט ווערן?".

— אַנטשולדיקט — כאַפּט ניט, איך וויל איר זאָלט מיר פאַרשטיין — ענטפערט געלאַסן דער אַזוי גערופענער פּראָפעסאָר.

איך האָב ניט געזאָגט, אַז ער וועט געזונט ווערן. איך האָב געזאָגט: ער וועט „בעסער" ווערן. דאָס מיינט אַז דער קראַנקער אייערער איז אַ גרויסער עקשן, ער וויל ניט פאַרלאָזן די וועלט און ער וויל באַטירלעך ניט שטאַרבן, ער וועט אָבער בעסער ווערן... און ער וועט מוזן שטאַרבן...

איך האָב זיך פאַררעדט, אָבער דער טויט ווייס ניט פון קיין חכמות.

די „שיחות חולין" אָבער פון אַ מענטשן גיבן אָפטמאָל צו געוויסע שטריכן צו זיין כאַראַקטער און צו זיין פאַרטרעט.

בנימין טאַבאַטשינסקי איז געווען עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון דעם אַרבעטער־קאָמיטעט אויף דעם פּלאַץ פון זיין עלטערן חבר יעקב פּאַט ע"ה, (אויך אַ ביאַליסטאָקער).

אויסער דעם איז ער געווען פאַרטראַטן און מיטגעאַרבעט אין אַ סך אַנדערע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן.

און איצט איז שוין „ניאָמע" טאַבאַטשינסקי מער ניטאָ צווישן די לעבעדיקע.

עס איז אַוועק פון דער וועלט אַ גרויסער פריינט פון יידישער קולטור און דערציאונג, אַן אויסגעצייכנטער האַרציקער פאָלקס־מענטש און גלענצנדער רעדנער, אַן איבערגעגעבענער געזעלשאַפטלעכער טוער און אַ וואַרעמער געטרייער פריינט און חבר.

זאָל אים די ערד גרינג זיין!

# ניטאָ שוין יעקב פּאַט... — 1966

(צום טויט פון דעם גרויסן פאָלקס־טריבון און קולטור־טוער)

...אַ ציטער צוליב פאַרלוסט און אַ שטראָם פון זכרונות איז מיר אַדורך, הערנדיק, אַז יעקב פּאַט, מיין בן־עיר, איז שוין אויך אַוועק.

ווילט זיך מיר עפּעס פון דעם אויסדריקן מיט דער פּען, און ברענגען פאַר דער עפנטלעכקייט.



יעקב פּאַט איז געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק און ער האָט דאָרט, אין אָט דער עיר ואם בישראל, פאַרבראַכט זיינע יוגנט־יאָרן. איך האָב אים דערקענט ווען איך בין נאָך געווען אַ יונגער ייִנגל, און איך האָב געאַרבעט אין יאָסל קאַגאַנס פּריוואַטע ביבליאָטעק. קאַגאַנס זון, לייבל, האָט דאַן גע־הערט צו דער טעריטאָריאַליסטישער גרופּע, וואָס האָט זיך געשאַפן אין ביאַ־ליסטאָק מיט לעאָן פּאַפּערין אין דער שפּיץ.

צו דער דאָזיקער גרופּע האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן דער יונגער יעקב פּאַט. ער איז געהאַט נאָר וואָס אַרויס פון דער ישיבה און זיך גענומען צו וועלטלע־כער בילדונג.

איינמאָל קומט אַריין אין דער דערמאָנטער ביבליאָטעק אַ שוואַרץ חנו־דיקער בחורל, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן מאַנטל, נישט לויט דער מאָס, מיט פלינקע באַוועגונגען און עפּעס אַן אומרו אין אים. איך זע, אַז לייבל קאַגאַן נעמט אים אויף עפּעס אַזוי פריינדלעך, און גיט אים צו לייענען אַ בוך, נאָרוואָס פון דער נאָדל אַרויס...

נאָך דעם ווי דער בחורל איז אַוועק זאָגט צו מיר לייבל קאַגאַן: אָט דעם בחורל רופט מען יעקב פּאַט, אַזוי איז זיין נאָמען, און ער וואַקסט אַ ייִדישער שרייבער! אים דאַרף מען געבן צו לייענען דעם ערשטן, די נישט קיין צושניטענע נייסטע ביכער און זשורנאַלן, וואָס וועלן אָנקומען פון פּעטער־בורג... (אין יענע יאָרן פלעגן ביכער און זשורנאַלן אָנקומען ניט קיין איינ־געבונדענע און ניט קיין צושניטענע).

און ער איז אויסגעוואַקסן ניט נאָר אַ שרייבער, יעקב פּאַט, נאָר אַ עסקן כללי ביי ייִדן, און באַרימט געוואָרן אין דער ייִדישער וועלט. ער האָט אַליין מחבר געווען פיל ביכער און זשורנאַלן פאַר די ייִדישע פאָלקס־מאַסן.

ווען יעקב פּאַט איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין מעקסיקע (אין יאָר 1937), האָב איך עס אים דערמאָנט, די צייט פון קאַגאַנס ביבליאָטעק, און אונדזערע יונגע יאָרן. האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט זיין שאַרפן בליק און געזאָגט: אַזוי גאָר דו ביזט עס געווען יענער בחורל, וואָס האָסט מיר געגעבן

צו לייענען די נייעסטע ביכער אין קאַגאַנס ביבליאָטעק? בין איך דיר דאָך שולדיק אַ דאַנק דערפאַר!

אין יענער יוגנט־צייט אונדזערער, האָט יעקב פּאַט טאָקע געמאַכט די ערשטע ליטעראַרישע שריט זיינע. ער האָט פאַרפאַסט אַ דראַמע מיטן נאָמען „לײדן און שאַפן", מיט נישט קיין רעאַלן אינהאַלט, אונטער דער ווירקונג פון די דאַמאָלסטיקע מאָדערניסטישע און דעקאַדענטישע שרייבער, ווי פּשי־בישעווסקי מיט זיין „האָמאָ סאַפּיענס", אָדער אָסקאַר ווײַלדס „פּאָרטרעט פון דאָריאַן גרעי".

ביי זיין אָנהויב איז פּאַט נישט געבליבן. ער איז געוואַקסן ווי אַ יידישער מחבר און שאַפער. איך בין געווען אַוועק פון ביאַליסטאָק עטלעכע יאָר און זיך צוריקגעקערט ביים אָנהויב פון ערשטן וועלט־קריג, און באַלד איז גע־קומען די דייטשע אָקופּאַציע פון 1915. מיר זענען געווען אָפּגעשניטן פון דער וועלט, אָבער עס איז אויפגעקומען אַ קולטורעלע דערוואַכונג אויף דער יידישער גאַס. עס האָט זיך געגרינדעט דער באַרימטער „יונגטפאַריין", און יעקב פּאַט איז געווען דער לעקטאָר אויף טעמעס פון דער יידישער ליטעראַ־טור. ער איז שוין דאַן געווען דער גרויסער רעדנער און אויפקלערער.

דאָרט איז אויך געווען די קוועק־זילבערדיקע שוועסטער זיינע, וועלכע פּאַט האָט שפּעטער פאַרייביקט אין זיין בוך „די לערערין אסתר". אין דער זעלבער גרופּע איז געווען תמיד, נעבן אסתרן, מאיר ר., וואָס איז נאָכהער געוואָרן איר מאַן. (יעקב פּאַט האָט זייענדיק נאָך אַמאָל אין מעקסיקע, שוין נאָכן חורבן־קריג, מיר דערציילט, אַז מיין חבר מאיר איז אומגעקומען דורך די נאַציס, און ער האָט באַוויזן נאָך פון לאַגער, פאַר דער סעלעקציע, שיקן צו אים אַ גרוס אין אַמעריקע).

עס לויפן ביי מיר די זכרונות און מישן זיך ווען איך באַוויין די פּטירה פון יעקב פּאַט. איך דערמאָן זיך אָן אַ ריי פון די חברים און עסקנים. די וואָס האָבן געגרינדעט די פּרץ־שולע, ווו די פּאַטס זענען געווען די לערער. איך דערמאָן זיך אָן מיינע אייגענע ברידער. פייוול ע"ה האָט געהאָלפן גרינדן די פּרץ־שולע, שמואל צו לאַנגע יאָר, האָט דאָרט שפּעטער געלערנט, און עס האָט געשפּראָצט מיט גייסטיקייט אין דער דאַמאָלסטדיגער יידישע ביאַ־ליסטאָק.

שוין דאַן ווערט יעקב פּאַט אַן אַרבעטער פירער און ער איז אַ ראַטמאַן אין דער ערשטער דעמאָקראַטישער קהלה. ער פירט הייסע ויכוחים, קעמפט פאַרן שולוועזן, און אָט איז גאָר אַ פּאָלעמיק צווישן אים און דעם מזרחי־פירער מיטן זעלבן נאָמען, ר' ליפּע פּאַט, אַ איש נאמן און תלמיד־חכם. יעקב פּאַט איז דער בעסערער רעדנער און יונגער קעמפער, און ר' ליפּע רופט אויס צו

אים ביי דער קהלה זיצונג: — יאַנקעלע, יאַנקעלע פּאַרגעס נישט, אַז דאָס וואָס דו קענסט, האָסטו געבראַכט פון דער ישיבה...

עס איז געקומען די סאָוויעטיש־פּוילישע מלחמה אין 1920. די רויטע־אַרמיי מאַרשירט אַריין, גענעראַל טוכאַטשעווסקי רעדט זיצנדיק אויפן פערד — עס איז רעש און טומל פון המון — און יעקב פּאַט שטייט אויך אויף קוריאַנסקיס באַלקאָן, די קערענסקי־היטעלע אויף זיין גרויסן קאָפּ און ער רעדט צו די מאַסן... ווען די רויטע־אַרמיי טרעט אָפּ, מוז יעקב פּאַט אויך אַוועק, און ער דערגייט ביז ווילנע. ווייטער ציט אים נישט דעם יידישן רעוואָלוציאָנער. דאָ ווערט ער דער יונגער שרייבער און רעדנער. און ער קומט אָן נאָכהער קיין וואַרשע אונטער דעם נאָמען יעקב ווילנער. אַזוי טרעט ער אַריין אין „בונד", ווו ער איז אַ געוואָרענער ניט קיין געבאָרענער. עס ציט אים צו די ברייטע מאַסן. מען וויל אים האָבן אין דער פאָלקס־פּאַרטיי, אָבער ער מיט זיין ברויזנדן טעמפּעראַמענט דאַרף ער דער מאַסע און די מאַסע דאַרף אים, און אָנערקענט אים ווי אַ פירער אירן.

אין דער יידישער וואַרשע צעוואַקסט זיך יעקב פּאַט ווי אַ גרויסער בוים. דאָ איז ער דער מאַסן־רעדנער, דער דאָזאָר, דער שול־בויער און מיט זיין שאַרפזיניקייט און מגידיש טאַלאַנט ציט ער צו די פאָלקסמאַסן, מען קומט אין די טויזנטער אים הערן.

נאָכן פאַרן חורבן קומט ער אָן קיין ניו־יאָרק. מיט אים קומט אויך זיין און מיין יינגערער חבר, בנימין טאַבאַטשינסקי, אויך אַ ביאַליסטאָקער און אויך פון די גרינדער פון יוגנט־פאַריין. זיי פאַרנעמען ביידע, אַ פירנדן אָרט אין דער יידישער קולטור־באַוועגונג אין אַמעריקע.

כאָטש אין ניו־יאָרק און איבער אַמעריקע האָט יעקב פּאַט שוין ניט געהאַט יענע גרויסע יידישע מאַסן, האָט ער אויך דאָ געשלאָגן וואָרצלען מיט זיין קולטור־כוח. ער האָט געשריבן אַ סך ביכער מיט איינדרוקן און מיט יידישע קולטור־עשירות. אָבער זיין האַרץ האָט געקלעמט און געוויינט ווען „אונדזערע שטעט און ישובים האָבן געברענט". ער האָט די פּוילישע יידן קיינמאָל נישט פאַרגעסן און איז אויך אין אַמעריקע געוועזן און געבליבן אַ זייעריקער. ער האָט נאָכן חורבן באַזוכט פּוילן און פון דאָרט געבראַכט דעם גרוס פון „אַש און פייער". ער איז געפאָרן קיין ישראל און געהאָלפן בויען דאָס ליעסין־הויז. ער האָט געוויינט איבערן חורבן השלישי, ביז זיין האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט.

נישטאָ שוין יעקב פּאַט און נישטאָ יענע גרויסע יידישע פאָלקסמאַסע, וואָס האָט אַזוינע גרויסע זין אַרויסגעגעבן.

# אַ פאָלקס־מענטש איז אַוועק פון אונדז

אויפן פרישן קבר פון שמואל ראָדאָוו ע״ה — אויגוסט, 1961

ווי אַ דונער אינמיטן העלן טאָג, האָט מיך געטראָפן די פינסטערע בשורה וועגן דעם פלוצלונגן טויט פון שמואל ראָדאָוו ע״ה; עס איז אַוועק פון דער וועלט אַ ייד, וועלכער איז געגאַנגען זיין לעבנס־וועג שטיל, רואיק, אָן טומל, אָן רעש, ניט געוואָלט קיינעם דעריאָגן און איבעריאָגן; עס איז געשטאָרבן אַ ייד וועלכער האָט געטראָגן אין האַנט אַ לאַמטערנע מיטן אויפשריפט „ער־לעכקייט״; און מיט אָט דער לאַמטערנע האָט ער באַלויכטן דעם וועג זיינעם, ער זאָל חלילה נישט געשטרויכלט ווערן און זיך ניט אויסגליטשן אָדער פאַרבלאָנדזשען אויף אַ קרומען וועג. זיין גאַנצן לעבן האָט ער אַכטונג גע־געבן, ער זאָל קיינעם ניט אָנרירן, ניט באַליידיקן, קיינעם נישט וויי־טאָן.

שמואל ראָדאָוו האָט באַלאַנגט צו דער גרעסער יידישער פאַרטיי — „צום יידישן פאָלק״. ער איז געווען דער פראָטאָטיפּ פון דעם אמתן פשוטן אי־דעאַלן יידישן פאָלקס־מענטש, ביי וועמען די האַרץ איז קיינמאָל נישט געווען אויסגעליידיקט, פוסט; עס האָט שטענדיק געטליעט אינעווייניק אַ געטלעכער פונק, אַ „נר תמיד״, וועלכער האָט אים שטענדיק דערמאָנט און געוואָרנט דאָס מען טאָר קיינעם ניט טאָן קיין שלעכטס, ניט דערפאַר ווייל עס איז אַ עבירה און מען וועט באַשטראָפן אויף יענער וועלט — נאָר דערפאַר, ווייל עס איז קעגן דער מענטשלעכער מאָראַל און מען קען נאָך פאַרלירן דעם צלם אלקים. שמואל ראָדאָוו איז געווען די איידלקייט, די פיינקייט אַליין; ער איז אַזוי געבאָרן געוואָרן, און אַנדערש לעבן און פירן האָט ער ניט געקענט. ער האָט געהערט צו די טויזנטער פשוטע יידן וועלכע האָבן געלעבט אַמאָל אין די הונדערטער שטעט און שטעטלעך פון דער אַלטער חרובער היים; ניט וויכטיק צי די שטעטל האָט מען גערופן באַראַנאָוויטש, גאַנצע־וויטש, אָדער סמילאָוויטש, פון וואַנען עס האָט געשטאַמט שמואל ראָדאָוו. ער איז געווען פון די פאָלקס־מענטשן, וואָס אונדזערע פּאָעטן און שרייבער האָבן קינסטלעריש פאַראייביקט אין זייערע שאַפונגען. שמואל ראָדאָוו האָט געהערט צו די אַמאָליקע היימישע יידן וועלכע זענען געווען די ערשטע צו קומען הערן אַ מגיד, וועלכער איז געקומען אין שטעטל; אגב פלעגט ער קומען שטענדיק צו די לעקציעס פון אונדזער רב ד״ר אַביגדור, און ווען מיר פלעגן זיך טרעפן, פלעגט ער מיר פרעגן פאַרוואָס איך בין ניט געווען, און טאַקע גלייך מיר איבערדערציילן וועגן וואָס דער רב האָט גערעדט, און

האָט פאַרענדיקט אויך מיטן קלאַסישן „דאָס געפינען מיר דאָך אין היינ־טיקער סדרה״.

שמואל ראַדאָוו האָט געהערט צו די יידן, וועלכע האָבן זיך צוגעזעצט אין דער אַלטער היים בין מנחה למערב ביי דעם טיש ווו מיין זיידע, אָדער אַן אַנדער זיידע, האָט געלערנט עין־יעקב, אָדער מדרש, און אָנגעוויזן זייער רבין ווו מען האָט נעכטן געענדיקט. דאָ האָט מען שטענדיק אים געטראָפן אויף יידישע לעקציעס, ווו מען האָט געקענט עפּעס לערנען; אָט די שמואל ראַדאָווס האָט מען געקענט זען אַמאָליקע יאָרן אין אונדזערע שטעט און שטעטלעך זיצנדיק שבת פאַרנאַכט בין־השמשות אין טונקעלן בית־מדרש ביים לאַנגן טיש לעבן אייוון און זאָגן פּסוקימוויז תהלים; די פּנימער זייערע האָבן געלויכטן און געריעדט אָן ווערטער. דאָס איז דאָך געווען אונדזער נחת, אונדזער פאַרגעניגן, דערפון ציען מיר דאָך אונדזער גייסטיקע יניקה, דערפון שעפּן מיר דאָך אונדזערע כוחות צו האַרעווען שווער אַ גאַנצע וואָך.

שמואל ראַדאָוו האָט זייער ליב געהאַט מוזיק: ער פלעגט באַזוכן קאָנצערטן, ער איז ממש אַוועק אין אַנדערע וועלטן ווען ער האָט געהערט גוטע שפּילערס אָדער זינגערס, און ניט אומזיסט האָט ער זיך אין די לעצטע יאָרן גענומען לערנען אַליין שפּילן אויף אַן אינסטרומענט. שמואל ראַדאָוו לאָזט איבער פאַרימותמט אַ טייערע פרוי, באַשע, וועלכע האָט געירשנט די אַלע זעל־טענע מעלות פון אונדזערע אַמאָליקע מאַמעס און באָבעס, אַ פרוי וועלכע איז געגאַנגען צוזאַמען מיט איר מאַן האַנט ביי האַנט און טריט ביי טריט אויף זייער פערציק־יאָריקן לעבנס־וועג. אַ פרוי אַן אמתע עזר — אָבער ניט כנגדו. ער לאָזט אויך איבער צוויי טייערע טעכטער, איידעמס און אייניק־לעך. איינע פון די טעכטער איז אַ יידישע לערערקע, און ווען זי וועט לערנען מיט קינדער וועגן דעם לעבן פון די האַרציקע פּשוטע יידן פון די אַמאָליקע יידישע שטעט און שטעטלעך, וועט איר שטענדיק שטיין פאַר די אויגן דער טייערע פאָלקס־מענטש — דער טאַטע אירער.

כבוד זיין אָנדענק!

# לזכרון

צום ערשטן יאָרצייט פון מלך ברזשעזשינסקי ע״ה — נאָוועמבער, 1952

**אוד מוצל מאש, דאָס זענען די ערשטע דריי ווערטער אויסגעקריצט אויף זיין מצבה, וועלכע מען האָט אויפגעדעקט היינטיקן זונטיק, אויף יידיש הייסט עס, אַ גלאָוניע (אַ האָלאָוועשקע גרעאַטעוועט פון פייער. צווישן די גרעאַטעוועטע פון חורבן, וואָס מעקסיקע האָט אויפגענומע ביי זיך אין שויס,**

האָט זיך באַזונדערס בולט אויסגעטיילט די פיגור פון מלך ברזשעזשינסקי. דוכט זיך, אַט ערשט היינט האָט איר זיך מיט אים באַקענט, און אויסגערעדט עטלעכע ווערטער, און באַלד אויף מאָרגן, ווען איר האָט אים געטראָפן אין גאַס, האָבן זיך שוין די הענט געצויגן איינע צו די אַנדערע, ווי מען וואָלט שוין געווען יאָרן באַקאַנט, ווי מען וואָלט שוין געווען אַלטע פריינט.

אויפן פּנים אַ שטענדיקער שמייכל, אויגן קלוגע, פול מיט לעבן, כאָטש ווער ווייס וואָס אינעווייניק אין האַרצן האָט זיך געטאָן. רעדט ער מיט אייך, איז באַלד דאָ אַ פּסוק, אַ משל, אַ גלייכוואָרט, און זייער ריכטיק האָט זיך אויסגעדריקט מיין פריינט און חבר ליב בראַנשטיין: „טייערע אלימלך! ווען איך האָב גערעדט מיט דיר, האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך זע מיין טאַטן, איך רעד מיט מיין פעטער אָדער מיט אַן אַנדער נאָנטן און ליבן פריינד מיינעם פון דער אַלטער היים", ווייל עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צום זאָגן, דאָס יעדער צווייטער ייד פון די אַמאָליקע שטעט און שטעטלעך פון דעם סוח־רישן מיטל־קלאַס, צו וועלכן עס האָט געהערט מלך ברזשעזשינסקי האָט אַזוי אויסגעזען און אַזוי גערעדט.

תורה און חכמה צוזאַמען, נאַציאָנאַל־יידישלעך, אָבער גלייכצייטיק וועלט־לעך, ניט פאַנאַטיש. ער איז געווען איינגעוואָרצלט ווי אַ דעמב אין זיין אַלטער היים, אַרומגערינגלט מיט פריינט און ניט נאָר יידן אַליין, נאָר אויך קריסטן האָבן אים רעספּעקטירט און ליב געהאַט; אויף אַזוי פיל, דאָס איינער אַ בעל־גוף פון אַ דאָרף לעבן זיין שטעטל קנישין, ביאַליסטאָקער קרייז, האָט איינ־שטעלנדיק זיין לעבן אים באַהאַלטן ביי זיך מיט זיינע דריי קינדער; דאָס וואָס ער האָט דורכגעלעבט אין זיין באַהעלטעניש, זעענדיק דעם טויט יעדע מינוט פאַר די אויגן, דאָס קען מען נאַטירלעך ניט דערציילן און ניט באַ־שרייבן. עס איז אויך פאַרשטענדלעך דאָס די איבערלעבונגען האָבן געלייגט אַ שטעמפּל אויף זיין געזונט און אים פאַרקירצט די יאָרן. באַלד נאָכן מבול, ווען ער איז אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט און דערזען דעם שוידערלעכן חורבן פון אַרום און אַרום, איז ער אַ צעפּייניקטער געקומען קיין מעקסיקע, און ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון איינעם וועלכער אַנטלויפט פון אַ שרפה און די קליידער ברענען אויף אים. ער האָט קיין איין מינוט נישט געקלערט וועגן זיך, נאָר גלייך גענומען קלייבן ביי באַקאַנטע און לאַנדס־לייט דאָלאַרן און אַוועקגעשיקט צו די געציילטע לעבנגעבליבענע פון זיין שטעטל; מיט אַ צעווייטאָקטע האַרץ האָט ער ניט אויפגעהערט שרייען און מאָנען ביי אונדז רעכענונג, דין־וחשבון...

וואָס האָט איר געטאָן דאַן ווען מען האָט געפירט אייערע ברידער און שוועסטער צו דער שחיטה ווו זענט איר געווען ווען מען האָט חרוב געמאַכט אייערע־אונדזערע ליבע שטעט און שטעטלעך — און כאָטש מיר האָבן געוווסט אַז מיר האָבן גאָרניט געקענט טאָן, גאָרניט געקענט העלפן, דאָך האָבן מיר געוואָלט מען זאָל אונדז זאָגן מוסר, מען זאָל אונדז שטראָפן; מיר האָבן מקבל באהבה געווען די שמיץ, ווייל מיר האָבן געוואָלט עס זאָל אונדז ווי טאָן.

— פאַרוואָס טוט איר איצט גאָרניט פאַר די ביסל לעבנגעבליבענע ביאַליסטאָקער? — האָט ער נישט אויפגעהערט צו מאָנען; איך קום דאָך איצט פון דאָרטן, איך האָב דאָך מיט מיינע אויגן געזען וואָס עס איז געוואָרן פון אייער גרויסער שיינער שטאָט.

און אַדאַנק אים עקזיסטירט דער ביאַליסטאָקער פאַרבאַנד, וועלכער האָט אָנגעצונדן אַ נר־תמיד נאָך דער עיר ואם בישראל ביאַליסטאָק מיט אַלע אַרומיקע שטעטלעך, און גלייך לעבן דעם וועלן מיר אויך אַוועקשטעלן אַ גרויסע יאָרצייט־ליכט פאַר דעם גוטן האַרציקן מענטשן, מלך ברזשעזשינסקי. כבוד זיין אָנדענק.

# אַ טרער אויפן פרישן קבר פון אַרטיסט לייב ראַבינאָוויטש — 1960

אין 1904 איז געקומען קיין ביאַליסטאָק אַ יידישע טרופּע. איך נעם זיך ניט אונטער צו זאָגן אויף זיכער, אַז דאָס איז געווען די ערשטע יידישע טרופּע אין ביאַליסטאָק, אָבער אַז פאַר מיר איז דאָס געווען דער ערשטער יידישער טעאַטער וואָס איך בין געגאַנגען זען — וועגן דעם קען קיין ספק ניט זיין. איך זאָג געגאַנגען זען — עס רעדט זיך אַזוי — סך־הכל בין איך געווען דאָך נאָך גאָר אַ יונגער יינגל — כאָטש איך האָב שוין דאַן פאַרנומען אַ שטעלע אַלס „פריקאַזשציק" אין אַ געשעפט, ווו געצאָלט האָט מען מיר כמעט ווי גאָרניט — ווייל „ביי אונדז וועסטו ווערן אַ פאָלנער מענטש", האָט מיר געטרייסט דאַן די באַלעבאָסטע —זי שטייט מיר אַזוי ווי איצט פאַר די אויגן, אַ דיקע יידענע מיט אַ פלאַטשיקן נאָז. (דער מאַן איז געווען אַ לערער און זי האָט געפירט דעם געשעפט).

אָבער דאָס איז שוין אַ טעמע פאַר זיך; לאָמיר זיך אומקערן צום טעאַטער. איך האָב זיך געדרייט אויף מיין געלעגער און ניט געשלאָפן די נעכט און באַשלאָסן, אַז איך מוז גיין אין טעאַטער; איך האָב גענומען קלייבן אַ

קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע אויף אַ בילעט; און אַט שטיי איך שוין אויף דער גאַליאָרקע פון דעם ביאַליסטאָקער טעאַטער „האַרמאָניע״.

אַזוי ווי עס איז געווען ביי מיר דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב באַזוכט בכלל אַ טעאַטער, האָב איך באַטראַכט מיט נייגעריקייט יעדער קלייניקייט. אַט זע איך ווי אַן אויסגעפּוצטער עולם הויבט אָן אָנפילן אונטן דעם זאַל; אַט זע איך ווי די קלעזמאָרים סטראָיען אָן זייערע אינסטרומענטן. אַט פּיל איך ווי דאָס האַרץ הויבט אָן צו קלאַפּן שטאַרקער ווען מען ציט אַרויף דעם פאָרהאַנג און די פאָרשטעלונג הויבט זיך אָן...

געשפּילט האָט מען גאָלדפאַדענס „שולמית״. די טיטול־ראָל האָט געשפּילט און געזונגען אַ ביאַליסטאָקער מיידל, וועלכע האָט געהאַט אַ שיינע שטימע, און איז געווען, זאָל זי מיר מוחל זיין, אַ גרויסע מיאוסקייט... דער טאַטע אירער איז געווען אַ דרוקער מיטן נאָמען כאַראַש ביי וועמען מען פלעגט דרוקן די טעאַטער־אַפישן. מעגלעך, אַז דאָס טאָקע האָט איר געבראַכט צום יידישן טעאַטער, אָבער ווי פּאַסט עס אַז מען זאָל איר רופן כאַראַש? האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן כאַראַסלאַווסקאַיאַ — אוודאי קלינגט עס שענער...

אויף דער בינע בעוויזט זיך „אַבשלום״, אָנגעטאָן אין בגדי מלכות, באַפּוצט מיט „גאָלד״ און מיט „זילבער״. איך פרעג ביי זייטיקע ווער איז דער — ענטפערט מען מיר, אַז דאָס איז אַ יונגער אַרטיסט פון לאָדזש, לייב ראַבינאָוויטש.

אַז ער איז געווען יונג און שיין, דאָס האָט מען אַליין געזען. זיין געטאָקטער פּנימל איז געווען נאַטירלעך, ניט געפאַרבט און ניט גרימירט, און ווען ער האָט געעפנט דאָס מויל און גענומען זינגען, איז דאָס צעגאַנגען אין אַלע גלידער. באַלד ווי איך האָב אים דערזען בין איך געוואָרן פאַרכישופט, און עס איז אַ חרפּה צו זאָגן — איך בין פּשוט געוואָרן פאַרליבט אין אים. אין די דראַמאַטישע מאָמענטן האָב איך אים אַזוי מיטגעפילט, אַז עס האָט זיך מיר געגלוסט וויינען. איך האָב שוין נאָכדעם געזען הונדערטער טעאַטער־פאָרשטעלונגען — אָבער דער גוואַלדיקער רושם וואָס עס האָט געמאַכט אויף מיר יענע ערשטע יידישע פאָרשטעלונג, איז קיינמאָל ניט פאַרטושט געוואָרן. איך האָב שטענדיק געזען פאַר מיינע אויגן דעם שיינעם האַרציקן בחורל לייב ראַבינאָוויטש, ווי ער שפּילט און זינגט „אבשלום״.

איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקענט פאָרשטעלן אַז איך וועל אים ערגעץ טרעפן. אָבער פּלוצלונג דערזע איך דאָ אין אַן עפנטלעכן פּלאַץ מיט אַן ערך 25 יאָר צוריק, מיין באַליבטן אַרטיסט לייב ראַבינאָוויטש, וועלכער איז

באַרוואָס געקומען פון פּאַריז. איך האָב אים די מינוט דערקענט, ווייל ער האָט זיך נישט קיין סך געביטן. איך לויף צו, גיב אים מיינעביידע הענט און זאָג צו אים, אַז ער האָט מיר געוויס ניט געזען ווען איך בין געשטאַנען אויף דער ביאַליסטאָקער גאַליאָרקע און זיך צוגעקוקט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם ווי ער האָט געשפּילט „אבשלום". איך אָבער, האָט אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן, און ער שטייט מיר פאַר די אויגן — אַזוי ווי איצט וואָלט עס געוועזן.

— אוודאי, — זאָגט ער מיר, געדענק איך גוט ווען איך האָב געשפּילט אין ביאַליסטאָק, אַזוי ווי איך געדענק אַלע איבעריקע שטעט און שטעטלעך וווּ איך האָב געשפּילט טעאַטער.

פון דאַן אָן, ווען מיר פלעגן זיך טרעפן, פלעגן מיר זיך דורכוואַרפן מיט עטלעכע ווערטער.



מיט מאָנאַטן צוריק טרעפן מיר זיך אויף אַ קאַמיאָן (אויטאָבוס). ער שטרעקט מיר אויס אַ ציטעריקע האַנט, דער פּנים זיינער איינגעצויגן אַ פאַר־ביטענער, און אַזוי ווי די האַרץ וואָלט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר זעען זיך. רוף איך זיך אָן צו אים:

— איר ווייסט, ראַבינאָוויטש, מיר דוכט זיך אַז איך בין אפשר דער איינציקער אויף דער וועלט וועלכער געדענקט אייך מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק, ווען איר האָט געשטעלט אייערע ערשטע טריט אויף דער יידישער טעאַטער־בינע.



און אָט לייען איך די טרויעריקע ידיעה — די האַרץ ווערט צונויפגע־קאָרטשעט און עס איז ווידער אַרויפגעשווומען זכרונות וועגן דעם גרויסן גייסטיקן פאַרגעניגן, וואָס ער האָט מיר פאַרשאַפט מיט אַן ערך 55 יאָר צוריק; ווי אַזוי איך האָב נישט געוואָלט דאַן פאַרלאָזן דעם טעאַטער און געזעגנט זיך ווי דער פּאָרשטעלונג האָט זיך אַזוי גיך געענדיקט.

יאָ, געענדיקט די שפּיל, אַראָפּגעלאָזן זיך דער פאָרהאַנג אויף אייביק. ניטאָ שוין דער זיסער „אבשלום", ניטאָ שוין לייב ראַבינאָוויטש.

זאָלן מיינע שורות דינען אַלס טרייסט דער פאַריתומטער משפּחה.

# פון אַלע מינים...

## זכרונות און פאַרצייכענונגען

וועגן הערש ראַסיינער און וועגן די נאָוואָראַדאָקער מוסרניקעס אין ביאַליסטאָק. — געדרוקט אין „די שטימע" — 1960.

ראשית כל אַ גרויסן יישר־כוח איך רעדאַקטאָר רובינשטיין פאַר אָפּדרוקן די אויסגעצייכנטע דערציילונג פון חיים גראַדע „מיין קריג מיט הערש ראַסיינער". כאָטש איך האָב עס שוין מיט אַ צייט צוריק געלייענט, אָבער מען פאַרגעסט. און ווען מען לייענט אַ זאַך צום צווייטן מאָל, פילט מען ערשט דעם אמתן טעם. מען מוז עס לייענען מיט אינגאַנצן אַ רואיקן געמיט, און די שורות וואָס זענען שווער צום צעקייען, דאַרף מען לייענען פּאַמעלעך, וואָרט ביי וואָרט.

עס איז באמת צום באַוווּנדערן מיט וואָס פאַראַ קינסטלערישן טאַלאַנט חיים גראַדע מאָלט פאַר אונדז דעם פּאָרטרעט פון הערש ראַסיינער. מיר דערזעען אים פאַר אונדזערע אויגן אַ לעבעדיקן, אַ רירעוודיקן, מיר באַמערקן יעדע תנועה, יעדע באַוועגונג זיינע. מיר הערן פון זיין מויל די שאַרפע, שניידיקע ווערטער מיט די חריפותדיקע געדאַנקען, וועלכע קענען אויפרייסן בערג. מיר פילן אַז עס רעדט איינער וואָס פאַרמאָגט אַ פעלדזן־פעסטן גלויבן, מיט אַן אייזערנעם ווילן; איר וועט אים ניט אָפּרוקן אויף קיין איין סענטימעטער פון זיין אָרט. שטאַרק חנעוודיק איז זיין אויסדרוק: „איר, די וועלטישע".

מיט אַ סך צענדליקער יאָרן צוריק האָט יעקב פּאַט אָנגעשריבן אַ דערציילונג מיטן נאָמען „דער סטריקאָוער רבי מיט זיין שטאָלענעם עקבויער". יאָ! הערש ראַסיינער האָלט אויך אין האַנט אַ שטאָלענעם עקבויער; ער וויל צעברעקלען, צופּיצלען, ער עגבערט, ער בויערט, ער רייסט שטיקער. מיר הערן דאָס גרילצן פון דער מאַשינקע וואָס זענען ווייט ניט ענלעך צו טענער פון אַ סימפאָניע. און דאָך, מיר ווערן ניט מיטגעריסן. עס רירט אונדז ניט.

מיר באַוווּנדערן דעם כח הדבור, די טיפע געדאַנקען, אָבער מיר בלייבן קאַלט, ווייל פאַר אונדז שטייט אַ טרוקענער האַרטער עקשן, וועלכער פאַרמאָגט, אמת, אַ גאונישע קאָפּ מיט אַ געשליפענעם צונג, — עס פעלט אים אָבער האַרציקקייט, נשמה, עס פעלט אים די פאָלקסטימלעכע זאַפט וועלכע קען זיס מאַכן דעם ביטערסטן פּיל. עס דערוואַרעמט אונדז אויך ניט ווען

ער גיט אַ זאָג: אַט אַזוי האָט אונדז געלערנט אונדזער רבי ר׳ יוספ׳ל „זכותו יגין עלינו״.

עס איז ניט מיין ציל, און איך בין ניט אומשטאַנד צו געבן אַן אַלזייטיקע אָפּשאַצונג פון דער באמת פּרעכטיקער דערציילונג. איך האָב נאָר געוואָלט אויסגיסן מיינע געדאַנקען — אַזוי ווי אָבער עס ווערט דאָרטן עטלעכע מאָל דערמאָנט ביאַליסטאָק, פאַרשטייט איר דאָך שוין גאַנץ גוט דאָס איך האָב וועגן דעם עפּעס וואָס צו זאָגן.

אין יאָר 1920, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך אַראָפּ־געלאָזן צו אונדז אין ביאַליסטאָק פון דער באָלשעוויסטישער רוסלאַנד הונ־דערטער ישיבה־בחורים. וועלכע מען האָט גערופן די נאָוואַראַדאָקער מוסר־ניקעס. מען האָט זיי איינגעקוואַרטירט אין פּריוואַטע הייזער און אין בתי־מדרשים. מען האָט זיי געטראָפן אין אַלע גאַסן פון צענטער־שטאָט, און זיי האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן סיי מיט זייערע מלבושים, ניט לויט זייער מאָס, און דער עיקר, וואָס די לאַנגע ציצית פון זייערע אַרבע כנפותן און טלית קטנס זענען אַרויסגעהאַנגען פון דרויסן. ניט איין פּרנס פון דער קהלה, און דווקא פון דער אָרטאָדאָקסישער פראַקציע, האָט געמורמלט און געטאַדלט אויפן שאַרפסטן אופן אַזאַ מין סאָרט הלוך. זיי אָבער, די מוסר־ניקעס, זענען נישט געוואָרן איבערראַשט, און געטאָן זייערס. פאַררופנדיק זיך אויף אַ פּסוק האָבן זיי געטענהט: — מיר דאַרפן ניט באַהאַלטן אונדזער יידישקייט, און מיר האָבן ניט פאַר וועמען זיך צו שעמען. ביאַליסטאָקער לצים און ווילדע יונגען, האָב געהאַט וואָס צוצוגעבן דערצו — אָבער דאָס איז שוין ניט צום דרוקן — עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, דאָס צווישן אָט יענע בחורימלעך איז אויך געווען חיים גראַדע און זיין איצטיקער קעגנער הערש ראַסיינער. איך האָב זיי אָבער דאַן ביידן ניט געקענט.

דער פּראָבלעם פון אויסהאַלטן אַזאַ מחנה איז דאַן געווען זייער אַ שווע־רער. און פון וואַנען האָבן זיי טאָקע געלעבט? זאָרגט זיך ניט. יידן זענען רחמנים בני רחמנים, מען פאַרלאָזט קיינעם ניט. עס האָבן זיך אָפּגערופן פּרייוויל;יק יידן וועלכע זענען געוואָרן קלייבערס, זאַמלערס. ניט אַזוי פון מזומן געלט, נאָר פון אַלערליי עסנוואַרג און שפּייז־אַרטיקלען. איינער אַזאַ ייד האָט געוווינט מיט מיר אין שכנות — ער האָט געהאַנדלט מיט אַלטוואַרג און פאַרדינגט וואַסער אויף קאַשע. יעדן דאָנערשטיק אינדערפרי, איז ער אָבער געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש — מיט צוויי גרויסע געפלאָכטענע קוישן אין די הענט, פלעגט ער אַרויסגיין זאַמלען, קלייבן, און פאַרנאַכט פלעגט ער קומען מיט קוישן אָנגעפּאַקטע מיט כל טוב. אַלערליי פליישן, פיש, גרינסן, פּרוכטן, און אַלע אַנדערע סאָרטן שפּייזן. אויף מאָרגן, פרייטיק, פלעגט ער ווידער טאָן דאָס זעלבע, און ברענגען פרישע ברויט און חלה. דאָס אַלץ איז

איבערגעגעבן געוואָרן אין די קיכן וווּ מען האָט געקאָכט און צוגעגרייט עסן אויף שבת פאַר די מוסרניקעס. איך וויל זיך נישט שווערן אויב דער ייִד האָט נישט איבערגעלאָזן עפּעס פון די קוישן ביי זיך אין שטוב; נו, מילא, ער איז טאַקע ניט קיין ישיבה־בחור, און קיין מוסרניק געוויס ניט, אָבער ער האָט דאָך אַ ווייב מיט קינדער וועלכע דאַרפן עסן.

וואָס ווייטער איז אָבער די לאַסט פון אויסהאַלטן זיי געוואָרן אַלץ שווע־רער. דער דזשאָינט האָט נישט געוואָלט העלפן, פאַרענטפערנדיק זיך דאָס זיי האָבן ניט קיין פאָנדן אויף אַזעלכע צוועקן. האָט דער קאָמיטעט אַוועק־געשריבן אַ בריוו צום „אַליאַנץ איזראַעליט" אין פראַנקרייך, זיי זאָלן באַ־הילפיק זיין. די פראַנצויזישע ייִדן האָבן דאַן גאָרניט געוווּסט וועגן נאָוואַ־ראַדאָקער מוסרניקעס (היינט ווייסן זיי שוין געוויס), האָבן זיי אַרויסגעשיקט אַ מאַן ער זאָל פאָרן קיין ביאַליסטאָק און זען וואָס דאָס איז אַזוינס.

געוווינט האָב איך אין ביאַליסטאָק נעבן דעם שוסטערשן בית־מדרש, וווּ עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַ צענדליק מוסרניקעס. אין איינעם אַ זומער־דיקן פאַרנאַכט, ווען איך בין אַרויס פון שטוב, קומט מיר אַנטקעגן פּסח קאַפּלאַן, דער רעדאַקטאָר פון דער ביאַליסטאָקער צייטונג; נעבן אים אַ מיטליאָריקער מאַן, עלעגאַנט געקליידעט, מיט אַ סימן פון אַ בערדל; פּסח קאַפּלאַן שטעלט מיר פאָר, דאָס איז ראַבינער לעווי פון פּאַריז. מיר גייען דאָ זען די מוסרניקעס אין שוסטערשן בית־מדרש, איר ווילט מיטגיין? — פאַרוואָס ניט?

אין בית־מדרש איז שוין געווען שטאַרק טונקל׳ עס האָט געברענט אין חלבנע ליכטל. מיר האָבן געזען ווי עטלעכע בחורים שטייען נעבן סטענדערס די קעפּ אונטערגעשפּאַרט מיטביידע הענט, און לערנען אויסנווייניק׳ אַנדערע זענען אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבערן בית־מדרש, געזאָגט מיט אַ ווייַנענדיקן ניגון פּסוקים פון תהלים און פון תפילות. פון ערגעץ האָט זיך דער הערט אַ פאַרדבקהטער קול: מה אנו מה חיינו . . .

די בחורים האָבן זיך ניט אומגעקוקט אויף אונדז און האָבן אונדז ניט באַמערקט און ניט געזען. שטייענדיק אַזוי אַ ווײַלע, גייט דער ראַבינער צו צו איינעם פון זיי און זאָגט: ראשית כל נאַט איך שלום עליכם. צי קען איך איך עפּעס פרעגן. יאָ, — ענטפערט דער בחור — פאַרוואָס ניט. ער הויבט אָבער ניט אויף דעם קאָפּ און קוקט ניט דעם גאַסט אין די אויגן. זאָגט מיר ווי אַלט זענט איר ? — 20 יאָר — קומט אַן ענטפער׳ — ווי לאַנג לערנט איר שוין מוסר ? — 4 יאָר — איז געקומען ווידער אַ קנאַפּער פרייַנטלעכער ענטפער. דאָ איז שוין דער ראַבינער אַריבער אויף דו:

— זאָג מיר בחורל, וואָס קלערסטו עפּעס וועגן דיין עתיד, איך מיין יעדער מענטש דאַרף דאָך עפּעס טראַכטן וועגן זיין צוקונפט.

אויף דעם איז געקומען אַן ענטפער, וועלכער האָט אונדז געטראָפן אַזוי ווי אַ באָמבע. — איר ווייסט ניט געוויס דאָס מיר זענען דער בחיר פון דער מענטשהייט — זאָגט דער בחורל געלאַסן און זיכער. — מיר האָבן גאָרניט וואָס צו קלערן און זאָרגן וועגן אונדזער צוקונפט; מיר דאַרפן האָבן נאָר בטחון, און מיר האָבן עס. מיר דאַרפן דינען דעם רבש״ע בלב ונפש ביום ובלילה, און מיר האָפן דאָס ער וועט אונדז שוין מפרנס זיין.

דערהערט אַזעלכע דבורים, זאָגט צו אונדז דער ראַבינער: מיר קענען שוין גיין און אויפן גאַס גיט ער צו: איך האָב זיך ניט פאָרגעשטעלט אַזעלכעס צו הערן. אַ יונגערמאַן זאָל אַרויסזאָגן אַזעלכע געדאַנקען; אַ יונגער מענטש זאָל נישט וועלן טראָגן קיין שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ניט האָבן קיין שום פליכט צו זיך, צו דער וועלט, צו אַלע מיטמענטשן, נאָר אַלץ וועט אים אַראָפּ־פאַלן פון הימל... איך צווייפל שטאַרק אויב מיר וועלן שטיצן אַזעלכע סאָרט לערנערס.

דער ראַבינער לעווי האָט געקוקט אויף אונדז. מיר האָבן אָבער גאָרניט געהאַט וואָס צום ענטפערן.

עס איז גאַנץ מעגלעך דאָס דער בחורל, וועלכער האָט אַזוי חוצפּהדיק גערעדט אויף דעם פּאַריזער בולוואַר צו דעם גלות חיים גראַדע ווי עס איז באַשריבן אין דער דערציילונג איז געווען אַ גלגול פון יענעם ווילדן בחור, וואָס מיר האָבן געטראָפן מיט אַ סך יאָרן צוריק אין דעם ביאַליסטאָקער שוסטערשן בית־מדרש. און ווער ווייס — אפשר ווען דער פּאַריזער ראַבי־נער וואָלט דאַן זיך געטראָפן מיט הערש ראַסיינער, וואָלט ער — קען זיין — געהאַט גאָר אַן אַנדער מיינונג וועגן די נאָוואַראָדאָקער מוסרניקעס.

צום סוף וועל איך זאָגן און רעקאָמענדירן יעדן איינעם: קריגט חיים גראַדעס בוך און לייענט איבער פון אָנהייב ביזן סוף זיין דערציילונג „הערש ראַסיינער״. איר וועט האָבן הנאה, און עס וועט זיך אייך וועלן לייענען אַלץ, וואָס חיים גראַדע האָט געשריבן. ווייל דאָס רופט מען, ריינע געלייטערטע קונסט.

## ווי אַזוי מיר האָבן געבראַכט „שלום עליכמען״ קיין ביאַליסטאָק...

(צום 50טן יאָרצייט פון גרעסטן יידישן הומאָריסט)

1 9 6 6

דאָס „קעפּל״ האָב איך גענומען ביי מיינעם אַ בן־עיר מיטן נאָמען אַברהם זבאר, וועלכער האָט מיט אַ צייט צוריק אָפּגעדרוקט אין „פאָרווערטס״ אַ זעלטן שיינעם קאַפּיטל זכרונות מיט דעם אויבנדערמאָנטן נאָמען.

צו דער געשיכטע אַליין קען איך גאָרניט צוגעבן — כאָטש איך האָב געוווסט דערפון — ווייל יענעם יאָר בין איך ניט געווען אין דער היים, אָבער דעם העלד פון דער געשיכטע האָב איך פּערזענלעך גוט געקענט און מיר זיינען געווען באַפריינדעט צענדליקער יאָרן.

פּאַסירט האָט עס פּאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה — אין 1913 — אין דער שטאָט ביאַליסטאָק, אין יענעם יאָר האָט אונדזער געזעלשאַפט „יידישע קונסט" באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ שלום עליכם אָוונט, און צו דעם צוועק איינצולאַדן אַ געוויסן יונגנמאַן יוסף זאַבלודאָווסקי, וועלכער האָט געלעבט אין שכנותדיקן שטעטל זאַבלודאָווע און וועלכער האָט געהאַט צוויי פּרנסות: ער האָט צוגעהאָלפן אין דעם טאַטנס בעקעריי און אויך געווען אַ יידישער לערער. אַחוץ דעם האָט ער זיך שוין דאַן באַרימט געמאַכט מיט זיין געלונגענעם רעציטירן שלום עליכמען.

מען האָט באַלד אויסגעשריבן פון זאַבלודאָווע אָט דעם יוסף זאַבלודאָווסקי און באַשלאָסן אים אויפצונעמען אויף אַ קאָמיטעט זיצונג, „עקזאַמינירן" אים, און אויב ער וועט אויסנעמען ביי די קאָמיטעט מיטגלידער (אגב, האָט דער שרייבער פון די שורות אויך געהערט צום קאָמיטעט), וועט מען צוגרייטן דעם אָוונט.

און אָט דערשיינט דער שעמעוודיקער פּראָווינציעלער יונגערמאַן מיט אַ קליין וואַליזקעלע אין האַנט פּאַר דער „זשורי", רעציטירט אויף אויסנווייניק עטלעכע דערציילונגען פון שלום עליכם, און עס איז מער פּאַר קיינעם פון אונדז קיין ספק ניט, אַז ער איז דער פּאַסיקער מענטש.

זיין וווּנדערבאַרע דיקציע, זיין אויסגעצייכנטע מימיק האָבן ממש פאַר־כישופט די צוהערער.

איידער מיר האָבן באַוויזן מיט אים צום ריידן וועגן דער פּראָגראַם פון אָוונט, האָט ער זיך אַנטשולדיקט פאַרן קאָמיטעט, בעטנדיק אַ דערלויבעניש אַריינצוגיין אויף עטלעכע מינוטן אין אַ זייטיק צימער מיט זיין טשעמאָדאַנ־טשיקל.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און פון צימער ווו ער איז אַריין איז פּאַר אונדז דערשינען אַ לעבעדיקער „שלום עליכם"!

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער זאַבלודאָווסקי איז ניט נאָר געווען אַ גוטער רעציטאַטאָר, נאָר אויך אַ גרויסער בריה אויפן געביט פון גרים.

אין זיין טשעמאָדאַנטשיק האָבן זיך געפינען די נייטיקע מכשירים צו פאַרגרימירן זיך, און דער גרים האָט זיך אים אַזוי גוט איינגעגעבן, אַז קיין איינציקן מענטש וואָלט ניט איינגעפאַלן צום זאָגן אַז דאָס איז ניט דער אמתער שלום עליכם...

זעענדיק אַז מיר האָבן פאַר זיך אַזאַ מין באַגאַבטן אַרטיסט, איז ביי דעם פאָרזיצער און רעדאַקטאָר פסח קאַפּלאַן דורכגעלאָפן געדאַנק איינצואָרדענען טאַקע אַן אמתן שלום עליכם אָוונט און מעלדן אַז שלום עליכם אַליין קומט קיין ביאַליסטאָק און די געזעלשאַפט, „יידישע קונסט" אָרדנט איין אַן אָוונט לכבוד אים, ווו ער אַליין וועט לייענען זיינע ווערק.

אָבער פאַר אַזאַ אָוונט דאַרף מען שוין נעמען דעם גרעסטן טעאַטער וואָס געפינט זיך נאָר אין שטאָט, ווייל וועלכער ייד וועט ניט וועלן גיין זען און הערן שלום עליכמען?

האָט מען טאַקע געדונגען דעם טעטער „ראָסקאָש" וועלכער האָט געהאַט 2500 זיץ פּלעצער און האָט זיך געפונען אין אַ וואָלד הינטערן שטאָט.

נו, מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין שטאָט ביים פאַרקויפן בילעטן. יידן זיינען ממש געשטאַנען אויף די קעפּ, כאָטש די בילעטן זיינען געווען ווייט ניט קיין ביליקע. אַ סך אָרעמע יידן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דאָס סאַמע נייטיקסטע, כדי צוקויפן אַ בילעט אויפן שלום עליכם אָוונט. און אָט איז ענדלעך געקומען דער אַזוי באַגערטער אָוונט. דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף און „שלום עליכם" באַווייזט זיך אויף דער סצענע. דער עולם שטורעמט דעם טעאַטער, עס גיסן זיך צונויף הילכיקע אַפּלאָ־דיסמענטן מיט ווילדע שטורמישע פוס־טופּעריי.

יוסף זאַבלודאָווסקי לייענט פאַר עטלעכע קאַפּיטלעך פון ש"ע ווערק און ווידער קומען לאַנג דויערנדע אַפּלאָדיסמענטן מיט ענטוזיאַסטישע אויס־געשרייען: „בראַוואָ, שלום עליכם! בראַוואָ"!

אָבער פּלוצלונג — אַ קאַטאַסטראָפע! יוסף זאַבלודאָווסקי נעמט אַראָפּ זיין בערדל, טוט אויס די ברילן און מעלדעט:

— „איך בין ניט שלום עליכם, איך בין אייער באַקאַנטער פאָרלעזער יוסף זאַבלודאָווסקי".

וואָס נאָך דעם איז פאָרגעקומען איז שווער צום באַשרייבן. דער עולם איז געוואָרן ווילד, פון אַלע זייטן האָט גענומען דונערן און פון דער גאַליאָרקע האָבן זיך דערהערט קולות:

זשוליקעס! אָפּנאַרערס! מיר האָבן ניט געגעסן און ניט געטרונקען אבי איינשאַפן זיך אַ בילעט און דאָ אַזאַ מיני קונץ... פשוט באַגנבענען דעם עולם גולם... עס וועט זיך אייך אָבער ניט איינגעבן! שוין זאָלט איר אַלעמען צוריקגעבן דאָס געלט, שווינדלערס וואָס איר זענט!...

„אַראָפּ פון סצענע, דו אָפּעריסט איינער" האָט מען געשריען פון אַלע זייטן צו זאַבלודאָווסקין.

און ער יוסף זאַבלודווסקי איז געבליבן שטיין אַ בלאַסער, אַ פאַרגליווער־טער און זיך ניט גערירט פון אָרט.

פּלוצלונג אָבער, האָט ער אויפגעהויבן בײדע הענט געצויגן זיך צום עולם און געבעטן אַ מינוט שטיל זײן, ער וויל אָפּגעבן אַ זייער אַ וויכטיקע דערקלערונג.

עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. די קולות, די געוואַלדן און די זידלערייען האָבן זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט.

ענדלעך — אָבער — האָט ער זיך דערשלאָגן צום וואָרט און מיט אַ ציטערדיקער שטימע האָט ער געזאָגט:

האַרציקע ברידער און שוועסטער! שלום עליכם, אײַערער, אונדזערער ליבער שלום עליכם, ווען עס איז געלונגען צו פאַראייביקן אין דער ליטעראַטור דער גאַנצן יידישן לעבנס־שטייגער אין אַלע זײַנע פאָרמען, געפינט זיך איצט אין איטאַליע אין אַ סאַנאַטאָריע. ער איז געפערלעך קראַנק. ער שפּייט מיט בלוט, עס פאָדערט זיך אַ סך געלט צום קורירן אים — פון היינטיקן אָוונט געפינט זיך אין קאַסע איבער 2 טויזנט רובל. דאָס געלט קען מען מאָרגן טעלעגראַפיש איבערשיקן קיין איטאַליע און מיר האָפן דערמיט צו ראַטעווען אונדזער גרויסן שלום עליכם.

און באַלד האָט זאַבלודאָווסקי אויסגערופן מיט אַ הויכן קול:

ווער פון אײַך וויל דאָס געלט צוריק ?

און בײַ די ווערטער האָט ער זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוויינט.

פּלוצלונג איז די שטילקייט געוואָרן איבערגעריסן און עס האָבן זיך דערהערט שווערע טריט.

דאָס האָבן עטלעכע געזונטע יונגען, עמך־מענטשן אַ לאָז געטאָן זיך פון אויבן, גיך אַרויף אויף דער סצענע און אַ נעם געטאָן אויף די הענט יוסף זאַבלודאָווסקין און מיט גרויסן פּאַראַד דורכגעטראָגן אים דורך דעם גאַנצן זאַל אונטער אַזעלכע שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן, וואָס דער גרעסטער טעאַטער אויף דער וועלט האָט עס נאָך ניט געהערט.

פון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן שטימען וועלכע האָבן געבעטן אַז יוסף זאַבלודאָווסקי זאָל ווייטער אָנגיין מיטן פּראָגראַם און פאָרזעצן רעציטירן שלום עליכמען.

און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן און דער פרייליכער אָוונט האָט זיך גע־ ענדיקט מיטן גרעסטן דערפאָלג, סײַ אין מאָראַלישן זין און סײַ אין מאַטע־ ריעלן. עס בלייבט מיר נאָר צוצוגעבן, אַז דער דאָזיקער יוסף זאַבלודאָווסקי איז געווען מײַנער, אַ פעטער, דעם טאַטנס אַ ברודער. ער האָט געהאַט אַ שם אין אונדזערע מקומות פאַר דעם בעסטן רעציטאַטאָר פון שלום עליכם. און ווען די אלמנה פון אונדזער גרויסן קלאַסיקער האָט זיך דערוווּסט וועגן אים, האָט זי אים אַרײַנגעשיקט אַ מתנה שלום עליכמס אַלע ווערק געבונדן אין אַ ספּעציעלן פּראַכט באַנד.

וווּ איז ער איצט אָט דער יוסף זאַבלודאָווסקי? ער איז אַוועק מיט די „זעקס מיליאָן"...

זיין איינציקער זון „דאָדיע" (מיר האָבן ביידע אַ נאָמען נאָכן זעלבן זיידן) האָט זיך געראַטעוועט דורך אַ נס און געפינט זיך אין אַרגענטינע.

ער איז אויך אַ באַגאַבטער אַרטיסט־רעציטאַטאָר.

מיט דריי יאָר צוריק איז ער געקומען זיך זען מיט אונדז און פאַר איין וועג האָט ער שוין געגעבן דאָ אַ וואָרט־קאָנצערט.

יוסף זאַבלודאָווסקי האָט אויך פאַרמאָגט גרויסע דיכטערישע פעאיקייטן. ביי מיר געפינען זיך אַ געוויסע צאָל פּרעכטיקע לידער זיינע.

דעם קוזינס דאָדיעס רייכן פעקל זכרונות האָב איך אַריינגענומען אין מיין בוך.

## די אָפּשטאַמונג פון „אויפן פּריפּעטשיק"

ווער האָט געשאַפן און ווען איז געשאַפן געוואָרן דער דאָזיקער פּאָפּולער־רער ליד וואָס אין גיכן וועט זיין דער זיבעציק־יאָריקער אַניווערסאַר זיינער.

1966

עס ווערן ביי אונדז געזונגען אַ סך פאָלקס־לידער וואָס דאָס פאָלק אַליין האָט זיי געשאַפן און מען ווייס ניט ווער עס האָט זיי פאַרפאַסט. „אויפן פּריפּעטשיק" אָבער איז ניט קיין געבאָרענער נאָר אַ געוואָרענער פאָלקס ליד און מען ווייס ווער עס איז געווען דער טאַטע זיינער און וועגן דעם וועל איך היינט דערציילן. דאָס וואָס איך וועל היינט דערציילן האָב איך אַרויס־גענומען פון די זכרונות פון דעם ניט לאַנג פאַרשטאָרבענעם שריפטשטעלער נחמן מייזעל.

ביי דער געלעגנהייט ווילט זיך מיר שרייבן אַ פּאָר ווערטער וועגן אים — בעסער געזאָגט איך וויל דאָ, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, אָפּשיילן די שאָלעכץ זיינע און דערזען אים אַליין, דעם קערנדיקן טאַלאַנטפולן שרייבער און ליטעראַטור קריטיקער — נחמן מייזעל, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ פענאָמענאַלן זכרון, וואָס די שפּראַך זיינע, דער יידישער לשון איז געווען זאַפטיק, פאָלקסטימלעך און ווייך ווי סאַמעט.

היינט די העברעאיזמען וואָס ער פלעגט שטאַרק נוצן זיינע געווען גע־שמאַק און פול מיט חן — מען האָט געזען, אַז דער מענטש האָט אַ סך געליינט און געלערנט.

איך האָב זיך דאָ געהאַט באַקאַנט מיט אים פּערזענלעך. איך האָב אַ טבע צו געבן שלום יעדן גאַסט וואָס קומט צו אונדז. דערהערט מיין נאָמען זאָגט

ער: אוי, איר זענט דאָך אונדזערער אַ לייענער — געוויס וועט איר ווידער אָבאָנירן אונדזער „איקוף"-זשורנאַל. ניין! ענטפער איך קאַטעגאָריש — און מען האָט געקענט באַמערקן, אַז ער נחמן מייזעל, ווייס בעסער פאַר מיר דעם „פאַרוואָס". זיין פּנים האָט עדות געזאָגט, אַז ביי אים אין קאָפּ און אין האַרצן באַמבלט זיך עפּעס און עס איז ניט אין אָרדנונג — ער האָט אפשר אויך געוואָלט אַנטלויפן ווי הונדערטער אַנדערע — ער איז אָבער — ווי עס ווייזט אויס געווען שטאַרק צוגעשמידט צו זיין פּלאַץ און עס איז שוין געווען צו שפּעט.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך שוין אויך דערמאָנען דעם צווייטן זייל פון „איקוף", זישע ווייגפער — דער צאַרטער דיכטער — וואָס די האַרץ זיינע איז צעריסן געוואָרן פון יסורים און ער איז פּריצייטיק אַוועק פון דער וועלט.

דעם לעצטן מאָל האָב איך זיך געטראָפן מיט אים אין קוואָטלאַ — דאָרט איז אויך געווען מרדכי קאַראַנאַ, — יבדל לחיים — און איך האָב זיך צוגעהערט צו אָט דעם שמועס זייערן: „אָ, קאַראַנאַ! שוין לאַנג זיך ניט געזען, זאָגט ווייגפער — איר האָט זיך דערווייטערט פון אונדזערע רייען. פאַר וואָס? איר ווייסט אַליין גאַנץ גוט פאַר וואָס ענטפערט קאַראַנאַ — אָבער אויב איר ווילט דווקא וויסן וועל איך אייך זאָגן אין קורצע ווערטער: איך האָב געקענט מיטגיין מיט סטאַלינען ווען ער האָט געהאָלפן מאַכן אַ סוף פון היטלערן „ימח שמו", אָבער איך האָב ניט געקענט מיטגיין מיט סטאַלינען דעם רוצח ווען ער האָט דערהרגעט דוד בערגעלסאָנען און צענט-ליקער אַנדערע שרייבער און קולטור טוער אונדזערע.

פאַרשטענדלעך — אַז דער שמועס איז גלייך געוואָרן איבערגעריסן.

און איצט — ווידער צו דער טעמע:

דער נאָמען פון דעם מחבר פון „אויפן פּריפּעטשיק" איז מאַרק מאַרקאָ-וויטש וואַרשאַווסקי, אַ קיעווער ייד, וועלכער איז געווען פון בארוף אַן אַדוואָ-קאַט, געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט — און ניט קיין אַנדערער נאָר שלום עליכם האָט אים אַנטדעקט צופעליק און אויף אַזאַ מין סאָרט אופן: עס איז געווען אין יאָר 1897. טרעפט שלום עליכם איין מאָל זיינעם אַ קרוב און יענער ייד דערציילט אים אַזאַ געשיכטע: ער איז געפאָרן אין באַן האָט ער דאָרט זיך געטראָפן מיט אַ האַלב אַסימילירטן יידן וועלכער האָט פּלוצלונג גענומען זינגען יידישע לידלעך וועלכע זיינען זיך פּשוט צעגאַנגען אין אַלע גלידער. ווי נאָר שלום עליכם האָט עס דערהערט האָט ער שוין ניט געקענט רוען, ער האָט דעם פריינד זיינעם ניט אָפּגעלאָזן, ער מוז אים צונויפפירן מיט אָט דעם אומ-באַקאַנטן זינג-פויגעלע ווי ער האָט אים גערופן.

מען דאַרף געדענקען, אַז דאָס איז געווען אין די יאָרן ווען די מאַסן האָבן שוין אָנגעהויבן פילן אַ באַזונדער ליבע צום יידישן פאָלקס-ליד.

און אַט זיצט שוין אַט דער וואַרשאַווסקי אַלס גאַסט ביי שלום עליכמען אין שטוב און דער גאַסטגעבער באַטראַכט אים פֿון אַלע זייטן. ער דערזעט פֿאַר זיך אַן אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג. ניט קיין מענטש פֿון פֿאָלק נאָר איינער גאָר מיט הויכע בילדונג, — וואָס זיין אומגאַנגס שפּראַך איז רוסיש — ווייט פֿון יידישן לעבן — פֿון עכטער יידישער סביבה — און פּלוצלונג — פֿאַרפֿאַסט ער און זינגט יידישע פֿאָלקס־לידער.

סיי די ווערטער, סיי די מעלאָדיעס זיינען וואַרשאַווסקיס אייגענע.

ווייטער ווערט באַשריבן דער אויסערלעכער אויסזען זיינער. אַ מענטש פֿון אַ יאָר פֿופֿציק, נידעריקער וווקס — אַביסל קורצזיכטיק, אָבער די קלוגע אויגן דריקן אויס אַ פֿריילעכן שמייכל. אָנגעטאָן ניט אַזוי עלעגאַנט — דער רעקל שטאַרק אָפּגעניצט — די עלנבויגנס אַביסל אויסגעריבן, אַן אַלט־מאָ־דישער ברייטער שניפּס אונטערן האַלדז — ער איז רירעוודיק — באַוועגט זיך שנעל — פֿאַרמאָגט אַ שיינעם אָנגענעמען קול ביים ריידן — און אַ שטאַרקן הילכיקן געלעכטער. אַט דאָס איז וואַרשאַווסקיס פּאָרטרעט — און שלום עליכם דערציילט ווייטער דורך נחמן מייזעלס מויל: דער טאַלאַנט־פֿולער ייד האָט אָנגעהויבן אַריינקומען גאָר אָפֿט צו מיר אין שטוב — זיך ניט געלאָזט בעטן — גלייך אַוועקגעזעצט זיך ביי דער פּיאַנאָ און גענומען זינגען און אַקאָמפּאַנירן זיך אַליין.

די לידער וואָס ער האָט געזונגען האָבן פֿאַרמאָגט אַזוי פֿיל יידישן חן — אַזוי פֿיל הומאָר — אַז עס האָט זיך מיר געשטעלט טרערן אין די אויגן — און איך האָב דעם פֿאַרפֿאַסער גאָר פּשוט אַרומגעכאַפּט קושן.

איינמאָל זאָג איך צו אים: דו ווייסט — וואַרשאַווסקי, — ווען איך וואָלט ניט געוווּסט אַז דאָס זיינען דיינע אייגענע לידער, וואָלט איך געמעגט שווערן אַז איך האָב עס אַמאָל געהערט דער מאַמען מיינער זינגען.

שלום עליכם האָט שוין ניט געקענט רוען. ער האָט געזוכט וועגן און מיטלען ווי אַזוי די דאָזיקע פּערלדיקע פֿאָלקס לידער זאָלן באַקאַנט ווערן דעם ברייטן יידישן עולם.

אין יענע יאָרן איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסע אויפֿלעבונג אויף דער יידישער גאַס, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן שלום עליכמס מעשות און וואַרשאַווסקיס לידער, און דער שלאַגער איז געוואָרן „אויפֿן פּריפּעטשיק ברענט אַ פֿייערל" די זאָלן זיינען געוווען געפּאַקט און עס האָבן אָנגעהויבן פֿליען באַשטעלונגען פֿון עולם — איינער שרייט „די מוזיקע אויסגעגעבן" אַ צווייטער „טייערע מאַמע געזונט זאָלסטו זיין" אָדער „די יום־טובדיקע טעג". דער עולם איז געוווען באַצויבערט און ניט אויפֿגעהערט צו פּאַטשען בראַוואָ און טרערן פֿון פֿרייד האָבן זיך באַוויזן ביי אַ סך אין די אויגן.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז וואַרשאַווסקי האָט אויך פאַרפאַסט אַ סך אומעטיקע לידער. ער קען זינגען טרויעריק — ווייל אונדזער יידיש פאָלק פרמאָגט סיי פריידן און סיי ליידן. אָט הערן מיר זעלכע שורות:

אוי! העלפט מיר קינדער אונטער — קיין כוחות איז ניטאָ
געקומען איז דער ווינטער — דער ווינטער איז שוין דאָ
אין בעט ליגט קראַנק מיין שיינדל לעבן איר דאָס קליינע קינד
ניטאָ אין שטוב קיין שפענדל — אין פענצטער בלאָזט דער ווינט.

וואַרשיוווסקי, דער פאָלקס זינגער — איז אויך זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן דער יידישער שטודירנדער יוגנט און די באַגייסטערטע סטודענטן און זייערע אויסגעפּאַסטע מונדירן מיט די גלאַנציקע קנעפּ זיינען פול געווען מיט פרייד און אויך די סטודענטקעס — די חנעוודיקע יידישע טעכטער, וועלכע זיינען מיטן גאַנצן פייער פון זייערע יונגע הערצער צוגעבונדן געווען צום יידישן פאָלק, האָבן זיך ניט געקענט אָנזעטיקן מיט וואַרשאַווסקיס לידער. אָט בעטן זיי זיך ער זאָל זינגען די „יידישע מאַרסעליעזע": אָט זיינען עטלעכע שורות:

„אַז מען צאַפּט פון מיר — דאָס בלוט אַרויס און מען מוטשעט מיר פאַמעלעך — לאָך איך זיך פון מיינע שונאים אויס — און זינג מיר גאָר אַ פריילעכס.

איך טאַנץ ווי אַ חתן מיט אַ כלה פּאַטשט און פרייט זיך אַלע

דער גרויסער אַדוואָקאַט — וואַרשאַווסקי דער פּאַרפאַסער פון „אויפן פריפּעטשיק" און אַנדערע פאָלקס־לידער — האָט פאַרמאָגט אַ ברייטע אַ וואַרעמע יידישע נשמה. ער האָט געקענט איבערגעבן דעם יידישן פריילעכן שמייכל און אויך דעם טיפן יידישן קרעכץ.

אין יענע יאָרן האָט מען אין קיעוו אַ סך לידער וואַרשאַווסקיס איבער־געאַרבעט און פאַרגעשטעלט אויף דער סצענע אין גרים און מיט צוגעפּאַסטע קאָסטיומען.

אַ באַרימטער אַרטיסט מיט אַ פּרעכטיקער טענאָר שטימע האָט געזונגען:

„אויפן פריפּעטשיק ברענט אַ פייערל און אין שטוב איז היים און דער רבי לערנט מיט קליינע קינדערלעך דעם אלף בית".

דער עולם איז ממש געשפּרונגען פון די ערטער. ער האָט געבראַכט דערצו אַ גרופּע יינגלעך, מיט זיסע שטימעלעך אָנגעטאָן ווי חדר־קינדער מיט לאַנגע קאַפּאָטקעלעך און פּאהלעך און דער דערוואַקסענער הויכער אַר־טיסט איז געווען פאַרשטעלט ווי זייער רבי — אָדער ווען ער האָט געזונגען דעם ליד „דעם מילנערס טרערן" איז אויף דער סצענע געשטאַנען אַ גרויסער ראָד פון אַ מיל און זיך טאַקע געדרייט און געדרייט אויף דער בינע און דער

אַרטיסט אַ ווייסער, אַן אָפּגעשאָטענער מיט מעל האָט געזונגען מיט האַרץ און די טענער האָבן זיך צעגאָסן איבערן פול געפּאַקטן זאַל:

„אוי! וויפל יאָרן זיינען פאַרפאַרן — זינט איך בין אַ מילנער אָט־אַ־דאָ די רעדער דרייען זיך, די יאָרן גייען זיך, איך בין שוין אַלט — און גרייז און גראָ“.

אָדער אָט גיט אַ דונער:

„שטאַרקער, שטאַרקער רייסט די סטרונעס — רייסט אויף צוויי
די מוזינקע אויסגעגעבן — די מוזינקע אויסגעגעבן“.

מיר קענען דאָ ניט אויסרעכענען אָדער איבערזינגען אַלע וואַרשאַווסקיס לידער. איין זאַך איז קלאָר. אַלץ וואָס ער האָט געשאַפן — אָט די האַרציקע מעלאָדיעס מיט די ווערטער זיינען געוואָרן איינגעבאַקן אין די הערצער פון די יידישע פאָלקס־מאַסן — און — כל זמן עס וועלן זיין יידן וואָס רעדן יידיש וועלן די לידער קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן.

.1966

# גיט זיך איין גרויסן רוק...

דעם ערשטן מאָל אין ניו־יאָרק — 1939

איך וויל זיך טיילן מיט מיינע איינדרוקן פון אַ באַזוך צום ערשטן מאָל אין אַן קאָנסערוואַטיווער שול אין ניו־יאָרק. אָבער פריער ווילט זיך מיר זאָגן, אַז איך וויל זיך נישט גריבלען, צו די וועלכע האָבן פאַרפלאַנצט די קאָנסערוואַטיווע רעליגיעזע ריכטונג אויף דער יידישער גאַס ביי אונדז אין מעקסיקע, האָבן דאָס געטאָן צוליב אַן אינערלעכן רעליגיעזן דראַנג, אָדער זיי האָבן געוואָלט נאָכטאָן די יידן פון אונדזער גרויסער, שכנותדיקער מדינה. ווי עס זאָל נישט זיין, קען עס נישט ברענגען קיין שאָדן. פאַרקערט, מען קען האָפן, דאָס ביי די וועלכע באַזוכן אָט די קאָנסערוואַטיווע שול וועט דער פּראָצענט פון געמישטע חתונות זיין אַ סך אַ קלענערער, ווי ביי די וועלכע באַזוכן ניט קיין שום מקום קדוש. פון דער צווייטער זייט, טאָר מען אָבער נישט טאַדלען די מענטשן, וועלכע טרעטן אַרויס קעגן אַזאַ מין סאָרט יידיש־קייט. מען דאַרף זיי פאַרשטיין, אַז זיי טוען עס נישט מיט קיין בייזער כוונה, נאָר אַזוי פילן זיי. עס טוט זיי וויי. זיי זענען פאַרביטערט, וויל פון זייער קינדהייט אָן האָבן זיי זיך געהאָדעוועט און זיך געוויקלט ממש אין דער אַמאָליקער, עכטער, פרומער, אָרטאָדאָקסישער יידישקייט, און יעדער אָפּנויג, יעדער אַנדערשקייט — שניידט זיי ווי אַ מעסער אין האַרצן. און מען קען פון זיי נישט פאַרלאַנגען, זיי זאָלן דעם ענין באַהאַנדלען מיט זיידענע הענט־שקעס און אויסקלייבן אַזעלכע ווערטער און אויסדרוקן, וועלכע זאָלן געפעלן

ווערן דעם צד שכנגד. אָבער, עד כאן. לאָמיר צוגיין צו דעם, וואָס איך וויל דערציילן.

מיט עטלעכע צוואַנציק יאָר צוריק, בין איך דעם ערשטן מאָל געפאָרן קיין ניו־יאָרק. איך בין אָנגעקומען מיטן אויטאָבוס 12 אַזייגער בייטאָג אויף דער פּופּציקסטער גאַס. צוליב דעם, וואָס מיינע פריינט האָבן שלעכט אויסגע־רעכנט, אין קיינער נישט געקומען מיר אַפּוואַרטן. איך קוק אין אַלע זייטן און זוך מיט די אויגן, אָבער איך זע קיינעם ניט און קיינער דערנענטערט זיך נישט צו מיר. איך האָב מורא געהאַט, אַז דער גרויסער שטראָם פון מענטשן, זאָל מיר נישט מיטשלעפּן. וואָס טוט מען? דערזע איך ווי צוויי יידן זיצן אויף אַ באַנק און רעדן מיט די הענט. דערצייל איך זיי מיין „אומגליק״. באַרואיקן זיי מיר, בעטן ביי מיר דעם אַדרעס וווהין איך דאַרף פאָרן, זיי ווייזן מיר ווו צו לאָזן דעם באַגאַזש. גייען מיט מיר אַרונטער „אונטער ד׳רערד״ און הייסן מיר פאָרן מיט דער און דער באַן, און ווען איך וועל זען דורכן פענצטער די גאַס נומער 168, דאָרט זאָל איך אַרונטערגיין און פרעגן ווי מען גייט אויף דעם אַדרעס, וואָס איך האָב פאַרצייכנט, ווו עס וווינט מיין פעטער נחמן מיט דער מומען.

איך בין געווען זייער אָנגעשטרענגט. עס האָט מיר געדרוישט אין די אויערן דאָס פאָרן דריי מעת לעת מיטן אויטאָבוס, און דאָ דער ניו־יאָרקער טומל, צום ערשטן מאָל אין אַ סאָבוויי, די רעדער קלאַפּן אין קאָפּ. אונטער דער ערד, אומעטום איז פינצטער. עס ברענען לאָמפּן. פאַרגעס איך אינגאַנצן, אַז עס איז אינמיטן טאָג און איך טראַכט אַ ביסל צושראָקן: ווי וועל איך דאָס זוכן אַן אַדרעס ביינאַכט...

און אָט קום איך אָן דאָרטן, ווו מען האָט מיר געהייסן אַראָפּגיין. איך דערזע פאַר זיך אַ ברייטן בולוואַר. מענטשן דורכגייער, זייער ווייניק. וועמען זאָל איך דאָ פרעגן? איך שטעל אָפּ איינעם, אַ צווייטן, איך וויל זיי פרעגן, אָבער זיי זאָגן מיר עפּעס אויף ענגליש און גייען זייער וועג. אָפּגייענדיק אַ פּאָר בלאָק ווייטער, דערזע איך אַ הויכע, ווייסע געביידע ענלעך צו אַ שול. איך קום צו נענטער, יע; געטראָפן. איך לייען אַ שילד: קאָנגרעגיישאָן תפארת ישראל. אָבער, עס איז איינס אַזייגער בייטאָג די שול איז געשלאָסן. פון אַ זייטיקער טיר, אָבער, רוקט זיך אַרויס אַ יידענע, איינגעוויקלט אין עטלעכע פּאַטשיילעס, כאָטש אויפן גאַס איז געווען גוט וואַרעם. איך דערפריי זיך און פרעג ביי איר: ווי גייט מען צו דער און דער גאַס? וווהין? דערהער איך אַן ענטפער. מעך פרעגסטו? איך ווייס ניט מער ווי מען גייט צו דער גראָסערי און צום בוטשער. אָבער שאַ; שאַ; דאָ אַנטקעגן איז די פּאָטשט; פּאָסט־אָפיס רופט מען עס ביי אונדז. גיי אַריין אַהינצו. דאָרטן אַרבעטן באָיעס, אונ־דזערע באָיעס, זיי רעדן יידיש. זיי וועלן דיר זאָגן.

איך האָב אַזוי געטאָן און אין פופצן מינוט אַרום שטיי איך שוין לעם מיין פּעטערס וווינונג. איך קלינג אָן און דערקען באַלד מיין מומעס שטימע, ווי זי פרעגט פאַרוווּנדערט: „דו, דאָדיע פון מעקסיקע, דו דאַרפסט דאָך קומען מאָרגן". נו, טאָ וואָס זאָל זיין טייערע מומע, דו וועסט דאָך מיר נישט לאָזן שטיין הינטערן טיר און וואַרטן ביז מאָרגן. דאָס האָט געווירקט. זי האָט מיר אַריינגעלאָזן. אַ שמחה, אַ פרייד, אַזוי פיל יאָרן זיך נישט געזען. פאַרנאַכט איז געקומען דער פעטער, מיין טאַטנס אַ ברודער, פון דער אַרבעט. ווידער דאָס זעלבע. מען שמועסט און מען גיסט אויס די הערצער איינער פאַרן אַנדערן ביז שפעט אין דער נאַכט.

אַזוי ווי איך בין אָנגעקומען ערב שבועות, פרעגט מיר אויף מאָרגן דער פעטער מיינער גאַנץ פאָרזיכטיק: צו וואָלט איך געוואָלט גיין אין אַ שול? פאַרוואָס ניט — ענטפער איך. דעם ערשטן מאָל אין ניו־יאָרק, וויל איך אַלץ זען. באַלד אָבער דערמאָנט זיך עפּעס מיין פעטער און זאָגט צו מיר מיט אַ שמייכל: דו ווערסט ניט לאַכן פון מיר — דאָדיע — איך רוף דיר אין שול אַריין, אָבער איך ווייס אַליין גיט ווו דאָ געפינט זיך אַ שול, ווייל איך ווין אין דעם געגנט ניט מער ווי זעקס וואָכן. אויב אַזוי, ענטפער איך, טאָ קום מיט מיר, נו! איך, וועלכער געפין זיך דעם ערשטן טאָג אין ניו יאָרק — גיי פאָרויס ,און מיין פעטער, שוין צענדליקער יאָרן אין אַמעריקע, גייט מיר נאָך. איך פיר אים אין שול אַריין.

אינעווייניק אין שול טרעפן מיר עטלעכע הונדערט מענער און פרויען צוזאַמען אַלע מיטליעריקע. יונגוואַרג זייער ווייניק. קיין מחיצה ניטאָ. קיין בימה ניטאָ. פאַרשטיי איך, אַז דאָס איז אַ קאָנסערוואַטיווע שול, אָדער אַ כאָר־שול, ווי מען האָט עס גערופן אין דער אַלטער היים, כאָטש דאָרטן זענען די פרויען געזעסן באַזונדער אויף אַ באַלקאָן.

דער שמש ווייזט אונדז אַ פּלאַץ און מיר זעצן זיך אויף אַ ברעג פון אַ לאַנגער באַנק, אַנטקעגן דער קליינער בימה לעם ארון קודש. עס איז געווען אַ שטיקל הפסקה פאַר הזכרת נשמות. דער ראַבאַי, שאָר איז געווען זיין נאָמען. האָט אַפּעלירט פאַר אַ געוויסן צוועק און אויפן שולחן איז געלעגן אַ באַרג מיט דאָלאַרן. מיר קוקן זיך צו, ווי פיין און איידל און ווי געשיקט דער ראַבאַי פירט זיין קליינע מלוכהלע. יעדע פרוי און יעדער מאַן, וועלכע האָבן זיך דערנענטערט צו אים, האָט ער באַגעגנט מיט אַ שמייכל און מיט אַ פריינטלעכן שלום עליכם. מיר האָבן גוט געהערט, אַז ער האָט גערעדט צו זיי יידיש. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט, וואָס מאַכט די מאַמע, וואָס מאַכט די שוויגער? וואָס מאַכט דאָס קינד, וועלכע איז געווען ניט געזונט. מיר האָבן גלייך געזען, אַז ער קען אויסגעצייכנט די מלאכה. דערווייל זענען צוגעקומען צו אונדזער באַנק נאָך מענטשן. פריער איינער. רוקן מיר זיך אָפּ אַ ביסעלע

און גיבן אים אַ פּלאַץ. באַלד קומט אַ צווייטער, אַ דריטער — טוען מיר ווידער דאָס זעלבע. דער ראַבאַי האָט עס באַמערקט. זאָגט ער צו אונדז אויפן קול „וואָס דאַרפט איר זיך רוקן ביסלעכווייז, גיט זיך איין גרויסן רוק — וועט זיין פּלאַץ פאַר אַלעמען".

מיין פעטער איז געוואָרן איבעראַשט און זאָגט צו מיר: אָט דער רב מוז שטאַמען פון אונדזער געגנט. באַלד אָבער איז געקומען אַ צווייטע, אַ גרע־סערע איבעראַשונג.

ביי דער פּוס־גאַרמאַניע, וועלכע האָט זיך געפונען איבערן אָרון קודש האָט זיך אָוועקגעזעצט אַ יונגע מיידל, אָנגעטאָן אין שוואַרצן און האָט אויס געשפּילט און אויסגעזונגען אַ טרויער ליד אויף יידיש, „ווען עס שטאַרבט אַ מאַמע". פונוואַנען דאָס ליד איז גענומען געוואָרן — ווייס איך ניט ביז היינטיקן טאָג. מעגלעך, אַז דאָס איז אַ פּראָדוקט פון יידישן טעאַטער. אָבער דאָס דאָזיקע ליד איז געווען גוט צוגעפּאַסט צו מזכיר נשמות, און דער רושם וואָס דאָס האָט געמאַכט אויף אַלעמען אין שול. איז נישט צום באַשרייבן. פרויען האָבן געווישט די אויגן. מענער האָבן געהאַלטן די קעפּ אַראָפּגעלאָזן און אין דער לופט האָט זיך געפּילט אַ הייליקער ציטער.

נאָכן דאַוונען איז מיין פעטער צוגעגאַנגען מיט מיר צום ראַבאַי, זיך באַקענט און געזאָגט צו אים בזה הלשון: הערט ראַבאַי שאָר, איך זע אין אייער יידיש, אַז איר זייט נישט קיין גאַליציאַנער און נישט קיין אונגאַרי־שער. איר מוזט שטאַמען פון אונדזערע מקומות. וועלכע זענען אייערע מקומות? קומט אַ פּראַגע, אַנשטאָט אַן ענטפער. ביאַליסטאָק. איין קלייני־קייט. איך פלעג קומען אויף אַלע שבת קיין ביאַליסטאָק, ווען איך האָב בחור־וויז געלערנט אין דער ראזשינאיער ישיבה.

אין יאָרן אַרום האָב איך געלייענט אין די צייטונגען, דאָס דער ראַבאַי שאָר האָט איינגעלאַדן דעם היסטאָריקער ד"ר שאַצקי ע"ה, ער זאָל האַלטן אַ ציקל לעקציעס אין זיין שול אויף היסטאָרישע טעמעס. (אויף יידיש, פאַרשטייט זיך).

נו, זאָגט אייך וואָס איר ווילט, אָבער איך ווינטש זיך צום זען אַ סך אַזעלכע שולן מיט אַזעלכע רבנים וועלכע פאַרבייטן נישט און וואַרפן נישט אַוועק דעם יידישן לשון.

ניין, דאָס איז נישט קאָנסערוואַטיוו. דאָס איז דורכאויס פּראָגרעסיוו און צוגעפּאַסט צום היינטיקן לעבן און צו דער היינטיקער צייט.

# שתי חידות (רעטעניש)

ארויסגענומען פון מיין טאַטנס ספר חידות ושאלות.

## חידה א. „מדוע" פאַרוואָס?

בשני דליים לשאב מים
הבארה איש הלך
אולם מים שאב אך
בדלי האחד, ובמשנהו
אך אבן שם אל קרבהו;
(לא חלילה מתוך אוולת,
רק למען השוות המשקלת).
ועתה נבון השאלה, נא פתור:
מדוע מאן גם בשני לשאב
אם בגלל חסרון המים בבאר,
או אולי בגלל היותו דלי זב?

פפתרון: דלי זב

אויף יידיש קען מען די רעטעניש איבערזעצן אַזוי:

מיט אַ קאָראָמיסלע אויף די אַקסלען און מיט צוויי עמערס ביי דער זייט איז אַ מאַן געגאַנגען צו אַ ברונעם ברענגען וואַסער. ער האָט אָבער אָנגע־שעפּט וואַסער נאָר אין איין עמער און אין דעם צווייטן האָט ער אַריינגע־לייגט אַ שטיין, נישט חלילה, ווייל ער איז געווען גלאָט אַ שוטה, נאָר כדי אויסצוגלייכן די וואָג. שטעלט זיך די פראַגע, פאַר וואָס האָט ער דאָס געטאָן? צי דער פאַר ווייל אין ברונעם איז מער ניט געווען קיין וואַסער, אָדער דערפאַר, ווייל דער עמער איז געווען אַ צעלעכערטער?

דער ענטפער איז, אַז דער מאַן האָט אַריינגעלייגט דעם שטיין דערפאַר, ווייל דער עמער איז געווען אַ צעלעכערטער. וואָלט דער עמער געווען אַ גאַנצער, און אין ברונעם וואָלט אויסגעטריקנט געוואָרן דאָס וואַסער און עס איז ניט געווען מער ווי איין עמער, האָט ער דאָך ניט געדאַרפט ניצן אַ שטיין, בכדי אויסצוגלייכן די וואָג. ער וואָלט בעסער איבערגעגאָסן דאָס וואסער פון איין עמער אין צווייטן און געטראָגן צוויי גלייכע האַלבע עמערס וואַסער.

## חידה ב.

איש אחד נגש פעם עדי
ויאמר: עשרים אצבעות לי בכל אחת מידי
חמש ועשרים בידים והרגלים
ועתה מצא חידתי ובין דבר שפתים.
אויף יידיש קען מען דאָס איבערזעצן אַזוי:
איינער אַ מאַן איז צו מיר צוגעקומען און אַזוי געזאָגט:
צוואַנציק פינגער האָב איך אין יעדער האַנט
פינף און צוואַנציק אין די הענט און אין די פיס
און איצט, אויב ביי דיר איז דער קאָפּ שאַרף —
שטעל פּונקטן ווו מען דאַרף.

יאָ, מען דאַרף שטעלן די אָפּשטעל־צייכנס, דעמאָלט וועט זיך די דאָזיקע רעטעניש לייענען אַזוי אין עברית:

עשרים אצבעות לי.
בכל אחת מידי חמש.
ועשרים בידים והרגלים.
און אויף יידיש:
צוואַנציק פינגער האָב איך,
אין יעדער האַנט פינף.
און צוואַנציק אין די הענט און אין די פיס.

## צו גאַסט אין אַרגענטינע

מיט פיר יאָר צוריק האָבן מיר געקראָגן פון בוענאָס־איירעס אַן איינלאַדונג אויף אַ חתונה צו אונדזער קוזינס אַ זון. אַזוי ווי מיין פרוי און טאָכטער זיינען מיט אַ קורצער צייט צוריק שוין געווען אין בוענאָס־איירעס, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דאָס מאָל זאָל איך אַליין פאָרן. איינגעשטאַנען בין איך ביי מיין שוואָגער און שוועגערין אין זייער באַקוועמער און זויבערער דירה, וואָס געפינט זיך אין סאַמע צענטער פון שטאָט. נאַטירלעך, אַז איך האָב זיך געטראָפן מיט אַלע מיינע פריינד און משפחה־מיטגלידער, מיט אייגן בלוט און פלייש, מיט וועמען איך האָב זיך צענדליקער יאָרן ניט געזען. איך האָב זיך אויך באַקענט מיט זייערע פרויען און קינדער. מען האָט זיך געפרייט און פאַרבראַכט צוזאַמען, קיין נעמען וועל איך ניט אָנרופן, אָבער

זייט רואיק, איך געדענק אַלעמען. די צען טעג אין בוענאָס־איירעס זיינען געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון, דער זיסער טעם ליגט מיר נאָך איצט אין מויל און עס וואָלט זיך געוואָלט זיין דאָרטן, נאָך אַ מאָל. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געהאַט אַ וואַרעמע אויפנאַמע ביי מיינע טייערע לאַנדסלייט וואָס געפינען זיך אין אַרגענטינע. גאַר אַ גרויסער צאָל פון זיי, זיינען גע־וואָרן רייכע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן אָבער זיי זיינען נאָך אַלץ פאַרבליבן האַרציקע ביאַליסטאָקער פאָלקסמענטשן.

די חתונה ביי מיין קוזינס זון איז פאָרגעקומען אין דער שיינער „פּאַסאַ־שול" און אַזוי ווי עס איז געווען אַ וואָך פאַר פסח — און נאָך פסח קומען דאָך די ספירה־טעג — זיינען יענעם זונטיק פאָרגעקומען אין דער זעלבער שול, זעקס און צוואַנציק חתונות... חתן־כלה זיינען געשטאַנען כמעט אויפן גאַס, אין אָטשערעד און געוואַרט — אַ ברירה האָבן זיי געהאַט? אינטערעסאַנט איז געווען, ווי דער שמש פון שול האָט אונטערגעאיילט און געטריבן דעם עולם, מען זאָל וואָס גיכער פריי מאַכן דעם פּלאַץ פאַר אַ ניי פּאָרל.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער קום איך אין איינעם אַן אָוונט מיט מיין שוואָגער און שוועגערין אין דעם לאָקאַל פון דעם וואַרשעווער קלוב, ווו עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קבלת־פּנים פאַר מיר און פאַר נאָך עטלעכע געסט, וואָס זיינען אין יענע טעג אָנגעקומען אין בוענאָס־איירעס. מיך האָט מען אַריינגעפירט אין ביבליאָטעק־צימער און געבעטן, אַז איך זאָל זיך ניט אַרומדרייען איבערן זאַל איידער מע וועט מיך אָפיציעל ניט פאָרשטעלן פאַרן עולם. עס האָט מיך אָבער גערופּעט מיינס. זאָג איך צו מיין שוואָגער:
— זע, מיכעלע, דאָ איז דאָך דער אמתער פּלאַץ פון די וואַרשעווער, גיי פרעג זיך נאָך ביי זיי אויף אסתר־לאהן אַ קרובה מיינע וואָס איך ווייס באַ־שטימט אַז זי געפינט זיך אין אַרגענטינע.

עס דויערט ניט קיין צען מינוט און מיין שוואָגער איז שוין דאָ צוריק לעבן מיר און זאָגט מיט אַ שמייכל: — הערסט דוד, מיר דוכט זיך, אַז איך האָב עפּעס געפּאַקט. ער פירט מיך גלייך אַריין אין אַ צימער ווו עס זיינען געזעסן נאָך גאַנץ יונגע יידן און האָבן געשפּילט דאָמינאָ. מע ווייזט מיך אָן אויף איינעם פון זיי און איך וויל מיט אים פאַרציען אַ שמועס, ער לאָזט זיך אָבער ניט. — „דרייט מיר איצט ניט קיין ספּאָדיק — ענטפערט ער מיר — איר זעט דאָך וואָס פאַר אַ „ביינער" איך האָב, אַלע זעקסן!"

— נייך, גוטער ברודער, איך וועל אייך שוין גראַדע יאָ דרייען אַ קאָפּ. איר מוזט מיר געבן אַן ענטפער אויף דעם וואָס איך וועל אייך פרעגן!

דערהערט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און ווען איך זוך האָט ער אַוועקגעלייגט די דאָמינאָ־ביינדלעך אין אַ זייט, אויסגעטאָן די ברילן זיינע און נאָכדעם, ווי ער האָט מיך גוט באַטראַכט, שטאַמלט ער אַרויס: — יאָ,

איר האָט געטראָפֿן; די פרוי מיינע, די פאָרזיצערין פון דאַמען־קאָמיטעט פון אונדזער קלוב איז אסתר־לאהשעס אַ ייִנגערע שוועסטער און אסתר־לאהשע אַליין געפֿינט זיך ביים ים אין „מאַר דעל פּלאַטאַ".

און אַזוי ווי מיר רעדן קומט אָן דאָס ווייבעלע זיינס, נעמט מיך אַרום און קאַפּט מיך קושן. „מיר האָבן געהערט — זאָגט זי — אַז מיר האָבן פריינד אין מעקסיקע, אָבער מיר האָבן ניט געוווסט ווי אַזוי זיי צו געפינען".

אַלע אין זאַל האָבן זיך צוגעקוקט פאַרוווּנדערט, ווי צוויי פריינד האָבן זיך באַגעגנט נאָך אַזוי פיל יאָרן.

אַזוי ווי עס איז געוועזן אַ טאָג פאַר פסח, זאָג איך צו מיין שוואָגער און שוועגערין, מיכעלע און רייזעלע: — אין בראַזיל וועל איך שוין ניט פאָרן. קומט מיט מיר אין „מאַר דעל פּלאַטאַ" און מיר וועלן פאַרברענגען צוזאַמען".

ווי אַזוי אסתר־לאהשי האָט מיך אויפגענומען זעקס אַ זייגער אין דער פרי, דאָס איז מיר זייער שווער צו באַשרייבן. איך בין באַלד געוואָרן אַ חבר מיט איר מאַן מאָריס וויינטרויב, אַ האַרציקער קולטורמענטש. די פיר טעג וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען זיינען גיך אַוועקגעלאָפן. מיר האָבן געהאַט טאָג און נאַכט וועגן וואָס צו רעדן.

עס זיינען אויך אָנגעקומען אסתר־לאהשיס שוועסטער מיט איר מאַן — מאַרמאָרעק אויך מיטגעבראַכט מיט זיך איז זיין פאַמיליע־נאָמען. זיי האָבן די בת־יחידה, די טאָכטער זייערע, אַ זעלטן קלוגע און לאַכעדיקע מיידל, אַכצן יאָר אַלט און דערצו נאָך — אַ בילד־שיינהייט. זי האָט מיך נאָר געבעטן, אַז איך זאָל איר דערציילן וואָס מער מעשיות און וויצן. איך האָב איר ניט געקענט אָפּזאָגן און איר געמוזט דערציילן.

צי דען וואָלט איר געוועזן אַנדערש ? — זאָגט אדרבא !

## זיי קענען אונדז נישט...

עס איז גוט באַקאַנט, אַז עס געפינען זיך אַמעריקאַנער יידן און ניט־יידן, וואָס הייבן ניט אָן צו וויסן וווּ עס געפינט זיך מעקסיקע — די נאָענטסטע שכנטע זייערע און ווי מע לעבט דאָרטן, עפּעס אַזוי ווי מיר וואָלטן געוווּן ערגעץ ווייט, ווייט, אויף יענער זייט סמבטיון. אָט וועל איך אייך ברענגען אַ פּאָר אילוסטראַציעס.

מיט אַ סך יאָרן צוריק, זייענדיק אין ניו־יאָרק, בין איך אַריין צו אַ גרויסן פאַבריקאַנט פון רעגן־מאַנטלען אויף עדיסאָן עוועניו. דער ייד האָט דער־הערט אַז איך קום פון מעקסיקע און איך רעד יידיש, איז ער געוואָרן איבער־ראַשט; ער האָט מיך שטאַרק אָנגעקוקט און געפרעגט:

— וואָס, אַ מעקסיקאַנער און רעדט „דזשואיש״? איך האָב גאָרניט געוווּסט אַזאַ מין נייעס. נו, דאָרטן זיינען פאַראַן נאָך יידן? טאָ ווי לעבט איר דאָרטן? מע זאָגט דאָך אַז די „מעקסיקאַנס״ זיינען ווילדע מענטשן. ער האָט ניט אַראָפּגענומען פון מיר זיינע אויגן און האָט, ווייזט אויס, געוואָלט זען, צי איך האָב ניט קיין הערנער. און אפשר, האָט ער מיך גאָר געוואָלט באַטאַפּן און זען צי איך בין באַוואָקסן מיט פעדערן...

און אָט בין איך אין אַ צווייטער שטאָט. אַריינגעקומען צו מיינער אַן אַכציק־יאָריקער מומען, אַן אלמנה׳ זי וווינט אַליין אין אַ זיבערער אויפ־געפּאַסטער שטוב. איך באַטראַכט דאָס מעבל און איך זאָג: „סאַראַ שיינע געטאָקטע שטולן דו האָסט, מומע! היינט, דער טיש מיט די געשניצטע פיס איז גאָר אַן אַנטיק!״.

— „ווי? האָסטו געזאָגט? — פרעגט מיין מומע פאַרוווּנדערט...

שטולן! אַ טיש! מען זאָגט טאַקע, אַז מעקסיקע איז אַ לאַנד מיט ווילדע מענטשן. פאַר וואָס זיצסטו דאָרטן, דייוו? אַ טשער, אַ טייבל, — דאַרף מען זאָגן!

עס איז מיר געווען זייער שווער צו געבן פאַרשטיין מיין מומען, אַז איך רעד יידיש — די שפּראַך וואָס מען האָט גערעדט אין איר געבורטשטאָט גראָדנע פון וואַנען זי איז אַוועק מיט העכער פופציק יאָר צוריק, דאָרט ווו זי האָט מיידלוויז געאַרבעט ביי שערעשעווסקין אין דער באַרימטער פּאַפּ־פּיראָסן־פאַבריק.

## אַן אינטערעסאַנטע רייזע

לאָמיר אייך איצט דערציילן אַז פאַר אַ יאָרן, אין חודש סעפּטעמבער האָב איך מיט מיין פרוי גענומען וואַקאַציעס און מיר זיינען אָפּגעפאָרן אויף אַ חודש צייט טאַקע אין דעם לאַנד פון אונדזער רייכן שכן. אין דער אמתן זיינען מיר געווען אין דער וועגנס נישט מער ווי זעכצן טעג, נאָך דעם האָבן מיר צוויי וואָכן געדאַרפט רוען, אָבער עס האָט געלוינט און איך ווינטש אַלעמען צו מאַכן אַזעלכע רייזעס. די ערשטע סטאַנציע אונדזערע איז געווען לאָס אַנדזשעלעס; דאָס איז אַ שטאָט וואָס וואַקסט איבער נאַכט — עס קומען צו נייע געגנטן מיט פּרעכטיקע געביידעס און מיט ברייטע שיינע בולוואַרן. די נייע יידישע געגנט רופט זיך „פערפעקס״, ווו עס געפינט זיך קאַנטאָרס באַרימטער רעסטאָראַן, וואָס איז אָפן אַ גאַנצע נאַכט און ווו מען קריגט צו עסן פון אַלץ אין דער וועלט. אַרום דעם רעסטאָראַן זעט מען יידישע „היפּיס״ און „היפּיכעס״. אָט שטייט אַן אויסגעדאַרטע מיידל לעבן אַ באַוואָקסענעם געלן בחור. זי טראָגט אַ צעלעכערטן סוועטער מיט גרינע שרייקע זאָקן אויף די לאַנגע פיס אירע. די זאָקן אָבער זיינען צעריסענע

אוע עס הענגען פון זיי אַראָפּ שטיקער. ווייזט אויס, אַז אַזוי איז די היפּישע מאָדע... באַלד קומען צו צו זיי נאָך אַ פּאָר היפּיס מיט אַ פּאַפּירענער טאָרבע עסנוואַרג. אַלע שטעקן אַריין די הענט און מען עסט צוזאַמען טרו־קענע שטיקלעך זיסע געבעקס.

לעבן לאָס אַנדזשעלעס געפינט זיך „דיסנעלאַנד". דאָס איז אַ פאַנטאַס־טיש פאַרכישופטער ווינקל, וואָס ניט נאָר קינדער, נאָר אויך דערוואַקסענע דאַרפן דאָס זען; מע ווערט פאַרוווּנדערט און מע קען ניט פאַרגעסן, ווי מען פירט אייך אַריין אין אַ גרויסן קעלער, וואָס איז פול מיט עקזאָטישע בלומען פון אַלע קאָלירן און צווישן די בלומען — קליינע מענטשעלעך, און אַרום די מענטשעלעך — פויגלען און חיהלעך פון אַלע מינים... פּלוצלונג ווערט דאָס אַלץ לעבעדיק און עס הייבט זיך אָן צו באַוועגן. די גיפּסענע פיגורן הייבן אָן צו זינגען און צו שפּילן, די חיהלעך ברומען, פייפן און סווישטען. די איבערראַשונג איז ניט צו באַשרייבן; מע פאַלט אַריין עפּעס גאָר אין אַן אַנדער וועלט און אָט אַזוי גייט מען אַרום אין דעם מיניאַטורנעם שטעטעלע פון איין ווינקל צום צווייטן, מען באַטראַכט, מע קוקט און מען באַוווּנדערט, וואָס פאַר אַ רייכקייט עס איז דאָרטן אַריינגעלייגט געוואָרן. אַלץ בליאַסקעט, אַלץ איז איינגעאָרדנט געוואָרן אָריגינעל מיט אַ געשמאַק. עס ווילט זיך אַלץ זען אָבער אין איין טאָג איז דאָס אומעגלעך.

פון דיסנעלאַנד זיינען מיר געפאָרן קיין לאַס וועגאַס. דאָס איז גאָר עפּעס אַ משוגענער ווינקל אויף דער ערד מען דאַרף עס אָנקוקן. די פּרעכטיקע רייכע האָטעלן, דער לאַנגער ברייטער און שטאַרק באַלויכטענער בולוואַר, ווו עס מיניען זיך און בלישטשען טויזנטער לעמפּלעך פון אַלע קאָלירן, און אַלץ איז אַזוי רייך, אַזוי קינסטלעריש אויפגעבויט מיט דער פולער האַנט. אָבער דער עיקר איז — הימל און ערד און אַזאַרט־שפּילן פון אַלע סאָרטן, וואָס נאָר מענטשן קענען עס אויסקלערן.

ווי נאָר איר גייט אַראָפּ פון עראָפּלאַן און איר קומט אַריין אין דעם זאַל פון דעם פּרעכטיקן לופטפּאָרט קומען אייך אַנטקעגן צענדליקער בליאַס־קעדיקע שפּילקעסטלעך ווו מע הייסט אייך אַריינוואַרפן ניט מער ווי צען סענט, און אָט אַזוי ווערט איר אַריינגעצויגן אין דער שפּיל. און אַזעלכע שפּיל־קעסטלעך געפינען זיך אין די טויזנטער אויף יעדער טריט און שריט. היינט די נאַכטקלובן, ווו מען זעט אויף דער סצענע צענדליקער שלאַנקע מיידלעך מיט געטאַקטע פיגורן, וואָס האָבן אין איילעניש אין גאַנצן פאַר־געסן זיך אָנצוטאָן. קיין גרויסע אַרטיסטקעס זיינען זיי ניט, אָט די מיידלעך; זייער אויפגאַבע איז ניט מער ווי צו ווייזן אייך, ווי עס האָט אויסגעזען די מוטער חוה. מיט דעם אונטערשייד, וואָס זיי נוצן ניט אַפילו קיין פייגנ־בלעטער אויך ניט אַלץ איז אָפן, קוקט און זעט! מיר האָבן דאָרט געטראָפן

אַ סך באַקאַנטע פון מעקסיקע און עס איז אינטערעסאַנט אַט וואָס. אין צוויי חדשים אַרום איז מיר קראַנק געוואָרן אַן אויג, מען האָט מיך געמוזט אָפּע־רירן. האָבן די באַקאַנטע מיינע מיך געקיבעצט און אַריינגעזאָגט, אַז דאָס וואָס איך האָב געזען אין די קאַבאַרעטן פון לאָס וועגאַס האָט מיר פאַרשאַט צו די אויגן. אָבער עס איז ניטאָ קיין טראָפּן אמת אין דעם, ווייל דער דאָקטער האָט עס ניט פעסטגעשטעלט.

איר הערט, מיינע פריינד, איר דאַרפט זיך פאַר דעם ניט אָפּשרעקן, פאָרט געזונט און פאַרגעסט ניט, אַז אַמאָל האָט אַ באַרימטער רוסישער שרייבער געזאָגט אַז די שענסטע מיידל קען ניט ווייזן מער ווי דאָס וואָס זי האָט...

פון לאָס וועגאַס זיינען מיר געפאָרן קיין סאַן פראַנציסקאָ. די שטאָט פאַרמאָגט אַ ספּעציפישע שיינקייט. דער ים מיט די ווונדערלעכע וועלט באַרימטע בריקן, די שיינע געביידעס, די לוקסוס־האָטעלן און די קאַפעען, די „דעפּאַרטאַמענט־סטאָרס" און די רייכע ספּעציעלע געשעפטן פון אַלע מינים עסנוואַרג. איר וועט מוזן כאַפּן אַ ביס ביי דאַווידקען און ביי סאָלאָ־מאָנען — די צוויי באַרימטע יידישע רעסטאָראַנען און דעליקאַטעסען־גע־שעפטן, וווּ איר קריגט אַלע יידישע מאכלים געשמאַק און ניט טייער.

סאַן פראַנציסקאָ איז אַרומגענומען פון אַלע זייטן מיט הויכע גרינע בערג און ביי נאַכט פירט מען אייך אַרום צו באַטראַכטן און זען וואָס עס טוט זיך אַרום דער שטאָט. די אויגן קענען זיך גאָרניט אָנזעטיקן מיט דער פּרעכ־טיקער פּאַנאָראַמע. די אונטערשטע שורה — עס איז שווער דאָס צו באַ־שרייבן — מע מוז פאָרן און אַלץ אַליין זען.

און אַז עס איז געקומען צו רייד וועגן מיין אָפּעראַציע פּאַסט זיך צו דערציילן, דאָס איינער אַ ייד האָט מיר געטראָפן מיט מיין פאַרבאַנדזשירטער אויג און מיר געגעבן אַ פרעג: וואָס עפּעס זאַבלודאָווסקי איר האָט דאָך ניט חוטא באויגל געווען (געמיינט ניט געזינדיקט מיטן עגל הזהב).

אַ צווייטן ווידער האָב איך געענטפערט, דאָס איך האָב זיך אָפּערירט ווייל איך וויל ניט געניסן בלויז פון איין „אויג שבת" (עונג שבת) דאָס מיינט צו זאָגן אַז איך וויל האָבן מיינעביידע אויגן און טאַקע אויף דער גאַנצער וואָך און אויף אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר.

## אַ משכיל בן־משכיל

אַן אויסצוג פון אַ בריוו, געדרוקט אין ביאַליסטאָקער שטימע פון ש.־ל. ראַבינאָוויטש ע"ה — לאָנדאָן. דער מחבר פון דעם בריוו איז דער ביאַליסטאָקער שלום־עליכם, ווי מען האָט אים גערופן.

דוד זאַבלודאָווסקין פון מעקסיקע האָב איך ניט געהאַט דעם כבוד צו קענען אים פערזענלעך כאָטש איך ווייס פון וואַנען ער שטאַמט און לויט ווי איך האָב געלייענט זיינע געדרוקטע זאַכן, פאַרמאָגט ער טאַלאַנט און ער שרייבט שיין און גוט. דער עיקר, ער קאָנצענטרירט דאָס, וואָס ער שרייבט; ער וועט ניט אויסטראַכטן — ווי עס טוען אַנדערע — געשיכטעס און בבא־מעשיות נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. און עס נעמט זיך דערפון וואָס ער איז אַליין אַ משכיל און זון פון אַ משכיל.

די טיפן וואָס ער באַשרייבט קען ער גאַנץ גענוי און ער איז גוט באַקאַנט און אויסגעבונדן אין אַלע ביאַליסטאָקער גאַסן. ער האָט וועגן דעם אַ סך וואָס צו דערציילן — טאָ, פאַרוואָס שווייגט ער, פאַרוואָס שרייבט ער אַזוי ווייניק ?

איך גריס אים פון דעם ווייטנס און איך פאַרלאַנג פון אים, אַז ער זאָל זיך ניט לאָזן בעטן און שרייבן וואָס מערער זכרונות פון אַמאָל, ווייל נאָך אונדז, וועט שוין ניט זיין ווער, ער זאָל דאָס טאָן.

אייער, שמואל־לייב ראַבינאָוויטש.

# אַ בריוו פון אַ ביאַליסטאָקער יידן, אַלטער טרום וואָס לעבט אין שטאָקהאָלם

ליבער פריינד דוד זאַבלודאָווסקי, מעקסיקע:

איך האָב דערהאַלטן דעם רעקאָרד, די פּליטע, וווּ איר דערציילט אַזוי האַרציק וועגן דער לעבעדיקער און וועגן דער חרוב געוואָרענער ביאַליס־טאָק. אַט די גראַמאָפאָן־פּליטע גייט פון האַנט צו האַנט צווישן די ביאַליס־טאָקער לאַנדסלייט וואָס געפינען זיך דאָ; יעדער איינער וויל הערן, וויל זיך אויסוויינען און וויל מזכיר נשמות זיין די אַמאָליקע היימשטאָט אונדזערע. דאָ געפינען זיך ניט מער ווי פינף פאַמיליעס, ביאַליסטאָקער. מיר האַלטן זיך אַלע צוזאַמען און קיין געמישטע חתונות זיינען ביי אונדזערע ביאַליס־טאָקער ניטאָ.

איך דערצייל דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס דאָ זיינען פאַראַן עטלעכע ווייב־לעך פון טיף־פּוילן וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט קריסטן. אַט זע איך דורכן פענצטער אַנטקעגן מיין שטוב ווי עס גייט אַ פרוי מיט אַן אמת יידישן פּנים און ביי איר זייט — דער מאַן אירער, אַ לאַנגער שוועד אַזוי ווי אַ דראָנג. אָבער לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו אייער רעקאָרד, וואָס געפינט זיך איצט ביי חיים קלאַטשקאָ, אַ ייד וואָס האָט געוווינט אין ביאַליסטאָק אויפן שול־הויף. איך אַליין — פאַרשטייט זיך — האָב שוין געהערט די פּליטע עטלעכע מאָל און יעדער מאָל געפין איך אויס, אַז איר האָט אויפגעטאָן אַ זייער

וויכטיקע שטיקל אַרבעט; עס קומען אויף פאַר די אויגן לעבעדיקע בילדער פון ביאַליסטאָק: אַט דוכט זיך מיר, אַז איך זע פון דער וווייטנס יידעלע דעם טרעגער, וואָס שמירט אויס מיט טראָן יעדער פרייטיק פאַרנאַכט די הויכע שטיוול זיינע און גייט אין זיין אָרעמער היים אויפצונעמען דעם הייליקן שבת. איר האָט דאָס בילד אויף אַ גלענצנדיקן אופן אויסגעקריצט אויף אייער רעקאָרד.

בלייבט מיר נאָר צו באַגריסן אייך מיט אייער משפחה און זאָגן: געבענטשט זאָלן זיין אייערע הענט!

פון מיר, אַלטער טרוס — שטאָקהאָלם, שוועדן.

# פ ו פ צ י ק  י אָ ר

**אונדזער גאָלדענע חתונה**
(23סטער מאַי 1918 — 23סטער מאַי 1968)
**דעם חתנס אַ רעדע אין גראַמען**

ליבע האַרציקע קינדער און קינדסקינדער,
טייערע משפחה־מיטגלידער פון אונדזער מדינה
און פון דער ווייטער אַרגענטינע.
געשעצטע מחותנים, חשובע לאַנדסלייט,
חברים, קאָלעגן און געסט!
אין נאָמען פון מיין פרוי, זאָל געזונט זיין
און אין מיין אייגענעם נאָמען, וויל איך אייך אויסדריקן
מיין האַרציקן דאַנק
און ווינטשן אַז איר און אַלע יידן
זאָלן דערלעבן פראַווען אַזעלכע שמחות.
עס איז אָבער אונדז ביידן,
זייער שווער היינט צום רעדן;
עס איז אויך אוממעגלעך די עמאָציעס צו צאַמען,
האָב איך דעריבער צוגעגרייט אַ בינטל גראַמען,
ליבע פאַרזאַמלטע און ליבע פריינד,
אַ היסטאָרישער טאָג איז היינט.
מען דאַרף מאַכן שהחיינו און נעמען אַ כוסה
ווייל די שמחה איז אַ פייערלעכע, אַ גרויסע.
די קינדער האָבן עס קונציק געפּלאַנט:

שטיל, געהיים, מיט שכל און מיט גרויס טאַלאַנט,
און די אייניקלעך האָבן אויך צוגעלייגט אַ האַנט.
קיין עין־הרע, קיין בייז אויג,
יעדער האָט געוויזן אַז ער טויג.
און עס איז דאָך טאַקע די אמתע מזל־ברכה
צו פאַרמאָגן אַרכיטעקטן דריי אין דער משפּחה.
איר ווילט דאָך וויסן, ווי מיר שיינט,
גענויע פּרטים וועגן דער שמחה היינט ?
איך מיין ווען, ווו, ווי אַזוי, פאַר וואָס און פאַר ווען ?
וועל איך אייך טאַקע ווייזן וואָס איך קען.
און וועל אייך דערציילן ווי דאָס איז געשען.
אַ גאַיווער בחור בין איך נאָך דאַן געווען,
ווען איך האָב אין אַ שטעטל מיט אַ מיידל זיך געזען,
און די הייסע ליבע האָט גלייך דערלאַנגט אַ ברען;
איך האָב ניט געקלערט קיין סך,
געזען אַז עס איז אַ באַשערטע זאַך —
דאָס הייסט, איך האָב שוין מערניט געקליבן,
פאַרשטאַנען, אַז איך בין שוין אַריינגעקראָכן,
האָט מען אויף גיך תנאים געשריבן
און טעלערס געבראָכן.
קיין שאַמפּאַניער האָט זיך דאַן ניט געגאָסן,
אָבער דער שידוך איז מיט מזל געוואָרן געשלאָסן.
מיר זיינען חתן־כלה געוואָרן
און אייביקע ליבע קעגנזייטיקע זיך געשוואָרן
אויף לאַנגע גליקלעכע יאָרן.
עס זיינען די בריוו ביי מיר נאָך פאַרבליבן,
וואָס איך האָב צו מיין כלה דאַן געשריבן.
און אַזוי ווי די ליבע איז געווען גאָר אַ הייסע,
האָט זי פאַרלאַנגט בריוו לאַנגע און גרויסע.
ס׳קען זיין, זי האָט מיך געוואָלט פּרובירן,
אַבסערווירן, פאַרהערן און עקזאַמינירן.
דערציילט ניט קיינעם, צווישן אונדז זאָל דאָס בלייבן,
איך האָב דאַן זיך גאָר נאָך געלערנט שרייבן.

⁂

די מלחמה האָט נאָך דאַן געבושעוועט אויף דער וועלט,
ווען אין מאַי־חודש האָבן מיר אַ חופּה געשטעלט.

קלעזמאָרים האָבן אויף דער חתונה ניט געשפּילט.
און איך געדענק שוין אַליין ניט, ווי איך האָב זיך דאַן געפילט.
גאָר ווייניק געסט אויף דער חתונה זיינען געווען
און קיין באַל־קליידער האָט מען דאָרט אויך ניט געזען...

⁂

אָ, איר פרעגט וואָס נאָך דער חופה איז געשען?
איר זייט טשעקאַווע? איר ווילט וויסן אַלע?
טאָ פרעגט זייט מוחל, מיין געוועזענע כלה!
אַ פלעקל אַריין, אַ פלעקל אַרויס,
און די חתונה־מעשה איז אויס.

## ז. סעגאַלאָוויטש

# פון מיינע 7 יאָר אין תל־אביב

(פראַגמענט)

מיט זוסמאַן סעגאַלאָוויטשן האָב איך געלערנט צוזאַ־
מען אין אַ ביאַליסטאָקער רוסיש יידישער פאָלקלשול. איך
אין ערשטן און ער אין לעצטן קלאַס.

ד. זאַבלודאָווסקי

געפאָרן בין איך קיין ארץ־ישראל אַכצן חדשים. דאָס איז נישט געווען בלויז „געפאָרן". מען איז אויך אַ סך געלאָפן מיט די פיס, געלאָפן און געראַטעוועט זיך. געפאָרן מיט אַ באַן, מיט אַ שיף, מיט פויערישע פורן און בענזין־וועגענער. געגאַנגען און פשוט געקראָכן אויף אַלע פיר. אויפן מאַרק זיינען געפאַלן פּעק מיט צרות. אין דער נשמה זיינען אַריין אַ סך ווייטיקן, פרעמדע און אייגענע. די אויגן האָבן זיך צוגעקוקט צו יענעמס יסורים און האָרץ האָט ניש געקענט העלפן, נישט זיך און נישט דעם צווייטן. דאָס איז געווען אַ ביטערער וועג פון וואַרשע אָן. איז עס פאַרבליבן אין זכרון: אַ בלוטיקע לוקאָוו, אַ לובלין, אַ ראָוונע. שטייען זיי פאַר די אויגן, די פונקטן, די פאַרבלוטיקטע, און אַ קאָוונע און אַ מאָסקווע, אַן אָדעס׳ דערנאָך בול־גאַריע קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַדאַנאַ, לעפּאָ, ביירוט.

צום סוף — די סירישע גרענעץ. מיר שטייגן־רויס פון די וואַגאָנען, מיר דערזעען דעם ים מיט אַ סך קריגשיפן, מיט אַ סך האַרמאַטן ביים ברעג. עטלעכע געביידעס, ווו די ענגלענדער קאָנטראָלירן אונדזערע דאָקומענטן, אָבער נישט די ענגלענדער אַליין. דאָ זיינען אויך פאַראַן פאָרשטייערס און

באַמטע פון דער יידישער אַגענץ. די ענגלענדער זיינען דאָ נישט אין גאַנצן זעלבסשטענדיק. די יידן זיינען אויך שותפים צום קאָנטראָל. זיי קעמפן און פראָטעסטירן ביי יעדן פאַל ווו די ענגלענדער ווילן קוועסטיאָנירן אַ וויזע, אַ שטעמפּעלע. דאָס גיט אונדז טרייסט. דערנאָך באַזוכט מען אונדז. מען קאָנטראָלירט די קעשענעס און וואַליזעס. איך בין רואיק. איך האָב נישט קיין וואַלוטע, נישט קיין גאָלד און נישט קיין בריליאַנטן. איך האָב בלויז יסורים פון אַכצן חדשים. איך האָב זיי מיטגענומען פון טויזנטער און טויזנטער פליטים, וועלכע זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע היימען, אָבער דאָס איז אין האַרצן און דאָרט וועלן די שומרים פון געזעץ נישט קריכן. האַרץ בלייבט דאָך אומבאַרירלעך, אַפילו אויף אַ גרענעץ צווישן צוויי לענדער.

מען האָט אונדז געבראַכט אין אויטאָבוסן קיין חיפה. דאָרט, ביים פּאָרט, האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסער געביידע, און דאָ באַדאַרף מען אַריינשפּריצן אַ פּאָרציע אַנטי־טיפוס. הונדערט און פופצן זיינען מיר געוועזן. צווישן די הונדערט און פופצן אַ העלפט חלוצים, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט צו זינגען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל אָן. אין דעם געזאַנג זייערן הער איך, ווי מען רופט־אויס מיין נאָמען. און אָט שטייט נעבן מיר אַ ייד פון אַ יאָר פופציק. ער האַלט אין דער האַנט אַ טאַץ מיט אַ גלאָז קאַווע און קוכן. ער דערלאַנגט עס מיר. איך פרעג:

— פאַר מיר?

— יאָ, אַוודאי פאַר אייך. איך האָב אייך דערקענט, איך האָב דאָ אַ קאַווע־הויז ביים פּאָרט. איך געדענק אייך. איר זייט געוועזן ביי אונדז אין מאָ־געלניצע אויף אַ פאַרזאַמלונג... איך האָב אייך דערקענט.

דאָס איז נישט קיין קלייניקייט, ווען מען ווערט אויסגעטיילט פון הונדערט און פופצן מאַן. און עס איז אויך נישט קיין קלייניקייט, ווען מען באַקומט אַ גלאָז קאַווע מיט קוכן, ווען מען וויל דאָס שטאַרק, ווען מען איז דאָרשטיק. איך האָב געטרונקען די קאַווע און געפילט, אַז דער עולם אַרום איז מיר מקנא: די קאַווע, צי דעם כבוד?...

שפּעטער האָבן די אַגענץ־באַאַמטע אונדז צעטיילט. יעדן איינעם גע־שיקט אויף זיין באַשטימטן פּלאַץ.

צו מיר איז איינער צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— איך, פריינד, וועלן מיר אַרויפפירן אויפן באַרג כרמל. דאָרט וועלן מיר אייך אַריינזעצן אין אַ פּענסיאָנאַט. עסט, טרינקט און שלאָפט, וויפל איך ווילט זיך, רוט זיך אויס!

איך האָב געדאַנקט. אין צוואַנציק מינוט שפּעטער בין איך שוין געוועזן אין אַ פיינעם צימער. איך האָב דערזען דעם ליכטיק־ציכטיקן געלעגער

און זיך דערפרייט. איך בין צוגעגאַנגען צום פענצטער און דערזען דעם ים, און איך האָב זיך פון איבערראַשונג נאָך מער דערפרייט. אַזאַ באַזילבערטן שטח וואַסער האָב איך שוין לאַנג נישט געזען, דער ים האָט געפּאַליעט די שיפן, וואָסביים ברעג, האָבן זיך געשאָקלט. ווייסע זעגלען פון דער ווייטנס, ווייסע מעוועס. און איבער אַלץ אַזאַ רואיקער בלויער הימל... ווי קומט צו מיר אַזאַ רואיקייט? ווי ווער איך איינוויגן אין מיין צערודערטן וועזן אַזאַ רואיקייט? איך בין געשטאַנען ביים פענצטער, ווי אַ געפּלעפּטער, נישט געקאָנט צוריקגיין, כאָטש פיל מאָל האָט מען מיך שוין גערופן, איך זאָל דאָרט גיין צום טיש עסן — מען וואַרט אויף מיר...

ביים טיש האָב איך געזען רואיקע מענטשן. זיי האָבן געשמאַק געגעסן, גוטמוטיק געלאַכט און אויסגעפרעגט ביי מיר, ווי אַזוי דער וועג איז געגאַנגען. וואָס זאָל איך זיי ענטפערן? ביי איין מיטאָגזיץ זאָל איך זיי אויסדערציילן וועגן מיינע אַכצן חדשים. בין איך אָפּגעקומען מיט עטלעכע ווערטער:

— מיינע טייערע, ווען מען וואָלט מיר אין ראַוונע צי אין ווילנע, אין אַ לוצק, צי אין אַ לוקאָוו דערלאַנגט אַזאַ מיטאָג, וואָלט איך צעטומלט געוואָרן ביז משוגעת פון אַזעלכע שפּייזן. איך האָב אין ווילנע מיט איין קליין צו־קערל געטרונקען טיי דריי טעג און גלייבט מיר: די טיי איז געשמאַק געווען...

ביים טיש האָט מען געלאַכט און מען האָט זיך געוויצלט.

דערנאָך בין איך ווידער אין מיין צימער. ס'איז גוט, וואָס מענטשן בויען הייזער מיט באַזונדערע צימערן; מען קאָן זיין אַליין, ווען עס ווילט זיך זיין אַליין. איך בין ווידער צוגעגאַנגען צום פענצטער און ווידער דער ים. אַ גרויס, ענדלאָז בלוי אויג האָט זיך אָנגעשטעלט אויף מיר און גלעט מיט זיין בלויער ווייכקייט מיין פאַרמאַטערטקייט, מיין איבערמידקייט פון אַכצן חדשים וואַנדערן. און איך אַליין האָב אָנגעשטעלט מיינע פאַר אויגן אויף דעם ים, אויף דעם וועלדל פון דער לינקער זייט כרמל און געטראַכט, ווי קומט עס אַזאַ רואיקייט פון נאָך אַזוי פיל צערודערטקייט.

ווען די זון איז פאַרגאַנגען האָב איך, געקוקט פון מיין פענצטער ביז עס איז נאַכט געוואָרן. און דערנאָך האָט זיך עפּעס צעזונגען אין מיר, צעזונגען אָדער צעוויינט. אָפּט, גאַנץ אָפּט איז דאָס איינס און דאָס זעלביקע:

„עס איז מיר געלונגען צו ברענגען אַהער
אַ ביסל נשמה, געראַטעוועט שווער...
אַ ביסל נשמה און שטאָלץ אָפּגעהיט
פאַר ווערדע, פאַר מענטש און פאַר ייד.
מיין טרויער פון דאָרט און מיין בלוטיקע צייט,
ווי קאָן מען פאַרשווייגן, ווען שווייגעניש שרייט.

מיין טרויער פון וועג און פון ארץ די זון —
אפשר וועט עפּעס נאָך ווערן דערפון״ ?

דערנאָך האָב איך אָפּגעקערט מיין קאָפּ פון פענצטער און אַ קוק געגעבן אויף מיין צימער, אויף מיין געלעגער, אויף מיין ליכטיק־ציכטיק בעט. אַזאַ געלעגער האָב איך שוין לאַנג נישט געהאַט. איך האָב דערפילט די צעבראָכנקייט פון אַלע מיינע גלידער און איין פאַרלאַנג האָט מיך פאַרכאַפּט: שלאָפן, שלאָפן, שלאָפן! געהאַט האָב איך דעמאָלט אַזוי פיל מידקייט, ווי איך וואָלט די גאַנצע אַנדערטהאַלבן יאָר נישט געשלאָפן. אַריין אין בעט און אַ שמייכל געטאָן צו זיך אַליין. דאָס איז געווען אַזאַ מין באַפרייטער שמייכל אַ געזאַנג, אַ שמייכל, אַ פריידיקער שמייכל. איך האָב זיך דערמאָנט מיינע געלעגערס. גאָט אין הימל, ווו האָב איך זיך נישט אויסגעוואַלגערט אין מיינע וואַנדערונגען? אויף די גרויסע קישנס פון די קליינשטעטלשע, האַרציקע יידן; אויף די פּיטשינקע קישעלעך פון די גרויסשטאָטישע יידן, אויף די האַרטע בענק פון די וואַגאָנען, ערגעץ אין אַ קעלער, אויף אַ בוידעם, אויף אַ מאַרק, אויף אַ פּויערישן וואָגן... ווו נישט? אָבער איין געלעגער מיינעם ווילט זיך מיר שענקען עטלעכע באַזונדערע שורות. דאָס איז געווען אין אַ דאָרף, צווישן כעלם און ראַוואַראָוו. איך מיט נאָך איינעם אַ פּליט זיינען דאָרט אַריינגעקומען, ווען עס איז שוין געווען פינצטער. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין אַ כאַטע. דער פּויער איז אַרויס און פאַרבראָכן מיט די הענט:

— טייערינקע! איך האָב שוין מער קיין פּלאַץ נישט. אַלץ איז פאַרנומען. אַזוי פיל מענטשן אָנגעלאָפן...

— אָבער עס איז נאַס און קאַלט. מיר זיינען אויך מענטשן.

— נישטאָ, נישטאָ מער קיין פּלאַץ.

— ווען מיר דאָ זיצן אויף דיין שוועל.

— ניין! דאָס אויך נישט. דער דייטש איז אַ כיטרער ממזר, ער האָט וועלפישע אויגן. ער וועט אַפילו ביי נאַכט דערזען, אַז דאָ דרייען זיך אַרום פאַרשוינען, וועט ער באָמבאַרדירן און פאַרברענען אונדזער דאָרף.

צום סוף איז דעם פּויער איינגעפאַלן אַ געדאַנק: ער וועט אונדז אַריינלאָזן אין חזיר־שטאַל. יאָ, אין חזיר־שטאַל. ער האָט אין גאַנצן איין חזיר, וועט ער אים אַרויסטרייבן אויפן הויף און אָנשיטן אַ סך פרישע שטרוי, וועלן מיר האָבן אַ געלעגער. דער שטרוי איז טאַקע געווען פריש, אָבער די לופט... לאָמיר בעסער שווייגן וועגן דעם. שלאָפן האָט מען שוין נישט געקענט. איז מען בלויז געלעגן אין געהאַקטע צרות. אָבער ליגן האָט מען שוין אויך נישט געקענט. דער חזיר האָט מיט זיין חזירישער מאָרדע אויפגעפּראַלט די טיר פון אונדזער נאַכטסאַלאָן, ער איז אַריין צו אונדז און גענומען שטויסן די צוויי נישט־געבעטענע אורחים מיט זיין גאַנצן כוח. מיר

האָבן געמוזט אַרויסגיין פון דאָרט און איבערזיצן די נאַכט אויף אַ קלאָץ, וואָס איז געלעגן נעבן שטאָל.

דאָס אַלץ האָט זיך איצט דערמאָנט אויף דעם ווייס ריינעם געלעגער און דערפאַר האָט זיך געשמייכלט און דערפאַר איז גוט געווען אויף דער נשמה. די וואָס האָבן נישט דורכגעלעבט אַזעלכע אַכצן חדשים, וועלן קיין מאָל נישט וויסן דעם טעם פון אַזאַ געלעגער און פון אַזאַ טייערער נאַכט... דער ים האָט צוגעקלאַפּט און מיט זיין שפּילעוודיקן קלאַפּן איינגעוויגט איינעם. אויף מאָרגן זיינען געקומען עטעכע צענדליגע מענטשן באַזוכן און דאָס האָט צו־געגעבן יום־טובדיקייט, חשיבות און פריינדלעכקייט. וואָס האָט מיר געפעלט? זון און ים, גוטע ווערטער פון ליבע מענטשן. זיי האָבן געוואָלט פאַרגיטיקן פאַר צרות פון אַ לאַנגן וועג.

אין דעם אָוונט פון מיין צווייטן חיפה־טאָג האָט מען מיך אַראָפּגעפירט אין אַ פיינעם רעסטאָראַן. דאָס האָט מען מיך געבראַכט אַהין, ווייל הסתדרות האָט אָרגאַניזירט אַ גלעזל טיי פאַר מיר, אונטער דעם פאָרזיץ פון ביעלאַ־פאָלסקי. געקומען זיינען איין און פערציק פראָמינענטע און פון די איין און פערציק האָבן פערציק גערעדט יידיש, געגעבן שבחים אין יידיש. געבענטשט זאָלן זיי זיין! ווייל אין עברית וואָלט איך דעמאָלט די פערציק שבחים נישט פאַרשטאַנען. זיי האָבן גערעדט יידיש און איך האָב דאָס אָנגענומען נישט פאַר מיין כבוד וועגן, נאָר פאַר יידיש כבוד וועגן. זאָל זיין אַזוי צו אַנדערש — איך בין ווידער אַוועק רואק שלאָפן און דער ים האָט ווידער איינגעוויגט מיר אין אַ גוטן שלאָף.



ווען מען דערזעט פון דער ווייטן די בערג אַרום ירושלים וועקט זיך עפּעס אויף אין זכרון, מען טראַכט וועגן די בערג ביז מען דערטראַכט זיך צו די נביאים, אַזוי איז ביי די בערג פון ירושלים און אַזוי איז ביי די בערג פון טבריה און פון צפת און אַזוי אויך אין גאַנץ ארץ ישראל.

איך בין געפאָרן מיט הונדערטער יידן און מען האָט זיך דערמאָנט גע־שיכטעלעך, מעשהלעך פון אונדזער רייכער פאַרגאַנגענהייט, אַלץ וואָס מען געדענקט פון חומש און תנ"ך — אַלץ שווימט אַרויף ביי אַ יידן אין מוח ווען ער זעט די לאַנדשאַפט פון ארץ־ישראל, און דאָס שטאַרקט ביי אונדז די געפילן פאַר אונדזער קיום און זיכערקייט. בלויז די אויטאָמאָבילן און די לאַסט־וועגענער, וואָס ווערן פון בענזין געטריבן, רייסן־איבער די רע־פלעקסן. אין יענע אוראַלטע צייטן זיינען קיין אויטאָמאָבילן נישט געווען. איך בין געפאָרן אין אַ סך קיבוצים. (וועגן די קיבוצים איז דאָך שוין אַזוי פיל געשריבן געוואָרן). נישט איינער פון די, וואָס האָבן דעם קיבוץ אָפּ־

געגעבן דאָס לעבן, איז געווען אַ בן־יחיד און אויסגעצערטלט געווען פון טאַטע־מאַמע. נישט איינער פון זיי איז געקומען פון אַ רייכער פאַמיליע, כדי דאָ צו שטאַרבן פון מאַלאַריע אָדער פון אַן אַראַבישן מעסער. נעבן יעדן קיבוץ אַ בית־עולמל און די מצבות דערציילן פון יסורים און מאַרטירערײַ. קיין ארץ־ישראל זײַנען געפאָרן יידן, וועלכע האָבן געוואָלט פאָרן, און אַזעלכע וואָס האָבן געמוזט פאָרן. די בכורה קומט פאַר די ערשטע. די פון קיבוץ האָבן אַלע געוואָלט פאָרן.

איך וועל נישט פאַרגעסן דעם יונגן מאַן, וועלכן איך האָב געטראָפן ביי אַ טראַקטאָר אין מיטן פעלד. מיר האָבן זיך פונאַנדערגערעדט און צום סוף פון שמועס האָט ער כמעט ווי אַ געשריי געטאָן:

— איר הערט, אָט דאָ, אויף דער ערד אָדער אין דער ערד, קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ!

די פעלדער אַרום, וואָס זײַנען אין יידישע הענט, אָטעמען מיט לעבן. די יונגע וועלדער און וועלדלעך טאַנצן פאַר די אויגן, ווי אַנזאַגערס, גוטע אַנזאָגערס. אַ ביסל ווייטער ליגן שטיקער ערד, ווי מתים, צוגעדעקט מיט אומגעלומפּערטע מדבר־שטיינער. אַראַבישע ערד און אַראַבישע שטיינער.

אויף די פּנימער פון די עלטערע חלוצים זעט מען קנייטשן און סימנים פון לאַנגן קאַמף פאַר אַ ביסל וואַסער, פאַר בעסערע גערעטענישן. איך האָב גערעדט מיט אַ פּאַסטעך און אים געבעטן, ער זאָל מיך מיטנעמען אויף אַ טאָג אין די טאָלן דאָרט, ווו די פּי פּיטערן זיך.

— גייט־אַוועק! — זאָגט ער צו מיר — איר וועט נישט אויסהאַלטן די היץ. די זון וועט אייך אָוועקפּטרן.

אָבער ער און אַנדערע האַלטן־אויס. איין זאַך האָט מיר געוווּנדערט און אַפילו געערגערט: פאַר וואָס אַזאַ פּוריטאַניש לעבן, אַזוי פיל אָפּזאָג און שפּאַרזאַמקייט, ווען פאַר די אויגן שוועבן דאָ אַזוי פיל הינער, קאַטשקעס, גענדז און אינדיקעס? פאַראַן סטאַדעס מיט שעפּסן. פאַראַן קי מיט אָקסן. אַנדערע קיבוצים האָבן אויך פיש. דאָס אַלץ גייט פאַר די שטעט. אַזוי פיל פּרוכטן: מאַראַנצן, פייגן און ווײַנטרויבן — אַלץ פאַר די שטעט. אַליין עסט מען קאַרגע עסנס אויף די בילִיקסטע טעלערס, אויף האַרטע טישן, פאַר וואָס אַזוי? פאַר וואָס נישט אַנדערש?

אויף דעם ענטפערט מען מיר:

— מיר האָבן חובות. מיר מוזן אויסצאָלן דעם קרן־קימת.

— איר האָט חובות? עס דאַכט זיך, אַז אייך קומט מען חובות.

— הע, מען וועט זיך אַמאָל אויסגלײַכן!

איין מאָל בין איך אַוועקגעגאַנגען אַ ביסל ווייטער פון די בנינים ווו מען אַרבעט, ווו מען עסט און ווו מען שלאָפט. עס איז געווען הייס. האָב איך זיך

אָוועקגעזעצט אַפּרוען אויף אַ שטיין. פון ווייטן האָבן זיך געשפּילט קינדער. האָבן זיי דערזען, אַז איינער זיצט אויף אַ שטיין אַ מידער, זיינען זיי צוגעקו־מען נענטער און אַ מיידעלע האָט געפרעגט:

אתה רוצה מים? דו ווילסט וואַסער? לא האב איך געענטפערט, אני רוצה יין, ניין איך וויל וויין. אבל יין שותים רק בפסח, אָבער ווין טרינקט מען דאָך נאָר פּסח האָבן די קינדער געענטפערט פאַרוואונדערט.

און אין תל־אביב טרינקען אַ סך מענטשן יעדן טאָג וויין.

איך האָב געקוקט מיט מיינע אויגן, געזאַמלט פאַקטן און עפּיזאָדן, כדי צו אָנערקענען און כדי צו זיין אין אָרדענונג מיט זיך אַליין. עס האָבן אויך געטראָפן קוריאָזע עפּיזאָדן. אין דגניה אַלף איז פאַראַן אַ גרויסע פאַבריק פון דיקט און פאַרניר. טייל איך זיך אָפּ פון דער מחנה, מיט וועלכער איך בין געקומען פון תל־אביב. איך גיי־אַריין אינעווייניק שטיל. עס איז מיטאָג־צייט. ברעטער און ברעטלעך, קלענערע און גרעסערע מאַשינען. הינטער די מאַשינען זע איך איין מענטש, אַ ייד מיט אַ גרויסער געלער באָרד. ער קלאַפּט־צונויף מיט אַ האַמער. קוק איך אויף דעם ייד. ווילט זיך מיר ריידן מיט דעם יידן. אין דעם קומען אַרייין אין דער פאַבריק נאָך צוויי יידן, דייט־טשישע יידן. איינער מיט אַ ציגאַר אין מויל, דער צווייטער אָן אַ ציגאַר אין מויל. אָבער ביידע געזונטע מיט ברייטע פּלייצעס, הויכע, פעסטע. זיי קוקן זיך אַרום און, ווען זיי דערזען דעם יידישן אַרבעטער מיט דער געלער באָרד, רופט זיך איינער אָפּ צום צווייטן:

—שאָוען זי איין מאָל, דער יודע האַמערט.

זיי זיינען איבערראַשט. זיי זעען ווי אַ ייד אַרבעט. ביי זיי דאָרטן, אין דאַרמשטאַט אָדער אין דרעזדען האָבן זיי דאָס נישט געזען. ווילט זיך מיר עפּעס דאָס מויל און בעמען שרייען צו זיי.

— יעקעס, וואָס איר זייט, יידישע יעקעס, געזונט זאָלט איר זיין! אין מיין ביאַליסטאָק זיינען געווען צוואַנציק טויזנט גאַרבערס און וועבערס. יעקעס הערציקע, וואָס ווערט איר אַזוי נתפּעל פון איין יידן וואָס אַרבעט? אין דעם גראָדנער קריין, אין סוויסלאָטש, קרינקי סאָקאָלקע אין סקידל און אַ סך שטעטלעך — טויזנטער און טויזנטער גאַרבערס בערשטערס, סטאָליערס און אַנדערע פאַכן. אין לאָדזש — יידישע וועבערס און אין זדונסקאַ־וואָליאַ זאַקן־מאַכערקעס. אין לאָנדאָן — די מאַנטל־מאַכערס. אין אַמעריקע אַליין — הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטערס! און דאָ, מיט אַ מאָל, „דער יודע האַמערט״...

איך האָב נישט גערעדט מיט די „דייטשן״. איך בין געלאָפן בעסער כאַפּן מיין מיטאָג. אין וועג וויל מען אַ סך עסן און די חברה־לייט קאָנען אַלץ

אַראָפּשלינגען. פֿאַר אונדז האָט מען צוגעגרייט אַ בעסערן מיטאָג און צום דעסערט פּרישע, גרויסע מאַראַנצן, גלייך פֿון בוים, פֿון יידישן בוים.

געווען איין מאָל אין גבעת ברענער. שפּרייזנדיק אַליין מיט זיך אַרום די פּרדסים, האָב איך באַמערקט אַ בוים, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט מיין נשמה. דאָס איז געווען דער מימאָזע־בוים מיט דער צאַרטער, געלער בלום. דער בוים האָט געבליט און דער ריח איז פֿון אים געגאַנגען אויף אַ שטיק אַרו־מיקייט. אָבער אין ערגעץ נישט, נישט אין דרום־פֿראַנקרייך און נישט אין קרים, האָב איך אַזאַ גרויסן מימאָזע־בוים געזען. איז דאָס געווען אַ טאַטע־בוים, אַ זיידע, אַן עלטער־זיידע־בוים, און אַזוי פֿיל געלע, דופּטיקע צווייגעלעך!... איך האָב זיי גענומען פֿליקן, רייסן מיט ביידע הענט מיט ליידנ־שאַפֿט, מיט שנעלקייט און דערביי געמורמלט צו זיך אַליין:

— פֿאַר מיינע צרות, פֿאַר אַלע וואַנדערוועגן, פֿאַר אַלע געפֿאַרן, פֿאַר געטאָ און געלע לאַטע, פֿאַר אָפּגעריסנקייט פֿון משפּחה...

מען איז צו מיר צוגעלאָפֿן:

— מה אתה משוגע? וואָס ביסטו פֿון זינען אַראָפּ?

— כמעט... — האָב איך געענטפֿערט.

די פּירערס פֿון גבעת ברענער האָבן מיך זייער ביטער אויסגעזידלט:

— אַ חרפּה, אַז אַ מענטש זאָל זיך אַזוי באַגיין! דער בוים איז דאָך אַלעמענס, אַ שותּפֿות־אייגנטום פֿון ישוב...

איך האָב געענטפֿערט:

— הערט זיך איין, טייערע! אַ גאַנץ לעבן האָב איך געגנבעט בלומען ביי פּרעמדע. דערלויבט מיר איין מאָל צו גנבענען ביי אייגענע...

מיין אַפּעלאַציע האָט געווירקט. מען האָט מיר אַמנעסטירט. און איך בין אַוועקגעפֿאָרן מיט אַ גרויסן בוקעט מימאָזן קיין תּל־אָביב. דער בוקעט האָט אונדז באַלויכטן דעם גאַנצן וועג... דער אויטאָבוס איז אונדז ליכטיק געווען פֿון די בלומען און יעדע האַנט האָט זיך צו מיר געצויגן:

— אַ צווייגעלע...

איך האָב אַלעמען איינגעטיילט און געבראַכט אַ סך צווייגעלעך קיין תּל־אביב און גלייך אין קאַפֿע „גנתי". ביי אונדזער טישל זיינען געווען עטלעכע פֿריינד. מע לאַכט גוטמוטיק פֿון מיינע בלומען און מען פֿרעגט גלייכצייטיק, ווי אַזוי איך האָב פֿאַרבראַכט די דריי רייזע־טעג.

— גוט, אַ מחיה. אָבער וואָס הערט זיך דאָ? וואָס איז מיט דער מלחמה? וואָס טוט זיך אין פּוילן?

מען האָט מיר עפּעס געענטפֿערט און אין דעם ענטפֿער איז געווען אַ פֿראַזע, אַ פֿראַזעלע, אַ רמז, אַן אָנזאָג: מיט די פּוילישע יידן איז ביטער... זייער ביטער...

— גאָר נישט... מען זאָגט, מען דערציילט. איינער האָט געהערט אין מיטן נאַכט אַ ראַדיאָ...

— וואָס? ציט ניט די עצמות.

— מען זאָגט, מע מורמלט, אַז מען פאַרסמט זיי. מען פירט זיי אַרויס אין אַנדערע שטעט. מען פאַרשלעפּט זיי ערגעץ. אָבער דאָס זיינען בלויז קלאַנגען...

איך האָב די בלומען מיינע אַוועקגעלייגט אויפן טיש. שפּעטער זיינען זיי פון טיש אַראָפּגעפאַלן און נאָך שפּעטער האָט מען זיי צעטראָטן. ביים טיש האָט מען נאָך לאַנג גערעדט, איבערגעגאַנגען אויף אַנדערע טעמעס. איך האָב געשוויגן. דאָס מויל האָט זיך נישט געעפנט. איך האָב נישט באַמערקט, ווי די פריינד מיינע זיינען אַוועק. איינער פון זיי האָט געהאַט אַ היים. דער צווייטער האָט געהאַט אַ בילעט אין טעאַטער. אַלע זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען — אין טעאַטער, קינאָ, קאָנצערטזאַל. איך האָב זיך פון אַלע זאַכן אָפּגעזאָגט. געגעבן זיך אַ נדר, אַז כל־זמן מען וועט די יידן נישט אַרויסלאָזן פון געטאָ, וועל איך קיין אין שוישפּיל ניט זען און קיין מוזיק נישט הערן. איך האָב קיינעם נישט צוגערעדט, ער זאָל מיר נאָכטאָן. דאָס איז מיינע אַ פּריוואַטע זאַך. איך האָב שוין מיין טעאַטער: די מלחמה מיט די געטאָס, מיט דעם חורבן... און ביזן היינטיקן טאָג, שוין זיבן יאָר, אַז איך ווייס שוין נישט ווי אַ פילם זעט־אויס.

זיצט מען אַזוי אין גערטנדל פון „גנתי" איינער אַליין אין דער פינצטער און אין מוח עגבערט אַ פראַזע: „מען פאַרסמט זיי". ס'איז אמת?

— מען פאַרסמט די פּוילישע יידן?... מיינע ליבע פּוילישע יידן... איך דערפיל ווי אינעווייניק אין מיין קאָפּ פלאַקערט אַ פייער...

(„פּאַרויס")

## וועגן אונדזער מאַמע לשון — מיין אַני מאַמין...

יידיש פאַרייניקט אונדזער אומה איבער גרענעצן און ימען ווער עס שעמט זיך מיט זיין לשון יענער, שעמט זיך מיט זיין מאַמען...

(ז. סעגאַלאָוויטש)

**יידיש לשון איז איינגעבאַקן ביי אונדז אין האַרצן, ווייל מיר האָבן דאָס מיט גענומען און מיר טראָגן עס שוין העכער טויזנט יאָר פון לאַנד צו לאַנד און אין יעדן נייעם לאַנד האָט דאָס פאָלק צוגעגעבן און צוגעלייגט פרישקייט, חכמה גאונות געזאַנג פון פרייד און פון אומעט. יידיש לשון האָט אויך איינ־**

געזאָפּט אין זיך די אַרומיקע דרויסנדיקע וועלט איבערגעקאַכט און צוגע־פּוצט עס און געמאַכט דאָס יידיש לשון מאָדערנער און וועלטלעכער.

מיר האָבן אויך איבערגענומען ביי אַנדערע פעלקער זייערע מנהגים, זייערע מאכלים, זייערע לידער און פאָלקס מעשות און אַפילו די באבסקע רפואות, אַפשפּרעכונגען און אַנדערע געוויינהייטן. דאָס אַלץ האָט זיך איינ־געוועבט אין אונדזער קערפּער און עס איז געוואָרן אונדזער אייגן בלוט און פליישׂ.

דעריבער איז אונדז אַזוי ליב און טייער אונדזער פאָלקס שפּראַך, דער לשון פון אונדזערע מאַמעס און באָבעס. מיר קענען ניט און מיר טאָרן ניט די שפּראַך פאַרמיאוסן און אַוועקוואַרפן, אָדער גלאַט לאָזן איר אויף הפקר.
געשריבן פון אפרים אויערבאַך.

⁂

ד״ר חיים זשיטלאָווסקי:

דער גרויסער ליבהאָבער און טעאָרעטיקער פון יידיש לשון פלעגט האָבן אַ נאַטור אַרומגיין גאַנצענע טעג איבער די ווילנער גאַסן און געסלעך און זיך צוהערן ווי דאָס פאָלק רעדט.

איינמאָל איז ער פאַרביי געגאַנגען לעם אַ מאַרק מיט בודקעס פון פליישׂ. ער איז געבליבן שטיין לעם איין בודקע און זיך צוגעהערט ווי אַ יידענע אַ פאַרקויפערקע האָט זיך דורכגעשמועסט מיטן פלייש־הענדלער וועלכער איז געקומען מאָנען ביי איר געלט — און אָט ווילן מיר איבערגעבן אומ־געפער די טענות אירע: „הערט זיך צו שיינער ייד ברויטגעבער מיינער — און גלייך טאָקע האָט זי גענומען אַ העכערן טאָן נאָט! קוקט זעט! איך האָב עס ניט געקענט פאַרקויפן — זאָגט מיר — אדרבא ווו און ביי וועמען האָט איר דאָס איינגעהאַנדלט אַזאַ מין ליכטיקע סחורה. עס איז דאָך אינגאַנצן צעהאַטשקעט, צעקאַטשקעט און צעדראַטשקעט — — —

ד״ר זשיטלאָווסקי האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן, ער איז צוגעגאַנגען צו דער יידענע און געבעטן איר זי זאָל די מאָדנע ווערטער איבערזאָגן נאָך אַמאָל און מיט אַ צופרידענעם שמייכל אויף זיין אינטעליגענטן פנים האָט ער געטראַכט צו זיך אַליין —

„נו, זאָגט יידן — איך בעט אייך — ווו איז פאַראַן אויף דער וועלט נאָך אַזאַ מין פאָלק וואָס זאָל פאַרמאָגן אַזאַ פערלדיקע שיינע, ריינע און גע־שמאַקע שפּראַך ווי אונדזערע״...

לאָמיר פאַרענדיקן מיט די ווערטער פון חיים נחמן ביאַליק.
העברעאיש דאַרף מען לערנען.
יידיש אָבער רעדט זיך אַליין!

# פון ביאַליקס מעשהלעך

## ער האָט מיר געבראַכט אַ לערן ייִנגל!

דערציילט פון אים אַליין אויף איינער פון די פּאָפּולערע מסיבות שבת פּאַר־נאַכט ביי אים אין שטוב אין תל־אביב.

איינמאָל אין אַ שיינעם זומערדיקן פרימאָרגן עפנט זיך די טיר פון מיין וואָנונג אין אָדעס און עס קומט אַריין אַ הויכער ברייטפּלייציקער ייד אַ ישובניק מיט זיינעם אַ בחורל פון אַ יאָר פופצן־זעכצן ביי דער זייט.

נאָכדעם ווי ער איז געשטאַנען אַ ווײַלע און מיר שטאַרק אָנגעקוקט גיט ער מיר אַ פרעג: דאָס זענט איר טאַקע דער שרייבער „באַיאַלעק"? יע, ענט־פער איך וואָס וועט איר זאָגן גוטס? און וואָס פאַרלאַנגט איר? פאַרשטייט איר מיר — הויבט דער ייד אָן רעדן צו מיר מער מיט די הענט ווי מיטן מויל איך וויל אָפּגעבן צו אייך דעם בחורל מיינעם פאַר אַ לערן ייִנגל אויף דריי יאָר צייט — וואָס הייסט איר ברענגט מיר אַ לערן ייִנגל צו וואָס דאַרף איך אַ לערן ייִנגל?, האָט ביאַליק ניט פאַרשטאַנען וואָס דער ייד וויל פון אים אי, וואָס אַרט אייך — איר זענט דאָך עפּעס דער באַרימטער „באַיאַלעק" בעט איך אייך זייער זאָגט מיר ניט אָפּ רעדט דער ייד ווייטער איר וועט זען — איר וועט האָבן פון אים אַ סך נוצן און איר וועט קיין חרטה ניט האָבן — זאָל ער זיך אַרומדרייען לעם אייך, ביי אייך און אַרום אייך, ער וועט טאָן אַלץ וואָס נאָר איר וועט אים הייסן און וואָס איר וועט דאַרפן, וואָשן — ראָמען וויגן די קינדער און אַפילו אויך אַרויסטראָגן די פּאָמויניצע. וועגן עסן זאָלט איר זיך ניט זאָרגן, ער איז ניט קיין אויסטראַכטער וואָס איר וועט אים געבן וועט ער ניט אָפּשטעלן אָן אַ זייט אָדער איבערלאָזן אין טעלער.

און וווּ איר וועט אים לייגן וועט ער שלאָפן אַפילו אויף דער הוילער ערד אויך. איך האָף און איך פאַרזיכער אייך גאָטספאָדין 'באַיאַלעק" אַז גאָר גיך וועט ער זיך אַלץ אויסלערנען, ער וועט ווערן אויס דאָרפס יונג און וועט זיצן מיט אייך צוזאַמען ביי אייך טיש און שמועסן פאַרברענגען איר וועט זען. די איינציקע זאַך וואָס איך בעט ביי אייך איז איר זאָלט אַזוי גוט זיין צו לערנען אים אַביסל אָט די מלאכה אייערע פון שרייבן.

איך קען אים גוט דעם בחורל מיינעם און איך ווייס אַז ער וועט זיך אויסטויגן און וועט אויסוואַקסן אַזאַ שרייבער אַזוי ווי איר און אפשר נאָך אַ גרעסערער...

איך פאַרלאַנג ניט חלילה אומזיסט איך בין גרייט צו באַצאָלן לערן געלט וויפל נאָר איר וועט „זשעלאַיען“ (פאַרלאַנגען) הייסט עס און אינגאַנצן פאַרויס).



עס איז געווען קאָמיש צוזען און צוהערן ווי ביאַליק האָט עס איבער־דערציילט מיטן טאָן, מיט די מאַניערן און מיט דער שפּראַך פון דעם ישוב־ניק — אַלע האָבן געמיטלעך געלאַכט.

ביאַליק איז אָבער באַלד געוואָרן ערנסט און געזאָגט:

עס איז ניט צום לאַכן מיינע פריינט; מען דאַרף גוט פאַרשטיין וואָס דאָס באַדייט — דאָס איז אַ שטריך אַ שאַרפער צייכן פון דער יידישער פאָלקס נשמה. דאָס איז די אייביקע שטרעבונג, דער שטענדיקער ווילן פון דעם פּשוטן יידישן מענטשן, אַז די קינדער זיינע זאָלן שטיין העכער ווי דער טאַטע זייערער. זיי זאָלן קענען לערנען אָדער געפינען זיך כאָטש נאָנט לעם אַ געלערנטן מענטשן און אין דעם דריקט זיך אויס דער רעספּעקט, די הייסע ליבע צום יידישן בוך, צום יידישן ספר און אויך צו אַ שרייבער און מחבר.

## ביאַליק און אַ בוי־אַרבעטער

דער נאַציאָנאַלער פּאָעט חיים ביאַליק האָט שטאַרק ליב געהאַט זיך צו־קוקן צו די בוי־אַרבעטער ביי נייע בנינים אין תל אביב. ווען ביאַליק פלעגט פאַרבייגיין אַן אָרט, וווּ מען האָט געבויט אַ ניי הויז, פלעגט ער זיך אָפּשטעלן און שמועסן לאַנג מיט די אַרבעטער, ער האָט זיי געפרעגט פאַרשידענע שאלות. טיילמאָל פלעגט ער זיך אויך אַרויפכאַפּן אויף אַ רושטאָוואַניע און אויסציען דעם קאָפּ צו זען, ווי מ'לייגט דעם דאַך. איינער, אַ בוי־אַרבעטער, אין תל־אביב, האָט אַמאָל דערציילט אַזאַ געשיכטע:

„איך בין געשטאַנען אויף אַ הויכער רושטאָוואַניע און בין געווען אינ־גאַנצן אַריינגעטאָן אין מיין אַרבעט ביים לייגן ציגל. פון צייט־צו־צייט האָב איך צוגעזונגען פאַר מיר ביאַליקס ליד „הכניסיני תחת כנפך“... מיטאַמאָל דערטראָגט זיך צו מיר אַ שטאַרקער קול פון אונטן: „הער נאָר בחור“! איך האָב אַראָפּגעקוקט און האָב דערזען שטיין ביאַליקן אַליין. ער האָט מיר געמאַכט אַ צייכן, אַז איך זאָל אַראָפּקומען, ער וויל עפּעס רעדן מיט מיר.

„אַ דערשראָקענער און אַ שטאַרק גערירטער בין איך גיך אַראָפּגעשפּרונ־גען אויף דער ערד, ווי אַן אַקראָבאַט. און אָט איז געשטאַנען פאַר מיר דער שר פון דער העברעאישער פּאָעזיע, חיים נחמן ביאַליק, בכבודו ובעצמו. ער האָט מיך געפרעגט, ווען איך בין געקומען אין לאַנד, וואָס פאַר אַ ביל־דונג איך האָב געקראָגן, און ענלעכע שאלות.

„מיטאַמאָל האָט ער זיך פאַרטראַכט און „האָט מיך ווייטער געפרעגט: „האָט איר אַ ווייב״? — „ניין, האָב איך געענטפערט. „און אַ געליבטע האָסטו, בחור? — „ניין״ — האָב איך געענטפערט אַ ביסל שעמעוודיק — „נאָך אַלץ קיין צייט נישט געהאַט. בייטאָג אַרבעט מען שווער. און אין אָוונט דאַרף מען רוען״.

„און דאָס ליד, וואָס דו האָסט געזונגען — ווייסטו, ווער עס איז דער פאַרפאַסער״? — האָט ביאַליק ווייטער געפרעגט דעם בחור.

„דאָס זאָגט איר דאָך, חיים נחמן ביאַליק!״ — האָט דער בוי־אַרבעטער גאַנץ פשוט געענטפערט.

„ביאַליק האָט זיך ברייט צעשמייכלט און האָט געהאַט אַ שטאַרקע הנאה פון מיין ענטפער״ — האָט דער בוי־אַרבעטער ווייטער דערציילט און צו־געגעבן:

„ביאַליק האָט מיך דאַן אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און געזאָגט מיט אַ וואַרימען טאָן:

„מען דאַרף זיך פאַרליבן, בחור. מען דאַרף זיין פאַרליבט און אַרבעטן. ליבע און אַרבעט גייען צוזאַמען. האָב חתונה און שטעל אויף אַ משפחה. דאָס לאַנד נייטיקט זיך נישט בלויז אין בויער, נאָר אויך אין קינדער פון די בויער. וואָס דו וועסט נישט באַוויזן צו טאָן, וועלן פאַרענדיקן דיינע קינדער״...

„נעשה ונשמע!״ — האָב איך געענטפערט ביאַליקן מיט אַנטשלאָסנקייט, און איך האָב געפילט, אַז ביאַליק האָט געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון מיין תשובה.

„פון דעמאָלט אָן האָבן מיר זיך שטאַרק באַפריינדעט. ער פלעגט וויי־טער קומען צו מיר, ווו איך האָב געאַרבעט און פלעגט מיך אויך איינלאַדן צו אים אַהיים. איין מאָל האָט ער מיר געזאָגט: „ווען איך וואָלט געווען יינגער מיט אַ פּאָר יאָר, וואָלט איך אויסגעטאָן מיינע „בטלנים־מלבושים״, אַרויפגעצויגן אַרבעטער־הויזן און אַוועקגעגאַנגען צו בוי־אַרבעט.

„און איין מאָל — האָט דער בוי־אַרבעטער פאַרענדיקט זיין דערינערונג — האָט מיר ביאַליק געזאָגט האַלב־ערנסט און האַלב מיט שפּאַס: הער, בחור. איך בין זיכער, אַז אין איין טאָג וועט ווידער אויפשטיין מדינת ישראל. און אויב מען וועט מיך מאַכן פאַר דעם פּרעזידענט פון דער מדינה, וועל איך דיך באַשטימען פאַר דעם „מיניסטער פון בנין הארץ״.

## יהודה אָזדער

באַשריבן פון י. ל. ש. צו זיין פופציק יאָריקן יובילייִ — 1931

**ווער קען ניט אין ביאַליסטאָק דעם באַליבטן פעלדשער ר׳ יודל אָזדער? קינד און קייט קענען אים!**

יהודה אָזדער איז געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק אין 1864, פון 1876 ביז 1886 באַזוכט ער די היגע רעאַל־שולע און 1880 יאָר ווערט ער אָנגענומען אין היגן יידישן שפּיטאָל אַלס פעלדשער־שילער. אין 1884 האָלט ער אויס דער עקזאַמען אין וואַרשעווער פעלדשער־שולע און באַקומט אַ דיפּלאָם אויף פעלדשער. אין 1885 באַלייגט ער ווידער עקזאַמען און באַקומט דעם טיטל „סטאַרשי פעלדשער".

אין יידישן שפּיטאָל אַרבעט ער ביז 1889 אַלס פעלדשער און אַרבעט גלייכצייטיק אין דעם שפּיטאָל־אַפּטייק ווו צו יענער צייט פלעגט מען אַרויסגעבן טעגלעך ביז 120 אומזיסטע רעצעפּטן פאַר אָרעמע.

פון 1889 באַשעפטיקט ער זיך שוין מיט פּריוואַטער פּראַקטיק אין שטאָט. פון דאַמאָלס אָן אַ דאַנק זיין גרויסער ערלעכקייט, גוטמוטיקייט און פּאַכמענישקייט, הויבט ער אָן אַלץ מער צו ווערן פּאָפּולער ביי די ברייטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

איצט צו זיין פּופציק יעריקער טעטיקייט מוז מען קאָנסטאַטירן, אַז ער האָט ערלעך פאַרדינט זיין גרויסע פּאָפּולאַריטעט.

גאַנצע דורות זיינען געהיילט געוואָרן ביי ר' יודלען, הויבט אָן אַן עופּהלע צו מאַזלען, צו פּאָקן, עס פאַרקילט זיך, האָט היץ, וויל ניט עסן, צו וועמען לויפט מען צום ערשטן ? צו ר' יודלען.

פילט זיך אימיצער לא עליכמנדיק ס'ברעכט, עס שטעכט, אַן אויער, אַ פינגער, עפּעס פאַרשטאָכן, צושניטן, שרייט מען גלייך פון אַלע זייטן לויפט צו יודלען.

און ער ר' יודל אַליין פאָרט אַרום מיט זיין שטענדיקער „קאָטש" אַ גאַנצן טאָג, טרייסלט זיך איבער די פאַרוואָרפנסטע געסלעך, קלעטערט איבער די בוידים־שטיבלעך, באַטראַכט די חולאים זיינע, באַרויאיקט מיט זיין ליבלעכן שמייכל, שרייבט רעצעפּטן און אַלע האָבן צו אים גרויס צוטרוי, מען גלויבט אין זיינע מעדיצינישע פעאיקייטן, — אַ סך מאָל קענט איר הערן ווי ווייבער ריידן: ר' יודל האָט אַזוי געהייסן' ר' יודל האָט גלייך געטראָפן געשטעלט דעם ריכטיקן דיאַגנאָז, און ר' יודל איז אָפּגעהיט: טרעפנדיק דעם חולה אין אַן ערנסטן צושטאַנד, עצהט ער גלייך זיך צו ווענדן צו אַ דאָקטאָר.

— ר' יודל קרוין — שטייט מען צו צו אים — צו וועלכן דאָקטאָר רעקאָמענדירט איר ?

און ער ענטפערט קורץ: אַלע דאָקטוירים האָבן גלייך שטודירט, אַלע פאַרשטייען ווי צו היילן.

עס טרעפן מאָמענטן ווען ר' יודל ווערט גערופן נאָכן דאָקטאָרס וויזיט און מען איז זיך מיט אים מיישב וועגן דעם דאָקטאָרס רעצעפּטן.

און שטענדיק באַציט ער זיך לאָיאַל צו זיינע דיפּלאָמירטע קאָלעגן, שטענדיק דער זעלביקער לאַקאָנישער ענטפער: וואָס הייסט? אַ דאָקטאָר האָט פאַרשריבן, טאָ פרעגט ניט קיין קשיות...

מען קען זאָגן, אַז אומעטום איז ער דער אמתער הויז־דאָקטאָר, דער איינ־טימער פריינט, פאַר וועלכן מען קען אַראָפּריידן די האַרץ, מען קען אַן אַ פאַרדאָן זיך אויסטענהן וויפל מען וויל, צום הונדערטן מאָל איבערפרעגן, ווי דאַרף מען צולייגן דעם קאָמפּרעס, וואָס געבן דעם חולה צום עסן, ווי צום ליגן, ווי צו נעמען דעם רעצעפּט... און ער הערט אויס געדולדיק, גיט אויפקלערונגען, ברענגט אַריין מיט זיין מיושבדיקע באַנעמונג אַ באַרואיקונג ביי די שטוב־מענטשן.

איצט צו זיין יובל, ווען ער האָט אַדורכגעמאַכט אַזאַ שווערן עטאַפּ פון פופציק־יאָריקער ערלאַבער מעדיצינישער אַרבעט אין ביאַליסטאָק און זיך דערוואָרבן אַזאַ כשרן פאַרדינטן נאָמען און אָנערקענונג ווילן מיר אים אויסדריקן דעם אַלגעמיינעם ווונטש, ער זאָל דערלעבן אַ טיפע עלטער, זאָל ער פריש און מונטער פאָרזעצן זיין טעטיקייט פאַרן אַלגעמיינעם נוצן.

# מיין ערשטער אַרויסטריט אין אַ טעאַטער

דערציילט פון מיין פעטער

## יוסף זאַבלודאָווסקי

זייענדיק אַ תושב אין מיין היימשטעטל זאַבלודאָווע, אַ יונגערמאַנטשיק נאָך דער חתונה, אַ קליינשטעטלדיקער לערער, לידלעך־שרייבער און „ליכט־פאַרשפּרייטער", אַקטיאָר, שפּילער און זינגער, טוער און מאַכער צווישן דער אויפגעקלערטער יוגנט, האָב איך צווישן אַלע מיינע השלמות און פעאי־קייטן אויסגעצייכנט זיך גאָר באַזונדערס מיטן פאַרלייענען שלום־עליכמען, פון וואָס דער שטעטלדיקער עולם פלעגט שטאַרק הנאה האָבן און ממש געלעקט די פינגער.

אין יאָר 1908, אין אַ געוויסן דעצעמבער־טאָג, איז עקסטרע געקומען צו מיר פון ביאַליסטאָק אַ שליח מיוחד — מיין בן־עיר פלאָווסקין און אין נאָמען פון ביאַליסטאָקער „יידישע קונסט", מיר פאַרגעלייגט אָנטייל צו נעמען אין אַ יובליי־אָוונט לכבוד שלום־עליכמען וועלכן די אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפט אָרדנט איין.

כ׳האָב דעם פֿאָרשלאָג מיט שמחה אָנגענומען, און נאָך צוגעגעבן פֿון מײַן זײַט, אַז כ׳נעם זיך אונטער צו אויפֿטרעטן אין גרים און קאַפּירן שלום־עליכמען מיט זײַן שטימע, זשעסטן, אינטאָנאַציע, אַזוי, אַז מ׳מעג גאַנץ דרייסט רעקלאַמירן אויפֿן אַפֿיש: „שלום־עליכם אויף דער סצענע".

דער שליח האָט מיר אומר ועושה אַ כאַפּ געטאָן און מאַרש מיט מיר אין דרך אַרײַן.

דאָרטן איז שוין געווען צוגעגרייט דער גאַנצער יובילײ־קאָמיטעט. אַרײַנקומענדיק אַהין בין איך תחילת נבהל ונשתומם געוואָרן: כ׳האָב דערזען פֿאַר זיך אַ גאַנצע בינטל פּאַטענטירטע אינטעליגענטן, די יידישע עליטע פֿון ביאַליסטאָק, מיט לאַנגע האָר און מיט גאָלדענע ברילן, נח זאַבלודאָווסקי, רעד. פּסח קאַפּלאַן, ד״ר אַלעקסאַנדער הורוויץ, ד״ר באַטאַנזאָן א.אַ.

צוגעטראָטן צום ענין, זאָגן זיי צו מיר: „נו, גוט, אָבער ווי למשל, וועט איר עס „מאַכן" ?! קענט איר עס אונדז ווײַזן" ?! — „פּאַרוואָס ניט ?! האָב איך אויפֿשטעלנדיק זיך פֿון אָרט, געענטפֿערט, מיטן גרעסטן כבוד; אָט, לאָמיר זיך פֿאָרשטעלן למשל, דאָ איז דער זאַל און איר זײַט דער פּובליקום, כ׳קום מיר אַרײַן פֿון אָט דעם זײַטיקן צימער פֿון הינטער די קוליסן אויף דער בינע אַהערצו, דערלאַנג זיך אַ בויג און אַ וואָרף, אַ קוק מיט אַ ליבלעכן שמייכל רעכטס און לינקס, און אָט אַזוי הויב איך מיר אָן צו לייענען, אָדער, בעסער געזאָגט, צו דערציילן די מעשה פֿון „פֿישל דעם מלמד, ווי ער פֿאָרט אויף פּסח אַהיים", קאָפּירנדיק אינגאַנצן שלום־עליכמען, האַלט איך אין איין האַנט אַ גאָלדענע פּען, און אין דער אַנדערער פֿון יוצא וועגן אַ בראָשורקע, און דערצייל אַזוי שיין, האַרציק־ווייך און מעלאָדיש, „פֿישל דער מלמד". אַ וווּנדערלעכע דערציילונג, וואָס ס׳האָט געטראָפֿן מיט „פֿישל דעם מלמד" אויפֿן וועג פֿון באַלטע קיין כאַשטשעוואַטע, פֿאָרנדיק אויף פּסח אַהיים צו זײַן ווײַב און קינדערלעך א.אַ.וו. א.אַ.וו.".

מיט אַ פּאַטשערײַ פֿון „בראַוואָ", האָט זיך דער עולם פּלוצלונג אַ הויב געטאָן פֿון די ערטער, געדריקט מיר די האַנט און געזאָגט: „נו, יונגערמאַן, איר האָט דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן" !

אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען צו מיר אין שטעטל ווידער אַ „קאַליאַס" מיט אַן אונטערפֿירער און מיר האָבן זיך געלאָזן אין וועג אַרײַן.

יעקב פּאַט, איינער פֿון די הויפּט־מתעסקים אויף דעם אָוונט, האָט אונדז אָפּגעוואָרט מיט אַ גרויסן בילד פֿון שלום־עליכמן אין די הענט און האָט אונדז ביידן, מיר און דעם בילד, הייסט עס, איבערגעגעבן אין די הענט פֿון באָוווסטן גוישן טעאַטער־פֿאַבריקמאַכער באַלעסטאַ, וועלכער האָט זיך גענומען מיר צו „באַאַרבעטן".

נאָך אַ פּאָר שעה האַרעוואַניע, צופרידן, משמעות, פון זיין אַרבעט, מאַכט ער צו מיר, אויף זיין אייגנאַרטיקן יידיש: „נו, איצט איר שוין ניט זאַבלודאָווסקי איצט איר שוין שלום־עליכם, נו, איר זיך דערקענען״? און דערלאַנגט מיר אַ שטעל אַ שפּיגל.

דער אָוונט איז אַרויסגעקומען זייער אימפּאַזאַנט, מיט אַן אויסערגעוויינלעך־רייכער ליטעראַריש־קינסטלערישער פּראָגראַם. צוערשט בין איך אַרויס אויף דער סצענע אונטערן שייך פון פּראָזשעקטאָרן אין עטלעכע פּאָזעס פון שלום־עליכמען. דער פול־געפּאַקטער זאַל פון „האַרמאָניע״ האָט דערזעענדיק שלום־עליכמען, מיר הייסט עס, אַ דונער געטאָן מיט רוישנדיקע אַפּלדאָסמענטן „זאָל לעבן״!...

נאָכדעם האָט דער פאַרשטאָרבענער גרויסער שריפטשטעלער ה. ד. נאָמבערג געהאַלטן אַ פאָרטראַג וועגן דער גרויסקייט פון שלום־עליכמען און זיין שאַפן.

אַ כאָר האָט געזונגען אַ שיינעם הימן.

די דראַמאַטישע סטודיע פון דער „יידישער קונסט״ האָט אויסגעפירט דעם איינאַקטער פון שלום עליכמן „מענטשן״.

ערשט נאָכדעם האָב איך אין גרים פון שלום־עליכמען פאָרגעלייענט די לענגערע דערציילונג „פישל דער מלמד״, אילוסטרירט מיט אַ סך לעבעדיקע בילדער אונטערן שייך פון פּראָזשעקטאָרן, דערביי האָבן אנטייל גענומען אויך די פאַרשטאָרבענע היימישע ליטעראַטן: סאַרווער, אייזנבערג א. אַ.

דער עולם האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיך צוגעקוקט און צוגעהערט.

ווען כ'האָב געענדיקט און דער עולם האָט מיט באַגייסטערונג אַפּלאָדירט, און אַלע נאָנטע פריינט און אָרדנערס פון אָוונט האָבן מיר הינטער די קוליסן גראַטולירט מיטן דערפאָלג, איז צוגעלאָפן צו מיר אויך נאָמבערג, געכאַפּט זיך מיט מיר קושן און מיט צופרידענער התפעלות אַ זאָג געטאָן אויף זיין פּוילישן דיאַלעקט:

— וואָס ליגט איר אין אַנ־עק? קומט מיט מיר אין דער וועלט אַריין... איר וואָיסט דוך גונישט, וואוס איר פאַרמאָגט!... יאָך בין געוועזן אונטערן איינדרוק, אַז איך זע און הער שלום־עליכמען אַליין... גאַנצע הונדערט פּראָצענט!...

און אַזוי איז דער טויזנט קעפּיקער עולם „אָפּגענאַרט״ געוואָרן, מיינענדיק, אַז זיי האָבן געהערט און געזען שלום־עליכמען אַליין, אינדערצייט, ווען ער, שלום־עליכם איז אין דער אמתן דאַמאָלס גאָר געווען אין נערווי (איטאַליע) אַ קראַנקער.

די הכנסה פון אָוונט בערך טויזנט רובל איז דורכן קאָמיטעט אָפּגעשיקט געוואָרן צום בעל־היובל מיט אַ ברכה פון אַ רפואה־שלמה.

ד ו ד   ז אַ ב ל ו ד אָ ו ו ס ק י

**יענער אָוונט האָט מיר געגעבן די סמיכה צו ווערן אַ פּראָפעסיאָנעלער שלום־עליכם פאַרלייענער בכל תפוצות ישראל.**

# די מתים זיינען געקומען צו כל נדרי...

## (אַ יום־כיפּורדיקע לעגענדע)

### פון שמואל צעסלער (בוענאָס איירעס)

„ארויסגענומען פון דעם יזכורבוך „זאַבלודאָווע". — איך גלויב אַז דער מחבר וועט אויף מיר קיין פאַריבל ניט האָבן, ווייל מיר זיינען לייבלעכע קוזינס.

ד. זאַבלודאָווסקי (מעקסיקע)

**אַלט איז געווען דער יידישער ישוב פון זאַבלודאָווע און אַלט איז געווען איר הילצערנע היסטאָרישע שול, און אַלט זיינען געווען די לעגענדעס וואָס האָבן זיך געוועבט אַרום איר.**

**אַ געטורעמטע האָט זיך די דאָזיקע שול דערהויבן פון דעם זאַמדיקן טאָל — מיטן גרויסן שטיין פון ששת ימי בראשית ביי איר זייט.**

**און סודותפול, שטיל האָבן צוקאַפּנם, איר געהיט צוויי אַלטע בית עולמלעך און לעבן זיי אַביסל ווייטער, דער קבר פון חתן־כלה וואָס זיינען געשטאָרבן אין אַ מגפה צייט — אונטער דער חופה, און מען האָט זיי דאָביידן מקבר געווען אינאיינעם.**

**און דאָס גאַנצע לעבן פון דעם שטעטלשן יידישן ישוב איז געווען פאַרבונדן מיטן דערמאָנטן שיינעם היסטאָרישן בנין.**

**פלעגט פאָרקומען אַ חתונה אין שטעטל, פלעגט, מען פירן חתן־כלה, מיט מוזיק צו דער אַלטער הילצערנער געשניצטער שול און דאָרט די חופה שטעלן.**

**און פלעגט פאָרקומען — נישט פאַר קיינעם געדאַכט — אַ לוויה, פלעגט מען מיט דער מיטה אַרומגיין אַרום דער שול, און איז דער מת אַ חשובער געווען, האָט מען אים ביי דער שול מספּיד געווען און דערנאָך צו קבורה געבראַכט.**

**און מקבר געווען די מתים אין זאַבלודאָווע, האָט מען אָן טליתים.**

**און וועגן דעם דאָזיקן אויסטערלישן מנהג, איז פאַרבליבן אַ וווּנדער שיינע לעגענדע און תקנה, אַריינגעשריבן אין דעם אַלטן פּנקס פון דער**

זאַבלודאָווער שול, און דער דאָזיקער יקר המציאותדיקער פנקס געפינט זיך איצט אין דער ביבליאָטעק פון דעם העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים.

די לעגענדע דערציילט אַזוי: — מיט הונדערטער יאָרן צוריק, איז ערב יום־כיפור צו כל נדרי, אין דער אַלטער שול געוואָרן אַלץ ענגער און ענגער...

יידן מיט טליתים איבער די קעפּ האָבן אָנגעפילט די שול אַלץ מער און מער — מערער ווי אַלע יאָר...

האָט דער צדיק הדור, דער באַרימטער רב ר' בענדעט פאַרשטאַנען, אַז די מתים פון די אַרומיקע בית עלמינס זיינען געקומען הערן כל נדרי.

און אין דער שול ווערט — פון מינוט צו מינוט אַלץ ענגער און ענגער...

איז דער צדיק אַרויף אויף דער בימה און גוזר געווען אַז אַלע מתים זאָלן פאַרלאָזן די שול — קיינער האָט זיך אָבער ניט גערירט פון אָרט. און אין שול שטייט מען צונויפגעפּרעסט — און עס ווערט אַלץ ענגער און ענגער...

האָט דער צדיק מיט אַמאָל באַפוילן, אַז אַלע לעבעדיקע זאָלן אַראָפּוואַרפן זייערע טליתים פון די קעפּ.

און ווען די לעבעדיקע האָבן עס געטאָן, זיינען אַ סך מתפללים געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך מיט די איבערגעדעקטע טליתים איבער זייערע קעפּ...

דעמאָלט האָט דער צדיק הדור ר' בענדעט אויסגערופן מיט אַ געבראָ־בענעם קול: „לא המתים יהללו יה ולא כל יורדי דומה" — איך בין צום לעצטן מאָל גוזר, אַז די מתים זאָלן אונדז מוחל זיין און די מינוט פאַרלאָזן די שול.

און די מתים האָבן געפאָלגט. אין דער שול איז געוואָרן וואָס אַמאָל גערעמער און גערעמער.

דעמאָלט האָבן די לעבעדיקע מתפללים ווידער זיך איבערגעדעקט מיט זייערע טליתים און זיך געשטעלט זאָגן כל נדרי.

גלייך נאָך יום־כיפור איז פאַררופן געוואָרן אַן אסיפה פון רבנים און אין דעם היסטאָרישן פנקס פון דער שול איז אַריינגעשריבן געוואָרן די תקנה, אַז מען זאָל קיין שום מת נישט מקבר זיין מיט זיין טלית, כדי ער זאָל ניט קענען קומען אין שול צו כל־נדרי...

## דער דזשאַז זינגער וואָס האָט געזונגען „כל נדרי"

ניט לאַנג איז געוואָרן פערציק יאָר זינט די פיר אַמעריקאַנער ברידער־לעך פון האָליוואוד — די וואָרנער בראָדערס, וואָס די וויגעלעך זייערע זיינען געשטאַנען אין דער יידישער שטאָט לאָמזשע. האָבן אַרויסגעגעבן דעם באַ־רימטן געזאַנג־פילם „דער דזשאַז זינגער" מיט דעם פּאָפּולערן יידיש־אַמערי־קאַנער אַרטיסט און זינגער אַל דזשאָנסאָן ע"ה אין דער הויפּט־ראָלע.

אַזוי ווי דאָס איז פאַרבונדן מיט יום כיפּור, ווייל איך ביי דער געלעגנהייט אָפּפרישן אין זכּרון דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן זינגנדיקן בילד וועלכער האָט אין יענער צייט אָנגעמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם.

אין איינער פון די ניו־יאָרקער סינאַגאָגעס האָט געדאַוונט דער חזן — בן חזן יוחנן ראַבינאָוויטש, ער האָט איבערגענומען די שטעלע ביי זיין טאַטן — און דער טאַטע ביים זיידן — די ירושה ציט זיך שוין דורות לאַנג — און ער איז שוין דער פינפטער חזן פון דער זעלבער משפחה.

מיט גרויס שרעק קוקט ער אָבער אויף דעם זעקסטן פון דער דינאַסטיע — אויף דעם קליינעם זון זיינעם — דזשעקי — וועלכער ווייזט ניט אַרויס קיין איבעריקן חשק צוגיין אין דעם טאַטנס און זיידנס וועגן — כאָטש ער האָט אַ שיינע שטימע און גרויס טאַלאַנט צום זינגען.

דעם יונגן דזשעקין ציט גאָר צו דער גויאישער אַמעריקאַנער שפּילנדיקער און זינגנדיקער טעאַטער וועלט.

ניט איינמאָל פּאַקט דער טאַטע דעם זונדל זיינעם — נאָך כמעט אַ יינגל זינגנדיק אין אַ ביליקן קאַבאַרעט — ער פּאַטש אים גוט אויס און ברענגט עים צוריק אין שטוב אַריין.

יאָרן לויפן און דער אומרואיקער דזשעקי ראַבינאָוויטש — וועלכער רופט זיך שוין דזשעקי ראָבין אַנטלויפט פון ניו־יאָרק און וואַלגערט זיך און מאַטערט זיך אין צענדליקער פּראָווינץ שטעט — ביז ער קריגט אַ נאָמען און הויבט אָן זיך אַרויפאַרבעטן.

אַ גרויסער טעאַטער־ אונטערנעמער געפינט אים אויס און ברענגט אים צוריק קיין ניו־יאָרק און מאַכט מיט אים אַ קאָנטראַקט צו שפּילן און צום זינגען אין אַ נייער שאָאו־פאָרשטעלונג.

און ווי נאָר דזשעקי קומט אָן קיין ניו־יאָרק — לויפט ער די ערשטע זאָך זען זיינע עלטערן — די מוטער נעמט אים אויף מיט גרויס ליבע, דער פאָטער אָבער — דער באַרימטער חזן — יוחנן ראַבינאָוויטש — איז מיט אים ברוגז.

—ער קען אים ניט מוחל זיין — וואָס ער האָט איבערגעריסן דעם גאָלדענעם פאַדים פון דער חזנישער משפּחה, און איז אַוועק שפּילן און זינגען אין גויישע טעאַטערס. כדי ניט דערצערענען דעם טאַטן גייט ער ווידער אַוועק פון דער היים און וואַרפט זיך אינגאַנצן אַריין אין דער פריילעכער טעאַטער־וועלט.

דערווייל אָבער ווערט דער טאַטע זיינער — דער אַלטער חזן יוחנן ראַבינאָוויטש, שווער קראַנק, און ער פילט אַז ער וועט שוין דעם קומענדיקן יום־כיפּור ניט קענען מער שטיין פאַרן עמוד אין זיין שול — ווו ער האָט יאָרנלאַנג געדאַוונט און געזונגען.

אין דער זעלבער צייט איז געמאָלדן געוואָרן מיט גרויסע אותיות דער ערשטער אַרויסטריט אין ניו־יאָרק פון דעם באַרימטן זינגער אַל דזשאָלסאָן — וואָס דאָס איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי דעם חזנס זון דזשעקי ראַבינאָ־וויטש — און פון דעם דאָזיקן ערשטן אַרויסטריט איז געווען אָפּהענגיק די ווייטערדיקע קאַריערע זיינע.

אָבער דאָ געשעט עפּעס וואָס מען האָט פריער ניט פאָרויסגעזען (ווייל אַנדערש וואָלט דאָך די געשיכטע ניט פאַרמאָגט דעם געהעריקן גלאַנץ) דער אָנגאָנסירטער טעאַטער־אָוונט פאַלט גראָדע אויס אין דער נאַכט פון כל נדרי.

און מיר זעען אויפן לייוונט — ווי די מוטער קומט צו לויפן — קושט און בעט אים ער זאָל גיין אין שטוב — גיין אין שול דאַוונען און פאַרבייטן דעם פאָטער זיינעם ביים עמוד, און אַזוי אַרום פאַרשאַפן אים די לעצטע פרייד — ווייל דער טאַטע פילט, אַז ער גייט אויס און עס זיינען די לעצטע טעג זיינע.

דזשעקי זאָגט דער מאַמען ניט צו, אָבער טיף אין האַרצן דערפילט ער פּלוצלונג אַ ווייטאָג און אַ בענקעניש, און ער דערהערט ווי אימיצער רעדט צו אים: דזשעקי! דזשעקי! דו פון דער פאַרצווייגטער חזנישער פאַמיליע ראַבינאָוויטש — באַקלער זיך! דערמאָן זיך! — ווער דו ביסט און פון וואַנען דו קומסט דיין פלאַץ איז דאָך היינט ניט דאָ נאָר דאָרטן צווישן יידן — צווישן דיין פאָלק, צווישן דיינע ברידער — ביי וועלכע יום כיפור איז דאָך דער היילקסטער טאָג פון יאָר — קוק זיך גוט אַרום וואָס דו גייסט דאָ טאָן.

דער דירעקטאָר פון טעאַטער האָט געמוזט מעלדן אַז די פאָרשטעלונג ווערט אָפּגעלייגט... און דזשעקי לויפט אויף גיך זיך איבערטאָן אין חזנישע בגדים — און אָט שטייט ער שוין אין דער באַלויכטענער און פול געפּאַקטער שול אויף דעם אָרט וווּ פאַראַיאָרן איז געשטאַנען דער פאָטער זיינער...

און דער אַלטער חזן — דער טאַטע זיינער — ליגט אין זיין בעט אַ צובראָכענער — אַ קראַנקער — און איידער ער שלאָפט איין אויף אייביק קוקט ער דורכן פענסטער אַנטקעגן אין שול — פון וואַנען עס טראָגט זיך דער געזאַנג פון כל נדרי ואסרי, געזונגען דורך זיין זון דזשעקי ראַבינאָוויטש, דער זעקסטער פון דער דינאַסטיע חזנים.

דער דאָזיקער פילם איז לאַנגע יאָרן געוויזן געוואָרן איבער דער גאָרער וועלט.

אויך דאָ אין מעקסיקע איז דער קינאָ־בילד געוויזן געוואָרן.

# נאָכוואָרט:

אין דעם בוך איז ניטאָ קיין זוך־צעטל אָדער אַן אינהאַלט־פאַרצייכענונג, ווייל דער מחבר האַלט דאָס יעדער איינער, וואָס וועט נעמען דאָס בוך אין דער האַנט, וועט עס לייענען פון אָנהויב ביזן סוף, דאָס הייסט: ער וועט זיך אַליין באַקענען מיטן אינהאַלט.... מיטן תוך ... און וועט בעטן ... נאָך!

ד. ז.